ווערא פיגנער

# מעמוארען

פון רוסישען איבערזעצט
פון
**מ. אשעראָוויטש**

פאָררעדע פון אב. קאהאן.

**ערשטער באַנד**



ארויסגעגעבען פון
**פאַרלאַג „ווערקער"**
175 איסט בראָדוויי, ניו יארק
1925

# אינהאַלט

# הקדמה צו דער אידישער איבערזעצונג פון מיינע מעמוארען.

דער אינהאלט פון מיין בוך נעמט ארום בלויז א קרוצען פעריאָד פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, אָבער פון די אלע צעהנדליגער יאָהרען, וואָס מען האָט אין רוסלאנד אָנגעפיהרט א קאמף פאר עקאָנאָמישער און פּאָליטישער באפרייאונג, ווערט אָט דער פעריאָד — פון 1876 ביז 1883, די צייט ווען איך האָב זיך אקטיוו באטייליגט אין דער באוועגונג — פון אלעמען באטראכט אלס דער ליכטיגסטער און דאריבער פארדינט ער ספּעציעלע אויפמערקזאמקייט.

און דאָ מוז אונטערגעשטראָכען ווערען דער אינערליכער צושטאנד, אין וועלכען רוסלאנד האָט זיך געפונען מיט פופציג יאָהר צוריק, ווען עס האָבען זיך אָפּגעשפּילט די אלע פּאסירונגען, וואָס ווערען געשילדערט אין מיין בוך. אין דער צייט ווען אלע קולטורעלע לענדער פון מערב אייראָפּא און אמעריקא האָבען שוין לאנג געהאט פּאָליטישע פרייהייט און פּאָלקס־פארטרעטערשאפט, האָט אין רוסלאנד נאָך אלץ געהערשט א דעספּאָטישע רעגירונג, מיט א מאָנארך, וואָס איז פאר קיינעם ניט געווען פאראנטוואָרטליך. די פּאָלקס־מאסען, קאָן מען זאָגען, זיינען באשטאנען אויסשליסליך פון פויערים, וועלכע זיינען ערשט ניט לאנג צוריק באפרייט געוואָרען פון דער „פּאנשטשינע" און געקראָגען ערד, פאר וועלכער זיי האָבען געדארפט באצאָהלען די פּריצים גאנץ היבשע סומען. פון דער אנדערער זייט האָט עקזיסטירט א קליינע גרופּע פון געבילדעטע מענשען, וועלכע האָבען נאָך אין 1825 געמאכט א פארשווערונג און ארויסגעשטעלט פאָדערונגען צו באגרענעצען די מאכט פון דער זעלבסטהערשענדער רעגירונג און איינפיהרען א קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדנונג.

פון יענער צייט אָן איז אין די אינטעליגענטע קרייזען ניט אָפּגעשטאָרבען די שטרעבונג צו פרייהייט, און אין די זעכציגער יאָהרען, ווען אלעקסאנדער דער צווייטער האָט איינגעפיהרט רעפאָרמען, איז די דאָזיגע שטרעבונג נאָך שטארקער געוואָרען. די

איינגעפיהרטע רעפאָרמען האָבען אַ שטופּ געטאָן פאָראויס דאָס גאַנצע לעבען אין רוסלאַנד ; ביי דער באַפעלקערונג האָבען זיך געביטען די באַגריפען, מענשען האָבען אָנגעהויבען קוקען אויף אַלעם מיט אַנדערע אויגען, אָבער די פאָרמע פון דער רעגירונג איז אַלץ געבליבען די זעלבע וואָס פריהער. אין רוסלאַנד איז אַלץ ניט געווען קיין פּאָליטישע פרייהייט און די באַפעלקערונג האָט ניט געקראָגען קיין בירגער־רעכט ; מען האָט אין רוסלאַנד נאָך אַלץ ניט געקאָנט שרייבען וואָס מען וויל און אָפּהאַלטען פאַרזאַמלונגען ווען און וואו מען וויל ; דער צאַר איז ווייטער געבליבען דער זעלבסט־הערשער פון גאַנץ רוסלאַנד.

נאָך מעהר, די זעלבע רעגירונג, וואָס האָט אין אָנפאַנג איינגעפיהרט רעפאָרמען, איז דערנאָך געוואָרען שרעקליך רעאַקציאָנער און צוגענומען ביי די פּויערים צוריק אַלץ, וואָס זי האָט זיי פריהער געגעבען. קריטיקירען זי דערפאַר האָט מען ניט געטאָרט, און ווער עס האָט נאָר געסמייעט אַרויסצורעדען אַ וואָרט געגען דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, האָט מען איהם דערפאַר פאַרפאָלגט און גערודפ׳ט, קיין איין פּראָגרעסיווער שרייבער האָט זיך ניט געקאָנט אויסדרעהען פון אַ פּאָליציעיסקען אויפזיכט, פון אַרעסטירט ווערען און פון אַנדערע שטראָפען. פאַר די אומשולדיגסטע פאָדערונגען, וואָס סטודענטען האָבען אַרויסגעשטעלט, האָט מען זיי פאַרשיקט קיין סיביר, אָדער אין אַנדערע ווייטע מקומות און צוגעמאַכט די אוניווערזיטעטען. מען האָט קיינעם ניט געלאָזט דעם קאָפּ אויפהויבען. דאָס פאָלק האָט זיך געשטיקט אונטער דער שווערער משא פון שטייערען, און דער יונגער דור פון די פאָרמעגליכע קלאַסען — דער דור, וואָס איז אין די דערפער אויסגעניאַנטשעט געוואָרען אויף די הענט פון דינסטען, וואָס זיינען געווען פאַרשקלאַפט ביי די פּריצים, האָט געמוזט זעהן און פיהלען, ווי דאָס פאָלק פּלאָגט זיך, ווי דאָס פאָלק מוטשעט זיך און ווי נויטיג עס איז צו העלפען.

די רעגירונג האָט אָבער ניט געלאָזט העלפען דעם פאָלק ; זי האָט געקוקט קרום אפילו אויף אַזאַ זאַך ווי בילדען דאָס פאָלק.

דאַן האָט מען איינגעזעהן, אַז אויב עס איז ניט מעגליך צו העלפען דעם פאָלק מיט לעגאַלע מיטלען, מוז מען מיט טעראָר אָפּשאַפען די צרה, וואָס האַלט גאַנץ רוסלאַנד מיט אַן אייזערנער האַנט. און אויף אָט דעם וועג האָט זיך דער יונגער דור דאַן אַוועקגעשטעלט.

אין אָנפאַנג האָט די באַוועגונג געטראָגען בלויז אַן עקאָנאָמישען כאַראַקטער; קיין דירעקטען קאַמף מיט דער רעגירונג האָט זי ניט אָנגענומען און זיך באַגנוגענט דערמיט, וואָס זי האָט אָנגעפיהרט אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישען די פּויערים אין דאָרף. הונדערטער יונגע לייט און מיידלאַך זיינען אין די זיבעציגער יאָהרען שטרענג באַשטראָפט געוואָרען דערפאַר, וואָס זיי האָבען געפּרואווט אויפקלערען די פּויערים אין די דערפער; מען האָט זיי ארעסטירט, מען האָט זיי אין די טורמעס פאַרשפּאַרט, און דאָס האָט געמוזט פיהרען דערצו, אַז די גאַנצע געזעלשאַפט זאָל ווערען אויפגעבראַכט און זיך אָננעמען מיט מוט אַרויסצוגעהן אין אַן אָפענעם קאַמף געגען דער רעגירונג.

אָט די שטימונג האָט געפונען איהר אויסדרוק אין דער פּראָגראַמע פון דער געהיימער אָרגאַניזאַציע „זעמליאַ אי וואָליאַ", וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין 1876 אין פּעטערבורג, דורך די רעוואָלוציאָנערע טוער, וועלכע האָבען זיך פריהער באַטייליגט אין דער באַוועגונג און האָבען זיך גראָד אויסגעדרעהט פון די פאַרפאָלגונגען.

פונדעסטוועגען האָט מען אין די ערשטע צוויי יאָהר ניט אָנגעווענדעט דעם טייל פון דער פּראָגראַמע, וואו עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען טעראָר. ערשט אין אָנפאַנג פון 1878 האָט זיך דער לאַנג איינגעהאַלטענער געפיהל פון צאָרן אַרויסגעריסען מיט אַמאָל און דאַן האָט מען אָנגעהויבען אָנפאַלען מיט געוועהר אויף הויכגעשטעלטע רעגירונגס־בעאַמטע און זיך אָפּגערעכענט מיט זיי דערפאַר, וואָס זיי אונטערדריקען דאָס פאָלק און לאָזען דעם קאָפּ ניט אויפהויבען. און אָט די אָנפאַלען האָבען ביסלאַכווייז געפיהרט דערצו, אַז אַ טייל פון די מיטגלידער פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" זאָלען ווערען מעהר געצויגט צום פּאָליטישען קאַמף און זיך אָפּזאָגען פון דער פּראָפּאַגאַנדע צווישען די פאָלקס־מאַסען, וועלכע ווייזען ניט אַרויס קיין שטרעבונג צו אַ קאַמף פאַר אַ בעסער לעבען אין רוסלאַנד.

די מיינונגס־פאַרשידענהייט האָט געבראַכט אַ שפּאַלטונג אין דער „זעמליאַ אי וואָליאַ", און די, ביי וועמען דער קאַמף מיט דער זעלבסטהערשענדער רעגירונג איז געווען זעהר וויכטיג, האָבען אויסגעאַרבייט אַ פּראָגראַמע אין איינקלאַנג מיט זייערע מיינונגען, און דאַן איז אַוועקגעלעגט געוואָרען דער באָדען פאַר דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", מיט'ן „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" אלס צענטראַלע קערפּערשאַפט. דער „קאָמיטעט" האָט דריי יאָהר כסדר

אַנגעפיהרט אַ ביטערען קאַמף געגען דער זעלבסטהערשענדער רע־גירונג, און כאָטש עס האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען זי צוצו־ברעכען, האָט ער אָבער מיט זיינע דרייסטע ארויסטריטען אויפ־געריהרט גאַנץ רוסלאַנד און געבראַכט דערצו, אַז די שפּעטערדיגע רעוואָלוציאָנערע דורות זאָלען פאָרטזעצען דעם קאַמף געגען רוסי־שען צאַריזם.

די טעטיגקייט פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" און די דראַמאַ־טישע געשיכטע פון דעם קאַמף, וואָס די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט אָנגעפיהרט, פילען אויס דעם ערשטען באַנד פון מיין בוך. איך בין געווען איינער פון די, וואָס האָבען אויסגעאַרבייט די פּראָגראַ־מע פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ", איך בין געווען אַ מיטגליד פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" — דער לעצטער מיטגליד, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרען אין 1883.

דער צווייטער טייל פון מיין בוך שטעלט מיט זיך פאָר דעם עפּילאָג פון אונזער קאַמף. דאָרטען ווערט באַשריבען, ווי מען האָט זיך אין אונז נוקם געווען דערפאַר, וואָס מיר האָבען אָנגעפיהרט אַ קאַמף געגען דער רעגירונג; מען האָט אונז געהאַלטען פאַרשפּאַרט אין שליסעלבורגער פעסטונג, וואו אַ סך חברים אונזערע זיינען געשטאָרבען און די וואָס זיינען געבליבען לעבען, זיינען פון דאָרטען אַרויס פריי נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905.

אין דעם צווייטען טייל, וואָס איך האָב אַ נאָמען געגעבען „ווען דער זייגער פונ'ם לעבען האָט זיך אָפּגעשטעלט", וועט דער לעזער זעהן, וואָס מיר האָבען איבערגעלעבט אין פאַרלויף פון אַזוי פיל לאַנגע יאָהר'ען.

**ווערא פיגנער.**

מאָסקווא, 14טען פעברואַר, 1925.

# פאָרוואָרט פון אב. קאַהאַן

ווערא פיגנער! דער נאָמען האָט אין אָנפאַנג פון די 80־יגער יאָהרען פון פאָריגען יאהר־הונדערט געמאַכט ציטערען די הערצער פון די מאכט־האָבענדע מיט שרעק, און די הערצער פון אלע פרייהייטס־ליעבענדע מענשען מיט א געפיהל פון פארגע־טערונג. דער נאָמען איז דערמאָנט געוואָרען אין אלע גרויסע פּראָצעסען איבער די רוסישע רעוואָלוציאָנערען פון יענע יאָהרען. די רעגירונג האָט געוואוסט, אז זי איז געווען איינע פון די וויכ־טיגסטע, איינע פון די העלדישסטע. מען האָט געוואוסט, אז אין דער נאכט פון 11טען מערץ, 1881, ווען מ'האָט צוגעפערטיגט דעם טויט פון אלעקסאנדער דעם צווייטען, האָט ווערא פיגנער, צוזאמען מיט סאָפיא פּעראָווסקאיא, פארבראכט מיט א קליינער גרופּע טעראָריסטען, וואָס האָבען געמאכט די באָמבעס.

סאָפיא פּעראָווסקאיא האָט שוין געהאט געענדיגט איהר טייערען לעבען אויף דער תליה; קיבאלטשיטש, דער סטודענט, וועלכער האָט די באָמבעס אויסגעקלערט און האָט יענע נאכט צוזאמענגעשטעלט פיער אזעלכע, מיט דער הילף פון זיינע חברים און חבר'טעס, איז געשטאָרבען אויף דער זעלבער תליה. דער גרויסער זשעליאבאָוו און איינער וואָס איז מיט איינע פון די באָמבעס געווען באוואפּענט, זיינען געהאנגען געוואָרען, און אנ־דערע האָט מען געהאלטען אין די פעסטונגען. מען האָט זיי געבראכט צו פּראָצעסען. די באריהמטע געהיימע „עקזעקוטיוו קאָמיטע", וועלכע האָט אָנגעוואָרפען אן אימה אויף דעם רוסישען טהראָן און א שטורם איבער דער גאנצער וועלט, דיזע מערקוויר־דיגע קאָמיטע איז כמעט אין גאנצען שוין געווען געפאנגען. — אלע איהרע מיט־גלידער, אויסער איינע פון די וויכטיגסטע — אויסער ווערא פיגנער.

ווען מען האָט דעם גאנצען געהיימען קאָמיטעט שוין געהאט געפאנגען, איז זי נאָך אלץ געבליבען פריי.

עטליכע טעג נאָכדעם ווי מען האָט געפאנגען די עטליכע וואָס האָבען זיך באטייליגט אין דער טויטונג פון אלעקסאנדער דעם צווייטען, איז אין די פעטערבורגער צייטונגען געווען אָפּגע־דרוקט אזא נאכריכט:

די פּאָליציי האָט געכאפּט א רעוואָלוציאָנער; זי ווייס אָבער ניט וואו ער וואוינט, און זי וויל דוקא דערגעהן זיין קווארטיר.

מען האָט ביי איהם אין פאקעט געפונען א שליסעל, אָבער וואו די טיר צום שליסעל איז, ווייסט מען ניט. פון איהם קאָן מען קיין רייד ניט ארויסבאקומען; האָט די פּאָליציי איהם אוועקגעשטעלט אין א זאל און אהין געבראכט די דוואָרניקעס (דזשעניטאָרס) פון גאנץ פּעטערבורג, זיי זאָלען באקוקען איהם און דעם שליסעל, פיליכט וועט איהם ווער ס'איז דערקענען. איהם אָדער דעם שליסעל.

און דאָס האָט אָפּגעגאָלטען. איינער פון די דוואָרניקעס האָט אויף איהם אָנגעוויזען, אז ער וואוינט אין זיין הויף. מען איז אהין אוועק און מען האָט געפונען דינאמיט, רעוואָלוציאָנערע שריפטען, פאלשע פּאספּאָרטען און אנדערע ארטיקלען, וועלכע מען פלעגט געוועהנליך געפינען אויף א קאָנספּיראטיווער קווארטיר פון וויכטיגערען סאָרט. דער דערמאָנטער דוואָרניק האָט ערקלערט, אז דער רעוואָלוציאָנער האָט דאָרטען געוואוינט צוזאמען מיט א שעהנע יונגע פרוי. די פרוי אָבער האָט מען ניט געקענט געפינען. זי איז פארשוואונדען. שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט, אז דער אמת'ער נאָמען פון דיזען רעוואָלוציאָנער איז איסאיעוו, און אז ער איז געווען איינער פון די טעכניקער פון דער רעוואָלוציאָנערער פּארטיי, איינער פון די וואָס האָבען געהאָלפען מאכען מינעס אויפצורייסען דעם צאר'ס צוג; און אז די פרוי וואָס האָט געוואוינט אויף זיין קווארטיר, שפּילענדיג די ראָלע אלס זיין פרוי און באלעבאָסטע, איז געווען ווערא פיגנער. דיזע קאָנספּיראטיווע קווארטיר זייערע איז געווען איינע פון די וויכטיגסטע אין דער צייט ווען מען האָט צוגעגרייט דעם טויט פון דעם צאר. און ווען די בארימטע העלדין, סאָפיא פּעראָווסקאיא, האָט זיך באהאלטען פון דער פּאָליציי גלייך נאָך דעם ווי דער צאר איז געפאלען פון די באָמבעס, איבער וועלכע זי האָט געהאַט די קאָמאנדע, האָט זי אויף דער קווארטיר עטליכע נעכט גענעכטיגט מיט איהר טייערער חבר'טע ווערא פיגנער.

ווערא איז אזוי געבליבען איינע אליין, איין איינצעלנע פון דעם גאנצען געהיימען קאָמיטעט; ווען מען האָט געדענקט, אז עס איז שוין שטיל געוואָרען, האָט זיך פלוצלונג דערהערט א נייער קראך, וואס האָט אָפּגעהילכט איבער גאנץ רוסלאנד. א בארימטער פּראָקוראָר, מיט'ן נאָמען סטרעלניקאָוו, וועלכער האָט פיעלע רעוואָלוציאָנערען אין די טורמעס פארשפּארט, איז געשאָסען געוואָרען אין מיטען גאס, אין אדעס, אין דער שטאָט, וואו ער האָט דאן אָנגעפיהרט זיין מחבל'שע ארבייט.

יעדער שאָס אזעלכער האָט דערמאָנט די רעגירונג, אז ווערא פיגנער איז פריי און טעטיג. פון צייט צו צייט פלעגט ערשיינען די אונטערערדישע צייטונג „נאראָדנאיא וואָליא", און מיט יעדער שורה איהרע האָט זי די דעספּאָטען געלאָזט וויסען, אז ווערא פיגנער איז דאָ אויף דער וועלט. מיר דאָ, אין אמעריקא, די ערשטע אימיגראנטען, האָבען געפיהלט דאָס זעלבע,

וואָס די פּאָרטגעשריטענע רוסישע יונגעלייט האָבען געפיהלט אין רוסלאנד. מיר האָבען געוואוסט, אז צווישען אונזערע טייערסטע אין דעם פרייהייטס־קאמף, צווישען אונזערע העלדישסטע און וויכטיגסטע, איז פאראן איינע מיט'ן נאָמען ווערא פיגנער; און מיט פרייד האָבען מיר געהאלטען אין זינען, אז איהר האָט מען ניט געקאָנט כאפּען, אז זי איז פריי; מיר האָבען געוואוסט, אז די עקזעקוטיוו קאָמיטע געהט אָן מיט איהר הייליגע ארבייט, און ווען מיר האָבען דערהערט, אז ווערא פיגנער איז ארעסטירט, זיינען אונזערע הערצער איינגעפאלען, פונקט ווי עס זיינען איינגעפאלען די הערצער פון צעהנדליגע טויזענדער פאָרטגעשריטענע מענשען אין אונזער אלטער היים.

בשעת מען האָט איהר פאָטאָגראפירט, א געפאנגענע, האָט מען א ספּעציעלען בילד גענומען פאר'ן צאר. ער האָט געוואָלט זעהן ווי זי זעהט אויס, די מערקווירדיגע פרוי.

מען האָט איהר אָפּגעהאלטען איבער א יאָהר אין א שטיינערנעם קעמערל אונטער'ן וואסער, אין דער פּעטראָפּאוולאָווסקער פעסטונג. דערנאָך האָט געקאָכט מיט איהר פראָצעס. די וויכטיגסטע מיניסטאָרען זיינען יעדען טאָג געקומען צום פראָצעס.

מען האָט איהר פאראורטיילט צום טויט, און דערנאָך האָט מען די שטראָף געענדערט אויף אייביגע קאטאָרגע, דאָס הייסט, אויף אייביג צו זיצען אין א „שטיינערנעם זאק". מען האָט איהר פארשפּארט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג: באגראָבען זי לעבעדיגערהייט. די הארץ איז ביי אונז אויסגעגאנגען פון שמערצען, ווען מיר טראכטען וועגען איהר.

אך, ווען ווערא פיגנער וואָלט דאָס געקענט ארויסקומען פריי; — פלעגען מיר זיך כאָטש קוויקען מיט דעם טרוים — אך, ווען זי וואָלט געקענט באשרייבען די איינצעלהייטען פון איהר מערקווירדיגען לעבען און ווי אזוי זי האָט געפיהרט די ארבייט פון איהר פארטיי איינע אליין; וואָס זי האָט דורכגעלעבט; ווי אזוי זי איז ארעסטירט געוואָרען! וויים זי וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט? וואָלט זי כאָטש קענען וויסען ווי אונזערע הערצער בלוטען פאר איהר!

אָבער אין די שליסעלבורגער טויטען־קעמערלאך איז קיין איינציגער שטראל פון דער וועלט ניט אריינגעדרונגען, און לעבעדיג איז מען פון דאָרטען ניט ארויס. איניגע זיינען אראָפּ פון זינען, אנדערע האָבען זיך דעם לעבען גענומען, אויב זיי האָבען נאָר געפונען א מעגליכקייט.

אָפּט פלעגען מיר טראכטען פון ווערא פיגנער. א געוויסע צייט נאָך איהר פראָצעס האָבען מיר דאָ באקומען איהר בילד. א שעהנע, א יונגע, פול מיט ווירדע און ערנסטקייט. עס האָבען זיך וועגען איהר געטראָגען פארשידענע אנעקדאָטען, מעשיות וועגען פארשידענע פאסירונגען, לעגענדען זאָגאר. מיר פלעגען קוקען אויף איהר בילד, ווי א פרומער קאטאָליק קוקט אויף דער

הייליגער מאַריאַ. מיר פֿלעגען זיך פֿאָרשטעלען ווי זי געהט אַרום איינע אַליין הין און צוריק איבער איהר „שטיינערנעם זאַק" — ווי אַ הייליגער שאָטען. מיר פֿלעגען זיך פֿאָרשטעלען ווי זי לײדט, ווי זי טראַכט, ווי זי האָפֿט פֿילייכט.

פֿון איהר מעהר ווי פֿון אַלע אַנדערע האָבען מיר זיך געוואונשען צו האָבען אַ בוך. פֿון דער גאַנצער גרופּע, וועלכע האָט אַנטייל גענומען אין דער הינריכטונג פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען איז זי די איינציגע פֿאַרבליבען. די אַנדערע זיינען שוין געווען טויט. זייערע איינדריקע וועגען די פּאַסירונגען, וועלכע זיינען אונז אַלעמען געווען אַזוי ראָמאַנטיש טייער, האָבען יענע מיט זיך אין זייערע קברים מיטגענומען. נאָר זי וואָלט נאָך געקאָנט אַלץ דערצעהלען. אָבער זי איז אייגענטליך אויך געווען אין קבר — לעבעדיגערהייט אין אַ קבר.

די צייט איז געגאַנגען. פֿון וואָכען זיינען געוואָרען מאָנאַטען; פֿון מאָנאַטען יאָהרען. קיין קלאַנג, קיין פּיפּס פֿון דער שליסעלבורגער פֿעסטונג. קיין אָנצוהערעניש אויף לעבען. דאָך עטוואָס האָט מען זיך אַמאָל יאָ דערוואוסט. איין מאָל אין דריי יאָהר, איין מאָל אין פֿינף יאָהר פֿלעגט עפּעס יאָ דערגעהן אַ שטיקעל נאַכריכט — אַ טרויעריגע נאַכריכט וועגען אַ טויט, אַ זעלבסטמאָרד, אָבער דאָך אַ נאַכריכט.

דערנאָך איז געקומען די רעוואָלוציע פֿון 1905. ניקאָלאַי'ס מפּלה אין דער יאַפּאַנעזישער מלחמה, דער רויטער זונטאָג, די וואָכען, ווען פּעטערבורג איז געווען אין די הענט פֿון אַן אַרבייטער קאָמיטעט, די קאָנסטיטוציע און די פּאָגראָמען.

ווי אָרים די רעזולטאַטען פֿון יענער רעוואָלוציע זיינען ניט געווען, האָט זיך דאָך גענומען אָטעמען אביסעל פֿרייער און אין איין גאָלדענעם פֿריהמאָרגען דערוויסען מיר זיך, אַז מען האָט געעפֿענט די טויערען פֿון שליסעלבורג און מען האָט אַלע פֿאַרמויערטע ארויסגעלאָזען.

איינע פֿון זיי איז געווען אונזער טייערע ווערא פֿיגנער.

דער ערשטער געדאַנק פֿון דעם, וואָס שרייבט דיזע ציילען איז געווען: „אַך, איצט וועט זי דאָך אודאי אויפֿשרייבען דעם בוך, וואָס זי איז די איינציגע אויף דער וועלט, וועלכע קען עס טאָן. זי וועט אַלץ דערצעהלען, אַלץ וואָס פֿאַר אונז איז געווען פֿאַרדעקט מיט וואָלקענס פֿון געהיימנים. זי וועט אויך דערצעהלען ווי אַזוי זי האָט פֿאַרבראַכט איהרע צוויי־און־צוואַנציג יאָהר אין יענעם שרעקליכען קבר. אַלץ, אַלץ וועט זי דערצעהלען."

די ערשטע צייט האָט די רעגירונג מורא געהאַט צו לאָזען זי אינגאַנצען פֿריי. מען האָט איהר נאָך אַלץ באַוואַכט. מען האָט איהר ניט ערלויבט צו וואוינען אין פּעטערבורג. נו, האָט זי ניט געקאָנט שרייבען. האָבען מיר געוואַרט, דערנאָך האָט מען איהר ערלויבט צו פֿאָהרען אין אויסלאַנד.

נאָך עטליכע יאָהר זיינען פֿאַראיבער. איך פֿלעג זיך אימער נאָכפֿרעגען וואָס זי מאַכט. איך פֿלעג באַקומען גרוסען;

און מיין איינדרוק איז געווען, אז זי ווערט אביסעל שטארקער. „שרייבט זי שוין עפּעס?“ — פלעג איך פרעגען. „יאָ, מיר דאכט זיך, אז זי שרייבט; מיר דאכט זיך, אז זי האָט עפּעס אויפגעשריבען“, — האָט מיר איינער פון אונזערע אייראָפּעאישע פריינד אמאָל געענטפערט. איך האָב געוואַרט מיט אומגעדולד; אָבער עס זיינען אוועק נאָך א פּאָר יאָהר און זי האָט אלץ ניט געלאָזט הערען פון זיך.

ווען עס האָט זיך אָנגעפאנגען די גרויסע וועלט־מלחמה, האָט זי ניט געוואָלט בלייבען אין אויסלאנד. עס האָט איהר געצויגען אין איהר געבורטס־לאנד, עס זיינען פארגאָסען געוואָרען אזוי פיעל טייכען רוסיש בלוט. אין אזא צייט האָט זי ניט געקענט בלייבען זיצען אין דער פרעמד.

איהר ברודער, א באריהמטער רוסישער אָפּעראַזינגער, וועלכער האָט געהאט גרויסע פארבינדונגען אין די הויכע פענסטער, האָט באַקומען א צוזאָג, אז מען וועט איהר לאָזען פריי אריינפאָהרען. אָבער דעם צוזאָג האָט מען ניט געהאלטען. ווען זי איז אריינגעפאָהרען אין רוסלאנד האָט מען איהר גלייך ארעסטירט און מען האָט איהר אָפּגעהאלטען א פּאָר וואָכען. דאן האָט מען איהר ארויסגעלאָזען און אזוי איז זי דאָרטען געבליבען ביז היינטיגען טאָג.

אין די ערשטע טעג פון דער גרויסער רעוואָלוציע האָט מען איהר געוואָלט אָפּגעבען א גרויסען כבוד, אָבער זי האָט דאָס ניט צוגעלאָזען. זי האָט דאָס ניט ליב; זי האָט זיך ווידער אריינגעוואָרפען מיט לייב און לעבען אין דער באוועגונג און, צוזאמען מיט איהרע אַלטע חברים, איז זי פיל מאָל ארויסגעטראָטען אויף פארזאמלונגען פון ארבייטער, סאָלדאטען און פויערים און אויפגעפאָדערט זיי צו בלייבען געטריי דער צייטווייליגער רעוואָלוציאנערער רעגירונג. זי איז אויך געווען א מיטגליד פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון דעם אלרוסישען פויערים־פאראיין.

עס איז געקומען די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע. ווערא פיגנער, וועלכע איז געווען א ביטערע געגנערין פון דער באָלשעוויסטישער איבערקעהרעניש, איז, ווי פילע אנדערע, געצוואונגען געווען צוריקצוציהען זיך פון יעדער פּאָליטישער טעטיגקייט. די גאנצע עטליכע יאָהר פון דער באָלשעוויסטישער הערשאפט האלט זי זיך ווי א פּריוואטע בירגערין.

„שרייבט ווערא פיגנער איהר לעבענס געשיכטע?“ — האָב איך געפרעגט ביי די וואָס זיינען אין דער צייט געקומען פון רוסלאנד אָדער ביי די מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפען אויף מיינע וויזיטען אין אייראָפּא.

קיין דייטליכען אנטוואָרט האָב איך קיינמאָל ניט געקענט באַקומען.

פּלוצלונג אין איין פריהמאָרגען האָב איך באַקומען דעם ערשטען באנד פון איהרע עראינערונגען.

**מיט ציטערענדע הענד האָב איך גענומען מישען די בלעטער. דאָס איז דער בוך וועגען וועלכען איך האָב געטרוימט 39 יאָהר! איך האָב זיך דערוואַרט אויף איהם...**

אביסעל שפּעטער איז ערשינען א צווייטער בוך פון ווערא פיגנער — א פאָרטזעצונג פון איהרע עראינערונגען. און נאָך שפּעטער — א דריטער. דער ערשטער ענטהאַלט איהרע זכרונות פון איהרע יונגע יאהרען — איהר קינדהייט אין דער היים, איהר שטודירען מעדיצין אין דער שווייץ, און ווי אזוי זי האָט דעם שטודיום פלוצלונג אויפגעגעבען, אומגעקעהרט זיך צוריק קיין רוסלאַנד און אנטייל גענומען אין יענעם וואונדערבאַרען רעוואָלוציאָנערען קאמף פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליא".

דער צווייטער בוך ענטהאַלט איהרע ערפאהרונגען און איבערלעבונגען דורך די שרעקליכע יאהרען, וואס זי האָט פארבראַכט אין שליסעלבורג, און דער דריטער — דאָס וואָס זי האָט דורכגעלעבט, ווען מען האָט איהר אַרויסגעלאָזען פון יענער שרעקליכער געפענגניס.

איך האָב זיך אַרויפגעוואָרפען אויף די ביכער מיט אַן אונבאשרייבליכען דורשט. ניט איין נאַכט האָב איך פאַרבראַכט לעזענדיג זיי און פאַרגעסענדיג אָן שלאָף. איך האָב אין די ביכער געפונען א סך, א סך מעהר ווי איך האָב ערוואַרטעט. אוצרות, אמת'ע אוצרות, וועלכע מען קען ניט אָבשאַצען מיט ווערטער, האָב איך אין זיי געפונען. די הייליגע וועלטען פון אונזערע מאַרטירער, די וועלטען וועגען וועלכע איך פלעג שטענדיג טרוימען און זיך ניט קענען פאָרשטעלען, זיינען פאר מיר אויפגעפּענט געוואָרען. איך האָב דערזעהן איינצעלהייטען, פאַקטען, שטריכען און פאַרבען, בילדער און סצענעס, פון וועלכע מיין הארץ האָט געציטערט מיט א געפיהל פון טיפער ליבע און פאַרגעטערונג.

איך האָב די דריי ביכער געלאָזט בינדען אין ספּעציעלע איינבונדען. איך האַלט זיי אין א באַזונדערען שופלאָד פון מיין קאמאָד. דאָס זיינען דריי פון די טייערסטע ביכער, וועלכע איך האָב ווען עס איז געלעזען.

**אב. קאַהאַן,**

נ׳ו יארק, 15טען אפּריל, 1925.

# ערשטער קאפיטעל.

## מיין משפחה.



איך בין געבאָרען געוואָרען דעם 24טען יוני אינ'ם יאָהר 1852 אין קאזאנער גובערניע אין א פארמעגליכער פריצישער משפחה.. מיין מאמע האָט געהייסען יעקאטערינא און געווען איז זי א נישקשה'דיג געבילדעטע דאמע, ווייל אין די מיידעלשע יאָהרען האָט מען איהר געגעבען די בילדונג, וואָס מען האָט געוועהנליך געגעבען די פריצישע טעכטער אין יענער צייט. איהר פאָטער, דער זיידע מיינער, איז געווען א ריכטער און אין זיין לעבען האָט ער אוספעיעט צו פארשווענדען א גאנץ היבשען פארמעגען. פארמאָגט האָט ער זעקס הונדערט דעסיאַטין ערד אין אופער גובערניע און דערצו האָט ער נאָך געהאט א פאָר מאיאָנטקעס אין אַן אנדער געגענד, אין טעטיושער אויעזד; און נאָך זיין טויט איז אַלעם איבערגעבליבען אזוי אָפגעלאָזען און אין אזא אומאָרדנונג, אַז די יורשים האָבען זיך פון אַלעם אָפגעזאָגט, ווייל עס איז אוממעגליך געווען צו דערגעהן א טאָלק אינ'ם זיידענ'ס חובות.

מיין פאָטער האָט געהייסען ניקאָלאַי אַלעקסאנדראָוויטש פיגנער. זיין בילדונג האָט ער געקראָגען אין א שולע פון וואלד־ווירטשאפט און ווען ער האָט די שולע געענדיגט, האָט ער געקראָגען א שטעלע אַלס פארוואַלטער אין א וואלד אין מאמאדישער אויעזד, דערנאָך אין טעטיושער אויעזד און נאָכדעם ווי די רוסישע פויערים זיינען באפרייט געוואָרען פון דער „פאנשטשינע" האָט ער זיך פון זיין שטעלע אָפגעזאָגט און איז געוואָרען א „מיראָוואָי פאָסרעדניק".*)

*) אַן „ארביטרייטאָר" אין די סכסוכים צווישען פויערים און פריצים איבער דער פראגע וועגען ערד. דער אמט איז געשאפען געווארען אין רוסלאנד אין 1861, נאָכדעם ווי מען האָט אפגעשאפט די „פאנשטשינע" און מען האָט די פויערים געגעבען ערד. — איבערזעצער.

ביי אונז אין הויז זיינען מיר געווען זעקס קינדער. חוץ די צוויי אינגלאך, וואס זיינען געשטארבען נאך דאן, ווען זיי זיינען קליינע קינדער געווען. אי מיין פאטער, אי מיין מוטער זיינען געווען זעהר ענערגישע און ארבייטסזאמע מענשען. דערצו זיינען זיי נאךביידע געווען קערפערליך געזונד און האבען פארמאגט א מאסע טעמפעראמענט און ווילענסקראפט, און דאס האבען זיי אונז אלעמען איבערגעגעבען בירושה: איך, די עלטערע, האב גענומען אן אנטייל אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג אין דער ליכטיגסטער צייט פון דעם קאמף וואס איז אנגעפיהרט געווארען נעגען דער רוסישער „סאמאדערזשאוויע" (זעלבסט־הערשאפט), בין פאר'משפט געווארען צום טויט און אפגעפינסטערט אזוי פיל יאהרען אין שליסעלבורגער פעסטונג. מיין שוועסטער לידיא איז געווארען א מיטגליד פון א רעוואלוציאנערער ארגאניזאציע, וואס האט אנגעפיהרט א סאציאליסטישע פראפאגאנדע צווישען פאבריק־ארבייטער. זי איז געשטעלט געווארען צום געריכט צוזאמען מיט סאפיע באַרדינא און פעטער אלעקסעיעוו אין דעם באריהמטען „פראצעס פון די 50", וואס האט אין יענער צייט געמאכט א שטארקען און טיפען איינדרוק אויף דער רוסישער יונגווארג און אויף דער גאנצער ליבעראלער געזעלשאפט. מ'האט זי דאן פאר'משפט אויף קאטארגע און דערנאך האט מען איהר די שטראף געמאכט לייכטער דערמיט, וואס מען האט זי אויף אייביג פארשיקט קיין סיביר און צוגענומען ביי איהר אלע רעכט. מיין ברודער פיאטער איז געווען אן אנגעזעהענער אינזשעניר. מיין ברודער ניקאלאי איז געווארען א באריהמטער אפערא־זינגער. ער איז געווען דער ערשטער, וואס האט ארייננעטראגען א נייעס אין דער אפערא דערמיט, וואס ער האט ניט נאר געזונגען, נאר אויך געשפילט און אין די פינף־און־צוואנציג יאהר וואס ער איז געווען אויף דער ביהנע, האט ער פארשאפט א קינסטלערישען פארגעניגען הונדערטער טויזענטער מענשען. מיין שוועסטער יעווגעניא איז געווען פארמישט אין דעם קוויאטקאווסקי־פראצעס, ווען מען האט מיט דינאמיט אויפגעריסען דעם קיסר'ס ווינטער־פאלאץ אין 1880. דערפאר האט מען זי פארשיקט קיין סיביר און צוגענומען ביי איהר אלע רעכט. מיין אינגערע שוועסטער אלגא, זעהר א פעהיגע און ענערגישע מיידעל, האט זיך אליין וועניג באטייליגט אין דער רעוואלוציאנערער באוועגונג, דערפאר אבער איז איהר מאן, דר. פלאראווסקי, יא געווען א שטיגער רעוואלוציאנער, און ווען מען האט איהם פארשיקט קיין

סיביר, איז זי אויך מיטגעפאָהרען און צוזאַמען מיט איהם האָט זי פארשפּריים בילדונג צווישען די פּויערים אין אָמסק, אין יאַראָ־סלאַוול און אין אַנדערע ערטער. מיינע צוויי שוועסטער, לידיאַ און יעווגעניאַ, האָבען אין סיביר חתונה געהאַט מיט די צוויי פּאָלי־טישע פאַרשיקטע סטאַכעווימש און סאַזשין, מענשען וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס זיי זיינען געווען זעהר קלוג, געבילדעט און ענערגיש.

### אין וואלד.

די ערשטע יאָהרען פון מיין לעבען — ביז דער עלטער פון זעקס יאָהר — האָב איך פארבראַכט ניט אין קיין שטאָדט, ניט אין קיין דאָרף, נאָר אין אַ וואַלד...

וואו מען האָט נאָר אַ וואָרף געטאָן דאָס אויג — אומעטום אַלץ בוימער און בוימער. קיין שטיבעלע, וואו מענשען וואוינען, האָט מען אין ערגעץ ניט געזעהן.

די בוימער אין וואלד זיינען געווען אַזוי געדיכט און אַזוי הויך, אַז מען האָט קיינמאָל ניט געקענט זעהן די ווייטקייט פון׳ם הימעל... מען האָט אויך קיינמאָל ניט געקענט זעהן ווי די זון זעצט זיך פארנאַכט... אַרום און אַרום — וואלד, וואלד און וואלד... קיין סימן פון אַ לעבעדיגען מענשען — אין ערגעץ זעהט מען ניט קיין קוימען, פון וואַנען אַ רויכעל זאָל זיך שלענגלען, אין ערגעץ הערט מען ניט אַ הונט זאָל אַ האַווקע טאָן, קיינמאָל דערטראָגט זיך ניט פון ווייטענס דאָס קלינגען פון אַ קלויסטער־גלאָק... אַרום און אַרום — אַלץ וואלד, וואלד און וואלד...

בלויז אַמאָל־אַמאָל האָט זיך געהערט דאָס קלינגען פון אַ גלאָק. אויף אַ הויכען סלופּ איז ער ביי אונז אין הויף געהאַנגען און געקלונגען האָט ער אַזוי אומעטיג, אַזוי טרויעריג, גלייך ווי מען וואָלט ערגעץ ווייט־ווייט געפיהרט אַ טויטען צו דער קבורה... דאָס האָט דער גלאָק אויף זיין אייגענעם שטייגער געקלאָגט און געיאָמערט רופענדיג צוריק אַ מענשען, וואָס האָט אין דער טיפעניש פון׳ם געדיכטען וואלד פארבלאָנדזשעט...

אויף דעם אָפענעם פלאַץ, לעבען וואלד, איז אַלץ אַרום געווען פוסט. קיין לעבעדיגען מענשען האָט מען אין ערגעץ ניט געזעהן. מען האָט אויך אין ערגעץ ניט געזעהן קיין סימן פון מענשליכער אַרבייט. אויף דער ערד איז געוואַקסען גראָז, אויף די לאָנקעס האָט מען דאָ און דאָרט געזעהן בלומען, אָבער קיין

קאָרן און קיין ווייץ האָט מען דאָרטען קיינמאָל אין די אויגען ניט געזעהן.

די אַלטע ניאַניאַ אונזערע, נאַטאַליאַ מאַקאַרעוונאַ, פּלעגט אָפט ריידען וועגען דער פּוסטקייט אין וואַלד. „אויף פערציג ווערסט אַרום און אַרום איז קיין לעבעדיגער נפש ניטאָ" — אַזוי פּלעגט זי ניט איינמאָל זאָגען מיט אַ קרעכץ.

איך ווייס ניט, צי די אַלטע ניאַניאַ האָט אינגאַנצען גע־טראָפען מיט איהר חשבון. איך ווייס נאָר, אַז פאַר די אַלע יאָהרען וואָס מיר האָבען געוואוינט אין וואַלד, איז קיינמאָל קיינער צו אונז ניט געקומען. בלויז צום טאַטען פּלעגען אַמאָל קומען מענשען רייטענדיג אויף פערד. זיי פּלעגען ברענגען טויטע, געשאָסענע האָזען, און איך געדענק נאָך אַזוי ווי היינט, ווי די ניאַניאַ האָט געהאַט אַן אַרבייט צו טריקענען די פעלכלאַך.

איבער דעם וואָס דער וואַלד איז געוועזן אַזוי נאָהענט און מענשען אַזוי ווייט, איז ביי אונז אין שטוב שטענדיג געוועזן אומעטיג — אַזוי אומעטיג, אַז אַ פּחד פּלעגט אַזש פאַלען. אונז האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, אַז דער וואַלד איז צו נאָהענט, אַז מען דאַרף איהם מיט עפּעס אָפּצאַמען פון דער שטוב, אַז מען טאָר איהם ניט צולאָזען אַזוי נאָהענט, ווייל וואָס איז דען אַ וואַלד? אַן אָרט, וואו עס האַלטען זיך אויף גזלנים, שלעכטע מענשען און ווילדע חיות.

זעהר אָפט איז דער טאַטע ניט געוועזן אין דער היים און דאָס האָט נאָך גרעסער געמאַכט דעם פּחד און די אימה אין שטוב. וואָרים ווען דער טאַטע איז יאָ געוועזן אין דער היים האָט קיינער קיין מורא ניט געהאַט — דער טאַטע האָט דאָך אַ ביקס, טאָ וואָס־זשע איז דאָ וואָס מורא צו האָבען? וואָס טוט מען אָבער ווען דער טאַטע איז אין דער היים נישטאָ? אין שטוב זיינען בלויז פרויען און קליינע קינדער. אַ שרעק פאַלט אויף אַלעמען, אויף קליין און גרויס, און עס איז נישטאָ אַן וועמען זיך אָנצו־שפאַרען. דער איינציגער אַן וועמען מען קען זיך יאָ אָנשפּאַרען איז פראָקאָפּ, דער קוטשער. ער איז דער איינציגער מאַנסביל אין הויז, און ווי אַ זאַך מאַכט זיך, טאָמער באַפאַלט מען אונז — אַ שלעכטער מענש, אָדער אַ ווילדע חיה — דאַרף ער אונז ראַטעווען.

ביי טאָג איז נאָך געוועזן צו דערליידען. אָבער אַזוי שנעל ווי דער טאָג איז אַוועק און די פינסטערע נאַכט האָט זיך אָנגע־רוקט, איז דער פּחד געוואָרען נאָך גרעסער.

די מאמע איז געווען זעהר א שרעקעדיגע און דערצו האט זי נאך געהאט א טבע ארויפצואווארפען א מורא אויף אלעמען. דארויף איז זי געווען א גרויסע בריה. ארום ניין אזייגער אויף דער נאכט, פאר'ן שלאפען, האט זי געמוזט נעמען א ליכט און ארומגעהן איבער אלע צימערען אויסקוקען אלע ווינקעלאך. אליין האט זי, פארשטעהט זיך, מורא געהאט צו געהן, האט זי מיטגענומען אלע דינסטען. מיט'ן אנגעצונדענעם ליכט אין דער האנט און מיט אלע דינסטען לעבען זיך, איז זי געגאנגען פון איין צימער אין צווייטען און איהר האט זיך אלץ אויסגעוויזען, אז אט־אט וועט פון א ווינקעל ארויסשפרינגען א גזלן מיט א מעסער און וועט אלעמען אויסקוילען. זי איז יעדער מינוט געווען גרייט אויסצושרייען „ניט מיט איהר קול" און מאכען א געוואלד; און נאכדעם ווי זי האט שוין איבערגעקוקט אלע ווינ־קעלאך און ניט פארגעסען אכטונג צו געבען, צי קיינער איז נישטא ערגעץ אונטער א בעט, איז זי נאך אלץ ניט געווען זיכער. און פאר'ן שלאפען האט זי געזעהן, אז איין דינסט זאל זיך לעגען אין דער ברייט ביי דער טיר פון איהר צימער, א צווייטע דינסט — אויך אין דער ברייט — ביי דער טיר פון דעם צימער, וואו די קינדער שלאפען, און פראקאפ דער באשיצער — ביי דער ערשטער טיר, וואס איז מיט שטארקע אייזענס פארריגעלט און פארשלאסען... אנדערש האט מען ניט געקענט שלאפען, ווייל „אין וואלד האלטען זיך אויף גזלנים"... „אין וואלד זיינען דא בערען און אנדערע ווילדע חיות"...

נו, געוויס געפינען זיך אין וואלד בערען און אנדערע ווילדע חיות. א סימן — די גרויסע בערענע פעל מיט די לאפעס ביי דער מאמע'ס בעט.

און איך, א קליינע מיידעלע, גלויב אין דעם, אז ביינאכט איז גאר אן אנדער לעבען. די קאץ קען קומען צו מיר אין בעטעל און מיט די נעגעל זיך אריינגראבען צו מיר אין האלז דערפאר וואס איך האב זי בייטאג א ציה געטאן פאר'ן עק... און וואס עפעס דוקא די קאץ? אויך די קוקלע קען ביינאכט לעבעדיג ווערען, אריינשפרינגען צו מיר אין בעטעלע און מיך דערווארגען דערפאר וואס איך האב איהר בייטאג ארויסגעריסען א הענטעל... ווער שמועסט נאך די בערענע פעל — דאס איז שוין גאר גע־פעהרליך! ביינאכט וועט פון דער פעל ווערען א בער... מיט אמאל, פונקט דאן ווען אלע שלאפען, וועט די פעל, דאס הייסט,

דער בער, זיך געבען א שטעל אויף אלע פיר, אויפהויבען איין לאפע, א צווייטע לאפע — און...

אין שטוב ברענט ביינאכט א לעמפעל. קוקט מען אזוי אויף דער בערנער פעל א מינוט און נאך א מינוט, און עס הויבט זיך אן דוכטען, אז די פעל ווערט אנדערש, אז זי הויבט זיך אן ריהרען...

און אין וואלד! דארטען ווייסען דאך געוויס אלע בערען, אז ביי אונז אין שטוב ליגט א בערענע פעל... מיט בערען שפילט מען זיך ניט, זיי דערשמעקען אלעס... און עס ציהט זיי אהער... עס ציהט זיי צו אונזער שטוב... שפעט ביינאכט וועלען זיי קומען און וועלען אונז אלעמען אויפעסען...

בלויז בייטאג האט מען פאר די בערען קיין מורא ניט. דערפאר אבער איז דא אן אנדער צרה — שלאנגען. א שלאנג איז גאר געפעהרליך. פון איהר איז שווער זיך אויסצוהיטען. זי קען זיך שטילערהייד אריינקריכען אין שטוב און זיך אריינ־כאפען אין א בעט.

איינמאל, ווען איך האב זיך אין דרויסען געשפילט לעבען דער הוידעלקע צווישען צוויי בוימער, איז צו מיר צוגעקראכען א שלאנג.

די אלע מענשען וואס זיינען געשטאנען ארום מיר זיינען זיך צולאפען. אנשטאט צו ראטעווען מיך פון דער שלאנג, זיינען זיי אוועק זוכען מילך, ווייל אימיצער האט זיי איינגערעדט, אז „ווען מען גיט א שלאנג א ביסעל מילך, לאזט זי איבער דעם מענשען און נעמט זיך טרינקען די מילך"...

זיי זיינען זיך צולאפען און איך בין געבליבען זיצען אויף דער ערד, א פארגליווערטע פון שרעק. דערווייל איז זיך די שלאנג אוועקגעקראכען צוריק אין טיפען גראז און ווען מען האט געבראכט די מילך איז שוין פון איהר קיין שפור ניט געווען...

„גאט זאל אייך אויסהיטען פונ'ם ווילדען וואלד! איהר זאלט זיך ניט דערוועגען אריינצוגעהן אהין!" — אזוי פלעגט אפט זאגען אונזער אלטע ניאניא — „דער וואלד איז טיף, שרעקליך געדיכט און ווען מען פארגעהט דארטען ווייט, קען מען ניט געפינען דעם וועג צוריק אהיים. ווייל די טיפקייט פונ'ם וואלד האט גאר קיין שיעור און קיין ערך ניט. אהין קומט קיינמאל די זון ניט. דארטען איז קיין וועג און קיין שטעג נישטא... דו געהסט און געהסט, און געהסט און געהסט און עס

ווייזט זיך דיר אויס, אַז דו קומסט אַלץ נעהנטער און נעהנטער אהיים, און דערנאָך לאָזט זיך אויס, אַז דו פאַרגעהסט גאָר אַלץ ווייטער און ווייטער פון דער היים!... פאַרקירעוועסט זיך לינקס — עס איז אַלץ ניט דער וועג... פאַרקירעוועסטו זיך רעכטס — עס איז ווידער ניט דער וועג... און אַזוי דרעהסטו זיך אין אַלע זייטען, אהין און אהער, ביז דו האָסט שוין מעהר קיין כח ניט זיך צו דרעהען... דאַן קומט אָן די נאַכט, אַרום און אַרום איז שטאָק־פינסטער... דער וואַלד איז געדיכט... יעדער בוים איז שרעקליך הויך און אַזוי דיק, אַז ווען דריי מענשען נעמען זיך אָן ביי די הענט וואָלטען זיי איהם ניט געקענט אַרומ־נעמען... דו פּרואווסט אַ שפּאַן טאָן, שטויסטו זיך אָן אָן אַ וואָרצעל פון אַן אונטערגעהאַקטען בוים, דערפיהלסטו ווי שטעכע־דיגע צווייגען קריכען דיר אין פּנים אריין און פּאַטשען דיר אין די באַקען, באַמערקסטו גאָר ניט ווי דו שלאָגסט זיך צו אין מיטען דערינען צו אַ פּוסטען, שטילען פּלאַץ, וואו די בוימער זיינען שיטער. און דאָרטען האַלטען זיך אויף גזלנים. זיי זיצען אַלע אויף דער ערד און דער עלטסטער גזלן שטעהט לעבען זיי...

...אָדער דו געהסט און געהסט און געהסט און מיט אַמאָל דערפיהלסטו ווי אַ סקרוך גיט אַ לויף איבער דיין גאַנצען קערפּער און עס באַדעקט דיך אַ קאַלטער שווייס... בלייבסט שטעהן און הערסט זיך צו... און פּלוצלונג גיט עפּעס אַ סקריטש, צווייגען ברעכען זיך אונטער שווערע פיס — אַ בער... ער בלייבט שטעהן אויף די הינטערשטע לאַפּעס, עפענט ברייט דעם פּיסק און גיט זיך אַ וואָרף אויף דיר"...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט אַזוי האָט מען מיר געמאָלען דעם וואַלד.

בלויז איינמאָל האָט זיך מיר דער וואַלד פאָרגעשטעלט אָהן גזלנים און אָהן בערען. בלויז איינמאָל האָב איך געזעהן ווי ער שטעהט רוהיג, ווי אין אַ טיפען דרעמעל איינגעהילט. און דאָס איז געוועזען דאַן, ווען איך האָב זיך מיט איהם געזעגענט, אין דעם טאָג ווען מיר האָבען זיך איבערגעצויגען אין אַ דאָרף אין טעטיר־שער אויעזד.

פּאַראַשאַ די דינסט האָט מיך אָנגענומען ביים הענטעל און מיך צוגעפיהרט צו דער זייט, וואו דער וואַלד הויבט זיך אָן אָן ערשט דאַן האָב איך דערזעהן ווי דער הימעל איז דאָרטען בלוי און ווי די זון שיינט דאָרט אַזוי ליכטיג.

איך בין דאָרט לאַנג געשטאַנען און פאַרטראַכט געקוקט אין אַלע זייטען...

מיר געזעגענען זיך מיט'ן וואַלד.

מאָרגען פאַרלאָזען מיר איהם. דער טאַטע האָט געקראָגען אַ שטעלע אין אַן אַנדער געגענד.

און אויף דעם זעלבען פלאַץ, וואו איך האָב געזעהן אַזא שעהנעם בלויען הימעל און אַזא ליכטיגע זון האָב איך געזעהן דעם טויט — אין שאָטען פון די בוימער, לעבען וואַסערעל איז געלעגען אַ רויט קעלבעלע און זיך געראַנגעלט מיט'ן טויט. די פיסלאַך פאַרבויגען אונטער זיך און די מאָרדע פאַרוואָרפען אויף דער ערד האָט עס אויסגעהויכט דעם לעצטען אָטעם... אַ פליג איז צוגעפליגען און זיך גענומען קאַלופען אינ'ם קעלבעל'ס אויסגערונענע אויגען...

אונזער ניאַניא.

פון וואַלד האָבען מיר זיך איבערגעקליבען אינ'ם דאָרף כריסטאָפאָראָווקא, וואָס איז אַמאָל געווען דעם זיידענ'ס מאַיאָנטעק און איז אַריבערגעגאַנגען בירושה צו דער מאַמען. דערנאָך האָבען מיר זיך איבערגעקליבען אין אַן אַנדער דאָרף — אין ניקיפאַראָווא. דאָרטען איז די נאַטור געווען זעהר שעהן, און פון דאַן אָן איז ביי מיר נאָך ביז היינטיגען טאָג געבליבען דער געפיהל פון ליבע צו דער נאַטור.

אַ גרויסע ראָלע אין מיינע קינדער־יאָהרען האָט געשפּילט אונזע אַלטע ניאַניא. זינט איך געדענק, איז זי געווען אַלט, און אַלעמאָל, ווען מען האָט זי געפרעגט, ווי אַלט זי איז, האָט זי געענטפערט אַזוי: „דער זיבעטער צעהנדליג קומט שוין אָן“.

אָט דעם ענטפער האָט זי געגעבען דאַן, ווען איך בין נאָך אַ קליינע מיידעלע געווען. דעם זעלבען ענטפער האָט זי געגעבען דאַן, ווען איך בין שוין אויסגעוואַקסען און בין געוואָרען אַ גרויסע, און דעם זעלבען ענטפער האָט זי געגעבען, ווען איך האָב חתונה געהאַט. שטענדיג האָט זי געהאַלטען ביים זיבעטען צעהנדליג. און אַזוי ווי זי האָט ניט געהאַט קיין אורזאַכע צו פאַרלייקענען איהרע יאָהרען, דענק איך, אַז זי האָט פּשוט אַליין ניט געוואוסט ווי אַלט זי איז.

אָבער כאָטש זי איז געווען אַזוי אַלט, איז זי דאָך געווען

זעהר אן ארבייטסזאמע פרוי. אלעס האט זי געקענט — קאָכען און באקען, נייהען און שטריקען. אלעס.

נאָך איצט שטעהט זי מיר פאר די אויגען ווי א לעבעדיגע — א קלייניגקע, אן איינגעהויקערטע, מיט קליינע העל־בלויע אויגען, שטענדיג מיט א זאק אין דער האנד, די נאָז א גרויסע און אויף דער נאָז א פּאר אלטע ברילען מיט קופּערנע רעהמלאָך.

ווען די „ציוויליזאציע" איז אריין קיין רוסלאנד, נאָך דער באפרייאונג פון די פויערים, האָבען מיר איינמאָל איינגערעדט דער אלטער ניאניא אונזערער, אז זי זאָל זיך לאָזען פאָטאָגראפירען. זי האט זיך לאנג געקווינקעלט, אלץ ניט געוואָלט. און ווען מיר האָבען זי קוים מיט צרות פארשלעפּט צום פאָטאָגראפער און עס האט זיך אונז שוין איינגעגעבען „אנצוסטראָיען" זי אין א פּאָזע, האט זי זיך אין מיטען דערינען אזוי דערשראָקען פאר'ן פאָטאָגראפישען אפּאראט, אז דאָס פּנים האט זיך ביי איהר אין גאנצען פארקרימט, און אלע מאָל, ווען מיר האָבען איהר פאָטאָגראפישע בילד געזעהן, האָבען מיר זיך ניט געקענט איינהאלטען פון געלעכטער.

קיין שעהנע איז זי ניט געווען. דאָס האָבען אלע געקענט זעהן. אָבער זי אליין האט וועגען דעם געהאט אן אנדער מיינונג. און ווען זי האט נאָר געהאט א געלעגענהייט, האט זי אונז אלעמען געוואָלט איינריידען, אז אמאָל, אין די יונגע יאָהרען, איז זי געווען זעהר א שעהנע...

ווען מיר זיינען אונטערגעוואקסען, פלעגען מיר איהר אָפּטמאָל שטעלען די פראגע:

— ניאניא, פאר וואָס האָסטו ניט חתונה געהאט?

דאן פלעגט זי זיך פארקוקען ערגעץ וויים, שווייגען א ווייל און דערנאָך ענטפערען אזוי:

— כ'וויים?... עס האט זיך גראדע אזוי געמאכט...

און כדי מיר זאָלען ניט מיינען, אז זי האט ניט חתונה געהאט איבער דעם וואָס ס'האט זיך אין ערגעץ ניט געפונען קיין בעלן אויף איהר, האט זי דערנאָך צוגעגעבען:

— א „קראסאוויצע" בין איך געווען. אויגען בלויע... האָר שווארצע ווי פעך. און לאנג זיינען די האָר געווען, אז זיי האָבען אזש דערגרייכט ביז אהער א.

און דאָ האט זי אָנגעוויזען אויף דעם פּלאץ, וואו עס האט געזאָלט זיין די טאליע.

— היינט ברוסטען — אַט אַזעלכע הויכע!...

און כדי מיר זאָלען זעהן ווי הויך איהרע ברוסטען זיינען אמאָל געווען, האָט זי מיט דער האַנט אָנגעוויזען אויף אַ גוטען האַלבען אַרשין ווייטער פון איהר איינגעפאַלענער ברוסט...

מיר האָבען זיך ניט געקענט העלפען און געמוזט אויסשיסען אַ געלעכטער. און דאַן פלעגט זי כלומר'שט ווערען בייז אויף אונז און זיך צוריק פאַרטיפען אין זאַק.

אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, צי זי איז אַמאָל געווען אַ שעהנע צי ניין — מיר האָבען זי זעהר שטאַרק ליב געהאַט און וואָלטען זי ניט אויסגעביטען פאַר דער שעהנסטער פרוי אין דער וועלט. דאָס איז געווען אַ פרוי מיט אַ גאָלדען האַרץ און מיט אַ בריליאַנטענער נשמה און דערצו איז זי נאָך געווען אַ מייסטערין צו דערצעהלען שעהנע מעשה'לאַך.

אַך, וואָס פאַר אַ שעהנע מעשה'לאַך זי פלעגט דערצעהלען! דאָס הייסט, ניט קיין סך מעשה'לאַך, נאָר בלויז איין מעשה'לע. זי פלעגט דאָס דערצעהלען ווידער אַמאָל און אָבער אַמאָל, אָבער אַזוי שעהן און מיט אַזאַ אַנגענעמער, קלינגענדער שטימע.

איך געדענק עס נאָך איצט אויך:

„אַמאָל איז געווען אַ מלך, איז ביי איהם די ווייב געשטאָר־בען און ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערער. די אַנדערע איז געווען זעהר אַ שלעכטע, אַ בייזע מכשפה. האָט זי גענומען זיין געליבטסטען זוהן און האָט איהם געמאַכט פאַר אַ ציגעלע. דער מלך האָט דאָס ניט געוואוסט, האָט ער געהייסען זיינע דינער נעמען דאָס ציגעלע און עס שעכטען אויף דער סעודה... דאָס וואַסער אין די קעסלען האָט שוין געזאָדען, די מעסערס האָט מען שוין געשלייפט. אַלעס איז שוין געווען גרייט צו קוילען דאָס ציגעלע און עס אַריינוואַרפען אין דער זודיגער וואַסער... אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט די בת־מלכה און האָט דערצעהלט דעם גאַנצען אמת, און דער בן מלך איז געראַטעוועט געוואָרען“.

שטונדען לאַנג האָבען מיר געקענט זיצען און הערען דאָס שעהנע מעשה'לע וועגען דעם בן מלך, וואָס איז געוואָרען אַ ציגעלע, און אונז איז געווען אַזוי אַנגענעם און גוט. אין יעדען וואָרט, וואָס זי האָט אַרויסגערעדט, האָבען מיר געפיהלט ליבע און וואַרימקייט.

זי האָט אויך ליב געהאַט צו דערצעהלען מעשיות וועגען

גזלנים, אנטלאָפענע רויבער, אוצרות וואָס ליגען באהאלטען אונטער דער ערד און אויך וועגען די געוואַגטע גנבות פון דעם באריהמטען באנדיט ביקאוו. אין אלגעמיין האָט זי געהאַט א שוואכקייט צו גזלנים, רויבער און גנבים, און וואו זי האָט נאָר ערגעץ דערזעהן א וועלדעל, אָדער א טאָל, איז זי געווען זיכער, אז ביינאכט האלטען זיך דאָרטען אויף אַט די אלע חברה.

אָבער ניט נאָר די שעהנע מעשה'לאך האָבען אונז אזוי צוגעבונדען צו דער ניאַניא. זי האָט שטענדיג געהאַט פאר אונז א נאשעריי — א צוקערקע, איינגעמאכטס, מאלינעס, טיי און נאָך אָהן א שיעור זאכען, מיט וואָס מען קען דערקוויקען דאָס הארץ. און חוץ דעם האָט זי נאָך געהאַט אַן אלטען געלען קאַסטען, וואָס האָט אונז געצויגען ווי א מאגנעט. דאָס דעקעל פון דעם קאַסטען איז געווען באקלעפּט מיט די קאָלירטע פּאַפּיר־לאך, וואָס מיר האָבען אראָנטערגעריסען פון די שאָקאָלאַדקעס, וואָס מען האָט אונז אמאָל געגעבען, און אינווענינג, אין קאַסטען, זיינען געלעגען אָהן א שיעור שמאַטעס און קליידער, וואָס דער זיידע און די באָבע, די מאַמע און דער טאַטע און אלע גוטע און פרומע לייט האָבען דער ניאַניא געגעבען אלס מתנות. יעדער שמאַטע און יעדער קלייד האָט געהאַט א באזונדער היסטאָריע און מיר האָבען אלעס אויסגעהערט מיט גרויס חשק. אין קאַסטען זיינען אויך געלעגען א סך טאַבאַק־פּושקעלאך, פאר־שיידענערליי קעסטעלאך און גלאַט צאַצקעס, וואָס קינדער האָבען ליב אָנצוקוקען און באטראכטען, אבי מען לאָזט זיי נאָר.

און חוץ די אלע מעלות, וואָס די ניאַניא האָט געהאַט, איז זי געווען דער איינציגער מענש, מיט וועמען מיר האָבען זיך געפיהלט פריי. זי איז געווען די איינציגע, וואָס האָט קיינמאָל ניט געפּרואווט הערשעווען איבער אונז. זי איז געווען די איינ־ציגע, וואָס האָט אונז געקעכעלט און געצערטעלט, און בלויז זי האָבען מיר געקענט ליב האָבען און צערטלען פראַנק און פריי, ניט שעהמענדיג זיך פאר קיינעם.

וואָרים אין דער היים האָט מען אונז געהאַלטען אונטער א שטרענגער דיסציפּלין. מיין טאַטע איז געווען א בייזער, א קאַלטער, און געפיהרט אלעס מיט אַן אייזערנער האַנט. די מאַמע איז דווקא געווען א גוטע, א שטילע און באשיידענע פרוי, אָבער קיין דעה האָט זי ניט געטאָרט זאָגען. זי האָט אונז קיינ־

מאָל ניט געצערטעלט, קיינמאָל ניט געבאַלעוועט. זי האָט זאָגאר קיינמאָל ניט געסמייעט אונז צו פארטיידיגען, ווען דער טאַטע האָט זיך געבייזערט.

און דער טאַטע האָט זיך געקענט בייזערן אַזוי, אַז עס זאָל אויף אַלעמען פאַלען אַ פּחד. דיסציפּלין — דאָס איז ביי איהם געווען דאָס וויכטיגסטע. איהם האָט מען געמוזט פאָלגען, איהם האָט מען געמוזט זיין אונטערטעניג. כאָטש איך הויב ניט אָן צו וויסען ווי עס האָט זיך צו איהם גענומען אַזאַ מיליטערישער גייסט. עס קאָן זיין אַז ער איז ערצויגען געוואָרען אין אַזאַ גייסט, און עס קען אויך זיין, אַז די „ניקאָלאַיעווסקישינאַ" האָט זיך אַזוי אָפּגעשטעמפּעלט אויף זיין כאַראַקטער, אויף זיין וועלט־אַנשויאונג. אַזוי אָדער אַזוי — מיר האָבען פון איהם ניט גע־קענט אויסהאַלטען. שלאָפען געהן האָט מען געמוזט יעדען טאָג אין אַ באַשטימטער צייט. דאָסזעלבע איז אויך געווען מיט'ן אויפשטעהן. אָנטאָן יעדען טאָג די זעלבע קליידער, פּונקט ווי יוניפאָרמעס, זיך פאַרקאַמען אויף דעם זעלבען שטייגער היינט און מאָרגען, פּונקט ווי נעכטען און אייערנעכטען; ניט פאַר־געסען, חלילה וחס, זיך באַגריסען און זיך געזעגענען מיט'ן טאַטען און מיט דער מאַמען; זיך איבער'צלמ'ען און זאָגען „אַדאַנק" נאָכ'ן מאָלצייט; ניט רעדען אַ וואָרט ביים עסען, און זיך ניט דערוועגען צו נעמען אין דער האַנט אַ לעפעל אָדער אַ גאָפּעל פאַר די עלטערע; ניט בעטען ביי קיינעם קיין זאַך, ניט פאָדערען קיין זאַך, ניט האָבען קיין טענות אַז עס איז צופיל אָדער צו ווייניג, און עסען וואָס מען גיט; ניט איבערלאָזען גאָרניט אין טעלער, אפילו דאַן, ווען דאָס עסען שלאָגט צו דער גאַל און עס איז אונמעגליך דאָס אַראָפּצושלינגען; גיט מען מילך, טרינק מילך; טיי — זאָל זיין טיי; ווייס־ברויט, שוואַרץ־ברויט — אַלץ איינס. עס! האָב ניט קיין טענות ווען עס איז דיר קאַלט, און קלאָג זיך ניט ווען עס איז דיר היים. נעם ניט קיין זאַך אַליין ווען מען גיט דיר ניט, און דער עיקר — טשעפּע ניט דעם טאַטען'ס זאַכען. ווען אַ קינד האָט עפּעס צובראָכען, אָדער אַוועקגעשטעלט אַ זאַך ניט אויפ'ן ריכטיגען אָרט, האָט מען שוין מעהר ניט געדאַרפט, איז די גאַנצע שטוב געגאַנגען כאָדאָראָם. דער טאַטע האָט אַזאַ זאַך ניט געשענקט. פאַר אַזאַ „פאַר־ברעכען" האָט ער געמוזט באַשטראָפען מיט שטעלען אין ווינקעל מיט'ן פּנים צו דער וואַנט, אָנגעדרעהט די אויערען, אָדער גאָר

גענעבען שמיץ מיט דעם קאנטשיק וואָס איז געהאנגען אויף דער וואנט ביי איהם אין צימער.

איך געדענק נאָך, ווי שטרענג מיין פאָטער פלעגט באשטראָפען מיינע ברידערלאך. אָהן רחמנות פלעגט ער דאָס טאָן. ער האָט קיינעם ניט געשאנעוועט. און אויסגעלערענט האָט ער אונז, אז קיין זאך טאָר מען ניט באהאלטען, אז מען מוז זאָגען דעם אמת אפילו דאן, ווען מען ווייסט אז מען וועט דערפאר באשטראָפט ווערען. דעם ביישפיל דארויף האָט געדארפט געבען די מאַמע. זי האָט געמעגט וויסען אז דערפאר און דערפאר וועט אונז דער טאטע שטרענג באשטראָפען — דעם אמת האָט זי געמוזט דערצעהלען. טאָמער איז אמאָל א קינד געפאלען אָדער זיך אָפּגעבריהט מיט הייסע וואסער, איז ניט גענוג וואָס מען האָט געפיהלט א וועהטאָג, האָט מען נאָך געדארפט באַשטראָפט ווערען פונ'ם טאטען.

די מיידלאך האָט ער ניט געשלאָגען, זינט ער האָט מיך איינמאָל שיער ניט געמאכט פאר א קאליקע איבער עפּעס א קאַפּריז וואָס איך האָב ארויסגעוויזען, ווען מיר זיינען אין א שטורם אריבערגעשוואומען די וואָלגא אויף א פּאראָם. אָבער כאָטש ער האָט אונז ניט געשלאָגען, האָבען מיר פאר איהם געציטערט ווי פאר פייער. עס איז געווען גענוג אז ער זאָל אויף אונז א קוק טאָן מיט זיינע צוויי ביסטרע אויגען, אז א שרעק זאָל אויף אונז פאלען. אין אזעלכע מאָמענטען פלעגט זיך אונז דוכטען, אז עס איז שוין בעסער באשטראָפט צו ווערען מיט קלעפּ פון א גוטמוטיגען מענשען, איידער אויסשטעהן זיינע שטומע בייזע בליקען.

און אין אָט דער דושנער אטמאָספערע, וואָס האָט געשטיקט פונקט ווי אין א קאזארמע, איז דער איינציגער ליכטיגער שטראהל געווען די אלטע גוטע ניאניא. בלויז אין איהר געזעלשאפט האָבען מיר זיך געפיהלט פריי. קיינער אויסער איהר האָט אונז ניט פארשטאנען, קיינער אויסער איהר האָט אונז ניט באטראכט אלס קינדער, וועלכע וועלען אמאָל אויסוואקסען און ווערען גרויסע.

בלויז ביי איהר אין צימער, וואוהין דער טאטע פלעגט קיינמאָל ניט אריינקומען, האָבען מיר זיך געפיהלט ווי מענשען, ווי קינדער, און אמאָל טאקע ווי פּריצים, און צו דער זעלבער צייט ווי געליבטע באשעפענישען, וואָס מען צערטעלט און מען

באלעוועט. דאָס איז געווען דאָס איינציגע ווינקעלע, וואו מיר, די דערנידעריגטע און באליידיגטע, האָבען געהאט די מעגליכקייט זיך אָפּצורוהען גייסטיג. פאַר איהר, פאַר דער אלטער ניאַניא, האָבען מיר געקענט אויסגיסען אונזערע פאַרביטערטע קינדערשע הערצער, און זי איז געווען די איינציגע, וואָס האָט אונז ארויס־געוויזען אזוי פיל ליבע און מיטגעפיהל.

עס איז געווען אזוי גוט מיט איהר! שפּאַרסט אָן דעם קאָפּ ביי איהר אויף די קני און וויינסט זיך אויס, און זי, די גוטע נשמה, ווישט דיר אוים די טרערען מיט הייסע קושען. גוטע אלטע ניאַניא! ווי וואָלטען מיר געלעבט אָהן איהר! דאָס איז געווען א גאַנצע וועלט פון ווארימקייט, צערטליכקייט, גוטס־קייט און איבערגעבענקייט.

און ווען מען גיט א טראַכט, אז די דאָזיגע ווארימקייט און צערטליכקייט האָט זי ארויסגעוויזען אין פאַרלויף פון יאָהרען און יאָהרען, ניט נאָר צו איין דור, נאָר צו גאַנצע דריי דורות קינדער, — מוז מען האָבען דרך־ארץ פאַר אזא מענשען. יאָ, גאַנצע דריי דורות! א מיידעלע פון זעקס יאָהר איז זי געווען, ווען מען האָט זי צוגענומען צום זיידען. דער זיידע, כריסטאָפאָר פעטראָוויטש קופּריאַנאָוו, איז דאַן געווען א קינד פון דריי יאָהר. דער זיידע איז אויסגעוואַקסען, און צוזאַמען מיט איהם די ניאַניא. איהם האָט מען אוועקגעגעבען אין שולע, און זי האָט זיך אויס־געלערענט נייהען און שטריקען און טאָן אַנדערע ארבייטען. דער זיידע האָט חתונה געהאט מיט דער באָבען און גענומען די ניאַניא צו זיך. די מאַמע איז געבאָרען געוואָרען, נאָך דריי שוועסטער און א ברודער; און ווער האָט זיך געניאַנטשעט מיט זיי? די ניאַניא. די מאַמע איז אויסגעוואַקסען און האָט חתונה געהאט מיט'ן טאַטען, האָט מען איהר אוועקגעגעבען די ניאַניא. די מאַמע האָט געבאָרען א אינגעלע, סאשא, מיך און נאָך זעקס קינדער — די ניאַניא האָט זיי אלע אויסגעניאַנטשעט, און עס קען זעהר זיין, אז זי וואָלט מיינע קינדער אויך אויסגעניאַנטשעט.

פאַר אזא שטיק אלטערטום מוז מען האָבען דרך ארץ!

און די ניאַניא האָט געוואוסט ווי אזוי זיך אליין אָפּצושאַצען. זי איז געווען זעהר עמפּפינדליך, און טאָמער האָט אימיצער א קוק געטאָן אויף איהר קרום, אָדער ארויסגעוויזען אומצופרידענ־קייט מיט איהר ארבייט, האָט זיך געטאָן חושך. זי פלעגט זיך פון דעם פיהלען זעהר שטאַרק באליידיגט און געקריוודעט, און

דאָן פלעגט זי זיך אָוועקזעצען אין אַ ווינקעל, האַלטען אין איין וויינען און דערנאָך אָנהויבען איינפּאַקען איהרע זאַכען און אַלץ טענה'ן, אַז זי וועט אַוועקפאָהרען „פון יענער זייט וואָלגאַ“.

וואָס ס'איז דאָרטען „פון יענער זייט וואָלגאַ“ האָב איך ניט אָנגעהויבען צו וויסען. איך בין אָבער זיכער, אַז ביי איהר איז דאָס ניט געווען קיין געאָגראַפישער טערמין און ניט קיין גרויסער געגענד, נאָר אַ קליין דערפעלע, וואו זי האָט אודאי געהאַט קרובים און פריינד. ווי דאָס דערפעלע האָט געהייסען און ווען זי האָט דאָרטען געהאַט — דאָס האָט זי קיינעם ניט געזאָגט. און אפשר האָט זי גאָר קיינעם אין ערגעץ ניט געהאַט? דאָס קען אויך זיין... אָבער פאר אונז קינדער וואָלט געווען אַן אומגליק ווען די גוטע ניאַניאַ וואָלט אַוועק; פלעגען מיר אויך אָנהויבען וויינען און לויפען צו דער מאַמען, אַז זי זאָל איבערבעטען די ניאַניאַ און זי ניט לאָזען אַוועקפאָהרען, און די מאַמע האָט אונז צוליב געטאָן און זי איבערגעבעטען.

ווען מיר זיינען אונטערגעוואַקסען און איך און מיין שוועס־טער זיינען שוין געווען אין אינסטיטוט, האָט זיך די לאַגע גע־ענדערט און עס איז שוין אויסגעקומען אזוי, אַז ניט די ניאַניאַ האָט אונז באַשיצט, נאָר מיר זי.

גייע ווינטען האָבען אָנגעהויבען בלאָזען און די ראָלען ביי אונז אין הויז האָבען זיך געביטען. אונטער'ן איינדרוק פון די „רעפאָרמען“ איז מיין פאָטער געוואָרען וווייכער. עס קען זיין, אַז די גרויסע געזעלשאַפטליכע באַוועגונג, וואָס האָט אויסגע־גלייכט דעם שקלאף מיט'ן בעל־הבית און אָנגעהויבען איינברעכען די גייסטיגע און עקאָנאָמישע באַציהונגען פון דער אַלטער אָרדנונג האָבען ביי מיין פאָטער אַרויסגערופען די בעסערע אייגענשאַפטען פון זיין נאַטור און ער איז געוואָרען אַן אַנדערער. אזוי אָדער אַזוי — די גייסטיגע איבערקערעניש איז ביי איהם געווען אַ גאַנץ ערנסטע; ער איז שוין מעהר ניט געווען אַזוי שטרענג און זיך אָנגעהויבען צו באַציהען בעסער און איידעלער צו דער מאַמען, צו די קינדער און אויך צו די דינסטען.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז די ענדערונג אין איהם איז ניט פאָרגעקומען אין איין טאָג, און ניט אין איין יאָהר. איך קען דאַריבער ניט אָנווייזען פּינקטליך די צייט ווען די ענדערונג איז אין איהם פאָרגעקומען. די נייע ווינטען האָבען געווירקט בּיס־לאַכווייז, אונבאַמערקטערהייד.

אין דער פראווינץ איז די ווירקונג פון דער נייער צייט געגאנגען דורך דער ליטעראטור, און מיין פאטער האט אלע מאל א סך געלייענט. און חוץ דעם איז מיין מוטער, וועלכע איז מיט גאנצע פופצעהן יאהר געווען אינגער פון מיין פאטער, אין יענער צייט שוין אויך געווען מעהר אנטוויקעלט גייסטיג און דערגרייכט אזא מדרגה, אז זי האט שוין געקענט האבען א ווירקונג אויפ'ן טאטען און מעהר ניט לאזען הערשעווען איבער זיך.

איהר איינפלוס אויפ'ן טאטען האט אונז אויך געבראכט נוצען, און דאן זיינען מיר מיט דער מאמען געווארען נעהנטער און אין דער סאמע ערנסטער צייט פון אונזער אנטוויקלונג זיינען מיר געשטאנען אונטער איהר אויפזיכט.

אין יענער צייט האבען מיר, די קינדער, זיך שוין געקענט באגעהן אהן דער ניאניא, אבער פונדעסטוועגען האבען מיר זי זעהר ליב געהאט, און ווען מיר האבען נאר געהאט א געלעגענ־הייט איהר ארויסצואווייזען די ליבע, האבען מיר דאס געטאן. מיר האבען זי שטענדיג אין זינען געהאט, געזעהן, אז עס זאל איהר קיין זאך ניט פעהלען, און ביים עסען זאל מען איהר אין קיך ארייגשיקען א גוט שטיקעל פלייש און זי ניט פאר־טיילען ווען מען דערלאנגט די געשמאקע קנישעקלאך. מיר האבען פראטעסטירט געגען דעם וואס מען גיט איהר ארוים ניט מעהר ווי א פערטעל פונט טיי און דריי־פערטעל פונט צוקער א חודש, און אזוי ווי מען האט זיך צו אונזער פראטעסט ניט צוגעהערט, האבען מיר גע'גנב'עט צוקער ביי דער מאמען און געגעבען דער ניאניא. ווער שמועסט נאך, ווען מען האט אונז געשיקט אין קעלער, האבען מיר זיך אנגעשטאפט אלע קעשענעס מיט ניסלאך, ראזשינקעס און אנדערע גוטע זאכען און זיי אוועקגעגעבען דער ניאניא.

עס האט אונז פארדראסען פאר וואס מען צאהלט איהר אינגאנצען אנדערהאלבען רובעל א חודש... האבען מיר געבעטען די מאמע, אז זי זאל איהר צאהלען מעהר, אבער דאס האבען מיר בשום אופן ניט געקאנט פועל'ן... אליין האבען מיר איהר אויך מיט קיין געלט ניט געקענט ארויסהעלפען, ווייל ארום און ארום פלעגט אונז דער טאטע געבען ניט מעהר ווי פיר רובעל א יאהר. דאס זיינען געווען די מתנות אין יום טוב'דיגע טעג. אין אלגעמיין האט דער טאטע אליין, דוקא ניט קיין קארגער

מענש, געהאַלטען פון דעם כּלל, אַז קינדער דאַרף מען לערנען, זיי זאָלען וויסען, אַז מען דאַרף ניט אויסגעבען קיין געלט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, ווייל געלט איז אַזאַ זאַך, וואָס האָט ליב אַ חשבון...

די ליבע צו דער ניאַניאַ איז ביי אונז געווען גרויס ניט נאָר דאַן ווען מיר זיינען נאָך קליינע קינדער געווען. נאָר אויך דאַן ווען מיר זיינען שוין געווען גרויסע און האָבען זיך מעהר אין איהר צערטליכקייט ניט גענויטיגט. און ניט נאָר די קינדער האָבען זי ליב געהאַט, נאָר אויך דערוואַקסענע מענשען. אַלע האָבען זי ליב געהאַט, אַלע האָבען פאַר איהר געהאַט רעספּעקט. מעהר פון אַלע האָט דאָס אַרויסגעוויזען מיין פעטער, וועמען זי האָט אויסגעניאַנטשעט. אַליין איז ער געווען אַן אָנגעזעהענער מענש, אַ ריכטער, און יעדעס מאָל ווען ער איז צו אונז צו־גאַסט געקומען, פלעגט ער פאַר'ן אַוועקפאָהרען אַ זאָג טאָן אַזוי: „נו, מען דאַרף אַרויפגעהן צו דער ניאַניאַ".

ביי איהר אין צימער פלעגט ער זיך אַוועקזעצען אויף דעם גרויסען געלען קאַסטען און פאַרפיהרען אַ געשפּרעך וועגען וועטער, וועגען גערעטעניש אויף די פעלדער, וועגען רהומאַטיזם, דערנאָך — וועגען די נייע מאָדעס, ווייל ער האָט זעהר ליב געהאַט צו הערען איהר קריטישען בליק דאַרויף, און ענדיגען פלעגט זיך דער געשפּרעך אַלע מאָל אַזוי:

„נו, נאַטאַליאַ מאַקאַרעווונאַ, קריגט מען ביי אייך אפשר אַ ביסעל טאַבאַקע צו שמעקען?"

דאָס איז ביי דער ניאַניאַ געווען דער גרעסטער פאַרגעניגען. דאַן פלעגט זי מיט אַ באַזונדער מין צופרידענעם שמייכעל אויפ'ן פּנים, אַרויסנעמען די זילבערנע טאַבאַקערקע, וואָס דער זיידע האָט איהר אַמאָל געגעבען אַ מתּנה, און דערלאַנגען דעם אָנקעל, און יענער האָט מיט גרויס הנאה אַ ציה געטאָן די טאַבאַקע אין איין נאָז־לעכעל, אין צווייטען, און — טשכי־טשכי־ באַלד האָבען מיר אַלע אַריינגערוקט די פינגער אין דער טאַבאַקערקע און דאַן איז אַוועק אַ „טשכיקעניש", אַז די ווענט האָבען אַזש געציטערט... דעם פעטער האָט דאָס הנאה געטאָן און ער האָט מיט אַ שמייכעל געקוקט אויף אונז איבער די ברילען, און די ניאַניאַ האָט באַהאַלטען די טאַבאַקערקע און האַלב בייז און האַלב צערטליך אונז געזאָגט מוסר, און דאַן פלעגט זיך דער פעטער געזעגענען מיט איהר און אַוועקגעהן.

א יאָהר נאָכדעם ווי איך האָב געענדיגט דעם אינסטיטוט איז מיין פאָטער געשטאָרבען און די מאמע האָט זיך איבערגע־צויגען אין דער גובערניע־שטאָדט, וואו זי האָט געקויפט א הויז. די אַלטע ניאַניא איז אויך מיטגעפאָהרען און איינמאָל אין יאָהר האָט זי געמוזט פאָהרען אין דאָרף אריין. דערנאָך, ווען איך בין מיט מיין שוועסטער אוועקגעפאָהרען קיין אויסלאַנד לערנען און די ברידער זיינען אריין אין אוניווערזיטעט, איז די מאמע צוזאמען מיט זיי ארויסגעפאָהרען קיין פעטערבורג. די ניאַניא האָט מען איבערגעלאָזען אין דאָרף מיט אַן אויסרייד, אז זי דאַרף דאָרט אכטונג געבען אויף אונזער בעל־הבית׳ישקייט, אָבער אין דער אמת׳ן איז דאָס געווען דערפאַר וואָס אין פעטערבורג האָט מען איהר שוין ניט געקענט פאַרשאפען די נויטיגע באקוועמ־ליכקייטען און חוץ דעם האָט מען זיך שוין גלאַט געקענט באגעהן אָהן איהר.

די ניאַניא איז געבליבען אין דאָרף און א שרעקליכע בייג־קעניש האָט גענומען נאָגען איהר הארץ. עס איז איהר געווען אומעטיג און דערצו נאָך א וועהטאָג און א פאַרדרוס: זי האָט דאָך אונז אַלע אזוי ליב געהאַט, זי איז דאָך אַלע איהרע יאָהרען געווען מיט אונז. און דאָ, אין מיטען דערינען — אזא עלענד, אזא אומעט... זי האָט דאָס ניט געקענט אריבערטראָגען.

אין דאָרף איז זי געבליבען ביי איהרען א קרוב אין הויז. דער קרוב איז געווען זעהר א גוטער מענש, זיין פרוי אויך, און זיי האָבען די ניאַניא זעהר גוט באהאנדעלט. דעם ערשטען ווינטער האָט זי זיך צוגעקיהלט און איז קראַנק געוואָרען. צי מען האָט זי קורירט, ווייס איך ניט. איך דענק, אז ניין. ווי האָט מען זי געקענט קורירען, אז ארום און ארום אויף א ווייטקייט פון צוואַנציג מייל האָט מען אפילו קיין פעלדשער ניט געקענט קריגען?

זי איז קראַנק געווארען, די ניאַניא, און איך בין זיכער, אז טאָג ווי נאַכט האָט זי געקלערט וועגען אונז. מען האָט מיר דערצעהלט, אז ווען זי האָט גערעדט פון היץ, איז זי אראָפּגע־שפּרונגען פונ׳ם בעט, גענומען מאַכען מיט די הענט און מיט פרייד אָנגעהויבען שרייען אויפ׳ן קול: „די פריצים פאָהרען!“ „די פריצים זיינען געקומען!“ אין איין העמד און מיט באָר־וועסע פיס איז זי צוגעלאָפען צו דער טיר באגעגענען די פריצים. מען האָט זי געכאפּט און אריינגעלעגט צוריק אין בעט, און זי

האָט אַלע געשריגען: „פאַר וואָס געהט איהר ניט די פּריצים אַנטקעגען? פאַרוואָס באַגעגענט איהר זיי ניט? הערט: עס קלינגט דאָך דאָס גלעקעל!... זיי פאָהרען, זיי קומען, זיי זיינען שוין דאָ!"... מיט אַלע כחות האָט זי זיך געריסען פון'ם בעט און ניט אויפגעהערט שרייען: „זיי זיינען דאָ צוריק די פּריצים! זיי זיינען געקומען!" און שרייענדיג אַזוי איז זי געשטאָרבען...

ווען איך בין געקומען פון אויסלאַנד צוריק קיין רוסלאַנד, בין איך צוגעפאָהרען אין דאָרף אָנקוקען אונזער אַמאָליגע אימעניע. דאָרטען איז אַלעס געווען אַזוי פּוסט, אַז עס האָט אַזש אַ ריס געטאָן ביים הארצען. פאַרטיפט אין געדאַנקען בין איך אַזוי געשטאַנען און באַטראַכט יעדען ווינקעלע. דערנאָך בין איך, צוזאַמען מיט מיין אָנקעלס פרוי, אַוועק אויפ'ן בית הקברות. דאָרטען האָב איך דאָס ערשטע דערזעהן דעם צלם וואָס איז געשטאַנען אויף מיין פאָטער'ס קבר. אין דער זעלבער רייהע זיינען געווען נאָך צוויי קברים — מיין טאַנטע'ס און דער ניאַניאַ'ס.

און פון אַלע דריי קברים איז דער ניאַניאַ'ס קבר מיר געווען טייערער...

מיין טרוים צו ווערען אַ קעניגין.

דער טאַטע פלעגט זאָגען, אַז איך בין זעהר אַ שעהן קינד. ער אַליין האָט זיך צו מיר באַצויגען ניט בעסער און ניט ערגער ווי צו די אַנדערע קינדער. דערפאַר אָבער פלעגען פרעמדע מענשען, די געסט וואָס פלעגען קומען צו אונז אין הויז, מיר שענקען אַ סך אויפמערקזאַמקייט; זיי האָבען מיך שטענדיג גע־צערטעלט, זיי האָבען מיר מתנות געבראַכט, און וואָס איך האָב געזאָגט איז געווען אַ חכמה. איבער דעם וואָס איך האָב זיך שטענדיג געדרעהט צווישען גרויסע, האָב איך זיך צו פריה אַנטוויקעלט, און מען האָט אויף מיר ניט געקענט זאָגען, אַז איך האָב קינדערשען שכל, כאָטש אין דער אמת'ן בין איך נאָך גאָר אַ קליינע מיידעלע געווען.

ווען מיר זיינען פון'ם „וואַלד" איינמאָל ארויסגעפאָהרען צו־גאַסט צו אונזערע אַ טאַנטע אין מאַמאַדיש, האָב איך זיך דאָרטען באַקאַנט מיט איינעם אַן אַנדרעי אַנדרעיעוויטש קאַטקאָוו, וועלכער פלעגט דאָרטען אָפּליגען גאַנצע טעג אין הויז. ער פלעגט זיך אָפּט שפּילען מיט מיר ווי מיט אַ קינד. אין אַ שפּאַס האָט

ער מיך גערופען „ווייבעלע מיינס“ און איך איהם — „מאנעלע מיינס“. אין א צייט ארום, ווען מיר האָבען זיך איבערגעצויגען אין טעטיושער אויעזד, איז פון איהם אָנגעקומען א בריף אז ער האָט חתונה געהאט.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך זיך געפיהלט שטארק באליידיגט. ווי האָט ער געוואגט חתונה צו האָבען, ווען ער האָט מיך גערופען „ווייבעלע מיינס“! דאָס איז דאָך פארראט!

דאָס הארץ האָט מיר וועה געטאָן. איך האָב געפיהלט ווי צו וויינען. דאָך האָב איך ניט געוויינט. עפּעס האָב איך זיך געשעמט. און פארוואָס מען דארף זיך דערמיט שעמען האָב איך אליין ניט געוואוסט.

און איינגאנצען בין איך דאמאָלט אלט געווען זיבען יאָהר.

אָן עהנליכע געשיכטע האָט זיך מיט מיר אויך געטראָפען שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען א מיידעלע פון ניין יאָהר. עס איז געווען אזוי:

צו אונז אין הויז איז געקומען א יונגע מיידעל, דער מאמע'ס א שוועסטער. יעליזאוועטא כריסטאָפאָראָווּנא האָט זי געהייסען. א שעהנע מיידעל, מיט א דיפּלאָם פון'ם קאזאנער אינסטיטוט. אזוי שנעל ווי זי האָט זיך געיאוועט, האָבען זיך ביי אונז אין הויז גענומען ווייזען נייע געסט — יונגע אָפיצירען. איינער פון זיי — יערגאָלסקי, גערענק איך, האָט ער געהייסען, — פלעגט זיך אָפּט שפּילען מיט מיר, און אויף דעם חשבון איז מיר שוין איינגעפאלען א געדאנק, אז איך האָב אויך עפּעס צו זאָגען איבער אידם.

עס האָט לאנג ניט געדויערט, און איך האָב איינגעזעהן, אז איז מיין יונגער טאנטע איז ער פאראינטערעסירט א סך מעהר ווי אין מיר. בין איך געוואָרען אייפערזיכטיג. און איינמאָל, ווען איך האָב איהם געפּאקט אויפ'ן גאניק, לעבען גארטען, בין איך ארוים מיט לשון און האב גענומען האָבען טענות צו איהם פארוואָס ער איז מיר ניט געטריי...

און דאָס אינטערעסאנטסטע דערביי איז געווען, וואָס ער האָט זיך צו דעם באצויגען גאנץ ערנסט. אָנשטאָט מאכען א שפּאס דערפון און מיר געבען צו פארשטעהן, אז איך בין נאָך א נאריש צינגלע, האָט ער געפּרואווט מיך בארוהיגען.

אין דער זעלבער צייט וואָס די גרויסע, און דער עיקר די יונגעלייט, האָבען מיט זייער אויפמערקזאמקייט ארויסגערופען

אין מיר די פרוי, האָבען אנדערע מענשען — אומיסטען אָדער ניט אומיסטען — מיך געטריבען אז איך זאָל זיך יאָגען נאָך ערפאָלג בכלל.

אין דער שעהנער אימעניע ליודאָגאָווקאַ, פינף וויאָרסט פון דער שטאָדט, האָבען געוואוינט צוויי אַלטע רייכע דאַמען, וועלכע האָבען אַלע יאָהרען פארבראַכט אין פעטערבורג. אין דער אימעניע האָבען זיי זיך באזעצט שוין אויף די עלטערע יאָהרען, און דער גרעסטער פארגעניגען זייערער איז געווען צו זיצען בייטאָג און ביינאַכט ביים גרינעם טישעל און שפּילען אין קאָרטען. די איינגערע פון די צוויי שוועסטער, נאַטאַליאַ גריגאָריעוונאַ צעלישערט, האָט געוואוסט אז מען וויל מיך אוועקגעבען לערנען אין סמאָלני אינסטיטוט (אַ שולע, וואו עס האָבען געלערענט בלויז רייכע פּריצישע טעכטער), און אַלע מאָל ווען זי האָט מיך דערזעהן, האָט זי ליב געהאַט מיך אוועקזעצען אויף אַ שטול לעבען זיך און אַלץ ריידען און ריידען וועגען דעם אינסטיטוט און וועגען מיין צוקונפט.

„זעה, זיי אַ וואוילע מיידעל און לערען זיך גוט, — פלעגט זי מיר זאָגען גאַנץ אָפט. — זעה אז דו זאָלסט זיין די ערשטע שילערין און קריגען אַ גאָלדענעם מעדאַל. ווארים אין אינ־סטיטוט, דארפסטו וויסען, קומען אָפט צו פאָהרען גרויסע מענ־שען — פירסטען און באַראָנען, און אַמאָל טאַקע דער קיסר אליין. אויב דו וועסט זיין די בעסטע שילערין און קריגען אַ מעדאַל, וועט מען דיך גלייך באַמערקען, און דאַן וועט מען דיך נעמען אין קייזערליכען הויף און דו וועסט ווערען אַ הויף־דאַמע. און דאָס איז ניט קיין קליינינקייט. דו וועסט שטענדיג וואוינען ביים צאַר אין הויף, און אויף אַלע פאַראַדנע בעלער וועסטו טאַנצען און פאַרברענגען".

אַליין בין איך דאָך געווען אַ מיידעל „פונ'ם וואַלד" און פון אַ דאָרף, האָב איך געשלונגען יעדען וואָרט וואָס די אַלטע רייכע דאַמע האָט מיר געזאָגט. איך האָב זיך צו דעם צוגעהערט, ווי אַ קינד הערט זיך צו צו די מעשה'לאך פון „טויזענט און איין נאַכט".

נאָך אַזעלכע רייד האָט שוין מיין פאַנטאַזיע ניט גערוהט.

אין יענער צייט פלעגט מיין מאַמע פאַר אונז, פון צייט צו צייט, פאַרלעזען מעשה'לאך, וואָס האָבען אין זיך געהאַט זו היסטאָרישען אינהאַלט. און איינמאָל, געדענק איך, האָט זי

פאר אונז איבערגעלייענט א מעשה׳לע פונ׳ם לעבען פון די רוסישע צארען אין מאסקווע (וועגען מיכאאיל פיאדאראוויטש אדער וועגען אלעקסעי מיכאילאוויטש — דאס געדענק איך שוין ניט). די מאמע האט געלייענט, אז ווען עס איז געקומען די צייט דער צאר זאל חתונה האבען, האט מען איבער׳ן גאנצען לאנד אויס־גערופען, אז די נאבעל־לייט זאלען ברענגען זייערע דערוואקסענע טעכטער קיין מאסקווע. דארטען, אין מאסקווע, האט מעןביים צאר׳ס פאלאץ אויסגעשטעלט אלע מיידלאך, און דער צאר האט זיך אויסגעקליבען פאר א ווייב די שעהנסטע. ווייטער האט די מאמע געלייענט וואס פאר א שפיצלאך מען טוט אפ דערביי איינע די אנדערע, וואס פאר אינטריגעס עס ווערען אנגעפיהרט; ווי מען האט אמאל גענומען די שעהנסטע מיידעל, וועלכע איז דוקא געפעלען געווארען דעם צאר, און מען האט איהר אזוי שטייף פארפלאכטען דעם צאפ, אז זי איז אזש געפאלען אין חלשות און דורך דעם פארלארען די מעגליכקייט צו ווערען א צאריצא.

ביי מיר זיינען דאן אלע צייטען געווען גלייך, קיין אונטער־שייד צווישען „אמאל“ און „היינט“. און דאריבער איז געווען רעכט, אז עס זאל מיר איינפאלען אזא געדאנק:

„ווען דער צאר וועט וועלען חתונה האבען, וועט מען דאך מיך זיכער אויך אוועקפיהרען קיין מאסקווע, און עס קען דאך זעהר זיין, אז איך זאל איהם געפעלען מעהר פון אלע מיידלאך און ער זאל מיך נעמען פאר א ווייב, און דאן וועל איך ווערען צאריצא!... דאס וועט זיין גוט!... די ניאניא וועל איך אנטאן אין גאלד און זילבער, און זיך אליין — אין דימענטען און בריליאנטען“.

איך וויים ניט וואס ס׳וואלט געווארען ווען מען וואלט מיך טאקע אוועקגעגעבען אין סמאלני אינסטיטוט, וואו עס האבען געלערענט די אריסטאקראטישע טעכטער; אבער עס האט זיך גראדע געמאכט אזוי, אז מען האט מיך אהין ניט אוועקגעגעבען, און אין דעם קאזאנער אינסטיטוט, וואו איך האב יא געלערענט, האט שטענדיג געהערשט אן אטמאספערע ווי אין א מאנאסטיר, און דארטען איז ווי א רויך פארשוואונדען מיין טרוים וועגען טראגען א קרוין אויפ׳ן קאפ אלס א צאריצא אין רוסלאנד.

און איבעריגענס קען איך זאגען, אז מיין קינדערשער טרוים איז יא פארווירקליכט געווארען אין לעבען — איך האב מיט

יאָהרען שפּעטער געקראָגען דעם טיטול „קעניגין“, כאָטש איך האָב קיין קעניגרייך ניט געהאַט.

דאָס איז געווען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, וואו איך און לודמילא וואָלקענשטיין זיינען געווען די איינציגע צוויי פרויען. די חברים, וועלכע זיינען צוזאַמען מיט אונז געווען פאַרשפּאַרט אין דער פעסטונג, האָבען געוואָלט מאַכען גרינגער די שווערע הערצער, האָבען זיי אונז געקרוינט מיט'ן טיטול „קעניגינס“. איך האָב אָבער ניט געטראָגען קיין דימענטען און בריליאַנטען, נאָר אַ גרויען מאַנטעל מיט אַ געל לאַטקעלע אויף די פּלייצעס.

בײ אונז אין דער היים.

אַליין בין איך געווען זעהר אַ לעבענסלוסטיגע און אַ פעהיגע מיידעלע, דערצו נאָך אַ פאַרשייטע, אַ ווילדע. באַלד עפּעס — האָב איך זיך געוואָרפען שלאָגען. מיינע שוועסטערלאַך און ברידערלאַך האָבען פון מיר געהאַט גענוג אויסצושטעהן. וואָרים ווען איך האָב זיך מיט אימיצען פון זיי פאַרטשעפּעט אין אַ געשלעג, איז געווען אוממעגליך מיך אָפּצורייסען. און ווען מען האָט מיך שוין יאָ אָפּגעריסען און גענומען שרייען: „שלאָג זיך ניט!“ האָב איך געמאַכט קולות און געוואַלדען, זיך געוואָרפען אויף דער ערד און ניט אויפגעהערט שרייען: „וויל איך זיך דוקא יאָ שלאָגען!“ „נו, וויל איך זיך דוקא יאָ שלאָגען!“...

עס פאַרשטעהט זיך, אַז אַזעלכע קאַפּריזען האָב איך געקענט אַרויסווייזען בלויז דאַן ווען דער טאַטע זעהט ניט, ביי דער ניאַניא אין צימער.

מיט קוקלעס האָב איך זיך ניט אינטערעסירט, און לעזען און שרייבען האָב איך זיך אויסגעלערענט שפּילענדיג. קיינער האָט ניט באַמערקט ווען איך האָב זיך דאָס אויסגעלערענט. איך אַליין אויך ניט.

מיין מאַמען האָב איך טאַקע אַ סך צו פאַרדאַנקען פאַר מיין גייסטיגער אנטוויקלונג. דאָך מוז איך זאָגען, אַז ביז מיין אריינטרעטען אין אינסטיטוט, האָט זי מיר, פּונקט ווי די אַנדערע קינדער, װעניג צייט אָװעקגעגעבען. איך דענק, אַז דאָס איז געווען דערפאַר וואָס זי איז אַלע מאָל געווען פאַרנומען מיט שוואַנגערען, ליגען אין קינפּעט און זויגען אַ קינד. נו, ווירקליך, אַז ווען איך בין אַלט געווען צעהן יאָהר, איז געבאָרען געוואָרען מיין אינגערע שוועסטער אָלגאַ, און אין פאַרלויף פון די צעהן

יאָהר איז מיין מאַמע געלעגען אין קינפּעט זעקס מאָל, איז עפּעס א וואונדער וואָס חוץ דער שטרענגער דיסציפּלין, אין וועלכער דער טאַטע האָט אונז געהאַלטען, האָבען מיר גאָר ניט געוואוסט; אָבער דאָך האָט זיך אונז אויסגעוויזען, אז די דאָזיגע דיסציפּלין איז ניט מעהר ווי די אויסערליכע זייט פון׳ם לעבען. מיר האָבען זי געפיהלט בלויז דאַן ווען מען האָט זיך געמוזט טרעפען מיט׳ן טאַטען — אין דער פריה, ביים אויפשטעהן, ביים עסען און פאר׳ן שלאָפען. די איבעריגע צייט איז געווען אונזערע און מיר האָבען זיך גענומען דאָס רעכט צו קאָמאַנדעווען און איבערקערען א וועלט.

פון אונזער פאַרשייטקייט האָבען מעהר פון אַלע געליטען דער לעהרער און די אויפּפּאַסערין. מיר האָבען געהאַט איינעם וואָס האָט אונז געלערענט שרייבען, האָט ער זיך פארגונען צו הייסען אויטאָנאָם יאַקאָוולעוויטש, און ווייל ער האָט געהייסען אויטאָנאָם, האָט איהם מיין ברודער ניקאָלאַי דוקא גערופען אויטאָמאַט — אויטאָמאַט יאַקאָוולעוויטש, און איז איהם געלעגען אין די ביינער, נאָכקרימענדיג ווי ער ערגערט זיך און מאַכט אַלע מאָל: „טפוי, גאַט מיינער!״

די עקאָנאָמקע האָט פון אונז אויך קיין נחת ניט געהאַט. מיר האָבען איהר געגעבען די יאָהרען אין די הענט אריין און האָבען זי געהערט ווי דעם פאַר־א־יאָהריגען שניי. אז געהייסען האָט זי סווינינאַ און די יאַסלעס זיינען ביי איהר שטענדיג געווען געשוואָלען.

דאָס לעבען ביי אונז אין דער היים האָט זיך איינגעאָרדענט אזוי, אז די עלטערען זיינען געבליבען ווייט פון אונז. זיי האָבען גאָר קיינמאָל ניט געזוכט צו ווערען נאָהענט מיט אונז. אין די באַציהונגען איז ניט געווען די וואַרימקייט, וואָס גיט צו די קינדער־יאָהרען אזוי פיל שעהנקייט. די איינציגע, וואָס האָט יא א ביסעל געגאָסען פון דעם, איז געווען מיין אינגערע שוועס־טער אָלגאַ. זי איז אַלט געווען אכט יאָהר ווען דער טאַטע איז געשטאָרבען...

פונדעסטוועגען האָבען מיר זעהר ליב געהאַט די מאַמע. איך און מיין שוועסטער האָבען זיך געהאַלטען אין איין ארומ־רייסען איבער אַן אָרט לעבען איהר. און ווען דער טאַטע פלעגט צוליב געשעפט אוועקפאָהרען פון דער היים, האָבען מיר זעהר

ליב געהאט צו שלאפען מיט דער מאמען אין דעם גרויסען הילצערנעם בעט וואס איז געבליבען א ירושה פונ'ם זיידען.

ווי אנגענעהם דאס פלעגט זיין! לעגסט זיך אוועק אונטער דער ווארימער קאלדרע, פארקוקסט זיך אויף דער בערענער פעל וואס ליגט לעבען בעט און עס איז דיר אזוי ווארים און היימליך. אין א ווינקעל, אויף א הילצערנעם פעדעסטאל, זיינען אויסגע־שטעלט די הייליגע בילדער. דארטען זעהט מען יעזוס כריסטוס, סערגעי דעם בעל מופת, די הייליגע מאריא און אנדערע איקאנעס, אין זילבערנע און אויף אפגעגילדטע רעמלאך. פון דער סטעליע שימערט ארונטער א קליין לעמפעלע און ווארפט אויף אלעם אזא ווייכע, טונקעלע שיין, אז מען פיהלט זיך געצערטעלט און רוהיג. ליגט מען אזוי און מען קוקט ווי די מאמע שטעהט אויף די קני און שעפטשעט שטיל א תפילה, אזוי הארציג אזוי פרום.

וואס האט די מאמע דאן געקענט בעטען ביי גאט? איהר לעבען איז דאך געגאנגען אזוי שטיל, רוהיג און די גאנצע צייט אין איין ליניע, אהן גרויס פרייד און אהן באזונדערע צרות. אינ'ם שטילען דערפעלע האט זי קיין באגעגענישען מיט קיינעם ניט געהאט און קיין שום נסיונות ניט געדארפט ביישטעהן; וועגען אזא זאך ווי ווערען באגייסטערט פאר אימיצען, אדער פאר עפעס האט קיין רעדע ניט געקענט זיין. דאס לעבען פון א רוסישער פרוי אין א קליין שטעדטעל, אדער אין א דערפעל, האט זיך שטענדיג געדרעהט אין די גרענעצען פון קליינע, ניט וויכטיגע אינטערעסען און עס האט זיך געדוכט, אז קיין אנדער אויסגאנג איז גאר נישטא. און חוץ דעם איז דעם מענשענס נשמה אין יענער צייט ניט געווען אזא פארפלאנטערטע, אזא טיף פיהלענדע און ווייט־שטרעבענדע ווי ביי די היינטיגע מענשען.

וואס־זשע האט די מאמע דאן געקענט בעטען ביי גאט?

קוקט מען אזוי אויף דער טייערער מאמע און מען זעהט ווי איהרע ליפען באוועגען זיך קוים שעפטשענדיג א תפילה, מען ווערט אנטשלאפען און פאר די אויגען שוועבט אלץ דאס גע־שטאלט פון א מאמע וואס שטעהט אויף די קני לאנג־לאנג און בעט גאט, אזוי הארציג, אזוי פרום.

### די אוראקען.

קיין צו לאנגע געשפרעכען האט די מאמע מיט אונז קיינמאל ניט פארפיהרט, נאר איינמאל, געדענק איך, ווי זי האט אונז

אלעמען צונויפגערופען אין איין צימער און מיט א טיף ריהרענ־דער שטימע האט זי אונז געזאגט אזוי:

„הערט זיך איין, קינדער! היינט וועט מען צו אונז ברענגען א קליינע מיידעלע. זי וועט פארבלייבען ביי אונז אין הויז אויף שטענדיג. די מיידעלע איז זעהר אן אומגליקליכע; איהר קענט לויפען און שפרינגען און זי ניט; איהר קענט געהן וואוהין איהר ווילט און וואוהין מען שיקט אייך, און זי ניט, ווייל זי איז א קאליקע. נאך אן ערנסטער קרנקהייט זיינען ביי איהר די פיסלאך געוואָרען געליימט און זי קען ניט געהן. זי קריכט אויף דער ערד. בעט איך אייך, קינדער, אז איהר זאָלט פון איהר ניט לאכען, איהר זאָלט צו איהר זיין גוט; איהר וועט זעהן וואָס פאר א גוטע און קלוגע מיידעלע זי איז“.

דאָס מיידעלע איז געווען אונזערע א פלימעניצע, וועלכע איז איבער א קראנקהייט געבליבען א קאליקע אויפ׳ן גאנצען לעבען.

מיט א קורצער צייט פריהער האָט זיך געטראָפען א גע־שיכטע וואָס האָט זיך שטארק אָפגעשטעמפעלט אין מיין זכרון. איך וועל דאָס אָנרופען „א געשיכטע מיט א צובראָכענעם שלע־סעל“. עס איז געווען אזוי:

מיין מאַמע האָט איינמאָל געעפענט דעם גרויסען אייזערנעם קאסטען, וואו עס זיינען געלעגען אָהן א שיעור זאכען וואָס מען האָט זעלטען אויסגעלופטערט. ביי אונז קינדער איז דאָס געווען א גאנצע שמחה. מיר האָבען געוואָלט אָנקוקען די פארשיידענע געשטריקטע זיידענע און וואָלענע זאכען וואָס זיינען אין דעם אייזערנעם קאסטען געלעגען; יעדער קלייניגקייט האָט אונז שטאַרק אינטערעסירט. נאָר מעהר פון אַלץ האָט אונז אינטע־רעסירט דאָס אַמעריקאַנער שלעסעל וואָס איז שטענדיג געהאַנגען אויפ׳ן קאסטען. א מערקווירדיג שלעסעל איז דאָס געווען, מיט א פנים פון א לייב אויסגעקריצט אויף שטאָל.

דאָס שלעסעל איז ביי אונז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט; יעדער קינד האָט געוואָלט גוט באטראַכטען דעם לייב און טאַקע זעהן וואָס ס׳טוט זיך אינווייניג, אין שלעסעל.

דער סוף איז געווען, אז ווען די מאַמע האָט געדאַרפט פאַר־שליסען דעם קאסטען, האָט שוין דאָס שלעסעל ניט געטויגט. עס איז שוין געווען קאַליע.

„ווער האָט קאַליע געמאַכט דאָס שלעסעל?" — האָט די מאַמע געפרעגט.

„איך ניט!" — האָט געשריגען איינע.

„איך אויך ניט!" — האָט געשריגען אַ צווייטע.

„אָבער אימיצער פון אייך האָט עס דאָך קאַליע געמאַכט!" — האָט די מאַמע געהאַט טענות.

„דאָס האָט עס לידאָטשקאַ קאַליע געמאַכט", — האָב איך זיך אָנגערופען, — „זי האָט עס די לעצטע אין די הענט גע־האַלטען".

האָט די מאַמע קיין סך טענות ניט געמאַכט, געכאַפּט לידאָטשקאַ'ן און זי אָנגעפּאַטשט. לידאָטשקאַ האָט זיך שטאַרק צואווײנט, און איך האָב זיך פאַרשעמט. עס האָט מיר ניט באַנג געטאָן, עס איז מיר בלויז געווען אַ בזיון, אַ שאַנדע. פאַר וואָס האָב איך אַרויפגעוואָרפען די שולד אויף איהר? עס קען דאָך זיין, אַז איך האָב גאָר קאַליע געמאַכט דאָס שלעסעל...

מיין שוועסטער האָט געווים פאַרגעסען די גאַנצע געשיכטע, אָבער איך האָב דאָס ניט געקענט פאַרגעסען. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען וואָס איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. און פון דאַמאָלסט אָן האָב איך זיך אויסגעלערענט צו נעמען די שולד אויף זיך.

„די פּאַנשטשיזנאַ".

אין מיינע קינדער־יאָהרען איז מיר כמעט ניט אויסגעקומען צו זעהן די צרות וואָס די פּויערים האָבען געהאַט אין דער צייט פון דער „פּאַנשטשינאַ. עס איז מיר אויך ניט אויסגעקומען צו באַמערקען זייער פרייד ווען מען האָט די „פּאַנשטשינאַ" אָפּ־געשאַפט. איך האָב אָבער ביידע צייטען געפיהלט אין דעם אופן ווי מיין פאָטער האָט זיך געהאַלטען אין הויז און ווי ער האָט זיך באַצויגען צו די קינדער. אין דער צייט ווען די פּויערים זיינען געווען פאַרשקלאַפט איז מיין פאָטער געווען אַ שטרענגער פריץ אפילו אין דער היים, און אַזוי שנעל ווי די פּויערים זיינען באַפרייט געוואָרען איז ער געוואָרען מילדער און ווייכער. ער האָט אויפגעהערט הערשעווען אין הויז מיט אַן אייזערנער האַנט.

די איינציגע „פּאַנשטשעניקעס" וואָס איך האָב געקענט, זיינען געווען אונזערע דינסטען, און צו זיי האָט זיך די מאַמע באַצויגען

זעהר גוט און מענשליך און זיי האָבען זי דערפאַר זעהר ליב געהאַט. דער טאַטע ווידער — ווי איך האָב שוין פריהער דער־צעהלט — איז געווען אַ שטרענגער מענש און אַ בייזער; ער איז געווען שטרענג ניט נאָר צו די דינער און דינסטען, נאָר אויך צו די קינדער. ער האָט זיך געקענט בייזערען אויף דער קעכין דערפאַר וואָס די זופּ איז געווען צוגעברענט, אָדער דערפאַר וואָס די ווייסע בולקעס זיינען געווען ניט דערבאַקען. אָבער מיט דער „פאַנשטשינע" האָט דאָס ניט געהאַט צו טאָן.

און אַלע מאָל, ווען דער טאַטע האָט זיך איבער אַ קלייניג־קייט געבייזערט אויף אַ דינסט און זיך שטאַרק געקאָכט דערביי, האָט די מאַמע קיין וואָרט ניט געזאָגט; אַ שטילע, אַ פאַר־טראַכטע, איז זי געזעסען און געשוויגען... פאַר אונז אין די אויגען האָט זי איהם קיינמאָל ניט געמאַכט קיין באַמערקונגען, איהם קיינמאָל ניט איינגעשטילט, ניט גע'מוסר'ט. אין אַלגעמיין האָבען זיי זיך פאַר אונז אין די אויגען קיינמאָל ניט געקריגט, קיינמאָל ניט געשפּאַרט. אָבער אַלע מאָל, ווען דער טאַטע האָט געשריגען און די מאַמע האָט געשוויגען, האָבען מיר אין דעם געזעהן דעם בעסטען באַוויז, אַז די מאַמע איז גערעכט און מיר האָבען געהאַלטען מיט איהר.

איין ערנסטען פאַל געדענק איך יאָ וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דער „פאַנשטשינע". דאָס איז נאָך געווען דאַן ווען מיר האָבען געוואוינט אין וואַלד. אַלע אין הויז זיינען אַרומגע־גאַנגען אומרוהיג און צוטראָגען. דער טאַטע איז אין דער היים ניט געווען און אַלע האָבען מיט מורא געוואַרט אויף זיין צוריק־קומען. מען האָט זיך געשושקעט, גערעדט שטילערהייד, כדי די קינדער זאָלען ניט דערהערען. אָבער איך האָב דאָך דערהערט אַ פּאָר ווערטער: „פּראָקאָפּ'ן, דעם דינער, וועט מען געבען שמיץ".

פאַר וואָס מען האָט דאַן דאָן גערעדט, אַז מען וועט איהם געבען שמיץ, געדענק איך ניט. עס קען זיין, אַז דאָס איז געווען דאַן ווען ער איז פאַרפאַלען געוואָרען אויף גאַנצע דריי טעג און מען האָט ניט געוואוסט וואו ער איז אהינגעקומען. דער גלאָק האָט דאַמאָלסט אַזוי טרויעריג לאַנג געקלונגען. מען האָט געזאָגט, אַז פּראָקאָפּ איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרען אין דער טיפעניש פונ'ם וואַלד און אַז אַ פאַרבלאָנדזשעטע בהמה האָט איהם גע־בראַכט צוריק אהיים. עס קען אויך זיין, אַז ער האָט גלאַט געוואָלט אַנטלויפען פונ'ם פּריץ און ווערען אַ פרייער מענש.

אזוי אָדער אזוי — קיין שמיץ האָט מען איהם ניט געגעבען. איך געדענק דאָס ניט. און עס איז דאָך אוממעגליך, אז איך זאָל פארפעהלען אזא זאַך אין דער צייט ווען איך האָב זיך אזוי שטארק אינטערעסירט מיט דעם, דאַן ווען מען האָט וועגען דעם גערעדט שטילערהייט. איך דענק, אז די מאַמע האָט מיט גוטע רייד איינגענומען דעם טאַטען און געזעהן, אז ער זאָל פּראָקאָפּ׳ן קיין שמיץ ניט געבען.

ווען מען האָט די פויערים באפרייט פון דער „פּאַנשטשינע", דעם 19טען פעברואַר, אין יאָהר 1861, בין איך נאָך געווען א קליין קינד און האָב נאָך ניט געקענט באגרייפען די וויכטיגקייט פון אזא ענדערונג אין דעם לעבען פונ׳ם רוסישען פאָלק. און שפּעטער, ווען איך האָב געלערענט אין אינסטיטוט, האָב איך דאָרטען קיינמאָל א וואָרט ניט געהערט וועגען דעם.

ביי אונז אין דער היים האָט מען אויך קיינמאָל וועגען דעם ניט גערעדט. כאָטש מיין טאַטע איז געווען א „מיראָוואָי פּאָס־רעדניק" און זיין אויפגאַבע איז געווען אויסצוגלייכען די סכסוכים צווישען די פויערים און די פּריצים, האָט ער ניט ליב געהאַט צו ריידען וועגען דעם. בלויז איין מאָל, ווען איך בין שוין געווען א דערוואַקסענע מיידעל, האָט דער טאַטע מיט מיר פארפיהרט א געשפּרעך וועגען דער „פּאַנשטשינע" און דערביי האָט ער א זאַג געטאָן אזא וואָרט וואָס איך קען נאָך עד היום ניט פארגעסען.

„ווען מען וואָלט די פויערים ניט באפרייט און זיי וואָלטען אליין געמאַכט א בונט זיך צו באפרייען פון דער „פּאַנשטשינע", — האָט מיר דער טאַטע דאַן געזאָגט, — וואָלט איך זיך גע־שטעלט אין דער פאָדערשטער רייהע פון אזא בונט".

מענשען האָבען מיר דערנאָך דערצעהלט, אז אַלס „מיראָוואָי פּאָסרעדניק" האָט זיך מיין פאָטער געוויסענהאַפט באצויגען צו די אינטערעסען פון די פויערים. זיין מיינונג איז געווען, אז מען טאָר ניט אריבערכאַפּען די מאָס מיט אמאָל און ער איז דאריבער געווען שטארק ברוגז אויף די מענשען, וואָס האָבען גע׳טענה׳ט, אז די פרייהייט איז קיין פרייהייט ניט און אז סוף כל סוף וועט מען די גאַנצע ערד צונעמען ביי די פּריצים און זי אומזיסט אוועקגעבען צו די פויערים.

אונזער קרובה עליזאוועטא.

רעדענדיג וועגען מיינע קינדער־יאָהרען, מוז איך דערצעהלען א פּאָר כאראקטער־שטריכען וועגען מיינער א ווייטער קרובה,

יעליזאַוועטאַ באַזשאַנאָווא, ווייל צוקוקענדיג זיך צו איהר לעבען און שטודירענדיג איהר כאַראַקטער, בין איך געקומען צום שלום, אַז עס איז ניט זעהר שעהן ווען אַ מענש האָט אַזוי פיל הסרונות וויפיל זי.

דאָס איז געווען אַן עגאָאיסטקע, וואָס די וועלט האָט עס ניט. געוואוינט האָט זי אין קאַזאַן, צוזאַמען מיט איהר אַלטער מוטער, וועלכע האָט געקראָגען אַ פּענסיע אַלס די אַלמנה פון אַ פּראָפעסאָר. די פּענסיע אַליין האָט ניט געקלעקט צום לעבען און די אַלטע פרוי האָט געמוזט ווערען אַ מוזיק־לעהרערין, און אַזוי ווי פון דער דאָזיגער פּרנסה האָט מען אויך געקענט האָבען וואַכער אויף קאַשע, האָט זי, דעם פּראָפעסאָר'ס ווייב, נאָך געמוזט שטריקען זאָקען און קרוזשעווקעס צו פאַרקויפען.

די טאָכטער, ווידער, האָט שטענדיג געלעזען ראָמאַנען און געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ; און וויפיל מען האָט מיט איהר ניט גע'טענה'ט, אַז זי זאָל העלפען דער מאַמען און אויך ווערען אַ לעהרערין פון מוזיק, האָט עס געהאָלפען ווי אַ טויטען באַנקעס; די אַלע טענות האָבען זיך צו איהר געקלעפּט פּונקט ווי אַן ארבעס צו דער וואַנט. זי האָט געהאַט איין תירוץ: „אַן אמת'ע קינסט־לערין טאָר ניט ווערען קיין לעהרערין פון מוזיק. דאָס איז אַ באַליידיגונג פאַר דער קונסט".

די מאַמע מיט דער טאָכטער האָבען געוואוינט אין צוויי צימערען, אָבער די באַלעבאָסטע איז געווען די טאָכטער, און ניט די מאַמע. דאָס גאַנצע געלט, וואָס די אַלטע האָט פאַרדינט, האָט די טאָכטער צוגענומען פאַר זיך און געטאָן דערמיט, וואָס זי האָט געוואָלט. און ווען מען האָט עפּעס געקאָכט, האָט זי דאָס בעסטע אָראָפּגענומען פאַר זיך און דאָס איבעריגע אַוועקגעגעבען איהר מאַמען. און איך געדענק נאָך, ווי איבערראַשט איך בין געוואָרען, ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערזעהן ווי יעליזאַוועטאַ טרינקט טיי מיט איינגעמאַכטס און דער מאַמען גיט זי ניט.

ווען עס האָט אין קאַזאַן אויסגעבראָכען די כאָלערע און די אַלטע דינסט, וואָס האָט געאַרבייט ביי די באַזשאַנאָווס אין הויז, איז קראַנק געוואָרען, האָט עס יעליזאַוועטאַן געאַרט ווי דער פאַר־איאָהריגער שניי. זי פלעגט איבערלאָזען אַליין אין הויז די אַלטע קראַנקע דינסט און אַוועקגעהן. און איינמאָל, ווען יענע האָט שוין גע'גוסס'ט, האָט זי איהר געטאָן אַ טובה און זי אַוועקגעפיהרט אין שפּיטאָל, וואו זי איז באַלד געשטאָרבען. און אפילו דאַן, ווען

זי האָט די קראַנקע אין שפּיטאָל געפיהרט, האָט זי ניט פאַרגעסען, אַז זי איז אַ „באַרינ׳א״ (פּריצ׳טע) און יענע איז אַ דינסט, און האָט איהר דעם אויבענאָן אין דער „בריטשקע״ ניט געוואָלט אָפּ־טרעטען.

און אָט די שרעקליכע פרוי האָט מיין מאַמע איינמאָל איינ־געלאַדען צו קומען צו אונז צו גאַסט אויפ׳ן זומער. ערשט דאַן האָבען מיר דערזעהן וואָס פאַר אַ מיאוס׳ע עגאָאיסטקע זי איז, וואָס פאַר שרעקליכע חסרונות זי האָט, און מיר האָבען זי דאַריבער פיינט געהאַט בתכלית השנאה.

אַליין איז זי דוקא געווען ניט קיין מיאוס׳ע, אָבער דערפאַר איז זי געווען אַזוי גרויס, אַז עס איז געווען אַ שרעק. ממש אַ ריעז — אַ הויכע, אַ פעטע, אַ גראָבע. אַכט פוד האָט זי געוואויגען. די שמאַלציגקייט פון איהר ריזיגען קערפּער האָט אונז געעקעלט. דערצו האָט זי נאָך געהאַט אַ טבע צו רעדען הויך, אויפ׳ן קול. יענעמ׳ס אויערען האָט זי קיינמאָל ניט געזשאַלעוועט; זי האָט זיך אויך קיינמאָל ניט גערעכענט דערמיט, צי מען שלאָפט, צי ניט — זי האָט געשריגען אויפ׳ן קול, גלייך קיינער, אויסער איהר, וואָלט גאָר אין שטוב ניט געווען.

אין זאַל האָט זי פאַר זיך פאַרכאַפּט די ווייכסטע שטול און דאָס בעסטע און קיהלסטע ווינקעלע לעבען פענסטער. ביים עסען האָט זי, ווי אַ רויב־פויגעל, אַריינגעשטעקט דאָס גאָפּעל אין דעם גרעסטען און בעסטען שטיקעל פלייש, און ווען מען איז ערגעץ געפאָהרען, האָט זי אויף דער בריטשקע פאַרכאַפּט דאָס בעסטע אָרט און זיך צוזעצט מיט אַזאַ ברייטקייט, אַז עס איז שוין פאַר קיינעם קיין אָרט ניט געבליבען.

מיינע ברידערלאַך זיינען געווען פאַרשייטע אינגלאַך, זיינען זיי איהר געלעגען אין די ביינער. דער גרעסטער פאַרגעניגען זייערער איז געווען אָפּצוטאָן איהר אַ שפּיצעל, אַז זי זאָל זיך דאַרפען ערגערען. אָבער זי האָט זיך ניט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע. באַלד עפּעס, האָט זי גערופען די מאַמע צו הילף און יענע האָט געהאַט אַן ארבייט צו פאַרטרייבען די פאַרשייטע אינגלאַך.

ביים עסען פלעגט דער טאַטע ליב האָבען צו זאָגען ווערטלאַך אויף יעליזאַוועטאַ׳ס חשבון. ער פלעגט זי זעהר קונציג „אָנ־ציהען״, אַרויספיהרען אויף אַ געשפּרעך וועגען איהרע באַציהונגען צו מענשען און וועגען איהר בליק אויפ׳ן לעבען. יענע פלעגט ווערען בייז און ענטפערען עפּעס אַזוי קידער־ווידערדיג, אַז אַלע

האָבען געמוזט לאַכען. ניט געלאַכט האָט בלויז די מאַמע; אָנ־שטאָט לאַכען, האָט זי געשמייכעלט; און אָט אין דעם שמייכעל איהרען האָבען מיר געזעהן איהר באַציהונג צו יעליזאַוועטאַ׳ן און אונז האָט זיך גערוכט, ווי זי זאָגט אונז אָהן ווערטער: „איהר זעהט, קינדער, פון איהר דאַרף מען זיך לערנען, וואָס אַ מענש דאַרף נ י ט זיין״...

כאָטש מיר האָבען זי ניט ליב געהאַט, האָבען מיר דאָך גע־וואָלט, אַז זי זאָל אָפט קומען צו אונז אין דאָרף אריין צו גאַסט, ווייל ווען זי איז געווען, האָבען מיר געהאַט פון וועמען חוזק צו מאַכען און עס איז געווען פרעהלאַך.

מיר האָבען געהאַט פון וואָס צו לאַכען און מיר האָבען אויך שפּעטער געהאַט פון וועמען צו דערצעהלען אַנעקדאָטען און וויצען. אַזוי האָבען מיר אַ לאַנגע צייט ניט געקאָנט דערצעהלען אָהן געלעכטער, ווי יעליזאַוועטאַ האָט זיך איין מאָל אין איהר לעבען פאַרגונען ארויסצוזאַווייזען איהר „גוטסקייט״. עס איז געווען אַזוי:

אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען איז זי ברייטלאַך, ווי איהר שטייגער איז געווען, געזעסען ביים טיש און געטרונקען טיי מיט פלעצעלאַך. איך וויים ניט, וואָס מיט איהר איז דאַן געווען — מיט אַמאָל איז זי געוואָרען „ברייטהאַרציג״ און האָט אונז געגעבען יעדען קינד אַ פלעצעלע. מיין ברודערעל, פּעטיאַ, האָט זיך מיט גרוים חשק צוגעכאַפּט צום פלעצעל און האָט עס שנעל אויפגעגעסען און דערנאָך האָט ער געבעטען נאָך איינס.

„זעה נאָר, זעה נאָר, ווי ער האָט זיך עס צופלעצעלט! — איז אונזער קרובה געוואָרען בייז און האָט זיך צושריען אויף אַ קול. — נו, און שוואַרצע ברויט קאָנסטו ניט עסען!״...

און מיט אַ סך יאָהרען שפּעטער, ווען מיינע ברידער זיינען שוין אַריבער אויף אייגענע קעסט און האָבען זיך געקאָנט פאַר־גינען צו עסען פלעצלאַך וויפיל דאָס האַרץ האָט געגלוסט, פלעגט מען, זיצענדיג ביים געדעקטען טיש מיט אַל־דאָס־גוטס, אין מיטען דערינען אַ זאָג טאָן:

„זעה נאָר, זעה נאָר, ווי מען האָט זיך דאָס צופלעצעלט! נו, און שוואַרצע ברויט קאָן מען ניט עסען!״...

## צווייטער קאַפּיטעל

### גאָווערנאַנטקעס.



ינ'ם יאָהר 1860, ווען איך בין אַלט געוואָרען אַכט יאָהר, האָט מען פאַר אונז, פאַר די עלטערע דריי קינדער, צוגענומען אַ גאָווערנאַנטקע.

די מאַמע איז דאַן אַוועקגעפאָהרען מיט מיר אין סוויאַזשעסק בעטען גאָט, און דאָרטען האָט זי ביי אונזערע קרובים אין הויז געזעהן די וואונדער וואָס די גאָווערנאַנטקע נאַדיעזשדאַ דמיטריעווגאַ רוסקאַיאַ האָט אויפגעטאָן, ערציהענדיג די קינדער; יולענקאַ, אונזער קרובה'ס אַ מיידעלע, וועלכע איז אינגאַנצען געווען מיט איין יאָהר עלטער פון מיר, האָט געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ, גערעדט פראַנצויזיש און זעהר שעהן געטאַנצט. נו, וואָס זשע נאָך דאַרף מען? און ווען מיין מאַמע האָט דאָס דערזעהן, האָט זי איינגערעדט דער גראַטענער גאָווערנאַנטקע זי זאָל פאָהרען צו אונז קיין כריסטאָפאָראָווקאַ און זי איז געפאָהרען, כאָטש די קרובים אונזערע האָבען זי ניט געוואָלט אַוועקלאָזען.

אַלט געווען איז זי אַ יאָהר 26, און אפשר מעהר. אַ בלאָנדע, אַ דיקליכע, מיט רויטע באַקען און אָנגעטאָן האָט זי זיך שטענדיג זעהר אָפּגעלאָזען. די האָר זיינען ביי איהר געווען אונטערגעשאָרענע, געקרויזטע, אויף איין פּוס האָט זי אַביסעל אונטערגעהונקען און אַלע מאָל איז זי געווען פאַרנומען מיט דעם שוואַרצען הינטעלע, וואָס זי האָט אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ; זי האָט דאָס הינטעלע געשאָרען, געבאָדען און געוואַשען, און דאָס האָט אונזער אַלטער ניאַניאַ זעהר ניט געשמעקט און זי האָט זי דערפאַר ניט ליב געהאַט.

אַזוי שנעל ווי זי איז אָנגעקומען, האָט זי זיך גלייך גענומען אונז אַרויפפיהרען אויף אַ וועג; זי האָט אונז אָנגעהויבען לערנען ריידען פראַנצויזיש און טאַנצען. מיך האָט זי געלערענט שפּילען אויף דער פּיאַנאָ אויך.

פאַר מיר און פאַר מיין שוועסטער לידאָטשקאַ איז דאָס טאַנ־

צען געוועזן אַן אַפּקומעניש; עס איז אונז אָנגעקומען זעהר שווער זיך אויסצולערנען די „פּאָזיציעס", און איבער דעם האָט די גאָ־וועדנאַנטקע באַשטעלט פאַר אונז ספּעציעלע שטעקענס אַזעלכע, אַז מיר זאָלען זיך אָנהאַלטען און ניט פאַלען.

פונדעסטוועגען האָבען מיר זיך אין אַ קורצער צייט אויס־געלערענט טאַנצען גאָר נישט'קשה'דיג, און ווען מיר זיינען געקומען אין טעטיושי צום זיידען צו גאַסט, האָט מען מיך אָנגעטאָן אין אַ זיידען קליידעלע און מיין שוועסטער לידאָטשקא אין זיידענע הויזעלאַך און מיר האָבען ביידע געטאַנצט אַ רוסישען „קאַזאַ־טשאָק".

מוזיק האָב איך געלערענט זעהן גערן. אין אַלגעמיין בין איך געוועזן אַ פלייסיגע און עס איז מיר ניט געווען שווער אָפּצוזיצען ביי דער פיאַנאָ צוויי שטונדען כסדר און שפּילען „גאַמעס". אָבער די קליינע הענטעלאַך מיינע האָבען ניט געקענט נעמען קיין „אָקטאַווע", און כדי די הענט זאָלען ביי מיר ווערען גרעסער, איז די גאָווערנאַנטקע יעדע נאַכט צוגעקומען צו מיין בעטעלע מיט אַ ליכט און מיר געצויגען די פינגער.

שטאַרק צופרידען דערפון בין איך דוקא ניט געווען. אבער איך האָב געשוויגען און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך הער גאַר ניט און פיהל גאָר ניט.

אַ סך ערגער איז געווען מיט דעם פראַנצויזיש. אַזוי שנעל ווי מיר האָבען איינגע'חזר'ט אַ צעהן פראַנצויזישע ווערטער, האָט נאַדיעזשדאַ דמיטרעוונאַ, די גאָווערנאַנטין אונזערע, שוין געפאַ־דערט, אַז מיר זאָלען צווישען זיך ריידען נאָר פראַנצויזיש, און ווי זי האָט נאָר דערהערט, אַז מיר ריידען צווישען זיך רוסיש, האָט זי אונז זעהר שטרענג באַשטראָפט. די שטראָף איז באַשטאַנען אין דעם וואָס זי האָט אונז אָנגעהאַנגען אויפ'ן האַלז אַ רויטע צונג, אויסגעשניטען פון דיקע פאַפּיר; און אַזוי ווי מיר האָבען די רויטע צונג ניט געוואָלט טראָגען און קיין פראַנצויזיש האָבען מיר ניט געקענט ריידען, האָבען מיר שוין בעסער אינגאַנצען געשוויגען.

בכלל איז נאַדעזשדאַ דמיטרעוונאַ געווען אַ מייסטערין אויס־צוטראַכטען פאַרשיעדענערליי מיטלען צו באַשטראָפען קינדער, וואָס שטעהען אונטער איהר אויפזיכט. פאַר צוטראָגענקייט, פאַר ניט קענען דעם „אוראָק", אָדער דערפאַר וואָס מען האָט זיך אַמאָל ערלויבט אַ שטיף צו טאָן, האָט זי דעם קינד אָנגעטאָן אַ מיצעל פון בלויע פאַפּיר און איהם אַזוי געלאָזט שטעהן ווי אַ ליצ.

דערפון איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלען ווי אזוי מיר האָבען זיך צו איהר באַצויגען מיר האָבען זי פיינט געהאט ווי דעם טויט, און אין דעם האָט אונז שוין די ניאַניאַ אויך ארויסגע־תאָלפען.

ווער ווייסט ווי לאנג מיר וואָלטען געליטען פון דער גאָווער־נאַנטקע ווען ניט די גוטע ניאַניא. מיר אליין האָבען מורא געהאט צו זאָגען א שלעכט וואָרט אויף איהר. דער טאַטע און די מאַמע האָבען זיך א גאַנץ יאָהר צייט ניט אינטערעסירט צו וויסען צי מיר זיינען פון דער גאָווערנאַנטקע צופרידען צי ניין; דאָס איז זיי איינגאַנצען ניט אָנגעגאנגען און זיי זיינען גאר קיינמאָל ניט ארייג־געקומען אין דעם צימער, וואו זי האָט מיט אונז געלערענט. צו מיר אליין האָט זי זיך דוקא באַצויגען זעהר גוט, ווייל חוץ דעם וואָס איך בין געווען דאָס עלטסטע קינד, האָב איך זיך גוט גע־לערענט, און ווען זי האָט זיך געדאַרפט אויספיינען דערמיט וואָס די קינדער אוספייען ביי איהר, בין איך איהר געווען צו דער האַנט אַלס די בעסטע קאָרט זיך צו ווייזען. מיר איז אפילו געווען ניט אַנגענעם וואָס זי באַציהט זיך צו מיר גוט און צו די אַנדערע קינדער שלעכט; איך האָב געוואוסט, אַז זי איז ניט גערעכט. אָבער מיר האָבען זיך פאַר קיינעם ניט געקענט קלאָ־גען; אי צום טאַטען, אי צו דער מאַמען איז געווען אוממעגליך צוצוטרעטען און דאַריבער האָבען מיר אַלעס געמוזט דערשטיקען אין זיך. אָבער די ניאַניא האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און צוגעקלאָגט די גאָווערנאַנטקע און דאַן זיינען מיר פון איהר ענדליך פטור געוואָרען, נאָכדעם ווי זי האָט אונז אָפּגעמוטשעט א יאָהר צייט.

### די טאַנטע ליזא.

אין יענער צייט איז ארוים פונ׳ם אינסטיטוט די טאַנטע ליזא, וועגען וועלכער איך האָב שוין פריהער דערצעהלט, און דאַן האָט מען מיך געשטעלט אונטער איהר אויפזיכט.

וועגען דער טאַנטע ליזא קען מען זאָגען, אַז זי איז געווען אַן אינסטיטוטקע פונ׳ם אַלטען שניט דורך און דורך: א נאַאיווע, אביסעל א באַגייסטערטע און אינגאַנצען אָהן אַן אידעאַל. אין אינסטיטוט איז זי געוואוינט געוואָרען זיך צו אינטערעסירען מיט איהר אויסערליכען אויסזעהן מעהר ווי מיט אַלעם; לער־

נענדיג מיט מיר, איז זי שטענדיג געזעסען פאַר'ן שפּיגעל און זיך געהאַלטען אין איין צוקאַמען און פארקאַמען די האָר, אָדער פּוצען די נעגעל פון די קליינע פינגערלאך, און דערביי האָט זי געאַרבייט מעשים מיט שערעלאך, זעגעלאך, בערשטעלאך און אנדערע מכשירים. אין אַלגעמיין איז איהר דאָס לערנען זעהר וועניג געלעגען אין זינען און זי האָט זיך מעהר אינטערעסירט מיט די יונגע אָפּיצערען, וועלכע זיינען אריינגעקומען צו אונז און מיט די היימישע פּאָרשטעלונגען, וואָס מען האָט פון צייט צו צייט געגעבען. דער סוף איז געווען, אַז זי איז אַ כלה גע־וואָרען פאַר אַן אויפזעהער אין אַ וואלד, אַ יונגערמאַן מיט'ן נאָמען גאָלאָווין, און דאַן האָט מען פאַר אונז פון מאָסקווע אויסגעשריבען אַן אנדער גאָווערנאַנטקע. דאָס איז געווען אַ יונגע מיידעל, וואָס האָט נאָר וואָס געהאַט געענדיגט דעם מאָסקווער יתומים־אינסטיטוט. געהייסען האָט זי וועראַ איוואַ־נאָוונאַ מאַלינינאַ, און אַזוי ווי זי איז געווען זעהר אַ גוטע און אַ צערטליכע האָבען אַלע אין שטוב זי שטאַרק ליב געקראָגען און זי האָט מיט אונז געלערענט אַזוי גוט, אַז אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט האָט זי מיך צוגעגרייט אריינצוטרעטען אין דעם ראַדיאָנאָווער אינסטיטוט אין קאַזאַן.

אריינגענומען אין אינסטיטוט האָט מען מיך אויפ'ן חשבון פון דער רעגירונג. איך האָב דאַן געדאַרפט אריינטרעטען אין אינגסטען קלאַס — אין זיבעטען. אָבער איך בין שוין דאַן אַלט געווען עלף יאָהר און לויט מיינע קענטעגישען האָב איך שוין געדאַרפט אריין אין אַ העכערען קלאַס — אין פינפטען. איבער דעם האָט מען מיט מיר געמאַכט אַן אויסנאַהם און מען האָט מיך אריינגענומען אין זעקסטען קלאַס און דאָרטען בין איך גלייך געוואָרען די ערשטע שילערין, און אַזוי איז אויך געווען אין פינפטען קלאַס, ווייל די זאַכען, וואָס מען האָט דאָרטען געלערענט, זיינען פאַר מיר ניט געווען ניי.

דער אינסטיטוט.

אריין אין אינסטיטוט בין איך אינ'ם יאָהר 1863. דאָס שיידען זיך מיט די עלטערען און אויך מיט'ן דאָרף ניקיפיראָוואַ איז מיר ניט געווען שווער, און ווען איך בין אריין אין אַ גאַנצער כאָפּטע מיידעלאך האָב איך זיך שנעל צוגעוואוינט צו דעם נייעם לעבען און אויך צו דער דיסציפּלין.

די ערשטע צוויי קלאסנע־דאמען, וואס איך האב געהאט אין אינסטיטוט זיינען געווען: מאריא סטעפאנאוונא טשערניאעוו־סקאיא און פריילין פורניע. די ערשטע איז געווען זעהר א גוטע און א וואוילע. אליין דוקא ניט קיין שעהנע, מיט א מאנס־בילשען פנים און מיט א הויקער אויף די פלייצעס, איז זי אבער געווען זעהר א צוגעלאזענע און אן אנגענעמע; איהר ברוסטיגע שטימע האט זיך ממש געבעטען אין דער נשמה אריין, און דער ווארימער בליק פון איהרע גרויע אויגען און דער ליבליכער שמיי־כעל האבען ארויסגערופען צוטרויען. זי איז געווען יונג, מיט רויטליכע באקען און מיט טונקעל־בלאנדע האר, א דיקליכע, מיט פוכקע, ווארימע הענטלאך און אין אלגעמיין — א ווייכע און א ווארימע. עפעס איז אין איהר געווען א סך מוטערליכעס און טאקע דערפאר האט עס אונז אלעמען אזוי געצויגען צו איהר. אין כאראקטער איז זי דוקא ניט געווען קיין שוואכע; אין איהר ווייכהארציגקייט האט זיך אויך געפיהלט פעסטקייט, און ווען מען האט געדארפט, האט זי דאס ארויסגעוויזען, און טאקע דער־פאר האבען מיר זי ניט נאר ליב געהאט, נאר אויך געהאט גרויס דרך ארץ פאר איהר. צו די אלע מעלות האט זי טאקע געהאט א סך וויסען אויך, געווען א גוטע לעהרערין, און ווען עס איז אונז עפעס אנגעקומען שווער, האבען מיר זיך גלייך געווענדעט צו איהר און זי האט די שווערסטע פראגעס פארענטפערט.

גאר אן אנדערע אבער איז געווען די צווייטע — פריילין פורניע, אדער „פורקא", ווי מיר האבען זי מיט פאראכטונג גערופען צווישען זיך. אן אלטע, איינגעדארטע מויד, מיט שווארצע אויגען, מיט א געל פנים אהן א ברעקעל אויסדרוק, א מיאוס'ע, מיט גלאט פארקאמטע שווארצע האר און מיט אויסגעבויגענע קראנקע פינגער, וואס זיינען שטענדיג געווען אנגעשמירט מיט יאד. און א קול האט זי געהאט, וואס האט געשטימט מיט איהר פיגור — טרוקען, אהן א קלאנג און אהן א באטאנונג. ניט אומזיסט האט זיך אונז געדוכט, אז ניט נאר דער קערפער נאר אויך די נשמה איז ביי איהר אויסגעטריקענט געווארען. אין לערנען איז זי אויך ניט געווען פון די גאר גרויסע קענערינס, און אלע מאל ווען מיר זיינען געווען פריי פון די אוראקען, האט זי אונז געמוטשעט מיט פראנצויזישע דיקטאווקע, אין וועלכער מיר האבען קיין טאלק ניט געקענט דערגעהן.

## דער פראָטעסט.

קיינער פון אונז האָט ניט ליב געהאַט די פריילין פורניע, און ווען מיר זיינען אריבער אין פינפטען קלאַס, האָבען מיר אָנגעהויבען זוכען מיטלען ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון איהר.

די ערשטע פּראָבע וואָס מיר האָבען געמאַכט, איז געווען זעהר אַ קינדערשע. איינע פון די שילערינס האָט ביי דער פריילין פורניע אויפ'ן טיש אַוועקגעלעגט אַ צעטעלע: „מיר בעטען אייך, אַז איהר זאָלט אונז פּאַרלאָזען". געמיינט האָבען מיר, אַז „פורקא" וועט איבערלייענען דאָס צעטעלע און וועט פאַר־שטעהן, וועמען מען מיינט. אָבער זי האָט דאָס צעטעלע אַפילו ניט באַמערקט.

דאַן האָט איינע פון די מיידלאַך — איקאָניקאָוואַ האָט זי געהייסען — אָנגעשריבען אויף אַן אַנדער שטיקעל פּאַפּיר די זעלבע ווערטער און אַוועקגעשטעלט אַן אונטערשריפט: „דער גאַנצער פינפטער קלאַס". און דערנאָך האָט זי דאָס פּאַפּירעל אַוועקגעלעגט ביי דער פריילין פורניע אויפ'ן טיש.

ענדליך האָט זי דאָס פּאַפּירעל דערזעהן און עס איבער־געלעזען.

„וואָס איז דאָס?" — האָט זי זיך מיט כעס גענעבען אַ הויב אויף. — „ווער האָט דאָ אַוועקגעלעגט דאָס צעטעל?"

עטליכע מאָל האָט זי די זעלבע פראַגע געשטעלט. אָבער מיר האָבען געשוויגען. דאַן איז זי ארויס פונ'ם קלאַס און איז אַוועק מיט'ן צעטעלע צו דער הויפּט דירעקטאָרין פונ'ם אינ־סטיטוט.

די דירעקטאָרין איז דאַן געווען אַ דאַמע מיט'ן נאָמען סוסאַנאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ מערטוואַגאָ, אַן אַלטע, זעהר אַן ערנסטע און גוטע פרוי, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכענט מיט קלוגשאַפט און פעהיגקייט. אין איהר צייט האָט דער אינ־סטיטוט גאָר אַן אַנדער פּנים באַקומען; זי האָט אָפּגעשאַפט דעם פוסטען און פאַלשען גלאַנץ, וואָס די פריהערדיגע דירעק־טאָרין, מאַדאַם זאַגאָסקינאַ, האָט דאָרטען געהאַט איינגעפיהרט. יענע האָט זיך באַצויגען גוט בלויז צו די אויסגעכאַליעטע, שעהנע פּריצ'ישע טעכטערלאַך, געהאַט איהרע אייגענע פאַוואָריטקעס און געהאַלטען אַ סאַלאָן, וואו די שעהנע מיידלאַך פון די עלטערע קלאַסען האָבען זיך געלערענט ווי צו זיין „צירליך־

מאנירליך" און ווי צו פלוידערען וואזשנע. סוסאנא אלעקסאנדראוונא האט דאס אפגעשאפט; די שעהנע מיידלאך אין די קלאסען זיינען ביי איהר ניט געווען קיין יחסנ'טעס, און מען קען זאגען, אז א דאנק איהר האבען די שילערינס אין אינסטיטוט זיך ווייניג צוגעקוקט צו זייערע פנימלאך, זיך ווייניגער געפוצט און מעהר געלערענט.

סוסאנא אלעקסאנדראוונא איז אריינגעקומען א רויטע און פון גרוים אויפרעגונג האט זיך ביי איהם דער קאפ אזש גע־טרייסעלט.

„ווער האט אנגעשריבען דאס צעטעלע און ווער האט עס אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש?" — האט זי געפרעגט.

אבער מיר האבען אלע געשוויגען.

„מיט וואס זשע זיינט איהר ניט צופרידען", — האט זי אונז געשטעלט א פראגע.

און מיר — אלע צוועלף־יעהריגע, קליינע מיידעלאך, — האבען פשוט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען; עס האבען אונז איינפאך אויסגעפעהלט ווערטער אויסצודריקען אונזער גרויסע אומצופרידענקייט דערמיט וואס די לעהרערין איז אזא טרוקענע און דרעהט אונז א קאפ מיט דער פראנצויזישער דיקטאווקע.

„ווער זשע האט אנגעשריבען דאס צעטעל?" — האט סוסאנא אלעקסאנדראוונא אונז געשטעלט א נייע פראגע.

אפגעמאכט צווישען זיך ווי צו האנדלען האבען מיר ניט, און דאריבער זיינען מיר געבליבען זיצען ווי די פריטשמעליעטע און ניט געוואוסט וואס ווייטער צו טאן. אין די הינטערשטע רייהען האט מען זיך אנגעהויבען שושקען: „זאג דו!" „זאג דו!"... דאן איז דאס מיידעלע איקאניקאווא ארוים אפען און געזאגט: „דאס צעטעלע האב איך אנגעשריבען און עס אוועק־געלעגט אויפ'ן טיש".

— קום מיט מיר! — האט סוסאנא אלעקסאנדראוונא געזאגט דער מיידעלע און האט זי ארויסגעפיהרט.

דערזעהן אזא זאך, האבען מיר זיך שטארק דערשראקען. וואס וועט איצט זיין?! די איקאניקאווא וועט מען אודאי אויס־שליסען פונ'ם אינסטיטוט! און עס האט אונז אזוי באנג געטאן פאר וואס זי וועט זיין די איינציגע צו ליידען.

דאך האט זיך עס געענדיגט בעסער ווי מיר האבען ערווארט. מען האט די איקאניקאווא אפגעהאלטען אין שפיטאל דריי טעג און

דערנאָך האָט מען זי געבראַכט צוריק אין קלאַס, כאָטש זי איז ניט געווען פון די גאָר גראָטענע שילערינס. באשטראָפט האָט מען זי בלויז דערמיט וואָס מען האָט איהר אַוועקגעשטעלט אַ נול פאַר אויפפיהרונג, און אונז — אַ 9, אַנשטאָט אַ 12.

אָבער מיר האָבען דאָך אויסגעפיהרט. מען האָט די טרוקענע לעהרערין ביי אונז צוגענומען, נאָר כדי עס זאָל ניט הייסען, אז מען האָט אונז נאָכגעגעבען האָט מען דערצעהלט אַ מעשה, אַז זי איז קראַנק. אַ שטיק צייט איז זי טאַקע ניט געווען, און ווען זי איז געקומען צוריק, האָט מען איבערגעגעבען אין איהרע הענט דעם אינגסטען, דאָס הייסט, דעם זיבעטען קלאַס און דאָרטען איז זי שוין פארבליבען אויף שטענדיג. פאַר איהר איז דאָס ניט געווען קיין כבוד, ווייל די אַנדערע לעהרערינס זיינען געוועהנליך געבליבען מיט זייערע שילערינס ביז׳ן לעצטען קלאַס.

ווען איך בין שוין געווען אין לעצטען, אין „בלויען" קלאַס, האָבען זיך די קליינע מיידעלאך, פורקאָ׳ס שילערינס, געווענדעט צו אונז מיט אַ בקשה, מיר זאָלען זיי אויסזאָגען דעם סוד ווי אַזוי מיר זיינען פּטור געוואָרען פון איהר דאַן ווען מיר זיינען נאָך געווען קליינע מיידעלאך. זיי האָבען זי אויך זעהר פיינט געהאַט.

מיר האָבען זיי אָבער דעם סוד ניט געוואָלט אויסזאָגען.

אין דער זעלבער צייט וואָס מיר זיינען פּטור געוואָרען פון דער טרוקענער פריילין פורניע, האָבען מיר אָבער אויך פאַרלאָרען די גוטע מאַריאַ סטעפּאַנאָווגאַ, וועמען מיר האָבען אַלע אַזוי ליב געהאַט. מען האָט זי אַוועקגעשיקט פון׳ם אינסטיטוט, ווייל די פורניע איז געווען זיכער, אַז זי האָט דאָס אונז צובונטעוועט, כאָטש אין דער אמת׳ן האָט זי ניט געוואוסט פון עפּעס צו זאָגען.

די טשאָרנאָאוסאָווא.

נאָכדעם האָבען מיר געהאַט צוויי אַנדערע לעהרערינס — אַנאַ איוואַנאָוונאַ בראַווינאַ און פּראַסקאָוויאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ טשאָרנאָאוסאָווא. ביידע צוויי פאַרשיידענע מענשען. די בראַווינאַ איז געווען אַ מיידעל פון אַ יאָהר דרייסיג, אַ הויכע, זעהר אַ קורצזיכטיגע, ניט קיין שעהנע, מיט בלאָנדע האָר, וואָס האָבען שוין אָנגעהויבען ווערען אָפּגעבליאַקעוועט. בטבע איז זי דוקא געווען אַ גוטע, דערפאַר אָבער איז זי ניט געווען קיין קלוגע און

קיין כאראקטער האָט זי ניט געהאַט פון דאַנען אהין. פון די גאַר גרויסע קענערקעס איז זי אויך ניט געווען און דערפאַר טאַקע האָבען מיר אויף איהר ניט געקענט קוקען ווי אויף אַן אויטאָריטעט; מיר האָבען זי געהערט ווי דעם פאַראיאָהריגען שניי, קיין מורא ניט געהאַט פאַר איהר, און אַ גאַנצע מאָל, ווען זי איז געווען אין קלאַס, האָט זיך געטאָן חושך און אַלע האָבען צווישען זיך גערעדט און געטומעלט.

פונקט דער היפוך פון איהר איז געווען די אַנדערע לעהרערין — טשאַרנאַאוסאָווא. עלטער אין יאָהרען, איז זי דאָך געווען אַ שעהנע, אַ קלוגע, זעהר אַן ענערגישע, מיט פעך־שווארצע האָר, מיט אַ פיין פנים און מיט קליינע איידעלע הענט; זי האָט אויסגעצייכענט גוט גערעדט אויף עטליכע שפּראַכען, ספּעציעל אויף דייטש. דערצו האָט זי נאָך געהאַט די פעהיגקייט איבערצוגעבען אַנדערע דאָס וואָס זי האָט געקענט. עס איז פשוט געווען אַ פאַרגעניגען צו לערנען ביי איהר, און דערפאַר האָבען מיר זיך טאַקע צו איהר באַצויגען מיט גרויס אַכטונג.

אין פערטען קלאַס האָב איך אויפגעהערט זיין די ערשטע שילערין, ווייל איבער דעם וואָס איך בין געוואַוינט געוואָרען, אַז אַלעס זאָל זיך מיר איינגעבען גרינג, האָב איך אויפגעהערט לערנען פלייסיג און בין געוואָרען די דריטע אין דער רייהע און דערנאָך די פערטע. ערשט שפּעטער, ווען איך בין אַלט געוואָרען פופצעהן יאָהר, האָב איך זיך אַרומגעזעהן. ביז'ן ענדיגען איז מיר נאָך געהאַט געבליבען צוויי יאָהר, און ווען איך וואָלט זיך ווייטער געפוילט צו לערנען פלייסיג, וואָלט איך זיכער ניט געקראָגען קיין מעדאַל. אין יענער צייט האָב איך שוין ניט געטרוימט צו ווערען אַמאָל אַ הויף־דאַמע ביים קיסר אין פּאַלאַץ, נאָר די לעהרער, ספּעציעל די, וואָס האָבען ביי אונז געהאַלטען לעקציעס וועגען ליטעראַטור, געשיכטע און געאָגראַפיע, האָבען וועגען מיר געהאַט די בעסטע מיינונג און איך בין געווען זיכער, אַז אויב אַ מעדאַל, דאַרף מען איהם געבען מיר און ניט קיין אַנדערער.

סאַי אין דער היים און סאַי אין אינסטיטוט האָט מען מיר קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז איך דאַרף לערנען פלייסיגער. בלויז איינמאָל, ווען איך בין געווען אין פינפטען קלאַס, האָב איך געקראָגען אַ „איינס“ פאַר רוסיש, און דאַן איז סוסאַנאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ צוגעגאַנגען צו מיר, מיך אָנגענומען ביי דער האַנט

און געזאָגט: „האָסט געקראָגען אַ „איינס“, הייסט דאָס, אַז דו ביזט קראַנק“. און זי האָט מיך אַוועקגעפיהרט אין שפּיטאָל אויף אַ גאַנצען מעת לעת. דאָרטען האָט מען מיך אַריינגעלעגט אין אַ בעטעל און די אויפּפּאַסערין אַנאַסאָווא, אַ פרוי מיט אַ געוואַלדיג גרויסער נאָז, האָט מיך געהאַלטען אין איין פּאָיען מיט ליפּאָווע צוויט, אויף וואָס איך האָב פון דאַן אָן געוואָרפען אַן אום־חן, ביז היינטיגען טאָג.

איך האָב באַשלאָסען צו לערנען פלייסיגער. אָבער אין מיטען דערינען האָט זיך געיאַוועט אַ נייע צרה — די טשאָרנאָ־אוסאָווא האָט מיר אָנגעהויבען שטעלען שלעכטע „אָטמעטקעס“, ניט פאַר'ן לערנען, נאָר פאַר אויפפיהרונג, און אין אַ אינסטיטוט, ווי איהר ווייסט, איז די אויפפיהרונג פון אַ שילערין וויכטיגער פון אַלץ אין דער וועלט; אויב אַ מיידעל קריגט ניט אין די לעצטע צוויי יאָהר פאַר אויפפיהרונג קיין „12“, דאָס הייסט די בעסטע „אָטמעטקע“, באַקומט זי ניט קיין מעדאַל, און איך האָב דאַן געקראָגען בלויז „11“.

דאָס איז געווען דערפאַר וואָס איך האָב מיט דער טשאָרנאָ־אוסאָווא עפּעס ניט געשטימט. די ערשטע צייט איז זי צו מיר געווען זעהר גוט, נאָך צו גוט. ווען איך האָב זיך ערלויבט צו זיין אַמאָל אַ ביסעל פאַרשייט און שטיפעריש, האָט זי אַליין דאַרויף געהאַט אַ גוטען תירוץ. „די פיגנער איז אַ לעבעדיגע מיידעלע“, — פלעגט זי זאָגען. — „די פיגנער איז פּונקט ווי אַ שטיקעל קוועקזילבער“. באַשטראָפט האָט זי מיך אָבער קיינמאָל ניט. און איך בין געווען ניט נאָר אַ שטיפערקע, נאָר טאַקע אַ פּריטשעפּע אויך; אין יעדען איינעם האָב איך באַמערקט די קאָמישע זייטען, און געהאַט די טבע אָפּצולאַכען דערפון. דער קרבן פון מיין אָפּלאַכעריי איז געווען טאַקע מיינע אַ חבר'טע — רודאַנאָווסקאַיאַ האָט זי געהייסען. — זי פלעגט זיצען לעבען מיר, און זעהר אָפט פלעג איך זי יאָדען אַזוי לאַנג ביז זי פלעגט זיך אַזש צעוויינען. און אפילו דאַן פלעגט די טשאָרנאָאוסאָווא מיך ניט באַשטראָפען, און אָנשטאָט דעם זי זאָל מיך גוט אויס־מוסר'ן, האָט זי גאָר איינגענומען מיין חבר'טע. „דו דאַרפסט זיך ניט באַליידיגען, — האָט זי איהר געזאָגט. — די פיגנער איז אַ מיידעלע מיט אַ גלייכען כאַראַקטער; וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג!“

אַזוי איז געווען די ערשטע צייט. דערנאָך אָבער האָט זי

זיך צו מיר אָנגעהויבען באַציהען אַנדערש. זי האָט זיך גענומען טשעפּען צו מיר און אַלע מאָל האָט זי געהאַט אַן אַנדער אויס־רייד צו האָבען טענות. איינמאָל — דאָס איז געווען צוויי יאָהר איידער איך האָב געענדיגט — האָט זי אויף מיין חשבון אַ זאָג געטאָן אַזוי: „די פיגנער איז פון די מיידלאַך, וואָס זיינען אי אַהער, אי אַהין". מיך האָט דאָס פאַרדראָסען און איך האָב איהר געענטפערט: „איך בין ניט געראָטען אָן אייך". מעהר האָט מען ניט געדאַרפט, זי האָט מיך צוגעקלאָגט פאַר סוסאַנאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ און יענע האָט מיך פאַר אַלע שילערינס אין די אויגען גוט אויסגע'מוסר'ט פאַר וואָס איך האָב געהאַט אַזאַ חוצפּה.

ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען — די חבר'טעס האָבען מיר פאַרזיכערט, אַז די טשאַרנאַאוסאָוואַ טשעפּעט זיך צו מיר איבער דעם וואָס זי איז אייפערזיכטיג אויף מיר דאַרויף וואָס איך בין אַזוי שטאַרק באַפריינדעט מיט אָלגאַ סידאָראָוואַ, אַ שילערין פון די העכערע קלאַסען. אָלגאַ סידאָראָוואַ איז געווען די טאָכטער פון מיין טאַטענס אַ גוטען פריינט, און חוץ דעם וואָס זי איז געווען אַן אויסערגעוועהנליך שעהנע מיידעל, האָט זי נאָך געהאַט אַ זעלטענעם זכרון. געלערענט האָט זי זיך זעהר גוט, און כאָטש זי איז געווען די בעסטע שילערין אין איהר קלאַס, האָט מען איהר קיין אויסצייכנונג ניט געגעבען; די אַדמיני־סטראַציע פונ'ם אינסטיטוט איז געווען געשטימט געגען איהר, ווייל זי איז געשטאַנען אונטער'ן איינפלוס פון די נייע שטרע־מונגען, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען אין רוסלאַנד אין יענער צייט. זי האָט שוין דאַן געלעזען פּיסאַרעוו'ן, זיך אינטערעסירט מיט נאַטור־וויסענשאַפט, און ווען פּיסאַרעוו איז געשטאָרבען, האָט זי געזאָגט, אַז ער איז אַוועק פון דער וועלט ניט מיט קיין נאַטיר־ליכען טויט, נאָר די רעגירונג האָט איהם אומגעבראַכט דערפאַר וואָס זיינע ווערק זיינען פאַר איהר געווען געפעהרליך. אין די עטליכע וואָכען, וואָס מען איז פריי פון לערנען, האָט זי געלעזען די צייטונג „קאָלאָקאָל", וואָס איהר פאָטער פלעגט קריגען אין געהיים און באַהאַלטען אונטער'ן מאַטראַץ, און דעם גלח האָט זי איינמאָל — הערט און שטוינט! — פראַנק און פריי געזאָגט, אַז זי גלויבט ניט אין גאָט.

די סידאָראָוואַ איז געווען מיט צוויי קלאַסען ווייטער פון מיר, און אַלעס וואָס זי האָט מיט מיר גערעדט וועגען הערצען'ען,

פיסאַרעוו׳ן און וועגען דער רעגירונג איז מיר ניט נעקראָכען אין קאָפּ אריין. איך האָב עס פשוט ניט פארשטאַנען. מיר איז גלאַט געפעלען צו שפּאַצירען מיט איהר אויף דער נאַכט איבער׳ן קאָרידאָר און אָנקוועלען פון איהר. איך האָב זי אַזוי ליב געהאַט, אַז איך בין אַזש געווען אייפערזיכטיג און טאָמער האָט זי גע־שענקט אויפמערקזאַמקייט אימיצען אַנדערש, האָט עס מיך שטאַרק פארדראָסען און ניט איינמאָל האָב איך איהר געטאָן אויף צו־להכעיס דערפאַר. אין מיין באַציהונג צו איהר איז אָבער געווען אַ גאַנץ ערנסטער געפיהל; עס האָט מיך צו איהר גע־צויגען דערפאַר וואָס זי איז געווען אַן אָריגינעלע, אַן אויסער־געוועהנליכע פערזענליכקייט.

ווען זי איז אַרויס פון׳ם אינסטיטוט האָב איך זיך מיט איהר איבערגעשריבען צוויי יאָהר צייט. זי האָט אַ פּנים ניט געהאַט מיט וועמען זיך צו טיילען מיט איהרע איינדרוקען און געדאַנקען, און דערפאַר האָט זי מיר אין די בריף פארטרויט אַלע אינטימע איינצעלהייטען פון איהר לעבען. זי האָט זעהר שטאַרק חשק געהאַט צו לערנען ווייטער; עס האָט זי געצויגען צו נאַטור־וויסענשאַפט, אָבער איהרע עלטערען האָבען זי אריינגעשלעפּט אין דער „געזעלשאַפט“ און דוקא געוואָלט, אַז זי זאָל ווערען אַ וועלטליכע דאַמע. אויף אַלע בעלער און אונטערהאַלטונגען אין סאַמאַרא האָט זי זיך אָנגעזעהן מעהר פון אַלע אַנדערע פּריצ׳ישע טעכטער, אָבער זי איז דערפון ניט געווען צופרידען; זי האָט פיינט געהאַט די געזעלשאַפט, אין וועלכער מען האָט זי אריינ־געשלעפּט, און איבעררייסען מיט די עלטערען און אַליין אָנהויבען אַן אַנדער לעבען האָט זי קיין מוט ניט געהאַט. איינער פון די זשעמטשוזשניקאָווס — איך ווייס ניט צי דאָס איז געווען דער פאָטער, אָדער זיין ברודער — האָט זיך פארליבט אין איהר. זי האָט איהם דוקא ניט ליב געהאַט און דאָך האָט זי איינגעשטימט חתונה צו האָבען מיט איהם. עס איז אָבער קיין חתונה דאָך ניט געווען; די סידאָראָוואַ האָט זיך פארקיהלט — און איך בין חושד, אַז זי האָט דאָס געטאָן אומיסטען — באַקומען לונגען־ענטצינדונג און איז געשטאָרבען. אינגאַנצען איז זי דאַן אַלט געווען נייצעהן יאָהר.

די אינטערעסאַנטע בריף, וואָס זי האָט מיר געשריבען, און אויך איינינע פאָטאָגראַפיעס איהרע זיינען פארלאָרען געוואָרען

אין דארף אין דער צייט ווען איך בין געווען פארשפארט אין שליסעלבורגער פעסטונג.

איבער דעם וואס איך בין געווען אזוי באגייסטערט פאר דער מיידעל אלגא סידאראווא, האט זיך די טשארנאאוסאווא דריי יאהר צייט געקריגט מיט מיר. און דערנאך האט זי מיך איינמאל, גאר אונערווארטעט, איינגעלאדען צו זיך און געזאגט:

„איך בין שוין מיד פון דעם קאמף, וואס איך פיהר אן מיט אייך פאר'ן איינפלוס אויפ'ן קלאס. לאמיר בעסער לעבען בשלום".

אט די ווערטער איהרע האבען מיך אזוי איבערראשט, אז איך האב ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען. ווארים מיר איז גאר קיינמאל ניט איינגעפאלען, אז צווישען מיר און דער טשאר־נאאוסאווא געהט אן א קאמף, און דערצו נאך פאר'ן איינפלוס אויפ'ן קלאס! און דאס זאגט די קלוגע טשארנאאוסאווא, וועלכע האט אזא פעסטען כאראקטער, צו מיר, וועלכע איז נאך אייגענטליך א מיידעלע אין פארגלייך מיט איהר!

נאך יענעם געשפרעך האט די טשארנאאוסאווא זיך אנגע־הויבען באציהען צו מיר בעסער; זי האט מיר איבערגעשטעלט די שלעכטע „אטמעטקעס" פון פריהער, און כאטש איך בין דער־נאך ניט בעסער געווארען, האט זי מיר שוין שטענדיג געשטעלט א „צוועלף" פאר אויפפיהרונג.

די לעצטע צוויי יאהר אין אינסטיטוט האב איך געלערענט זעהר פלייסיג; בין ווידער געווארען די ערשטע שילערין אין קלאס, און ווען איך האב געענדיגט, האט מען מיר געגעבען א גילדענעם מעדאל, פון וואס איך האב געטרוימט אין די קינדער יאהרען.

אויף דער בעראטונג, וואס איז פארגעקומען וועמען צו געבען דעם גילדענעם מעדאל, האט די טשארנאאוסאווא אלץ באוויזען, אז דעם גילדענעם מעדאל דארף קריגען ניט איך, נאר די קראטקאווא, מיינע א חבר'טע, זעהר א שטילע און וואוילע מיידעל. אבער די אנדערע לעהרער האבען באשלאסען, אז איך דארף איהם קריגען.

## א סך הכל.

וואס האבען מיר געגעבען די זעקס יאהר אין אינסטיטוט? ערשטענס, א קולטורעלע ערציהונג, און חוץ דעם האב איך זיך

דאָרט, ווי אין יעדער פאַרמאַכטער שוהלע, וואו מען לעבט איני־איינעם מיט אַנדערע און מען האָט דיזעלבע אינטערעסען, אויס־געלערענט ווי צו זיין אַ גוטער חבר מיט מענשען, און די אויס־געהאַלטענע סיסטעם דאָרטען האָט אין מיר ענטוויקעלט אַ גע־וויסען אופן פון דיסציפלין. אמת טאַקע, אַז נאָך פריהער האָב איך אויך זעהר ליב געהאַט צו לערנען, אָבער דער אינסטיטוט האָט אין מיר שטאַרק אַנטוויקעלט די געוואוינהייט צו גייסטיגער אַרבייט. איך מוז אָבער זאָגען, אַז וואָס שייך וויסענשאַפטליכער קענטעניש און אמת׳ער גייסטיגער אַנטוויקלונג, האָט דער אינ־סטיטוט מיר געגעבען ניט נאָר זעהר ווענינ, נאָר טאַקע ביז אַ געוויסען גראַד געשטערט מיין גייסטיגען וואַקסען, שוין ניט ריידענדיג פון דעם שאָדען וואָס מען האָט ווען מען איז אינגאַנ־צען אָפּגעזונדערט פונ׳ם לעבען און פון מענשען.

ניט אַלע לעהרער אין אינסטיטוט זיינען געווען גוטע. דער בעסטער איז געווען פּראָפעסאָר פּאָרפירעוו, וועלכער האָט פאַר אונז געלעזען לעקציעס וועגען דער רוסישער שפּראַך און אויך וועגען דער אויסלענדישער ליטעראַטור. זיין קורס איבער ליטע־ראַטור איז געווען זעהר אַ גוטער, אָבער מעהר ווי ביז צו די ליטעראַרישע שטרעמונגען פון די פערציגער יאָהרען איז ער מיט אונז ניט געגאַנגען.

אין די לעקציעס, וואָס מען האָט פאַר אונז געהאַלטען וועגען דער רוסישער ליטעראַטור, האָט מען אונז אַ וואָרט ניט דער־מאָנט וועגען בעלינסקי׳ן און ניט וועגען די קריטיקער, וואָס זיי־נען געקומען נאָך איהם. מען האָט אונז אויך גאָר ניט געזאָגט וועגען די נייע בעלעטריסטען. טורגעניעוו׳ן האָבען מיר געקענט בלויז פון דער ערצעהלונג „מומו“, וואָס מען האָט אונז געגעבען איבערלייענען און דערנאָך שרייבען וועגעם דעם.

געשיכטע האָט מיט אונז געלערענט פּראָפעסאָר זנאַמענסקי, און ער האָט אונז אַ גאַנץ יאָהר צייט געהאַלטען ביי דער טרו־קענער מיפאָלאָגיע פון די גריכען און די רוימער און ביי דער גע־שיכטע פון פּרס און בבל. די נייע געשיכטע ווידער האָט ער מיט אונז געלערענט לויט אילאָוואַיסקי׳ס לעהר־ביכלאַך און פון דעם האָבען מיר אויך קיין סך ניט געקענט וויסען.

אין די עלטערע קלאַסען האָבען מיר געהאַט אַ גוטען לעה־רער אויף געאָגראַפיע, און דאָס איז געווען פּראָפעסאָר קניזע. די אַנדערע לעהרער לוינט זיך גאָר ניט צו דערמאָנען. עס איז גענוג

צו זאָגען, אַז לעוואַנדאָווסקי, וועלכער האָט פאַר אונז געהאַלטען לעקציעס וועגען זאָאָלאָגיע און באָטאַניק, האָט אונז קיינמאָל ניט געוויזען קיין סקעלעט, קיין פיגור פון קיין באַשעפעניש און קיין פלאַנץ. מיר האָבען אפילו קיינמאָל אין קיין מיקראָסקאָפ קיין קוק ניט געטאָן און ניט געהאַט קיין באַגריף אין די זאַכען, וואָס ער האָט גערעדט אין זיינע לעקציעס.

טשערניאַעווסקי, דער לעהרער פון פיזיק און סאַפאָזשני־קאָוו, דער לעהרער פון מינעראַלאָגיע, האָבען אונז יאָ געקענט עפּעס אויסלערנען, אָבער מעהר ווי אַ שטונדע אין וואָך האָבען זיי פאַר אונז ניט געהאַט און דער קורס איז געווען לעכערליך קליין.

דערפאַר האָט מען אונז פיר יאָהר צייט געמוטשעט צו האָ־בען אַ שעהנע און קלאָהרע האַנדשריפט. זיבען יאָהר האָט מען אונז געלערנט מאָהלען, און פאַר דער גאַנצער צייט האָט קיין איינע פון די שילערינס ניט אַרויסגעוויזען קיין ברעקעל טאַלאַנט אין דעם. דעם לעהרער פון מאָהלען האָבען מיר קיינער ניט ליב געהאַט; זעלטען ווען ער איז געקומען צום אוראָק, און אויב ער איז שוין יאָ אַמאָל געקומען, האָט קיינער סיי ווי סיי גאָר ניט געטאָן, אָבער ער האָט אַלעמען געשטעלט די בעסטע „אָט־מעטקעס" — „צוועלפען"...

זינגען און שפּילען — דאָס איז ניט געווען קיין נויטווענ־דיגקייט. דערפאַר האָט מען געדאַרפט צאָהלען באַזונדער, און עס האָט זיך געווענדעט אָן די עלטערען, צי מען זאָל זייער טאָכטער לערנען זינגען און שפּילען, אָדער ניט.

אין די אָווענטען, נאָכדעם ווי מען איז פאַרטיג געוואָרען מיט'ן לערנען אין אינסטיטוט, האָט מען זיך גענומען טומלען מיט'ן צוגרייטען די אוראָקען אויף מאָרגען, און די מעהרסטע צייט איז אַוועק מיט איבערשרייבען צעטעלאַך וועגען פאַרשידענ־ערליי געגענשטאַנדען. אַז קיין לעהר־ביכער (חוץ אילאָוואַיסקי'ס) זיינען ניט געווען, און מיר האָבען געמוזט לערנען לויט די ווער־טער פון די לעהרער, וועלכע האָבען פאַר אונז געהאַלטען לעקצי־עס. ווי אַזוי זשע? צוויי, אָדער דריי פון די בעסטע שילערינס זיינען געווען פאַרפליכטעט צו פאַרשרייבען שנעל און מיט גע־וויסע פאַרקירצונגען, אַלעס וואָס דער לעהרער רעדט. דערנאָך האָבען מיר געדאַרפט פאַרגלייכען די דריי קאָפּיעס, וואָס מען האָט אַראָפּגענומען אין גרויס איילעניש, און דאָס איז געווען

זעהר שווער, ווייל אָפט־מאָל זיינען מיר געבליבען שטעהן ביי א בוכשטאב מיט א פּאַסיקעל, וואָס האָט געזאָלט זיין דאָס ערשטע אות פון עפּעס א וואָרט, וואָס דער לעהרער האָט גע־זאָגט אין זיין לעקציע; מיר האָבען דערביי געמוזט גוט אָנ־שטרענגען דעם זכרון זיך צו דערמאָנען, וואָס ער האָט געזאָגט, און נאָך דעם ווי מיר האָבען שוין קוים מיט צרות דערגאַנגען א טאָלק אין די דריי איבערגעשריבענע קאָפּיעס, האָט ערשט יעדער מיידעל געדאַרפט איבערשרייבען די לעקציע פאַר זיך און איינ'חזר'ען.

צו דעם קומט נאָך צו דאָס, וואָס דער גלח האָט אונז פאַר־געבען א גאַנצען פּאַק „הייליגע שריפטען" און נאָך א פּאַק „קריסטליכע פליכטען", און דאָס האָט מען אויך געדאַרפט אי־בערשרייבען.

געשיכטע, רוסישע און אויסלענדישע ליטעראַטור, באָטאַ־ניק, זאָאָלאָגיע, פיזיק, מינעראַלאָגיע, פּעדאַגאָגיק — אַלעס איז געווען געשריבען, ניט געדרוקט, און מעהרסטענטיילס איז די אַרבייט פון איבערשרייבען אויסגעפאַלען אויף די שילערינס אַליין.

דערפון קאָן מען זיך פאָרשטעלען ווי מיר זיינען שטענדיג געווען פאַרוואָרפען מיט אַרבייט. אז אַלע מאָל האָבען מיר אַלץ געדאַרפט שרייבען און איבערשרייבען. מיר זיינען געווען אַזוי פאַרנומען, אז עס איז גאָר קיין צייט ניט געבליבען אמאָל א שטיף צו טאָן.

זומער פלעגען מיר אמאָל שפּאַצירען אין גאָרטען, וואָס איז געווען ביים אינסטיטוט. דאָרטען איז געווען אַן אַלעע פון ליפּאָ־ווע בוימער און אויך א טיפער טאָל, וואוהין מיר האָבען מורא געהאַט א קוק צו טאָן, און ווינטער פלעגט מען אונז א צוויי מאָל אַרויספיהרען שעפּען פרישע לופט. קיין וואַרימע קליידער האָ־בען ניט עקזיסטירט און מיר האָבען אָנגעטאָן גאַנץ לייכטע וואַ־טאָווע מאַנטעלאַך. קיין גימנאַסטיק האָט מען מיט אונז ניט גע־מאַכט און מיר זיינען געוואַקסען איינגעדאַרטע און איינגעקוואַר־טע באַשעפענישלאַך.

וועגען אונזער קערפּערליכער אַנטוויקלונג האָט מען זיך אין אינסטיטוט ניט געזאָרגט. און נאָך ווייניגער האָט מען זיך גע־זאָרגט וועגען אונזער גייסטיגער ערציהונג, וועגען צוגרייטען אונז צום לעבען. וועגען פליכטען אין באַצוג צו זיך אַליין, צו

דער משפּחה, צו דער געזעלשאַפט, צום פאָטערלאַנד — וועגען אָט די אַלע זאַכען האָט מען מיט אונז קיינמאָל ניט גערעדט.

צו לעזען ביכער האָט מען אין אינסטיטוט קיינעם קיין חשק ניט צוגעגעבען. קיינער פון די לעהרער האָט קיינמאָל ניט דערמאָנט. אַ וואָרט וועגען דעם, ווי נויטיג עס איז פאַר אַ מענ־שען צו לייענען ביכער. עס איז דאַריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אַ חוץ מיר זיינען אין גאַנצען קלאַס געווען ניט מעהר ווי נאָך אַ דריי־פיער מיידלאַך, וואָס האָבען געלייענט ביכער. די איבעריגע האָבען קיינמאָל קיין בוך אין האַנד ניט גענומען.

אין די אָווענטען, ווען איך בין פאַרטיג געוואָרען מיט די „אוראָקען", האָב איך אַלע מאָל שטילערהייט ארויסגענומען אַ בוך, וואָס איך האָב באַהאַלטען אונטער אַ ברעטעל, די קלאַסנע דאַמע זאָל ניט זעהן.

ניט באַנוגענדיג זיך דערמיט, האָב איך געלייענט ביינאַכט אויך, און אין דעם פּרט בין איך געווען די איינציגע אין אינ־סטיטוט. קיין ליכט האָט מען ניט געגעבען; ווייט ביי דער וואַנט האָט געברענט אַ חלב'ענע ליכט, אַריינגעשטעלט אין אַ קופּערנער כלי, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט וואַסער. אָבער אין ווינקעל פון דעם צימער, וואו עס זיינען געשלאָפען די מיידלאַך פון די דריי עלטערע קלאַסען, איז געשטאַנען אַ קליין טישעלע מיט אַ בילד פון כריסטוס'ן און פאַר דער בילד האָט געברענט אַ לעמפּעל; אויל פאַר'ן לעמפּעל פלעגען מיר מייד־לאַך אליין קויפען פאַר אונזערע געצעהלטע גראָשענס, און ווען עס איז קיין אויל ניט געווען, האָבען מיר אין לעמפּעל אַריינ־געגאָסען קאַסטאָר־אויל.

אויף דער וואַך אין אינסטיטוט פלעגט ביינאַכט אַלעמאָל שטעהן די גוטע מאַריאַ גריגאָרעוונאַ, אַ קליינינקע, אַן איינגע־דאַרטע אַלטיטשקע, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצען טשעפּיק און אין אַ שוואַרצע קלייד. די אויגען זיינען ביי איהר געווען שוואַר־צע, ברענענדיגע און אויפ'ן פּנים האָט מען געקענט דערקענען, אַז אַמאָל איז זי געווען זעהר אַ שעהנע. איך ווייס ניט, צי זי האָט געדאַרפט תּפלה טאָן צו גאָט דערפאַר, וואָס זי האָט אין די יונגע יאָהרען אַ סך געזינדיגט, אָדער אפשר איז זי טאַקי געווען אַזאַ פרומע, דער פאַקט איז דער, אַז שטונדען לאַנג פלעגט זי ביינאַכט תּפלה טאָן צו גאָט. האָב איך זיך באַ־נוצט דערמיט, וואָס זי איז אַזאַ פרומע, און גענומענדיג אַ בוך

אין דער האנד, בין איך צוגעגאנגען צו כריסטוס׳עס בילד, וואו דאס לעמפעל האט געברענט און אוועקשטעלענדיג זיך אויף די קני, האב איך געמאכט דעם אנשטעל, אז איך טו תפילה און אין דער אמת׳ן האב איך גאר געלייענט דעם בוך.

פון צייט צו צייט פלעגט די אלטע מאריא גריגארעוונא איבערייסען די תפילה און אנהויבען ארומגעהן איבער אלע צימערען, זעהן וואס די מיידלאך טוען דארט, דערנאך פלעגט זי זיך לאזען צוגעהן צו מיר, אבער אזוי שנעל ווי איך האב דערהערט איהרע טריט, האב איך זיך גלייך אנגעהויבען קלאפען מיט׳ן קאפ אן דער ערד, ווי איך וואלט זיך געבוקט פאר דער הייליגער בילד, און אזוי האב איך זיך געהאלטען אין איין קלאפען מיט׳ן קאפ אן דער ערד, ביז עס איז דער אלטער נמאס געווארען און זי איז אוועק פון מיר, און דאן האב איך ווייטער געקענט לייענען דעם בוך. געלעזען האב איך דאן מעהרסטענטיילס ענגלישע ראמאנען, און געקראגען האב איך זיי ביי מיינע צוויי גוטע חבר׳טעס, די רודאנאווסקאיא און די קראטקאווא. די ביכער האט מען זיי צוגעשיקט פון קאזאן, וואו זיי האבען געהאט קרובים.

א ביבליאטעק איז דוקא יא געווען אין אינסטיטוט, אבער מיר האבען די ביכער אין די אויגען ניט געזעהן; מען האט זיי געהאלטען פארשלאסען אין שאפע, און דער שליסעל איז שטענדיג געווען ביים אינספעקטאר קאוואלסקי, וועלכער פלעגט קומען זעהר זעלטען. בלויז איינמאל האט מיר די טשארנאאוסאווא ארויסגעגעבען פון דער ביבליאטעק א באנד פון בעלינסקי׳ס ווערק. אבער איך בין נאך דאן ניט געווען געוואוינט צו לייענען ערנסטע ביכער, און דערצו זיינען נאך די מעהרסטע ארטיקלען אין יענעם באנד געווען וועגען טעאטער, וועגען דעם ווי דער גרויסער רוסישער אקטיאר מאטשאלאוו האט געשפילט האמלעט, און דאס האב איך ניט געקענט פארשטעהן, ווייל איך בין נאך דאן אפילו קיין איין מאל אין טעאטער ניט געווען. דאס איז געווען דער איינציגער ערנסטער בוך, וואס איך האב געלעזען אין אינסטיטוט פאר די אלע זעקס יאהר. ווייטער האב איך דארט געלעזען נאר ראמאנען און ערצעהלונגען.

דער איינפלוס פון ליטעראטור.

אין יענע יאהרען האב איך פאר מיין גייסטיגער אנטוויקלונג געהאט צו פארדאנקען דעם פאקט, וואס איך האב גע־

לייענט ביכער. און געלייענט האָב איך מעהרסטענטיילס אין דער היים, זומער צייט, ווען איך בין געקומען אויף די קאַניקולעס אין דאָרף. מיין מאַמע האָט מיר אָנגעוויזען וועלכע ביכער איך זאָל לייענען.

גאַנצע טעג פלעג איך זיצען אין דער היים און לייענען, אָבער אַלץ ראָמאַנען, נאָוועלען און ערצעהלונגען, וואָס האָבען זיך געדרוקט אין דיקע זשורנאַלען.*) קיין ערנסטע אַרטיקלען האָט מיר די מאַמע ניט געגעבען צו לייענען. אויף אַזאַ אופן איז אויסגעקומען, אַז די ביכער, וואָס איך האָב געלייענט, האָבען געערדט בלויז צו מיינע געפיהלען, אָבער ניט צו מיין פאַרשטאַנד. די לעצטע צוויי יאָהר אין אינסטיטוט האָב איך שוין אַזאַ פאַרגעניגען אויך ניט געקענט האָבען, ווייל די עלטערע שילערינס האָט מען אפילו זומער אויך ניט אָפּגעלאָזט אהיים, כדי עס זאָל מיט זיי, חלילה, נאָך ניט געשעהן קיין אומגליק און זיי זאָלען ניט אַרונטער פון גלייכען וועג.

צוועלף יאָהר בין איך אַלט געווען, ווען מיין מאַמע האָט מיר געגעבען איבערלייענען אַן ערצעהלונג פון דעם לאַנג פאַרגעסענעם רוסישען שרייבער, פעאָקיסט טאָלאָסטאָי, וועלכער איז געווען ווענינ באַוואוסט אפילו אין דער צייט, ווען ער האָט געלעבט. „די קראַנקהייט פונ׳ם ווילען", האָט די ערצעהלונג געהייסען. איך האָב זי איבערגעלייענט און בין געבליבען ווי צומישט: פאַר וואָס האָט דער שרייבער געגעבען זיין ערצעהלונג אַזאַ מאָדנעם נאָמען? פאַר וואָס קומט ביי איהם אויס, אַז דאָס, וואָס דער העלד רייסט זיך שטענדיג נאָר צום אמת און האָט פיינט ליגען, וואָס מאַכט איהם פאַר אַ ליידענדען, אומגליקליכען מענשען און ברייננט איהם דערצו, אַז ער זאָל איבעררייסען די פאַרבינדונגען מיט זיין פריינד, מיט זיינע אייגענע און אויך מיט דער מיידעל, וואָס ער האָט שרעקליך ליב — פאַר וואָס קומט ביי איהם אויס, אַז דאָס איז אַ קראַנקהייט? ער

*) איינמאָל—געדענק איך—האָט מיר די מאמע אָנגעוויזען אויף אַן ערצעהלונג און געזאגט: „דאָס זאָלסטו ניט לייענען — עס לוינט זיך ניט". און ווייל זי האָט דאָס געזאגט, בין איך דוקא געווארען פאַראינטערעסירט, און דאן האָב איך זיך שטילערהייט צוגעכאפּט צו דער ערצעהלונג און זי איבערגעלעזען. די ערצעהלונג איז געווען אַ נאַרישע, א וואולגארע, און איך האָב געפיהלט, אז איך דארף זיך שעהמען וואס איך האָב ניט געפאָלגט דער מאמע׳ן.

האָט דאָך געהאַנדעלט אַזוי ווי אַ לייטישער מענטש דאַרף האַנדלען, האָב איך געטראַכט. טאָ, וואָו־זשע איז דאָ „די קראַנקהייט פון׳ם ווילען״? בין איך אַוועק צו דער מאַמען מיט טענות, און די מאַמע האָט מיר געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז אַ מענטש דאַרף טאַקי שטענדיג זאָגען דעם אמת און פאָדערען דאָס זעלבע פון אַנדערע. אָבער אין אומבאַדייטענדע פאַלען דאַרף מען ניט זיין אַזוי שטרענג ווי דער העלד פון דער ערצעהלונג און מען מעג זיך אַ ביסעל אָפּקערען פון׳ם אמת; ווען אַ מענטש ערלויבט זיך אַמאָל אַן אומשולדיגען ליגען, דאַרף מען מיט איהם דערפאַר ניט איבעררייסען די באַציהונגען, דאַרף מען אַזוי ניט איינלעגען די וועלט, און אויב מען טוט דאָס יאָ, בלייבט מען עלענד און אומגליקליך, פּונקט אַזוי ווי דער העלד פון טאָלאָסטאָי׳ס ערצעהלונג. ביי דער מאַמען איז אויסגעקומען, אַז זיין צו שטאַרקע אמת׳דיגקייט האָט שוין אָנגענומען די פאָרמע פון אַ קראַנקהייט. און ווען איך האָב דאָס דערהערט, איז די מאַמע שטאַרק אַראָפּגעפאַלען אין מיינע אויגען און איך בין אַוועק פון איהר אַן אומצופרידענע און אַן אַנטוישטע.

מיט אַ יאָהר שפּעטער האָט מיר דער אָנקעל קופּריאַנאָוו מיטגעגעבען אין אינסטיטוט צוויי דיקע בענדער פון אַ זשורנאַל, וואו עס זיינען געווען געדרוקט שפּילהאַגען׳ס ראָמאַנען, צווישען וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דער ראָמאַן „איינער אין פעלד איז ניט קיין העלד“. און אָט דער ראָמאַן האָט אויף מיר געמאַכט זעהר אַ שטאַרקען איינדרוק. איך האָב גוט פאַרשטאַנען דעם כאַראַקטער פון די העלדען און אויך די סאָציאַלע זייט פון דעם ראָמאַן: די גוטע, פיינע שמרעבונגען פון סילוויו׳ן און לעאָ און די געמיינהייט פון דער בורזשואַזנער סביבה וואו לעאָ האָט געזוכט הילף. קיין ראָמאַן האָט מיר אַזוי ניט גערפענט די אויגען, ווי דער ראָמאַן „איינער אין פעלד איז ניט קיין העלד“; ער האָט אויפגעשטעלט צוויי לאַגערען שאַרף און דייטליך איינער אַנטקעגען אַנדערען; אין איין לאַגער זיינען געווען הויכע ציעלען, קאַמף און ליידען; אין צווייטען לאַגער — אַ זאַטע צופרידענקייט מיט זיך אַליין, אַ פוסטער און גילדענער לעבענס מיש־מאַש. און די אָפּשאַצונג, וואָס איך האָב דאַן געמאַכט אין דער עלטער פון דרייצעהן יאָהר, איז געווען אַזאַ ריכטיגע, אַז ווען איך האָב מיט אַ

סך יאָהרען שפּעטער איבערגעלייענט דעם זעלבען ראָמאַן נאָך אַמאָל, האָב איך דעם ערשטען איינדרוק ניט געביטען.

די גייסטיגע געשטאַלט ביי די מענשען נעמט, געוועהנליך, אָן אַ געוויסע פאָרמע אונטער'ן איינפלוס פון קוים מערקבאַרע קנייטשעלאַך, וואָס עס מאַכען דאָרטען מענשען, ביכער און אויך די סביבה, אין וועלכער מען לעבט. עס טרעפט אָבער אַלע מאָל, אַז איינער פון אָט די אויסגערעכענטע עלעמענטען מאַכט אין דער נשמה אַזאַ טיף קנייטשעלע, אַז עס ווערט אוועקגעלעגט אַ פונדאַמענט פאַר עפּעס נייעס.

אין מיין נשמה האָט אַזאַ פונדאַמענט אוועקגעלעגט נעקראַסאָוו'ס ווערק „סאַשאַ“, וואָס דער לעהרער פּראָפּירעוו האָט אונז געגעבען איבערלייענען און געהייסען שרייבען וועגען דעם.

דער אינהאַלט פון נעקראַסאָוו'ס געדיכט „סאַשאַ“ איז באַקאַנט. דער קלוגער, געבילדעטער און געניטער אַגאַרין פאַלט אַריין פון דער הויפּט־שטאָדט אין אַ קליין, פאַרוואָרפען דערפעל. דאָרטען טרעפט ער זיך, אין אַ פּשוט'ער פּאַטריאַרכאַלער פאַמיליע, מיט אַ מיידעל, וואָס האָט נאָך ניט קיין אידעען. ער הויבט זי אָן אַנטוויקלען און בילדען, ער רעדט מיט איהר זעהר אַ סך און זעהר שעהן וועגען געזעלשאַפטליכע שטרעבונגען און וועגען אַרבייט פאַר'ן פאָלק. אונטער'ן איינפלוס פון זיינע רייד, וואַקסען אויס ביי סאַשאַ'ן אין דער נשמה שטרעבונגען און אידעען, און מיט אַ יאָהר, אָדער מיט צוויי שפּעטער, ווען זי טרעפט זיך ווידער מיט איהם, קומט איהר אויס זיך צו אַנטוישען אינ'ם לעהרער. די סאַשאַ, וועלכע איז גייסטיג אויסגעוואַקסען, דערזעהט מיט אַמאָל דאָס ריכטיגע געשטאַלט פון אַגאַרינ'ען; זי איבערציינגט זיך, אַז ער איז ניט מעהר ווי אַ פּוסטער פלוידער־זאַק, וואָס בלאַנקעט זיך אַרום אויף דער וועלט און זוכט עפּעס, וואָרפענדיג שעהנע פראַזען און מעהר גאָר ניט; סאַשאַ דערזעהט, אַז איהר העלד, אין וועמען זי איז געוועזען אַזוי פאַרליבט, רעדט עפּעס אַנדערש און טוט ניט דאָס, וואָס ער רעדט; און אַן ענטוישטע געהט זי אַוועק פון דעם מענשען, וועמען זי האָט פריהער פאַרגעטערט.

אַ מיידעלע פון פופצעהן יאָהר בין איך געווען, ווען איך האָב אָט די פּאָעמע געלייענט, און וועגען קיין זאַך איז מיר דאַן נאָך ניט געהאַט אויסגעקומען צו טראַכטען אַזוי פיל, ווי וועגען איהר.

יענע פּאָעמע האָט מיך געלערענט, ווי אַזוי מען דאַרף לעבען און צו וואָס מען דאַרף שטרעבען. טאָן דאָס, וואָס מען פּרײדיגט — אָט וואָס יענע פּאָעמע האָט מיך אויסגעלערענט; פאָדערען דאָס זעלבע ביי אנדערע מענשען אויך — דאָס האָט זי מיך געלערענט. און דאָס איז געוואָרען דער דעוויז פון מיין לעבען.

# דריטער קאפיטעל

## די סביבה.



ינ'ם יאָהר 1869 בין איך אַרויס פונ'ם אינסטיטוט. אַרויס בין איך פון דאָרטען אַ לעבענסלוסטיגע, אַ פרעהליכע און שטיפערישע מיידעל. און כאָטש איך בין, לויט מיין אויסערליכען אויסזעהן, דאַן געוועזן אַן איינגעדאַרטע און אַן איינגעקוואַרטע, בין איך אָבער אין דער אמת'ען געוועזן געזונט קערפּערליך און גייסטיג. אָבער קיין מענשען האָב איך ניט געקענט און ניט פאַרשטאַנען, ווייל דאָס לעבען אַליין איז מיר געווען פרעמד און איך האָב געאורטיילט מענשען לויט די ראָמאַנען און ערצעהלונגען, וואָס איך האָב אין אינסטיטוט געלייענט.

אין אינסטיטוט איז פאַר מיר די ווירקליכקייט געווען פאַרשטעלט, און אין דער היים, אינ'ם דאָרף ניקיפאָראָווא, וואוהין איך פלעג זומער קומען מיט מיין שוועסטער, האָבען מיר אויך שטענדיג געזעהן נאָר די אייגענע מענשען און ניט קיין אַנדערע. בלויז איינמאָל, צוויי יאָהר איידער איך בין אַרויס פונ'ם אינסטיטוט, ווען איך בין דאָס לעצטע מאָל געקומען אַהיים צו גאַסט, זיינען צום טאַטען געקומען צוויי יונגע לייט, און איינער פון זיי — געדענק איך — איז געווען אַ סטודענט פונ'ם קאַזאַנער אוניווערסיטעט, וואו ער האָט געלערענט נאַטור־וויסענשאַפט. די צוויי יונגע לייט האָבען ביי אונז פאַרבראַכט אַ פיר טעג, און דער סטודענט, וועלכער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו ריידען אַ סך, האָט דערצעהלט מעשות וועגען דער זון, וועגען דער לבנה מיט די שטערען; געקריטיקירט די ערציהונג, וואָס מען קריגט אין אינסטיטוט, געזאָגט אַז ער גלויבט ניט אין קיין מופתים און אָפּגעלאַכט פון רעליגיאָן.

ער האָט דאַן געהאַט ביי זיך אַ באַנד פון דאָבראָליובאָוו'ס שריפטען, האָט ער פאַר מיר איבערגעלייענט צוויי אַרטיקלען: „דער גראַף קאַוואור און דער גייסטליכער גאַוואַצי" און אַ קריטיק

אויף אסטראווסקי'ס פיעסע „דער שטורם". די קריטיק האט גע־הייסען „א שטראהל פון דער זון אין דעם קעניגרייך פון פינסטער־ניש". קיין סך האב איך אין דעם ניט געקענט ווייסען, ווייל אין יענער צייט האב איך נאך ניט געהאט געלעזען קיין איין פיעסע אסטראווסקי'ס.

קיין באזונדער איינדרוק האט אויף מיר יענע באקאנטשאפט ניט געמאכט, אבער זי איז מיר דאך געבליבען אין זכרון אלס די איינציגע.

מיינע עלטערען האבען שטענדיג געוואוינט אין דארף. און ווען איך בין ארויס פונ'ם אינסטיטוט, בין איך צוריק אריין אין דער זעלבער סביבה וואס פריהער. ביי אונז אין דארף איז אלע מאל געווען שטיל, פשוט און רוהיג און דאס ברענגט א מענשען דערצו, אז ער זאל זיין ערנסט.

די נייגונג צו ערנסטקייט האט מען אין מיר אנטוויקעלט נאך אין אינסטיטוט, און א סך האב איך דערפאר צו פארדא־קען מיין קלאסענער דאמע, דער טשארנאאוסאווא. ווייל איך וועל לעבען, וועל איך ניט פארגעסען די ווערטער, וואס זי האט איינ־מאל געזאגט א שילערין, וועלכע איז געווען זעהר א פוילע. „איהר מיינט, — האט זי איהר געזאגט, — אז ווען איהר וועט ארויס פונ'ם אינסטיטוט, איז שוין א סוף צום לערנען? ניין! לערנען איז אזא זאך, וואס האט קיין סוף ניט, און כל זמן מען לעבט, דארף מען לערנען און לערנען, ביז מען שטארבט".

אט די אמת'ע ווערטער, וועלכע קלינגען, דאכט זיך, אזוי באנאל, האב איך דאן געהערט דאס ערשטע מאל. דאס האט מיך געצוואונגען זיך צו פארטראכטען און איך קען זאגען, אז זיי האבען מיר באלויכטען דעם מוח. איך האב זיי אויף קיין פאל ניט געקענט פארגעסען.

אבער פריהער פון אלץ בין איך דאנקבאר מיין מאמען. זי האט פאר מיר אויף דעם געביט ווירקליך א סך געטאן: אזוי שנעל ווי איך בין ארויס פונ'ם אינסטיטוט, האט זי מיך אנגע־הייבען לערנען ווי אזוי זיך אפצוגעבען מיט גייסטיגער ארבייט. זי האט מיר געגעבען לייענען דעם בעסטען זשורנאל, וואס איז ארויסגעגאנגען אין יענער צייט: „אטיעטשעסטווענניע זאפיסקי"; ציוושען איהרע ביכער האב איך געפונען דעם „סאוורעמעניק", און ביים פעטער — דעם „רוסקאיע סלאווא", די „סלאווא" און אויך דעם זשורנאל „דיעלא".

די סביבה איז געווען די זעלבע, וואָס פריהער. קיין באַקאַנטע פּריצים האָבען מיר כמעט ניט געהאַט; קיין יונגע לייט און מיידלאַך אין מיין עלטער האָב איך אין די אויגען ניט געזעהן, און די איינציגע, מיט וועמען מיר האָבען זיך יאָ אָפּט געטראָפען, זיינען געווען צוויי פאַמיליעס: דער פּעטער פּ. ה. קופּריאַנאָוו מיט דער ווייב און גאַלאָווין מיט דער ווייב. מיט זיי האָט זיך עס אָנגעהויבען און מיט זיי האָט זיך עס געענדיגט.

איך מוז אָבער צוגעבען, אַז אָט די צוויי פּאָרלאַך זיינען געשטאַנען אַ סך העכער פון די אַלע אַנדערע פּריצים אין יענעם געגענד. זיי זיינען געווען „דענקענדע רעאַליסטען" (אַ טערמין, וואָס איז נאָך דאַן אין מיין שפּראַך ניט געווען), און ליבעראַלע דעמאָקראַטען. קיין סאָציאַליסטען זיינען זיי ניט געווען און איך האָב פון זיי קיינמאָל קיין וואָרט ניט געהערט וועגען סאָציאַליזם. די נעמען פון די ערשטע לעהרער פון דער סאָציאַליסטישער טעאָריע: פוריע, סענט־סימאָן און אַנדערע האָבען זיי קיינמאָל ניט דערמאָנט. איך האָב דאַמאָלט נאָך אַפילו גאָר ניט געוואוסט וועגען לאַסאַל'ן, מיט וועמענס גלענצענדער אַרבייט גאַנץ דייטשלאַנד האָט געקלונגען אין די זעכציגער יאָהרען. און ווען איך בין געקומען קיין אויסלאַנד און דאָס ערשטע מאָל דערהערט ריידען וועגען דעם גרויסען אַרבייטער פיהרער, האָב איך אויפגעשטעלט מויל און אויערען, און ווען איך האָב זיך אויך אַריינגעמישט אין'ם געשפּרעך, האָב איך לאַסאַל'ס נאָמען פאַרביטען אויף לאַפּלאַס,*) און אַזוי ווי איך האָב זיך זעהר געשעהמט דערמיט, וואָס איך בין אַזוי אומוויסענד, האָב איך געבעטען, מען זאָל מיר זאָגען ווער לאַסאַל איז געווען און וואָס פאַר אַ ראָלע ער האָט געשפּילט.

מיינע קרובים זיינען ניט געווען קיין רעפּובליקאַנער, כאָטש זיי האָבען גערעדט מיט גרויס באַגייסטערונג וועגען דער פּאָליטישער אָרדנונג אין דער שווייץ און אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען, און מיר שטאַרק גערעקאָמענדירט דיקסאָנ'ס צוויי ביכער: „די שווייץ און די שווייצאַרער" און „אַמעריקא און די

---

*) לאַפּלאַס איז געווען אַ באַריהמטער פראַנצויזישער מאַטעמאַטיקער איז אַסטראָנאָם. געלעבט אין די יאָהרען פון 1749 ביז 1827. ווען ער איז אַלט געווען 24 יאָהר איז ער שוין געווען באַריהמט און מען האָט איהם גערופען „דער ניוטאָן פון פראַנקרייך". — איבערזעצער.

אמעריקאנער". די צוויי ביכער האָבען מיר ווירקליך פארשאפט גרויס פארגעניגען!

זיי האָבען אָבער קיינמאָל ניט גערעדט וועגען דעם, ווי אזוי מען וואָלט געקענט איינפיהרען אזא אָרדנונג אין רוסלאנד אויך. און איך בין נאָך דאן געווען אזוי וועניג אנטוויקעלט, אז מיר איז גאָר ניט איינגעפאלען צו פרעגען, פאר וואָס אין רוסלאנד איז ניט אזוי.

פון פיסארעוו'ן האָבען זיי זעהר שטארק געהאלטען, נאטור־וויסענשאפט האָבען זיי זעהר הויך געשעצט און א דאנק זייער אָנווייזונג, האָב איך איבערגעלייענט די ווערק פון דארווין, ליאעל, ליוס, פאָגט און אויך די פּאָפּולערע אַרטיקלען, וואָס פיסארעוו האָט געשריבען. איך מוז אָבער זאָגען דעם אמת, אז ניט אלעס, וואָס איך האָב אין יענע ווערק געלייענט, האָב איך פארשטאנען.

אי דער אָנקעל, אי גאלאווין זיינען געווען פריידעקנדע מענשען, דעמאָקראטיש געשטימט, און זיי האָבען געהאלטען פון אלגעמיינער פאָלקס בילדונג, פון גלייכע רעכט פאר פרויען און אויך פון דעם, אז יעדער איינער דארף האָבען ארבייט און פארדינען געגונג צום לעבען. זיי האָבען אויך געהאלטען, אז א מענש דארף ניט זיין קיין אויסברענגער און טאָר ניט זיין פארקאָכט אין לוקסוס־זאכען.

דער געבילדעטסטער פון זיי אלעמען איז געווען דער אָנקעל און איך געדענק נאָך, ווי ער פלעגט חוזק מאכען פון די גילדענע צאַצקעס און טייערע קליידלאך, וואָס איך האָב געטראָגען. „בארעכען אומיסטען, וועראָטשקא, — פלעגט ער מיר זאָגען, — וויפיל פּוד קאָרן עס הענגט ביי דיר אויף די אויערען אינ'ם גע־שטאלט פון אויערינגלאך!" און לויט זיין חשבון איז אויס־געקומען, אז איך טראָג אויף די אויערען פופציג פּוד קאָרן. אָדער: — „וויפיל פּוד האָבער וואָלט מען געקענט קויפען פאר דעם קליידעל, וואָס דו טראָגסט?"

אָט אזעלכע פראגען פלעגט ער מיר אליין שטעלען.

מיינע קרובים זיינען געווען זיכער, אז אין אינסטיטוט האָט מען ביי מיר אנטוויקעלט א שטרעבונג צו רייכקייט און לוקסוס, און אויף דעם חשבון האָבען זיי באשלאָסען, אז איך וועל אודאי חתונה האָבען מיט אן אלטען מאן, וואָס האָט א סך געלד. אין אלגעמיין האָבען זיי די ערשטע צייט געהאט

וועגען מיר זעהר ניט קיין געהויבענע מיינונג, און ניט איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערען ווי זיי זאָגען אַרויס זייער מיינונג גאַנץ אָפען. מיר האָט דאָס זעהר שטאַרק וועה געטאָן.

איינמאָל — דאָס איז געווען אין א זומער — האָב איך זיך אויפגעכאַפּט שפּעט ביינאַכט. אַלע זיינען דאָן געשלאָפען. נאָר אויפ׳ן באַלקאָן זיינען נאָך געזעסען צוויי מענשען און האָבע גערעדט — מיין מאַמע׳ס אינגערע שוועסטער, וואַריא, און א קוזינע, וועלכע איז געקומען פון קאַזאַן. גערעדט האָבען זיי פון מיר און פון מיין שוועסטער לידאָטשקאַ.

„לידאָטשקאַ וועט זיין א טיפער מענש, — האָט מיין מאַמע׳ס שוועסטער געזאָגט, — פון איהר וועט עפּעס אַרויסקומען. וועראָטשקאַ אָבער איז ניט מעהר ווי א שעהנע קוקלע. זי איז פּונקט ווי דאָס קאָלירטע לאַמטערענדעל, וואָס הענגט ביי איהר אין צימער, פון דרויסען קוקט עס אויס שעהן, אָבער די זייט, וואָס הענגט צו דער וואַנט, איז פּוסט“.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך זיך איינגענורעט אונטער דער קאָלדרע און זיך גוט אויסגעוויינט. אין יענער צייט איז נאָך ניט געווען לעאָניד אַנדרעיעוו׳ס „עס איז א בזיון צו זיין גוט“, און גיסענדיג מיט טרערען, האָב איך זיך אליין געפרעגט, ווי אַזוי מען ווערט גוט.

אין די זשורנאַלען, וואָס איך האָב געלייענט, האָב איך ניט דורכגעלאָזען קיין איין זאַך פון די שרייבער דעמערט, שאַשקאָוו, פּאַרטוגאַלאָוו און שעלגונאָוו. די מאַמע און דער אָנקעל האָבען מיר אַלע מאָל אָנגעוויזען, וואָס צו לייענען. דער אָנקעל איז געווען א שטאַרקער אָנהענגער פון טשערנישעווסקי׳ן, דאָבראָ־ליובאָוו׳ן און פּיסאַרעוו׳ן, אָבער פון פּיסאַרעוו׳ס ווערק האָט ער מיר געגעבען לייענען זעהר ווייניג, און טשערנישעווסקי׳ן האָב איך פּשוט ניט פאַרשטאַנען.

אַלס א כלל־טוער, האָט דער אָנקעל קופּריאַנאָוו פּרנומען זעהן אָן אָנגעזעהענעם פּלאַץ און אַלס א ריכטער האָבען אַלע פאַר איהם געהאַט גרויס אָפּשיי. א דאַנק איהם פלעגט מען ביי אונז אין שטוב גאַנץ אָפט ריידען וועגען פאַרשיידענערליי געזעלשאַפטליכע ענינים, כלל זאַכען, און דערביי איז אויסגע־פיהרט געוואָרען דער געדאַנק, אַז א מענש דאַרף אין זינען האָבען ניט נאָר זיך און זיין פאַמיליע, נאָר אויך דעם כלל, די געזעלשאַפט. און דאָס האָט מיר געטאָן א גרויסע טובה און

גנעפּענט די אויגען, ווייל ווען איך בין אַרויס פונ׳ם אינסטיטוט, בין איך געווען רוי און מען האָט נאָך פון מיר אַלעם געקענט מאַכען. מיין מוח איז געווען א גינסטיגער באָדען, וואו מען האָט געקענט איינפּלאַנצען ליבע צו וויסענשאַפט און בילדונג און א שטרעבונג צו געזעלשאַפטליכקייט און געזעלשאַפטליכע ארבייט.

און אָט די אַלע איינגעפּלאַנצטע זאַכען זיינען אויסגעוואַקסען א דאַנק די אייגענע מענשען און א דאַנק דער סביבה, אין וועלכער איך האָב געלעבט.

זיך אַראָפּגענומען א מוסר.

ווען איך בין אַלט געווען צוועלף יאָהר און זיך געלערענט אין פינפטען קלאַס אין אינסטיטוט, האָט זיך ביי די גאַלאָווינ׳ס אין דער משפחה געטראָפען אַן אומגליק, וואָס האָט אין גאַנצען געענדערט זייער לעבען. מעטשעסלאַוו פּיליציאַנאָוויטש גאַלאָווין איז, לויט זיין אָפּשטאַמונג, געווען א פּאָליאַק, און ערצויגען האָט ער זיך אין רוסלאַנד. זיין מוטער אָבער און אויך זיינע שוועסטער און ברידער — לאַנד־באַזיצער אין קרוין־פּוילען, — האָבען געוואוינט אין וואַרשע.

איבער דעם, וואָס זיי זיינען געווען פאַרמישט אין דעם פּוילישען מיאַטעזש אינ׳ם 63טען און 64טען יאָהר, האָט מען זיי אַרעסטירט, די גיטער, וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט, האָט מען קאָנפיסקירט, און זיי אַליין האָט מען פאַרשיקט אין איינער פון די רוסישע גובערניעס. דאַן האָבען זיך די זשאַנדאַרען אין וואַרשע דערמאָנט אָן מעטשעסלאַוו פּיליציאַנאָוויטש, וועלכער האָט אין טעטיושער אויעזד אָנגעהאַלטען א שטעלע אַלס א דירעקטאָר אין א וואַלד. ער איז געווען דער מאַן פון מיין טאַנטע יעליזאַוועטאַ כריסטאָפאָראָוונאַ קופּריאַנאָוואַ.

געוואוינט האָבען זיי צוויי ווערסט פון אונז, אינ׳ם דאָרף זובאַרעווקאַ, אין דער שעהנער אימעניע פון זייערען א פריינד, א לאַנד־באַזיצער, וועלכער האָט שטענדיג געוואוינט אין פּעטערבורג. גערוכט האָט זיך, אַז זיי וועלען שטענדיג אַזוי לעבען שטיל און רוהיג, אָבער גאָר אומגעריכטערהייד, אין א פינסטערער נאַכט, האָבען זשאַנדאַרען געמאַכט אַן איבערפאַל ביי זיי אין הויז, פאַרכאַפּט אייניגע בריף, אַרעסטירט גאַלאָווינ׳ען און איהם אַוועקגעפיהרט קיין קאַזאַן.

די דאָזיגע פּאסירונג האָט אָנגעמאכט אַ גאַנצע איבערקע־רעניש ביי אונז אין דעם פּאַרוואָרפענעם ווינקעל, און די טאַנטע, וועלכע האָט דאָן געשוועגערט מיט'ן ערשטען קינד, איז געוועזן שרעקליך פארצווייפעלט.

דריי חדשים האָט מען גאַלאָווינ'ען געהאַלטען פארשפּאַרט אין פעסטונג, דערנאָך האָט מען איהם אַרויסגעלאָזט פריי און צוגענומען ביי איהם דאָס רעכט צו פאַרנעמען אַ רעגירונגס שטעלע. די לאַגע פון דעם יונגען פּאָר פאָלק איז געוועזן אַ שרעקליכע. וואָרים גאַלאָווין איז פון תמיד אָן געוועזן געוואוינט צו לעבען גוט און האָבען אַלע באַקוועמליכקייטען, און די טאַנטע יעליזאַוועטאַ, ווי איך האָב שוין פריהער דערצעהלט, איז געוועזן אַן אינסטיטוטקע פונ'ם אַלטען שניט דורך און דורך; זי האָט ליב געהאַט גוט אויפצופּאַסען אויף זיך, און דערצו איז זי נאָך געוועזן זעהר אומבאַהאָלפען אין ווירקליכען לעבען. עס איז זיי ביידען געוועזן זעהר שלעכט; קיין געלד האָבען זיי ניט געהאַט, קיין שטעלע האָט ער ניט געקענט קריגען, און איבער דעם האָבען זיי געמוזט אינגאַנצען ענדערען דאָס לעבען, וואָס זיי האָבען פריהער געפיהרט.

אַרויסגעראַטעוועט פון די צרות האָט זיי איינער אַ רייכער און זעהר אַ קאַרגער מאַן, קאַרל איוואַנאָוויטש קראַמער האָט ער געהייסען.

דער דאָזיגער קאַרל איוואַנאָוויטש איז געוועזן אַזוי קאַרג, אַז אינ'ם גאַנצען געגענד אַרום און אַרום האָט מען וועגען איהם דערצעהלט אָהן אַ שיעור אַנעקדאָטען. אַליין איז ער געוועזן אַ אויעזדנער דאָקטאָר נאָך אין יענער צייט, איידער מען האָט באַפרייט די פּויערים פון דער „פּאַנשטשינאַ“, און מיין מאַמע האָט מיר דערצעהלט, אַז אין דער צייט, ווען מען האָט גענומען רעקרוטען אין דער אַרמעע, איז ער נתעשר געוואָרען. יעדער רעקרוט, וואָס האָט זיך געוואָלט אויסדרעהען, מען זאָל איהם ניט אָפּנאָלען דעם קאָפּ, האָט ביים שווענקען דאָס מויל געוויזען דעם דאָקטאָר אַ מטבע אויף דער צונג.

דער אַלטער קאַרל איוואַנאָוויטש קראַמער איז נאָך געוועזן גוט באַפריינדעט מיט מיין זיידען. מיין מוטער האָט ער גע־דענקט נאָך פון יענער צייט, ווען זי איז אַ קליינע מיידעלע געוועזן, און ווען מיין מאַמע'ס שוועסטער איז געוואָרען אָרים, האָט ער איהר אַרויסגעהאָלפען. ער האָט געגעבען איהר מאַן אַ

שטעלע אויף א פארמע, און דער פריץ גאלאווין האט פארגעסען אן די אמאליגע גוטע צייטען און זיך גענומען צו דער ארבייט; אנגעטאן אין א לייווענטענעם גארניטור, פלעגט ער זומער אפ־ליגען גאנצע טעג אויפ'ן פעלד און טאן די שווערסטע ארבייט, און די טאנטע האט אויך פארגעסען אן די אמאליגע גוטע צייטען, זיך אויסגעלערענט קאכען און באקען און פיהרען א בעל־הבית'ישקייט.

די ענדערונג, וואס איז פארגעקומען אין זייער לעבען, האט אויף מיר דאן א געוואלדיגען איינדרוק געמאכט און מיר איז שטארק געפעלען געווארען ווי אזוי זיי האבען זיך צוגעפאסט צו די נייע אומשטענדען און אינגאנצען געווארען אנדערע מענ־שען.

אין יענער צייט פלעג איך גאנץ אפט קומען צו זיי צו גאסט און איך האב באמת געהאט א זעלטענעם פארגעניגען אין זייער געזעלשאפט, ווייל חוץ דעם, וואס זיי זיינען ביידע גע־ווען זעהר פיינע און וואוילע מענשען, זיינען זיי נאך געווען ארבייטסזאמע, מוטיגע, און ביי זיי אין הויז האט שטענדיג גע־הערשט אן אטמאספערע פון אמת'ער ליבע און גאסטפריינד־ליכקייט.

צו מיר האבען זיי זיך שטענדיג באצויגען זעהר ווארים און צערטליך. און איך געדענק נאך, ווי איין מאל, אין א זומער־דיגען טאג, ווען די זון האט געהאלטען ביים פארגעהן, בין איך, אן אכצעהן יעהריגע מיידעל, געזעסען ביי זיי אין שטוב און געקוקט דורכ'ן פענסטער ווי די זון זעצט זיך, און דאן איז מעטשעסלאוו פיליציאנאוויטש צוגעגאנגען, און אריינקוקענדיג מיר טיף אין די אויגען, האט ער אנגעהויבען דעקלאמירען פון נעקראסאוו'ן: „וואס קוקסטו אזוי פארבענקט אויפ'ן וועג?" און ווייטער: „דער מאן וועט דיך שלאגען און די שוויגער וועט דיך טאן אין טויט אריין". און מיר האט זיך געדוכט, אז דאס דעקלאמירט ער ניט גלאט אזוי אין דער וועלט אריין, נאר ער ווארענט מיך פאר דעם שיקזאל, וואס שטעהט מיר פאר: איך וועל חתונה האבען, ווערען א מאמע פון קינדער און שטענ־דיג זיין פארנומען מיט דער קיך און מיט דער בעל־הבית'ישקייט. די געדאנקען וועגען דעם האבען ביי מיר שוין דאן געארבייט, און הערענדיג זיין ווארנונג, האב איך מיר געטראכט: „ניין,

איך וועל ניט חתונה האָבען און זיך ניט לאָזען אריינשלעפּען אין דעם הו־הא פונ׳ם געוועהנליכען לעבען".

דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבען סימפּאטיזירען מיט פּוילען און מיט איהר שטרעבונג צו זעלבסשטענדיגקייט און פרייהייט.

איינער פון די זעמסקי דאָקטוירים אין אויעזד איז געווען א פּאָליאַק מיט׳ן נאָמען סווענטיצקי, זעהר א פרעהליכער און זעהר א קלוגער מענש, און עס איז געווען א פארגעניגען צו ריידען מיט איהם. צו אונז אין הויז פלעגט ער אריינקומען גאנץ אָפט, צוזאמען מיט זיין יונגער פרוי, וועלכע איז אויך געווען א פּוילישע. און זומער, געדענק איך, פלעגען אלע אָפּטמאָל קומען צו אונז — די סווענטיצקי׳ס, די קופּריאַנאָוו׳ס און די גאַלאָווין׳ס. פארנאכט, איידער מען האָט זיך אוועקגעזעצט שפּילען אין קאָרטען, האָט מען גערעדט וועגען פּוילען, וועגען די פּאסירונגען, וואָס קומען דאָרט פאָר און וועגען דעם, ווי אזוי מען האָט דאָרטען אונטערדריקט דעם אויפשטאנד.

דאָן פלעגט דער דאָקטאָר סווענטיצקי ארויסנעמען פון קע־שענע א בילד, אויף וועלכער מוראוויאָוו דער תליון איז געווען אויסגעמאָהלען אין דעם געשטאַלט פון א בייזען הונט, און גאָ־לאָווין פלעגט ווייזען די בילדער פון זיינע שוועסטער, אָנגעטאָן אין פּוילישע נאציאָנאלע קאָסטיומען. און דערביי האָט מען הוזק געמאַכט פון דעם טעטיושער זשאנדארם־אָפיציער, וועלכער האָט אין אונזער פארוואָרפען ווינקעל געהאַלטען אין איין זוכען פּוילישע „בונטאָווטשיקעס".

אויף דער נאכט איז מען געזעסען אויפ׳ן גאניק. די מאמע פלעגט זיך פארקוקען אויף די געדיכטע בוימער און שטיל־רהייד לאָזען וויסען, אז זי זעהט דאָרטען דעם זשאנדארם־אָפיציער, און דאָן פלעגט דער דאָקטאָר סווענטיצקי אָנהויבען דעקלאמירען די פּאָעמאַ „א געצוואונגענע הייראט", אין וועלכער עס ווערט אויסגעדריקט דער געדאנק ווי אזוי פּוילען איז געגען דעם שידוך מיט רוסלאנד און מענה׳ט אליין: „איך בין באליידיגט, איך בין געקריוודעט... איך בין פארראטען, איך בין פאר־קויפט.... איך בין געפאנגען, איך בין א שקלאף, אָבער ניט קיין ווייב!"

שטימונג.

עטליכע חדשים נאָכדעם, ווי איך האָב געענדיגט דעם אינ־סטיטוט, האָב איך שוין דערפיהלט, ווי אומצופרידען איך בין

מיט דעם שטילען דאָרפישען לעבען, וואָס האָט ניט קיין זין און קיין צוועק. וואָס טוט מען און צו וואָס זאָל איך זיך נעמען? — האָב איך געטראַכט. ווערען אַן אַקטריסע? אָדער ווערען אַ לעהרערין? צו דער ביהנע האָט עס מיך דווקא יאָ געצויגען, אָבער איך האָב ניט געהאַט דעם מינדעסטען באַגריף וועגען דעם. און אַ לעהרערין האָב איך אויך ניט געקענט זיין; איך האָב זיך איבערציינגט אין דעם, ווען איך האָב אָנגעהויבען צו־גרייטען מיין אינגערע שוועסטער יעווגעניאַ פאַר'ן אינסטיטוט.

אַז אַ פרוי זאָל גאָר טראַכטען וועגען לערנען אין אַ או־ניווערסיטעט — דאָס איז אין יענער צייט אין רוסלאַנד געווען אַ נאָווינע. און ווען איך האָב אינ'ם זשורנאַל „סלאָוואָ" אי־בערגעלייענט, אַז אַ רוסישע מיידעל מיט'ן נאָמען סוסלאָווו האָט אין צוריכער אוניווערסיטעט געקראָגען אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם, האָב איך באַשלאָסען אַריינצוטרעטען אין אוניווערסיטעט און שטו־דירען מעדיצין.

און דאָ מוז איך זאָגען, אַז ווען איך האָב אָנגענומען אָט דעם באַשלוס, האָב איך ניט געטראַכט וועגען פליכטען צום פאָלק און איך האָב ניט איבערגעלעבט דאָס, וואָס אַנדערע פריצישע קינדער, וועמען דער געוויסען האָט געפּלאָגט און זיי האָבען דעריבער באַשלאָסען צו לערנען ווייטער און ווערען דאָקטוירים אין די דערפער, כדי צו העלפען די אָרימע פּויערים. אָט דער געדאַנק וועגען העלפען די אָרימע פּויערים אין די דערפער איז מיר געקומען אין קאָפּ אַריין ערשט שפּעטער, אונ־טער'ן איינפלוס פון דער ליטעראַטור.

איך האָב געפיהלט אין זיך אַ מאַסע ענערגיע, און חוץ דעם איז מיר גלאַט געווען גוט אויפ'ן הארצען פון דעם וואָס איך בין פּטור געוואָרען פון דעם פאַרשלאָסענעם אינסטיטוט און בין אַ פרייער מענש. אַלעס האָט געשטורעמט אין מיר, אַלעס האָט געקאָכט אין מיר; עס האָט מיך געריסען און געצויגען צום לע־בען, און דווקא צו אַזאַ לעבען, וואו מיין איינגענע ענערגיע און מיין איינענע שטימונג זאָלען זיך קענען אַרויסווייזען.

ביי מיר אַליין — מיט רעכט, אָדער ניט — איז גאָר קיין צווייפעל ניט געווען, אַז איך שטעה העכער פון די אַנדערע מייד־לאַך, וואָס איך קען, און עס האָט מיר שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס אַלע האָבען מיך ליב. איך בין געווען דאַנקבאַר. וועמען? די חבר'טעס, וועלכע האָבען מיך ליב געהאַט? די לעהרער, וועלכע

האָבען שטאַרק געהאַלטען פון מיר און מיך באַלוינט מיט אַ גילדענעם מעדאַל אַלס די ערשטע שילערין?... די טאַטע־מאַטע, וועלכע האָבען מיך געקעכעלט און געציטערט איבער מיר נאָכדעם ווי איך בין אַרויס פון אינסטיטוט? דער זון, וואָס האָט באַשיינט אַזוי מילד די ברייטע פעלדער? די שטערען, וואָס באַלויכטען דעם גאָרטען ווען עס קומט אָן די נאַכט?... דאָס איז געווען אַ דאַנקבאַרקייט — אין אַלגעמיין. אַ דאַנקבאַרקייט צו אַלעם און צו אַלעמען.

איך האָב גלאַט געפיהלט, אַז איך בין דאַנקבאַר דערפאַר וואָס ס׳איז דאָ וועלט און אַ לעבען. איך האָב אויך געפיהלט, אַז איך דאַרף טאָן עפּעס גוטס... אי פאַר זיך, אי פאַר יענעם.

אין איינער פון די ערצעהלונגען, וואָס עליזאַ אָרזשעשקאָ האָט אָנגעשריבען, ווערט געשילדערט ווי אַ מאַדאָנאַ שטעהט אויפ׳ן שפּיץ פון אַ טעמפּעל, איהרע הענד זיינען אויסגעשפּרייט צו דער וועלט, און פון זיי, פון די הענד וואָס שטרעקען זיך צו די דערשטיקטע טרערען פון די אומגליקליכע, וועבען זיך גילדענע פעדים, וואָס באַלויכטען און דערוואַרימען די אַלע, וואָס נויטיגען זיך אין ליבע און אין מיטגעפיהל.

איז דאָס ניט דער סימבאָל פון דער גוטער שטימונג אין יעדער געזונטער יונגער נשמה, וואָס טרעט אַריין אין לעבען מיט פרייד און האָפענונג?

האָט דען ניט יעדער איינער פון אונז איבערגעלעבט אַזאַ צייט ווען עס דוכט זיך, אַז מען שטעהט אויפ׳ן שפּיץ פון אַ הויכען טעמפּעל, און דאַן פיהלט מען אַ שטאַרקען פאַרלאַנג צו וואַרפען אַרום זיך גילדענע שטראַהלען פון גליק? אין אַזאַ צייט גלוסט זיך אַ מענשען, אַז דאָס גאַנצע לעבען זאָל שטימען מיט איהם...

איך בין דאַן געווען געזונט, פרעהליך, שעהן און קרעפטיג...

...און אַרום און אַרים איז געווען אַ דאָרף. אין דאָרף איז געווען שמוציג און עס האָט דאָרטען געהערשט אָרימקייט, קראַנקהייט און גראָבקייט.

און דער גאָלדענער פאַרים פון דער רוסישער מיידעל קוסלאָוואַ האָט זיך אַ ציה געטאָן צו מיר און דערנאָך האָט ער זיך פאַרשפּרייט ווייטער, איבער׳ן דאָרף, איבער די אָרימע פויערים, כדי ער זאָל זיך שפּעטער אויסציהען נאָך ווייטער — צום פאָלק אין אַלגעמיין, צום פאַטערלאַנד און צו דער מענשהייט.

חוץ מיין אייגענער שטימונג איז מיר אויסגעקומען צו הערן א סך גוטע ווערטער אויך וועגען דעם ווי יעדער מענש דאַרף לע־בען ניט נאָר פאַר זיך, נאָר אויך פאַר דער געזעלשאַפט. מער ווי אַלע אַנדערע האָט מיט מיר וועגן דעם גערעדט מיין אָנקעל און זיינע רייד האָבן אויף מיר געמאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק און זיינען מיר שטאַרק אַריין אין קאָפּ אַריין. איך האָב פאַרשטאַ־נען, אַז אַזוי דאַרף דאָס זיין, אַז דאָס איז אַן אמת, וואָס קען פון קיינעם ניט אָפּגעלייקנט ווערן, און בטבע בין איך געווען פון די מענטשן, וואָס ווען זיי אַנערקענען אַ זאַך אַלס אַן אמת, שטעהן זיי דערפאַר.

איבער אָט די אַלע שטימונגען און איינדרוקען און געדאַנקען איז מיר געוואָרען ענג אין דאָרף און איך האָב זיך אָנגעהויבן רייסן אין דער ברייטער וועלט אַריין. די ידיעה וועגן דעם, אַז אַ רוסישע מיידעל האָט אין אַ צוריכער אוניווערסיטעט געקראָגן אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם, האָט פאַר מיר אָנגעצייכנט דעם וועג און איך האָב באַשלאָסן צו טאָן דאָס זעלבע. דאַן האָב איך אָנגע־הויבן אַרבייטן מעשים אַריינצוטרעטן אין אַ אוניווערסיטעט, אין צוריך, אין רוסלאַנד, אָדער וואו עס ניט איז, אבי איך זאָל אויסשטודירען מעדיצין, ווערן אַ דאָקטאָרשע און דערמיט העל־פען די אָרימע פּויערים אין רוסישן דאָרף, וואו עס הערשט שטענדיג קראַנקהייט און עס קומט גאָר קיינעם ניט.

עטליכע מאָל האָב איך געבעטען דעם טאַטען, ער זאָל מיר ערלויבען צו פאָהרען קיין אויסלאַנד לערנען אין אוניווערסיטעט, אָבער ער האָט מיר די ערלויבעניש בשום אופן ניט געוואָלט גע־בען. אין יענע צייטען האָט מען אין אַלגעמיין מורא געהאַט אָפּ־צולאָזען מיידלאַך פון דער היים, זיי זאָלען נאָך, חלילה, ניט אַוועק אויף אַ שלעכטען וועג.

איינמאָל בין איך צוגעשטאַנען צום טאַטען און האָב איהם געפרעגט:

— פאַרוואָס לאָזט איהר מיך ניט פאָהרען קיין אויסלאַנד? אפשר צווייפעלט איהר אין מיינע כוחות און איהר דענקט, אַז איך וועל זיך קיינמאָל ניט צושלאָגען צו דעם ציל, וואָס איך האָב זיך געשטעלט?

— ניין. — האָט ער געענטפערט. — איך צווייפעל ניט אין דיינע כוחות און איך בין זיכער, אַז צו וואָס דו וועסט זיך נעמען, וועסטו דאָס דורכפיהרען.

דאָס האָט מיר אונטערגעגעבן אַ סך מוט און נאָך שטאַר־קער געמאכט מיין ווילען.

און נאָך אַ פאַל האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דער אויסבילדונג פון מיין כאַראַקטער.

דאָס איז געווען אַזוי:

איך האָב געדאַרפט באַשליסען זעהר אַ וויכטיגע זאַך אין מיין לעבען. מיין טאַטע איז דאַמאָלט געווען קראַנק, און איינ־מאָל, פאַרנאַכט, ווען ער איז געזעסען ביים פענסטער אויף אַ שטוהל, בין איך צוגעגאַנגען צו איהם און זיך אָוועקגעשטעלט אויף די קני.

— טאַטע, גיב דו מיר אַן עצה! — האָב איך זיך ביי איהם געבעטען.

— איך קען דיר דאָ קיין עצה ניט געבען. — האָט ער גע־ענטפערט און פאַרדרעהט דעם קאָפּ אָן אַן אַנדער זייט.

דאַן האָב איך זיך אויפגעשטעלט, און עס האָט מיר אַזוי באַנג געטאָן און איך האָב זיך אַזוי געשעהמט פאַרוואָס איך האָב אַזוי געעפּענט מיין נשמה. „צו וואָס האָב איך דאָס געטאָן?“ — האָב איך זיך אַליין שיער ניט אויפגעגעסען אַ לעבעדיגע, און אין יענעם מאָמענט איז מיר שאַרף אריין אין קאָפּ דער געדאַנק, אַז ווען עס קומט צו אַ וויכטיגע זאַך, דאַרף אַ מענש אַליין באַשלי־סען וואָס ער האָט צו טאָן.

און איך קען זאָגען, אַז אין יענעם מאָמענט האָט זיך מיין נשמה קריסטאַליזירט.

מען הויבט מיך אָן פיהרען אויף בעלער.

פּונקט דאַן ווען איך האָב זיך אַזוי געריסען אריינצוטרעטען אין אוניווערסיטעט, האָבען מיך מיינע עלטערען אָוועקגעפיהרט קיין קאַזאַן און מיך דאָרטען אַריינגעפיהרט אין דער „געזעל־שאַפט“. אַזוי איז געווען דער שטייגער אין די פּריצ׳ישע הייזער אַמאָליגע יאָהרען: ווען אַ טאָכטער איז שוין אַ דערוואַקסענע מיידעל, דאַרף מען איהר „ווייזען די וועלט“.

מיין טאַטע האָט אין אויעזד געהאַט אַ גוטען פריינד, איי־נעם אַ וויקטאָר פּיאָדאָראָוויטש פּיליפּאָוו, אַן אַלטען לאַנד־באַזי־צער, אַ „מיראָוואָי פּאָסרעדניק“. ער אַליין האָט אַ גאַנץ יאָהר געוואוינט אין דאָרף, איינער אַליין, און זיין ווייב האָט געוואוינט

אין קאזאן, וואו די קינדער האבען געלערענט. דארטען האבען זיי אין צענטער פון שטאדט געהאט זעהר א גרויסע און שעהנע הויז.

ווען פיליפאוו האט זיך דערוואוסט, אז מיר קלייבען זיך קיין קאזאן, האט ער אונז פארגעשלאגען, אז מיר זאלען דארטען פאר־פאהרען צו איהם, און ווען מיר זיינען אין מאנאט דעצעמבער אהין ארויסגעפאהרען, האבען מיר זיך באנוצט מיט דער גאסט־פריינדשאפט פון זיין פאמיליע.

דארטען אין הויז האב איך זיך באקענט און יעדען טאג זיך געטראפען מיט פיליפאוו׳ס עלטסטען זוהן, וועלכער איז שוין דאן געווען אן אויספארשונגס ריכטער. אלעקסעי וויקטאראוויטש פי־ליפאוו האט ער געהייסען. איך בין איהם געפעלען געווארען, און עס איז שוין אויסגעקומען אזוי, אז אומעטום, אין טעאטער, אין קלאב און אויף אלע פריצישע אונטערהאלטונגען, איז ער געווען מיין קאוואלער און מיין באגלייטער.

אויף דעם ערשטען גרויסען באל, וואס מען האט מיך גע־פיהרט, האב איך זיך געפיהלט ניט אזוי היימיש. און ווען מען האט מיר פארקאמט די האר אין לאקען און מיר אנגעטאן א באלנע קלייד, בין איך געווארען זעהר קאפריזנע, און דאן, בין איך זיכער, האט מיר גאר געפאסט דער נאמען „גיב א טופע מיט׳ן פיסעל“ — א נאמען, וואס שפעטער האט מיר געגעבען איינער פון מיינע חברים־רעוואלוציאנערען, פיאדאר יורקאווסקי, וועלכער האט זיך באריהמט געמאכט מיט דעם וואס ער האט אונטערגע־גראבען די כערסאנער רעגירונגס־באנק און ארויסגענומען פון דארטען אנדערטהאלבען מיליאן רובעל פאר רעוואלוציאנערע צוועקען.

ווען איך בין אריינגעפאלען אין דעם גרויסען, רייכען, העל באלויכטענעם זאל, וואו צעהנדליגער שעהנע און גראציעזע פאר־לאך האבען זיך געדרעהט טאנצענדיג אונטער די קלאנגען פון מוזיק, האב איך זיך מיט אמאל דערפיהלט אזוי עלענד און עס איז מיר געווארען אזוי אומעטיג אויפ׳ן הארצען, אז איך האב זיך שיער ניט צואוויינט. אבער מיין באגלייטער אלעקסעי וויקטא־ראוויטש און נאך אייניגע יונגע לייט, פאר וועמען ער האט מיך פארגעשטעלט, האבען מיך ארומגערינגעלט, און באלד האב איך זיך שוין אויך געדרעהט אין קאן, צוזאמען מיט אנדערע טאנצענ־דע פארלאך און אין א פאר מינוט האב איך שוין פארגעסען אן מיין אומעט.

נאָכדעם בין איך שוין געווען אַן איינגענער מענש אויף די בעלער און איך האָב זיך געדרעהט אין קאַן גלייך מיט אַנדערע.

אין קאַזאַן האָבען מיר פאַרבראַכט ניט לאַנג, און ווען איך בין געקומען צוריק אין דעם פאַרוואָרפענעם דערפעל, איז מיר דער טומעל פון די בעלער גלייך אַרויס פונ׳ם קאָפּ.

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט אַלעקסעי וויקטאָראָוויטש פיליפּאָוו זיך איבערגעצויגען פון קאַזאַן קיין טעטיושי, כדי צו האָבען די געלעגענהייט אַריינצוקומען צו אונז אין הויז וואָס אָפטער. איך האָב מיט איהם זעהר אָפט פאַרבראַכט און פון די געשפּרעכען, וואָס מיר האָבען געהאַט איז אויסגעקומען, אַז ער האָט דיזעלבע מיינונגען וואָס איך און סימפּאַטיזירט מיט מיינע פּלענער. מיר האָבען צוזאַמען ביכער געלייענט, און זיין מיינונג איז אויך געווען, אַז אַזאַ מיידעל ווי איך דאַרף אַריינטרעטען אין אוניווערסיטעט.

עס איז ניט אַוועק קיין יאָהר זינט מיר האָבען זיך באַקענט, און דעם 18טען אָקטאָבער, אינ׳ם יאָהר 1870, האָבען מיר חתונה געהאַט אין דעם דאָרפישען קלויסטער, אין ניקיפּיראָווא. איך בין דאַן אַלט געווען אַכטצעהן יאָהר.

מיט עטליכע וואָכען שפּעטער איז מיין טאַטע געשטאָרבען און דערנאָך האָט זיך מיין מאַמע מיט די צוויי אינגערע טעכטער איבערגעקליבען קיין קאַזאַן, וואו מיינע צוויי ברידער — פּיאָטער און ניקאָלאַי — האָבען געלערענט אין גימנאַזיע און מיין שוועסטער לידיא האָט געהאַלטען אין ענדיגען דעם אינסטיטוט. איך און מיין מאַן האָבען זיך באַזעצט אינ׳ם דאָרף ניקיפּיראָווא, ווייל די שטאָדט קאַזאַן האָט אונז ניט געצויגען צו זיך.

נאָך דער חתונה האָט זיך מיין לעבען ניט געענדערט. די פראַגע וועגען אַריינטרעטען אין אוניווערסיטעט איז שוין געווען פעסט באַשלאָסען. דער איינציגער אָפּהאַלט איז בלויז געווען — געלט, און מיר האָבען אויסגערעכענט, אַז אין אַ יאָהר, אָדער אין אַנדערטהאַלבען יאָהר אַרום, וועלען מיר קענען אָפּשפּאָרען גענוג געלד צו פאָהרען קיין צוריך.

אַ דאַנק מיין קלאַסנער דאַמע טשאָרנאָאוסאָווא האָב איך געקענט דייטש גאַנץ נישט קשה׳דיג. ווען איך בין אַרויס פונ׳ם אינסטיטוט האָט מיין מוטער געקויפט פאַר מיר די ווערק פון שילער און געטע אויף דייטש און איך האָב זיי זעהר גערן געלייענט, און ווען איך האָב זיך אָנגעהויבען גרייטען אַריינצוטרעטען

אין אוניווערסיטעט, האָט מיר מיין מאַן געהאָלפען איבערגעהן די געאָמעטריע און אויך אַלגעברא, וואָס מען האָט אין אינסטי־טוט ניט געלערענט.

אין דער זעלבער צייט האָב איך צוגערעדט מיין מאַן, אַז ער זאָל אויפגעבען זיין אַמט אַלס אויספאָרשונגס־ריכטער און בעסער פאָהרען צוזאַמען מיט מיר אין דער שווייץ. נאָך דאַן בין איך שוין געווען איבערצייגט, אַז פארברעכענס זיינע אַ רעזולטאַט פון אָרימקייט און גראָבקייט, און דערפאַר איז מיר ניט געפעלען די ראָלע פון אַן אויספאָרשונגס־ריכטער. ניט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו הערען ווי ער נעמט אַן אָנגעקלאָגטען און הויבט איהם אָן שטעלען אַזוינע פראַגען, אַז ער זאָל זיך פאַרפּלאָנטערן און אריינפאַלען, און דאָס האָט מיך שטאַרק געקרענקט און גע־ערגערט. בין איך צוגעשטאַנען צו איהם, ער זאָל זיך בעסער נע־מען שטודירען מעדיצין, אָדער אַן אַנדער פּראָפעסיע, אַבי ער זאָל מעהר ניט זיין קיין אויספאָרשונגס־ריכטער. אין אָנפאַנג האָט ער קיין חשק ניט געהאַט אויפצוגעבען זיין אַמט, אָבער סוף כל סוף האָב איך ביי איהם געפּועלט, ער זאָל צוזאַמען מיט מיר פאָהרען קיין אויסלאַנד שטודירען מעדיצין.

מיינע אייגענע און אויך די פריינד און באַקאַנטע, וואָס איך האָב געהאַט, האָבען זיך צו מיר דאַמאָלט זעהר גוט באַצויגען; אַלע זיינען געווען זיכער, אַז איך האָב פאַר זיך אויסגעקליבען דעם ריכטיגען וועג און אַלע האָבען מיר געוואונשען ערפאָלג. איך אַליין ווידער האָב זיך שוין דאַן באַצויגען אַביסעל קריטיש צו די מענשען, וועמען איך האָב פריהער געקוקט אין מויל אריין און אַ סך געלערענט פון זיי.

עס איז אָנגעקומען די זעמסקע וואַהלען און דער פירסט וואָלקאָנסקי האָט געוואָלט ערוועהלט ווערען אַלס דער פאָרשטעהער פונ׳ם אויעזד און דער אופּראַוואַ. אַליין איז דער פירסט וואָל־קאָנסקי דוקא געווען זעהר אַ קלוגער מענש, ער האָט אָבער גע־האַט אַ גרויסען חסרון, ער איז געווען זעהר אַ פוילער און חוץ דעם האָט ער זיך צו אַלעם באַצויגען זעהר ציניש און זיך ניט געשעהמט צו זאָגען גאַנץ אָפען, אַז ער ארבייט בלויז פאַר די שכירות, וואָס ער קריגט און אַז ס׳איז איהם אַלץ איינס, פּאַשען חזירים, אָדער זיין אַ ריכטער. מיין אָנקעל האָט זיך דאַן שטאַרק געקאָכט, ווייל ער איז געווען זיכער, אַז וואָלקאָנסקי טויג ניט פאַר דעם אַמט, און איך האָב געדענקט, אַז ער וועט דערפאַר

אַרויסשטעלען זיין אייגענע קאַנדידאַטור. ער האָט דאָס אָבער ניט געטאָן. און פּונקט דאַן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער מאַן פון מיין פאַרשטאָרבענער טאַנטע וואריאַ, אַ געוועזענער סטודענט, וועמען מען האָט אויסגעשלאָסען פון אוניווערסיטעט דערפאַר וואָס ער האָט אויסגעדריקט זיין פּראָטעסט געגען דעם וואָס מען האָט אין בעזדני געשאָסען פּויערים*) — אַז ער אַליין טוט איצט אין טויט אַריין און אונטערדריקט די פּויערים אין זיין אימעניע. דאָס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסען, ווייל נאָך דאַן האָב איך געהאַלטען פון דעם כלל, אַז אַ מענש דאַרף ניט נאָר שעהן דרשה'נען, נאָר טאַקע שעהן האַנדלען.

דערווייל איז דער פּלאַן וועגען פאָהרען קיין אויסלאַנד שטודירען אַליין אָפּגעלעגט געוואָרען אויף שפּעטער, ווייל מיר האָבען נאָך ניט געהאַט גענוג געלד, וואָס זאָל אונז קלעקען אויף גאַנצע פיר יאָהר אין אוניווערסיטעט, האָב איך באַשלאָסען אַוועקצופאָהרען קיין קאַזאַן און זיך סטאַרען אַריינצוטרעטען דאָרטען אין אוניווערסיטעט צוזאַמען מיט מיין שוועסטער לידיא, וועלכע האָט שוין דאַן געהאַט געענדיגט דעם אינסטיטוט.

### ביים פּראָפעסאָר לעסגאַפט.

מיין אָנקעל האָט מיר געגעבען אַן עצה, אַז פריהער פון אַלץ זאָל איך זיך ווענדען צום פּראָפעסאָר פּעטראָוו, ווייל ער באַציהט זיך זעהר סימפּאַטיש צו פרויען, וועלכע שטרעבען צו אַ אוניווערסיטעט־בילדונג. האָב איך געפאָלגט דעם אָנקעל און בין אַוועק צו פּראָפעסאָר פּעטראָוו און יענער האָט מיר געהייסען זיך ווענדען צו מאַרקאָווניקאָוו'ן, אַ פּראָפעסאָר פון כעמיע, און צו לעסגאַפט'ן, אַ פּראָפעסאָר פון אַנאַטאָמיע.

מאַרקאָווניקאָוו איז געווען אַ קיילעכדיגער, אַ געפּאַקטער און אַ גוטמוטיגער מענש. ער האָט מיך גוטמוטיג אויסגעהערט און גוטמוטיג צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיך לאָזען אַרבייטען אין דער לאַבאָראַטאָריע, אָבער בלויז אין די שטונדען ווען די סטודענטען אַרבייטען דאָרטען ניט. און וואָס שייך די לעקציעס אין אוניווערסיטעט, איז זיין מיינונג, אַז מיר, דאָס הייסט, איך און מיין

*) בעזדני איז אַ דאָרף אין ספּאַסקער אויעזד, קאַזאַנער גובערניע. ווען מען האָט אינ'ם יאָהר 1861 אַרויסגעגעבען דעם מאַניפעסט, האָבען די פּויערים דאָרטען געמאַכט אַ בונט, און די רעגירונג האָט דעם בונט אונטערדריקט, אויסשיסענדיג אַ סך פּויערים.

שוועסטער, דארפען זיך פריהער אפגעבען מיט פראקטישער אר־בייט. דערביי האט ער אונז צוגעפיהרט צו די שאפקעלאך אין דער לאבאראטאריע, אנגעוויזען איינינע זאכען, געהייסען קויפען מענשוטקינ'ס אנאליטישע כעמיע און איז זיך גוטמוטיג פטור גע־ווארען פון אונז.



לידיא פיגנער

אויף מארגען אין דערפריה זיינען מיר ביידע געקומען מיט'ן כוך און זיך גענומען צו דער ארבייט. וואס מיר טוען האבען מיר אליין ניט געוואוסט; עפעס האבען מיר גענאסען און אפגענגא־סען, געזאטען און אפגעקיהלט און ניט אנגעהויבען וויסען קיין זאך פון דאנען אהין! עס איז אויסגעקומען אזוי, אז די וואונדער־בארע וויסענשאפט, וואס דעקט אויף אזוי פיל סודות און רעטע־נישען, איז גאר עפעס א מין מעכאנישע מישעניש, אין וואס מיר האבען ניט דעם מינדעסטען באגריף.

קיין איינמאָל איז מאַרקאָווינקאָוו ניט צוגעגאַנגען צו אונז פרעגען וואָס מיר טוען, קיין איינמאָל ניט געוויזען ווי אַזוי צו טאָן און זיך גאָר ניט אינטערעסירט אויסצוגעפינען צי מיר האָבען כאָטש עפּעס אַ שטיקעל באַגריף אין כעמיע... דערפאַר זיינען מיר ביידע, איך און מיין שוועסטער, געווען זעהר פאַרצווייפעלט און עס איז פאַר אונז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז מיר טוען ניט דאָס וואָס מען דאַרף. אָבער מיר זיינען דאָך ביידע געווען יונגע, פּראָווינציעלע, כשר'ע בהמה'לאַך, האָבען מיר אַלץ געמיינט, אַז סוף כל סוף וועט געשעהן אַ נס און עס וועט דאָך עפּעס ארויסקומען פון דעם וואָס מיר מישען, פון דעם וואָס מיר גיסען און זידען... עס איז אָבער קיין נס ניט געשעהן. עס איז גאָר ניט ארויסגעקומען און מיר האָבען גאָר גיט געוואוסט...

אָפּגעאַרבייט אַזוי אַ שטיקעל צייט אָהן אַ טאָלק, זיינען מיר אַוועק אין דער אַנאַטאָמישער אָפּטיילונג. דאָס איז געווען אַ באַזונדער געביידע אין הויף פונ'ם אוניווערסיטעט און דער הויפּט איז דאָרט געווען פּראָפעסאָר פיאָטער פראַנצעוויטש לעסגאַפט.

ארויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ, זיינען מיר אריין אין אַ גרויסען צימער, וואו עס זיינען געשטאַנען אַ סך טישען. אויף אייניגע זיינע געלעגען טויטע קערפּערס פון מענער און פרויען, יונגע און אַלטע; אויף אַנדערע — באַזונדערע אברים פון מענשליכע קערפּערס, הענט, פיס א. ד. ג. ערנסטע יונגע לייט זיינען געשטאַנען און געזעסען, ניט אויסריידענדיג אַ וואָרט צווישען זיך. אַלע זיינען געווען שטאַרקט פאַרטיפט אין דער ארבייט, אַנגעטאָן אין ווייסע פאַרטוכער, און אונז האָט גאָר קיינער ניט באַמערקט. אַ הויכע, איינגעדאַרטע מיידעל, מיט אַ מאַנסבילשען פּנים, איז, ווי עס שיינט, געווען דעם פּראָפעסאָרס ארויסהעלפערין, און די איבעריגע — אַלע סטודענטען זיינען געווען שטאַרק פאַרנומען, יעדער איינער אין זיין ארבייט.

אין צימער איז געווען אַזוי דושנע און עס האָט זיך דאָרט געפיהלט אַזאַ שלעכטער ריח, אַז מען האָט געקענט דערשטיקט ווערען, ווייל אין יענער צייט, דאַרפט איהר וויסען, האָט מען נאָך ניט באַנוצט די זאַכען וואָס טרייבען אַוועק דעם שלעכטען ריח פון אַ טויטען קערפּער און אין דער אַנאַטאָמישער אָבטיילונג אין אוניוורסיטעט איז איינפאַך געווען דערשטיקט צו ווערען פון דעם שרעקליכען געשטאַנק.

איך און מיין שוועסטער האָבען דאָס נוט געוואוסט און

איידער מיר זיינען אריינגעקומען, האָבען מיר אָפּגעמאַכט ביי זיך, אז מיר זאָלען זיך האַלטען אזוי גלייך דאָס וואָלט אונז גאָר ניט געאַרט. און עס האָט זיך אונז איינגעגעבען.

מיר זיינען צוגעגאַנגען צום פּראָפעסאָר. ער איז געווען ניט קיין הויכער, א יונגערמאַן פון א יאָהר 32, אָדער אפשר 34, מיט שווארצע האָר און שווארצע אויגען. א מאָגער פּנים מיט זעהר אַן ערנסטען אויסדרוק. און ווען ער האָט אויף אונז א קוק געטאָן, האָט זיך אונז אויסגעוויזען, אז ער מעסט אונז אָפּ מיט די אויגען פון אויבען ביז אַרונטער און וויל טרעפען צי עס וועט פון אונז אַרויסקומען עפּעס א טאָלק, צי ניט.

פּונקט ווי ער וואָלט אונז שוין געקענט יאָהרען און יאָהרען, האָט ער מיט אונז גערעדט זעהר פריינדליך, געגעבען די צושטי־מונג, אז מיר זאָלען הערען זיינע לעקציעס אין אוניווערסיטעט און געהייסען קומען מאָרגען אין דער פריה, וועט ער שוין פאַר אונז צוגרייטען אַן אַנאַטאָמישען פּרעפּעראַט.

דערנאָך האָט ער אונז אריינגעפיהרט צו זיך אין קאַבינעט, וואו עס זיינען געשטאַנען א סך טישען און ביי די ווענט זיינען געווען אָהן א שיעור שאַפקעלאַך, און פּאָלעטשקעלאַך. אויף די שאַפקעלאַך זיינען געשטאַנען גלעזערנע סלאָיעס מיט פארספּיר־טעווועטע קערפּערס און אויף די טישען איז געלעגען א מיקראָס־קאָפּ און א גרויסער אינקובאַטאָר און אונטער'ן אינקובאַטאָר האָט געברענט א לעמפּעל.

מיר האָבען זיך צו אַלעם צוגעקוקט זעהר אויפמערקזאַם און מיר האָבען געזעהן ווי אינווענייג, אינ'ם אינקובאַטאָר, ליגען אויף וואַטען אייער פון עופות.

און פּראָפעסאָר לעסגאַפט האָט אונז ערקלערט, אז אַלע מאָל נעמט ער אַרויס אַן אַנדער איי און באַטראַכט עס אונטער'ן מיק־ראָסקאָפּ צו זעהן די פאַרשידענערליי ענטוויקלונגס־שטופען פון דעם הינדעלע וואָס פּיקט זיך אויס אינווענייג, דערביי האָט ער אונז געגעבען צו פאַרשטעהן וואָס פאַר א באַדייטונג דאָס האָט ווען מען שטודירט די געשיכטע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג און ער האָט אונז געהייסען באַטראַכטען די סלאָיעס, אין וועלכע עס זיינען געלעגען פאַרשידענערליי עמבריאָנען *).

*) די פּ"ובט אין מוטער־לייב אין פאַמע אָנפאַנג פון דער ענט־וויקלונג.

דאָ האָבען מיר דאָס ערשטע מאָל דערזעהן עמבריאָנען פון פאַרשידענערליי זויגענדע באַשעפּענישען און אויך פון א מענ־שען, און צו אַלעס האָבען מיר זיך צוגעקוקט מיט א פארכאפּטען אָטעם.

מען האָט גלייך געקענט זעהן, אז דער פּראָפעסאָר לעסגאַפט אינטערעסירט זיך זעהר שטארק מיט עמבריאָלאָגיע. און אין יע־נער צייט ,דארפט איהר וויסען, איז די דאָזיגע וויסענשאַפט נאָך ניט געווען גענוג ענטוויקעלט און דער איינציגער טעקסט־בוך אין די אוניווערסיטעטען איז געווען פון דעם באַריהמטען קעליקער'ן.

אין זיין באַנעמונג צו אונז איז פּראָפעסאָר לעסגאַפט געווען אַזוי איינפאַך, אַז מיר האָבען זיך גלייך דערפיהלט היימיש און גוט, גלייך ער וואָלט געווען אונזער גלייכען. די אַטמאָספערע אָבער וואָס האָט געהערשט ארום איהם, איז געווען זעהר אַן ערנסטע, און אַ דאַנק דעם האָבען מיר זיך געפיהלט פונקט ווי איינער, פאַר וועמען עס עפענען זיך אויף די טירען פון דער וויסענשאַפט און ער הויבט אַן געהן אויף אַ וועג פון ערנסטער אַרבייט צוליב אַ ווייטען, הויכען אידעאַל אין לעבען.

אין דער פריה האָט אונז די מיידעל מיט'ן מאַנסבילשען פּנים געגעבען אַ גאַנצען פּאַק מיט אינסטרומענטען און אַ טויטע קאַץ, צו מאַכען פון איהר אַ סקעלעט. מיר האָבען געדאַרפט ארויסנעמען אַלע ווייכע טיילען פון דער טויטער קאַץ און זיך גוט צוקוקען ווי אַזוי עס געהען דאָרט די מוסקולען, די נערווען און די צעלען, האָבען מיר זיך אָנגעטאָן פאַרטוכער און זיך גענו־מען צו דער אַרבייט מיט גרויס כונה, ציטערענדיג, אַז מיר זאָלען נאָך, חלילה, עפּעס ניט קאַליע מאַכען אין דער טויטער קאַץ.

מיר האָבען אָנגעהויבען באַזוכען די לעקציעס אין אוני־ווערסיטעט. צווישען די סטודענטען זיינען מיר געווען די איינציגע צוויי פרויען, האָט מען פאַר אונז אָוועקגעשטעלט צוויי בענקלאַך ניט ווייט פונ'ם פּראָפעסאָר.

אויף ווי ווייט מיר זיינען געווען פארקאָכט אין די לעק־ציעס, וואָס פּראָפעסאָר לעסגאַפט האָט געהאַלטען, קען מען זיך פאָרשטעלען פון דעם, וואָס מיר האָבען קיינמאָל אפילו ניט באַ־מערקט וואָס פאַר א פּנים'ער עס האָבען די סטודענטען; מיר האָ־בען זיך גאָר ניט צוגעקוקט צו זיי. זיי אָבער האָבען זיך צו אונז יאָ צוגעקוקט, ווייל אין יענער צייט איז גלאַט געווען טשיקאַווע צו זעהן מיידלאַך אין א אוניווערזיטעט, און ווען איך בין מיט

זיבען יאָהר שפּעטער געקומען קיין סאַמאַרא און געוואָרען א פעלדשערין אין דער זעמסטווא, האָט מיך דאָרטען דער דאָק־טאָר גלייך דערקענט אלס איינע פון די צוהערערינס פון פּראָפע־סאָר לעסגאפט׳ס לעקציעס, און דאָס איז שוין געווען גענוג, אז מיר זאָלען ווערען גוט באפריינדעט.

א וואונדערבארער אנגענעמער מענש איז ער געווען, פּראָפעסאָר לעסגאפט. און דערצו נאָך — אן אויסגעצייכענטער גוטער לעהרער. ער האָט געקענט ריידען וועגען דער טרוקענסטער זאך אזוי שעהן, אז אלע זאָלען איהם הערען מיטן גרעסטען אינטערעס. וואס קען נאָך זיין טרוקענער ווי אסטעאָלאָגיע (די לעהרע פון די ביינער)? איז אפילו וועגען דעם האָט ער אין זיינע לעקציעס גערעדט אזוי שעהן און אינטערעסאנט, אז די סטודענטען האָבען געשלונגען יעדען וואָרט און גאָר ניט באמערקט ווי די שטונדע געהט אוועק. איהם האָט מען געמוזט הערען מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט, ווייל ער האָט אין זיין ריידען געהאט אזא כשוף, וואָס האָט אלעמען פארכאפּט און מען האָט געפיהלט, אז אלעס וואס ער זאגט איז וויכטיג און מען מוז עס געדענקען; אז מען האָט דאָ צו טאָן מיט א מענשען, וואָס איז א גרויסער ספּעציאליסט אין זיין פאך, א מייסטער, וואָס לעגט אוועק דעם פונדאמענט פון א מעדיצינישער בילדונג, און אויב מען וועט זיך ניט צוהערען צו דעם וואס ער זאָגט, וועט מען זיין א שלעכטער דאָקטאָר און מען וועט ניט וויסען דאָס וואָס מען דאַרף וויסען אין מעדיצין.

אלע סטודענטען האָבען פאר איהם געהאט גרויס דרך ארץ און גערעדט וועגען איהם האָבען זיי מיט ליבע און אכטונג. ער איז געווען די צענטראלע פיגור אין איניווערסיטעט. פאר איהם האָבען די סטודענטען מורא געהאט און אין דער זעלבער צייט האָבען זיי איהם שטארק ליב געהאט.

אליין האָט ער אמאָל אויך געהאט א גוטען רבי׳ן, און דאָס איז געווען פּראָפעסאָר גרובער, פון דער פּעטערבורגער מעדיציניש־כירורגישער אקאדעמיע, א תלמיד פון פּראָפעסאָר גירטעל. ווער פון די רוסישע מעדיצין־סטודענטען אין יענער צייט האָט דען ניט געהערט אָט די באריהמטע, פיינע נעמען? ! ווער האָט ניט געוואוסט פון פּראָפעסאָר גרובער, דעם ווירקליך גרויסען און אמת אָריגינעלען מענשען, וועלכער האָט קיין מורא ניט געהאט פאר די, וואָס האָבען די מאכט אין די הענט, האָט איינגעשטעלט דאָס לעבען פאר די סטודענטען בעת זיי האָבען געהאט א צוזאמענשטויס

מיט דער פּאָליציי, און איז אין דערזעלבער צייט געווען מורא׳דיג שטרענג צו די סטודענטען און געפאָדערט, אז זיי זאָלען זיין פּינקטליך אין לערנען און זאָלען געדענקען, אז אן ערנסטע באציהונג צו דער וויסענשאפט און צו דער אייגענער פּראָפעסיע איז א פליכט ניט נאָר צו זיך אליין נאָר אויך צו דער גאנצער געזעל-שאפט!

פון דעם זעלבען שניט איז אויך געווען פּראָפעסאָר לעסגאפט: אליין א שטאָלצער מענש, וואָס האָט קיין מורא ניט פאר קיינעם, האָט ער מיט׳ן גאנצען הארצען ליב געהאט זיין וויסענשאפט און געפאָדערט, אז די סטודענטען זאָלען זי אויך ליב האָבען... א שטארקער אין כאראקטער און א גוטער בטבע, א פשוט׳ער און אן ערנסטער... דער „מענש" אין איהם האָט זיך געפיהלט ביי דער ערשטער באגעגעניש. און ווייל ער איז געווען אזא טייערע פּער-זענליכקייט און אזא זעלטען גוטער לעהרער, האָט ער אלעמען אזוי פאר׳כשופ׳ט, אז ער איז ווירקליך געווען דער אידעאל פון דעם גאנצען דור סטודענטען, וועלכע האָבען געהאט דאָס גליק צו לערנען ביי איהם.

ווען מען הויבט אָן לערנען און אויך ווען מען הויבט אָן לעבען איז ווירקליך א גרויס גליק צו טרעפען א גוטען, פיינעם און וואוילען מענשען. דאָס איז א גרויס גליק דערפאר, ווייל ער איז איינער פון די שטארקסטע און בעסטע אורזאכען, וואָס באשטימען די גאנצע צוקונפט פון דעם וואָס הויבט אָן צו לערנען, אָדער פון דעם וואָס הויבט אָן צו לעבען. דאָס האָב איך אליין דורכגעמאכט. און איך בין ניט געווען די איינציגע; אלע אין אוניווערסיטעט זיינען געשטאַנען אונטער דעם גוטען איינפלוס פון דעם גוטען פּראָפע-סאָר פּיאָטער פראנצעוויטש לעסגאפט.

זיין ליבע און זיין געטריישאפט צו דער וויסענשאפט האָט ער איבערגעגעבען זיינע תלמידים. און אויף זיינע סטודענטען האָט מען ווירקליך געקענט זאָגען, אז זיי זיינען ניט געווען בלויז צוהערער, נאָר טאַקע תלמידים. אין דער אנאטאָמישער אָפּטיילונג האָט יעדער סטודענט אינגאַנצען פארגעסען אָן דער אויסערליכער וועלט און איז אינגאנצען פארכאפּט געווארען פון דעם גייסט פונ׳ם לעהרער, פאר וועמען ער האָט געהאט אזוי פיל אכטונג און ליבע.

„זאָל דער תלמיד ווערט זיין צו האָבען אזא רבין" — אזוי האָט יעדער סטודענט זיך געטראכט.

ווען לעסגאפט האָט גערעדט וועגען ביינער, סקעלעטען,

אייעלאַך, אָדער נערוועו, האָט קיינעם ניט געקענט איינפאַלען דער געדאַנק, אַז דאָס זיינען ניט קיין וויכטיגע זאַכען. אויב ער רעדט וועגען דעם, מוז דאָס זיין וויכטיג, זעהר וויכטיג פאַר דעם צוקונפ־טיגען דאָקטאָר, פאַר דעם צוקונפטיגען כירורג. יעדע קלייניגקייט האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון, יעדער וואָרט האָט זיך אפּגע־שטעמפּעלט אין מוח.

און פּונקט דאַן, ווען מיר האָבען זיך מיט אזא באַגייסטערונג צוגעכאַפּט צו די לעקציעס פון פּראָפעסאָר לעסגאַפט, האָט מען איהם אָהן רחמנות צוגענומען ביי אונז.

דאָס איז געווען אין א פריהמאָרגען. איך און מיין שוועס־טער זיינען געקומען אין דער אנאַטאָמישער אָפּטיילונג, און, צו אונזער גרויסער איבערראַשונג, האָבען מיר דערזעהן, אַז אויף די טישען ליגען מעהר ניט קיין טויטע קערפּערס; דאָס צימער איז לעדיג; די סטודענטען זיינען ניט געקומען און פּראָפעסאָר לעס־גאַפט איז נישטאָ...

ערשט שפּעטער האָבען מיר אויסגעפונען, אַז דער קיסר אליין האָט פון פּעטערבורג טעלעגראַפיש צוגעשיקט א באַפעהל, אַז לעסגאַפט טאָר מעהר ניט זיין קיין פּראָפעסאָר, ניט נאָר אין קאַזאַנער אוניווערסיטעט, נאָר אין ערגעץ ניט.

פאַרוואָס?

אונז האָט זיך דאָס בשום אופן ניט געקענט לעגען אויפ'ן שכל.

פּאָרט פאַרוואָס?

דערנאָך האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז אייניגע פּראָפעסאָרען זיינען געווען ברוגז אויף לעסגאַפטן דערפאַר וואָס ער איז אזא שטאָלצער, און האָט קיין מורא ניט פאַר קיינעם, האָבען זיי אוועקגעשיקט קיין פּעטערבורג א מסירה, אַז ער האָט א פאַר־דאַרבענדען איינפלוס אויף דער יונגוואַרג.

סטודענטען האָבען אונז דערצעהלט, אַז דריי פּראָפעסאָרען, מאַרקאָווניקאָוו, גאָלוביאָוו און קאָוואַלעווסקי, פיהלען זיך שטאַרק געקרענקט דערפון וואָס מען האָט לעסגאַפט'ן ארויסגעוואָרפען, און דערפאַר געהען זיי אויך אוועק פון דעם אוניווערסיטעט און אַז אייניגע סטודענטען ווילען דאָ מעהר ניט לערנען און זיי פאָהרען אוועק קיין פּעטערבורג, וואו זיי וועלען זיך קענען טרעפען מיט דעם גוטען פּראָפעסאָר, וועמען זיי האָבען שטענדיג אזוי ליב געהאַט.

איך אליין בין דאַמאָלט געווען זעהר וייט פון פּאָליטיק;

צונויפבינדען די דאָזיגע פּאסירונג מיט דער אַלגעמיינער אָרדנונג אין אונזער מדינה איז מיר גאר ניט איינגעפאלען; איך בין בלויז געווען אין כעס אויף די מוסרים.

מיר איז געווארען זעהר אומעטיג אויפ׳ן הארצען. עס האָט מיר אזוי וועה געטאָן פאר וואס מיין פּלאַן צו שטודירען מעדיצין איז איבערגעריסען געווארען אין מיטען, און דאן האָב איך באַשלאָסען מעהר ניט ארייגצוטרעטען אין קיין אוניווערסיטעט אין רוסלאנד, נאָר אַוועקפאָהרען קיין אויסלאנד. דאָרטען וועט קיינער ניט שטערען! דאָרטען וועל איך זיכער, אָהן שטערונגען, ענדיגען אויף דאָקטאָר.

עס האָט וועה געטאָן דאָס הארץ פאר דעם גוטען פּיאָטער פראנצעוויטש, זיינען מיר אוועק צו איהם אהיים. דאָרטען איז אין שטוב אַלעס געווען איבערגעקערט אָרען־קאָרען. דאָס מעבעל און דאָס געשיר האָט מען פארקויפט — דאָס גאנצע לעבען האָט מען צובראכען. דער גוטער פּראָפעסאָר, זיין פרוי און זייער קינד, א קליין אינגעלע, זיינען געבליבען אָהן מיטלען צום לעבען און אָהן אויסזיכטען אויף שפּעטער. אַלעס צובראָכען און מען מוז אָנהויבען א ניי לעבען, אין א פרעמדער שטאָדט, צווישען פרעמדע מענשען; און וואָס זאָל ער איצט טאָן? ער, וועמענס בארוף אין לעבען איז לעהרעריי טאָר מער ניט זיין קיין לעהרער טאָר מעהר ניט האָבען קיין תלמידים!

. . . ער האָט אויסגעקוקט גאנץ רוהיג; גערעדט מיט א לייכטער איראָניע, ווי זיין שטייגער איז געווען אלע מאָל; ניט געזאָגט קיין איבעריג וואָרט — איינגעהאַלטען און טאַקטיש. וועגען דעם, וואָס מען האָט איהם ארויסגעווארפען פון אוניווערסי־טעט האָט ער גאָר ניט גערעדט און מיר האָבען ניט געהאט דאָס הארץ איהם צו פרעגען פאַרוואָס. אין אלגעמיין האָבען מיר זיך געפיהלט זעהר מאָדנע אין דער שטוב, וואו מען האָט פארקויפט דאָס מעבעל און דאָס געשיר, האָבען מיר אויך געקויפט צוויי גלעזער און זיי באהאַלטען אלס אן אָנדענק און חוץ דעם האָבען מיר אונזער גוטען פּראָפעסאר געגעבען אונזערע א פאָטאָגראפישע בילד, וואו מירביידע, איך און מיין שוועסטער, שטעהען ביי א טיש אין דער אַנאטאָמישער אָפּטיילונג.

א לאנגע, לאנגע צייט האָב איך די געקויפטע גלאָז אפּגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ. און ווען איך בין געזעסען פארשפּארט אין שליסעלבורגער פעסטונג, שוין אין די לעצטע יאָהרען איידער מען

האָט מיך באַפרייט, האָבען מיר די זשאַנדאַרען איינמאָל געגעבען פונקט אזא גלאָז. דאַן האָב איך זיך שטאַרק דערפרעהט; די גאָלז האָט מיך דערמאָנט אַן דעם גוטען פּראָפעסאָר פּיאָטער פראַנ־צעוויטש לעסגאַפט פון קאַזאַן.*)

נאָכדעם ווי פּיאָטער פראַנצעוויטש לעסגאַפט איז אוועק, איז שוין געווען איבעריג צו בלייבען אין קאַזאַן. בין איך אוועקגעפאָה־רען צוריק אין דאָרף. און אין 1872, אין פריהלינג, האָבען מיר אַלע דריי, מיין מאַן, מיין שוועסטער לידיא און איך, פאַרלאָזט דאָס דאָרף ניקיפיראָווא און אוועקגעפאהרען שטודירען אין צוריך, וואו עס האָט זיך פאַר אונז געעפענט א נייע וועלט און עס האָט זיך אָנגעהויבען א ניי לעבען...

---

*) אין 1907, נאָכדעם ווי איך בין שוין ארויס פון דער שלי־סעלבורגער פעסטונג, האָב איך ווידער געהאַט דאָס גליק זיך צו טרעפען מיט פּיאָטער פראַנצעוויטש.

# פערטער קאפיטעל.

## אין צוריך.



ען איך בין געקומען קיין צוריך און בין אריין אין אוניווערזיטעט, האָב איך זיך געפיהלט אזוי גליק־ליך און צופרידען, גלייך איך וואָלט ארויף אויפ'ן זיבעטען הימעל. מיין גרעסטער אידעאַל איז דאַן געווען צו ווערען אַ דאָקטאָרשע.

אין גאַנצען בין איך דאַן אַלט געווען נײנצעהן יאָהר, אָבער איך האָב פעסט באשלאָסען, אַז איך וועל זיך אָפּזאָגען פון אַלע פארגעניגענס און צושטרייאונגען און וועל זיך מיט לייב און לעבען אריינוואַרפען אין לערנען.

די ערשטע צייט האָבען מיר ניט געהאַט קיין באַקאַנטע. דערנאָך האָבען זיך געיאַוועט אַ צוויי־דריי פערזאָנען, וועלכע מען האָט געקענט אריינרעכענען אין דעם לאַגער פון דער „רוהיגער ליבעראַל בורזשואזנער קאָנסערוואַטיווער פאַרטיי“. קיין באזונדער איינדרוק האָבען זיי אויף אונז ניט געמאַכט, אָבער דורך זיי האָט זיך מיין שוועסטער לידיא דערנאָך באַקאַנט מיט וואַרוואַרא איוואַ־נאָוונאַ אַלעקסאַנדראָווא, דורך וועמען מיר האָבען געקראָגען אַ צוטריט צו דעם קרוזשאָק סטודענטען, וועלכע זיינען געקומען מיט אַ צייט פריהער און האָבען שוין אוספייעט איבערצולעבען אַי גוטס אַי שלעכטס. אין דעם „קרוזשאָק“ זיינען געווען די צוויי שוועסטער לובאַטאָוויטש, סאָפיע באַרדינאַ, קאַמענסקאַיאַ און אַנ־דערע. מיין שוועסטער איז מיט זיי שטאַרק באַפריינדעש גע־וואָרען און האָט זיך איבערגעקליבען צו זיי אין הויז. אזוי איז אַוועק דער פריהלינג, דער זומער און אַ שטיק פונ'ם אָסיען, ביז עס האָט זיך געטראָפען אַ מעשה מיט אַ ביבליאָטעק, און דאָס האָט אונז אריינגעפיהרט אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פון די סטודענטען און סטודענטקעס.

עס איז געווען אזוי:

די ערשטע רוסישע סטודענטען, וואָס זיינען געקומען לערנען

אין צוריך, האָבען דאָרטען נאָך פאַר׳ן יאָהר 1872 געגרינדעט אַ רוסישע ביבליאָטעק. דער איניציאַטאָר דערפון איז געווען דער פּאָליטישער אימיגראַנט מ. פּ. סאַזשין, און ווען מיר, איך, מיין מאַן און מיין שוועסטער, זיינען אַהין געקומען, האָבען זיך ארום דער ביבליאָטעק געדרעהט די פּאָליטישע אימיגראַנטען — סמיר־נאָוו, ראַלי און עלסניץ.

אין דער ביבליאָטעק האָט מען געקענט קריגען ביכער אויף דריי שפּראַכען, איבער היסטאָריע, פּאָליטישער עקאָנאָמיע, סאָציאָ־לאָגיע און געזעלשאַפטליכע פראַגען. מען האָט דאָרטען אויך געקענט קריגען אַלע רוסישע ביכער וואָס זיינען ערשינען אין אויס־לאַנד, אַלע בראָשורען וועגען ארבייטער־פראַגען, אַלע רוסישע זשורנאַלען, רוסישע צייטונגען און אויך אַלע פראַנצויזישע און דייטשע ארבייטער־צייטונגען.

שעהנע ליטעראַטור — ראָמאַנען, ערצעהלונגען און לידער — איז אין דער ביבליאָטעק געווען זעהר ווייניג, ווייל דער ציל פון די גרינדער איז געווען, אַז די סטודענטען און סטודענטקעס אין צוריך זאָלען זיך באַקענען מיט געזעלשאַפטליכע פראַגען און זאָלען זיך אויסבילדען אַלס רעוואָלוציאָנערען און ניט אַלס לעזער פון שעהנער ליטעראַטור.

איינגעשטאַנען איז די ביבליאָטעק אין די הענט פון אַזעלכע מענשען, וואָס האָבען געהאַט אַ גוטען באַגריף וועגען דעם וועלכע ביכער מען דאַרף יאָ האָבען און וועלכע ניט.

די סטודענטען און סטודענטקעס, וואָס האָבען זיך געדרעהט ארום דער ביבליאָטעק, האָבען זיך צוטיילט אין צוויי גרופּעס — „מיטגלידער" און „לעזער". די „מיטגלידער" זיינען געווען די גאַנצע דעה־זאָגער און די „לעזער" ניט. וואָס גרעסער עס איז געוואָרען די צאָהל סטודענטען און סטודענטקעס, אַלץ גרעסער איז געוואָרען די צאָהל „לעזער", און דאַן האָט זיך אָנגעהויבען מערקען אַן אומצופרידענקייט. די „לעזער" האָבען געהאַט אַ טענה פאַרוואָס די „מיטגלידער" האָבען אַלע פּריווילעגיעס און די גאַנצע דעה אין דער ביבליאָטעק. האָט מען אָנגעהויבען אָפּהאַלטען מיטינגען און עס איז באַשלאָסען גע־וואָרען, אַז מען זאָל אין גאַנצען ארויס פון דער ביבליאָטעק און גרינדען אַ נייע, אַן אייגענע, וואו עס זאָלען ניט זיין קיין יחסנים. די „לעזער" האָבען געגעבען אַן אולטימאַטום די „מיטגלידער" און יענע האָבען דעם אולטימאַטום ניט אָנגענומען. עס איז גע־

ווארען א קאכעניש, א לויפעניש, מען האט געהאלטען אין איין דעבאטירען און ריידען, און דער סוף איז געווען אז הונדערט און צוואנציג מענשען זיינען ארויס פון דער אלטער ביבליאטעק און אין איין חודש צייט איז געגרינדעט געווארען א נייע.

דערמיט האט זיך עס ניט געענדיגט. מען האט אויך באשלאסען צו גרינדען א ביליגע קיך און שאפען א פאנד פאר די סטודענטען און סטודענטקעס וואס נויטיגען זיך אין הילף. דערנאך האט מען באשלאסען צו קויפען אן אייגענע הויז אויף אויסצוצאהלען און מען האט טאקע געקויפט אויך. מען האט אויך געגרינדעט א קלאב. דערנאך האט מען געמאכט א פארשלאג צו גרינדען צוויי ווערקשטאטען פאר סטאלעריי און איינבינדעריי. מען האט אויך אויסגעארבייט א פלאן פאר א ביורא וואס זאל געפינען ארבייט פאר די וואס זוכען. מען האט אנגעהויבען טראכטען וועגען ארראנזשירען א סעריע לעקציעס איבער אייניגע וויכטיגע פראגען, און אזוי ווי לאווראוו איז גראדע דאן אנגעקומען אין צוריך, האט ער ביי אונז געהאלטען א סעריע פארטראגען וועגען דעם אנטייל פון די סלאווען אין דער געשיכטע פון דער פילאסאפיע.

אויף די אלגעמיינע פארזאמלונגען איז אוועקגעשטעלט געווארען די פראגע וועגען שאפען א פאראייניגונג פון דער גאנצער רוסישער יונגווארג, וואס איז צוזייט און צושפרייט איבער אלע אוניווערזיטעטען אין אייראפא. דער ציל דערפון איז געווען — א גרויסער ברידערלאכער פארבאנד, וואס זאל האבען די אויפגאבע צו שטיצען די וואס נויטיגען זיך אין דעם און דער עיקר — צו ענטוויקלען די אייגענע כחות, כדי מען זאל דערנאך קענען העלפען דעם פאטערלאנד.

### דער פרויען־פאראיין.

אן אמוזאנטע פאסירונג אין יענער צייט איז געווען די גרינדונג פון דעם פרויען־פאראיין.

ביי איינער פון די לעקציעס אין אוניווערסיטעט רופט זיך אן צו מיר די פריילין באררדינא, וועלכע איז געזעסען לעבען מיר: „קומט היינט אכט אזייגער אויף דער נאכט אין פאלמענהאף. דארטען וועט זיין א פארזאמלונג פון סטודענטקעס“.

ווען איך בין אין דער באשטימטער צייט געקומען אהין, האב

איך שוין דאָרט געטראָפֿען אַ פופציג פרויען. די פאַרזאַמלונג איז נעעפּענט געוואָרען מיט דער סטודענטקע עמאַ, אַלס פאָרזיצערין.

די ערשטע רעדע האָט געהאַלטען די סטודענטקע אידעלסאָן, אַ שעהנע און חנ'עוודיגע יונגע מיידעל. זי איז דאָס טאַקע געוועזן די, וואָס האָט אונז אַלעמען צונויפגערופען אויף דער פאַרזאַמלונג.

„מיר האָבען זיך דאָ פאַרזאַמעלט צו באַשפּרעכען די פראַגע וועגען גרינדען אַ פרויען־פאַראיין — האָט די אידעלסאָן אָנגעהויבען איהר רעדע. — דער ציל פון דעם פאַראיין דאַרף זיין: זיך אויסצולערנען רעדען שכל'דיג און לאָגיש. איהר פאַרשטעהט, אויף די אַלע פאַרזאַמלונגען נעמען די פרויען קיינמאָל קיין וואָרט ניט. זיי שעמען זיך. און כאָטש גאַנץ אָפט האָבען זיי מעהר בילדונג און וויסען מעהר פון די יונגעלייט, ריידען זיי ניט אַ וואָרט איבער דעם וואָס זיי שעמען זיך. אָבער דאָס איז דאָך ניט מעהר ווי אַ געוואוינהייט, און איך בין זיכער, אַז ווען מיר וועלען דאָ אָפּהאַלטען מיטינגען אַליין, אָהן די יונגעלייט, וועט ניט געדויערען קיין סך און מיר וועלען זיך אויסלערנען ריידען לאָגיש און זיך ניט שעמען פאַר קיינעם. דעריבער שלאָג איך פאָר, אַז מיר זאָלען גרינדען אַ פאַראיין, וואוהין מען זאָל אריינ־נעמען אַלס מיטגלידער בלויז פרויען. אויף די פאַרזאַמלונגען וועלען מיר אַליין האַלטען פאָרטראָגען, לעקציעס, און באַשפּרעכען פאַרשיידענערליי פראַגען. ווען עס וועלען ביי אונז ניט זיין קיין מאַנסבילען, וועלען מיר זיך ניט האָבען פאַר וועמען צו שעמען, און מיר וועלען קיין מורא ניט האָבען מען זאָל חוזק מאַכען פון אונז".

די עלטערע סטודענטקעס זיינען געווען געגען דעם. זיי האָבען גע'טענה'ט, אַז אָהן סטודענטען וועט אויף די פאַרזאַמלונגען פון די סטודענטקעס זיין זעהר לאַנגווייליג. אָבער די יונגערע סטודענטקעס האָבען זיך געהאַלטען פעסט אָן זייער באַשלוס, אַז מען דאַרף קיין יונגעלייט אין דעם פאַראיין ניט האָבען. און אַזוי ווי מיר זיינען געווען די מאַיאָריטעט, האָבען מיר אויסגעפיהרט, און עס איז געגרינדעט געוואָרען אַ פאַראיין פון לויטער פרויען.

דעם ערשטען פאָרטראָג האָט געהאַלטען טאַקע די פריילין אידעלסאָן אַליין. און מאָדנע! כאָטש זי איז געווען אַ יונגע שעהנע מיידעל, און כאָטש דאָס פובליקום איז באַשטאַנען פון יונגע מיידלאַך, איז די טעמע פון דעם פאָרטראָג געווען — זעלבסט־מאָרד. די פריילין אידעלסאָן האָט אין איהר פאָרטראָג ארויס־געבראַכט דעם געדאַנק, אַז יעדער זעלבסטמערדער איז ניט ביים

קלאָרען פארשטאנד און אז אַ נאָרמאַלער, געזונטער מענש נעמט זיך ניט דאָס לעבען.

באלד איז געוואָרען אַ דעבאטע וועגען דעם. די מעהרסטע סטודענטקעס האָבען מיט דער אידעלסאָן ניט איינגעשטימט; איז ארויסגעשוואומען אַ פראגע: ווער עס איז אַ נאָרמאַלער מענש און ווער ניט; צי מען קאָן בכלל אָנצייכענען אַ ליניע און זאָגען: „אָט דאָס איז נאָרמאַל און דאָס ניט", און צי עס איז אין אַלגעמיין פאראן אויף דער וועלט אַזא מענש, אויף וועמען מען זאָל קאָנען זאָגען, אז ער איז אינגאנצען נאָרמאַל.

„נאָרמאַל"... „ניט נאָרמאַל"... — אָט די ווערטער זיינען געפלויגען פון אַלע ווינקעלאך. אַלע האָבען געשריען, אַלע האָבען זיך געקאָכט; און געבליבען איז עס דערמיט, וואָס יעדער איינער פון אונז איז געבליבען ביי איהר מיינונג, און מען איז זיך צו־גאנגען אהיים.

די דריטע פארזאמלונג פון אונזער פאראיין איז געווען זעהר אַ שטורמדיגע, און אָנגעהויבען האָט זיך דער שטורם דערפון, וואָס מען האָט אויפגעמישט אַ פראגע, וואָס איז אין יענער צייט געווען איינע פון די ברענענדיגסטע — וואָס מען זאָל טאָן מיט דער היינטיגער ציוויליזאציע און מיט דער איצטיגער קולטור אין דער צייט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע? וואָס פאר נוצען האָבען די ארבייטער־מאסען געהאט און וואָס האָבען זיי איצט פון דער ציוויליזאציע און דער קולטור? צי דארף מען אין דער צייט פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע איבערלאָזען די ציוויליזאציע גאנץ, אָדער מען דארף זי פארניכטען?

אייניגע פון אונזערע מיטגלידער זיינען דאן געשטאנען אונ־טער'ן איינדרוק פון זשאן זשאק רוסאָ און מיכאאיל באַקונין, האָבען זיי גע'טענה'ט, אז מען דארף די היינטיגע ציוויליזאציע אויסראָטען, דערפאר וואָס זי האָט אין אַלע צייטען געדינט די אינטערעסען פון אַ קליינער גרופע פריווילעגירטע מענשען, וועלכע האָבען שטענדיג אונטערדריקט די ברייטע פאָלקס־מאסען. אין דער צייט ווען די עקזיסטירענדע אָרדנונג געהט אונטער, דארף די ציוויליזאציע אויך אונטערגעהן צוזאמען מיט איהר. די מענשהייט וועט פון דעם גאָרניט פארלירען. אויף די חורבות פון דער אונטערגעגאנגענער וועלט וועט אויסוואקסען אַ נייע קולטור, וועט זיך צובליהען אַ נייע ציוויליזאציע; אָבער פון איהר וועלען

שוין האָבען אַ נוץ נים קיין געצעהלטע יחסנים, נאָר די אַלע מענשען וואָס ארבייטען און שאַפען, די אַלע מענשען וואָס האָבען מים פלייש און בלוט באַצאָהלט פאַר די קינסטלערישע און וויסענשאַפטליכע אוצרות פון דער היינטיגער צייט.

אזוי האָבען גע'טענה'ט אייניגע מיטגלידער פון אונזער פרויען־פאַראיין.

אנדערע ווידער זיינען ארויסגעטראָטען שטאַרק געגען דעם. זיי האָבען גע'טענה'ט, אַז פאַר דער היינטיגער ציוויליזאציע האָבען מענשען געגוג קרבנות געבראַכט, און דערפאַר טאַקע דאַרף מען זי שאַנעווען. פאַרניכטען דאַרף מען די עקאָנאָמישע אָרדנונג, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז בלויז אַ הייפעלע מענשען זאָלען פון דער ציוויליזאציע געניסען. מען דאַרף אָבער נים פאַרניכטען די ציוויליזאציע אליין. לאָמיר שטרעבען, — האָבען זיי גע'טענה'ט, — צו פאַרניכטען די איצטיגע עקאָנאָמישע אָרדנונג און איינפיהרען אַ סאָציאַליסטישע אויף איהר אָרט, דאַן וועלען די ברייטע ארבייטער־מאַסען האָבען אַ נוץ פון די אַלע זאכען, וואָס ליגען איצטער בלויז ביי די רייכע אין די הענט.

די דעבאַטע וועגען דעם איז געוואָרען זעהר היציג. אַלע האָבען זיך געקאָכט, איינע האָט געוואָלט איבערשרייען די אַנדערע. דאָ האָבען עטליכע מיידלאך געשריען מיט קולי־קולות, אַז מען דאַרף די ציוויליזאציע יאָ פאַרניכטען, און דאָרטען האָבען עטליכע מיידלאך געמאַכט גוואַלדען און אויסגעברייעט, אַז מען דאַרף די ציוויליזאציע נים פאַרניכטען. עס איז געווען אַזאַ טומעל, אַז מען האָט געקאָנט טויב ווערען. די פאָרזיצערין עמאַ האָט געקלונגען מיט'ן גלעקעל, אָבער קיינער האָט זי נים געהערט, ווייל יעדע סטודענטקע האָט געוואָלט, מען זאָל הערען דאָס, וואָס זי זאָגט, און נים דאָס, וואָס אַנדערע זאָגען. איינע האָט זיך אַזוי צוקאָכט, אַז עס האָט זיך איהר אַזש געלאָזט דאָס בלוט פון דער נאָז, אָבער קיינער האָט זיך גאָר נים אומגעקוקט אויף איהר. אין מיטען דעריען האָט עמאַ ווידער גענומען קלינגען מיט'ן גלעקעל, אָבער מיט אַזאַ אימפעט, מיט אַזאַ רוגזה, אַז די אויערען זיינען שיער פאַרלעגט געוואָרען. ערשט דאַן איז אויף אַ ווײַלע געוואָרען שטיל, און עמאַ האָט זיך אָנגערופען: „וואָס טוט זיך מיט אייך? גאַנץ אייראָפּאַ קוקט דאָך אויף אונז!"...

מעהר האָט מען נים געדאַרפט. אַלע האָבען אויסגעשאָסען

א געלעכטער, און ווען מען האט דערנאך ווידער גענומען דעבא־טירען פאר דער ציוויליזאציע און געגען איהר, איז שוין מעהר ניט געווען דער ערנסט וואס פריהער. זעקס שטונדען אויפ'ן זייגער האט מען אזוי געשריען און גערעדט, און דערנאך האט מען זיך ערשט ווייטער געקאכט אין גאס, און לאנג, לאנג האט מען אויף די פארשלאפענע גאסען פון צוריך געהערט ווי מיידלאך שרייען: „יא פארניכטען!"... „ניט פארניכטען!"...

איבער דעם טומעל אויף דער פארזאמלונג האט מען פון אונז דערנאך א סך געלאכט. די סטודענטקעס, וועלכע האבען נאך פריהער גע'טענה'ט, אז מען דארף אריינגעמען יונגעלייט אויך אין פאראיין, האבען געזאגט, אז ערשט איצט קאן מען זעהן, ווי אין א פאראיין קאן ניט זיין קיין טאלק, ווען ער באשטעהט פון לויטער פרויען. אנדערע האבען זיך געהאלטען פעסט ביי זייער מיינונג, אז מ'קאן זיך באגעהן אהן יונגע לייט, און דער סוף איז געווען, אז דער פאראיין איז אונטערגעגאנגען אויף דער זעקסטער וואך.

די „פריטשעער".

נאך אין דער אלטער ביבליאטעק פלעגען מיר גאנץ אפט אפהאלטען פארשיידענערליי פארזאמלונגען. געלעגענהייטען דארויף זיינען געווען גענוג. אמאל א סטרייק פון ארבייטער, אמאל א פייערונג פון דער פאריזער קאמונע און אמאל א באגע־געניש פאר אריבערגעקומענע רוסישע פאליטישע אימיגראנטען. געלט דארויף האבען געגעבען די ניי־אריבערגעקומענע סטודענטען און סטודענטקעס, כאטש פאר זיי אליין איז דער גאנצער עסק ניט געווען אינגאנצען קלאר. אויף די פארזאמלונגען זיינען ארויס־געשוואומען פארשיידענע וויכטיגע פראגען און עס איז געווען גאנץ נאטירליך, אז אויף אזא אופן זאל זיך אויסארבייטען א גאנץ ברייטער פלאן פון ערציהונגס ארבייט.

אויף די ווענט פון דער ביבליאטעק האבען זיך גענומען ווייזען אויפשריפטען וועגען ארבייטער־פארזאמלונגען און לעקציעס פאר ארבייטער. מען האט פשוט געדארפט זיין בלינד און טויב, דאס ניט צו באמערקען און זיך ניט פאראינטערעסירען אין דעם. עס האט זיך אנגעהויבען א סדרה פון באנקעטען לכבוד דער קאמונע, פארזאמלונגען פון שווייצארישע ארבייטער פאראיינען און די

סעקציעס פונ'ם אינטערנאציאָנאַל. דער אינטערעס צו שטודירען דעם סאָציאַליזם, אי טעאָרעטיש, אי פּראַקטיש, האָט דערגרייכט אַ הויכע מדרגה.

כדי צו באַפרידיגען אַזאַ באַדערפניש, זיינען געגרינדעט געוואָרען פאַרשיידענע קרוזשאָקען. איינער פון זיי איז געווען דער קרוזשאָק פון די „פריטשעער". אַזוי האָט מען גערופען די מיטגלידער, ווייל די בעל־הבית'טע פון דעם הויז, וואו דער קרוזשאָק האָט אָפּגעהאַלטען די פאַרזאַמלונגען, האָט געהייסען פריטשי.

אין דעם קרוזשאָק זיינען געווען צוועלף מענשען, אַלע פרויען; די מעהרסטע פון זיי זיינען נאָכהער געשטעלט געוואָרען צום געריכט אין דעם „פּראָצעס פון די פופציג".

די אויפגאַבען פון דעם קרוזשאָק זיינען באַשטאַנען אין דעם: 1) שטודירען די אַנטוויקלונג פונ'ם סאָציאַליסטישען אידעאַל, אָנהויבענדיג פון טהאָמאַס מור ביז דער לעצטער צייט; אין דעם קורס האָט מען געדאַרפט שטודירען די ווערק פון פוריע, סען־סימאָן, קאַבע, לואי בלאַן, פּרודאָן, לאַסאַל; 2) שטודירען די לעהרע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע; 3) שטודירען פאָלקס באַוועגונגען און רעוואָלוציעס; 4) זיך באַקענען מיט די פּראַקטישע מעטאָדען פון דער אַרבייטער פראַגע אין מערב אייראָפּא; שטודירען די ענגלישע טרייד־יוניאָן באַוועגונג, די געשיכטע פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל, די געשיכטע פון דעם אַלגעמיינעם דייטשען אַרבייטער פאַרבאַנד, וואָס לאַסאַל האָט געגרינדעט, און אויך אַנדערע זאַכען.

אויף ווי ווייט אַלע האָבען זיך באַצויגען ערנסט צו די אַלע אויבענדערמאָנטע פראַגען, קאָן מען זעהן דערפון, וואָס עס איז באַשטימט געוואָרען אַ צייט פון גאַנצע צוויי יאָהר דורכצומאַכען דעם קורס.

דערפון קאָן מען נאָך דרינגען, אַז די געזעלשאַפטליכע אַרבייט האָט ביי אונז צוגענומען אַזוי פיל צייט, אַז עס איז אונז שוין גאָר ניט געבליבען פאַר די לעקציעס אין אוניווערסיטעט אויסצולערנען אַ ספּעציאַליטעט. אָבער דאָס וואָלט געווען ניט ריכטיג. וואָרים אין יענער צייט האָבען מיר זיך מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען דער וויסענשאַפט, דער ליטעראַטור און אויך דעם לעבען. די לעקציעס אין אוניווערסיטעט זיינען ביי אונז געווען טייער און מיר האָבען כמעט קיין איינע ניט דורכגעלאָזט.

פונקט דאן ווען דאס רוסישע סטודענטען לעבען אין צוריך האט געקאכט, אין זומער פון יאהר 1873, איז ארויס א רעגירונגס באפעהל, אז אלע רוסישע סטודענטקעס זאלען פארלאזען דעם צוריכער אוניווערסיטעט און זיך אומקערען צוריק אהיים, אז נ״ט וועט מען זיי דערנאך אין רוסלאנד ניט צולאזען צו די עקזאמענעס.

דער באפעהל פון דער רוסישער רעגירונג איז געקומען אזוי אומערווארטעט, אז אלע זיינען איבערראשט געווארען און האבען ניט פארשטאנען וואס דא טוט זיך. אינ׳ם באפעהל איז אנגעוויזען געווארען דארויף, וואס די רוסישע סטודענטקעס אין צוריך זיינען צו שטארק פארקאכט אין סאציאליסטישע אידעען, און דערביי איז אויך געווען א פונקט, וואס האט שרעקליך באליידיגט די סטודענטקעס. דער פונקט האט געלויטעט, אז די רוסישע סטודענטקעס פאהרען קיין אויסלאנד כלומר׳שט צוליב בילדונג און אין דער אמת׳ן איז זייער ציעל גאר צו לעבען א טאג און הנאה האבען פון „פרייע ליבע”.

דער בלבול איז געווען א געמיינער, א נידערטרעכטיגער. איבער דעם האט מען אין אויסלאנד, אין אייניגע קרייזען, אנגעהויבען קוקען אויף אונז ווי אויף פרויען, וואס לעבען א טאג און פיהרען ראמאנען היינט מיט איינעם און מארגען מיט אן אנדערען.

גלייך נאך דעם באפעהל איז צונויפגערופען געווארען א פארזאמלונג פון אלע סטודענטקעס. א פארשלאג איז געמאכט געווארען אנצושרייבען א שטארקען פראטעסט געגען דעם, וואס מען האט אונז אזוי באליידיגט און איהם פארעפענטליכען אין אלע אייראפעאישע צייטונגען. צום באדויערען האבען ניט אלע איינגעשטימט דארויף. די סטודענטקעס פון די העכערע קורסען און פונם קאנסערוואטיווען לאגער זיינען געווען געגען דעם און האבען געסטראשעט, אז אויב מיר וועלען פארעפענטליכען אזא פראטעסט, וועלען זיי ארויס אין די צייטונגען מיט אן ערקלערונג, אז זיי האבען זיך אויף דעם פראטעסט ניט אונטערגעשריבען. איבער זיי איז פון דעם געפלאנטען פראטעסט גאר ניט געווארען.

נאך דעם באפעהל זיינען א סך רוסישע סטודענטקעס אוועק אין אנדערע אויסלענדישע אוניווערסיטעטען, אבי עס זאל אויף זיי ניט פאלען קיין פלעק.

פון דאן אן האט זיך צוריך צוזייהט. אייניגע האבען זיך

אומגעקערט צוריק אהיים, ווייל זיי האָבען קיין געלט ניט געהאט ווייטער צו לערנען, אנדערע האָבען געפונען ארבייט און זיינען אוועק, דער אהער און דער אהין, און א סך זיינען אוועק קיין פאריז, קיין בערן, קיין זשענעווא און אין אנדערע שטעדט.

אין מיין אייגען לעבען איז דאן אויך פאָרגעקומען א גרויסע ענדערונג. אזוי שנעל ווי איך און מיין מאן זיינען געקומען אין בארירונג מיט די מאסען און האָבען זיך אָנגעשטויסען אָן א גאנצער רייהע נייע פראגען, האָבען מיר ביידע אויפגעהערט צו שטימען איינער מיטן אנדערען; ער איז צוגעשטאנען צו די עלטערע, צו די קאָנסערוואטיווע מענשען, און איך בין צוגעשטאנען צו די אינגערע, צו די מעהר רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען. אויף אלע פארזאמלונגען האָט מען שוין געוואוסט, אז אזוי שנעל ווי עס שווימט ארויף א פראגע און עס הויבען זיך אָן דעבאטען, האָב איך אָן אנדער מיינונג און מיין מאן — ווידער אָן אנדער מיינונג.

אינ׳ם קרוזשאָק פון די „פריטשעער” בין איך ניט אריין; צו די פאָרלעזונגען האָב איך אָנגעהויבען קומען ערשט שפעטער; מען האָט מיך די ערשטע צייט אהין ניט איינגעלאדען, ווייל מען האָט דאָרטען ניט ליב געהאט מיין מאן דערפאר, וואָס ער האָט אויפ׳ן קרוזשאָק געקוקט פון אויבען אראָפּ. אויף דעם סמך האָט מען געדרונגען, אז איך קוק אויך אזוי.

א שטאָלצע בין איך געווען, איז מיר ניט אָנגעשטאנען צו פארפיהרען א געשפרעך וועגען דעם. נאָר איינמאָל, ווען איך בין אויף דער נאכט געזעסען ביי סאָפיא באַרדינאַ אין צימער און איך האָב באמערקט, ווי די מיטגלידער פון דעם קרוזשאָק „פריטשעע” הויבען זיך אָן צונויפקומען אויף א פאָרלעזונג, האָב איך זיך אויפ־געהויבען און בין שוין געווען גרייט אוועקצוגעהן, האָט סאָפיא באַרדינאַ מיך אָנגעהויבען בעטען, אז איך זאָל בלייבען. זי איז דאמאָלט געווען צו מיר אזוי צערטליך, אז איך האָב איהר געמוזט דערצעהלען דעם אמת וועגען דעם, ווי אזוי איך שטים ניט מיט מיין מאן און ווי אונזערע אנשויאונגען זיינען פארשיידען. און פון דאן אָן בין איך ביי די „פריטשעער” געוואָרען אָן אייגענער מענש און האָב ניט פארפעהלט קיין איין פארזאמלונג.

אין יענעם יאָהר איז אין מיינע געדאנקען, פונקט ווי אין די געדאנקען פון א סך אנדערע, פאָרגעקומען א גרויסע ענדערונג. דאָס וואָס עס איז ביי אונז פריהער געווען דער ציעל, איז ביסלאכ־

ווייז געוואָרען א מיטעל צום ציעל. די ארבייט פון א דאָקטאָר, אן אגראָנאָם, א טעכניקער און אויך אנדערע ארבייטען פון דעם מין האָבען ביי אונז פאַרלאָרען דעם זין וואָס זיי האָבען פריהער געהאט. פריהער האָבען מיר זיך ארומגעטראָגען מיט'ן געדאנק לייכטער צו מאכען די ליידען פונ'ם רוסישען פאָלק, דערנאָך האָבען מיר זיך געכאפּט, אז מען דארף די ליידען איינגאנצען באזייטיגען. וואָרים מיר האָבען אָנגעהויבען פארשטעהן, אז בלויז לייכטער מאכען די ליידען איז אן ארבייט פאַר פילאנטראָפּען און בעלי טובות, איז ניט מעהר ווי א האַלבער מיטעל; מיר האָבען אָנגעהויבען באַ־גרייפען, אז דאָס זיינען קאַלטע פריפּארקעס, אז דאָס מיינט פּשוט נעמען אן אַלטען בגד וואָס מען דארף איינגאנצען ארויסוואַרפען און לעגען א לאַטקעלע דארויף. מיר האָבען די ערשטע צייט פאַר־זעהן די אורזאכע פון דער קראנקהייט און האָבען צופיל געטראכט וועגען די מיטלען, וואָס קאָנען לייכטער מאכען דעם וועהטאָג. ערשט שפּעטער זיינען מיר געקומען צום שכל און האָבען אָנגעהויבען פארשטעהן, אז פון רעצעפּטען און פּראָשקעס ווערט גרינגער בלויז אויף א קורצער צייט; דעם חולה ווערט דערפון ניט בעסער, ווייל איבער דעם, וואָס ער איז אָרים און וואוינט אין א שמוציג שטיבעלע, אָהן לופט און עסט ניט ווי עס באדארף צו זיין, ווערט ער ווידער קראנק און מען דארף איהם ווידער געבען פּראָשקעס און רעצעפּטען. דער ציעל וואָס איז ביי אונז פריהער געוועזען אזוי געהויכט און געקרוינט, האט איינגאנצען פאַרלאָרען זיין ווערט און מיר האָבען גענומען פארשטעהן, אז דאָס איז ניט מעהר ווי א מלאכה, — א דאָקטאָר, אן אגראָנאָם, אָדער עפּעס אנדערש.

וואָס זשע טוט מען פאַרט? אויף וואָס פאַר אן אופן מאכט מען זיך ניצליך? וואָס זשע זאָל טאָן א מענש, וואָס וויל ברענגען נוצען דער געזעלשאפט?

וועגען דעם האָבען מיר ניט אויפגעהערט קלערען און קלערען, ביז מיר זיינען געקומען צום שלוס, אז די הויפּט צרה איז — די איצטיגע עקאָנאָמישע אָרדנונג.

די אָרדנונג איז אזא, אז אַלע פּראָדוקציאָנס-מיטלען ליגען אין די הענט פון א קליין הייפעלע מענשען, און דער אנדערער טייל פון דער געזעלשאפט, די גרויסע מאיאָריטעט, באשטעהט פון אָרימע מענשען, וואָס פארמאָגען גאָר ניט, חוץ הענט צו ארבייטען. די אָרימע מענשען האָבען ניט וואָס צו עסען און דאריבער מוזען זיי

זיך פאַרדינגען פאַר אַ שפּאָט ביליגער פּרייז און האָרעווען מיט'ן בלוטיגען שווייס ביי די מענשען, וואָס זיינען די אייגענטימער פון אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען. פאַר זיי, פאַר די אייגענטימער, בלייבט איבער די גאַנצע סמעטענע און פאַר די אָרימע האָרעפּאַשניקעס — גאָרניט. די קאָנקורענץ פון די קאַפּיטאַליסטען ברענגט דערצו, אַז די מענשען וואָס זיינען ניט געווען רייך און בלויז פאַרמעגליך, זאָלען ביסלאַכווייז אינגאַנצען אַרויסגעטריבען ווערען פונ'ם מאַרק, אַזוי, אַז די אַלע קאַפּיטאַלען פאַלען אַריין אין די הענט פון אַ קליין הייפעלע מענשען, און די צאָהל פון אָרימע און געקריוודעטע ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. און אין דער זעלבער צייט וואָס דאָס נישטיגע הייפעלע מענשען באָדט זיך אין עושר און אין כבוד און האָט הנאה פון דער וועלט, שטיקען זיך מיליאָנען מענשען אונטער דער שווערער משא פון אָרימקייט, בלייבען זיי אין דער פינסטער־ניש, ווייל זיי האָבען קיין געלט ניט זיך צו בילדען, זיינען זיי געצוואונגען צו באַגעהן פאַרברעכענס, מוזען זיי זינקען אַלץ נידע־ריגער און טיפער און אין גאַנצען קיין הנאה ניט האָבען פון דער וועלט.

כדי צו מאַכען אַ סוף פון אַזאַ געמיינער אָרדנונג, מוז מען קודם כל צונעמען די פּראָדוקציאָנס מיטלען ביי די פּריוואַטע איי־גענטימער און זיי אַוועקגעבען צו די מענשען וואָס אַרבייטען. דאָס קאָן מען דערגרייכען נאָר דורך אַ קאַמף, ווייל די פּריוואַטע אייגענטימער וועלען דאָס מיט גוטען ניט אַוועקגעבען. פאַר אָט דעם נויטיגען קאַמף דאַרף מען אָרגאַניזירען יענעם קלאַס, וועלכער איז אַם מעהרסטען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז עס זאָל זיך ענדיגען מיט אַן ערפאָלג, דאָס הייסט, פאַר'ן אַרבייטער קלאַס, דאָס פאָלק. און די מענשען, וואָס פאַרבינדען די אינטערעסען פון דעם אַרבייטער קלאַס מיט די אינטערעסען פון דער גאַנצער מענשהייט, מוזען זיך מיט לייב און לעבען איבערגעבען דער אַרבייט צו פאַר־שפּרייטען די סאָציאַליסטישע אידעען צווישען די מאַסען און זיי צוגרייטען צום קאַמף.

אינ'ם יאָהר 1873, זומער, אין דער צייט פון די „קאַניקולעס", ווען מען האָט אין די אוניווערסיטעטען ניט געלערענט, זיינען זיך אַלע צופאָהרען. איך מיט מיין שוועסטער לידיאַ און נאָך עטליכע חבר'טעס זיינען אַוועקגעפאָהרען קיין ליוטרי, אַ קליין שטעדטעלע, ביים ברעג פון אַן אָזערע. איינמאָל אין אַ שעהנעם אויף דער

נאַכט, ווען איך האָב צוזאַמען מיט מיין שוועסטער געשפּאַצירט, האָט זי מיר אין מיטען דערינען, מיט זעהר אַ ריהרענדער שטימע, געשטעלט אַזאַ פראַגע:

„זאָג מיר נאַר, ווערא, וואָלסטו געקאַנט פּועל'ן ביי זיך אוועק־צוגעבען אַלע כוחות דיינע דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג? וואָלטו געקאָנט — אויב עס וואָלט נאָר נויטיג געווען — איבער־רייסען אַלע באַציהונגען מיט דיין מאַן? וואָלסטו געקאָנט אויפ־געבען דאָס לערנען, די וויסענשאַפט, די קאַריערע, אַלץ צוליב דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג?"

„יאָ!" — האָב איך געענטפערט מיט'ן גאַנצען הארצען.

באַלד נאָכדעם האָט מען מיר געלאָזט וויסען, אַז עס האָט זיך געגרינדעט אַ געהיימע רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפט, וואָס גרייט זיך אָנצוהויבען ארבייטען אין רוסלאַנד. מען האָט מיר איבער־געלעזען די קאָנסטיטוציע און די פּראָגראַמע פון דער געזעלשאַפט, און נאָכדעם ווי איך האָב איינגעשטימט מיט אַלע פּונקטען, האָט מען מיך אריינגענומען פאַר אַ מיטגליד. אין יענער צייט בין איך אַלט געווען איין און צוואַנציג יאָהר.

אין עצם האָט זיך יענע פּראָגראַמע געקאָנט צופּאַסען צו יעדער אינטערנאַציאָנאַלער סעקציע. עס איז אין איהר ניט געווען די מינדעסטע אָנצוהערעניש אויף די באַזונדערע אייגענשאַפטען פונ'ם רוסישען לעבען. דעם זעלבען טעות, נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, האָבען געמאַכט אַלע פּראָפּאַגאַנדיסטען אינ'ם אָנפאַנג פון די זיבעציגער יאָהרען. די לאַגע פון דעם ארבייטער קלאַס אין מערב איירָאָפּא האָט געוויזען קלאָר, אַז מען מוז פיהרען אַ ביטערען קאַמף מיט דער בורזשואַזיע, אַז מען מוז מאַכען אַ סוף פון דער עקזיסטירענדער עקאָנאָמישער אָרדנונג. מיר האָבען אָבער פאַר־געסען די געשיכטע פון אָט דעם גאַנצען ענין. כדי אָט די פראַגע זאָל ארויסקומען קלאָר און שאַרף פאַר די ארבייטער, האָט זיך געפאָדערט אַ סך צייט, קאַמף, ביטערע ענטוישונגען און בלוט. אינ'ם יאָהר 1789 (אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציע) האָט דאָס פאָלק ניט אָפּגעטיילט זיינע אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע'ס אינטערעסען און געהענדיג מיט איהר האַנט אין האַנט, האָט עס ארונטערגעוואָרפען דאָס קעניגטום „פון גאָט'ס גנאַדען" און איינגעפיהרט דעם פּרינציפּ פון אַן אַנדער קעניגטום, וואָס הערשט כלומר'שט „מיט'ן פאָלקס ווילען". עס זיינען פראָ־

קלאַמירט געוואָרען די רעכט פון מענש און בירגער, די פּריווילעגיע פון יחסנים איז אַ ביסעל געפאַלען און די פּאָליטישע גלייכבארעכ־טיגונג איז איינגעפיהרט געוואָרען. און מיט יאָהרען שפּעטער האָט די פּאָליטישע גלייכהייט אַלעמען געעפענט די אויגען: בירגער, וועלכע האָבען, לויט'ן געזעץ, געהאַט גלייכע רעכט מיט אַלעמען, זיינען אין דער אמת'ן גאָר געווען פארשקלאַפט. די געזעלשאַפט איז אַלץ געבליבען אַ לייטער, אויף וועלכען די רייכע שטעהען אויבען און די אָרימע — אונטען. עס האָט זיך בלויז געביטען דער פּרינציפּ און אָנשטאָט אַ גייסטיגער אַריסטאָקראַטיע, וואָס ציהט איהר יחוס פון דור דורות, האָט זיך באַוויזען אַ קאַפּיטאַליסטישע אַריסטאָקראַטיע. עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז פון דער גאַנצער איבערקערעניש איז אַרויסגעקומען אַ טובה דער בורזשואַזיע, וועלכע האָט אַריינגעכאַפּט די לייצעס אין איהרע הענט. און ווען די ברייטע מאַסען האָבען דאָס דערזעהן, האָבען זיי ערשט דאַן אָנ־געהויבען צו פארשטעהן, אַז זייערע אינטערעסען זיינען פרעמד פון די אינטערעסען פון אַנדערע קלאַסען און אַז בלויז זיי אַליין דאַרפען זיך פאַר זיי איינשטעלען; אַז די פּאָליטישע גלייכהייט וועט בלייבען אַ פּוסטער קלאַנג כל זמן עס וועט ניט אָפּגעשאַפט ווערען די עקאָנאָמישע אומגלייכהייט, ווייל דער בעל־הבית האַלט שטענדיג דעם אַרבייטער אַזוי שטאַרק אין די לאַפּעס, אַז פון די אַלע בירגער־רעכט זיינע לאָזט זיך אויס אַ בוידעם.

פאַר די אַרבייטער זיינען אַ סך זאַכען געוואָרען קלאָר און דאַן איז זייער אויפגאַבע געוואָרען איינפאַכער. עס פארשטעהט זיך, אַז דאָס אַליין איז געווען אַ גרויסער געווינס; מען דאַרף אָבער ניט פארגעסען, אַז חוץ דעם האָט די פראַנצויזישע רעוואָ־לוציע דאָך געבראַכט אַ גוטע זאַך — פּאָליטישע פרייהייט. אַ דאַנק דעם, וואָס מען האָט אָנגעהויבען רעדען און שרייבען וואָס מען האָט געוואָלט און זיך פארזאַמלען וואו און ווען מען האָט געוואָלט, האָט מען געהאַט די מעגליכקייט אָנצופיהרען אַן אַגי־טאַציע און פארשטאַרקערען די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט. מיט אַזאַ געוועהר אין האַנט האָט מען געקאָנט איינגעמען אַ וועלט, און די אַרבייטער האָבען דאָס טאַקע אָנגעהויבען טאָן. דער גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער פאַראיין האָט אָנגעהויבען פאַר־שפּרייטען זיין טעטיגקייט איבער אַלע ציוויליזירטע לענדער. מיר האָבען געהאַט דאָס גליק צו זעהן אויף די קאָנגרעסען פון דעם

פאראיין (אינ׳ם יאָהר 1873, אין זשענעווא) דעלעגאטען פון ענגלאנד, פראנקרייך, איטאליען, בעלגיען, שפּאניען, אמעריקא, שווייץ. זיי האָבען פארטראָטען הונדערטער טויזענטער ארבייטער, וועלכע זיינען אריין אינ׳ם פאראיין מיט׳ן ציעל צו קעמפען געגען דער עקספּלואטאציע פון קאפּיטאל. קיין שעהנערע זאך ווי א פארזאמלונג פון פארטרעטער פון פארשיידענע פעלקער, וועלכע שטרעבען צו איין ציעל און פארטיידיגען די זעלבע אינטערעסען, קאָן מען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען.

ווען מיר האָבען איינגעזעהן, אז אין מערב אייראָפּא זיינען די ברייטע מאסען ניט געהאָלפען געוואָרען פון דער פּאָליטישער פרייהייט, וואָס זיי האָבען באקומען, האָבען מיר זיך אָנגעכאפּט אין דעם לעצטען וואָרט פון דער שטרעבונג פון ארבייטער־קלאס און זיך אוועקגעשטעלט אויסשליסליך אויף דעם באָדען פון עקאָ־נאָמישע באציהונגען. אונזער מיינונג איז געווען, אז עס איז אוממעגליך צו רופען דאָס רוסישע פאָלק צום קאמף פאר אזעלכע רעכט, וואָס וועלען איהם ניט געבען קיין ברויט; און אין דער זעלבער צייט וואָס מיר האָבען געדענקט צו ענדערען די עקזיס־טירענדע עקאָנאָמישע אומשטענדען, האָבען מיר געהאָפט, אז ווען עס וועט זיך אונז איינגעבען אָפּצורייסען דאָס רוסישע פאָלק פון דעם געדאנק פון צאריזם, וועלען מיר זיך דערשלאָגען צו דער דעמאָקראטישער פּאָליטישער אָרדנונג; און מיר האָבען גאָר אין גאנצען אויסגעלאָזען פון זינען דעם פאקט, וואָס דאָס גאנצע רוסישע פאָלק ווערט שיער ניט דערשטיקט אונטער דעם שווערען יאָך פון דער פּאָליטישער אָרדנונג און אז עס איז גאר ניטאָ קיין מעגליכ־קייט אָנצופיהרען אין רוסלאנד אן אגיטאציע מיט וואָרט און שריפט. אמת טאקע, מיר האָבען געוואוסט, אז פאר דער רעוואָ־לוציאָנערער ארבייט, וואָס מיר ווילען אָנפיהרען, וועט מען אונז פארשיקען קיין סיביר און אויף קאטאָרגע, אָבער קיין קלאָרען באגריף וועגען די שוועריגקייטען, שטערונגען און סכנות, וואָס שטעהען אונז פאָר, האָבען מיר ניט געהאט. שפּעטער האָבען מיר דערפאר זעהר טייער באצאָהלט.

מיר האָבען געדענקט דורכפיהרען די סאָציאליסטישע אידעען אָהן פשרות; מיר האָבען גערעכענט צו ריידען צום רוסישען פאָלק קלאָרע ווערטער, ניט נאָר וועגען קאָלעקטיווען אייגענטום, נאָר אויך וועגען קאָלעקטיווע ארבייט — לויט׳ן פּרינציפּ „יעדער

איינער לויט זיינע פעהיגקייטען", און אויך וועגען קאָלעקטיווען (קהל'שען) געברויך פון די ארויסגעגעבענע פּראָדוקטען — לויט דעם פּרינציפּ „יעדען איינעם לויט זיינע באַדערפנישען". קורץ, מיר האָבען געוואָלט מאַכען פון די רוסישע מענשען באַוואוסטזיניגע סאָציאַליסטען לויט דעם מערב־אייראָפּעאישען שניט.

כדי צו דערגרייכען אזא זאַך, האָט מען געמוזט לעבען צווישען די פאָלקס־מאַסען און ווי וויט מעגליך ווערען איינס מיט זיי. די ערשטע צייט האָבען מיר געמיינט, אז עס איז ניט נויטיג, אז אינטעליגענטען זאָלען צוליב דעם ווערען פּשוט'ע ארבייטער, אָבער שפּעטער האָבען מיר איינגעזעהן, אז דאָס איז זעהר נויטיג, און דער פּונקט איז אריינגענומען געוואָרען אין דער פּראָגראַמע פון דעם קרוזשאָק, וואו איך בין געוועזען א מיטגליד. אין דער פּראָגראַמע האָט מען גערעדט וועגען דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וואָס וועט פאַרווירקליכען די סאָציאַליסטישע אידעאַלען, ווי וועגען א גע־שעהעניש, וואָס האַלט שוין אין קומען.

ארום און ארום האָבען מיר אין אונזער קרוזשאָק געהאַט צוועלף מענשען — אַלץ סטודענטקעס; מיר האָבען אָבער גע־וואוסט, אז חוץ אונז זיינען פאַראַן נאָך און נאָך גרופּעס, וואָס האָבען זיך געשטעלט די זעלבע אויפגאַבען, און דערפאַר זיינען מיר געווען זיכער, אז די ארבייט וועט אָנגעפיהרט ווערען אויף א ברייטען מאַסשטאַב.

אין יענעם זומער איז ערשינען דער ערשטער נומער פון דעם זשורנאַל „ווּפּעריאָד". דאָס האָט אונז גייסטיג געגעבען א שטאַר־קען שטויס. מיר האָבען שוין געהאַט פון וואָס צו ריידען און פון וואָס צו דעבאַטירען.

נאָכדעם ווי די ציוריכער סטודענטקעס זיינען זיך צולאָפּען, איז איינע פון אונזערע מיטגלידער, יעווגעניא דמיטראָוונא סובאָ־טינא, אוועקגעפאָהרען קיין רוסלאַנד און אַנדערע פינף פון אונזער קרייז — סאָפיע באַרדינא, די פריילין אַלעקסאַנדראָווא, מיין שוועסטער לידיא און די צוויי אינגערע שוועסטער סובאָטין — האָבען זיך באַזעצט אין פּאַריז; די איבעריגע — די צוויי שוועס־טער ליובאַטאָוויטש, די קאַמענסקאיא, איך און נאָך איינינגע סטו־דענטקעס, זיינען אריין אין בערנער אוניווערסיטעט.

אין א קורצער צייט ארום איז קיין בערן געקומען טקאַטשעוו מיט א פאָרשלאַג, אז אונזער גרופּע זאָל זיך שטעלען אין פעדע־

ראַטיווע פאַרבינדונגען מיט די „צעהן צעהנדליגער"*) רעוואָלו־ציאָנערען, וואָס געפינען זיך אין רוסלאַנד.

דאמאָלט זיינען מיר, ווי דער גרעסטער טייל פון דער סאָציאַ־ליסטישער יונגוואַרג אין יענער צייט, גיכער געווען געניוגט צו א פעדעראַליסטישער אָרגאַניזאַציאָנס פאָרמע, און אין דעם שטרייט, וואָס האָט צוטיילט דעם אינטערנאַציאָנאַל אין צוויי טיילען — א צענטראַליסטישע און א פעדעראַליסטישע — האָבען מיר געהאַלטען מיט די באַקוניסטען, ווייל מיר זיינען אין אַלגעמיין געווען באַגייסטערט פון באַקונינ'ס פּערזענליכקייט.

טסאַטשעוו האָט מיט אונז לאַנג פאַרהאַנדעלט, אָבער פון די פאַרהאַנדלונגען איז גאַר ניט געוואָרען. מיר האָבען זיך אָפּגע־זאָגט פון די פאָרגעשלאָגענע פאַרבינדונגען מיט יענער רעוואָלו־ציאָנערער גרופּע פון „צעהן צעהנדליגס" אין רוסלאַנד.

דערווייל האָבען אונזערע חברים אין פּאַריז פאַרפיהרט באַ־קאַנטשאַפט און נאָכדעם האָבען זיי זיך פאַראייניגט מיט דעם קאַווקאַזער קרוזשאָק, אין וועלכען עס זיינען געווען: דזשאַבאַ־דאַרי, טשיקאָאידזע, צינציאַנאָוו און נאָך אייניגע אַנדערע. מיט א צייט שפּעטער איז מיין שוועסטער לידיאַ, צוזאַמען מיט נאַ־דיעזשדאַ סובאָטינאַ, אַוועקגעפאָהרען אַרבייטען אין רוסלאַנד; די איבעריגע האָבען זיך פאַרבונדען מיט דעם רעוואָלוציאָנער פּע־סענקאָ, וועלכער האָט פאַר זיי געשאַפען פאַרבינדונגען אין סער־ביען; און אזוי ווי מיר האָבען דאַמאָלט געקוקט אויף זאכען פון א ריין אינטערנאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט, איז ביי אונז גלייך באַשלאָסען געוואָרען זיך צו באַנוצען מיט דער געלעגענהייט און אַוועקשיקען קיין סערביען א מענשען אָנצופיהרען דאָרטען אַן אַגיטאַציע און אַרויסגעבען א סאָציאַליסטישע צייטונג מיט דער הילף פון די סערבישע חברים.

אויסגעקליבען האָט מען מיך. אין יענער צייט בין איך שוין כמעט געווען א פרייע, ווייל מיין מאַן האָט זיך געהאַט אומגעקערט

*) דער פּלאַן צו גרינדען רעוואָלוציאָנערע גרופּען וואָס זאָלען באַ־שטעהן פון „צעהנדליגס", איז געווען אויסגעאַרבייט פון דעם באַריהמ־טען רעוואָלוציאָנער נעטשאַיעוו. יעדער קאָנספּיראַטיווע גרופּע וואָס איז באַשטאַנען פון צעהן, האָט געהאַט דאָס רעכט אויסצוקלייבען א פאַר־טרעטער און א קערפּערשאַפט וואָס האָט רעפּרעזענטירט, למשל, צעהן גרו־פּען און איז אויך באַשטאַנען פון צעהן. — איבערזעצער.

צוריק קיין רוסלאַנד און האָט אין דער שטאָדט קאַזאַן פאַרנומען א שטעלע אַלס סעקרעטאַר אין א קרייז־געריכט.

אָבער איך האָב ניט פאַרשטאַנען א וואָרט סערביש און האָב זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלען, ווי איך וועל זיך דאָרטען א ריהר טאָן מיט רעוואָלוציאָנערער ארבייט, ניט קענענדיג די שפּראַך, האָב איך געבעטען, אז מען זאָל בעסער שיקען אהין אימיצען אנדערש. דאַן האָט מען אהין אוועקגעשיקט מאַריא דמיטראָוונא סובאָטינאַ, וועלכע איז דערנאָך פון דאָרטען אוועקגעפאָהרען גלייך קיין רוסלאַנד.

ביים סוף פון׳ם לעצטען יאָהר אין אוניווערסיטעט, ווען מען האָט שוין געהאַלטען ביים ענדיגען דעם קורס און ארויסקריגען א דיפּלאָם, האָבען נאָך זעקס מענשען באַשלאָסען אויפצוגעבען דאָס לערנען און זיך איינגאַנצען איבערגעבען דער רעוואָלוציאָנערער ארבייט אין רוסלאַנד. אָבער איך האָב נאָך אַלץ ניט געקאָנט פועל׳ן אזא זאַך. עפּעס האָב איך ניט געקאָנט אויפגעבען דאָס לערנען, און חוץ דעם בין איך נאָך ניט געווען איינגאַנצען פריי פון מיין מאַן. און טאָמער איז דאָס געווען ווייניג, האָב איך נאָך רחמנות געהאַט אויף מיין מאַמען און מיר האָט געריסען דאָס הארץ דאַרויף, וואָס זי ערגערט זיך אזוי איבער דעם, וואָס לידיא איז ארויס פון׳ם אוניווערסיטעט.

דערצו האָב איך נאָך געוואוסט, אז אייניגע פרויען, מיט־גלידער פון אונזער גרופּע, וועלכע זיינען אוועקגעפאָהרען צוריק קיין רוסלאַנד, האָבען געהאַט בדעה דאָרטען זיך צו עקזאַמענירען און קריגען דעם טיטול אַקושאָרקאַ, כאָטש עס האָט זיי אויסגע־פעהלט די נויטיגע קענטנים אויף דעם געביט, און דאָס האָב איך עפּעס ניט געקאָנט. מיין געדאַנק איז געווען, פריהער צו ענדיגען דעם קורס און גוט קענען מעדיצין, כדי איך זאָל טאַקע קאָנען עפּעס אויפטאָן און ברענגען נוצען די אָרימע.

אַלע זיינען זיך צופאָהרען און איך בין געבליבען אין בערן כמעט איינע אַליין, עלענד, אָהן פריינד. און אזוי האָב איך דאָרט אָפּגעלעבט נאָך אָנדערטהאַלבען יאָהר.

### געלערענט פון לעבען.

אין יענער צייט האָט מען שוין אין רוסלאַנד אָנגעהייבען שטאַרק פאַרפאָלגען די סאָציאַליסטישע קרוזשאָקען, און דאריבער

זיינען זיך א סך צולאָפּען קיין אויסלאַנד. אין זשענעווע האָב איך זיך געטראָפען מיט אייניגע פון די נייע פּאָליטישע אימיגראַנטען. צווישען זיי האָב איך געפונען ניקאָלאַי זשעבונאָוו און זיין פרוי. מיט זיי בין איך געווען באַקענט נאָך פון ציוריך. איך האָב דאָרט אויך צוגעקראָגען נייע באַקאַנטע — טשובאַראָוו, ניקאָלאַי מאָראָזאָוו, סאַבלין, סודזילאָווסקי, קלעמענס, איוואַנטשין־פּיסאַרעוו, איוואַן דעבאַגאָרי־מאָקריעוויטש און נאָך א סך אַנדערע.

אייניגע פון די נײַ־אַריבערגעקומענע רוסישע אימיגראַנטען האָבען מיך באַזוכט אין בערן, און אַזוי ווי איך האָב מיט זיי מיטגעפיהלט און האָב פון צייט צו צייט אַרויסגעהאָלפען מיט געלט, האָט מען אין די רוסישע קרוזשאָקען געהערט פון מיר נאָך איידער איך האָב זיך אומגעקערט צוריק קיין רוסלאַנד. א סך האָב איך אַרויסגעהאָלפען מיט געלט אויף הוצאות אהיים. אַזוי זיינען אויף מיין חשבון אהיים געפאָהרען טשובאַראָוו, וועמען מען האָט דערנאָך אויפגעהאַנגען, ניקאָלאַי מאָראָזאָוו און סאַבלין, וועלכע זיינען אַרעסטירט געוואָרען ביי דער גרענעץ. אויך איוואַן מאָקריעוויטש, ענקוואַוואַטאָוו און צוויי חברים זייערע.

חוץ דעם האָב איך אַרויסגעהאָלפען מיט געלט אייניגע רוסישע פּאָליטישע אימיגראַנטען אין בערלין און אין לאָנדאָן. איך אַליין האָב קיין סך געלט ניט געהאַט, אָבער איך האָב געלעבט זעהר שפּאָרעוודיג, ניט אויסגעגעבען קיין איבעריגען גראָשען אויף זיך, און א דאַנק דעם האָב איך געהאַט די מעגליכקייט אַרויסצוהעלפען אַנדערע. חוץ דעם בין איך געווען א בריה צו קריגען געלט ביי אַנדערע, גאָר ביי זייטיגע מענשען; מיר האָט זיך איינגעגעבען צו געווינען זייער סימפּאַטיע צו סאָציאַליסטען און צום סאָציאַליזם און דערנאָך איז מיר שוין ניט שווער געווען צו קריגען ביי זיי געלט דאַרויף.

איבער דעם, וואָס איך בין געווען אזא בריה צו קריגען געלט, בין איך געוואָרען מעהר אָדער ווייניגער באַוואוסט, און איך געדענק, ווי מיט יאָהרען שפּעטער פלעגט נאָך אַלץ אַרומגעהן א ווערטעל: „ווען מען דאַרף געלט, זאָל מען זיך ווענדען צו ווערא פיגנער”.

אין אַלגעמיין בין איך שטענדיג געווען פון די מענשען, וואָס האַלטען פון דעם כלל, אַז א מאַנגעל אין געלט טאָר קיינמאָל ניט זיין קיין שטערונג, און ווען מען האָט אמאָל געדאַרפט האָבען גרויסע סומען, וואָס האָבען דערגרייכט אין די הונדערטער, האָב

איך עס געקראָגען. ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעגראָבען און געבראַכט.

פון די אימיגראַנטען פון עלטערען דור האָבען אין יענער צייט געוואוינט אין זשענעווא: דער פובליציסט טקאַטשעוו (אַן אָנ־הענגער פון נעטשאַיעוו'ן) און זיין פרוי, מאַדאַם דיעמענטיעווא, וועלכע איז צוזאַמען מיט איהם געשטעלט געוואָרען צום געריכט אינ'ם יאָהר 1872. מיר, פון אונזער דור, האָבען ניט זעהר שטאַרק געהאַלטען פון נעטשאַיעוו'ן; אונז איז ניט געפעלען געוואָרען דער אופן ווי ער שטעלט צונויף די קאָנספּיראַטיווע קרוזשאָקען; מיר זיינען אויך געווען געגען זיין טעאָריע, אַז דער ציעל הייליגט די מיטלען. און אַזוי ווי טקאַטשעוו איז געווען נעטשאַיעוו'ס אַ חסיד, האָבען מיר פון איהם אויך ניט זעהר שטאַרק געהאַלטען אַלס רעוואָלוציאָנער. ער איז אָבער געווען זעהר אַ ליבענסווירדיגער מענש, אַ פרעהליכער און זעהר אַ לעבענסלוסטיגער, מען האָט מיט איהם שטונדען לאַנג געקאָנט ריידען וועגען אַלץ אין דער וועלט, און דעריבער פלעג איך אָפט אַריינקומען צו איהם.

איך אַליין בין אויך געווען זעהר אַ לעבענסלוסטיגע. איך האָב אַלע מאָל זעהר ליב געהאַט אָפּצוטאָן שפּיצלאַך, כדי מען זאָל האָבען פון וואָס צו לאַכען. אַזוי בין איך געווען אין אינסטיטוט אין קאַזאַן און אַזוי בין איך אויך געווען אין ציוריך.

וועגען איין שפּיצעל, וואָס איך האָב אָפּגעטאָן, וויל איך דאָ דערצעהלען. געווען איז דאָס אין ציוריך אין 1874טען יאָהר. צווישען אונז האָט זיך דעמאָלט ארומגעדרעהט אַ מענש פון אַ יאָהר פופציג, אַ פּאָלקאָווניק מיט'ן נאָמען פּאַלעצקי. געווען איז ער אַ גרויסער באַריהמער, האָט ער יעדען איינעם דערצעהלט אַ מעשה, אַז ער איז געקומען קיין אויסלאַנד איבעררײדען מיט לאַווראָוו'ן וועגען גרינדען אין רוסלאַנד אַ הילפס־קאַסע פאַר פּאָ־ליטישע אימיגראַנטען. דעם פּלאַן, ווי אַזוי די קאַסע זאָל גע־גרינדעט ווערען, האָט ער מיט זיך שוין אַ פאַרטיגען. אַזוי האָט ער אַלעמען דערצעהלט.

פאַר'ן אָוועקפאָהרען צוריק איז דער פּאָלקאָווניק געוואָרען אומרוהיג, און דאַן האָט ער יעדען איינעם געזאָגט, אַז ער האָט זעהר מורא, מען זאָל איהם ניט אַרעסטירען ביי דער גרענעץ.

ווען איך און טקאַטשעוו האָבען באַמערקט, ווי ער ציטערט און שרעקט זיך אַלץ, האָבען מיר באַשלאָסען איהם אָפּצוטאָן אַ

שפּיצעל. געטראכט און געטאָן. באַלד האָבען מיר איהם אָנגע־שריבען אַ בריף אָהן אַן אונטערשריפט. אין דעם בריף האָבען מיר איהם געמעלדעט, אַז עס שטעהט איהם פּאָר אַ גרויסע סכנה און אַז ער וועט ארעסטירט ווערען אַזוי שנעל ווי ער וועט אריבער די גרענעץ. די איינצעלהייטען וועט ער קאָנען אויסגעפינען ביי אַ יונגער דאַמע, מיט וועלכער ער קאָן זיך טרעפען אויפ'ן אינזעל זשאַן־זשאַק רוסאָ. די דאַמע וועט אויף איהם וואַרטען אין גאָרטען אויף אַ באַנק. דאָס פּנים וועט ביי איהר זיין באַדעקט מיט אַ דורכזיכטיגען גרינעם שלייער.

אוועקגעשיקט דעם בריף, זיינען מיר אוועק צו דער סטודענטקע קאַטאָ, די שוועסטער פון דעם באַוואוסטען ליטעראַט ניקאָלאַדזע, זעהר אַ שעהנע און זשוואַווע מיידעל. מיר האָבען איהר דער־צעהלט די גאַנצע געשיכטע און זי האָט איינגעשטימט צו געהן אין דער באַשטימטער צייט אויפ'ן באַשטימטען פּלאַץ.

דער פאָלקאָוונִיק האָט איבערגעלעזען דעם בריף און האָט זיך שטאַרק דערשראָקען. צו דער באַשטימטער צייט איז ער געקומען אויפ'ן באַשטימטען פּלאַץ. דאָרטען האָט שוין קאַטאָ געוואַרט אויף איהם מיט אַ גרינעם שלייער אויפ'ן פּנים און זי האָט איהם אַזוי „באַאַרבייט”, אַז ער האָט ניט געוואוסט וואָס ער זאָל דאָ טאָן. זיין פאַרצווייפלונג איז געווען שרעקליך גרויס. ער איז גלייך אוועק צו די באַקאַנטע און יעדען איינעם דערצעהלט, וואָס פאַר אַן אומגליק עס האָט איהם געטראָפען און וואָס פאַר אַ סכנה עס שטעהט איהם פּאָר. דער מענש האָט זיך געריסען די האָר פון'ם קאָפּ. וואָס זאָל ער דאָ טאָן? ער איז דאָך עפּעס ניט אַבי ווער. ער איז דאָך עפּעס אַ פּאָלקאָוונִיק, און אין דריי חדשים ארום וואָלט ער שוין געקראָגען פּענסיע; און דאָ אין מיטען דערינען — אַזאַ אומגליק. אפשר זאָל ער שוין גאָר אינגאַנצען בלייבען דאָ און ניט פאָהרען קיין רוסלאַנד? צו וואָס זאָל ער פאָהרען אַהין, אַז מען וועט איהם דאָרטען ארעסטירען? און ווער ווייסט, מיט וואָס אַזאַ זאַך קאָן זיך ענדיגען! עס קאָן דאָך זיין, אַז מען זאָל איהם גאָר פאַרשיקען קיין סיביר...

דער פאָלקאָוונִיק האָט זיך געבראָכען דעם קאָפּ. ער האָט זיך גאָר קיין עצה ניט געקאָנט געבען. איז ער, אַ פאַרצווייפעלטער, אוועק צו עלפּידינ'ען, דעם עלטסטען אימיגראַנט אין דער קאָלאָניע און ביי איהם געפרעגט, וואָס ער זאָל טאָן.

עלפּידין אַליין איז געווען אַן אַלטער תושב אין זשענעווא און געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער אַדמיניסטראַציע פון שטאָדט. אַליין האָט ער אויך געליטען פון אַ מאַניע און עס האָט זיך איהם שטענדיג געדוכט, אַז שפּיאָנען זוכען איהם. אויף ווי ווייט די דאָזיגע מאַניע איז ביי איהם געווען אַנטוויקעלט, קאָן מען זיך פאָרשטעלען דערפון, וואָס איינמאָל, נאָכדעם ווי ער האָט יאָהרען לאַנג אָפּגעלעבט מיט זיין פרוי, איז איהם איינגעפאַלען צו מאַכען אַן אונטערזוכונג וועגען איהרע פּאָליטישע אַנשויאונגען, ווייל עס האָט זיך איהם אָנגעהויבען דוכטען, אַז זי איז אפשר אויך אַ שפּיאָנקע, וואָס זוכט אריינצוכאַפּען איהם אין אַ נעץ...

אויף דעם געביט, ווי אַזוי שפּיאָנען אַרבייטען, איז עלפּידין געווען אַ מאַדים, און ווען דער פאָלקאָווניק האָט איהם דערצעהלט די געשיכטע וועגען דעם בריף און וועגען דער דאַמע מיט'ן גרינעם שלייער, האָט ער איהם געשטעלט אַ גאַנצע רייהע פראַגען און זיך אַזוי לאַנג געגריבעלט אין דעם, ביז דער גאַנצער אמת איז אַרויס־געקומען ווי בוימעל אויפ'ן וואַסער.

דער פּאָלקאָווניק פּאָלעצקי האָט אויסגעפונען, וועער עס האָט איהם אָפּגעטאָן דאָס שפּיצעל. דאָן בין איך אַוועק צו איהם אַהיים און ווען איך האָב דערזעהן, ווי ער שעמט זיך דערמיט, וואָס ער האָט פאַר אַלעמען אַרויסגעוויזען, אַז ער איז אַ טרוס, האָט מיר שוין שטאַרק באַנג געטאָן דער גאַנצער עסק און איך האָב זיך פאַרשעמט.

„זייט מיר מוחל!" — האָב איך זיך ביי איהם געבעטען.

ער האָט מיר פאַרגעבען. און פון דאָן אָן האָב איך אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז מעהר זאָל איך אַזוינע שפּיצלאַך קיינעם ניט אָפּטאָן.

צוריק קיין רוסלאַנד.

אין דער צייט וואָס איך בין געווען אין אויסלאַנד, זיינען שוין די מיטגלידער פון אונזער קרוזשאָק מיט לייב און לעבען געווען פאַרטאָן אין רעוואָלוציאָנערער אַרבייט אין רוסלאַנד. די אָרגאַניזאַציע אונזערע האָט אויסגעאַרבייט אַ פּינקטליכען פּלאַן, ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזען בשעת מען האָט געלייענט די פּראָגראַמע אויף דעם באַריהמטען „פּראָצעס פון די פופציג". אַרום און אַרום האָט אונזער אָרגאַניזאַציע אייגענטליך געהאַט ניט מעהר ווי אַ צוואַנציג אָדער פינף און צוואַנציג מיטגלידער, און דאָך

האָט מען אַרויסגעגעבען אַן אייגענע צייטונג מיט'ן נאָמען „ראַ־באָטניק" (דער אַרבייטער), וואָס האָט זיך געדרוקט אין אויסלאַנד.

כאָטש אונזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטעלט די אויפ־גאַבע צו פאַרשפּרייטען סאָציאַליזם צווישען די פאָלקס־מאַסען דורך פרידליכער פּראָפּאַגאַנדע, האָבען מיר דאָך אַנערקענט די נויטיגקייט צו אַגיטירען און שטיצען איינצעלנע אויפשטאַנדען, און ניט וואַרטען דוקא אויף דעם גרויסען אַלגעמיינעם אויפשטאַנד. דער יסוד פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ פעדעראַליסטישער. מיר האָבען זיך ניט געדאַרפט אונטערוואַרפען די באַפעהלען פון אַן אַנדער גרופּע. די פאָרמע, אין וועלכער אַן אינטעליגענט האָט געדאַרפט אַרבייטען, איז געווען אַ דעמאָקראַטישע, אַן אַרבייטער־פאָרמע.

די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע האָבען אָנגעפיהרט אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע צווישען די פאַבריק־אַרבייטער און אין דער זעלבער צייט האָבען זיי ניט איבערגעריסען די פאַרבינ־דונגען מיט'ן דאָרף, וואו זיי האָבען זומער זיך פאַרשטעלט אַלס פויערים און געאַרבייט אויף די פעלדער. די פּראָפּאַגאַנדע צווישען די פאַבריק־אַרבייטער אין שטאָדט און די פויערים אין די דערפער איז אָנגעפיהרט געוואָרען מיט וואָרט און שריפט; מען האָט גערעדט צו איינצעלנע מענשען, צו גאַנצע גרופּעס און אויך פאַר־טיילט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. די מיטגלידער פון אונזער אָרגאַניזאַציע זיינען זיך צופאָהרען איבער די גרויסע פאַבריק־צענטרען; איינינע זיינען געוואָרען אַרבייטער אין מאָסקווע, אַנדערע זיינען געוואָרען וועבער אין איוואַנאָוואָ־וואָזנעסענסק; איינינע זיינען אַריין אין די קיעווער זאַוואָדען, וואו מען מאַכט צוקער פון בוריקעס, און אַנדערע זיינען אַוועק אַרבייטען אין טולאַ. אַלע זיינען געווען טעטיג.

אָבער אין דעם יאָהר 1875, אָסיען־צייט, איז די גאַנצע אָרגאַ־ניזאַציע אונטערגעגאַנגען. אַלע מיטגלידער און אויך די מענשען, מיט וועמען זיי זיינען געשטאַנען אין נאָהענטע פאַרבינדונגען, האָט מען אַרעסטירט און אַריינגעזעצט אין טורמע. דאָך האָט מען באַשלאָסען, אַז די אַרבייט זאָל מען ניט אויפגעבען.

דאַן האָט מען זיך דערמאָנט, אַז אין אויסלאַנד געפינען זיך נאָך מיטגלידער, וועלכע האָבען געגעבען אַ שבועה צו אַרבייטען פאַר דער אָרגאַניזאַציע און שטעהן „אַלע פאַר איינעם און איינער

פּאַר אַלע". מאַרק נאַטאַנזאָן האָט זיך געווענדעט מיט אַ בקשה צו מיר און צו דאָראַטי אַפּטעקמאַן, אַז מיר זאָלען פאַרלאָזען אויסלאַנד און אוועקפאָהרען קיין מאָסקווע, צוריק אויפצולעבען די ארבייט פון אונזער קרוזשאָק.

איך וואָלט געזאָגט אַ ליגען, ווען איך וואָלט דאָ ניט דערצעהלט, ווי שווער עס איז מיר אַליין אָנגעקומען איידער איך האָב ביי זיך גע'פועל'ט אויפצוגעבען דאָס לערנען און זיך אומקערען צוריק קיין רוסלאַנד צוליב רעוואָלוציאָנערער ארבייט. מיין מאַן האָט מיר שוין דעמאָלט מעהר ניט געשטערט, ווייל נאָך אין פריהלינג האָב איך איהם אין אַ בריף געלאָזט וויסען, אַז איך וויל ניט, ער זאָל מיר שיקען געלט און אַז איך בעט איהם, ער זאָל זיך מיט מיר מעהר ניט אָנקערען. אָבער ווי אַזוי גיט מען אויף דאָס לערנען און ווי זאָגט מען זיך אָפּ פון אַ דאָקטאָר־דיפּלאָם? איינגאַנצען איז מיר דאַן געבליבען אַ האַלב יאָהר צו ענדיגען דעם קורס: איך האָב זיך שוין געהאַט געגרייט אָנצושרייבען אַ דיסערטאַציע און קריגען מיין דיפּלאָם. היינט מיין מאַמע! זי האָט דאָך אַזוי לאַנג געטרוימט, אַז איך זאָל קומען פון אויסלאַנד אַ „געענדיגטע" דאָקטאָרשע... וואָס־זשע טוט מען? וואָס פאַר אַן עצה גיט מען זיך? ווי נעמט מען מיט די אייגענע הענט און מען צושטעדט אַ ציעל, ווען מען איז שוין אַזוי נאָהענט?

אַזעלכע געדאַנקען האָבען זיך געדרעהט ביי מיר אין קאָפּ און האָבען מיך ניט געלאָזט רוהען. אָבער ווען איך האָב זיך דערמאָנט, ווי מיינע פריינד האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון אַלעם און פון אַלעמען און האָבען זיך איינגאַנצען איבערגעגעבען דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; ווען איך האָב זיך געגומען דערמאָנען, ווי זיי ווערען פאַרשמאַכט אין די טורמעס און טראָגען אריבער די ערגסטע יסורים פאַר דעם אידעאַל, צו וועלכען מיר האָבען זיך אַלע צוגעגרייט, האָב איך באַשלאָסען, אַז וואָס ס'וועט זיין זאָל זיין — איך גיב אויף אַלעס און פאָהר צוריק קיין רוסלאַנד.

און אַבי איך האָב אַזוי באַשלאָסען, איז ביי מיר שוין אויסגעקומען, אַז דער גאַנצער עסק פון ארויסקריגען אַ דיפּלאָם איז ניט מעהר ווי אַ נאַרישקייט. וואָרים נאָך אַלעמען, וואָס איז דען אַ דיפּלאָם? ניט מעהר ווי אַ שטעמפּעל, אַז דער און דער קען דאָס און דאָס. נו, איך קען דאָך געגנוג מעדיצין. עס איז ניט מעהר, עס פעהלט מיר דער שטעמפּעל. נו, וועל איך זיך באַגעהן

אַהין דעם. וואָרים דאָרטען, אין רוסלאַנד, דאַרף מען מיך נויטיג האָבען, דאָרטען קאָן מען זיך אָהן מיר ניט באַגעהן.

אין מאָנאַט דעצעמבער, 1875, בין איך ארויסגעפאָהרען פון דער שווייץ צוריק קיין רוסלאַנד, מיטנעמענדיג די ליכטיגע ער־אינערונג פון די יאָהרען וואָס האָבען מיר געגעבען וויסענשאַפט, פריינד, און דער עיקר — אַ ציעל, אַ גרויסען, הייליגען ציעל אין לעבען.

פונקט דאַן, ווען איך בין געפאָהרען קיין רוסלאַנד, האָט זיך מיין מאַמע געקליבען פאָהרען אין דער שווייץ זיך אָפּרוהען אביסעל, ווייל זי איז געווען ניט געזונט פון ערגערניש, וואָס מען האָט ארעסטירט לידיא'ן. איך האָב זי נאָך געטראָפען אין פעטער־בורג, און אריינגעקומען צו איהר בין איך אומגעריכטערהייט; שרייבען איהר וועגען דעם אַז איך קום, האָב איך ניט געקאָנט.

ס'איז שווער איבערצוגעבען מיט ווערטער, ווי די מאַמע האָט זיך געפיהלט נידערגעשלאָגען, ווען זי האָט מיך גאָר פלוצלונג דער־זעהן און האָט זיך דערוואוסט, אַז איך האָב שוין אויך אויפגעגעבען דאָס לערנען. אין עטליכע טעג ארום איז זי אַוועקגעפאָהרען און מיטגענומען מיט זיך מיינע צוויי שוועסטער, אָלגאַ און יעווגעניאַ, וועלכע האָבען שוין דאַן געהאַט געענדיגט גימנאַזיע. אויף יעווגעניא'ן האָט דאָס פארברענגען אין דער שווייץ געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. זי האָט זיך דאָרטען באַקענט מיט אייניגע פּאָליטישע אימיגראַנטען — מיט איוואַנטשין־פּיסאַרעוו, לעשערן און אַנדערע, און ווען זי איז געקומען צוריק קיין רוסלאַנד, איז זי שוין אויך געווען רעוואָלוציאָנער געשטימט.

נאָך מיין מאַמע'ס אַוועקפאָהרען, האָב איך זיך באַזעצט אין מאָסקווע, וואו עס איז געווען דער צענטער פון דער אונטערגעגאַנ־גענער אָרגאַניזאַציע. כדי ניט ארויפציהען דעם חשד פון דער פּאָליציי אויף זיך און אויך אויף די נייע חברים, בין איך ניט געגאַנגען באַזוכען מיין שוועסטער לידיא, וועלכע איז דאַן געזעסען אין איינער פון די מאָסקווער טורמעס. שטאַרק צום הארצען האָב איך זיך דאָס ניט גענומען, ווייל איך בין דאָך ניט געקומען קיין מאָסקווע צוליב איהר; איך בין געווען פול מיט האָפנונגען און זיכערקייט, אַז די געזעלשאַפטליכע ארבייט וועט ביי מיר צונעמען די גאַנצע ענערגיע, אַלע פעהיגקייטען מיינע, און עס וועט מיר ניט בלייבען קיין צייט פאַר פּערזענליכע דאגות און אינטערעסען.

איך האָב נאָך דאַן די מינדעסטע פאַרשטעלונג ניט געהאַט וועגן די אַנטווישונגען וואָס זיינען מעגליך אין אַזאַ פאַל. ערשט שפּעטער האָב איך זיך אַן זיי אָנגעשטויסען. די נייע חברים זיינען אַוועק פון אונזער גרופּע, וועלכע האָט דאַמאָלט געהאַט אַזוי ווייניג דיסציפּלין; די בעסערע, די מעהר געניטע רעוואָלוציאָנערע טוער — וואסיל איוואַנאָווסקי און יאַנאָוו, האָט מען אַרעסטירט; די יונגוואַרג איז ניט געווען צוגעגרייט פאַר רעוואָלוציאָנערע אַרבייט; די אַרבייטער, מיט וועלכע מען האָט זיך געטראָפען, זיינען דאַן געווען פאַרדאַרבען און האָבען געהאַלטען אין איין שלעפּען געלט ביי אונז. אָנשטאַט אַ גרויסער און פרוכטבאַרער אַרבייט איז געבליבען אַ מיש־מאַש פון שטיקלאַך און ברעקלאַך; אַלץ איז געווען עפּעס אַזוי אָהן אַ טאָלק און אָהן אַ זין. און אין אַזאַ מיש־מאַש האָב איך פאַר זיך אין ערגעץ קיין פּלאַץ ניט געפונען.

מיין אַרבייט איז דאַן באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב געדאַרפט אַוועקשטעלען פאַרבינדונגען מיט די חברים, וואָס זיינען געזעסען אין טורמע. גאַנצע טעג האָב איך געאַרבייט איבער די געהיימע, שיפרירטע בריף און אויף דער נאַכט בין איך אַוועק אין די שמוציגסטע שענקלאַך זיך טרעפען מיט פאַרשיידענע ברואים, אָדער אין די בולוואַרען און אין די פאַרוואָרפענסטע מאָסקווער געסלאַך, זיך זעהן מיט זשאַנדאַרען און פּאָליציייסקע. עס האָט פּשוט געעקעלט צו זעהן יענע אַלע ברואים, וואָס זיינען צו יעדער צייט גרייט צו פאַרקויפען אי דעם צד, אי יענעם צד.

מיר האָבען אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן, ווי אַזוי אָלגאַ ליובאַטאָוויטש און סאָפיאַ באַרדינאַ זאָלען אַנטלויפען פון טורמע. אָבער עס איז דערפון גאָר ניט געוואָרען. אין יענער צייט איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון דעם זשאַנדאַרמסקען אונטער־אָפיצער בוכאַנאָוו, וועלכער איז פאַרמשפּט געוואָרען אויף אַרעסטאַנטסקע ראָטע דערפאַר וואָס ער האָט געוואָלט אַרויספיהרען פון טורמע ציציאַנאָוו׳ן און דזשאַבאַדאַרי׳ן.

די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי האָט דאַמאָלט איבערגעלעבט זעהר אַ ביטער שטיקעל צייט. די רעגירונג האָט אונטערדריקט און צובראָכען אַלע קרוזשאָקען. מאַסען מענשען זיינען אַרעסטירט געוואָרען, הונדערטער מענשען האָט מען גענומען אויף „דאָפּראָסען”, אין אָהן אַ שיעור הייזער האָט מען געמאַכט „אָביסקעס”; עס איז

אויסגעקומען אזוי, אז הונדערטער און טויזענטער פאמיליעס זיינען אריינגעשלעפט געווארען אין דעם נייעם שטראם — ביי דעם האט מען ארעסטירט א זון, ביי יענעם — א טאכטער; דער האט פאר־לארען א פריינד, און יענער — א גוטען ברודער. אז אויף יעדען טריט און שריט האט מען פארפאלגט און גע׳רודפ׳ט.

אבער די אלע צרות זיינען נאך געווען גאר ניט אין פארגלייך מיט דער גייסטיגער צוטרייסלונג וואס איז געקומען איבער דעם, וואס די פראפאגאנדיסטישע באוועגונג איז דורכגעפאלען. א סך האבען אינגאנצען פארלארען די האפנונג, ווייל זיי האבען מיט אמאל דערזעהן, אז ס׳מוט זיך ניט אזוי גרינג, ווי ס׳רעדט זיך. דער גלויבען אין די אייגענע כוחות האט אנגעהויבען פארשווינדען. די מענשען וואס זיינען אם שטארקסטען געווען באגייסטערט פאר דעם אידעאל צו „געהן אין פאלק" און ארבייטען צווישען די מאסען, האבען זיך מעהר פון אלע און שנעלער פון אלע אנטוישט. דאס אלטע איז געווען צוקלאפט און קיין נייער פלאן, קיין נייע אנ־שויאונג איז ניט געווען.

איינציגע אידעאליסטען האבען זיך אנגענומען מיט מוט און אוועקגעלעגט די כוחות, גאנץ צו מאכען די צוריסענע רייהען, אבער די ארבייט איז געווען ארויסגעווארפען. דעם טאלאנטפולען מארק אנדרעיעוויטש נאטאנזאן האט זיך יא איינגעגעבען צו פאראייניגען די גרופע „טשאיקאווצעס" מיט דער גרופע „לאווריסטען", אבער מעהר ווי א מאנאט האט זיך די פאראייניגונג ניט געהאלטען. אין יענער צייט זיינען עטליכע פראפאגאנדיסטען — י. באגדא־נאוויטש, א. קוויאטקאווסקי און אנדערע —אוועקגעפאהרען אין ניזשני־נאווגאראדער גובערניע; אבער זיי האבען זיך באלד אומ־געקערט צוריק, ווייל עס איז פאר זיי אוממעגליך געווען דארטען צו זיין איבער דעם, וואס די פאליציי האט געהאלטען אן אויג אויף יעדען נייעם מענשען, וואס האט זיך באוויזען ערגעץ אין א שטאדט אדער אין א דארף.

נאך אזעלכע אפקומענישען האט ביי אלעמען אפגענומען דער חשק עפעס צו טאן, און מיר איז דאן אויפ׳ן הארצען געווען אזוי שווער, אז איך האב גאנץ ערנסט געקלערט, אז איידער אזא לעבען איז שוין בעסער דער טויט.

פון די אלע באקאנטע וואס איך האב דאמאלט געהאט, קאן איך מיט ליבע דערמאנען אנטאן מאקסים. אין די שווערע מא־

מענטען, ווען דאָס הארץ איז געווען שרעקליך פארביטערט, האָט ער מיר אונטערגעגעבען מוט און האָפנונג. נאָך ביז היינטיגען טאָג בין איך איהם דאנקבאר דערפאר. ער האָט מיר געגעבען צו פארשטעהן, פארוואָס אונזער רעוואָלוציאָנערע ארבייט איז דורכגעפאלען; ער האָט מיר ערקלערט, אז שולדיג אין דעם זיינען די טוער, ווייל עס פעהלט זיי די נויטיגע ערפאהרונג, די געניטקייט וואָס מען מוז האָבען אין אזא פאראנטוואָרטליכער ארבייט; ער האָט געגלויבט באמונה שלמה אין דער צוקונפט פון דעם רעוואָלוציאָנערען אידעאל און איז געווען איבערצייגט, אז דער דורכפאל איז ניט מעהר ווי א פארבלויפענדע פאסירונג אין דער באוועגונג. חוץ דעם, האָט ער מיר ווידער אמאָל און אָבער אמאָל באוויזען, אז אין א באוועגונג קאָן מען ניט אָפּקומען דערמיט, וואָס מען גיט זיך מיט אמאָל א רים צו דער ארבייט מיט א מין היסטערישען אימפעט; אין א באוועגונג — פלעגט ער זאָגען — מוז מען האָבען געדולד און געדולד און געדולד; לפּנים קאָן זיך אפילו אויסדוכטען, אז אָט די פשוטע ארבייט וואָס מען טוט האָט גאָר ניט די ווערט, אָבער אין דער אמת'ן איז דאָס ניט אזוי; די פשוט'ע ארבייט איז זעהר וויכטיג און פון א סך קלייניגקייטען ווערט איין זאך א גרויסע; דעריבער טאָר מען ניט פארלירען דעם מוט, וואָרים קיין אידעאל ווערט ניט פארווירקליכט אין איין טאָג, און אונטער געוויסע היסטאָרישע אומשטענדען קאָן א מענש טאָן בלויז דאָס וואָס ס'איז מעגליך. ער האָט מיר אויך אונטערגעגעבען חשק, אז איך זאָל פארלאָזען מאָסקווע און זיך באזעצען אין דארף, וואו איך וועל האָבען די מעגליכקייט מיט די אייגענע אויגען צו זעהן, וואָס פאר א רעטעניש דאָס פאָלק איז.

פריהלינג־צייט האָב איך געפונען א מענשען, וואָס האָט איבערגענומען מיינע פליכטען אין דער אָרגאניזאציע, און אליין בין איך אוועקגעפאָהרען קיין יאראָסלאוול. א געניטער מענש האָט מיר געגעבען אן עצה, אז איך זאָל קיינעם ניט דערצעהלען קיין מעשות וועגען דעם, אז איך האָב זיך אין אויסלאנד געלערענט אין אן אוניווערסיטעט, ווייל דערמיט קאָן איך נאָך ארויפציהען אויף זיך א חשד. האָב איך געפאָלגט, געמאכט א שווייג וועגען אויסלאנד און אָנגעהויבען באזוכען דעם זעמסקי שפּיטאָל, ווי איינע וואָס ווייסט ניט און פארשטעהט ניט קיין זאך אין מעדיצין.

אָנדערטהאלבען מאָנאטען זיינען אוועק און דערנאָך האָב איך

געהאַלטען עקזאַמען אַלס אַ פעלדשערין. דער עקזאַמען איז אַריבער גלענצענד. דער אינספעקטאָר האָט גאָר אָנגעקוואָלען פון מיר; ער האָט צוגעגעבען, אַז לאַטיין קען איך בעסער פון איהם און אַז איך האָב אויף אַלע פראַגען געענטפערט ניט ווי אַ פעלדשערין, נאָר טאַקע ווי אַן אמת'ע סטודענטקע פון אַ מעדיצינישען פא־קולטעט...

ווי אַזוי דאָס קומט צו מיר, האָט ער ניט געוואוסט. איך האָב דאָס אָבער יאָ געוואוסט, און ניט איין מאָל האָב איך זיך געמוזט אַ בים טאָן די צונג פונקט דאַן, ווען איך האָב געהאַט אַ פול מויל מיט ווערטער צו פאַרפיהרען אַ וויסענשאַפטליכען געשפּרעך וועגען מעדיצין אין אַלגעמיין.

פון יאַראָסלאַוול בין איך אַוועקגעפאָהרען קיין קאַזאַן מאַכען אַ סוף אין מיינע פאַמיליען אַנגעלעגענהייטען, ווייל אי איך, אי מיין מאַן האָבען באַשלאָסען זיך צו גט'ען. עס האָט געדויערט אַ פּאָר מאָנאַטען ביז איך האָב אַרויסגעקראָגען דעם גט, און דאַן האָב איך זיך ווידער אָנגעהויבען רופען ביי מיין מיידעלשען נאָמען — ווערא פיגנער.

נאָך דעם בין איך אַוועקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג, וואו איך האָב אויסגעהאַלטען עקזאַמען אַלס אַקושערין אין דער מעדיציניש־כירורגישער אַקאַדעמיע. אין נאָוועמבער 1876 איז שוין געווען אונטערגעצויגען דער סך־הכל אונטער אַלע פאַמיליען אַנגעלעגענ־הייטען מיינע. אויף דער פאַרגאַנגענהייט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרען אַ מצבה, און איך קאָן זאָגען, אַז זינט איך בין אַלט געוואָרען פיר און צוואַנציג יאָהר, איז דאָס גאַנצע לעבען מיינס אויסשליסליך פאַרבונדען מיט דעם שיקזאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי.

# פינפטער קאפיטעל.

## די פראָגראַמע פון די „נאַראָדניקעס”.




יז'ן סוף פונ'ם 76טען יאָהר איז די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פארטיי באשטאנען פון צוויי טיילען: פראָפּאגאנדיסטען און בונטארען. די פראָפּאגאנדיסטען זיינען געווען אין דעם צפון טייל פון רוסלאנד און די בונטארען — אין דעם דרום־טייל.

די ערשטע האָבען געהאלטען פון דער טעאָריע, וואָס איז אויסגעדריקט געוואָרען אין דעם זשורנאל „וופּעריאָד”, און די אנדערע האָבען זיך אָנגעכאפּט אָן די רעוואָלוציאָנערע אידעען, וואָס מיכאאיל באקונין האָט געפּרעדיגט. ביידע, אי די פּראָפּאגאנדיסטען, אי די בונטארען, האָבען איינגעשטימט אין איין פּונקט, און דאָס איז, אז מען דארף ארבייטען צווישען די ברייטע פאָלקס־מאסען. זיי האָבען אָבער ניט איינגעשטימט אין דעם פּרט, ווי אזוי די ארבייט זאָל אָנגעפיהרט ווערען.

די פּראָפּאגאנדיסטען האָבען געקוקט אויפ'ן רוסישען פאָלק ווי אויף א ווייסען בויגען פּאפּיר, אויף וועלכען זיי דארפען אָנשרייבען די פּסוקים פון דעם סאָציאליזם. זיי האָבען געוואָלט אויפהויבען די מאסען גייסטיג און זיי ברענגען צו אזא מדרגה פון אנטוויקלונג, אז ווען עס וועט קומען דער גינסטיגער מאָמענט זאָלען זיי, די פאָלקס־מאסען, זיין גרייט דורכצופיהרען אין לעבען די סאָציאליסטישע אידעאלען און פּרינציפּען. דארויף האָבען זיי געמוזט א סך ארבייטען און א סך כוחות אוועקלעגען.

די בונטארען ווידער האָבען געהאלטען פון אן אנדער כלל. זייער מיינונג איז געווען, אז די מאסען דארף מען ניט לע־נען, נאָר מען דארף זיך ביי זיי לערנען; און די טענה זייערע איז געווען, אז דאָס פאָלק איז במילא סאָציאליסטיש געשטימט און איז שוין גרייט פאר א סאָציאלער רעוואָלוציע; דאָס פאָלק האסט די איצטיגע עקזיסטירענדע אָרדנונג און אבי עס האָט נאָר א געלעגענהייט, דריקט עס אוים דעם שארפסטען פּראָטעסט; דאָס

פאָלק האַלט זיך שטענדיג אין איין בונטעווען. און דאריבער איז די אויפגאבע פון דער אינטעליגענץ צו פאראייניגען אַט די אַלע איינצעלנע פּראָטעסטען און בונטען און זעהן, אז עס זאָל ווערען איין באוועגונג א גרויסע. מען דארף נאָר ארבייטען און ארבייטען און אויסנוצען אַלע געלעגענהייטען. וואָרים קיינער ווייסט דאָך ניט, ווען עס וועט קומען די שטונדע פון דעם גרויסען פאָלקס־צאָרן. דאָס פאָלק וועט אזוי לאַנג ליידען און ליידען ביז די געדולד וועט ענדליך פּלאַצען, דאַן וועט דער גאַנצער ברען־מאַטעריאַל זיך צופּלאַקערען און עס וועט ווערען איין גרויסער פייער. די פּויערים געפינען זיך אין אזא לאגע, אז עס פעהלט בלויז דער פונק וואָס זאָל צוגליהען, און דער פונק דארף זיין די אינטעליגענץ. אמת טאקע, ווען דאָס פאָלק וועט מאַכען דעם אויפשטאַנד, וועט די באוועגונג זיין אָהן א טאָלק, וועט עס זיין א מיש־מאַש, אָבער דער געזונטער פארשטאַנד פונם פאָלק וועט סוף כל סוף ארויספיהרען אויף א דרך און וועט אַלעס אוועקשטעלען אויף נייע און גערעכטע יסודות.

צו אזא פּראָגראַם האָט מען ניט באדאַרפט האָבען קיין באַזונדער אָרגאַניזאציע און קיין דיסציפּלין צווישען די טוער, און אזוי ווי דאָס פאָלק איז דאָך אומעטום גרייט צו מאַכען א בונט, קומט דאָך שוין במילא אויס, אז מען דארף ניט אָנווייזען, וואו דער בונט זאָל געמאַכט ווערען, וואָרים, וואָס איז דער חילוק? וואו ער וועט ניט אויסברעכען, וועט ער זיך ווי א העליש פייער צוברענען אומעטום.

אזוי האָבען געדענקט די רעוואָלוציאָנערע טוער אין דעם דרום טייל פון רוסלאַנד. גאָר אַנדערש אָבער האָבען געדענקט די רעוואָלוציאָנערע טוער פון צפון טייל. דאָרטען איז די אָרגאַניזאַציאָנס פראַגע געווען איינע פון די וויכטיגסטע, און מען האָט געמוזט האָבען געניטע און ערפאהרענע מענשען צו דער ארבייט.

געענדיגט האָט זיך עס דערמיט, וואָס די גרופּע פון די „דרום׳דיגע” איז זיך צוקראָכען און עס איז פון איהר קיין שריד ופליט ניט געבליבען; זי האָט געהאַט דעם זעלבען סוף ווי די קאַראַקאַזאָווצעם; א סך מיטגלידער פון דער גרופּע זיינען זיך צופאַלען און אַנדערע זיינען צוגעשטאַנען צו נייע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס, וואו זיי זיינען בטל בששים געוואָרען. און אין דער זעל־בער צייט האָט מען אין דעם צפון טייל פון רוסלאַנד געארבייט מיט

א טאָלק, מיט א סיסטעם, און א דאַנק דער גוטער אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט, האָבען זיך דאָרטען צובליהט די רעוואָלוציאָנערע גרופּעס. אין יענער צייט, אינ׳ם יאָהר 1876, האָבען די טשאַיקאָווצעס — די לעצטע גרופּע, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען פון אן איינ־צעלנעם פּערזאָן, — —אוועקגעלעגט דעם גרונד פאַר דער געזעל־שאַפט „זעמליא אי וואָליא" (ערד און פרייהייט), און פון איהר איז דערנאָך — אינ׳ם יאָהר 1879 — ארויסגעקומען די פּארטיי „נאַראָדנאַיא וואָליא" (פאָלקס־פרייהייט).

אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין,ביידע פּראַקציעס — אי די פּראָפּאַגאַנדיסטען, אי די בונטאַרען — זיינען דורכגעפאַלען מיט דער פּראַקטישער ארבייט, וואָס זיי האָבען אָנגעפיהרט צווישען די פאָלקס־מאַסען, אָדער בעסער געזאָגט, זיי האָבען זיך שטאַרק אַנטוישט, ווען זיי האָבען זיך אָנגעשטויסען פּנים אל פּנים מיט׳ן פאָלק און ווען זיי האָבען דערזעהן די גרויסע שטערונגען, וואָס ס׳קומט אוים צו באַגעגענען אויפ׳ן וועג. דאָס גליק איז אָבער געווען, וואָס ס׳האָבען ניט אויסגעפעהלט קיין מענשען, וועלכע זיינען שטענדיג געווען גרייט ווייטער אָנצוגעהן מיט דער רעוואָלו־ציאָנערער ארבייט; דאָס גליק איז געווען, וואָס ס׳זיינען צוגע־שטאַנען אלץ מעהר און מעהר מענשען, וועלכע זיינען געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר דעם אידעאַל. מען האָט ארעסטירט, מען האָט פאַרפאָלגט, מען האָט געפּייניגט און געמוטשעט, און די מעהר ערפאַהרענע און מעהר איבערגעגעבענע טוער האָבען פון יעדער זאַך א סך געלערענט און אויף דעם גרונד אויסגעאַרבייט נייע יסודות פאַר רעוואָלוציאָנערער פּראַקטישער ארבייט.

אין 1876, אין הערבסט, האָבען יורי ניקאָלאַיעוויטש באָגדאַ־נאָוויטש, אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש פּיסאַרעוו און נ. דראַגאָ אָנגעהויבען אויסארבייטען די פּרינציפּען פון א ברייטער רעוואָ־לוציאָנערער טעטיגקייט צווישען די פאָלקס־מאַסען, און אין דעם פונדאַמענט פון דער נייער פּראָגראַמע האָבען זיי אריינגעלעגט זייער אייגענע ערפאַהרונג, ווי אויך די ערפאַהרונג פון אַנדערע טוער. אין דער זעלבער צייט האָבען אַנדערע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס אין פּעטערבורג אויך געשטודירט די זעלבע פראַגען און געקומען צו דעם זעלבען שלוס. דער רעזולטאַט פון די אלע אר־בייטען איז געווען די פּראָגראַמע, וואָס איז דערנאָך געוואָרען אזוי באַריהמט, און דאָס איז געווען די פּראָגראַמע פון די „נאַראָדניקעס"

(פאָלקיסטען). זי איז דערנאָך אינגאַנצען אריין אין דער פּראָ־גראַמע פון דער געזעלשאַפט „ערד און פרייהייט" און שפּעטער אויך אין דער פּראָגראַמע פון דער „נאַראָדנאַיא וואָליא" (פאָלקס־פרייהייט).

דער עיקר פון דער ניי־אויסגעארבייטער פּראָגראַמע איז באַ־שטאַנען אין דעם, אז דאָס רוסישע פאָלק, פּונקט ווי יעדער פאָלק, וואָס שטעהט אויף א געוויסער מדרגה פון היסטאָרישער אנטוויק־לונג, האָט זיך זיין אייגענע וועלט אנשויאונג, זיין אייגענעם באַ־גריף וועגען מענשען און זאכען — א באגריף, וואָס האָט זיך ביי איהם אויסגעארבייט א דאנק די אומשטענדען, אין וועלכע ער לעבט. זיי, די אומשטענדען, האָבען איהם געבראַכט דערצו, אז ער זאָל באַטראַכטען פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגען אויף זיין אייגענעם שטייגער. ענדערען זיין באגריף — דאָס איז א שווערע הלכה. מען דאַרף עס דאָך אָבער פּאָרט ענדערען! מוז מען דאַריבער זיך נעמען צו אזא ווינקעלע, וואס איז דעם פאָלק נאָהענט און אַרויסשטעלען אויף דער פאָהן אזא אידעאַל, מיט וועלכען דאָס פאָלק טראָגט זיך שוין לאַנג אַרום. און וואָס איז דעם רוסישען פאָלק נאָך מעהר איינגעבאַקען אין הארצען, ווי ע ר ד! („זעמ־ליא"). דער רוסישער פויער קאָן דאָך בשום אופן ניט פועל'ן ביי זיך, אז די ערד קאָן געהערען ניט צו דעם וואָס באַארבייט זי; ער קוקט אויף דער ערד ווי אויף גאָט'ס מתנה, וואָס דאַרף ברענגען נוצען בלויז פאַר די וואס האָרעווען, בלויז פאר די וואָס אקערען און זייהען. אי, איצטער באַלאַנגט זי צום פּריץ, נו, וועט קומען א צייט, ווען דער פּריץ וועט ווערען אויס „מאַכער", און די גאַנצע ערד וועט איבערגעהן צו איהם, צום פּויער.

ביים אויסאַרבייטען די נייע פּראָגראַמע איז אויך גענומען געוואָרען אין אכט דער פאקט, וואָס די פּויערים לעבען אויף דער ערד אין „אָבשטשינעס" און אז זייער אידעאַל צו קריגען די ערד פאַר דער גאַנצער „אָבשטשינע" שטימט מיט די הויפּט־פּרינציפּען פון דער סאָציאַליסטישער לערע. דאָס איז שטאַרק אונטערגע־שטראָכען געוואָרען, און עס איז געוועז קלאָר, אז דערמיט דאַרף מען צוטרעטען צום קאַמף.

וואָס־זשע טוט מען אָבער דערמיט, וואָס דאָס פאָלק קוקט אויפ'ן „צאר־באַטיושקאַ" ווי אויף א באַשיצער, ווי אויף א מלאך, וואָס היט איהם אָפּ פון אַלדאָס בייז?

כדי דאָס פאָלק זאָל ניט זיין אזוי פארגלויבט אינ׳ם צאַר, מוז מען האָבען אזוינע פאַקטען, וואָס זאָלען איבערצייגען, אז דעם צאַר ליגען ניט אין זינען די אינטערעסען פונ׳ם פאָלק און אז די ביטערע דאָליע זיינע אַרט איהם פונקט ווי דער פאַר־אַ־יאָהריגער שנעע.

דאָס בעסטע מיטעל דערצו איז צו שיקען וואָס מעהר „פוס־געהער״ צום צאַר; זאָלען זיי געהן צו איהם פון די וואָלאָסטען, פון די אויעזדען און פון די גובערניעס, און דאַן וועלען זיי שוין זעהן, אז זיי ליגען ניט דעם „צאַר־באַטיושקאַ״ אפילו אין דער לינקער פּיאַטע.

וואָס מען טוט מיט די „פוס־געהער״ ווייסט מען — איינינע פארשיקט מען אין די וויטע גובערניעס, אנדערע ארעסטירט מען און אַ טייל שיקט מען אָפּ צוריק אהיים מיטן עטאַפּ, און דאַן איבערצייגט זיך דאָס פאָלק, אז פונ׳ם צאַר קאָן מען קיין ישועות ניט ערווארטען, און אז בלויז מיט אייגענע כוחות קאָן מען זיך דערשלאָגען צו אַ בעסער לעבען. אָבער כדי צו דערהויבען דעם גייסט פונ׳ם פאָלק און אנטוויקלען זיינע פעהיגקייטען צו פאַר־טיידיגען זיינע אייגענע אינטערעסען, מוזען די רעוואָלוציאָנערען האָבען אַ גוט אויסגעארבייטען סיסטעם, ווי אזוי אָנצוגעהן מיט דער טעטיגקייט. און אזאַ סיסטעם איז אויסגעארבייט געוואָרען. אַ באשלוס איז אָנגענומען געוואָרען, אז די רעוואָלוציאָנערען, וואָס קריגען שטעלעס אין די וואָלאָסטען און אין די אופּראַוועס, זאָלען אויסנוצען יעדער געלעגענהייט אויפצוקלערען די מאסען און זיי אויסלערנען, ווי אזוי צו שטרעבען צו אַ בעסער לעבען און ווי אזוי צו קעמפען דערפאַר.

אויף די פארזאמלונגען האָט מען וועגען דעם דעבאַטירט. מען האָט איינגעלאַדען מענשען, וועלכע האָבען שוין געהאַט ארויסגע־וויזען געוויסע פעהיגקייטען אין דער ארבייט. נאָך אַ גאַנצער רייהע אונטערהאנדלונגען און דעבאַטעס, איז די פּראָגראַמע גוט־געהייסען געוואָרען, און דערביי האָט מען צוגעגעבען נאָך איינינע פונקטען וואָס האָבען זיך דערנאָך ארויסגעוויזען צו זיין זעהר וויכ־טיג. ערשטענס, האָט מען פאָרגעשלאָגען אויסצוקלייבען אַ באַ־שטימטען געגענד, וואו די ארבייט זאָל אָנגעפיהרט ווערען — אזאַ געגענד וואָס איז מעהר רעוואָלוציאָנעריש געשטימט און וואו די

ערד־פראגע איז א שטארק אנגעוועהטאגטע; עס איז באשלאסען געווארען, אז אנהויבען די ארבייט זאל מען אין דער וואלגא־געגענד.

וויבאלד מען האט אויף דער רעוואלוציאנערער פאהן ארויס־געשטעלט די ממשות'דיגע פאדערונגען פונ'ם פאלק, איז שוין ניט נויטיג געווען זיך צו צושפרייטען איבער גאנץ רוסלאנד; עס איז געווען גענוג אז אן אויפשטאנד זאל אויסברעכען אין איין ארט, זאל ער זיך גלייך אריבערווארפען אין די אנדערע ערטער, וואו עס געפינען זיך אויך טויזענטער און צעהנדליגע טויזענטער ארימע און אונטערדריקטע, וועלכע זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם זעלבען אידעאל. צווייטענס, איז אויף די דאזיגע פארזאמלונגען דעם ערשטען מאל אנגעוויזען געווארען, אז קיין אויפשטאנד וועט זיך ניט ענדיגען מיט קיין ערפאלג, אויב א טייל פון די רעוואלוציא־נערע כחות וועט ניט זיין געווענדעט צום קאמף געגען דער רעגירונג, ווארים עס איז זעהר וויכטיג אז פונקט דאן ווען אין די קלענערע און גרעסערע שטעדט אין דער פראווינץ וועלען פארקומען בונטען, זאל זיך אין דער קרוינשטאדט אויך דורכברעכען א פייער, און דאס וועט מאכען א מהומה אין די רעגירונגס־קרייזען און ברענגען דערצו, אז די פאלקס־באוועגונג זאל ווערען שטארקער און פעסטער.

דאן האט מען אנגעהויבען ריידען וועגען דער מעגליכקייט אויפצורייסען מיט דינאמיט דעם ווינטער־פאלאץ און אומברענגען פון דער וועלט דעם צאר און די גאנצע פאמיליע זיינע.

די מענשען וואס זיינען געווען אויף דער פארזאמלונג האבען אויף אלעס איינגעשטימט. חוץ דעם איז דאן באשלאסען גע־ווארען זיך צו שטעלען געגען דער פאליציי מיט געוועהר אין האנט, פארטיידיגען דעם כבוד פון די חברים וואס ארבייטען אין דער באוועגונג און זיך אפרעכענען מיט די צארסקע אגענטען וואס ערלויבען זיך צופיל.

דער ערשטער, מיט וועמען מען האט זיך אפגערעכענט, איז געווען דער פראקוראר זשעלעכאווסקי, איבער וועמען א סך רעווא־לוציאנערען זיינען געגאנגען פון דער וועלט, שטארבענדיג פון שווינדזוכט אין די טורמעס און א סך זיינען באגאנגען זעלבסט־מארד אדער זיינען ארונטער פון זינען.

מען האט זיך מיט איהם אפגערעכענט, אבער ער איז דאך געבליבען לעבען, נאר מיט קיין מעדאל פאר זיינע מעשים טובים האבען מיר איהם ניט באלוינט.

### די געזעלשאפט „ערד און פרייהייט".

ווען מען האט אין אסיען, אין 1876טען יאהר, געגרינדעט די געזעלשאפט „זעמליא אי וואליא" (ערד און פרייהייט), איז דער הויפט־טוער געווען מארק אנדרעיעוויטש נאטאנסאן. ער איז געווען א מערקווירדיג פעהיגער מענש, א קלוגער, אן ענערגישער און דערצו נאך א בריליאנטענער רעדנער. אין יענער צייט האט ער זיך געהאט אומגעקערט צוריק פון דעם פלאץ וואו ער איז געווען פארשיקט. מיר האט ער דאן געזאגט, אז דעם נאמען האט ער געגעבען נאך דער געזעלשאפט „זעמליא אי וואליא", וועלכע האט עקזיסטירט נאך אין די זעכציגער יאהרען. *)

חוץ נאטאטסאנ'ען זיינען אין דער געזעלשאפט „זעמליא אי וואליא" אריין: אלגא נאטאנסאן (מארק נאטאנסאנ'ס פרוי), אבאליעשעוו, אדריאן מיכאילאוו, אלעקסאנדער מיכאילאוו, באגאליובאוו, טראשטשאנסקי, פלעכאנאוו, באראניקאוו און נאך א סך אנדערע; אין דער צווייטער גרופע, וואס האט געהאט די זעלבע ריכטונג, זיינען אריין: יורי ניקאלאיעוויטש באגדאנאוויטש, פיסארעוו, פימען ענקוואוואטאוו, מאריא לעשערן, וויימאר, גריבאיעדאוו, מ. סובאטינא, דראגא, א. קארנילאווא, איך און נאך אנדערע.

די נייע ארגאניזאציע האט פארשפרייט די טעטיגקייט פון איהרע מיטגלידער איבער אלע שיכטען פון דער געזעלשאפט און האט אויך אנגעוויזען ווי נויטיג עס איז אריינצוטראגען די רעוואלוציאנערע פראפאגאנדע אין די רייהען פון דער ארמעע, דער אדמיניסטראציע און די אנגעשטעלטע אין די זעמסטוואס.

די דאזיגע פאליטיק, וואס האט זיך אנגעהויבען מיט דער ניט איינגעגעבענער דעמאנסטראציע ביים איסאקיעווער סאבאר און מיט א דעמאנסטראציע אויפ'ן קאזאנסקע פלאשטשאד דעם 6טען דעצעמבער, איז אויף א קורצער צייט איבערגעריסען געווארען און דערנאך איז זי ווייטער אנגעפיהרט געווארען.

אין איינקלאנג מיט דער דאזיגער פאליטיק האט מען דעמאנסטראטיוו געפראוועט די לויה פון טשערנישאוו'ן, וועלכער איז

---

*) דא מוז מען באמערקען, אז פאר'ן עולם האבען מיר זיך אין יענער צייט ניט גערופען „זעמלעוואלצעס", נאר „נאראדניקעס", און עס קען זיין, אז איבער דעם זיינען א סך אונטער'ן איינדרוק, אז די געזעלשאפט „זעמליא אי וואליא" איז געגרינדעט געווארען אינ'ם יאהר 1878, ווען עס איז ערשינען די ערשטע צייט־שריפט מיט דעם נאמען.

געשטאָרבען אין טורמע, ארויסגערופען אין סטרייק די ארבייטער פון שאו'ס פאבריק, אָנגעפיהרט א דעמאָנסטראציע פון ארבייטער צום אניטשקעווער פאלאץ, וואו זיי זאָלען זיך ווענדען מיט א בקשה צום „נאטשאַלניק", אז ער זאָל זיך איינשטעלען פאר די ארבייטער און ניט דערלאָזען, אז מען זאָל זיי אזוי עקספּלואטירען.

אָט די אַלע זאכען זיינען געמאכט געוואָרען, כדי די געזעלשאפט זאָל שטענדיג זיין אויפגערעגט, צורודערט און די רעגירונג זאָל זיין אין דער מורא און ציטערען.

צוליב דעם איז געמאכט געוואָרען די דעמאָנסטראציע אויפ'ן קאזאנער פּלאַטשאַד. נאָך די מעשים תעתועים פון דעם הויפּט זשאַנדארם, איז מען מיט דער דעמאָנסטראציע אויסען געווען צו ווייזען דער רעגירונג, אז מען פארמעסט זיך מיט איהר אין כחות, און אין דערזעלבער צייט האָט מען געוואָלט אונטערגעבען נייעם מוט די אָנהענגער פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. און דאָס האָט מען טאקע אויסגעפיהרט. בלויז א קליינע צאָהל פון דער פעטערבורגער יונגוואַרג איז מיט דער דעמאָנסטראציע ניט געווען צופרידען. זיי האָבען גע'טענה'ט, אז דאָס הייסט אויסנוצען דעם עולם צוליב אייגענע צוועקען. אָבער די טענה איז געווען א פאלשע, ווייל דער אמת איז געווען, אז אַלע מיטגלידער פון דער אָרגאניזאציע זיינען געווען אויף דער דעמאָנסטראציע, און עס איז געווען ניט מעהר ווי א צופאַל וואָס זיי זיינען אַלע ארוים גאַנץ. איך בין אין יענעם טאָג אויך געווען פון די גליקליכע, וואָס זיינען ארוים גאַנץ.

נאָך פּלעכאַנאָוו'ס רעדע האָט דער ארבייטער יאקאָוו פּאָטאַפּאָוו אויפגעהויבען אין דער הויך א גרויסע רויטע פאָהן, מיט אן אויפשריפט: „ע ר ד א ו ן פ ר י י ה י י ט". אזוי שנעל ווי די פּאָליציייסקע האָבען דערזעהן די רויטע פאָהן איז געוואָרען א מהומה און א ליארם, פון אַלע זייטען האָט מען דערהערט א פייפעריי און די דעמאָנסטראנטען זיינען זיך צוגאַנגען. איך און מיין שוועסטער יעווגעניא זיינען צוזאמען מיט דעם ארבייטער יאקאָוו פּאָטאַפּאָוו אוועק אויפ'ן נעווסקי פּראָספּעקט. און איך געדענק נאָך, אז מיר זיינען אַלע דריי געווען אזוי ניט געניט, אז עס איז אונז גאָר ניט איינגעפאַלען א טראכט צו טאָן, אז מען קען פּאָטאַפּאָוו'ן נאָכשפּיאָנירען און איהם כאפּען.

אזוי איז טאקע געווען: ביי דער באָלשאיא סאדאָווער גאס

האָבען זיך צוויי שפּיאָנען ארויפגעוואָרפען אויף פּאָטאַפּאָוו'ן און האָבען איהם אָנגעכאַפּט ביי די הענד. זיי האָבען זיך אויף איהם ארויפגעוואָרפען מיט אַזאַ אימפּעט, אַז זיי האָבען אזש אָן אונז אין גאַנצען פארגעסען, און אַ דאנק דעם האָט זיך אונז טאַקע איינגעגעבען צו כאַפּען אַן „איזוואָשטשיק" און אנטלויפען. נאָך אין דעם באַשולדיגונגס־אַקט געגען פּאָטאַפּאָוו'ן איז דאָך געשטאַנען, אַז ער איז געגאַנגען מיט צוויי מיידלאַך, אָנגעטאָן אין גרויע היטעלאַך. די גרויע היטעלאַך זיינען געוועזען — איך און מיין שוועסטער יעווגעניא.

ווען די מיטגלידער פון דער „זעמליא אי וואָליא" האָבען



געאָרג פּלעכאַנאָוו.

אראַנזשירט די דעמאָנסטראַציע איז דער ערשטער געדאַנק זייערער געוועזען — צונויפרופען אויף איין פּלאַץ וואָס מעהר ארבייטער און האַלטען פאַר זיי אַ רעדע, אין וועלכער מען זאָל פאַר זיי שילדערען אין וואָס פאַר אַ שלעכטע אומשטענדען זיי לעבען און ווי נויטיג עס איז פאַר זיי אָנצופיהרען אַ קאַמף פאַר אַ בעסער לעבען, און דערנאָך ארויסשטעלען די פאָהן „ערד און פרייהייט", אַלס אַ שלאַג־וואָרט פון דער צוקונפט. עס איז אָבער דאַן געוועזען ערב יום־טוב, און דאָס האָט געשטערט. די ארבייטער זיינען זיך צוגאַנגען אהיים און צו דער דעמאָנסטראַציע זיינען געקומען מעהרסטענטיילס סטודענטען, גימנאַזיסטען און קורסיסטקעס, און די רעדע וואָס פּלעכאַנאָוו האָט געהאַלטען וועגען דעם שיקזאַל

פון טשערנישעווסקי׳ן און וועגען די פאליטישע פארפאלגונגען איז ארויסגעקומען עפעס ווי אין מיטען דערינען.

די פאליציייסקע האבען צושלאגען און ארעסטירט פינף און דרייסיג מענשען, וועלכע מען האט דערנאך געשטעלט צום געריכט. א סך פון זיי האבען זיך מיט דער באוועגונג כמעט ווי גאר ניט אנגעקערט, זיי זיינען געווען ניט מעהר ווי זייטיגע מענשען און געקומען צו דער דעמאנסטראציע זיינען זיי ווי צו א פאר־שטעלונג.

אבער ווי די זאך זאל ניט זיין — עס איז געווען אפגעטאן. דעם 6טען דעצעמבער איז ארויסגעשטעלט געווארען די נייע פאהן און די נייע ארגאניזאציע האט ארויסגעטראגען איהר ארבייט אין גאס, אויף דער ברייטער וועלט.

נאך דער דעמאנסטראציע אויפ׳ן קאזאנסקי פלאשטשאד זיי־נען אייניגע מיטגלידער פון „זעמליא אי וואליא" געבליבען אין שטאדט, אין צענטער פון רוסלאנד, און אנדערע זיינען אוועק אין סאראטאווער און אסטראכאנער גובערניעס. אונזער קרוזשאק האט אויסגעקליבען סאמארער גובערניע אלס דעם צענטער פאר רעוואלוציאנערער ארבייט, און אהין זיינען אין פריהלינג, 1877, אוועקגעפאהרען: פיסארעוו, באגדאנאוויטש, לעשערן, גריאז־נאוו, מיין שוועסטער יעווגעניא און איך.

אלעקסאנדער קאנסטאנטינאוויטש סאלאוויאוו, באגדאנא־וויטש׳עס א פריינד, איז שוין אין יענער צייט געווען אין סא־מארא און דארטען איז ער צוגעשטאנען צו אונזער קרוזשאק. חוץ סאלאוויאוו׳ן זיינען געווען נאך אייניגע מענשען, וועלכע זיינען געשטאנען נאהענט צו אונזער קרוזשאק, אייניגע זיינען געווען טאקע פון סאמארא גופא און אנדערע — אנגעפאהרענע. צוויי מיטגלידער אונזערע זיינען אוועקגעפאהרען קיין אדעס, וואו פי־מען ענקוואוואטאוו איז אויף א טראגישען אופן דער׳הרג׳עט געווא־רען פון זיין אייגענעם ברודער. דראגא איז אין גאנצען אוועק פון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. די איבעריגע זיינען גע־בליבען אין פעטערבורג. אייניגע פון זיי זיינען דערנאך פארשיקט געווארען, אנדערע האבען קיין ברעקעל ענערגיע ניט ארויסגע־וויזען צו ארבייטען און שפעטער זיינען די פארבינדונגען מיט זיי אינגאנצען איבערגעריבען געווארען.

אזוי ווי מיר האבען אין סאמארא ניט געהאט קיין בא־

קאַנטע, בין איך געבליבען אין פעטערבורג ביז מיינע פריינד האָ־
בען געשאַפען אַ פאַרבינדונג, וואָס האָט זיי געגעבען אַ מעגליכ־
קייט צו קריגען פאַר זיך שטעלעס אַלס שרייבער אין וואָלאָסטען
און פאַר מיר — אַ שטעלע אַלס פעלדשערין. דאָס האָט מיך
פאַרהאַלטען אין פעטערבורג ביז אויגוסט, 1877.

פאַר דער צייט זיינען אין רוסלאַנד פאָרגעקומען אַ גאַנצע
רייהע פּאָליטישע פּראָצעסען: דער פּראָצעס וועגען דער דע־
מאָנסטראַציע אויפ׳ן קאַזאַנסקע פּלאַטשאַד, דער פּראָצעס פון
די פופציג, דער פּראָצעס פון זאַסלאַווסקי׳ן, פון די גאָלובאָוו׳ס
און אַנדערע.

די פּראָצעסען האָבען געצויגען גרויס אויפמערקזאַמקייט פונ׳ם
ברייטען עולם און אין די ליבעראַלע קרייזען איז מען געווען
שטאַרק אויפגעבראַכט דאַרויף, וואָס מען האָט אויפ׳ן קאַזאַנער
פּלאַטשאַד אָהן רחמנות געשלאָגען מענשען און אַרעסטירט יע־
דען איינעם, וואָס איז נאָר אונטער דער האַנד געקומען. אינ׳ם
„פּראָצעס פון די פופציג” איז דער עולם געווען געוואַלדיג פאַר־
אינטערעסירט און אַרויסגעוויזען אַ סך סימפּאַטיע צו די אָנגע־
קלאָגטע. מען האָט ממש באַוואונדערט די אָפּפערווילינגקייט פון
די אַריסטאָקראַטישע, פריצישע טעכטער, וועלכע האָבען אויפ־
געגעבען אַ לעבען פון רייכקייט און לוקסוס און האָבען זיך גע־
נומען צו שווערע אַרבייט אין פאַבריקען; די ריינקייט פון זייע־
רע איבערציינגונגען, זייער אויסגעהאַלטענקייט און מערקווירדיגע
איבערגעבענקייט האָט אַלעמען געמאַכט צו גאַפען, און ניט אומ־
זיסט האָט מען געקוקט אויף זיי ווי אויף הייליגע נשמות.

די רעדעס פון סאָפיע באַרדינאַ און דעם אַרבייטער פּעטער
אַלעקסעיעוו האָט מען איינפאַך געשלונגען; סיי אַרבייטער און
סיי אינטעליגענטען האָבען די רעדעס געלייענט מיט׳ן גרעסטען
אינטערעס. די פאַרטיי האָט מיט אַמאָל באַקומען מעהר מאַכט,
מעהר איינפלוס. מען האָט אויף איהרע מיטגלידער גענומען
קוקען ווי אויף אמת׳ע מאַרטירער. אַפילו די וואָס האָבען ניט
איינגעשטימט מיט די סאָציאַליסטישע טוער, האָבען צוגעגעבען,
אַז זיי זיינען אידעאַליסטען.

אַ דאַנק די פּראָצעסען איז געשאַפען געוואָרען אַזאַ שטימונג:
אַז אַ מאַסע נייע מענשען האָבען באַקומען חשק צוצושטעהן צו
דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. מען האָט זיך ניט געשראָקען

פאר סיביר, מען האט קיין מורא ניט געהאט פאר קאטארגע, אין מען קען זאגען, אז אפילו דאס אומקומען פון סאציאליסטישע טוער האט אויך געהאלפען דער באוועגונג.

ווען עס איז געקומען צום „פראצעס פון די 193", האט זיך ארויסגעוויזען, אז אפילו די רעגירונג האט געכאפט א ציטער און איז גרייט נאכצוגעבען. דער אורטייל איז געווען א מילדער און א סך פון די אנגעקלאגטע זיינען באפרייט געווארען און האבען זיך גענומען צוריק צו דער ארבייט. עס האט אבער ווען געטאן דאס הארץ אויף די וואס זיינען פאר דער צייט אוועק פון דער וועלט אין די טורמעס.

ערשט שפעטער האט זיך די רעגירונג געכאפט און אנגעהויבען פארשטעהן, אז די פאליטישע פראצעסען טוען איהר קיין גוטס ניט; און דאן האט זי גלייך אנגענומען מיטלען, אז דער עולם זאל וואס ווייניגער וויסען. מען האט אויפגעהערט צוצולאזען זייטיגע מענשען אין געריכט, דערנאך האט מען די צייטונגען פארווערט צו דרוקען די באריכטען פון די פראצעסען. בלויז דעם באשולדיגונגס־אקט האט מען געלאזט פארעפענטליכען. שפעטער האט מען אין די צייטונגען געלאזט דרוקען בלויז קורצע באמערקונגען: „דא און דא האט מען געמאכט א פארזוך צו דער׳הרג׳ענען דעם און דעם און געכאפט האט מען אזוי פיל און אזוי פיל פארברעכער". „דאן און דאן האט מען זיי געשטעלט צום געריכט און דער און דער איז פאר׳משפט געווארען צו דער תליה".

אייניגע האט מען אויפגעהאנגען שטילערהייד און זאגאר ניט געמעלדעט וועגען דעם. אזוי האט מען אויפגעהאנגען ליבקי׳ן אין סיביר. און כדי דאס פאלק זאל גאר ניט וויסען פון די רעוואלוציאנערען, האט מען באשלאסען צו הענגען די פאר׳משפט׳ע ניט אין דער עפענטליכקייט, אלע זאלען זעהן, נאר שטילערהייד, הינטער די ווענט פון די טורמעס.

קאבליץ.

ווען איך בין געווען אין פעטערבורג און געהאלפען, ווי ווייט עס איז נאר מעגליך געווען, די חברים וואס זיינען געזעסען אין די טורמעס, האב איך ניט איבערגעריסען די פארבינדונג מיט די מיטגלידער פון דער געזעלשאפט „זעמליא אי

וואָליאַ". דאָן האָט שוין די געזעלשאַפט פאַרמאָגט אַן אייגענע דרוק און אַרויסגעגעבן פאַרשידענערליי קליינע בראָשורען, ווי די רעדעס פון סאָפיאַ באַרדינאַ, פּיאָטער אַלעקסעיעוו און אַנ־דערע זאַכען. איך האָב געהאַט אַ צוטריט אין דער אַלגעמיינער קוואַרטיר פון די „זעמליעוואָלצעס"; אַ סך פון זיי פלעגען אָפט אַריינקומען צו מיר. פון די אָפטע באַזוכער זיינען געווען: ליזאָגוב, זונדעליעוויטש, אָלגאַ נאַטאַנסאָן, אָבאָלעשאָוו, באַראַ־ניקאָוו, וואַלעריאַן אָסינסקי און אַנדערע.

צווישען די באַזוכער איז אויך געווען מ. קאָבליץ, אויף וועמען איך וויל זיך דאָ אָפּשטעלען אביסעל לענגער, ווייל זיין נאָ־מען איז פאַרבונדען מיט דעם ערשטען געדאַנק צו באַנוצען די־נאַמיט אין קאַמף מיט דער רעגירונג. אין אונזער ליטעראַטור האָב איך נאָך ביז איצט ניט געפונען קיין וואָרט וועגען דעם, ווער עס איז דער ערשטער געפאַלען אויפ'ן געדאַנק, אַז מען זאָל אין דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף באַנוצען דינאַמיט. און דערי־בער איז אינטערעסאַנט צו דערצעהלען וועגען דעם, ווייל עס איז פאַראַן אַ גאַנצע געשיכטע דערביי.

אַז מען באַנוצט דינאַמיט אין דער מיליטערישער טעכניק און אויך ביי אַנדערע געלעגענהייטען — וועגען דעם האָבען אַ סך מענשען געוואוסט, אָבער די איניציאַטיווע צו באַנוצען די־נאַמיט אַלס אַ מיטעל געגען דער זעלבסטהערשענדער רעגירונג, געהערט, ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, צו די בונטאַרען אין דרום־טייל פון רוסלאַנד, און ניט נאָר דער געדאַנק, וואָס איז ביי זיי געבאָרען געוואָרען נאָך אין די יאָהרען 1874־1875, נאָר אויך אין די פּראַקטישע פאַרזוכען זיך צו באַנוצען דערמיט געגען אַלעקסאַנדער דעם צווייטען, זיינען די בונטאַרען פון דרום געווען די ערשטע; זיי האָבען געמאַכט דעם אויפרייס אין ניקאָלאַיעוו, וואו וויטענבערג און לאָגאָווענקאָ האָבען באַצאָהלט מיט זייערע לעבענס.

וואָס איז שייך די רעוואָלוציאָנערע טוער פונ'ם צפון־טייל פון רוסלאַנד, ווייס איך, אַז אין די יאָהרען 1876־1877 איז דער היציגסטער אָנהענגער פון דינאַמיט געווען מ. קאָבליץ, וועלכער איז אין דער ליטעראַטור געווען באַקאַנט אונטער'ן נאָמען יוזאָוו, און צווישען די חברים אונטער'ן נאָמען „דאָס אויג", ווייל ער איז געווען אַ בלינדער אויף איין אויג.

אין 1876 איז קאַבליץ געווען אַן אומלעגאַלער. די פּאָליציי האָט איהם ארומגעזוכט אין פאַרבינדונג מיט דעם „פּראָצעס פון די 193“, און ער האָט זיך אויסבאַהאַלטען אין פּעטערבורג אונ־טער אַ פרעמדען נאָמען. פריהער האָט ער געאַרבייט אין קיעוו; דאָרטען האָט ער געלערענט אין אוניווערזיטעט און געהאַט אַן אייגענעם קרוזשאָק, און דערנאָך איז ער צוגעשטאַנען צו דער „קיעווער קאָמונע“.

אין דער צייט ווען די פּראָפּאַגאַנדיסטען פון לאַווראָוו׳ס חדר און די בונטאַרען פון באַקונינ׳ס חדר האָבען זיך געהאַלטען אין איין ארומרייסען, איז קאַבליץ ארויסגעטראָטען אַלס אַ היי־סער אָנהענגער פון באַקונינ׳ען און האָט אַלץ באַוויזען, אַז בונטען און מיאַטעזשען זיינען דאָס בעסטע מיטעל ארויסצורופען אַ סאָ־ציאַלע רעוואָלוציע. מיט די דאָזיגע אַנשויאונגען איז ער געקומען קיין פּעטערבורג, וואו איך האָב זיך מיט איהם באַקאַנט. דאָס איז געווען אינ׳ם ערשטען פעריאָד פון דער געזעלשאַפט „זעמליאַ אי וואָליאַ“. דאַן האָט זיך זיין ליטעראַרישע קאַריערע נאָר וואָס אָנגעפאַנגען, און ער איז געווען באַוואוסט אַלס רעדנער אויף די פאַרזאַמלונגען מעהר ווי אַלס שרייבער אין די צייטונגען.

אין יענער צייט איז די רוסישע פּאָליציי נאָך ניט געווען אַזוי שטרענג, און אין די קליינע שטיבלאַך, וואו די סטודענטען האָבען געוואוינט, האָט מען גאַנץ אָפט אָפּגעהאַלטען פאַרזאַמ־לונגען.

אין די שטיבעלאַך איז געווען ענג, נאָר דערשטיקט צו ווע־רען, פון אַלעמען האָט זיך געגאָסען דער שווייס, אָבער מען איז דאָך געשטאַנען געדולדיג און מיט גרויס אינטערעס זיך איינגע־הערט צו די היציגע דעבאַטעס פון די רעדנער, און איך געדענק נאָך אַזוי ווי היינט, ווי קאַבליץ, אַ צוהיצטער און אַ צופלאַמטער, פלעגט שטעהן אין אַ רעדעל מיט מענשען און באַווייזען, אַז אויב מען וויל צוגרייטען דאָס פאָלק צו אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע, מוז מען העצען צו מאַכען בונטען און אויפשטאַנדען. ריידענדיג וועגען דעם, האָט ער געבראַכט ציטאַטען פון ספּענסער׳ן, און באַוויזען, אַז אויב מען וויל קומען צו אַ ציל, מוז מען מאַכען איבונגען. דעם אמת זאָגענדיג, פלעגט קאַבליץ ריידען זעהר טרוי־קען, ווי אַן אמת׳ער געלערטער. זיינע ארגומענטען זיינען ניט געווען איבערצייגענד, קיין איינדרוק האָט ער ניט געמאַכט. זיין

שטימע איז ניט געווען מוזיקאַליש און האָט אין זיך ניט געהאַט דעם טאָן, וואָס דרינגט אַריין טיף אין האַרצען. דערצו איז ער נאָך געווען ניט קיין שעהנער אויך. געהאַט דעם אויסזעהן פון אַ מענשען וואָס קען קיינמאָל ניט האָבען קיין ערפאָלג. דאָס איז געווען אַ טרוקענער בלאָנדער בחור, אַ פאַרעוועט, מיט אַ פּנים וואָס דריקט גאָרנישט אויס און זאָגט גאָרנישט, מיט אַ קורץ בערדעל, אַ שיטערס און מיט אַ פּאָר גרויסע באַלעכאַטע אויגען, וואָס קוקען תם־עוואַטע דורך אַ פּאָר גאָלדענע ברילען. מיט איין וואָרט — אַ טרוקענער מענש, און מען האָט איהם גיכער גענענט אָננעהמען פאַר אַ דייטש, איידער פאַר אַ רוסישען.

מען מוז אָבער צוגעבען, אַז גערעדט האָט ער לאָגיש, אויס־גערעכענט און גרינג. ער איז אויך געווען אַ מייסטער אין דער מינוט צו ענטפערען אויף אַן אַרגומענט. אין פּריוואַטע געשפּרעכען איז ער געווען אַ סך אינטערעסאַנטער, ווייל בכלל איז ער געווען אַ קלוגער מענש און האָט געלעזען אַ מאַסע.

ביי די „זעמלעוואָלצעס" איז דאָס „אויג" געווען אַן אייגענער מענש, אָבער בלויז ביז אַ געוויסען גרענעץ. אין דער אויסאַרביי־טונג פון דער פּראָגראַמע האָט ער זיך ניט באַטייליגט, און מען האָט איהם ניט געגעבען צו ווערען אַ מיטגליד אין דער געזעלשאַפט, ווייל מען האָט ניט זעהר שטאַרק געהאַלטען פון איהם.

ער האָט זיך אָבער שטענדיג געדרעהט צווישען אונז און האָט געמעגט אַריינקומען אין איינע פון די געמיינשאַפטליכע וואוינונגען, וואו מיר פלעגען אָפט אָפּהאַלטען פאַרזאַמלונגען. דאָס איז געווען אַ באַזונדער זכיה, ווייל אהין פלעגט מען צולאָזען בלויז געקליבענע מענשען. אין דער דאָזיגער געמיינשאַפטליכער קוואַרטיר האָט מען גערעדט בלויז וועגען טעאָרעטישע פראַגען, וועגען פּראַקטישער אַר־בייט ווידער האָט מען גערעדט אויף דער באַסעיני, וואו נאַטאַנסאָן איז געווען דער פּאָרזיצענדער און וואו מ'האָט שטענדיג געקאָנט טרעפען אימיצען פון די מענשען, וועלכע זיינען געשטאַנען נאָהענט צו דער אָרגאַניזאַציע — באַריזאָמענאָוו, טשיטשערקאָ, פּרעאָבראַ־זשענסקי, פלעכאַנאָוו, סערגעיעוו, אַלעקסעי מיכאַאילאָוו און אַנ־דערע. אפילו אַזעלכע מענשען ווי קלעמענץ און איוואַנטשין־פּיסאַ־רעוו האָבען ניט געוואוסט די אַדרעסען פון אָט די קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירען, און ווען זיי האָבען געדאַרפט האָבען אַ מיטגליד פון

דער „זעמליאַ אי וואָליאַ”, האָבען זיי איהם געדאַרפט זוכען ווי מיט ליכט.

איינמאָל זיינען מיר געזעסען עטליכע מענשען און גלאַט אַזוי גערעדט וועגען פאַרשיידענערליי זאַכען. אין דער גרופּע זיינען געווען: קלעמענץ, איוואַנטשין־פּיסאַרעוו, איך און נאָך איינינע. קלעמענץ איז דאַמאָלט געווען זעהר גוט געשטימט האָט ער זיך גענומען וויצלען אויף דעם חשבון פון די „זעמלעוואָלצעס” און זייערע געהיימע קוואַרטירען.

„דאָס זיינען דאָך גאָר ניט קיין מענשען, נאָר גלאַט מאָדנע באַשעפענישען, וואָס וואוינען אין נאָרעס—האָט קלעמענץ געזאַגט אין שפּאַס.—דער שוואַרץ־יאָהר ווייסט וואו מען קאָן זיי געפינען! דאָס זיינען טראָגלאָדיטען (האַלב־ווילדע), וואָס באַהאַלטען זיך אין די לעכער און אין די היילען”.

דער פאַרגלייך איז אַלעמען געפעלען געוואָרען, און פון דאַן אָן האָט מען אונז אין שפּאַס אַ נאָמען געגעבען „טראָגלאָדיטען”, און שפּעטער האָבען איינינע כלומר׳שטע „היסטאָריקער” געמאַכט פונ׳ם שפּאַס אַן ערנסט, און שרייבענדיג די געשיכטע פון דער באַוועגונג, האָבען זיי אונז גערופען „די טראָגלאָדיטען־געזעלשאַפט”.

אין איינער פון די „טראָגלאָדיטען־נאָרעס”, וואָס האָט זיך געפונען דוקא אין סאַמע צענטער פון שטאָדט, ניט ווייט פון דער טשערנישאָווער בריק, איז קאַבליץ געווען אַן אָפטער אריינגעהער און איינער פון די הויפּט רעדנער. אין די דעבאַטעס איז ניט איין מאָל ארויסגעשוואומען די פראַגע וועגען דעם „גרויסען קלאַפּ”, וואָס איז אונטערגעשטראָכען געוואָרען אין דער פּראָגראַמע פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ”, און דערביי פלעגט קאַבליץ גלייך ארויס מיט זיינע טענות, אַז דעם „גרויסען קלאַפּ” דאַרף מען געבען דעם קאָפּ פון דער רעגירונג, און דורך דעם וועט מען קאָנען פאַרזיכערען דעם ערפאָלג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. קאַבליץ׳ס מיינונג איז געווען, אַז פריהער פון אַלץ דאַרף מען אָפּראַמען פון וועג דעם צאַר אַליין, און אויב מעגליך, די גאַנצע משפּחה זיינע. ער האָט אויך גע׳טענה׳ט, אַז דאָס בעסטע מיטעל דערויף איז דינאַמיט.

דאַמאָלסט האָט מען מיר דערצעהלט, אַז אין אָנפאַנג פון די זיבעציגער יאָהרען איז קאַבליץ, אינ׳ם נאָמען פון די דרום׳דיגע בונטאַרען, ספּעציעל געפאָהרען קיין ענגלאַנד זיך אויסלערנען ווי אַזוי מען מאַכט דינאַמיט און זיך באַקענען ווי אַזוי מען געהט אַן

דערמיט. דערביי האָט מען מיר אויך דערצעהלט, אַז פון זיין פאָהרען איז גאָרניט געוואָרען, ווייל עס האָט בלויז געקאָסט געלט און ער האָט זיך גאָרניט אויסגעלערענט, אַזוי, אַז ווען די רעוואָ־לוציאָנערע פאַרטיי איז, אין 1879, איבערגעגאַנגען פון ווערטער צו טאַטען, האָט מען זיך באַנוצט מיט אַנדערע מענשען, וועלכע האָבען זיך יאָ אויסגעלערענט ווי זיך צו באַגעהן מיט דינאַמיט.

אָבער אין יענער צייט ווען קאַבליץ האָט געהאַלטען אין איין ריידען וועגען דעם „גרויסען קלאַפּ" מיט דינאַמיט, זיינען מיר, די מיטגלידער פון דער „זעמליא אי וואָליא", געווען זעהר ווייט דערפון, ווייל מיר האָבען איינגעזעהן, אַז דאָס פאָלק איז נאָך ניט גרייט דערצו. מען מוז אָבער צוגעבען, אַז דאָס אָפטע ריידען וועגען דינאַמיט האָט זיך אָפּגעשטעמפּעלט אין אונזערע מוחות. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבען, אַז נאָך אין די יאָהרען 1873—1874 האָבען מיר געוואוסט, אַז מיט דינאַמיט קאָן מען אַ סך אויפטאָן.

קאַבליץ'עס עקשנות צו באַנוצען דינאַמיט איז פּשוט געווען מערקווירדיג. איהם איז גאָר קיינמאָל ניט נמאס געוואָרען צו ריידען וועגען דעם. און ניט נאָר ריידען; ער האָט אויך געמאַכט פּלענער ווי אָפּצוראַמען פונ'ם וועג דעם צאַר און זיין גאַנצע פאַ־מיליע. אָבער ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזען, איז זיין גאַנצע אַרבייט געווען אַ לעבערליכע. קאַבליץ איז אין דינאַמיט געווען אַזאַ מומחה, אַז ס'איז ביי איהם רעכט געווען צו מיינען, אַז מען נעמט דעם דינאַמיט און מען צוטרייסעלט איהם, ווערט אַן אויפרייס. עס איז ביי איהם גאָר קיין צווייפעל ניט געווען, אַז כדי אויפצורייסען דעם קיסר'ס ווינטער־פּאַלאַץ, דאַרף מען בלויז צו־פיהרען אַהין אַ וואָגען מיט דינאַמיט און איהם איבערקערען, וועט עס אויפרייסען.

דערפון איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלען, וואָס פאַר אַ לאַנגען וועג די דינאַמיט־אידעע האָט געדאַרפט דורכמאַכען, ביז זי איז ענדליך פּאַרווירקליכט געוואָרען דעם ערשטען מערץ, אין דעם יאָהר 1881 — די אידעע, וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון די מיט־גלידער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליא" איסאַיעוו און קיבאַלטשיטש.

און קאַבליץ, דער טעאָרעטישער פאַנאַטיקער פון דינאַמיט, איז אינ'ם יאָהר 1880 געוואָרען אַ סאָלידער מענש. פונקט דאַן ווען מיר האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט מיט אַ טאַלק און מיט אַ סדר, איז ער איינגאַנצען אַוועק פון דער באַוועגונג, און, ווי איך

האָב דערנאָך ערגעץ געלעזען, איז ער אוועק אזוי ווייט רעכטס, אז ער איז אזש געוואָרען אַן אָנהענגער פונ׳ם צאַר.

די ערשטע שריט.

אינ׳ם יאָהר 1877, אין פריהלינג, האָבען די זעמליעוואָלצעס" אין פעטערבורג דער׳הרג׳עט דעם פאַררעטער פינאָגענאָוו און אין דער זעלבער צייט איז ארעסטירט געוואָרען דער הויפּט פון דער אָרגאַניזאַציע, מארק אַנדרעיעוויטש נאַטאנסאָן. און מיט אַ קורצער צייט שפּעטער, זומער צייט, איז אין איינער פון די פּעטערבורגער טורמעס פּאָרגעקומען אַ שרעקליכע געשיכטע: דער גראַדאָ-



וועראַ זאַסוליטש.

נאַטשאַלניק טרעפּאָוו האָט געגעבען שמיץ דעם רעוואָלוציאָנער יעמעליאַנאָוו, ביי וועמען מען האָט צוגענומען אַלע רעכט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך באַטייליגט אין דער דעמאָנסטראַציע אויף דעם קאַזאַנסקי פּלאַשטשאַד.

דאָס האָט ביי אַלעמען ארויסגערופען אַ שרעקליכען צאָרן, און דאַן האָט מען אָנגעהויבען ריידען וועגען נקמה. פונ׳ם דרום טייל פון רוסלאַנד (אוקראַינאַ) זיינען קיין פּעטערבורג געקומען די בוגטארען מיט׳ן ציעל אָפּצוראַמען טרעפּאָוו׳ען פונ׳ם וועג, אָבער זיי האָט זיך דאָס ניט איינגעגעבען. גענומען נקמה אין טרעפּאָוו׳ן

האָט ווערא זאַסוליטש; מיט אַ קויל פון אַ רעוואָלווער האָט זי זיך מיט איהם אָפּגערעכענט פאַר יעמעליאַנאָוו׳ן.

ווען ווערא זאַסוליטש האָט געשאָסען אויף טרעפּאָוו׳ן, בין איך געווען אויף די סאַמאַרער סטעפּעס, און דאַן האָב איך קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי אָפּלאָדירען איהר פון דער ווייטענס. עס האָט מיר שוין באַנג געטאָן פאַרוואָס איך בין ניט שטאַרק נתפעל געוואָרען פון איהר, ווען איך האָב זיך מיט איהר דאָס ערשטע מאָל געטראָפען ביי דער מאַלינאָווסקי אין הויז, פאַר מיין אַוועקפאָהרען פון פעטערבורג.

אין סאַמאַרא האָב איך זיך באַגעגענט מיט אַ סך אָרענטליכע און קלוגע מענשען, וועלכע זיינען געווען גרייט אונז צו העלפען מיט אַלע מעגליכקייטען. דאָרטען איז אין יענער צייט געווען ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש באָגדאַנאָוויטש, יורי באָגדאַנאָוויטש׳עס ברודער, וועלכער האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט׳ן געדאַנק צו עפּענען אַ קוזניע אין דער גובערניע שטאָדט. אַלעקסאַנדער קוויאַטקאָווסקי איז דאָרטען אויך געווען.

מיר האָט מען געגעבען אַ רעקאָמענדאַציע צו ניקאָלאַי סעמיאָ־נאָוויטש פּאָפּאָוו, אַ יונגען זעמסקי דאָקטאָר, וועלכער האָט איינ־געשטימט מיר צו געבען אַ שטעלע אַלס פעלדשערין אין זיין ראַיאָן.

ווען איך בין געקומען אין דאָרף יעקאַטערינאָווקא, סאַמאַרער גובערניע, וואו עס איז געווען אַ זעמסקער שפּיטאָל, האָט מיר דר. פּאָפּאָוו געלאָזט וויסען, אַז איך בין באַשטימט געוואָרען צו אַרביי־טען אינ׳ם דאָרף סטודענצי. דערביי האָט ער מיר ערקלערט אין וואָס מיינע פליכטען באַשטעהען, און אַז נאָך רעצעפּטען מוז איך זיך ווענדען צו איהם.

אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב אַלע מאָל געדאַרפט פאָהרען קיין יעקאַטערינאָווקא נאָך רעצעפּטען, בין איך מיט דאָקטאָר פּאָפּאָוו שטאַרק באַפריינדעט געוואָרען. אונזער פריינדשאַפט איז געוואָרען נאָך שטאַרקער, ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מיר האָבען אַמאָל ביידע אין קאַזאַנער אוניווערסיטעט באַזוכט די לעקציעס פון פּראָפעסאָר לעסגאַפט. ער האָט זיך אינטערעסירט צו וויסען ווער איך בין און פון וואָס פאַר אַ משפחה איך שטאַם. און ווען איך האָב איהם דערצעהלט, אַז איך האָב געשטודירט מעדיצין אין אויסלאַנד און אַז מיין שוועסטער לידיאַ איז פאַרשיקט געוואָרען

קיין סיביר אין פארבינדונג מיט דעם „פראצעס פון די פופציג", זיינען זיינע חבר'שע באציהונגען צו מיר געווארען נאך בעסער.

אין דעם שטילען דערפעל, וואו עס איז שטענדיג געווען א מאנגעל אין אינטעליגענטען, איז איהם פשוט געווען אנגענעם צו טרעפען א מענשען, מיט וועמען מען קאן אויסריידען אווארט.

און ווען איך האב איהם דערצעהלט וועגען אונזער רעוואלו־ציאנערער פראגראם און וועגען דער ארבייט, וואס מיר דענקען אנ־צופיהרען אין די דערפער, האט ער אויסגעדריקט זיין סימפאטיע און צוגעזאגט ארויסצוהעלפען מיט וואס ער וועט נאר קענען.

ווען איך בין אנגעקומען אין דעם גרויסען דארף סטודענצי, האט מען אונטער מיין מעדיצינישער אויפזיכט אוועקגעשטעלט צוויי וואלאסטען. און דאס איז ניט געווען לייכט, ווייל אין יענער צייט האט א פעלדשער געמוזט ארומפאהרען פון דארף צו דארף אונטערזוכען די קראנקע, און אין מיינע צוויי וואלאסטען האב איך געהאט צוועלף דערפער.

דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען איז מיר דאמאלט אויסגע־קומען זיך צו טרעפען אזוי נאהענט, פנים אל פנים מיט'ן פאלק, מיט די ברייטע מאסען, ווייט פון אייגענע, אפגעריסען פון פריינד און פארווארפען פון אינטעליגענטע מענשען. און — למאי זאל איך לייקענען ? — איך האב זיך מיט אמאל דערפיהלט שרעקליך עלענד, שוואך און אומבאהאלפען. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז איך ווער דערטרונקען אין דעם גרויסען ים פון פויערים. און חוץ דעם האב איך ניט אנגעהויבען וויסען, ווי מען טרעט צו צו א פראסטען מענשען. איך האב אפילו ניט געוואוסט, ווי אזוי מען הויבט אן ריידען צו איהם.

און וואס איז דער חידוש ?

די אלע ידיעות מיינע וועגען דעם, אז די פאלקסמאסען זיינען ארים, האב איך געשעפט פון ביכער און זשורנאלען, און די פאלקס־מאסען אליין האב איך קיינמאל נאהענט ניט געזעהן. אמת טאקע, נאכדעם ווי איך האב געענדיגט דעם קאזאנער אינסטיטוט, האט זיך ביי מיר געיאוועט א שטארקער פארלאנג צו העלפען דעם פאלק, אבער דער פארלאנג איז געווען ניט מעהר ווי אן אויסדרוק פון פראטעסט געגען דעם פוסטען פריצ'ישען לעבען.

כדי פטור צו ווערען פון די קליינליכע פאמיליע־אינטערעסען, פון דער קיך, פון דעם שפילען אין קארטען און פון דעם געיעג נאך

רייכקייט, האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אָן דער וויסענשאַפט אלס א מיטעל און אָנ׳ם פאָלק אלס א ציעל. דאַן האָב איך זיך מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען צו די ביכער, וועלכע האָבען מיך געקענט ענטוויקלען גייסטיג און מיך מעהר צוגרייטען פאַר׳ן אוניווערסי־טעט. דאָס לעבען אַליין איז געווען וויים פון מיר. ניט אין אויס־לאַנד און ניט אין רוסלאַנד איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפען נאָהענט מיט׳ן פאָלק, מיט די מאַסען.

און מיט אמאָל — א ים פון פויערים! איך, א פריצ׳ישע טאָכטער, א יונגע פרוי פון פינף און צוואַנציג יאָהר, און ארום מיר— דאָס פאָלק, דאָס אמת׳ע פאָלק, ניט פון די ביכער, נאָר פונ׳ם לעבען.

בין איך געבליבען שטעהן פונקט ווי א קינד, וועמען מען רוקט אריין אין הענטעל עפּעס א גרויסע זאַך א טשיקאַווע און עס ווייסט ניט וואָס צו טאָן דערמיט.

פריהער פון אַלץ האָב איך זיך גענומען פאַר מיינע אָפיציעלע פליכטען. פון דרייסיג טעג אין חודש האָב איך אכטצעהן געדאַרפט ארומפאָהרען איבער די דערפער, און אַזוי ארומפאָהרענדיג, בין איך אריינגעשלעפּט געוואָרען אינ׳ם תהום פונ׳ם פאָלקס־לעבען און האָב דערזעהן די שרעקליכע אָרימקייט און די גרויסע נויט.

געוועהנליך פלעג איך זיך אָפּשטעלען אין א קליינע פויערשע שטיבעלע, און באַלד פלעגט דאָס שטיבעלע ווערען פול מיט קראַנקע, וואָס זיינען געקומען זיך היילען. צווישען די קראַנקע האָט מען געזעהן אַלטע און יונגע, מענער, פרויען און אויך קליינע קינדער. דאָס קליינוואַרג פלעגט מאַכען אַזוינע גוואַלדען, אז מען האָט גע־קענט טויב ווערען.

אויף די קראַנקע האָט מען ניט געקענט קוקען גלייכגילטיג. זיי זיינען אַלע געווען שמוציג און אויסגעמוטשעט; ביי די מעהרסטע פון זיי זיינען די קראַנקהייטען געווען פאַרלאָזט; אַלע דערוואַק־סענע האָבען געליטען פון רהומאַטיזם, פון שטאַרקע קאָפּ־וועהטאָגען, פון הויט־קראַנקהייטען; בלויז אין א פּאָר געצעהלטע דערפער זיינען געווען בעדער, און דערפון איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלען, ווי שמוציג די מענשען זיינען געווען; די האָבען געליטען פון מאָגען, און יענע — פון האַרץ־פעהלער; דער האָט געהוסט און יענער האָט געשפּיגען מיט בלוט; ווענערישע קראַנקהייטען און אַנדערע פּורעניות׳ן אויף יעדען שריט און טריט. און אָט די אַלע קראַנקהייטען האָט מען געדאַרפט אריבערטראָגען, וואוינענדיג אין

דושנע, שמוציגע שטיבעלאך, געהענדיג אפגעריסען און אפגעשלי־סען, עסענדיג דער רוח ווייסט וואס.

ווילענדיג ניט ווילענדיג האט זיך געשטעלט די פראגע: „וואס איז דאס פאר א לעבען? און וואס זיינען דאס פאר באשעפענישען, מענשען אדער בהמות?"

ניט איין מאל האט זיך מיינע א טרער אריינגעגאסען אין די טראפען מעדיצין, וואס איך האב געמאכט פאר די קראנקע. מיר האט וועה געטאן דאס הארץ קוקענדיג אויף זיי. ערשט דאן האב איך דערזעהן, וואס ס'הייסט ארימקייט, ערשט דאן האב איך אנ־געהויבען האבען א באגריף וועגען נויט.

געדולדיג בין איך געשטאנען א גאנצען טאג און געטיילט פראשקעס, שמירעכצען און פלעשעלאך. יעדען פויער און יעדער פויערטע האב איך עטליכע מאל געגעבען צו פארשטעהן מיט די פשוט'סטע ווערטער, ווי איינצונעמען דעם רעצעפט, און אויף דער נאכט בין איך אלע מאל געווען אזוי מיד, אז איך האב זיך א ווארף געטאן אויף שטרוי און בין אנשלאפען געווארען. אבער אלע מאל האב איך זיך אויפגעכאפט אין מיטען דער נאכט און א שרעק האט מיך ארומגעכאפט. ווען וועט קומען א סוף צו דער שרעקליכער ארימקייט? — האב איך זיך געטראכט, — און וואס פאר א ווערט האבען די אלע רעצעפטען אין דער צייט, ווען דער דלות איז אזוי גרוים? און ווי קאן מען גאר אנהויבען ריידען צו די מענשען וועגען א קאמף, אין דער צייט ווען זיי זיינען אזוי שוואך, אז זיי האלטען זיך קוים אויף די פיס? ווער ווייסט, אפשר געפינט זיך שוין גאר דאס פאלק אויפ'ן שוועל פון אונטערגאנג?

דריי חדשים נאכאנאנד האב איך געזעהן די זעלבע שרעקליכע סצענעס טאג־איין, טאג־אויס.

כדי צו האבען אן אמת'ען באגריף אין וואס פאר א שרעק־ליכער לאגע דאס פאלק געפינט זיך, איז ניט גענוג זיך אריינצור־כאפען צו א פויער אין שטיבעל איין מאל אין א יובל און גלאט אזוי כאפען א קוק וואס דער פויער עסט, וואס פאר א קליידער ער טראגט, ווי שווער ער הארעוועט און ווי ער געהט צום דאקטאר אדער צום פעלדשער נאך א רעצעפט.

כדי צו האבען אן אמת'ען באגריף און גוט פארשטעהן די שרעקליכע נויט פון דעם פאלק, מוז מען אליין זיין אדער אן ארבייטער, וואס טראגט אויף די אייגענע פלייצעס אריבער די אלע צרות,

אָדער — א פעלדשער אין א דאָרף. וואָרים א פעלדשער אין א דאָרף איז דער מענש, וואָס זעהט דעם פויער אין דער היים, אין דעם דושנעם, שמוציגען שטיבעלע. ער זעהט איהם ווינטער אין די גרויסע קעלטען און זומער אין די גרויסע היצען. ער זעהט איהם יעדען טאָג, יעדע שטונדע, קוקט זיך צו צו איהם בעת עס ברעכט אויס א מגפה, קומט מיט איהם אין פארבינדונג אין געווענ־ליכע צייטען, זעהט וואָס פאר א שמאטעס ער טראָגט און וואָס פאר א סכנות ער שטעהט אויס.

אָט די אַלע איינדרוקען קלייבען זיך צונויף אין איין גרויסער מאסע, און ערשט דאַן ווערט געשאפען דער באגריף וועגען דער שרעקליכער לאגע פון דעם פויער.

די דריי חדשים וואָס איך בין ארומגעפאָהרען איבער די דער־פער, זיינען פאר מיר געווען א שרעקליכע אָפּקומעניש. איך האָב זיך דעמאָלט אָנגעזעהן מיט אזוי פיל צרות, אז עס האָט זיך מיר פשוט דאָס מויל ניט געעפענט צו פּראָפּאגאנדירען רעוואָלוציאָנערע אידעען.

און פונקט דאַן האָט מען אין סאמאראַ ארעסטירט די טשע־פּורנאָווא, וועלכע איז געווען אַן עדות אויף דעם „פּראָצעס פון די 193". ביי איהר האָט מען געפונען א סך בריף, וואָס די פּעטער־בורגער חברים האָבען דורך איהר צוגעשיקט צו מיר און צו אַנדערע מיטגלידער פון דער פּארטיי. באַלד האָט מען אונז טעלעגראפיש געלאָזט וויסען, אז מיר זאָלען זיך היטען. חוץ דעם איז קוויאטאָוו־סקי געקומען צו לויפען פון פּעטערובורג און האָט מיך ארויסגעכאפּט פון דאָרף. און מיט א וואָך שפּעטער זיינען אין דאָרף אריינגעקומען זשאנדארען מיט א באפעהל מיך צו ארעסטירען. אָבער איך בין שוין דאָרטען ניט געווען.

# זעקסטער קאַפּיטעל.

## אין דאָרף.




ען איך בין מיט קוויאַטקאָווסקי'ן אָנגעקומען אין סאַמאַראַ, האָבען מיר שוין דאָרטען געטראָפען די חברים פּיסאַרעוו, לעשערן און באָגדאַנאָוויטש. זיי האָבען זיך נאָך פריהער ארויסגעכאַפּט פון די דערפער, ווייל זיי האָבען באַצייטענס דערשמעקט, אז מען האַלט אַן אויג אויף זיי. צוזאַמען מיט אונז איז אויך אַריםגעפאָהרען סאָלאָוויאָוו, וועלכער האָט זיך אויך באַצייטענס אָפּגעטראָגען פון דער קוזניע, וואו ער האָט געאַרבייט מיט נאָך צוויי חברים.

מיר האָבען באַשלאָסען זיך צו באַזעצען אין וואָראָניעזשער גובערניע און ווייטער אָנגעהן מיט אונזער אַרבייט. די חברים פּיסאַרעוו און לעשערן האָבען מיר אַוועקגעשיקט קיין פּעטערבורג, אַז זיי זאָלען פאַר אונז דאָרטען קריגען רעקאָמענדאַציאָנס־בריף צו די וואָראָניעזשער חברים.

באַלד נאָך דעם איז באַקאַנט געוואָרען דער אורטייל אין דעם גרויסען „פּראָצעס פון די 193" — דער אורטייל, וואָס האָט אונז געגעבען צוריק אַזוי פיל חברים. פאַר אונז איז דאָס געווען אַן אומערוואַרטעט גליק, און מיר האָבען טאַקע גלייך אויסגענוצט די געלעגענהייט און צוגעצויגען איינינע פון די באַפרייטע חברים צו דעם אויסגעאַרבייטען פּלאַן אָנצופיהרען אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע אין די דערפער. צוליב דעם בין איך און באַגדאַנאָוויטש אוועקגעפאָהרען פון וואָראָניעזש קיין פּעטערבורג.

אין פּעטערבורג האָבען מיר צווישען די חברים דערזעהן אַזאַ אויפלעבונג, אַז עס איז פּשוט געווען אַ נחת צו קוקען; די יונגוואַרג איז געווען ווי אויפ'ן זיבעטען הימעל. אַלטע און נייע פריינד האָבען באַגריסט די באַפרייטע מיט אַזאַ שמחה, מיט אַזאַ פרייד, ווי

זיי וואָלטען געקומען צוריק פון יענער וועלט, ווי זיי וואָלטען פון טויט לעבעדיג געוואָרען, און זיי, די באפרייטע אליין, אויסגעמוטשעטע און צובראָכענע, האָבען איינגאנצען פארגעסען אָן די צרות און פייניגונגען, וואָס זיי האָבען איבערגעטראָגען, און האָבען גלייך, טאקע נאָר ווי יונגע מענשען קאָנען, שוין אָנגעהויבען צו טרוימען וועגען נייע פּלענער ווי צו פארווירקליכען דעם גרויסען אידעאל. זיי האָבען זיך ממש געריסען צו דער רעוואָלוציאָנערער ארבייט מיט אַן אומגעהייערער באגייסטערונג.

וואָס ס'האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן! די טירען פון די וואוינונגען האָבען זיך גאָרניט צוגעמאכט פון אין דער פריה ביז שפּעט אין דער נאכט. אָהן א שיעור באקאנטע און פריינד זיינען געקומען דריקען די הענט פון די גליקליכע חברים, וואָס זיינען באפרייט געוואָרען. און ניט נאָר באקאנטע, נאָר גלאט מענשען, וועלכע האָבען געפיהרט באקאנטשאפט מיט די מיטגלידער פון אונזער אָרגאניזאציע.

אין יענער צייט בין איך באפריינדעט געוואָרען מיט א סך טוער פון דער ערשטער העלפט פון די זיבעציגער יאָהרען. ארויסגעהאָלפען אין דעם האָבען מיר מיינע צוויי חבר'טעס, ליובא סערדיוקאָווא און אלעקסאנדרא קאָרנילאָווא. א דאנק זיי בין איך דאַן געוואָרען אזוי נאָהענט באפריינדעט מיט סאָפיע פעראָווסקאיא. אזוי שנעל ווי איך האָב זי דערזעהן, איז זי מיר געוואָרען איינגעבאקען אין הארצען, און איך האָב זי אָנגעהויבען ליב האָבען. מיר איז געפעלען געוואָרען ווי זי האַלט זיך אזוי פשוט און איז אזוי צוגעלאָזען און הארציג צו מענשען. אונזער פריינדשאפט איז ניט איבערגעריסען געוואָרען ביז איהר טראגישען טויט, און איך געדענק נאָך, ווי זי האָט פון דער טורמע צוגעשיקט א צוואה צו די חברים — א צוואה פון געצעהלטע ווערטער:

„איך בעט אייך, — האָט זי אין דער צוואה געשריבען, — היט אָפּ נאָומ'ען (סוכאנאָוו'ן) און ווערא'טשקא'ן".

פאַר דער צייט וואָס מיר זיינען געווען אין פעטערבורג, האָבען מיר זיך באקענט מיט איינעם א געוויסען דרוועל פון טאמבאָוו, און ער האָט אונז צוגעזאָגט צו געפינען שטעלעס פאַר אונז. האָבען מיר גלייך באשלאָסען צו בייטען דעם פּלאַן, און אָנשטאָט וואָראָניעזש פאָהרען קיין טאמבאָוו.

אין טאמבאָוו איז אונז אָבער אויך ניט געגאנגען אזוי פוינעל־

דיג, האָבען מיר באשלאָסען זיך צו פאראייניגען מיט די „זעמליע-וואָלצעם" פון סאראטאָוו, וואוהין מיר זיינען טאקע גלייך ארויס-געפאָהרען. דאָס איז געווען אומגעפעהר אין מערץ, אינ'ם יאָהר 1878.

די פאראייניגונג האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבען אזוי ווי איך האָב געוואָלט, ווייל איוואנטשין-פיסארעוו איז געווען זעהר א גרוי-סער עקשן און דערצו נאָך זעהר א שטרענגער אויך.

א שטיק ארבייט איז שוין דאָן אין סאראטאָוו אייגענטליך געווען אָפּגעטאָן. צוועלף פון אונזערע מענשען זיינען שוין געווען צושפּרייט איבער די דערפער אין יענעם געגענד. זיי זיינען געווען שרייבער אין די וואָלאָסטען, לעהרער אין די שקאָלעס און אייניגע האָבען זיך פארשטעלט פאר באטראקען (געדונגענע ארבייטער) אויף די פעלדער און פאר שוסטערס, וואָס פארלאַטען אַלטע שטי-וועל. מיר האָבען אויך געהאט א פּאָר מענשען אונזערע, וואָס האָבען זיך ארומגעשלעפּט פון דאָרף צו דאָרף מיט גרויסע קלומ-קעס אויף די פּלייצעס, פארקויפענדיג פארשיידענערליי שמאָכטעס צווישען די פּויערים. אַלע האָבען געארבייט אויף פארשיידענערליי וועגען, כדי צו צוקומען נאָהענט צום פּויער און איהם ארויפפיהרען אויף רעוואָלוציאָנערע געדאנקען. און חוץ דעם, האָבען מיר שוין אין יענעם געגענד אויך געהאט אונזערע מענשען אין די פאבריקען אָנצופיהרען א רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאגאנדע צווישען די ארבייטער.

קיין „פארבינדונגען מיט דער געזעלשאפט" — ווי מען רופט דאָס אָן — האָבען מיר אין סאראטאָוו ניט געהאט. מיר האָבען דאָס אָבער געמוזט האָבען, ווייל די יונגע-לייט אונזערע האָבען דאָך געמוזט געפינען אזעלכע שטעלעס, וואָס זאָלען זיי געבען די מעג-ליכקייט ארייגצוגעהן אין דעם לעבען פון די פּויערים און זיך אריינ-מישען אין אַלע געשעפטען פון זייערע „אָבשטשינעס".

און דאָ איז אונז צוגוץ געקומען דער סאראטאָווער נאָטאריוס וואסילי סטעפּאנאָוויטש פּראָטאָפּאָוו. אַליין איז ער געווען א תושב אין יענעם געגענד, און מען קאָן זאָגען, אז עס איז כמעט ניט געווען קיין איין מענש, וואָס זאָל איהם ניט קענען און וועמען ער זאָל ניט קענען. אז מיט אַלעמען איז ער געווען אויסגעקניפּט און אויסגע-בונדען און אין אַלע ווינקעלאך איז ער געווען פול. און צו די אַלע מעלות איז ער נאָך געווען אן אמת אָרענטליכער מענש און האָט מיט'ן גאנצען הארצען ליב געהאט יונגוואַרג. ער האָט נאָך געדענקט

יענע צייט, ווען ער אַליין איז געווען אַ סטודענט אין מאָסקווער אוניווערזיטעט און ווי מען האָט איהם פון דאָרטען אויסגעשלאָסען און איהם פאַרשיקט ווייט אין די צפון־גובערניעס.

ווען ער האָט זיך מיט אונז באַקאַנט, איז ער גאָר געווען עולה לגדולה. מיר זיינען איהם אַלע אַזוי געפעלען געוואָרען, אַז ער האָט זיך גאָרניט געקאָנט געגוג אָפּליובען פון אונז. אויף מיר האָט ער געקוקט ווי אויף דער ערשטער געבילדעטער יונגער פרוי, וועלכע האָט זיך אַליין אָפּגעזאָגט פון רייכקייט און לוקסוס און גע׳פועל׳ט ביי זיך, אַז צוליב אַן אידעאַל מעג מען אפילו טאָן אַזאַ זאַך, ווי דערלאַנגען דעם דאָקטאָר די קאַלאָשען און דעם מאַנטעל. דאָס איז געווען זיין מיינונג וועגען אַ פעלדשערין. און ווען איך האָב איהם איין מאָל געזאָגט, אַז איך האָב איינינגע גוטע פריינד, זעהר וואוילע און פיינע מענשען, וועלכע זוכען שטעלעס אַלס שרייבערלאַך אין וואָלאָסט, האָט ער מיך ניט געפרעגט ווער זיי זיינען און וואָס זיי זיינען, און אין אַ שטיקעל צייט אַרום האָט ער שוין געהאַט אַ שטעלע פאַר באָגדאַנאָוויטש׳ן און יענער האָט ביי די הויפּט־מאַכערס אין וואָלאָסט אַזוי אויסגענומען, אַז עס איז איהם שוין ניט אָנגעקומען שווער אַליין צו קריגען שטעלעס פאַר פּיסאַרעוו׳ן און סאָלאָוויאָוו׳ן, און דערנאָך האָבען זיי זיך אַלע דריי אַזוי איינגעאָרדענט, אַז זייערער אַ רעקאָמענדאַציאָנס־בריף איז שוין געווען גענוג צו קריגען אַ שטעלע פאַר וועמען מען האָט געוואָלט.

דאָס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. דער איספּראַווניק האָט דערשמעקט, אַז די דריי וואָלאָסט־שרייבער זיינען עפּעס ניט אין גאַנצען קיין כשר׳ע מענשען און ער האָט געהייסען די אוריאַדניקעס אַכטונג געבען אויף זיי. די פּריצים און אויך די רייכע פּויערים האָבען זיך אויך געכאַפּט, אַז די נייע וואָלאָסט־שרייבער זיינען עפּעס אַנדערש ווי די פריהערדיגע, האָבען זיי גענומען שיקען מסירות און עס האָט זיך אָנגעהויבען גלייך רודערען — רעוואָלוציאָנערען, סאָציאַליסטען, קראַמאָלניקעס, אַנערקענען ניט קיין פּריוואַט אייגענטום און בונטעווען די אָרימע געגען די רייכע.

אין די ערשטע פיער־פינף וואָכען האָט זיך דער טומעל שוין אָנגעהויבען. דער איספּראַווניק האָט זיי געוואָלט אַרעסטירען, אָבער די עלטסטע פונ׳ם דאָרף האָבען זיך איינגעשטעלט פאַר זיי. דערנאָך האָט דאָס שוין אויך ניט געקאָנט העלפען, און די חברים פּיסאַרעוו, באָגדאַנאָוויטש און לעשערן האָבען געמוזט איבערלאָזען

די שטעלעס און אנטלויפען, ווייל עס האט שוין געהאלטען דערביי, אז מען זאל זיי אריינזעצען אין אסטראג.

דאך האבען זיי גאנצע צעהן מאנאטען אנגעהאלטען די שטעלעס און געארבייט צווישען די פויערים.

כמעט אין דער זעלבער צייט וואס די חברים האבען זיך איינגעארדענט אויף זייערע שטעלעס, האב איך געקראגען א שטעלע אין פעטראווסקער אויעזד. צוזאמען מיט מיר האט זיך באזעצט מיין שוועסטער יעווגעניא, וועלכע האט דאן נאר וואס געהאט געענדיגט פאר פעלדשערין. דער הויפט פון דער זעמסקער אופראווא אין פעטראווסק איז דאן געווען מיכאאיל סערגעיעוויטש יערמאלאיעוו. איך און מיין שוועסטער האבען זיך באקענט מיט איהם און מיט זיין פרוי און אין א קורצער צייט זיינען מיר זעהר באפריינדעט געווארען.

מיט אונזער אנקומען אין אויעזד האבען מיר געמאכט א שטיקעל סענסאציע; סיי די העכערע געזעלשאפט און סיי דאס פאלק, די פשוט'ע מענשען, האבען געקוקט אויף אונז ווי אויף מאדנע ברואים און קיינער האט ניט געקאנט פארשטעהן, וואס פאר מענשען מיר זיינען.

ביי דער „געזעלשאפט" אין פעטראווסק איז דאס גלאט געווען עפעס א מין חריפות, א טשיקאווער עסק: — וואס הייסט עפעס צוויי יונגע פרויען, געבילדעטע און רייכע, לאזען איבער קנין מיט מנין און „באגראבען" זיך אין א דארף? ! צוליב וואס און צוליב וועמען? מען דארף זאך זיין פריש און געזונד און משוגע צו טאן אזא זאך!

די פשוט'ע מענשען ווידער, די פראסטע פויערים, האבען אויך געקוקט אויף אונז ווי אויף א חידוש; אין דער זעלבער צייט אבער האבען זיי אונז בעסער פארשטאנען, ביי זיי איז ניט אויסגעקומען, אז מיר זיינען פריש און געזונד און משוגע, נאר גאנץ איינפאך: „די רייכע געבילדעטע טעכטער טוען דאס „דליא דושי" (כדי צו באפרידיגען די נשמה).

צום גליק איז אונזער אויסזעהן און אונזערע מאניערען געווען אזוי, אז מען האט אונז ניט געקאנט רעכענען פאר „ניהיליסטקעס", ובפרט נאך ווען מען האט דערזעהן, ווי מיר זיינען אזוי באפריינדעט מיט'ן הויפט פון דער זעמסקער אופראווע און זיין פרוי, האט מען פאר אונז גרויס דרך־ארץ באקומען, און כדי אויסצונעמען ביי אונז

זיינען אלע מיט אמאל, ווי פון דער העלער הויט, געווארען גאנצע ליבעראלען, און דאן האבען זיך פאר אונז אלע טירען געעפענט.

בלויז דער הויפט פון די דווארינאנעס (פריצים), מ. אוסטינאוו, א מענש, וואס איז אפגעזעסען זעקס יאהר אין טורמע פאר א מארד און איז דערנאך באגנאדיגט געווארען, און דער פריץ דעליווראן, וועלכער האט געהאלטען פונ׳ם כלל, אז א פשוט׳ער פויער דארף בלויז קענען די „מאליטוועס״ (תפילות) און געדענקען אויף אויס־ווענינג די נעמען פונ׳ם קיסר׳ם משפחה — בלויז זיי האבען צו אונז קיין צוטרויען ניט געהאט און גאנץ אפען געזאגט, אז מען דארף האלטען אן אויג אויף אונז.

דערנאך איז צוגעקומען נאך איינער, וועלכער האט געהאט די זעלבע מיינונג, און דאס איז געווען דער שרייבער פונ׳ם וואלאסט, פירסט טשעגאדאיעוו — א מענש, וואס איז געווען געראטען אין זיין טאטען, וועלכער איז פארשיקט געווארען קיין סיביר דערפאר, וואס ער האט פארשמיסען אויף טויט א פויער אין דער צייט פון דער „פאנשטשינע״.

דער דאזיגער פירסט האט גענומען קוקען קרום אויף מיר און אויף מיין שוועסטער פונ׳ם ערשטען טאג אן. ווי ער האט נאר דער־זעהן ווי איך באהאנדעל די קראנקע ארימע מענשען, וואס קומען צו מיר זיך היילען, האט ער א דרעה געטאן מיט דער נאז און געזאגט: „נייע מענשען זיינען געקומען צו אונז״.

די פויערים האבען אויך געקוקט אויף אונז ווי אויף „נייע מענשען״. עס איז ביי זיי אויסגעקומען טשיקאווע, וואס מיידלאך ניבען זיך אפ מיט אזא זאך ווי היילען קראנקע, און זיי זיינען גע־גאנגען צו די גלחים פרעגען, צי מען האט אונז געבראכט בלויז פאר די ווייבער צי ניין.

נאכדעם האבען זיך פון אלע זייטען א לאז געטאן צו מיר אהן א שיעור קראנקע. מען איז געגאנגען צו מיר ווי צו א בעל־מופת; צעהנדליגע און הונדערטער פויערים און פויערטעס זיינען געקומען נאך רפואות; פון אין דער פריה ביז שפעט אין אוונט פלעגען זיי שטעהן לעבען פעלדשער־שטיבעל, און מיר איז ניט נמאס געווארען זיי צו ערקלערען מיט די פשוט׳סטע ווערטער, ווי אזוי איינצונעמען די רעצעפטען. עס האט לאנג ניט געדויערט און איך האב באקומען א שם פון א „מומחה״ אין אנדערע דערפער אויך, ווייל זיי, די נא־איווע און ארימע מענשען, האבען דערצעהלט נסים ונפלאות וועגען

מיין אַרבייט. איין פּויערטע, וועלכע האָט געליטען פון אַ בלוט־שטורץ און זיך געשלעפּט צו מיר זעכציג־זיבעציג וויאָרסט צו־פוס, האָט דערצעהלט אַ מעשה, אַז אַזוי שנעל ווי איך האָב זיך נאָר צו־געריהרט צו איהר, איז זי געהאָלפען געוואָרען. אַ צווייטע פּויערטע האָט דערצעהלט אַן אַנדער נס. האָט מען מיר אָנגעהויבען ברענגען וואַסער און פּוטער מיט אַ בקשה, אַז איך זאָל אָפּשפּרעכען אַ „גוט־אויג", ווייל זיי האָבען געהערט זאָגען, אַז איך בין אַ גוטע „אָפּ־שפּרעכערקע"; מען האָט צו מיר געבראַכט אַלטע לייט, וועלכע זיינען בלינד געוואָרען נאָך מיט פופצעהן־צוואַנציג יאָהר צוריק און זייער איינציגע האָפנונג איז געווען צו זעהן די ליכטיגע וועלט כאָטש אַ פּאָר טעג פאַר'ן טויט. פאַרשיידענערליי חולאים האָט מען צו מיר געבראַכט און יעדער איינער האָט זיך מיט'ן גרעסטען אינ־טערעס צוגעהערט צו יעדער וואָרט וואָס איך האָב געזאָגט.

אין אַ חודש צייט האָב איך אויפגענומען 800 קראַנקע, און אין צעהן חדשים — פינף טויזענט קראַנקע, און אויב איך האָב געהאָלפען בלויז אַ צעהנט־חלק פון זיי, בין איך זיכער, אַז אפילו ביים שטרענגען רבונו של עולם וועלען זיי אויסבעטען, ער זאָל מיר פאַרגעבען מיינע זינד.

די אַרבייט מיינע אַלס פעלדשערין איז געווען זעהר אַ שווערע און איך וואָלט זיך מיט איהר זיכער ניט געקאָנט ספּראַווען, ווען ניט מיין אינגערע שוועסטער יעווגעניאַ.

נאָכדעם ווי מיר זיינען אָפּגעווען אַ שטיקעל צייט אין דאָרף, איז אונז געלונגען צו עפּענען אַ שקאָלע. יעווגעניאַ האָט געלזאָט וויסען די פּויערים, אַז זי וועט אומזיסט לערנען מיט זייערע קינדער, זאָלען זיי זיי נאָר שיקען צו איהר אין דער שקאָלע; די אַלע נוי־טיגע זאַכען וואָס מען דאַרף האָבען — ביכלאַך, פּאַפּיר און פּע־דערס — וועט זי אַליין קויפען. אַזוי שנעל ווי די פּויערים האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי גענומען שיקען די קינדער און אין פאַר־לויף פון עטליכע טעג האָט שוין מיין שוועסטער געהאַט אַ פינף און צוואַנציג שילער, אינגלאַך און מיידלאַך. דערביי איז כדאי צו באַמערקען, אַז אין די דערפער פון אַלע דריי וואָלאָסטען איז קיין איין שקאָלע ניט געווען. איינינע שילער האָט מען געבראַכט פון אַנדערע דערפער און דערפלאַך, וואָס זיינען געווען צוואַנציג מייל ווייט פון דער שקאָלע. און ניט נאָר קליינע קינדער זיינען געקומען זיך לערנען, נאָר אויך דערוואַקסענע. זיי האָבען געוואָלט, אַז מען

זאָל זיי אויסלערנען רעכענען, ווייל דאָס קאָן זיי צונוץ קומען אין דער „אָבשטשינע". און אויף ווי ווייט די פּויערים זיינען געווען דאַנקבאַר, פאַר דער שקאָלע, קאָן מען זיך פאַרשטעלען דערפון, וואָס זיי האָבען מיין שוועסטער געקרוינט מיט'ן נאָמען „אונזער גילדענע לעהרערין".

ווי מיר האָבען נאָר געהאַט אַ פרייע מינוט, האָבען מיר זי אויסגענוצט צו בילדען דאָס פאָלק און ברענגען נוצען די מאַסען. פאַרטיג געוואָרען מיט דער ארבייט אין אַפּטעק און אין שקאָלע, האָבען מיר גענומען אַ בוך און אוועק „איבער'ן דאָרף" צו וועלכען ס'ניט איז פּויער. אין דעם שטיבעלע וואו מיר זיינען געקומען מיט אַ בוך, אויף דערנאַכט, איז געווען אַ שמחה ; דער בעל־הבית האָט גלייך פאַרבעטען צו זיך שכנים און גוטע פריינד, זיי זאָלען אויך קומען הערען וואָס מען לייענט. ביז אַרום צעהן־עלף אַזייגער ביי־נאַכט פלעגען מיר לייענען, און דערנאָך פלעגען אַלע בעטען „לייענט נאָך עפּעס", „לייענט נאָך אַ ביסעל".

געלייענט האָבען מיר פאַר זיי די ווערק פון נעקראַסאָוו, לער־מאָנטאָוו, סאַלטיקאָוו־שטשעדרין, אמאָל אַן ארטיקעל פון אַ דיקען זשורנאַל, די ערצעהלונגען פון נאַאומאָוו, לעוויטאָוו, גאַליצינסקי און אַנדערע שרייבער.

פּאָפּולערע, לייכטע ביכער פאַר די מאַסען זיינען דאַן געווען זעהר וועניג, און אפילו אַזאַ מענשען ווי איוואַנטשין־פּיסאַרעוו, וועלכער איז געווען אַ בקי אין די זאַכען און געוואוסט, וואָס מען קאָן לייענען פאַר פּשוט'ע מענשען — אפילו איהם האָט געקאָנט איינפאַלען אונז צו רעקאָמענדירען אַזעלכע ביכער, ווי „די ערד און די פּעלקער וואָס באַוואוינען זי" און „די ערד און די בהמות וואָס געפינען זיך אויף איהר".

ביי יעדער מאָל איז אויסגעקומען צו ריידען וועגען דעם לעבען פון די פּויערים, וועגען ערד, וועגען די באַציהונגען צו די פּריצים און צו די נאַטשאַלניקעס ; און אַזוי זיינען מיר ביסלאַכווייז אַריין אין דעם פּויערים־לעבען, אויסגעהערט זייערע קריוודעס און אַרויס־געוויזען מיטגעפיהל.

ניט איין מאָל האָט מען אונז געבעטען, אַז מיר זאָלען איבער־לאָזען דעם בוך. די „גראַמאָטנע" האָבען געוואָלט אויס'חזר'ן איי־ניגע זאַכען אויף אויסוועניג. מען האָט אונז אויך געבעטען, מיר זאָלען קומען אויף זייערע פאַרזאַמלונגען אין וואָלאָסט, כדי דער

שרייבער און דער סטארשינא זאָלען זיך האָבען פאר וועמען צו שעמען און זאָלען ניט זיין אזוי ברוטאל.

די פויערים האָבען זיך אזוי צוגעבונדען צו אונז, אז עס איז פשוט געווען א פארגעניגען, און ווען מיר האָבען זיי געוואָלט פאר־שאפען א סך נחת, האָבען מיר זיי צוגעזאָגט, אז מיר וועלען פון זייערע קינדער מאכען פונקט אזעלכע געבילדעטע מענשען ווי מיר זיינען.

דאָס לעבען אין דאָרף און די אויפריכטיגע ווארימע באַציהונג פון די פשוט'ע מענשען, וועלכע האָבען געלעבט אין דער פינסטער און געגארט נאָך ליכטיגקייט, האָט מיר פארשאפט אזוי פיל נחת, אז נאָך איצט איז מיר שטארק אנגענעם זיך צו דערמאָנען אָן דעם. מיר האָבען יעדע מינוט געפיהלט, אז מען דאַרף אונז, אז מיר זיינען ניט קיין איבעריגע, און אָט דער באוואוסטזיין האָט אין יענער צייט געצויגען די בעסערע יוגענד אין דאָרף אריין, ווייל נאָר אין דאָרף האָט מען געקאָנט האָבען א ריינע נשמה און א רוהיגען געוויסען.

ווי עס פאסט פאר „נייע" מענשען, האָבען מיר זיך געסטארעט מיט אלע מעגליכקייטען אליין צו פיהרען א פשוט'ן, באשיידענעם לעבען. מיר האָבען קיינמאָל קיין איבעריגען גראָשען ניט אויס־געגעבען און זיך ניט פארגונען קיין זאך, וואָס קאָן אונז אוועק־שטעלען העכער פון די פשוט'ע מענשען; קיין ווייסע ברויט האָבען מיר ניט געגעסען, פלייש האָבען מיר ניט פארזוכט וואָכען־לאנג. ווארים ווי האָבען מיר זיך געקאָנט פארגינען אזא ראָסקאָש, ווען ארום און ארום געפינען זיך אזוי פיל ארימע מענשען, וועלכע האָבען ניט מיט וואָס א טאָג איבערצוקומען?

פון די פינף און צוואנציג רובעל געהאלט, וואָס איך האָב בא־קומען, האָבען מיר פארלעבט ניט מעהר ווי צעהן־צוועלף רובעל, שוין אריינרעכענענדיג די שכירות פון דער פרוי, וואָס האָט גע־פיהרט אונזער אָרימע באלעבאטישקייט.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אז קיין מתנות האָבען מיר ביי די פויערים ניט גענומען, און ווען אַן אָרימע פרוי האָט אונז אמאָל געבראכט א מתנה עטליכע אייער, ווי עס איז דער שטייגער אין דאָרף, — האָב איך דאָס געמוזט נעמען, ווייל אנדערש וואָלט זי זיך באליידיגט און וואָלט געמיינט, אז איך בלאָז פון זיך; איך האָב

איהר אָבער אַלע מאָל אַריינגערוקט אין דער האַנט אַ פּאָר גראָשען דערפאַר, און כדי זי זאָל דאָס געלט נעמען, האָב איך איהר געזאָגט:

„דאָס וועט איהר האָבען צו קויפען ליכט אין קלויסטער".

אין דאָרף האָבען מיר ערשט דערזעהן, ווי מען שינדט די הויט פון די פויערים, ווי מען באָדט זיך אין זייער בלוט. מיר האָבען אויך דערזעהן, ווי מיר זיינען גרויס אין די אויגען די מענשען, וועלכע שינדען די הויט פון די פויערים. דער גלח, דער סטאַרשינאַ און דער וואָלאָסטנאָי שרייבער האָבען אָנגעהויבען קוקען זעהר קרום אויף אונז, ווייל איבער דעם וואָס מיר האָבען זיך אומעטום געמישט, האָט מען ניט געקאָנט נעמען קיין כאַבאַר און געמוזט זיין העפליכער און מילדער צו די פויערים. מיט אונז אַליין וואָלטען זיי זיך נאָך ווי עס איז ספּראַוועט, האָבען זיי אָבער מורא געהאַט פאַר דעם איינפלוס, וואָס מיר האָבען אין שטאָדט. אַ קליינינגקייט עפּעס — מיר זיינען דאָך באַקאַנט מיט'ן הויפּט פון דער זעמסקער אופּראַווע, מיט'ן אויספאָרשונגס ריכטער און מיט אַנדערע גרויסע לייט! און וואָס טוט מען, אַז מיר נעמען גאָר און שרייבען אָן אַ קלאַגע אין די „הויכע פענסטער" און עס קומט צופאָהרען אַ הויכער באַאַמטער מאַכען אַן אונטערזוכונג...

### מיר ווערען גרויס אין די אויגען.

דער קאַמף וואָס מ'האָט אָנגעפיהרט געגען אונז אין דאָרף, איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש און אייגענאַרטיג, אַז איך מוז דאָ דער־צעהלען איניגע איינצעלהייטען וועגען דעם. און דאָ וויל איך באַמערקען, אַז מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז אין דאָרף זיינען מיר געוועזען אַלס לעגאַלע, כשר'ע מענשען, ניט ווי די אַנדערע חברים אונזערע, וועלכע האָבען זיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטען פון דער פּאָליציי. ניט קוקענדיג אויף דער געשיכטע, וואָס ס'האָט זיך מיט מיר געטראָפען אין סאַמאַרער געגענד, וואו די זשאַנדאַרען האָבען מיך געזוכט, האָב איך דאָ אין דאָרף געהאַט מיין אייגענעם פּאַס־פּאָרט, און אין דעם גאַנצען אויעזד זיינען די יערמאָלאַיעווס געוועזען די איינציגע, וואָס האָבען געוואוסט, אַז מיינע אַ שוועסטער איז פאַרשיקט געוואָרען קיין סיביר אַלס אַ רעוואָלוציאָנערקע.

נאָך איידער מיר האָבען זיך איינגעאָרדענט ווי עס באַדאַרף צו זיין, האָבען שוין די פויערים פונ'ם דאָרף אונז געלאָזט וויסען, אַז דער גלח פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מיר זיינען פון יענע חברה,

וואָס האָבען ניט קיין פּאַספּאָרטען, אַז מיר האָבען זיך גאָר אין ערגעץ ניט געלערענט, אַז מיר האָבען ניט קיין דיפּלאָמען און אַז מיר הויבען גאָר ניט אָן צו וויסען, ווי אַזוי מען מאַכט אַ רעצעפּט, ווייל מיר האָבען ניט דעם מינדעסטען באַגריף אין מעדיצין.

ווען אַ פּויער האָט אונז גערופען צו אַ קינפּעטאָרין, האָט דער גלח קיינמאָל ניט געוואָלט זיין צוזאַמען מיט אונז, און אַלס אַ תירוץ האָט ער אָנגעגעבען, אַז ער ווייסט ניט ווער מיר זיינען און וואָס מיר זיינען, פון וואַנען מיר שטאַמען און פון וואָס פאַר אַ יחוס מיר קומען אַרויס, צי זיינען מיר פאַרהייראַט, אָדער מיר זיינען נאָך מיידלאַך.

דער זעלבער גלח, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק אָנגענומען גאָט׳ס קריוודע, האָט זיך ניט געשעהמט אוועקצושיקען אַ מסירה׳־לע אין דער זעמסקער אופּראַווע, אַז זינט מיר זיינען געקומען אין דעם דאָרף וויאַזמינאַ, זיינען די פּויערים אַראָפּ פון׳ם גלייכען וועג און האָבען אויפגעהערט קומען אין קלויסטער אַריין. אין דער מסירה האָט ער אויך געשריבען אַז די פּויערים האָבען באַ־קומען צופיל חוצפה און אָנגעהויבען ריידען אַקעגען. און ווען מען האָט איהם פון דער אופּראַווע געענטפערט אַז דאָס קעהר זיך ניט אָן מיט זיי, האָט דער גלח גענומען אַרבייטען מעשים און אָנגעהויבען נאָכשפּיאָנירען וואָס מיר טוען אין שקאָלע. אַלע מאָל איז געקומען אַן אַנדערער און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז כלומר׳שט גאָרניט אויסען דערמיט. די קינדער האָבען אונז דערצעהלט, אַז דער שרייבער פון׳ם וואָלאָסט, דער גלח און אַמאָל טאַקע דער פּריץ אַליין האַלטען אין איין פרעגען צי מען לערנט זיי אין „שקאָלע" די הייליגע תפילות צי ניין. דער אמת איז געווען, אַז מיין שוועסטער האָט די קינדער דווקא יאָ געלערנט דאַוונען, אָבער ניט קוקענדיג דאַרויף, האָט מען קיין סאַראַטאָוו געשיקט איין מסירה נאָך דער אַנדערער, אַז יעווגעניאַ פיגנער רעדט איין די קינדער, אַז „קיין גאָט אויף דער וועלט איז נישטאָ און אַז קיין קיסר דאַרף מען ניט האָבען". דערצו האָט מען נאָך פון וואָלאָסט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז ביי אונז אין שטוב באַהאַלטען זיך אויס אַנטלאָפענע מענשען, וועמען די פּאָליציי זוכט ווי מיט ליכט.

קיין צרות האָבען אונז איבער דעם שוין ניט אויסגעפעהלט ; עס איז געווען נעגוג, אַז אימיצער זאָל קומען צו אונז, האָבען

מיר באלד געהאט צו־גאסט דעם אוריאדניק; און אזוי ווי מען האט פאר אונז דאך געהאט דורך אריץ, האט ער, דער אוריאדניק, געהאט אן ארבייט אלע מאל אויסצוקלערען אן אנדער תירוץ, פארוואס ער האט זיך גראדע „צופעליג ארייגעכאפט" צו אונז מיט א וויזיט. און ווען מיר זיינען געקומען אין שטאדט, האט אונז דער אויספארשונגס־ריכטער אליין דערצעהלט, אז טשעגא־דאיעוו, דער שרייבער פון וואלאסט, דערצעהלט אלעמען, אז מיר געהען ארום אין דארף פון שטוב צו שטוב און לייענען פראקלא־מאציעס פאר די פויערים, און אז אפילו דאן ווען מיר היילען א קראנקען, קלאפען מיר איהם אריין אין קאפ דעם געדאנק, אז די וועלט פיהרט זיך ניט גוט, און אז אלע בעאמטע זיינען כאבארניקעס.

אין יאנואר, 1879, זיינען אין אונזער וואלאסט פארגעקומען וואהלען. די פויערים האבען אפגעהאלטען א „סכאד" (פאר־זאמלונג) און האבען אויסגעקליבען א נייעם „סטארשינא", און אין דער זעלבער צייט האבען זיי באשלאסען צו פארקלענערען די שכירות פונ'ם וואלאסט־שרייבער אויף הונדערט רובעל.

דאס האט ארויסגערופען א שטורעם. דער שרייבערל טשעגא־דאיעוו איז געווען זיכער, אז איך און מיין שוועסטער זיינען שולדיג אין דעם. דער פריץ סעליווראן האט זיך געבייזערט און רק געשריען: „וואס טוט זיך דא? אין אלע דערפער קומען פאר „סכאדען", און — גארניט, נאר ביי אונז, אין וויאזמינא, טוט זיך חושך!"

באלד האט מען זיך א נעם געטאן צו דער ארבייט, ארויסגע־לאזען א מעלדונג, אז דער פריהערדיגער „סכאד" איז אפגעהאלטען געווארען ניט געזעצליך, און אז דאריבער זיינען די וואהלען קיין וואהלען ניט, און עס וועלען פארקומען נייע. צוליב דעם איז אוס־טינאוו אליין, דער הויפט פון די „דוואריאנעס", געקומען צו פאה־רען. ניט אלע פויערים האט מען געלאזט וויסען ווען די נייע וואהלען וועלען פארקומען. די מוטיגע, דרייסטערע מענשען האט מען איננאנצען באזייטיגט, דעם ניי־ערוועהלטען „סטארשינא" האט מען ארונטערגעזעצט און דעם אלטען כאבארניק — צוריק ארויפ־געזעצט; און אויף דעם זעלבען „סכאד" האט מען אויך באשלא־סען, אז דער שרייבער פונ'ם וואלאסט זאל קריגען די זעלבע שכירות

וואָס פריהער, מען זאָל ביי איהם גאָרניט ארונטערנעמען. מיט איין וואָרט: דאָס „געזעץ” האָט געזיגט.

נאָך דעם האָבען זיך אָנגעהויבען רייסערייען צווישען די פויערים און די פריצים איבער דער ערד. מען האָט פון די אָרימע מענשען פשוט די הויט געשונדען און זיך אין זייער בלוט געבאָדען, און ווען זיי האָבען פראָטעסטירט, האָט מען געשיקט מסירות, אַז מיר זיינען שולדיג אין דעם, ווייל מיר בונטעווען זיי.

די מסירות האָבען אָנגעהויבען ווירקען. אין איין שעהנעם טאָג איז צו אונז געקומען דער איספּראַווניק און ארויסגעגעבען אַ באַפעהל, מען זאָל צומאַכען אונזער שקאָלע.

און מען האָט געדאַרפט זעהן דעם צער פון די אָרימע, נידער־געשלאָגענע מענשען, ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז זיי האָבען שוין מעהר קיין שקאָלע ניט און אַז זייערע קינדער בלייבען ווידער אָהן בילדונג. אַלע האָבען אין איין קול גע'טענה'ט, אַז דאָס איז ניט ריכטיג, אַז דאָס איז ניט קיין יושר, אָבער קיינער האָט זייערע טענות ניט געהערט.

מיט אַ שטיקעל צייט שפּעטער האָט מען אַרעסטירט צוויי פויערים פון דעם דאָרף און זיי אוועקגעפיהרט אין שטאָדט אריין אויף אַ פאַרהער. שולדיג אין דעם איז געווען דער שרייבער פונ'ם וואָלאָסט; ער האָט אויף אַ כיטרען אופן, מיט גוטע ריידעלאַך, געקומען איבערפרעגען ביי זיי, וואָס זייער מיינונג איז וועגען דער ערד־פראַגע, און זיי, די נאַאיווע מענשען, האָבען איהם געענטפערט, אַז די ערד דאַרף געהערען צו די פויערים, ווייל עס איז שוין מעהר ניט אריבערצוטראַגען די צרות, וואָס מען שטעהט זיך אוים פון די פריצים, עס איז שוין מעהר קיין כח ניטאָ. ריידענדיג מיט איהם, האָבען זיי איהם דערצעהלט אַ מעשה, אַז דער „נאַטשעלניק” אַליין איז צוזאַמען מיט דרייסיג סענאַטאָרען אויסגעפאָהרען גאַנץ רוס־לאַנד, אומעטום אויסגעהערט די קריוודעס פון די פויערים און געזאָגט: „שרעקט זיך ניט, קינדערלאַך, עס וועט זיין ווי איהר ווילט”, און אַז פונקט ווי מען האָט אינ'ם יאָהר 1861 צוגענומען ביי די פריצים די פויערים, אַזוי וועט מען אין גיכען ביי זיי צו־נעמען די ערד.

די אַרעסטירטע פויערים האָט מען דערנאָך ארויסגעלאָזט פריי, און ווען זיי זיינען געקומען צוריק אַהיים, האָבען זיי אונז דער־צעהלט, אַז דער איספּראַווניק האָט זיך געשטרעקט אין דער לענג

און אין דער ברייט און אָנגעווענדעט אַלערליי מיטלען, זיי זאָלען אָנווייזען אויף אונז, אויף מיר און מיין שוועסטער, און זאָגען, אז מיר האָבען זיי דאָס אריינגעקלאַפּט אין קאָפּ אריין אזעלכע געדאנקען. פון דאַן אָן האָט מען אונז שוין קיין רוה ניט געגעבען. די סאָטסקים (פּאָליציייסקע), וועמעס קינדער איך האָב פונ'ם טויט געראַטעוועט, האָבען מיר דערצעהלט, אז מען צווינגט זיי מיט געוואלד צו קוקען ביי אונז אונטער די פענסטער, צו האַלטען אָן אויג אויף אונז און זיך אונטערהערען צו די געשפּרעכען, וואָס מיר פיהרען מיט די פּויערים. די פּויערים אַליין האָבען אָנגעהויבען מורא האָבען צו קומען בייטאָג און זיי האָבען געמוזט קומען אויף דער נאַכט, שטילערהייט, קיינער זאָל זיי ניט הערען און ניט זעהן. דער סטאַרשינאַ אַליין, וועמעס ווייב איך האָב איין מאָל געהיילט, האָט מיר אמאָל געזאָגט: „נו, וואָס קאָן איך טאָן, אז דער פּריצ אוסטינאָוו אַליין מאַכט צו מיר מיט'ן פינגער און זאָגט מיר אָן מיט'ן הארבען וואָרט: „זעה, זאָגט ער, סטאַרשינאַ, גיב אכטונג אויף די פעלדשערינס, לאָז זיי ניט אָפּ פון אויג, ווייל דו וועסט פאַר אַלעם זיין פאַראַנטוואָרטליך!”

אויף שריט און טריט האָט מען אונז נאָכגעשפּיאָנירט און ניט איין מאָל האָט זיך אונז אויסגעוויזען, אז פון די אַלע קלענערע און גרעסערע לומפּען איז געוואָרען איין גרויסער, אומגעהויער גרויסער לומפּ, וואָס טרייבט אונז און יאָגט אונז, ווייל מיר זיינען איהם גרוים אין די אויגען.

## זיבעטער קאפּיטעל.

### די ענדערונג.



די לאַגע איז געוואָרען נאָך ערנסטער ווען אַלעקסאַנדער קאָנסטאַנטינאָוויטש סאָלאָוויאָוו איז געקומען צו אונז אין דאָרף זיך האַלטען אַן עצה וועגען זיין פּלאַן צו פאָהרען אין פּעטערבורג און דער׳הרג׳ענען דעם קיסר.

ריידענדיג מיט אונז וועגען דעם האָט ער ארויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגען דער ארבייט וואָס מען פיהרט אָן צווישען די פאָלקסמאַסען און אויך וועגען דער לאַגע אין רוסלאַנד אין אַלגעמיין.

ער איז געקומען צום באַשלוס, — האָט ער געזאַגט, — אַז אונטער די איצטיגע אומשטענדען, ווען אפילו אַזאַ כשר׳ע ארבייט ווי אונזערע, וואָס ברענגט נוצען דעם פאָלק, ווערט באַטראַכט אַלס א פאַרברעכען ביי די מענשען, וואָס האָבען די מאַכט אין די הענט, מוז מען צוגעבען, אַז די גאַנצע ארבייט וואָס מען פיהרט אָן צווישען די מאַסען איז ניט מעהר ווי א באַפרידיגונג פאַר זיך אַליין; קיין גרויסע אויסזיכטען אויף ערפאָלג קען מען דערפון ניט האָבען, ווייל די וואָס זיינען געגען אונז האָבען די מאַכט אין זייערע הענט און קענען טאָן וואָס זיי ווילען.

נעמענדיג אין אַכט אָט דעם פּאַקט, איז אויף דער לעצטער פאַרזאַמלונג, וואָס מען האָט אָפּגעהאַלטען אין סאַראַטאָוו, באַשלאָסען געוואָרען זיך ניט צו באַנוגענען מיט קיין באַבסקע רפואות און זעהן מיט אַלע מעגליכקייטען אָנצוצינדען אַ העליש פייער אין דאָרף; זאָל מען זיך נעמען צו דער שווערד און קעמפען ווי אמת׳ע העלדען! זאָל מען מיט טעראָריסטישע מיטלען באַשיצען די אינ־טערעסען פון די מאַסען און זיך איינשטעלען פאַר יושר און גערעכ־טיגקייט! קיין אַנדער ברירה איז ניטאָ, קיין אַנדערע מיטלען טויגען ניט, ווייל דאָס פאָלק אַליין איז אַזוי אונטערדריקט, איז אַזוי

אויף צרות, אז עס האָט פשוט קיין כח ניט צו באַנוצען אַזעלכע מיטלען; אָבער צו אַזאַ טעראָריסטישער אַרבייט מוז מען האָבען נייע און פרישע רעוואָלוציאָנערע כחות, און, צום באַדויערען, האָבען אַזעלכע כחות אויפגעהערט צוצוקומען אין דאָרף אַריין; איבער דעם וואָס די רעגירונגס באַאמטע לאָזען דעם קאָפּ ניט אויפהויבען און דערשטיקען יעדע זאַך וואָס איז זיי ניט צום האַרצען, האָט די יונגוואַרג פאַרלאָרען דעם מוט און אויך דעם חשק עפּעס צו טאָן, ווייל עס דוכט זיך אַלעמען אויס, אַז די גאַנצע אַרבייט איז אַרויס־געוואָרפען.

אין יענער צייט האָט רוסלאַנד איבערגעלעבט אַזאַ מאָמענט, ווען די געזעלשאַפטליכע איניציאַטיווע איז אינגאַנצען אָפּגעשטאָר־בען און די רעאַקציע איז געוואָרען וואָס אַמאָל שטאַרקער.

„בלויז דאַן ווען מען וועט דער׳הרג׳ענען דעם קיסר, וועט פאַר־קומען אַן ענדערונג אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, — האָט סאָלאָוויאָוו גע׳טענה׳ט. — די לופט וועט ווערען אַ ביסעל ריינער, דער צוטרויען צו דער אינטעליגענץ וועט ווערען גרעסער און דאַן וועט זי, די אינטעליגענץ, קריגען אַ מעגליכקייט אָנצופיהרען אַ ברייטערע אַרבייט צווישען די פאָלקס־מאַסען; אַ סך אָרענטליכע און איבערגעגעבענע יונגע כחות וועלען זיך אַ לאָז טאָן אַרבייטען אין די דערפער, ווייל מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז כדי צו ענדערען דעם גייסט אין דאָרף און טאַקע באמת ווירקען אויף דעם לעבען פונ׳ם גאַנצען רוסישען פויערטום, מוז מען האָבען אַ סך כחות און ניט בלויז די אָנשטרענגונג פון געצעהלטע מענשען, ווי מיר זיינען".

אַזוי האָט סאָלאָוויאָוו גע׳טענה׳ט, און דאָס איז געווען ניט נאָר זיין מיינונג, נאָך אויך די מיינונג פון אַ סך אַנדערע.

פאַר אונז איז שוין דאַן געווען קלאָר, אַז אונזער אַרבייט „אין פאָלק" איז פאַרשפּילט. אין דער אַרבייט וואָס מיר האָבען געטאָן אין דאָרף האָט די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי געהאַט דעם צווייטען דורכפאַל, אָבער דאָס מאָל האָט מען שוין ניט געקאָנט זאָגען, אַז מען איז דורכגעפאַלען איבער דעם, וואָס עס האָט די טועו אויס־געפעלט די נויטיגע ערפאַהרונג, אָדער איבער דעם וואָס מען האָט פאַרגלאָצט די אויגען צום הימעל און געפּרואווט אַרויפוואַרפען אויף די מאַסען אַ פּראָגראַם מיט שטרעבונגען וואָס געהען זיי ניט אָן; ניין, און נאָך אַמאָל ניין, — מיר האָבען געמוזט אַרונטער פון דער

ביהנע מיט דעם באוואוסטזיין, אז אונזער פראָגראַם איז ענג פאַר־בונדען מיט'ן לעבען, אז די פאָדערונגען וואָס ווערען אין אונזער פראָגראַם ארויסגעשטעלט, האָבען אַ ראַיעלען באָדען אין דעם לעבען פונ'ם רוסישען פאָלק. און דער עיקר איז, וואָס ס'איז ניטאָ קיין פּאָליטישע פרייהייט און מען קאָן זיך ניט אַ ריהר טאָן פון דאַנען אהין.

די אפּוועזענהייט פון פּאָליטישער פרייהייט קאָן זיין פאַר־מאַסקירט, קאָן זיך ניט לאָזען פיהלען אזוי שארף ווען די דעס־פּאָטישע מאַכט האָט כאָטש אַ שטיקעלע פאַרבינדונג מיט די פאָדערונגען פונ'ם פאָלק און מיט שטרעבונגען פון דער געזעלשאַפט; אָבער אויב זי געהט זיך איהר אייגענעם וועג און פייפט אויף דער גאַנצער וועלט; אויב זי איז טויב און הערט ניט דאָס קרעכצען פון די אָרימע, די טענות פון דעם געקריוודעטען און די שטימע פון דעם שרייבער; אויב זי איז אינגאַנצען גלייכגילטיג צו דער ערנסטער אויספאָרשונג פון אַ געלעהרטען און צו די ציפערען פון אַ סטאַטיסטיקער; אויב קיין איינציגע גרופּע פון די אונטער־מאַנען האָט ניט קיין שום מיטלען צו ווירקען אויפ'ן גאַנג פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען; אויב אַלע מיטלען פיהרען צו גאָרנישט און אַלע וועגען זיינען פאַרשטעלט; אויב די יונגוואַרג, די בעסטע כחות פון דער געזעלשאַפט, טאָר ניט טאָן קיין זאַך וואָס ברענגט נוצען דעם פאָלק, — ווערט די לאַגע אונערטרעגליך און דער גאַנ־צער כעס, דער גאַנצער צאָרן פאַלט אויף דעם מענשען, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דאָס שיינדעל פון אַזאַ רעגירונגס מאַכט — אויף דעם מאָנאַרך, דעם זעלבסט־הערשער, וועלכער האָט זיך אַליין גענומען דאָס רעכט צו זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם לעבען און וואוּל־זיין פונ'ם פאָלק און שטעלט העכער זיין פאַרשטאַנד און זיינע כחות פון דעם פאַרשטאַנד און די כוחות פון מיליאָנען מענשען; און אויב מען האָט אויסגעפּרואווט אַלערליי מיטלען, אַז עס זאָל זיין אַנדערש און די גאַנצע אַרבייט איז געווען ארויסגעוואָרפען, איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז דאָס בעסטע מיטעל איז — פיזישע כחות: אַ מעסער, אַ רעוואָלווער און דינאַמיט.

און סאָלאָוויאָוו איז געווען דער, וואָס האָט זיך גענומען פאַר'ן רעוואָלווער.

צו דעם זעלבען שלום זיינען אויך געקומען די אַנדערע מיט־גלידער, וועלכע זיינען געווען צוואָרפען אין די שטעדט.

אין יענער צייט האָט דאָס געריכט באַפרייט די רעוואָלוציאָ־נערקע ווערא זאַסוליטש, אָבער עס האָט קיין סך ניט געפעלט, מען זאָל זי גלייך ווידער אַרעסטירען; איבער גאַנץ רוסלאַנד האָט מען געפּאַטשט „בראַוואָ" דעם אורטייל, וואָס דאָס געריכט האָט אַרויסגעטראָגען אין דעם פּראָצעס פון ווערא זאַסוליטש, און די מיטגלידער פון דער צאַרסקער פאַמיליע האָבען געמאַכט וויזיטען ביי טרעפּאָוו'ן. ווען דער סענאַט האָט צוגעגעבען, אַז אין דעם גרויסען „פּראָצעס פון די 193" מעג מען מאַכען לייכטער די שטראָף, האָט דער צאַר אַליין, ווי ער וואָלט געוואָלט טאָן אויף צו להכעיס, דוקא שווערער געמאַכט די שטראָף; אויף אַלע פּראָטעסטען געגען די גרוילטאַטען וואָס זיינע משרתים האָבען געטאָן, האָט ער גע־ענטפערט מיט שטאַרקע אונטערדריקונגען און מיט אַ רעאַקציע, וואָס האָט זיך ווי אַ שווערער באַרג אַרויפגעלעגט אויף'ן קאָפּ; דאָ האָט מען אָפּגעראַמט אַ צאַרסקען משרת און באַלד האָט מען אויף זיין פּלאַץ אַרויפגעזעצט נאָך אַן ערגערען און דערצו האָט מען נאָך ערקלערט קריגס צושטאַנד. דאַן איז אַרויסגעקומען עפּעס ניט לאָגיש צו דער'הרג'ענען די משרתים, די קנעכט, וואָס פאָלגען און טוען וואָס מען הייסט זיי, און ניט טשעפּען דעם בעל־הבית אַליין, דעם גרויסען פּריץ, וואָס איז אין אַלעם שולדיג. עס איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז מען זאָל קומען צום באַשלוס, דאָס מען דאַרף דער'הרג'ענען דעם קיסר. אויף דעם געדאַנק זיינען געפאַלען גאָלדענבערג און קאָביליאַנסקי פּונקט אין דער זעלבער צייט וואָס סאָלאָוויאָוו.

סאָלאָוויאָוו האָט דאַמאָלט וועגען קיין אַנדער זאַך גאָרניט גע־קאָנט קלערען. דער געדאַנק וועגען דער'הרג'ענען דעם קיסר האָט איהם איינגאַנצען פאַרכאַפּט, און איך בין זיכער, אַז אפילו ווען מיר אַלע וואָלטען געווען געגען דעם, וואָלט ער זיין באַשלוס סיי ווי דורכגעפיהרט.

ער איז געווען זיכער, אַז דאָס וועט זיך איהם איינגעבען; און ווען איך האָב איהם געזאָגט, אַז אויב זיין פאַרזוך וועט ניט גע־לונגען, וועט די רעאַקציע אין לאַנד ווערען נאָך שטאַרקער, האָט ער מיר מיט באַגייסטערונג געענטפערט באַווייזען, אַז ס'איז גאָר אומ־מעגליך, אַז ס'זאָל איהם ניט געלונגען, אַז ער וועט דאָס ניט אַרי־בערלעבען אויב ער וועט דאָס ניט טאָן און אַז עס איז מעהר ווי זיכער, אַז ער וועט דעם קיסר אָפּראַמען פון'ם וועג.

און גערעדט האָט ער וועגען דעם מיט אזא פייער, מיט אזא ברען און מיט אזוי פיל גלויבען אין זיינע אייגענע כחות, אז איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי איהם צו ווינשעווען מיט׳ן גאַנצען הארצען, אז זיינע האָפנונגען זאָלען פארווירקליכט ווערען.

מיר האָבען זיך געזעגענט מיט דעם מענשען, וואָס האָט גע־האַט דעם מוט פון א העלד, די אָפּפערוויליגקייט פון איינעם, וואָס קאָן זיך לייכט אָפּזאָגען פון אַלע פארגעניגענס אין דער וועלט און די גוטסקייט פון א קינד. נאָך זיין אָוועקפאָהרען האָבען מיר, מיט א קלאַפּעניש אין הארצען, געוואַרט אויף א וויכטיגע נייעס פון פעטערבורג. אָבער עס איז אַוועק א שטיק צייט און מיר האָבען גאָרניט געהערט.



אַלעקסאַנדער סאָלאָוויאָוו.

דערווייל איז אונז אין דאָרף געוואָרען ערגער און ערגער, האָב איך באַשלאָסען צו פארלאָזען די פעטראָווסקער זעמסטווא, אָבער מען האָט מיך ניט געוואָלט אָפּלאָזען. דער הויפּט פון דער אופּראַווע האָט מיר צוגעשיקט א בריף מיט א בקשה, אז איך זאָל ווייטער אָנגעהן מיט מיין ניצליכער ארבייט אַלס פעלדשערין, און

אויב מיר געפעלט ניט דאָס דאָרף, קאָן איך זיך אויסקלייבען אַן אַנדערס. ווילענדיג ניט ווילענדיג האָב איך געמוזט בלייבען נאָך אַ קורצע צייט אין דאָרף; איך האָב אָבער געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט צו געפינען אַן אויסרייד און וואָס גיכער זיך אָפּ־טראָגען פון דאָרטען.

ווען סאָלאָוויאָוו האָט דעם 2טען אַפּריל אויסגעשאָסען אויפ'ן קיסר און ניט געטראָפען, איז דער ערשטער געדאַנק מיינער געווען: „מען דאַרף פּרואווען נאָך אַמאָל"*). די רעאַקציע האָט זיך גלייך נאָך דעם צובושעוועט ווי אַ ווילדע חיה, אַ צורייצטע, און מיר האָבען איינגעזעהן, אַז מען מוז ווייטער אָנגעהן מיט דער אַרבייט און זי צופיהרען צו אַ ברעג. אין יענער צייט האָבען אונזערע חברים פון וואָלסקער אויעזד שוין געמוזט אוועקפאָהרען פון דאָרטען, און פון פּעטערבורג האָט מען אונז גלייך אָנגעזאָגט, אַז די פּאָליציי האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם, אַז סאָלאָוויאָוו איז געווען אין סאַראַטאָווער גובערניע און אַז אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פאָהרט אַרוים אין וואָלסקער אויעזד מאַכען אַן אונ־טערזוכונג, מיט וועמען סאָלאָוויאָוו האָט זיך גע'חבר'ט. די חברים האָבען אונז געיאָגט, מיר זאָלען זיך וואָס גיכער אָפּטראָגען, ווייל עס וועט ניט זיין שווער אויסצוגעפינען וועגען אונזערע באַצי־הונגען מיט סאָלאָוויאָוו'ן. פונ'ם אויעזד איז געקומען אַ שליח און האָט אונז דערצעהלט, אַז מען האָט שוין געפונען די בעלי עגלות, מיט וועלכע סאָלאָוויאָוו איז געפאָהרען אין פּעטראָווסקער

---

*) די אויפגאַבע צו דערשיסען דעם קיסר האָבען אויף זיך גע־וואָלט נעמען אַנדערע צוויי באַוואוסטע רעוואָלוציאָנערען, אהרן זונ־דעלעוויטש (אַ ווילנער איד) און מ. קוויאַטקאָווסקי. סאָלאָוויאָוו איז אָבער פעסט באַשטאַנען דאַרויף, אַז ער אַליין און ניט זונדעלעוויטש אָדער קוויאַטקאָווסקי, זאָל דערשיסען דעם קיסר.

צו יונדעלעוויטש'ן האָט ער געזאָגט אַזוי:

„דו טאָרסט דאָס ניט טאָן", ווייל דו ביזט אַ איד, און עס קען זיין, אַז איבער דעם זאָל מען זיך נוקם זיין אין אַלע אידען".

און צו קוויאַטקאָווסקי'ן האָט ער געזאָגט:

„דו דאַרפסט דאָס אויך ניט טאָן, ווייל דו שטאַמסט פון פּאָלאַקען. איך בין אַן אמת'ער רוס און איך וויל, אַז די וועלט זאָל זעהן, אַז דוקא אַן אמת'ער רוס און ניט קיין „פרעמדער" האָט געשאָסען דעם צאַר דער־פאַר, וואָס ער האָלט דאָס רוסישע פאָלק אין קנעכטשאַפט און פינסטערניש".

—איבערזעצער.

אויעזד. דאַן האָבען מיר שוין קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי כאַפּען די פּעקלאַך און אַנטלויפען וואָס גיכער.

ביי מיין שוועסטער האָב איך גע׳פּועל׳ט, אַז זי זאָל אוועק־פאָהרען פריהער, אָהן מיר, און דאַן האָב איך זיך געווענדעט אין דער זעמסטווא מיט א בקשה, אַז מען זאָל מיך אָפּלאָזען, ווייל מיין מאמע איז קראַנק און איך מוז גלייך פאָהרען צו איהר קיין פּעטערבורג.

מיין בקשה האָט געווירקט, אָבער ניט אינגאַנצען; אין אָנפאַנג האָט מען מיר ניט געוואָלט אַרויסגעבען מיינע פּאַפּירען און דערנאָך האָט מען באַשלאָסען מיך אָפּצולאָזען בלויז אויף א קורצער צייט. דעם זעלבען טאָג וואָס איך האָב געקראָגען די ערלויבניש איז אָנגעקומען אַן אַנדער פעלדשער און האָט איבער־גענומען ביי מיר די ביכער און מיט א טאָג שפּעטער בין איך שוין געווען אויפ׳ן וועג קיין סאַראַטאָוו. ווען די זשאַנדאַרען זיינען געקומען אין דאָרף אריין מיך זוכען, בין איך שוין דאָרט ניט געווען.

אָט אַזוי האָט זיך געענדיגט מיין טעטיגקייט אין דאָרף. די ענטוישונג איז געווען גרויס; דערפאַר אָבער האָב איך געהאַט דאָס פאַרגעניגען זיך צו איבערצייגען אין דעם, אַז דאָס פאָלק פאַרשטעהט אונז און ווייסט, אַז מיר זיינען זיינע אמת׳ע גוטע פריינד.

ווען די זשאַנדאַרען זיינען געקומען אינ׳ם דאָרף וויאַזמינאָ אונז זוכען, האָבען די פּויערים געזאָגט, אַז מען איז געגען אונז דערפאַר וואָס מיר נעהמען זיך אָן פאַר זיי. און ווען דער וואָלאָסטנאָי שרייבער האָט אַרויסגעלאָזט א קלאַנג, אַז מען האָט אונז אַרעסטירט, זיינען די פּויערים ביינאַכט אוועק צו־פוס צו די יערמאָלאַיעוום אויסגעפינען צי דאָס איז אמת, און ווען מען האָט זיי געזאָגט, אַז ניין, זיינען זיי אוועק צופרידענע.

מיט עטליכע חדשים שפּעטער האָב איך זיך צופעליג געטראָ־פען מיט א מיידעל פונ׳ם דאָרף, האָט זי זיך אַזוי דערפרעהט איבער מיר, אַז זי איז מיר אַזש געפאַלען אויפ׳ן האַלז און האָט מיך אָנגעהויבען קושען, און דערביי האָט זי מיר געזאָגט: „אייער אַרבייט אין דאָרף איז ניט געווען אומזיסט״.

און ניט נאָר מיין אַרבייט, נאָר אויך די אַרבייט פון אַנדערע חברים האָט אין דאָרף געבראַכט גוטע רעזולטאַטען. די פּויערים

האָבען אונז אלע שטארק ליב געקראָגען, און ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אז מיר וועלען שוין מעהר אין דאָרף אריין ניט קומען האָט עס זיי שטארק באנג געטאָן.

ווען אונזער קרוזשאָק האָט זיך דאָס לעצטע מאָל פארזאמעלט אין סאראטאָוו, האָב איך ערקלערט, אז איך שלים זיך אוים פון מיטגלידערשאפט און געה איבער צו דער געזעלשאפט „ערד און פרייהייט", ווייל איך דענק, אז עס איז אינגאנצען איבעריג אז א קליינע גרופּע זאָל עקזיסטירען פאר זיך. איך האָב אויך ערקלערט, אז אין דער „זעמליא אי וואָליא" (ערד און פרייהייט) וועל איך האלטען מיט די וואָס וועלען ארבייטען אויף דעם פּלאַן פון דער׳הרג׳ענען דעם קיסר.

דערנאָך זיינען מיר צוואוואָרפען געוואָרען איבער די פאר־שידענע טיילען פון רוסלאנד. פיסארעוו און לעשערן זיינען אוועק אין די צפון גובערניעס און באָגדאנאָוויטש, מיין שוועסטער יעווגעניא און איך זיינען אוועק קיין טאמבאָוו, וואו עס זיינען גע־ווען א סך „זעמלעוואָלצעס".

מיט א קורצער צייט שפּעטער האָב איך באקומען א בריף פון סיביר, פון סאָפיע באַרדינא, מיט א בקשה, אז מען זאָל איהר העלפען אנטלויפען פון דאָרטען. יורי באָגדאנאָוויטש האָט זיך גלייך אונטערגענומען דאָס דורכצופיהרען און אויף א גאנץ יאָהר צייט איז ער פארשוואונדען געווארען און מען האָט ניט געוואוסט וואו ער איז. דערווייל האָב איך באקומען דעם בריף פון מיכאאיל ראדיאָנאָוויטש פּאָפּאָוו, אז איך זאָל זיך אָנשליסען. אָן דער „זעמליא אי וואָליא", און ווען איך האָב געגעבען מיין צושטימונג, האָט מען מיר געלאָזט וויסען, אז אין וואָראָנעזש וועט אָפּגעהאַלטען ווערען א צוזאמענפאָהר, און דאָן זיינען מיר אהין אוועקגעפאָהרען צוזאמען מיט נאָך אייניגע מיטגלידער פון דער „זעמליא אי וואָליא".

די אַלגעמיינע לאַגע.

פון 1876 ביז 1879, דאָס הייסט, ביז דעם וואָראָנעזשער צוזאמענפאָהר, האָט די רעוואָלוציאָנערע פארטיי ניט ארויסגע־וויזען קיין שטרעבונג צו א פאראייניגונג וואס זאָל איין מאָל פאר אלע מאָל שאפען איין גרויסע אל־רוסישע רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציע. אומעטום זיינען געווען קלענערע און גרעסערע גרופּעס, וועלכע זיינען געווען פארבונדען איינע מיט די אנדערע

בלויז דורכדעם, וואס די מענשען זיינען געווען פערזענליך באַ־פריינדעט.

אינ׳ם צפון טייל פון רוסלאנד האָט די געזעלשאפט „זעמליא אי וואָליא" פאַרגעשטעלט מיט זיך אן אָרגאניזאציע מיט אן אויסגעאַרבייטער פּראָגראמע און וואָס האלט די מיטגלידער אונטער א געוויסער דיסציפּלין, און אינ׳ם דרום טייל פון רוסלאנד (אוקראינע), האָבען די רעוואָלוציאָנערען געארבייט אויף זייער אייגענעם שטייגער, ארויסווייזענדיג די ברייטקייט און די צעוואר־פענקייט פון דער רוסישער נאטור; פון קיין דיסציפּלין האָבען זיי ניט געוואָלט וויסען און שטענדיג האָבען זיי געהאלטען אין איין ארומפאָהרען צווישען אָדעס, כארקאָוו און קיעוו.

אין די יאָהרען 1877 און 1879 האָט די רעגירונג זיי שרעקליך פארפאָלגט און אונטערדריקט; די פּראָצעסען, אין וועלכע עס זיינען געווען פארמישט אזעלכע רעוואָלוציאָנערע טוער, ווי: אָסינאָווסקי, מאַקריעוויטש, די קאָוואלעווסקאיא, סטעבלין־קאמענסקי וואָלאָשענקאָ, טשובאראָוו, וויטענבערג, קאָוואלסקי און נאָך א סך אנדערע, האָבען ביי זיי צוגענומען די בעסטע כוחות.

אין דעם צפון טייל פון רוסלאנד ווידער איז די לאגע גע־ווען אנדערש. דאָרטען האָבען די פארפאָלגונגען ניט געקענט מאַכען אזא חורבן אין די רעוואָלוציאָנערע רייהען, ווייל דאר־טען איז געווען א י י ן אָ ר ג א נ י ז א צ י ע און זי האָט נאָך יעדען דורכפאל געקענט רופען פון דער פּראָווינץ נייע מענשען.

אויף אזא אופן איז אויסגעקומען, אז אינ׳ם יאָהר 1879, זומער צייט, איז די „זעמליא אי וואָליא" געווען די איינציגע אָר־גאניזירטע רעוואָלוציאָנערע גרופּע, וואס האָט ארויסגעגעבען אן אייגענע צייטונג און האָט פארמאָגט א גאנץ היבשע צאָהל דיס־ציפּלינירטע מיטגלידער. אין פּעטערבורג איז געווען דער צענ־טער פון דער אָרגאניזאציע און דארטען האָט מען אָנגעפיהרט די גאנצע ארבייט, אָנגעהאלטען א שטענדיגע פארבינדונג מיט דער פּראָווינץ און געשיקט נייע מענשען אין די דערפער אריין.

די פּראָווינציעלע מיטגלידער זיינען געווען צוזאַמענגעפּאָרען אי־בער סאראַטאָווער, טאמבאָווער, וואָראָנעזשער און אנדערע גו־בערניעס, צונויפשטעלענדיג אויף אזא׳ן אופן באזונדערע „אָב־שטשינעס", וועלכע זיינען געווען זעלבסטשטענדיג אין

זייער אָרטיגער ארבייט. די דאָזיגע „אָבשטשינעס" האָבען אויף די ערטער אריינגענומען נייע מיטגלידער, וועלכע האָבען גע־שפילט א ראָלע און געהאַט א ווירקונג אויף די ארבייטער און אויף דער יונגוואַרג, זיי האָבען אויך אריינגענומען די נייע מענ־שען, וואָס זיינען אָנגעקומען אין דער פּראָווינץ, אָבער פאַר קיין מיטגלידער אין דער ארגאַניזאַציע „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָבען זיי זיי ניט געמאַכט און זיי קיינמאָל ניט דערצעהלט די סודות פון דער אָרגאַניזאַציע, און אויף אַזאַ'ן אופן איז אויסגעקומען, אַז די „אָבשטשינעס" אין דער פּראָווינץ זיינען געווען זעלבסטשטענ־דיגע גרופּעס פאַר לאָקאַלער ארבייט און מיט דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע אין פּעטערבורג זיינען זיי געווען פארבונדען בלויז דורך דעם וואָס איינגע מיטגלידער זייערע, די הויפּט טוער, זיינען יאָ געווען מיטגלידער פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" און דאָס געהאַלטען בסוד.

די הויפּט־אויפגאַבע פון די פּראָווינציעלע גרופּעס איז גע־ווען צו ארבייטען צווישען די פּויערים און זיי צוגרייטען פאַר א בונט. פון צייט צו צייט פלעגען זיי, די רעוואָלוציאָנערע גרו־פּעס פון דאָרף, אָפּהאַלטען אַן אַלגעמיינע פארזאַמלונג און ביז־לעכווייס זיינען זיי געוואָרען אונאָפּהענגיג פון די „זעמלעוואָל־צעס" וואָס האָבען אָנגעפיהרט א רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע צווישען די ארבייטער אין שטאָדט.

האָט זיך אָנגעהויבען א שטיקעל רייסעריי. די שטאָדטישע „זעמלעוואָלצעס" האָבען גע'טענה'ט, אַז די ארבייט אין דאָרף ברענגט ניט די געווינשטע רעזולטאַטען, ווייל די פּויערים זיינען נאָך דאָרטען אַלץ ווייט פון א בונט, און די דאָרפישע „זעמלע־וואָלצעס" האָבען גע'טענה'ט, אַז די שטאָדטישע חברים זיינען צופיל פארטאָן אין קנאַקענדיגע פראַזען וואָס שלעפּען אוועק די יונגוואַרג פון דער אמת'ער ארבייט וואָס קען ברענגען נוצען דעם פאָלק.

איין צד האָט געדענקט, אַז די וויכטיגסטע ארבייט איז — אָבראַמען פונ'ם וועג שלעכטע גענעראַלען און אַנדערע הויכע רע־גירונגס־בעאַמטע, און דער צווייטער צד האָט זיך געהאַלטען ביי דער מיינונג, אַז די וויכטיגסטע ארבייט איז — העלפען די פּוי־ערים אין דאָרף און אָנפיהרען צווישען זיי א רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע וואָס זאָל זיי פיהרען צו א בונט.

# אכטער קאפיטעל.

## ניטאָ קיין אייניגקייט.



ויך אין פעטערבורג, אין דער צענטראַלער קערפּער־שאפט פון דער „זעמליא אי וואָליא" האָבען די חברים אויפגעהערט שטימען איינע מיט די אנדע־רע. די אינווענינסטע רייסערייען זיינען וואָס אמאָל געוואָרען שטאַרקער.

די שטימונג פון דער יונגוואַרג און אויך פון דער גאַנצער געזעלשאַפט איז געווען א געהויבענע, און וואָס מעהר הויכע רעגירונגס־בעאַמטע מען האָט גע'הרג'עט, אַלץ געהויבענער איז די שטימונג געוואָרען. דאָס ערמאָרדען פון זשאַנדאַרמסקען אָפיצער באַראָן גאַיקינג, דער פאַרזוך צו דער־הרג'ענען דעם פּראָקוראָר קאָטליאַרעווסקי אין קיעוו און דאָס וואָס מען האָט אינגאַנצען אָפּגעראַמט פונ'ם וועג דעם גובערנאַ־טאָר קראָפּאָטקין אין כאַרקאָוו; דער באַוואָפענטער ווידערשטאַנד וואָס מען האָט אַרויסגעוויזען ביים ארעסט פון קאָוואַלסקי'ן און זיינע חברים אין אָדעס און די דעמאָנסטראַציע וואָס מען האָט געמאַכט דאַן ווען מען האָט זיי גע'משפּט; די ערמאָרדונג פון דעם הויפּט־זשאַנדאַרם מעזענצעוו און דער פאַרזוך צו ערמאָרדען דרענטעלן, וועלכער האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ; דער באַוואָפענטער פאַרזוך וואָס איז געמאַכט געוואָרען לעבען כאַרקאָוו צו באַפרייען וואָינאַראַלסקי'ן — אָט די אַלע זאַכען וואָס זיינען געווען אַזוי אויסערגעוועהנליך אין דעם גרויען רוסישען לעבען, האָבען גע־מאַכט א געוואַלדיגען איינדרוק און זיינען אויפגענומען געוואָרען מיט אַזאַ באַגייסטערונג וואָס האָט געמוזט צוגעבען מוט די מענ־שען, וואָס האָבען אין דעם געאַרבייט.

אָסינסקי, וועלכער האָט דעמאָלט געוואוינט אין קיעוו, אַליין א לעבעדיגער און א באַגייסטערטער מענש, האָט זיך מיט לייב און לעבען אריינגעוואָרפען אין אָט דער ארבייט. און די פּעטער־

בורגער חברים זיינע, אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, ניקאָלאַי מאָ־ראָזאָוו, אַלעקסאַנדער קוויאַטקאָווסקי, באַראַניקאָוו און אשאַנין, האָבען קלאָהר איינגעזעהן, אז אויב מען וויל איינמאָל פאר אלע מאָל אויסקעמפען פּאָליטישע פרייהייט, מוז מען אָנפיהרען א האַסטיגען קאַמף געגען דער רעגירונג.

ביסלעכווייז האָבען זיך ביי זיי אין די אויגען געביטען די צוויי זייטען פון דער „זעמליא אי וואָליא" פּראָגראַמע. ווארים אין 1876, ווען מען האָט געגרינדעט די געזעלשאַפט, איז דער וויכטיגסטער פונקט געווען די ארבייט אין דאָרף, צוגרייטען די מאַסען פאר אַן אויפשטאַנד. וועגען דעם „קלאַפּ אין צענטער", דאָס הייסט, וועגען מיטלען אָנצופיהרען א קאַמף געגען דער רע־גירונג, האָט מען גערעדט ווי וועגען א צווייטען פונקט. איצט ווידער האָט זיך די לאַגע געביטען און די שטאַרקסטע כוחות פון דער פּאַרטיי האָבען זיך מיט אַמאָל א נעם געטאָן ארבייטען פאר דעם „קלאַפּ אין צענטער".

מיכאַילאָוו, קוויאַטקאָווסקי און זייערע חברים האָבען זיך שטאַרק אָנגעכאַפּט אָן דעם. אָבער אין דער זעלבער פּעטערבור־גער גרופּע זיינען אויך געווען אזעלכע, וואָס זיינען געווען געגען דעם, און זיי האָבען אלץ באַוויזען, אז מען דאַרף ניט ענדערען די טאַקטיק און ווייטער שטעהן אויף דער זעלבער פּאָזיציע, וואס מען איז פריהער געשטאַנען. אזעלכע זיינען געווען פּלעכאַנאָוו און מ. פּאָפּאָוו. מיט אַלע כוחות זיינען זיי ארויס געגען די נייע אַנשויאונגען.

פּלעכאַנאָוו און פּאָפּאָוו האָבען באַוויזען מיט פאַקטען, אז נאָך יעדער טעראָריסטישען ארויסטריט ווערט די רעאַקציע שטאַר־קער און דאָס ברענגט דערצו, אז די אָרגאַניזאַציע זאָל פאַרלירען די בעסטע כוחות איהרע. זיי האָבען אויך באַוויזען, אז דער מאָ־ראַלישער איינפלוס וואָס דער פּאָליטישער טעראָר האָט אויף דער רוסישער יונגוואַרג ברענגט שאַדען דעם פאָלק, ווייל דער גאַנצער עסק מיט דעם פּאָליטישען טעראָר רייצט די פאַנטאַזיע פון יונ־גע מענשען און שלעפּט אוועק זייער אויפמערקזאַמקייט פון דער ארבייט וואס קען טאַקע באמת ברענגען נוצען דעם פאָלק.

יעדער מאָל, ווען מען האָט פאַרטראַכט א נייעם פּלאַן וועגען ארבייט אויפ'ן פּאָליטישען געביט, האָט זיך אָנגעהויבען א ריי־סעריי און מען האָט קיינמאָל צו קיין טאָלק ניט געקענט קומען.

ווען איך בין אין דעצעמבער, 1878, אָנגעקומען קיין פּעטער־בורג, איז די רייסעריי געווען שרעקליך גרויס; אייניגע האָבען זיך געריסען אהין און אַנדערע אהער. מאָראָזאָוו און מיכאילאָוו האָבען מיט מיר לאַנג איינגע׳טענה׳ט, און האָבען מיר באַוויזען, אַז איך דאַרף פאַרבלייבען אין פּעטערבורג, און ניט פאָהרען מעהר אין דאָרף, ווייל דאָרטען איז די גאַנצע ארבייט ארויסגעוואָרפען, און ווען די גרופּע האָט אָפּגעהאַלטען א פאַרזאַמלונג און מען האָט גענומען ריידען וועגען שטאָדט און דאָרף, בין איך פּשוט נשתומם געוואָרען ווען איך האָב דערהערט מיט וואָס פאַר א שנאה, מיט וואָס פאַר א האַס פּלעכאַנאָוו רעדט וועגען מיכאילאָוו׳ן און מאָראָזאָוו׳ן.

די רייסערייען זיינען געוואָרען נאָך שטאַרקער ווען אַלעקסאַנדער סאָלאָוויאָוו איז פון סאַראַטאָווער גובערניע געקומען קיין פּעטערבורג מיט זיין פּלאַן צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר.

דאָס איז געווען אינ׳ם יאָהר 1879, זומער צייט.

אַליין א מענש מיט טעמפּעראַמענט און אַן איבערגעגעבענער רעוואָלוציאָנער, האָט זיך סאָלאָוויאָוו איינפאַך געריסען אין פייער. „ביי די איצטיגע פּאָליטישע אומשטענדען, האָט ער גע׳טענה׳ט, איז די גאַנצע ארבייט וואָס א רעוואָלוציאָנער פיהרט אָן אין דאָרף אַרויסגעוואָרפען. די איצטיגע אומשטענדען מוזען געענדערט ווערען און קיין פּרייז דאַרף ביי אונז ניט זיין צו טייער צו באַצאָהלען דערפאַר, און פריהער פון אַלץ מוז מען דער׳הרג׳ענען דעם צאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטען".

און סאָלאָוויאָוו האָט באַשלאָסען, אַז וואָס ס׳וועט זיין זאָל זיין — ער וועט דעם קיסר דער׳הרג׳ענען.

דורכפיהרען דעם פּלאַן אַליין האָט ער ניט געקענט און דערפאַר טאקע איז ער געקומען קיין פּעטערבורג בעטען הילף ביי די חברים פון דער „זעמליא אי וואָליא". גלייך נאָכדעם ווי סאָלאָוויאָוו האָט פאָרגעבראַכט דעם פּלאַן איז די פראַגע אויפגענומען געוואָרען אויף א פאַרזאַמלונג פון דער צענטראַלער גרופּע. ווער עס וויל זיך אונטערנעמען דורכפיהרען דעם פּלאַן האָט מען ניט געזאָגט. סאָלאָוויאָוו׳ס נאָמען האָט מען אויף דער פאַרזאַמלונג ניט דערמאָנט — אויף אַזוי ווייט האָט מען זיך געשראָקען פאַר פּלעכאַנאָוו׳ן און פּאָפּאָוו׳ן, וועלכע זיינען געווען געגען דעם. בלויז ביים דעבאַטירען די פראַגע האָט מען דערמאָנט, אַז דער

מענש וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו דערשיסען דעם קיסר האַלט זיך אזוי פעסט אַן זיין באשלוס, אז קיינער אין דער וועלט וועט איהם ניט איבערשפּארען.

דאָס האָט שטארק פּארדראָסען פלעכאנאָוו׳ן און פּאָפּאָוו׳ן. וואָס הייסט עפּעס זיך ניט רעכענען מיט דער מיינונג פון דער אָרגאַניזאַציע! פּאָפּאָוו איז געוואָרען שטארק אין כעס און האָט אויסגעשריען אין דער הויך, אויפ׳ן קול:

„אויב צווישען אייך איז דאָ אַ קאראקאזאָוו, וועט זיך אפשר אויך געפינען אַ קאָמיסאראָוו, וועלכער וועט זיך ניט וועלען רע־כענען מיט אייער באשלוס"*)

דארויף האָט קוויאטקאָווסקי, פּאָפּאָוו׳ס אַ גוטער פריינד, געענטפערט אויפ׳ן קול:

„און אויב דו וועסט דאָס זיין דער קאָמיסאראָוו וואָס וועט זיך ניט רעכענען מיט אונזער באשלוס, וועל איך דיך אויך דער־הרג׳ענען!"

דער שטורמדיגער צוזאמענשטויס האָט זיך געענדיגט מיט אַ פּשרה. עס איז געבליבען, אז אלס אַן אָרגאַניזאַציע וועט די „זעמליא אי וואָליא" ניט העלפען אין דעם אַטענטאַט אויפ׳ן קיסר, אָבער איינצעלנע מיטגלידער קענען דאָס טאָן.

דעם 2טען אַפּריל איז געמאכט געוואָרען דער פארזוך צו דער־הרג׳ענען דעם קיסר, אָבער עס האָט זיך ניט איינגעגעבען. דעם פארזוך האָט געמאכט סאָלאָוויאָוו און דעם רעוואָלווער האָ־בען צוגעשטעלט די „זעמלעוואָלצעס".

אין פארבינדונג מיט דעם איבערפאַל אויפ׳ן קיסר האָט מען

---

*) אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטען האָט מען שוין איין מאָל געהאַט געשאָסען. דאָס איז געווען אין דעם יאָהר 1866. אַ סטודענט מיט׳ן נאָ־מען קאַראקאָזאָוו האָט אויף איהם געשאָסען מיט אַ פּיסטאָלעט. עס איז געשטאַנען אַן עולם און געקוקט ווי דער קיסר שפּאַצירט, האָט דער יונ־גער רעוואָלוציאָנער ארויסגענומען זיין געלאַדענעם רעוואָלווער און זיך צוגעגרייט אויסצושיסען. אין דעם זעלבען מאָמענט האָט איינער פון עולם, וועלכער איז געשטאַנען לעבען איהם, איהם געגעבען אַ זעץ אין האַנט. די קויל איז דאַריבער אַוועק אַן אַ זייט. קאַראַקאָזאָוו׳ן האָט מען געהאַלטען אַ געוויסע צייט אין טורמע און נאכהער געהאנגען. דער, וואָס האָט דעם קיסר געראַטעוועט, איז געווען אַ קירזשנער מיט׳ן נאָמען קאָ־מיסאראָוו. מען האָט איהם באַפרידיגט מיט מעדאלען און מיט גרויסע סומען געלד. — איבערזעצער.

אויך ארעסטירט ווײמאר׳ן ווײל מען האָט אויסגעפונען, אַז ער האָט דעם רעוואָלווער געקויפט אין דער קראָם וואָס איז געווען בײ זײן מוטער אין הויז אויף נעווסקי פּראָספּעקט.

סאָלאָוויאָוו אַלײן האָט זיך געפּרואווט סם׳ען נאָך אײדער מען האָט איהם געכאַפּט, אָבער דאָס האָט זיך איהם ניט אײנגעגעבען און ער איז ארײנגעפאַלען אין די הענד פון דער פּאָליצײ.

באַלד נאָכדעם האָבען זיך אָנגעהויבען גרויסע אָבלאַוועס אין פּעטערבורג; מען האָט ארעסטירט א סך מענשען, סאָלאָוויאָוו׳ס פרײנד און באַקאַנטע. מען האָט אויך געהאַלטען אין אײן זוכען און נישטערען אין די אַלע דערפער, וואו סאָלאָוויאָוו האָט זיך פריהער אויפגעהאַלטען אין סאַראַטאָווער גובערניע, און דאריבער האָבען אַ סך מיטגלידער פון דער פּאַרטײ געמוזט זיך אויסבאַהאַלטען.

א אָרגאַניזאַציע אין אַ אָרגאַניזאַציע.

נאָך דעם ווי סאָלאָוויאָוו האָט געמאַכט דעם אָנפאַל אויפ׳ן קיסר, האָבען פּלעכאַנאָוו און פּאָפּאָוו אָנגעהויבען רײדען וועגען דער נויטיגקײט צונויפצורופען אַן אַלגעמײנעם צוזאַמענפאָהר פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע און אײן מאָל פאַר אַלע מאָל באַשליסען, אין וואָס פאַר אַ ריכטונג מען זאָל געהן — אויפ׳ן אַלטען וועג, אָדער אויפ׳ן נײעם.

ווי די שטימונג איז אין דער פּראָווינץ, האָט מען אין פּעטערבורג ווייניג געוואוסט. פּאָפּאָוו איז געווען זיכער, אַז דאָרטען איז מען געגען פּאָליטישען טעראָר; ער האָט דאָס ניט אײן מאָל געזאָגט, און אויף דעם חשבון זײנען די אָנהענגער פון דעם פּאָליטישען טעראָר שוין געווען צוטראָגען, און ניט געקאָנט פועל׳ן בײ זיך, צי זײ זאָלען טאַקע גלויבען אין דעם וואָס פּאָפּאָוו זאָגט, צי נײן.

כדי מען זאָל ניט בלײבען אין מיטען דערינגען, — ניט אַהין און ניט אַהער, האָט מען באַצײטענס געדאַרפט אָננעמען מיטלען און זעהן, אַז אויב עס וועט אפילו אויסקומען זיך אָפּצורײסען פון די חברים, זאָל מען קאָנען ווײטער אָנגעהן אויפ׳ן וועג פון פּאָליטישען טעראָר. און דאַן איז געבאָרען געוואָרען די גרופּע, פון וועלכער עס האָט זיך דערנאָך אַנטוויקעלט דער באַריהמטער „איס־

פּאָלניטעלני קאָמיטעט" (עקזעקוטיוו קאָמיטע) פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (פאָלקס־פרייהייט).

אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, אַלעקסאַנדער קוויאַטקאָווסקי, מאָראָזאָוו, אשאַנין, טיכאָמיראָוו און באַראַניקאָוו האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדער גרופּע, פון וועלכער די אַנדערע מיטגלידער פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָבען ניט געוואוסט, און שטילערהייט האָט מען אָנגעהויבען אַריינגעמען נאָך מיטגלידער.

אין פּעטערבורג זיינען קיין סך אַזעלכע מענשען ניט געווען. באַלד האָט זיך אַרום מיכאַילאָוו'ן און קוויאַטקאָווסקי'ן צונויפגעשטעלט אַ קרוזשאָק, אין וועלכען עס זיינען אַריין איינציגע אומלעגאַלע מענשען פונ'ם „פּראָצעס פון די 193", און דאָס זיינען געווען: קיבאַלטשיטש, אַ. אַקימאָוו, סאָפיאַ איוואַנאָוונאַ, די סטודענטען איסאַיעוו און אַראָנטשיק, דאָס פּאָר־פאָלק אַ. און אויך סטעפאַן שיראַיעוו, וועלכער האָט זיך דאַן נאָר־וואָס געהאַט אומגעקערט צוריק פון אויסלאַנד.

די פּראָגראַמע פון דעם ניי־געגרינדעטען קרוזשאָק האָט געטראָגען אַ פּאָליטישען כאַראַקטער. זי האָט אנערקענט די נויטיגקייט פונ'ם פּאָליטישען טעראָר, און איהר שלאַגס־וואָרט איז געווען: „זיגען אָדער שטאַרבען".

אָסינסקי און נאָך איינציגע טעראָריסטען פון קיעוו האָבען שוין אין יענער צייט זיך באַנוצט מיט'ן וואָרט „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט". זיי האָבען דאָס געטאָן אין די פּראָקלאַמאַציעס, וואָס זיי האָבען אַרויסגעלאָזט יעדער מאָל ווען זייערער אַ מיטגליד האָט דער'הרג'עט אָדער געמאַכט אַ פּאַרזוך צו דערהרגענען אַ רעגירונגס באַאַמטען אויף אייגענער אחריות.

די פּעטערבורגער חברים האָבען דאָס באַמערקט, און זיי האָבען אויך אָנגעהויבען באַנוצען דעם נאָמען „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" אין דער צייטונג „ליסטאָק זעמלי אי וואָלי", וואָס איז ערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון מאָראָזאָוו'ן, אַלס אַ ביילאַגע צו דער פּאַרטיי־צייטונג „זעמליאַ אי וואָליאַ".

דער „ליסטאָק" האָט געטראָגען אַן אַגיטאַציאָנס כאַראַקטער, און פון צייט צו צייט פלעגען זיך דאָרטען דרוקען, אינ'ם נאָמען פון „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" פאַרשיידענע ידיעות וועגען שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרען. די ידיעות האָט צוגעשטעלט קלעטאָטשניקאָוו, וועלכער איז געקומען פון קרים מיט אַן אָנבאָט צו אַרבייטען

אין דער פּארטיי, מיט אַ רעקאָמענדאַציע פון מיכאַילאָוו׳ן. אין׳ם יאָהר 1879 האָט זיך קלעטאָטשניקאָוו׳ן איינגעגעבען זיך אריינ־דרעהען אין דער באַריהמטער „דריטער אָפּטיילונג" (אָכראַנקאַ), און ער איז דאָרט געוואָרען דער הויפּט פאַרוואַלטער און געהאַט די מעגליכקייט אונז איבערצוגעבען אַלע ידיעות באַצייטענס.

אַ דאַנק די קיעווער פּראָקלאַמאַציעס און אויך אַ דאַנק דעם, וואָס ס׳איז ערשינען דער „ליסטאָק", איז דער נאָמען „איספּאָל־ניטעלני קאָמיטעט" געוואָרען זעהר פּאָפּולער, און דאַן האָט קוויאַט־קאָווסקי׳ס גרופּע, וועלכע האָט זיך אָרגאַניזירט טאַקע אין דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" גופא, באַשלאָסען אָנצונעמען דעם נאָמען אויף שטענדיג. דער פּאָרשטעהער פונ׳ם קאָמיטעט איז געווען מאָראָזאָוו, און דורך איהם האָט מען זיך פאַרבונדען מיט דעם קרוזשאָק „זיגען אָדער שטאַרבען". מיכאַילאָוו און קוויאַטקאָווסקי זיינען אריין אין קאָמיטעט אַלס געוועהנליכע מיטגלידער.

דער קרוזשאָק „זיגען אָדער שטאַרבען" האָט קיין באַזונדער אַקטיווע ארבייט ניט ארויסגעוויזען. ווי די מיטגלידער אַליין האָבען צוגעגעבען, זיינען זייערע אויפגאַבען גיכער געווען טעכ־נישע: זייער ציעל איז געווען צוצוגרייטען יעדען מיטגליד פאַר אַ ווייטערדיגע גרופּירונג. און ווירקליך, אין אַ קורצער צייט ארום איז כמעט דער גאַנצער קרוזשאָק אריבער צום „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט". בלויז דאָס פּאַר־פאָלק א. איז אינגאַנצען אוועק פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און זיך באַנוגענט דערמיט, וואָס זיי האָבען געגעבען געלט. דאָס געלט איז טאַקע גוט צונוץ געקומען, ווייל אָהן דעם איז געווען שווער דורכצופיהרען די טעראָריסטישע אַקטען געגען דער רוסישער זעלבסטהערשאַפט.

דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט זיך אין יענער צייט ניט באַנוגענט מיט אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט אַליין; באַצייטענס האָט ער זיך שוין גענומען פאַרזאָרגען מיט דער מעגליכקייט צו עקזיסטירען ווייטער זעלבסטשטענדיג, אויב עס וועט זיך גראָדע מאַכען אַזוי, אַז מען וועט איהם אויסשליסען, אָדער ער וועט זיך אַליין אויסשליסען פון דער געזעלשאַפט „זעמליאַ אי וואָליאַ". מיט זונדעלעוויטש׳עס הילף האָט דער קאָמיטעט געקראָגען גענוג זאַץ־שריפט אויף צו מאַכען אַן אייגענע דרוקעריי ווען מען וועט דאַרפען, און אין דער פערזאָן פון דעם רעוואָלוציאָנער קיבאַלטשיטש האָט דער קאָמיטעט געהאַט דעם ריכטיגען מענשען, וועלכער האָט זיך

שוין לאַנג ארומגעטראָגען מיט׳ן געדאַנק צוצוגרייטען דינאַמיט אויף א היימישען שטייגער; ער האָט זיך אינטערעסירט מיט דינאַמיט ניט נאָר טעאָרעטיש, נאָר אויך געמאַכט פּראַקטישע עקספּערימענטען אין א לאַבאָראַטאָריע.

ביי די רעוואָלוציאָנערען, וואָס זיינען אוועק אין דער נייער ריכטונג, האָט די ארבייט ממש אונטער די הענט געברענט. זיי זיינען שטענדיג געווען פאַרטאָן אין דער ארבייט. אזוי שנעל ווי קיבאַלטשיטש איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיינע עקספּערימענטען, האָט מען זיך באַנוצט מיט דעם פּערסאָנאַל פון׳ם קרוזשאָק „זיגען אָדער שטאַרבען” און מען האָט גלייך געמאַכט א ווערקשטאַט צו צוגרייטען נייטראָגליצערין און דערנאָך דינאַמיט.

דער הויפּט פון׳ם ווערקשטאַט איז געווען קיבאַלטשיטש. ער איז דאָרטען געווען דער כעמיקער. אלס טעכניקער זיינען אין דער מאַסטערסקאַיא באַשטימט געוואָרען: שיראַיעוו, איסאַיעוו און אויך די יאַקימאָווא, וועלכע איז אין דער זעלבער צייט אויך געווען די בעל־הבית׳טע פון דער געהיימער קוואַרטיר, וואו די ארבייט איז געמאַכט געוואָרען.

די לאַבאָראַטאָריע, וואו מען האָט צוגעגרייט דעם דינאַמיט, איז געווען איינגעאָרדענט אויף אזא אופן, אז מען איז דאָרט קיין מאָל ניט זיכער געווען מיט׳ן לעבען; אלע מאָל איז מען געווען אין געפאַהר ארייננצופאַלען אין די הענט פון דער פּאָליציי, אָדער צוריסען ווערען אויף שטיק־שטיקלאַך צוזאַמען מיט׳ן גאַנצען הויז. און אין אָט דער לאַבאָראַטאָריע האָבען די העלדישע און מוטיגע חברים אונזערע, ביז זומער צייט 1879, צוגעגרייט עטליכע פּוד דינאַמיט, ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס זיי זיינען ניט געווען געניט אין דער ארבייט און האָבען געמוזט טאָן אלעס אליין, ניט וויסענדיג צי זיי טוען דאָס ריכטיג, צי ניין.

ליפּעצק און וואָראָנעזש.

ווען ס׳איז באַשלאָסען געוואָרען, אז די מיטגלידער פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ” זאָלען זיך צונויפקומען אויף אַן אלגעמיינעם צוזאַמענפאַהר, האָבען זיך די מענשען פון׳ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט” גלייך א נעם געטאָן צו דער ארבייט. זיי האָבען גלייך צונויפגערופען אויף א געהיימער באַראַטונג די אלע חברים, וועלכע האָבען געהאַלטען מיט זיי. די מעהרסטע זיינען דאַמאָלט געווען אין

דעם דרום־טייל פון רוסלאַנד און זיי זיינען ניט געווען קיין מיט־גלידער אין דער געזעלשאַפט „זעמליאַ אי וואָליאַ".

צו דער געהיימער באַראַטונג פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָ־מיטעט" איז געקומען קאָלאָדקעוויטש, פון קיעוו, זשעליאַבאָוו, פון אדעס, און אויך פּראָלענקאָ, וועלכער איז געווען באַריהמט איבער גאַנץ אוקראַינאַ דערמיט, וואָס ער האָט באַפרייט קאָסטיורינ'ען פון דער טורמע אין אדעס, און אויך סטעפּאַנאָוויטש'ן, לעוו דייטש'ן און בוכאַנאָווסקי'ן — פון דער טורמע אין קיעוו; חוץ דעם האָט ער זיך באַטייליגט אין דעם פאַרזוך צו באַפרייען וואָינאַראָווסקי'ן לעבען כאַרקאָוו, און איז אויך געווען איינער פון די, וואָס האָבען אונטערגעגראָבען די כאַרקאָווער קאַזנאַטשעיסטוואָ און אַרויסגע־נומען פון דאָרטען אָנדערהאַלבען מיליאָן רובעל.

אזוי ווי עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז דער צוזאַמענפאָהר פון די זעמליאַוואָלציעס זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען דעם 24טען יוני, אין וואָראָניעזש, האָבען די אָנהענגער פון דער נייער ריכטונג באַ־שלאָסען, אַז זייער געהיימע באַראַטונג זאָל אָפּגעהאַלטען ווערען מיט עטליכע טעג פריהער, אין דעם קליינעם שטעדטעל ליפּעצק, פון וואַנען מען קאָן צופאָהרען קיין וואָראָניעזש איינס און צוויי.

צו דער באַשטימטער צייט זיינען אַהין געקומען פון פּעטער־בורג די מיטגלידער פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" און אויך די איינגעלאַדענע בונטאַרען פון אוקראַינאַ. אַרום און אַרום זיינען געווען אַ 11—12 מענשען, און זיי האָבען זיך פאַראייניגט אין אַ באַזונדער גרופּע. די פּראָגראַמע פון דער גרופּע האָט אויסגעאַרבייט מאָראָזאָוו, דער סעקרעטאַר פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", און געלויטעט האָט זי, אַז מען דאַרף אַרונטערוואַרפען די אָרדנונג פון דער „סאַמאָדערזשאַוויע" און איינפיהרען פּאָליטישע פרייהייט, דורך אַ באַוואַפענטען קאַמף געגען דער רעגירונג.

אין דער גרופּע זיינען געווען איייניגע מיטגלידער פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ", און אזוי שנעל ווי זיי זיינען פאַרטיג גע־וואָרען מיט דער געהיימער באַראַטונג, זיינען זיי אַוועק קיין וואָ־ראָניעזש. די איינגעלאַדענע פון אוקראַינאַ און אויך שיראַיעוו זיינען געבליבען אין ליפּעצק, אַז מען זאָל זיי אין וואָראָניעזש פאָרשלאָגען אַלס מיטגלידער פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" און דערנאָך זיי אַרויסרופען צו דעם אַלגעמיינעם צוזאַמענפאָהר.

אַזעלכע קאַנדידאַטען ווי פּראָלענקאָ, זשעליאַבאָוו און קאָלאָד־

קעוויטש זיינען אָהן שום שוועריגקייטען גלייך אויפגענומען געוואָרען אַלס מיטגלידער; אויך שיראַיעוו'ן האָט מען גלייך אריינגענומען, ווייל די חברים וואָס האָבען איהם געקענט פון פעטערבורג האָבען איהם שטאַרק גערעקאָמענדירט. דורך דעם איז דער לינקער פליגעל אויפ'ן צוזאַמענפאָהר געוואָרען שטאַרקער. דערצו האָט מען נאָך אריינגענומען אַלס מיטגלידער די חברים, וואָס זיינען געווען אין אויסלאַנד — סטעפּאַנאָוויטש, ווערא זאַסוליטש, לעוו דייטש און בוכאַנאָווסקי. ווען די ערשטע דריי זיינען פון אויסלאַנד געקומען קיין פעטערבורג, האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז זיי האַלטען גאָר מיט פּלעכאַנאָוו'ן און זיי זיינען געגען דעם, אַז מען זאָל דער'הרג'ענען דעם קיסר.

אין אָנפאַנג האָט זיך געדוכט, אַז די לופט איז אָנגעפילט מיט פולווער, אַז אַזוי שנעל ווי די פאַרזאַמלונג וועט זיך עפענען, וועט מען זיך צורייסען און צוברעקלען אויף צוויי פיינדליכע לאַגערען. אָבער ווען עס איז געקומען צום עיקר, האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז די באַציהונגען צווישען די שטאָדטישע „זעמלעוואָלצעס" און די דאָרפישע זיינען גאָרניט אַזוי שרעקליך, אַז מען זאָל שוין גאָר בשום אופן ניט קאָנען אויסקומען צווישען זיך.

אָנשטאָט שאַרפער קריטיק און בייזע אַטאַקעס, איז גאָר ארויסגעקומען דער גייסט פון שלום און טאָלעראַנץ; עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז די דאָרפישע זעמלעוואָלצעס זיינען גאָרניט אַזוי שטאַרק געגען פּאָליטישען טעראָר ווי די פעטערבורגער חברים האָבען געמיינט. ווי געוועהנליך אין אַזאַ פאַל, איז מען איינגעגאַנגען אויף פשרות. עס איז דאָך געווען שווער זיך צו שיידען מיט די חברים, מיט וועלכע מען האָט צוזאַמען געאַרבייט, עס איז געווען אנגענעמער ווידער צו בלייבען אינאיינעם און ארבייטען צוזאַמען.

דערצו איז נאָך געווען אַ גליק, וואָס די פּראָגראַמע פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָט אין זיך געהאַט אַזעלכע אַלגעמיינע שטריכען, וואָס יעדער צד האָט זיי געקאָנט דרש'ענען אַזוי ווי איהם האָט זיך געלוינט. אי די שטאָדטישע, אי די דאָרפישע זעמלעוואָלצעס האָבען געקאָנט ארויסכאַפּען אַ פסוק פון דער פּראָגראַמע און באַווייזען, אַז זיי ארבייטען פונקט אַזוי ווי אין פסוק שטעהט.

מען האָט לאַנג גערעדט און געדעבאַטירט, און נאָכדעם איז געבליבען, אַז אַלעס זאָל בלייבען כמעט אַזוי ווי פריהער: מען זאָל ווייטער אָנגעהן מיט דער ארבייט „אין פאָלק", נאָר מען זאָל

אויך אנערקענען טעראָר אין די דערפער; און אין דער זעלבער צייט זאָל מען ווייטער פאָרטזעצען דעם פּאָליטישען קאַמף אין די שטעדט און ניט אויסשליסען דעם פּלאַן צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר.

עס איז אויך באַשלאָסען געוואָרען, אַז די צייטשריפט „זעמליא אי וואָליא" דאַרף געפיהרט ווערען אין דעם זעלבען גייסט וואָס פריהער. דערביי איז אָבער צוגעגעבען געוואָרען, אַז דער „ליסטאָק זעמלי אי וואָלי" דאַרף אויך ערשיינען, אַלס אַן אַגיטאַציאָנס־ביילאַגע.

בלויז אין אָנפאַנג פון דעם צוזאַמענפאָהר האָט זיך אָפּגע־שפּילט אַ שטאַרקע סצענע. גריגאָרי פּלעכאַנאָוו, וועלכער איז שטענדיג געוועזען אַ היציגער און האָט ניט געקאָנט איינהאַלטען דעם כעס, האָט מיט די שטאַרקסטע ווערטער און מיט אַ באַזונדער מין ברען פאַרטיידיגט זיין פּאָזיציע, און ווען ער האָט געזעהן, אַז די פאַרזאַמעלטע זיינען גענויגט דורכצוקומען איינע מיט די אַנדערע, און איינגעהן אויף פּשרות, האָט ער זיך מיט כעס געגעבען אַ הויב־אויף און איז אַוועק פון דער פאַרזאַמלונג, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אויף אַ קליינער לאָנקע אין אַ גאָרטען, ווייט פון דער שטאָדט.

פאַר׳ן אַוועקגעהן האָט ער בייז אויסגעשריען:

„איך האָב דאָ מעהר גאָרניט וואָס צו טאָן!"

ווען איך האָב דערזעהן, אַז פּלעכאַנאָוו געהט אַוועק, האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן און געפּרואווט איהם פאַרהאַלטען, אָבער אַלעק־סאַנדער מיכאַילאָוו האָט מיך אָפּגעשטעלט:

„לאָזט איהם אָפּ, — האָט ער געזאָגט, — זאָל ער געהן".

איך אַליין געדענק שוין ניט גענוי, נאָר ווי מאָראָזאָוו גיט מיר איבער, איז נאָך פּלעכאַנאָוו׳ס אַוועקגעהן געשטעלט געוואָרען די פראַגע, צי דאָס מיינט, אַז ער האָט זיך אַליין אויסגעשלאָסען פון דער געזעלשאַפט „זעמליא אי וואָליא". דער ענטפער איז געוועזען, אַז יאָ. און ווי עס שיינט, האָט פּלעכאַנאָוו אַליין זיך באַטראַכט אַלס אַן אויסגעשלאָסענעם פון דער געזעלשאַפט, ווייל פון דעמאָלט אָן האָב איך זיך מיט איהם מעהר ניט געטראָפען ביז זיין אַוועק־פאָהרען קיין אויסלאַנד.

אויף דעם צוזאַמענפאָהר אין וואָראָניעזש זיינען געוועזען די חברים: אַלעקסאַנדער קוויאַטקאָווסקי, אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו,

מאַראָזאָוו, באַראַניקאָוו, טיכאָמיראָוו, אשאַנינא, פראָלענקאָ, זשעליאַבאָוו, קאָלאָדקעוויטש, סאָפיא פעראָווסקאַיא, פרעאָבראַזשענסקי, טיטשענקא, כאַריזאָמענאָוו, אַפּטעקמאַן, כאָטינסקי, מאָשטשענקאָ און ניקאָלאַיעוו. אַרום און אַרום — איין און צוואַנציג מענשען.

איינינע זעמלעוואָלצעס, וועלכע זיינען געווען צוזאַמענגערופען איבער די דערפער, זיינען צום צוזאַמענפאָהר ניט געקומען, ווייל זיי האָבען געדענקט, אַז עס איז ניט אַזוי וויכטיג, און אַנדערע זיינען אַוועקגעפאָהרען נאָך איידער דער צוזאַמענפאָהר האָט זיך געענדיגט, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, זיי זאָלען נאָך זייערע שטעלעס ניט פאַרלירען.

אין אַלגעמיין איז דער צוזאַמענפאָהר אַרויסגעקומען בלאַס, ניט אַזוי ווי די פעטערבורגער חברים האָבען זיך פאָרגעשטעלט. די אַנהענגער פון דער נייער ריכטונג, וועלכע האָבען אָפּגעהאַלטען אַ געהיימע באַראַטונג אין ליפּעצק, האָבען נאָך ניט געהאַט קיין שטאַרקען חשק זיך אָפּצורייסען פון די חברים. זיי האָבען זיך צ̇בער באַנוצט מיט דער געלעגענהייט צו זעהן וואָס פאַר אַ שטימונג עס הערשט צווישען די מוער און אויך זעהן, וועמען מען קען אַריינעמען אין די אייגענע רייהען ווען עס וועט סוף כל סוף קומען אַ מאָמענט, אַז די פּאַרטיי וועט מוזען געשפּאָלטען ווערען אויף צוויי.

נאָך אין וואָראָנעזש איז מיין אַלטער חבר צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך זאָל זיך אָנשליסען אָן אַ געהיימער גרופּע. אַז אַזאַ גרופּע עקזיסטירט שוין — דאָס האָט ער מיר נאָך מורא געהאַט צו זאָגען. ער האָט מיר בלויז באַוויזען, ווי נויטיג עס איז אַזאַ גרופּע צו אָרגאַניזירען. אַבער איך האָב זיך ניט געלאָזט איבעררײדען. מיין מיינונג איז געווען, אַז עס איז אינגאַנצען איבעריג צו אָרגאַניזירען אַ געהיימע גרופּע אין דער „זעמליאַ אי וואָליאַ", וואָס איז אַליין אויך אַ געהיימע גרופּע. „אַזוי האָט געהאַנדעלט נעטשאַיעוו", — האָב איך געזאָגט און ניט געוואָלט וויסען פון דעם פּלאַן, וואָס האָט ביי מיר, אין מיינע אויגען, אויסגעזעהן אולטראַ-קאָנספּיראַטיוו.

ליבעראַלען.

איבער דעם גרויסען אינטערעס וואָס זשעליאַבאָוו'ס פּערזענליכקייט רופט אַרויס, וועט אפשר ניט זיין איבעריג דאָ צו דערמאָנען די פראַגע וואָס ער האָט געשטעלט אויף דעם צוזאַמענפאָהר

ווען מען האָט אָנגעהויבען ריידען וועגען אריינפיהרען אין דער פראָגראַמע דעם פונקט פון אגראַרען טעראָר.

„אויף וועמען דענקט די רעוואָלוציאָנערע פּארטיי זיך אָנצו־שפּארען? — האָט זשעליאבאָוו געפרעגט. — אויף די פאָלקס־מאסען, אָדער אויף דער ליבעראַלער בורזשואזיע, וועלכע איז אויך דערפאר, אז מען זאָל פארניכטען די זעלבסטהערשענדע רעגירונג און איינפיהרען פּאָליטישע פרייהייט אין רוסלאנד? אויב דאָס ערשטע, דאַן דארף מען איינפיהרען טעראָר ניט נאָר אין די דערפער, נאָר אויך אין די פאבריקען, אויב אבער, — האָט זשעליאבאָוו געזאגט, — מיר זוכען זיך אָנצושפּארען ניט נאָר אויף די פאָלקס־מאסען, נאָר אויך אויף דער ליבעראַלער בורזשואזיע, דאַן איז דאָך זעלבסט־



אַנדרעי זשעליאבאָוו.

פארשטענדליך, אז זי וועט זיין געגען טעראָר אין די פאבריקען."

און דאָ האָט ער אָנגעוויזען, אז אין טשערניגאָווער און אין טאַוור־ריגער גובערניעס, ווי אויך אין קיעוו און אין אָדעס, זיינען פאראַן כלל־טוער, וועלכע וואָלטען זיך צוליב פּאָליטישע צוועקען גאַנץ גערן פאראייניגט מיט דער רעוואָלוציאָנערער פארטיי; אז אָסינסקי, וועלכער איז שוין דאַן געווען באשטראָפט מיט'ן טויט, האָט אין קיעוו געהאַט גאַנץ נאָהענטע פארבינדונגען מיט די ליבעראַלע קרייזען און מען האָט קלאָר געזעהן, אז ביסלעכווייז רוקט ער זיך אָפּ פון'ם סאָציאַליזם און האָט אין זינען בלויז די פּאָליטישע זייט

פון דער פּראָגראַמע; אז אין דער אדעסער שטאָדטישער דומא געפינט זיך א גאַנץ היבשע גרופּע אינטעליגענטען, וואָס האַלט אָפּ פאַרזאַמלונגען און באַשפּרעכט די מעגליכקייטען ווי אַזוי אויסצוּ־קעמפען א קאָנסטיטוציע. די דאָזיגע גרופּע, וועמען פּאַניוטין האָט געקרוינט מיט'ן נאָמען „די פּאַריזער קאָמונאַ", איז געווען די רעכטע האַנט פון'ם אדעסער גובערנאַטאָר, גענעראַל טאָטלעבען, און אין 1879, זומער צייט, האָט מען די גרופּע אונטערדריקט און די פיהרער פּאַרשיקט קיין סיביר.

אויף דער פראגע, וואָס זשעליאַבאָוו האָט געשטעלט, האָבען אַלע געגעבען איין ענטפער, אז מיר ווילען זיך פאַרלאָזען אויף די פאָלקס־מאַסען און אין איינקלאַנג מיט דעם אויסאַרבייטען די פּראָגראַמע, סײַ די טעאָרעטישע און סײַ פּראַקטישע.*)

דערביי מוז איך צוגעבען, אז ביי אונז, אינ'ם צפון טייל פון רוסלאַנד, האָט מען זיך מיט די ליבעראַלען קיינמאָל ניט גערעכענט ווי מיט א קראַפט, און אין די זיבעציגער יאָהרען האָט מען געקוקט אויף זיי מיט בטול און מיט חוזק, ווייל זיי האָבען ניט אַרויסגעוויזען דעם מינדעסטען פּראָטעסט געגען דעם וואָס אין רוסלאַנד איז נישטאָ קיין פּאָליטישע פרייהייט.

בלויז א פּאָר מאָל האָבען די ליבעראַלען אינ'ם צפון טייל פון רוסלאַנד געפּרואווט צו שאַפען א פאַראייניגונג מיט אונז, וועמען זיי האָבען גערופען „ראַדיקאַלען", אבער עס איז ניט געגאַנגען. אַזוי האָבען זיי אין 1878, ווען מיר האָבען אַרויסגעגעבען די צייטשריפט „זעמליאַ אי וואָליאַ" אויך געדענקט אַרויסגעבען אַן אונלעגאַלע צייט־שריפט (דוכט זיך, אז אין טווערער גובערניע). זיי האָבען זיך דאַן געווענדעט נאָך הילף צו אונז, און דערביי האָבען זיי געשטעלט אזא תנאי: מיר זאָלען מאַכען א געהיימע דרוקעריי, צושטעלען אַהין אַלעס וואָס מען דאַרף, אונזערע מענשען זאָלען דאָרטען אַרבייטען און דרוקען אַלעס וואָס זיי, די ליבעראַלען, וועלען הייסען. און דערפאַר וועלען זיי געבען די נויטיגע סומע געלט, וואָס מען דאַרף האָבען דאַרויף. מעהר ניט. קיין אחריות ווילען זיי אויף זיך ניט נעמען. איינשטעלען זייערע לעבענס אין קאָן — דאָס ניט.

מיר האָבען זיך פון זייער פּאָרשלאָג אויסגעלאַכט.

*) דאָס וואָרט „טאַקטיק" האָט נאָך ביי אונז ניט עקזיסטירט. מיר האָבען דאַן אויך ניט געוואוסט פון די ווערטער „פּלאַטפאָרם" און „פּראָגראַם־מיניִמום" און „פּראָגראַם־מאַקסימום".—וו. פ.

# נייַנטער קאַפּיטעל.

## די שפּאַלטונג אין דער „זעמליאַ אי וואָליאַ".



נאָך דעם וואָראָנעזשער צוזאמענפאָהר האָט זיך אָנגעהויבען מיין אונלעגאַלער לעבען. איך בין אַוועקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג צוזאמען מיט קוויאַטקאָווסקי'ן און ער האָט מיך אַריינגעפיהרט אין דער אַלגעמיינער קווארטיר וואָס ער האָט צוזאַמען מיט דער איוואַנאָווא געהאַלטען אויף דער לעסנאָי גאַס.

קוויאַטקאָווסקי איז געוועזען אַ מייסטער צו געפינען חן אין די אויגען פון פּשוט'ע יונגע פרויען. ער האָט געקענט אויסנעהמען ביי זיי און אַלע מאָל איז אויסגעקומען אזוי, אַז זיי זיינען איהם געוועזען איבערגעגעבען און געטריי.

אין אונזער קווארטיר, אויף דער לעסנאָי, האָבען מיר געהאַט אַ דינסט, אַן איינפאַכע, פּשוט'ע דאָרפישע מיידעל. דער אַרט לעבען, וואָס מיר האָבען געפיהרט איז ביי איהר אויסגעקומען מאָדנע. אבער מיר האָבען פאַר איהר ניט געהאַט וואס מורא צו האָבען.

אונזער וואוינונג איז געוועזען די הויפּט קווארטיר פון יענע „זעמלעוואָלצעס", וועלכע האָבען געהאַלטען פון פּאָליטישען טעראָר. עס איז דאמאָלט געוועזען זומער, ארום און ארום זיינען געוועזען צווארפען דאטשעס, עס איז געוועזען שטיל און עס האָבען אונז ניט אויסגעפעלט קיין באַקוועמליכקייטען; מיר האָבען זיך געקענט צונויפקומען, ריידען און שמועסען, מאַכען פּלענער און — קיינער זאָל אונז ניט שטערען.

מיר זיינען אַלע געוועזען אונלעגאַלע און אויך די מענשען וואס זיינען אריינגעקומען צו אונז זיינען געוועזען אונלעגאַלע. קיינער האָט אונז אָבער קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשענקט, קיינער האָט אויף אונז ניט געקוקט מיט חשד, ווייל מיר האָבען געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז מיר זיינען כשר'ע מענשען, און ווען מיר האָבען אָפּגעהאַלטען א פאַרזאמלונג אין דעם סאָסנאָווען וועלדעל, האָבען מיר דאָס געטאָן

אזוי, אז עס האָט גאָר קיינעם ניט געקענט איינפאַלען, אז עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיג.

די פאַרזאַמלונגען אין וועלדעל האָבען מיר אָנגעהויבען אָפּהאַל־טען א קורצע צייט נאָכדעם ווי מיר זיינען געקומען; דאָס זיינען שוין אָבער ניט געווען קיין פאַרזאַמלונגען פון „זעמלעוואָלצעס", נאָר פון די וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דער געהיימער באַראַטונג אין ליפּעצק און אויך פון די וואס זיינען געווען אָפּטע באַזוכער אין אונזער אלגעמיינער קוואַרטיר.

קוויאַטקאָווסקי, מאָראָזאָוו און מיכאַילאָוו האָבען זיך גלייך אָנגעהויבען קלאָגען, אז די חברים וואָס זיינען געגען פּאָליטישען טעראָר זיינען א שטערונג אין דער אַרבייט; זיי האָבען גע'טענה'ט, אז דער באשלוס פון דעם צוזאַמענפאָהר אין וואָראָנעזש צו דער־הרג'ענען דעם קיסר דאַרף וואָס גיכער אויסגעפיהרט ווערען. מען טאָר קיין צייט ניט פאַרלירען, ווייל איידער מען וועט זיך ריהרען וועט אַוועק דער ווינטער און באַלד וועט אָנקומען דער אָסיען, ווען דער קיסר, אַלעקסאַנדער דער צווייטער, קעהרט זיך אום צוריק פון קרים קיין פּעטערבורג. זיי האָבען באַוויזען, אז אויף צו מאַכען דעם אָנפאַל אויף עטליכע פּונקטען איבער דער ליניע, וואו דעם קיסר'ס באַהן וועט גענן, דאַרף מען האָבען אַזויפיל און אַזויפיל דינאַמיט און אַזויפיל און אַזויפיל מענשען; און אין דעם איז איצט קיין מאַנגעל נישטאָ; אָבער די געגנער פון דעם אָנפאַל טוען אַלץ וואָס זיי קענען נאָר צו פאַרשלעפּען דעם גאַנצען פּלאַן אין דער לאַנגער באַנק. די בעסטע כוחות גיט מען אַוועק אויף די קריגערייען און אינערליכע רייסערייען, און אָנשטאָט עפּעס צו טאָן, האַלט מען זיך אין איין דינגען און מען קומט אָפּ דערמיט וואָס מען געהט איין אויף פּשרות. דער וואָראָנעזשער צוזאַמענפאָהר האָט ניט באַזייטיגט די אונאייניגקייט, ער האָט זי בלויז אביסעל פאַרגלעט, און כדי ניט צו פּלאָנטערען זיך איינער דעם אַנדערען פאַר די פיס, איז שוין בעסער זיך אָפּצורייסען און זאָל זיך יעדער צד געהן זיין וועג.

ביי יעדער געלעגענהייט האָבען זיי גערעדט וועגען דעם און קיין געגנערשאַפט איז ניט געווען. די שטאַרקסטע געגנער — פּלכאַנאָוו, פּאָפּאָוו און סטעפאַנאָוויטש — זיינען ניט געווען. סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ און איך האָבען אויך אָנגעהויבען צושטימען מיט די אָנהענגער פון פּאָליטישען טעראָר, ווייל די פּעטערבורגער חברים האָבען אונז באַוויזען, אז אַלעס איז גרייט אָפּצוראַמען פון'ם

וועג דעם קיסר, און אויב מען טוט גארניט, הייסט עס, גלאט זיך אוועקשטעלען אויף איין פינטעלע אוןווארטען אויף א נס. די אלגעמיינע שטימונג איז געווען פאר א שפאלטונג. דאס איז געווען קלאר. די פראגע וועגען דעם שיקזאל פון דער „זעמליא אי וואליא" איז אוועקגעשטעלט געווארען אזוי שארף, אז אויסדרעהען זיך גלאט אזוי האט מען שוין ניט געקענט.

דאן האבען ביידע צדדים אויסגעקליבען פארטרעטער אויסצו־ארבייטען די באדינגונגען ווי אזוי מען זאל זיך צוטיילען. די פארטרעטער האבען פארגעבראכט די אויסגעארבייטע באדינגונגען און ביידע צדדים האבען איינגעשטימט, אז די דרוקעריי, וואו מען זעצט די צייטשריפט פו דער פארטיי, זאל בלייבען אין די הענט פון די וואס האלטען זיך ביי דער אלטער פראגראמע.

די אלטע מאריא קאנסטאנטינאווגא קרילאווא איז געווען געגען די נייע, און אזוי ווי זי איז אלעמאל געווען די בעל־הבית'טע פון דער דרוקעריי, איז זי געבליבען ביי איהר. דאס האט אונז ניט געארט, ווייל, ווי איך האב שוין פריהער דערצעהלט, האט מען מיט זונדע־לעוויטש'עס הילף נאך פריהער זיך פארזארגט מיט א געגוגענדען זאפאס שריפט־זאץ, אזוי, אז גלייך נאכדעם האט מען שוין געקענט עפענען אן אייגענע דרוקעריי.

אלס בעל־הבית'טע פון דער נייער דרוקעריי איז באשטימט געווארען סאפיע איוואנאוונא. זי איז געווען געניט אין דער ארבייט, ווייל זי איז אמאל געווען א זעצערין אין מישקינ'ס דרוקעריי אין מאסקווע. די פריילין גריאזנאווא, א פשוט'ע, ווייניג געביל־דעטע מיידעל, וועלכע האט געשפילט די ראלע פון א דינסטמיידעל אין דער דרוקעריי פון דער „זעמליא אי וואליא", איז איבערגעגאנגען צו אונז. זי האט גזאגט, אז מיר זיינען איהר נעהענטער צום הארצען. אויך אינ'ם איבעריגען פערסאנאל איז ניט געווען קיין מאנגעל. אלס בעל־הבית פון דער דרוקעריי איז באשטימט געווארען דער חבר מ. בוך און די חברים צוקערמאן און „פטאשקא" האבען זיך אונטערגענומען צו זיין די זעצער. דאס געלט פון דער ארגא־ניזאציע האט מען באשלאסען צוצוטיילען צווישען ביידע צדדים גלייך אויף גלייך, אבער עס איז ניט געווען וואס צוצוטיילען, ווייל דער אמת איז געווען, אז אויף געלט האט מען בלויז געהאט אויס־זיכטען, אז עס וועט זיין; דאס גרויסע פארמעגען פון דמיטרי ליזאגוב, א מיטגליד פון דער „זעמליא אי וואליא", איז געוועז

פארשטעקט אין מאיאַנטקעס און דער אָפּעקון איבער זיי איז געווען דריגאָ, צו וועמען ליזאָגוב געהאַט דעם גרעסטען צוטרויען. דריגאָ האָט עס געזאָלט פארקויפען די מאיאַנטקעס און איבערגעבען דאָס גאַנצע געלט דער געזעלשאַפט „זעמליא אי וואָליא". אבער ליזאָגוב אליין איז שוין דאַן געזעסען אין טורמע אין אדעס. מיט עטליכע חדשים שפּעטער, אָסיען־צייט, האָט מען איהם אויפגע־האַנגען צוזאַמען מיט מאַלינקאַ'ן און דאַרביאַזגינ'ען, און נאָכדעם האָט דריגא פאַרראַטען די גאַנצע באַוועגונג און האָט זיך פארקויפט צו דער רעגירונג, כדי ער זאָל שוין פאר איינוועגס קענען אריינכאַפּען צו זיך אין די הענט אריין דעם גרויסען פארמעגען וואָס זיין פריינד ליזאָגוב האָט איהם פארטרויט מיט אזא ברייטער האַנט און מיט אזא אָפען האַרץ. דאַן האָט מען באַשטימט מיכאַילאָוו'ן אלס א שליח צו פארהאַנדלען מיט דריגאָ'ן וועגען געלט, אָבער יענער האָט איהם אפילו א גראָשען ניט געוואָלט געבען. און חוץ דעם האָט ער איהם אזוי פאַרדרעהט, אז עס האָט שוין ניט געפעהלט קיין סך, ער זאָל אַריינפאַלען אין די הענט פון דער פּאָליציי.

אויב מיין זכרון נאַרט מיך ניט, האָבען אונזערע פריהערדיגע חברים פון דער „זעמליא אי וואָליא" טאַקע גאַר ניט געקראָגען קיין געלט. מיר, ווידער, די אָנהענגער פון פּאָליטישען טעראָר, האָבען יאָ געקראָגען דריי־און־צוואַנציג טויזענט רובעל. דאָס געלט האָט אונז געגעבען דאָס פּאָר פּאָלק א... זיי זיינען ביידע געווען מיט־גלידער פון דער גרופּע „זיגען אָדער שטאַרבען" — א גרופּע וואָס האָט געהאַלטען פון פּאָליטישען טעראָר.

ביידע צדדים פון דער צושפּאָלטענער ארגאַניזאַציע האָבען אָפּגעמאַכט, אז קיינער פון זיי טאָר ניט באַנוצען דעם נאָמען „זעמליא אי וואָליא", וואָס איז שוין באַריהמט און באַליבט אין די רעוואָלו־ציאָנערע קרייזען.

די אָנהענגער פון דער אַלטער ריכטונג, וואָס איז איינגאַנצען געווען פאַרטאָן אין דער ערד־פראַגע און אין די עקאָנאָמישע אינ־טערעסען פון דעם פּויערטום, האָבען זיך א נאָמען געגעבען „טשאָרני פּערעדעל" און מיר, די אָנהענגער פון דער נייער ריכטונג, וואָס האָט געשטרעבט אַרונטערצוּוואַרפען די זעלבסטהערשאַפט און איינפיהרען א פאָלקס־הערשאַפט אויף איהר אָרט, האָבען זיך א נאָמען געגעבען „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

נאָך דער צוטיילונג האָט זיך מאָראָזאָוו געוועדטעלט און גע־

זאָגט, אַז מיר האָבען זיך צוטיילט ניט נאָר מיט דער ירושה, נאָר אויך מיט'ן נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע. די „טשאָרני־פּערעדעל־צעס" האָבען זיך צוגענומען „זעמליא" און מיר — „וואָליא", און יעדע פראַקציע איז זיך אַוועק אויף איהר אייגענעם וועג.

### די „נאַראָדנאַיאַ וואָליא".

די רעוואָלוציאָנערע פראַקציע „נאַראָדנאַיאַ וואָליא" האָט זיך געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער ערגסטער שונא פון פאָלק איז די רעגירונג, און דערפאַר איז באַשלאָסען געוואָרען צו זאַמלען די בעסטע און שטאַרקסטע כחות אויף אָנצופיהרען אַ קאַמף געגען איהר.

אין דעם רעוואָלוציאָנערען וועלטעל פון יענער צייט האָט דער נייער שטאַנדפּונקט געמאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש, ווייל עס איז אונטערגעשטראָכען געוואָרען, אַז די רעוואָלוציאָנערע טעטיג־קייט דאַרף אַריבערגעטראָגען ווערען פון די דערפער אין די שטעדט און אַז אָנשטאָט דעם וואָס מען זאָל צוגרייטען די מאַסען צו מאַכען אַ בונט, זאָל מען בעסער שוין מאַכען אַ פאַרשווערונג געגען דער אויבערשטער מאַכט מיט'ן צוועק צו פאַרכאַפּען די רעגירונג אין די אייגענע הענט און זי איבערגעבען דעם פאָלק.

דאָס האָט ניט געשטימט מיט די פריהערדיגע רעוואָלוציאָנערע אַנשויאונגען, דאָס איז ניט געווען אין איינקלאַנג מיט דער פריהער־דיגער טאַקטיק פון דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, און עס איז דאַריבער געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז מען זאָל אַ לאַנגע צייט דאַרפען אַרבייטען און אַרבייטען, אַ סך שרייבען און אַ סך ריידען, ביז מען וועט דורכבּרעכען די וואַנט און מען וועט מאַכען אַ וועג פאַר דער נייער רעוואָלוציאָנערער אַנשויאונג. און איך געדענק נאָך, וואָס פאַר אַ טומעל עס איז געוואָרען ווען עס איז ערשינען דער ערשטער נומער „נאַראָדנאַיאַ וואָליא", וואָס האָט אָנגעוויזען אויף דער „סאַמאָדערזשאַוויע", ווי אויף דעם ערגסטען שונא, וועלכען מען דאַרף באַלד פאַרניכטען, און איך געדענק אויך ווי איבער גאַנץ רוסלאַנד האָט אַ הילך געטאָן אַ „בראַוואָ!" ווען מען האָט דעם ערשטען מאַרטש, אינ'ם יאָהר 1881, דערשאָסען דעם קיסר, אַלעקסאַנדער דעם צווייטען.

נאָך דער שפּאַלטונג האָט מען געמוזט אויפגעבען די וואוינונג אויף דער לעסנאָי. די איוואַנאָווא האָט זיך מיט דער דרוקעריי

איינגעאָרדענט אויף דער סאַפּיאָרנער גאַס און איך האָב זיך אַ נאָמען געגעבען ליכאַראָווא און האָב זיך באַזעצט צוזאַמען מיט קוויאַטקאָווסקי׳ן אין אַ נייער קוואַרטיר.

וואו די נייע קוואַרטיר איז געשטאַנען, געדענק איך שוין ניט. דער נאָמען פון דער גאַס איז מיר פון קאָפּ אַרויס. איך געדענק אָבער, אַז דאָרטען האָט מען אַרעסטירט אונזערע חברים.

אין דער נייער קוואַרטיר האָבען מיר אָפּגעהאַלטען אונזערע פאַרזאַמלונגען: דאָרטען האָבען מיר אויך אַרומגערעדט און אָנגענומען די פּראָגראַמע פון׳ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט״ פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״.

צוערשט האָט מאָראָזאָוו פאָרגעלעזען די פּראָגראַמע, וואָס מען האָט אָנגענומען אויף דער געהיימער באַראַטונג אין ליפּעצק. די פאַרזאַמעלטע האָבען ניט איינגעשטימט מיט אַלע פּונקטען און דאַן איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז טיכאָמיראָוו זאָל אָנשרייבען אַן אַנדערע. טיכאָמיראָוו האָט דאָס גלייך געטאָן. אין אַלגעמיין איז ביי אונז די אַרבייט געגאַנגען זעהר שנעל און גלאַט, ווייל מיר האָבען אַלע געהאַט איין געדאַנק און געשטרעבט צו איין ציעל.

ביים סאַמע אָנפאַנג, ווי מען האָט נאָר איבערגעלעזען די ערשטע פּאָר ווערטער פון דער פּראָגראַמע: „מיר, נאַראָדניקעס-סאָציאַליסטען״, איז געוואָרען אַ פראַגע, צי מיר קאָנען זיך רופען מיט׳ן נאָמען „נאַראָדניקעס״ (פאָלקיסטען), ווי עס האָבען זיך גערופען די מיטגלידער פון דער „זעמליאַ אי וואָליאַ״, וואָס האָט שוין אויפגעהערט צו עקזיסטירען? צי וועט דאָס ניט צומישען די באַגריפען? צי וועט דאָס ניט שמעקען מיט צופיל אַלטקייט און פאַרטונקלען דאָס נייע, וואָס מיר פּרעדיגען?

— אויב אַזוי, — האָט זיך אָפּגערופען זשעליאַבאָוו, — טאָ לאָמיר זיך רופען „סאָציאַל-דעמאָקראַטען״. נאָר אַזוי ווי מען דאַרף דאָס איבערזעצען אויף רוסיש, קאָן מען זיך אַנדערש ניט אויסדריקען ווי — סאָציאַליסטען-נאַראָדניקעס.

די מעהרסטע זיינען אָבער געווען געגען דעם. אונזער מיינונג איז געווען, אַז דערפון וואָס די דייטשע סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי רופט זיך מיט דעם נאָמען „סאָציאַל-דעמאָקראַטען״, איז נאָך ניט געדרונגען, אַז מיר, רוסישע סאָציאַליסטען, דאַרפען זיך אויך אַזוי רופען. חוץ דעם, זיינען צווישען אונז געווען אייניגע אָנהענגער פון דער אַלטער ריכטונג און זיי האָבען גע׳טענה׳ט, אַז מיר

זיינען ניט נאָר אַ פּאָליטישע פּארטיי, אַז די פּאָליטישע פרייהייט, צו וועלכער מיר שטרעבען, איז ביי אונז ניט קיין צ י ע ל, נאָר אַ מ י ט ע ל צו קומען נעהנטער צו די פּאָלקס־מאסען און עפענען אַ ברייטען וועג פאר זייער אנטוויקלונג. מיר האָבען אויך אָנגעוויזען דארויף, אַז אַלס סאָציאַליסטען שטרעבען מיר ניט נאָר צו די הימעל־הויכע אויפגאַבען פון דער סאָציאַליסטישער תורה, נאָר מיר זיינען אויך פארבונדען מיט די ממשות'דיגע פאָדערונגען פונ'ם פאָלק — פאָדערונגען, וואָס זיינען אין גרונד גענומען דער יסוד פון סאָציאַליזם און דער פּרינציפּ פון פרייהייט.

דענקענדיג, אַז די סאָציאַליסטישע אידעאַלען קאָנען פארווירקליכט ווערען אין לעבען ערשט אין דער ווייטער צוקונפט, האָט די נייע רעוואָלוציאָנערע פּארטיי זיך געשטעלט די נאָהענטסטע אויפגאבע אויפ'ן עקאָנאָמישען געביט — איבערגעבען די גאַנצע ערד אין די הענט פון די פּויערים, און אויפ'ן פּאָליטישען געביט — איבערנעמען די אויבערשטע מאכט ביי דער רעגירונג און זי איבערגעבען אין די הענט פונ'ם פּאָלק. און כדי דאָס דורכצופיהרען, איז באשלאָסען געוואָרען צו מאכען אַ פארשווערונג געגען דער רעגירונג און אויף אַזאַ אופן זי אַפּראַמען פונ'ם וועג.

### די פראַגע וועגען פארכאַפּען די מאַכט.

אין די ערשטע שורות פון דער פּראָגראַמע איז אַוועקגעלעגט געוואָרען אַ סאָציאַליסטישער און פּאָלקיסטישער יסוד, און ביי דעם פּאָליטישען טייל, וואו עס האָט זיך גערעדט וועגען פארניכטען די זעלבסטהערשענדע רעגירונג און איינפיהרען אַ פּאָלקס־הערשאַפט, וואָס האָט זיך אונז פאָרגעשטעלט אין דער פאָרמע פון אַ פּאָלקס־רעגירונג, האָבען מיר זיך אָנגעשטויסען אָן דער פראַגע וועגען אַ מלוכה־איבערקערעניש און אויך אָן דער פראַגע ווי אַזוי צונויפצושטעלען אַ צייטווייליגע רעגירונג.

און דאָ מוז איך באמערקען, אַז אין דער פּראָגראַמע פון דער „נאראָדנאַיאַ וואָליאַ" רעדט זיך ניט וועגען דעם, אַז די פּארטיי זאָל פארכאַפּען די מאַכט, נאָר וועגען אַ צייטווייליגער רעגירונג, וואָס זאָל איבערנעמען די פיהרערשאַפט פון דער מלוכה נאָך דעם ווי מען וואַרפט אַרונטער דעם צאַריזם און איידער מען גרינדעט אַ פּאָלקס־רעגירונג.

די פראַזע „פאַרכאַפּען די מאַכט" באַווייזט זיך אין אַ שפּעטער־דיגען דאָקומענט — אין דער שריפט „די פאַרבאַרייטונגס אַרבייט פון דער פּאַרטיי". און אויב מיין זכרון נאַרט מיך ניט, איז מען איבער אַט דעם דאָקומענט, אָדער איבער אַן אַנדערען, וואָס האָט אין זיך געהאַט די פראַגע „פאַרכאַפּען די מאַכט", אָנגעפאַלען אויף זשעליאַבאָוו'ן, פאַרוואָס ער האָט צוגעלאָזען אַזאַ אויסדרוק, וואָס טראָגט דעם כאַראַקטער פון דער יאַקאָבינער טעאָריע אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. און איך געדענק נאָך אַזוי ווי היינט, ווי איך בין אויך געווען ביי זשעליאַבאָוו'ן אין הויז אין איזמאַילאָווער פּאָלק און ווי סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ און לאַנגאַנס האָבען צו איהם געהאַט טענות דערפאַר. מיר זיינען אַלע געווען ברוגז אויף זשעליאַבאָוו'ן דערפאַר, ווייל קיינער פון אונז איז ניט געווען קיין יאַקאָבינער. עס איז ביי אונז גאָר קיינמאָל קיין רייד ניט געווען וועגען אַרויפוואַרפען אויף דער מאַיאָריטעט דעם ווילען פון דער מינאָריטעט און מיר האָבען קיינמאָל ניט געטראַכט וועגען אַזאַ רעגירונג, וואָס זאָל מיט באַפעהלען און דעקרעטען מאַכען רעוואָלוציאָנערע, סאָציאַליסטישע און פּאָליטישע איבערקערענישען. וואָרים ווען מיר וואָלטען אַזוי געדענקט, וואָלטען מיר דאָך דעם נאָמען „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" ניט גענומען אַלס דעם דעוויז פון אונזער פּאַרטיי.

די פראַגע וועגען אַ צייטווייליגער רעגירונג איז ביי אונז אין אַלגעמיין געווען גיכער אַן אַקאַדעמישע; עס איז אונז גאָר ניט איינגעפאַלען, אַז מיר וועלען דאָס דערלעבען, ובפרט נאָך, אַז מיר אַליין וועלען טאַקע זיין מיטגלידער אין אַזאַ רעגירונג; מיר האָבען דעם פּונקט גלאַט אַריינגעשטעלט, כדי די פּראָגראַמע זאָל זיין וואַזשנער; ניט פאַר אונז, נאָר פאַר דער צוקונפט, ווען די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי וועט זיך צוואַוואַקסען ברייטער. און אויב מיר וועלען דאָס יאָ דערלעבען, וועט אוודאי אויסקומען אַזוי, אַז די ליבעראַלען, די כלל־טוער, די אַדוואָקאַטען, די פּראָפעסאָרען און די זשורנאַליסטען וועלען מיט אונזערע הענט שאַר'ן פייער, פּונקט אַזוי ווי עס איז געווען אין פראַנקרייך אין'ם 19טען יאָהרהונדערט.

און מיר האָבען קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווייל מיר האָבען זעהר געוואָלט אַרונטערוואַרפען דעם צאַריזם, וואָס האָט ווי אַ שווערער באַרג געשטיקט די כחות פון די פאָלקס־מאַסען און זיי געהאַלטען אין אָרימקייט, פינסטערניש און אונטערגאַנג.

ווי ווייט מיר זיינען געווען פון דער יאַקאָביניסטישער טעאָריע קאָן מען זעהן פון דעם בריף, וואָס דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט צוגעשיקט צו אַלעקסאַנדער דעם דריטען נאָכ'ן ערשטען מערץ, 1881. אַרויסשטעלענדיג די פאָדערונג פאַר אַ גרינדונגס פאַרזאַמלונג, האָט דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" דאָך צוגעזאָגט זיך אונטערצואוואַרפען דעם ווילען פון פאָלק, וואָס וועט אויסגעדריקט ווערען דורך זיינע פאַרטרעטער. און דאָס האָט געהייסען גאַנץ איינפאַך, אַז אויב די פאַרטרעטער פון פאָלק וועלען מיט זייערע שטימען אויסדריקען אַזאַ וואונש, וואָס וועט זיין פונקט דער היפוך פון דעם וואָס די רעוואָלוציאָנערע פאַרטיי וויל, וועט זי דאַן ניט אָנווענדען קיין טעראָריסטישע מיטלען, נאָר גלאַט פּראָפּאַגאַנדירען איהרע אידעען צווישען די פאָלקס־מאַסען, וועלכע זיינען נאָך ניט דערוואַקסען צו פאַרשטעהן זייערע אייגענע אינטערעסען.

בלויז איינע פון אונז איז געווען אַ גרויסע אָנהענגערין פון דער יאַקאָביניסטישער טעאָריע, און דאָס איז — מאַריאַ ניקאָלאַיעוונאַ אָשאַנינאַ־אָלאָווענ יקאָוואַ. אַליין האָט זי געשטאַמט פון אַ פאַמיליע פון רייכע פּריצים אין אָרלאָווער גובערניע און ערצויגען האָט זי זיך אין אָריאָל. דאָרטען איז זי געוואָרען אַ רעוואָלוציאָנערקע. איהר לעהרער איז געווען זאַיטשנעווסקי, זעהר אַ פעהיגער מענש, אַן אַלטער רעוואָלוציאָנער, אַן אויסגעשפּראָכענער יאַקאָבינער, וועלכער איז נאָך אין די זעכציגער יאָהרען געווען פאַרשיקט קיין סיביר. אין פאַרלויף פון אַ סך יאָהרען איז ער געווען דער וועג־ווייזער פאַר דער שטודירענדער יוגוואַרג, און מאַריאַ ניקאָלאַיעוונאַ איז געשטאַנען אונטער זיין איינפלוס.

זעהר אַ קלוגע און אַ ריהרעווודיגע איז זי געווען, מאַריאַ ניקאָלאַיעוונאַ, און דערצו נאָך זעהר אַן ענערגישע און אַ מוטיגע, און אַ דאַנק דעם האָט זי געהאַט אַ גרויסען איינפלוס סיי ביי אונז און סיי ביי פרעמדע. אָבער דער צענטער פון איהר טעטיגקייט איז געווען ניט אין פעטערבורג, נאָר אין מאָסקווא, וואו זי האָט זיך באַזעצט אין די סאַמע ערשטע צייטען ווען די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז געגרינדעט געוואָרען. אָבער אפילו אין מאָסקווא האָט מען ניט געמערקט, אַז זי זאָל מיט גרויס ערפאָלג פאַרשפּרייטען די יאַקאָביניסטישע טעאָריע צווישען דער יונגוואַרג, און מען קאָן ניט זאָגען, אַז די פראַזע „פאַרכאַפּען די מאַכט", וואָס האָט זיך געוויזען אין

איינינע דאָקומענטען פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" שטאַמט פון איהר.

אַ היסטאָריקער וואָלט געקאָנט ארויסזאָגען אָן השערה, אז דער יאַקאָביניסטישער איינפלוס האָט זיך גענומען פון אויסלאַנד. דאָרט איז אין יענער צייט ערשינען דער יאַקאָביניסטישער זשורנאַל „נאַבאַט", וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען פריהער פון טקאַטשעוו'ן און דערנאָך פון טורסקי'ן.

ווען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד האָט אָנגענומען אַ קעמפענדען כאַראַקטער און אָנגעהויבען אַטאַקירען די זעלבסטהערשענדע רעגירונג, איז דער זשורנאַל „נאַבאַט" ארויס מיט אַ שמחה און געשריבען, אַז דאָס איז אַ דאַנק זיין איינפלוס. אָבער עס הויבט זיך גאָר ניט אָן. דער „נאַבאַט" האָט כמעט ניט געהאַט קיין שום פאַרבינדונגען מיט רוסלאַנד און זיין פאַרשפּרייטונג איז דאָרטען געווען אזוי נישטיג און אומבאַדייטענד, אַז פאַר דער גאַנצער צייט נאָכדעם ווי איך בין, אין 1875, געקומען צוריק פון צוריך קיין רוסלאַנד, האָב איך אין ערגעץ ביי קיינעם קיין איינציגען נומער ניט געזעהן, און ביז'ן יאָהר 1883, ווען מען האָט מיך אַרעסטירט, האָב איך אין ערגעץ, אין די אַלע שטעדט, וואו איך בין געווען, ניט געהערט, אַז מ'זאָל ריידען וועגען דעם זשורנאַל.

עטליכע אָנהעננער פון דער יאַקאָביניסטישער טעאָריע זיינען יאָ געווען צוואָרפען דאָ און דאָרטען. זאַיטשנעווסקי — אין אָריאָל, די סטודענטקע יוזשאַקאָוואַ — אין אדעס. אָבער קיין גרויסע באַדייטונג האָט דאָס ניט געהאַט. עס איז אפילו פאָרגעקומען אַ פּראָצעס פון יאַקאָבינער אין קורסק; מען האָט געשטעלט צום געריכט לאַוורעניוס'ן, טימאָפעיעוו'ן, ספּיצינ'ען און לעבעדעוו'ן. אָבער חוץ זייערע אייגענע האָט קיינער ניט געוואוסט פון זיי און ניט פון זייער טעטיגקייט. וויפיל „נאַבאַטס" מען האָט געשיקט קיין רוסלאַנד, האָט מען זיי פאַרכאַפּט ביי דער גרענעץ, און פּאָליוואַנאָוו האָט מיר איינמאָל דערצעהלט, אַז די ארויסגעבער פונ'ם זשורנאַל האָבען ניט אין פּעטערבורג קיינעם, וואָס זאָל די נומערען קריגען און צוטיילען.

סיי די „זעמליאַ אי וואָליאַ" און סיי די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָבען ניט געהאַט קיין פאַרבינדונגען מיט'ן „נאַבאַט" און זיך קיינמאָל ניט אָנגעשלאָגען אַזעלכע פאַרבינדונגען צו שאַפען.

אָבער אויב עס איז צווישען די ערשטע גרינדער פון דער

„נאראָדנאיא וואָליא" געווען אזא יאקאָבינערקע ווי די מאדאם אשאנינא. האָבען מיר צווישען זיך אויך געהאט א גוטען און ליבען חבר, וועלכער האָט נאָך דאַן ערקלערט, אַז ער איז א סאָציאַל־דעמאָקראַט. דאָס איז געווען זונדעלעוויטש, א געוועזענער אָנ־הענגער פון טשאיקאָווסקי'ן און דערנאָך א „זעמלעוואָלעץ". ער האָט א שטיק צייט פארבראַכט אין דייטשלאַנד און דאָרטען האָט ער זיך ניט באַנוגענט דערמיט, וואָס ער האָט זיך באַקענט מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טעאָריע, נאָר ער איז טאַקע געוואָרען א סאָציאַל־דעמאָקראַט, לויט'ן דייטשען שניט.

זונדעלעוויטש איז געווען זעהר א קלוגער, א לעבעדיגער, אַן ענערגישער, און וואָס מען האָט נאָר געדאַרפט האָבען פאר דער



אהרן זונדעלעוויטש.

פארטיי, האָט ער געקראָגען. אַלס א קלוגער מענש, מיט אַן אָפען אויג, האָט ער איינגעזעהן, אַז אין דער פּויערשער רוסלאַנד קאָן מען ניט גרינדען אַזאַ פּראָלעטאַרישע פארטיי ווי אין דער אינדוסט־ריעלער דייטשלאַנד. שטעהן פון דער וויטענס אין דער צייט ווען אין רוסלאַנד עקזיסטירט א זעלבסטהערשענדע רעגירונג און אויך א רעוואָלוציאָנערע גרופּע, וואָס פיהרט אַן א קאַמף געגען איהר — דאָס האָט זונדעלעוויטש ניט געקאָנט. אזוי אז ניט קוקענדיג דאַ־

רויף, וואָס ער איז גאָר געווען א סאָציאַל־דעמאָקראַט, לויט דעם אייראָפּעאישען שטייגער, איז ער דאָך געוואָרען א מיטגליד אין דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״, ווייל ער האָט זיך גערעכענט מיט די אומ־שטענדען אין רוסלאַנד און דעריבער איז ער געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דער רעוואָלוציאָנערער גרופּע, וואָס דאָס רוסישע לעבען האָט אַרויסגערוקט אין די פאָדערשטע רייהען פונ׳ם קאַמף.

אי די מאַדאַם אשאַנינאַ, אי זונדעלעוויטש האָבען גוט פאַר־שטאַנען די לאַגע, און דערפאַר האָבען זיי זיך אָנגעשלאָסען אָן דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ און ניט אַריינגעטראָגען קיין רייסערייען, כדי ניט צו שטערען אין דער אַרבייט.

דאָס וואָס ס׳איז געווען אַלגעמיין, האָט פאַרכאַפּט אַלע־מען, אָהן אונטערשייד, און דאָס אַלגעמיינע וואָס האָט אונז דאַן אַלעמען פאַראייניגט, איז געווען — דער מוטיגער גייסט, די שטרע־בונג צום אַקטיווען קאַמף און דער געפיהל פון פאַרדרוס געגען דעם וואָס אי דאָס פאָלק, אי די געזעלשאַפט, אי די דאַמאָלסטיגע פריד־ליכע סאָציאַליסטען זיינען עפּעס ווי פאַרגליווערט געוואָרען און טוען גאָרניט.

נישטאָ מעהר קיין בעלנים אָנצופיהרען פּראָפּאַגאַנדע אין דאָרף.

אין אָנפאַנג ווען די אָרגאַניזאַציע „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ האָט זיך געגרינדעט און די פּראָגראַמע איז שוין געווען פאַרטיג צום דרוק, זיינען דאָס רוב פון אונזערע מיטגלידער געווען געצווינגט צום דאָרף מעהר ווי צו דער שטאָדט. קיין וואונדער איז דאָס ניט געווען, ווייל מיר אַלע זיינען געווען פאַרבונדען מיט׳ן דאָרף. מיר האָבען אַלע געאַרבייט צווישען די פּויערים און איינגעזאַפּט אין זיך דעם גייסט פונ׳ם דאָרף. עס איז געווען שווער אַרויסצורייסען פון האַרצען דעם געפיהל וואָס האָט זיך דאָרטען אזוי טיף איינגעוואָר־צעלט, און אויב מיר זיינען פון די דערפער אַרוים און זיך גענומען פאַר דער אַרבייט אין שטאָדט, איז דאָס ניט געווען אונזער שולד, נאָר די שולד פון דער פּאָליציי וואָס האָט אונז ניט געלאָזט צוקומען נאָהענט צו די פּויערים.

שפּעטער אָבער, ווען מיר האָבען זיך מיט לייב און לעבען אַריינגעוואָרפען אין דעם נייעם קאַמף און מיר זיינען געוואָרען שטאַרק פאַרטאָן אין דער אַרבייט, האָט דער אידעאַל פון „געהן אין פאָלק״ דווקא אין דאָרף פאַרלאָרען דעם פריהערדיגען גלאַנץ אין

די אויגען און דער אינטערעס צום דאָרף איז געוואָרען שוואַכער.

יענער טייל אין דער פּראָגראַמע פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליא“, וואו עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען ארבייטען אין דאָרף, איז ביסלעכווייז געוואָרען ניט מעהר ווי א פּסוק אין א געשריבענער תּורה. און דאָס איז געטאָן געוואָרען פון זיך, עפּעס ווי גאר געגען אינזער אייגענעם ווילען. די אומשטענדען אליין האָבען געבראַכט דערצו, ווייל נאָך איידער די „נאַראָדנאַיאַ וואָליא“ האָט זיך גענומען צו דער ארבייט, זיינען שוין געווען זעהר ווייניג נייע בעלנים צו פאָהרען אין די פּאַרוואָרפענע דערפער ארבייטען צווישען די פויערים.

פּלעכאַנאָוו און פּאָפּאָוו האָבען זיך פעסט געהאַלטען ביי זייער שטאַנדפּונקט, אז מען דאַרף ניט אוועקגעהן פון דער אַלטער פּראָגראַמע; דערביי האָבען זיי באַוויזען, אז דער פּאָליטישער טעראָר שלעפּט אוועק די יונגוואַרג פון דער ניצליכער ארבייט וואָס זיי וואָלטען געקאָנט טאָן אין דאָרף. ביי פּלעכאַנאָוו'ן און פּאָפּאָוו'ן איז אויסגעקומען, אז דער פּאָליטישער טעראָר פארפיהרט מענשען.

זיי זיינען אָבער ניט געווען גערעכט. ניט דער פּאָליטישער טעראָר האָט געבראַכט דערצו, אז עס זאָלען ניט צוקומען קיין נייע בעלנים צו „געהן אין פאָלק“, נאָר דער פאַקט וואָס די ארבייט אין דאָרף האָט ניט געבראַכט קיין רעזולטאַטען. דאָס האָבען באַשטע־טיגט די אַלע מענשען וואָס האָבען געארבייט אין דאָרף. זיי האָבען אליין צוגעגעבען, אז זיי האָבען זיך ניט מיט וואָס צו באַריהמען און אז עס איז פאַר זיי אונמעגליך צוצוציהען צום דאָרף נאָך מעשען, וועלכע האָבען טאַקע באמת די כונה צו ברענגען נוצען דעם פאָלק. די אַלע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען געארבייט אין די דערפער, האָבען גע'טענה'ט איינס: „אפילו אויף א כשר'ען, לעגאַלען שטייגער קען מען דאָרט ניט ארבייטען; יעדער טועֶר אין דאָרף פיהלט זיך שטענדיג ווי איינגעקלאַמערט אין צוואַנגען, ווייל אַלע בעאַמטע — דער אוריאַדניק, דער סטאַרשינאַ, דער שרייבער פון וואָלאָסט און אויך דער פּריץ אליין — קוקען קרום און האַלטען אַן אויג אויף איהם“. ווילענדיג ניט ווילענדיג האָט מען זיך געמוזט צולויפען פון די דערפער און אויפגעבען די ארבייט „אין פאָלק“, און דאָס האָט ניט געקענט צוגעבען קיין חשק נייע מענשען זיך צו נעמען פאַר אַן ארבייט וואָס ברענגט ניט קיין רעזולטאַטען און פאַר וועלכער מען ווערט אזוי שטאַרק פארפאָלגט.

איך האָב אליין געארבייט אין דערפער אין די יאָהרען פון 1877־1879. איך בין געווען גוט באקאנט מיט דער לאגע אין סאמארער, סאראטאָווער, טאמבאָווער און וואראנעזשער גובע־ניעס, און איך קען באשטעטיגען, אז דער אידעאל פון „געהן אין פאָלק" האָט לאנג ניט אָנגעהאלטען און אז ארום און זיינען געווען זעהר ווענינ אזעלכע טוער און אז זעהר ווענינ נייע זיינען צוגעקומען.

אין פעטראָווסקער אויעזד בין איך געווען צעהן חדשים, מיינע נאָהענטסטע פריינד און חברים האָבען אין וואָלסקער אויעזד גע־ארבייט אין די דערפער א סך לענגער, און איך קען מיט זיכערקייט אונטערשטרייכען דעם פאקט, אז פאר דער גאנצער צייט איז צו אונז ניט צוגעקומען קיין איין נייער מענש, כאָטש עס איז שוין דאן גאר ניט אזוי שווער געווען צו געפינען א שטעלע.

פון דער איינזאמקייט אין די דערפער און אויך דערפון, וואָס מען זעהט ניט קיין רעזולטאטען פון דער ארבייט, האָט מען געקאָנט ווערען פארצווייפעלט ביז משוגעת, און עס איז פשוט מיט נסים, וואָס מיר, יונגע, לעבעדיגע און ענערגישע מענשען, האָבען אזא לאנגע צייט געליטען דערפון און זיך ניט גענומען צו אנדערע רעוואָ־לוציאָנערע ארבייט וואָס ברענגט מעהר נוצען. טאקע בלויז דער שטארקער גלויבען אין פאָלק און אויך די האָפנונג, אז סוף כל סוף וועט דאָך קומען א צייט ווען די מאסען וועלען זיך אויפכאפּען פונ׳ם שלאָף — טאקע נאר דאָס האָט אונז געקאָנט אונטערגעבען מוט צו ליידען אזא לאנגע צייט.

עס איז דאריבער קלאָר, אז פּלעכאנאָוו און פּאָפּאָוו זיינען ניט געווען גערעכט מיט זייערע באהויפּטונגען, אז איבער דעם וואָס מען האָט אזא ערפאָלג אין די טעראָריסטישע אָנפאלען, ציהט מען אוועק די שטודירענדע יונגווארג, די בעסטע רעוואָלוציאָנערע כחות פון דער ארבייט וואָס זיי וואָלטען געקאָנט אָנפיהרען צווישען די מאסען.

דער פּאָליטישער טעראָר האָט קיינעם פון קיין אידעאל ניט אוועקגעשלעפּט, נאָר, פארקערט, ער האָט אריינגעשלעפּט אין א נייער באגייסטערונג. מאראָזאָוו, אָסינסקי, קוויאטקאָווסקי און מיכאילאָוו האָבען גוט געוואוסט און גוט פארשטאנען פון וואָס א יונג הארץ קאָן אָהויבען קלאפּען פון גרויס באגייסטערונג און מיט וואָס פאר א פייער מען קאָן אָנצינדען די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג אזוי, אז זי זאָל זיך ווי א פלאקער צוברענען איבער גאנץ

רוסלאנד. זיי האָבען אָנגעוויזען אויף א ממשות'דיגען ציעל און ווי אזוי מען קאָן איהם דערגרייכען. זייער ארבייט איז געווען א ביישפּיל פאר אנדערע, זייער ארבייט האָט באגייסטערט אַלעמען, זייער ארבייט האָט גערופען צום קאמף, צו א בראווען, מוטיגען קאמף.

דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" פון דער „נאראָדנאיא וואָליא".

נאָכדעם ווי מען האָט פאר אונז איבערגעלייענט די נייע פּראָגראמע, וועלכע איז פון אַלעמען אָנגענומען געוואָרען כמעט אָהן דעבאטען, האָבען מיר זיך גלייך גענומען אָרגאניזירען די פּארטיי און אויסארבייטען די קאָנסטיטוציע פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט".

דעם נאָמען האָבען מיר גענומען ביי די ליפּעצקער חברים, וועלכע האָבען די ערשטע אוועקגעלעגט דעם פונדאמענט פאר דער טעטיגסטער גרופּע, וואָס איז דערנאָך געוואָרען דער צענטער און וואָס האָט שפּעטער אָנגעפיהרט די גאנצע ארבייט פון דער פּארטיי, וואָס מיר האָבען געגרינדעט.

נעמענדיג אין אכט די גרויסע פאָדערונגען און אויך דעם שווערען און אָנגעשטרענגטען קאמף וואָס מען דארף פיהרען מיט דעם מעכטיגען שונא, האָט די פּארטיי „נאראָדנאיא וואָליא" אויס־געארבייט א פּלאַן, וואָס האָט אין זיך געהאַט א שטרענג צענטראַ־ליסטישען כאראקטער און וואָס איז אין דער זעלבער צייט געווען געבויט אויף אזא שטייגער, אז ער זאָל ארומכאפּען גאנץ רוסלאנד.

אין די וויכטיגסטע צענטרען האָט מען פארשפּרייט א נעץ פון געהיימע אָרגאניזאציעס — גרופּעס פון „נאראָדאָוואָלצעס"; אייני־גע האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט אין איין געגענד, אנדערע האָבען זיך אויסגעקליבען ספּע־ציעלע רעוואָלוציאָנערע ארבייטען; אָבער אַלע צוזאמען האָבען געהאט אַן אַלגעמיינעם צענטער, און דאָס איז געווען דער „איספּאָל־ניטעלני קאָמיטעט". ער האָט געקאָנטראָלירט די גאנצע ארבייט, און ער האָט פארבונדען די אַלע איינצעלנע גרופּעס אין איינער.

דעם דאָזיגען צענטער האָבען זיך אַלע גרופּעס געמוזט אונ־טערוואַרפען. אויף זיין באפעהל האָבען זיי געמוזט איבערגעבען אין זיין רשות אַלע כחות און אַלע מיטלען. אַלעס האָט געמוזט זיין אין די הענט פון דער צענטראַלער קערפּערשאפט. אין דער

צייט פון אַן אויפשטאַנד האָבען די שליסלען פון דער גאַנצער באַ־וועגונג געדאַרפט זיין אין די הענט פון דער צענטראַלער קערפּער־שאַפט, דאָס הייסט אין די הענט פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָ־מיטעט". ער האָט געקאָנט אַרויסגעבען אַ באַפעהל, אַז אַלע כחות פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי זאָלען גלייך אַרויסגעשטעלט ווערען אין פראָנט; ער האָט געקאָנט אַרויסשטעלען די פאָדערונג, אַז איידער דער אויפשטאַנד ברעכט אויס, זאָל מען מיט לייב און לעבען זיך איבערגעבען דער פאַרשווערונג וואָס ווערט געמאַכט געגען קיסר, כדי איבערצוגעבען די אויבערשטע מאַכט אין די הענט פון'ם פאָלק.

צו דעם זיינען געווען געווענדעט אַלע כחות פון דער פּאַרטיי. מיט אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט האָט מען זיך שטאַרק געדאַרפט אָפּ־געבען; און עס איז ניט מעהר ווי אַ צופאַל, וואָס מען האָט אונזער פּאַרטיי געקרוינט מיט'ן נאָמען „טעראָריסטישע", וואָרים דער טע־ראָר „אַן און פאַר זיך" איז ניט געווען דער ציל פון אונזער פּאַרטיי. ער איז בלויז געווען אַ מיטעל זיך צו באַשיצען, זיך צו פּאַרטיי־דיגען אין קאַמף; ער איז אויך באַטראַכט געוואָרען אַלס אַ שטאַר־קער אגיטאַציאָנס־מיטעל, און באַנוצט האָט מען זיך מיט איהם בלויז אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל ער האָט געקאָנט העלפען דער־גרייכען די ציעלען, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטעלט. דער פּלאַן צו דער'הרג'ענען דעם קיסר איז אריינגענומען געוואָרען ווי אַ טייל פון דער ארבייט.

אינ'ם יאָהר 1879, אָסיען־צייט, האָט מען שטאַרק געמוזט אַרבייטען איבער דעם פּלאַן צו דער'הרג'ענען דעם קיסר. עס איז פּשוט געווען די פראַגע פון טאָג, און איבער דעם טאַקע האָט דער רעוואָלוציאָנער גאָלדענבערג, וועלכער האָט אונז דערנאָך פאַרראַ־טען, אָנגענומען דעם טעראָר אַלס דעם עיקר פון דער גאַנצער־פּראָגראַמע. און גאָלדענבערג איז ניט געווען דער איינציגער.

דער פאַרלאַנג צו מאַכען אַ סוף צו דער רעאַקציע, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק צווישעט און אויף שריט און טריט געשטערט אָנצופיהרען די אַרבייט, און דער שטאַרקער חשק וואָס גיכער פּטור צו ווערען פון דער „סאַמאָדערזשאַוויע", וואָס הענגט ווי אַ שווערער באַרג איבער'ן קאָפּ, איז געווען די הויפּט־אורזאַכע פאַרוואָס מען האָט באַשלאָסען אָנצואווענדען טעראָריסטישע מיטלען; און דער־פאַר טאַקע האָט דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", אַזוי שנעל ווי

ער איז געגרינדעט געווארען אלס די צענטראלע קערפערשאפט פון דער פארטיי „נאראדנאיא וואליא", זיך גלייך גענומען פאר דער ארבייט צו מאכען אן אנפאל אויף אלעקסאנדער דעם צווייטען אויף פיר ערטער און זעהן איהם אפראמען פון וועג.

אין דער זעלבער צייט אבער האבען די מיטגלידער פונ'ם „איספאלניטעלני קאמיטעט" אנגעפיהרט א רעוואלוציאנערע פראפאגאנדע סיי צווישען די ארבייטער און סיי צווישען די אינטעליגענטען. זשעליאבאוו האט אנגעפיהרט א רעוואלוציאנערע פראפאגאנדע אין כארקאוו, קאלאדקעוויטש און איך — אין אדעס, אלעקסאנדער מיכאילאוו — אין מאסקווע, און קוויאטאווסקי, קארבא און אנדערע — אין פעטערבורג.

די פראפאגאנדע ארבייט איז ביי אונז שטענדיג געגאנגען האנט אין האנט מיט דער טעראריסטישער ארבייט, עס איז ניט מעהר, מען האט זי ווייניגער אנגעזעהן. זי האט אבער אלעמאל געמוזט ברענגען רעזולטאטען.

די נייע פארטיי האט געוואוסט, וואס פאר נוצען מען קען האבען פון די געקריוודעטע און אונצופרידענע מענשען אין דער צייט ווען מען פלאנעוועט א פארשווערונג געגען א קיסר, און דאריבער האט זי געלעגט א סך געוויכט אויף דער רעוואלוציאנערער ארבייט צווישען די פויערים אין די דערפער. מענשען, וועלכע האבען זיך אונטערנומען צו „געהן אין פאלק" זיינען באטראכט געווארען אלס נויטיגע; אבער, צום באדויערען, ווי איך האב שוין פריהער דערצעהלט, זיינען צוגעקומען זעהר ווייניג נייע בעלנים צו „געהן אין פאלק".

די קאנסטיטוציע פונ'ם „איספאלניטעלני קאמיטעט" האבען אנגעשריבען די חברים וואס האבען צונויפגערופען די געהיימע בעראטונג אין ליפעצק. צי מען האט עפעס געענדערט אין איהר, געדענק איך ניט. איך געדענק אבער די פאדערונגען וואס זי האט ארויסגעשטעלט צו אונז, איהרע מיטגלידער:

ערשטענס, אוועקגעבען אלע גייסטיגע כחות דער רעוואלוציע, פארגעסען אן די אייגענע, ניט אין זינען האבען קיין קרובים און קיין פריינד און זיך ניט רעכענען מיט קיין אייגענע סימפאטיעס, ליבע אדער פריינדשאפט.

צווייטענס, מקריב זיין דאס אייגענע לעבען, ווען עס איז נויטיג, זיך ניט רעכענען מיט קיין זאך, און ניט שאנעווען קיין מענשען.

ד ר י ט ע נ ס, ניט האָבען קיין פּריוואַט־אייגענטום און ניט פאַרמאָגען קיין זאַך וואָס זאָל אין דער זעלבער צייט אויך ניט זיין דאָס אייגענטום פון דער ארגאַניזאַציע, אין וועלכער מען איז א מיטגליד.

פ ע ר ט ע נ ס, מיט לייב און לעבען זיך איבערגעבען דער געהיימער אָרגאַניזאַציע, זיך אינגאַנצען אָפּזאָגען פונ'ם אייגענעם ווילען און זיך אונטערוואַרפען דעם ווילען פון דער מאַיאָריטעט, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין די באַפעהלען פון דער אָרגאַניזאַציע.

פ י נ פ ט ע נ ס, האַלטען בסוד אַלע זאַכען פון דער אָרגאַניזאַציע — די פונקטען פון דער פּראָגראַמע, די פּלענער און אויך די השערות וואָס ווערען געמאַכט.

ז ע ק ס ט ע נ ס, אין קיין פאַל, סיי פּריוואַט, סיי געזעלשאַפטליך און סיי אָפיציעל — ניט זאָגען, אז מען איז א מ י ט ג ל י ד פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט”, נאָר אן א ג ע נ ט.

ז י ב ע ט ע נ ס, ווען מען טרעט אַרויס פון דער אָרגאַניזאַציע, זאָל מען האַלטען ס'מויל און קיינעם ניט דערציילען קיין וואָרט און קיין זאַך וואָס מען ווייסט.

אָט די פאָדערונגען זיינען געווען גרויס און שווער; אָבער פאַר אונז, פאַר די מענשען וואָס זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט'ן רעוואָלוציאָנערען גייסט, איז געווען גרינג זיי אויסצופאָלגען, ווייל אין אונזערע הערצער האָט געברענט א שטאַרקער געפיהל, וואָס ווייסט ניט און וויל ניט וויסען פון קיין צוים, פון קיין שטערונג — א געפיהל, וואָס לאָזט ניט קוקען צוריק, אויך ניט רעכטס און ניט לינקס, נאָר פאָראויס.

ווען אָט די פאָדערונגען וואָלטען געווען קלענער, ווען זיי וואָלטען ניט אָנגעריהרט אזוי טיף די פּערזאָן פונ'ם מענשען, וואָלטען זיי אונז ניט צופרידענגעשטעלט; און דוקא דערפאַר וואָס זיי זיינען געווען אזוי שטרענג, האָבען זיי דערהויבען דעם מענשען און האָבען איהם אריינגעפיהרט אין א שעהנערער וועלט, ווייט פון די וואָכעדיגע קליינינקייטען; דער מענש האָט שטאַרק גענומען פיהלען, אז אין איהם לעבט און אז אין איהם מוז לעבען א גרויסער אידעאַל.

## צעהנטער קאַפּיטעל.

### אַן אָנפאַל.



זוי שנעל ווי דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" איז פאַרטיג געוואָרען מיט דער טעאָרעטישער ארבייט, איז אָנגענומען געוואָרען דער באַשלוס צו מאַכען אַן אָנפאַל אויפ'ן קיסר ניט אויף איין אָרט, נאָר אויף דריי ערטער, פּונקט דאַן ווען ער וועט פאָהרען פון קרים קיין פּעטערבורג.

כדי דאָס דורכצופיהרען זיינען אייניגע אגענטען אונזערע גלייך ארויסגעפאהרען קיין מאָסקווא, כארקאָוו און אָדעס. אַלע אָנפאַלען האָבען געדאַרפט געמאַכט ווערען מיט דינאַמיט. — ווי אזוי מען זאָל דאָס טאָן און וואו מען זאָל די אָנפאַלען מאַכען — דאָס האָבען געדאַרפט באַשטימען די אגענטען, אין וועמעס הענט מען האָט די גאַנצע ארבייט איבערגעגעבען, אבער דער אַלגעמיינער פּלאַן האָט געמוזט גוטגעהייסען ווערען פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", אַנדערש האָט מען איהם ניט געטאָרט דורכפיהרען; די אגענטען ווידער האָבען געהאַט דאָס רעכט צו נעמען ארויס־העלפער פון די אָרטיגע חברים.

אויף ווי ווייט אַלעס איז געטאָן געוואָרען אין געהיים, אויף ווי ווייט מען האָט געהאַלטען בסוד יעדער זאַך, קען מען זיך פאָר־שטעלען דערפון וואָס די אגענטען, וועלכע האָבען געזאָלט מאַכען דעם אָנפאַל אויפ'ן קיסר אין איין אָרט, האָבען ניט געטאָרט וויסען די פּלענער פון די אַנדערע אגענטען, וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרען צו מאַכען דעם אָנפאַל אויף אַנדערע ערטער.

אין דער זעלבער צייט האָט דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" אָנגעהויבען מאַכען אַלע נויטיגע פּאַרבאַרייטונגען אויפצורייסען מיט דינאַמיט דעם ווינטער פּאַלאַץ. אָבער דאָס האָט מען נאָך מעהר געהאַלטען אין געהיים; בלויז די אַדמיניסטראַציע האָט געוואוסט דערפון און זי איז באַשטאַנען פון דריי מיטגלידער, וועלכע מען פלעגט אויסקלייבען בלויז פאַר אונגעהויער וויכטיגע צוועקען.

די דריי אויסגעקליבענע מיטגלידער זיינען דאן געווען: אַלעקסאנדער מיכאַילאָוו, טיכאָמיראָוו און אלעקסאנדער קוויאַט־קאָווסקי.

פון קוויאַטקאָווסקי'ן האָב איך איין מאָל געהערט אזא באמערקונג:

„אין דער צייט ווען מען מאכט אָט די אַלע נויטיגע פּארבאַ־רייטונגען צו דער'הרג'ענען דעם קיסר, איז די בראַוקייט פון אַן איינציגען מענשען אין גאנצען איבעריג, ווייל מיט איין אומפּאָר־זיכטיגען שריט קען מען אַלעם קאַליע מאכען."

געזאָגט האָט ער דאָס זעהר שטיל און איך האָב אין אָנפאַנג ניט פארשטאַנען וואס ער מיינט. ערשט שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אז ער מיינט דערמיט דעם רעוואָלוציאָנער כאַלטורין, וועלכער האָט דערצעהלט, אז ווען ער האָט, אלס סטאָליאר, געארבייט אויפ'ן קיסר'ס יאכט, איז ער איינמאָל געשטאַנען לעבען קיסר און דאן האָט ער איהם געקענט דערלאַנגען מיט א האמער איבער'ן קאָפּ און איהם דער'הרג'ענען אויפ'ן אָרט.

אזוי ווי איך בין ניט געווען צווישען די מענשען, וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרען פונ'ם קאָמיטעט צו ארגאַניזאַרען דעם אָנפאַל אויפ'ן קיסר, און אזוי ווי עס איז מיר שווער געווען צו פילען ביי זיך, אז אין דער צייט וואָס מיינע חברים וועלען זיין אין געפאהר צו קריגען די שווערסטע שטראָף, זאָל איך בלויז טראָגען אויף זיך אַ מאָראַלישע פאראנטווארטליכקייט, האָב איך אָנגעווענדעט אַלערליי מיטלען, אז די אָרגאַניזאַציע זאָל מיר אויך געבען עפּעס אַן ארבייט ביים דורכפיהרען דעם אָנפאַל.

אין אָנפאַנג האָט מען מיר דערפאַר געזאָגט מוסר; מען האָט מיר פאָרגעוואָרפען, אז איך זוך אייגענעם פארגעניגען און שטעל זיך ניט צופרידען דערמיט, וואס די ארגאַניזאַציע נוצט אויס מיינע פעהיגקייטען אזוי ווי זי געפינט פאַר נויטיג. דערנאָך האָט מען מיט מיר געמאכט א פּשרה, און מען האָט מיך געשיקט קיין אדעס מיט דינאַמיט.

כדי די פּאָליציי זאָל ניט פאלען אויף דעם שפּור פון דער וואוינונג, וואָס מען האָט געמוזט האָבען פאַר געזעלשאַפטליכע צוועקען, האָב איך, מיט דער צושטימונג פון דער אָרגאַניזאַציע, געבעטען, אז דאָרטען זאָל זיך באַזעצען מיין שוועסטער יעווגעניא, וועלכע איז מיט א קורצער צייט צוריק געקומען פון ריאַזאַנער

גובערניע, וואו זי האָט פֿאַרבראַכט דעם זומער, און דערנאָך געלעבט אין פּעטערבורג אונטער'ן נאָמען פּאָבערעזשעסקאַיאַ.

איך האָב ניט געוואוסט, אַז מיין שוועסטער האָט, אַ דאַנק איהר אונערפאהרענקייט, אין פּעטערבורג, זיך פֿאַרגעשטעלט פאר אַ סך מענשען אַלס פריילין פּאָבערעזשעסקאַיאַ און איך האָב פֿאַרגעשלאָגען, אַז זי זאָל זיך אונטער דעם זעלבען נאָמען באַזעצען מיט קוויאַטקאָווסקי'ן אויף איין קוואַרטיר. און אויף אַזאַ אופן איז אויסגעקומען, אַז אינדירעקט האָב איך געהאַט אַן אנטייל אין קוויאַטקאָווסקי'ס טרויעריגען שיקזאַל. וואָרים די קורסיסטקע באָגוסלאַווסקאַיאַ, וועמען דער אייגענער חתן האָט גע'מסור'ט, האָט אָנגעוויזען, אַז די נומערען פֿון דער צייטונג „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וואָס מען האָט ביי איה' געפֿונען, האָט איהר געגעבען איינע אַ פֿריילין מיט'ן נאָמען פּאָבערעזשעסקאַיאַ.

עס פֿאַרשטעהט זיך, אַז באַלד האָט מען גענומען זוכען און נישטערען, ביז מען האָט אויסגעפֿינען, וואו די פריילין פּאָבערעזשעסקאַיאַ האַלט זיך אויף, און דעם 24טן נאָמעוומבער, 1879, האָט מען זי אַרעסטירט צוזאַמען מיט קוויאַטקאָווסקי'ן, און מיט עטליכע מאָנאַטען שפּעטער האָט מען איהם אויפֿגעהאנגען, און איהר האָט מען פֿאַרשיקט.

אויף דער קוואַרטיר, וואו מען האָט אַרעסטירט מיין שוועסטער, האָט מען געפֿונען דינאַמיט, קנויטען און אויך אַ פּאַפּירעל, וואָס קוויאַטקאָווסקי האָט ניט אויסגעפֿייעט צו פֿאַרברענען. ווען די זשאַנדאַרען זיינען אַריין, האָט קוויאַטקאָווסקי געכאַפּט דאָס שטיקעל פּאַפּיר און האָט עס צוקנייטשט און אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד אין אַ ווינקעל. די זשאַנדאַרען האָבען עס גלייך אויפֿגעהויבען. זיי האָבען אָבער ניט געוואוסט וואָס דאָס איז. אויף דעם שטיקעל פּאַפּיר איז געווען אָנגעוואָרפֿען דער גאַנצער פּלאַן, ווי אַזוי און ווי צו דער'הרג'ענען דעם קיסר. אויף איין פּלאַץ איז געווען אָנגעצייכענט אַ צלמ'ל.

פֿאַר דעם פּאַפּירעל האָט קוויאַטקאָווסקי באַצאָהלט מיט זיין לעבען.

ערשט נאָכ'ן אויפֿרייס וואָס איז געווען אין ווינטער פּאַלאַץ, דעם 5טען פעברואַר, 1880, האָבען זיך די זשאַנדאַרען געכאַפּט, אַז אויף דעם צוקנייטשטען פּאַפּירעל, וואָס מען האָט געפֿונען ביי קוויאַטקאָווסקי'ן, איז געווען אָנגעצייכענט דער פּלאַן פֿונ'ם קייזער־

ליכען הויף און דאָס צלמ'ל איז געשטאַנען פונקט דאָרט, וואו עס געפינט זיך דאָס עס־צימער, וואָס מען האָט געזאָלט אויפרייסען מיט דינאַמיט פונקט דאַן, ווען דער קיסר און זיין גאַנצע משפחה וועלען זיין אויסגעזעצט ביים טיש.

געקראָגען דעם נויטיגען זאַפּאַס דינאַמיט, בין איך אוועקגע־פאָהרען קיין אדעס. דאָס האָט געמוזט זיין — אויב מיין זכרון נאַרט מיך ניט — אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער.



אַלעקסאַנדער קוויאַטקאָווסקי.

דאָרטען האָב איך שוין געטראָפען ניקאָלאַי קיבאַלטשיטש'ן, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז מען מוז וואָס שנעלער קריגען אַ וואוינונג, וואו מ'זאָל קאָנען אָפּהאַלטען באַראַטונגען, מאַכען עקס־פּערימענטען מיט די קנויטען וואָס מען דאַרף האָבען פאַר די באָמבעס און באַהאַלטען די אַלע אויפרייס־מאַטעריאַלען, וואָס זיינען נויטיג צו דער'הרג'ענען דעם קיסר.

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר טעג און מיר האָבען געפונען אַ פּאַסיגע וואוינונג און באַלד האָבען מיר זיך דאָרטען באַזעצט, איך און קיבאַלטשיטש. פאַר דער וועלט האָבען מיר זיך אַ נאָמען געגעבען איוואַניצקי און געהייסען האָט עס, אַז מיר זיינען כלומר׳שט אַ פּאָר־פאָלק. די וואוינונג איז געווען — אויב איך האָב קיין טעות ניט — אויף דער יעקאַטערינינסקער גאַס, נומער 61.

מיט עטליכע טעג שפּעטער זיינען אָנגעקומען קאָלאָדקעוויטש און פראָלענקאָ, און נאָכדעם איז געקומען די לעבעדיאָווא; די נייע קוואַרטיר איז געוואָרען אַ צענטער פון באַגעגענישען; דאָרטען האָבען מיר אָפּגעהאַלטען אונזערע געהיימע באַראַטונגען, דאָרטען האָבען מיר געהאַלטען דעם דינאַמיט, די קנויטען פאַר די באָמבעס און די אַלע אַנדערע אויפרייס־מאַטעריאַלען, און דאָרטען האָבען מיר צוגעגרייט די גאַנצע אַרבייט, אונטער׳ן אויפזיכט פון אונזער חבר ניקאָלאַי קיבאַלטשיטש.

פריהער פון אַלץ האָט מען געדאַרפט צונויפשטעלען אַ פּלאַן, ווי אַזוי און וואו מען זאָל אונטערלעגען אַ מינע אונטער די רעלסען, אויף דער אייזענבאַן ליניע, וואו דער קיסר דאַרף דורכפאָהרען. דער פּלאַן איז געווען, אַז מען זאָל ביינאַכט אַוועקלעגען דינאַמיט אונ־טער די רעלסען ניט ווייט פון אַדעס און דערנאָך ציהען אַ דראָט פון דאָרטען אין פעלד אריין; דאָס איז אָבער געווען פאַרבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען.

איז איינער געפאַלען אויף אַ שכל, אַז דאָס בעסטע וואָלט געווען, אַז אונזערער אַ מענש זאָל זיך פאַרשטעלען און קריגען אַ שטעלע אַלס אַן אייזענבאַן וועכטער, און ער זאָל פונ׳ם ביידעל אונטערלעגען די מינע.

דאָן האָב איך גענומען אויף זיך די אַרבייט צו געפינען אַזאַ שטעלע פאַר אונזערען אַ מענשען. מיר האָבען אָפּגעמאַכט, אַז אויב איך וועל געפינען אַזאַ שטעלע, זאָל פראָלענקאָ *) זיך פאַר־

---

*) פראָלענקאָ, וועלכער האָט ביי אַ סך געלעגענהייטען אַרויס־געוויזען מערקווירדיגע העלדישקייט אַלס רעוואָלוציאָנער, האָט איינמאָל אין קיעוו באַפרייט פון דער טורמע די דריי באַוואוסטע רעוואָ־לוציאָנערען: לעוו דייטש, סטעפאַנאָוויטש און באָכאַנאָווסקי.

געטאָן האָט ער דאָס אויף אַזאַ׳ן אופן, אַז אַלע האָבען געשטוינט, ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פּשוט׳ן אַרבייטער, געקראָגען עטליכע

שטעלען פאר א וועכטער, און אויב עס וועט זיין נויטיג, אז ער זאָל דוקא זיין א פארהייראַטער, זאָל ער מיטנעמען מיט זיך די לעבע־דיאַווא און זאָגען, אז דאָס איז זיין ווייב.

אין אָנפאַנג האָב איך געדענקט זיך צו ווענדען צו באַקאַנטע, אַז זיי זאָלען מיר ארויסהעלפען אין דעם; אָבער איך האָב זיך באַלד געכאַפּט, אַז דאָס טאָר איך ניט טאָן, ווייל דערצעהלען פרעמ־דע מענשען דעם אמת, קאָן מען ניט און אריינפיהרען זיי, ניט דער־צעהלענדיג דעם אמת, טאָר מען אויך ניט, ווייל דאָס הייסט דאָך נעמען מענשען און שלעכט אויסנוצען דעם צוטרויען וואָס זיי האָבען צו דיר.

דאַריבער האָב איך באַשלאָסען, אַז איך זאָל זיך אליין ווענדען צו איינעם פון די אָנגעזעהענסטע באַאַמטע אויף דער דרום־מערב־דיגער אייזענבאַן ליניע און איהם בעטען, אַז ער זאָל מיר טאָן א טובה און געבען א שטעלע אַלס וועכטער צו אַן אָרימען, אומגליק־ליכען מענשען, וואָס שטאַרבט פון הונגער און האָט ניט וואָס צו עסען.

---

רעקאָמענדאציאָנס בריף צום הויפּט פון דער קיעווער טורמע און באַקומען א שטעלע אלס א וועכטער אין טורמע.

דאָרטען האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער דינט „געטריי", דורך דעם איז ער די היכע באַאַמטע אַזוי געפעלען געוואָרען, אַז מען האָט איהם איבערגעגעבען די שליסעל פון די קאַמערען, וואו די אַרעסטירטע זיצען פאַרשפּאַרט.

דאַן האָט פראָלענקאָ אויסגענוצט די געלעגענהייט און איינמאָל, ביינאַכט, האָט ער גענומען די דריי חברים זיינע, די באַריהמטע רעוואָ־לוציאָנערען — לעוו דייטש, סטעפאַנאָוויטש און באָכאַנאָווסקי — און האָט זיי אַרויסגעפיהרט פון טורמע.

דערביי איז פאָרגעקומען א „קלייניגקייט", וואָס האָט שיער ניט צושטערט דעם גאַנצען אויפטו: איינער פון די דריי ארעסטירטע האָט זיך אין דער פינסטער פאַרטשעפּעט אָן א שטריק וואָס איז געווען צוגעבונדען צו א גלאָק, האָט דער גלאָק אָנגעהויבען קלינגען און עס איז געוואָרען א „טרעוואָגא". אַנדערע וועכטער זיינען געקומען צולויפען זעהן וואָס ס'איז דאָרט פאָרגעקומען און די דריי באַפרייטע זיינען שיער ווידער ניט אריינגעפאַלען. אָבער פראָלענקאָ האָט זיך געגעבען אַן עצה. ער האָט די דריי רעוואָלוציאָנערען פאַררוקט אין א פינסטערען ווינקעל און דער־צעהלט א מעשה, אַז דאָס האָט ער אליין זיך פאַרטשעפּעט אינ'ם שטריק און עס האָט גלאַט אַזוי אָנגעהויבען קלינגען. דער תירוץ האָט זיך איינגע־געבען. פראָלענקאָ האָט די דריי חברים זיינע ארויסגעפיהרט פון טורמע און איז אוועק צוזאַמען מיט זיי. — איבערזעצער.

דאָס האָט מען געמוזט טאָן זעהר פאָרזיכטיג, און כדי עס זאָל ניט פאַלען קיין חשד, האָב איך געמוזט שפּילען די ראָלע פון דער רייכער, גוטהערציגער דאַמע, וואָס גיט זיך אָפּ מיט טאָן טובות אָרימע מענשען.

באַלד האָב איך מיך גענומען נאָכפרעגען אויף פאַרשיידענע הויכע באַאַמטע פון יענער ליניע און אָפּגעשטעלט האָב איך זיך אויף באַראָן אונגערן־שטערענבערג, וועלכער איז מיט אַ צייט שפּע־טער געוואָרען דער איידעם פון'ם אָדעסער גענעראַל־גובערנאַטאָר גראַף טאָטלעבען.

אין יענער צייט איז דער באַראָן אונגערן־שטערענבערג געזעסען אין דער „הויפּטוואַכטע" דערפאַר וואָס אויף זיין ליניע האָט זיך געטראָפען אַן אומגליק און עטליכע הונדערט רעקרוטען זיינען דער־הרג'עט געוואָרען.

ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז ער נעמט אויף באַזוכער, בין איך אוועק צו איהם, און ווען איך האָב איהם פאָרגעלעגט מיין בקשה, אַז ער זאָל צונעמען פאַר אַ וועכטער מיין „דוואָרניק", ווייל זיין ווייב איז קראַנק אויף שווינדזוכט און מוז האָבען פרישע לופט אויסער דער שטאָדט, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער וואָלט דאָס גערן געטאָן פאַר מיר, אָבער דאָס ווענדט זיך ניט אָן איהם, נאָר אָן דעם הויפּט פון דער אייזענבאַן־סטאַנציע, און חוץ דעם ווייסט ער ניט, צי עס איז איצט בכלל פאַראַן אַזאַ שטעלע. דאַן האָב איך איהם געבעטען, אַז ער זאָל מיר געבען אַ „פאַר ווערטער" צום הויפּט פון דער סטאַנציע, און ער איז געווען אַזוי גוט און האָט מיר גע־געבען אַ צעטעלע צו שטשיגעלסקי'ן.

צו שטשיגעלסקי'ן בין איך שוין ניט געקומען אַזוי ווי צום באַראָן אונגערן־שטערענבערג, ווייל איך האָב איינגעזעהן, אַז אויב מען וויל אויסנעמען, דאַרף מען קומען אָנגעטאָן ווי אַ גראַנד־דאַמע. אַז מען מוז, מוז מען. האָב איך זיך אויסגעפּוצט אין אַ סאַמעטענע קלייד, זיך אָנגעטאָן אין עסיג און אין האָניג, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אמת'ער פּריצה, וואָס גיט זיך אָפּ דערמיט, וואָס זי טוט טובות אָרימע מענשען, און ווען איך בין געקומען צו שטשיגעלסקי'ן, דעם הויפּט פון דער אייזענבאַן־סטאַנציע, האָט ער מיך אויפגענומען זעהר פיין און האָט מיך געבעטען, אַז איך זאָל מאָרגען צושיקען צו איהם „מיין מענשען" און ער וועט איהם שוין פאַרזאָרגען מיט אַ שטעלע.

געקומען צוריק אַהיים, האָב איך אראָפּגעוואָרפען פון זיך די

פריצ׳ישע קליידער און האָב גלייך פאַר פּראָלענקאָ׳ן געמאַכט אַ פּאַספּאָרט, אין וועלכען איך האָב איהם אַ נאָמען געגעבען סעמיאָן אַלעקסאַנדראָוו, ווייל איך האָב געזאָגט דעם הויפּט פון דער אייזענ־באַן־סטאַנציע, אַז אזוי הייסט „מיין מענש”. דער דאָזיגער דאָקו־מענט איז טאַקע פאַרבליבען אין קאַנטאָר פון דער אייזענבאַן סטאַנ־ציע, ווייל איידער פּראָלענקאָ איז אַוועק, האָט ער קיין געלט פאַר זיין אַרבייט ניט געפאָדערט, נאָר גלאַט איבערגעלאָזען קנין מיט מנין און איז פאַרשוואונדען.

מיט אַ טאָג שפּעטער איז פּראָלענקאָ אַוועק צום הויפּט פון דער אייזענבאַן סטאַנציע און יענער האָט איהם באַשטימט אַלס וועכטער אויף דער עלפּטער אָדער אויף דער דרייצעהנטער ווערסט לעבען דער סטאַנציע גנילאַקאָווא. דאָרטען האָט מען איהם געגעבען אַ באַזונדער ביידעל און אהין האָט ער געבראַכט טאַטיאַנאַ לעבע־דיאָווא און האָט אַלעמען איינגערעדט, אַז דאָס איז זיין ווייב.

נאָכדעם, ווען פּראָלענקאָ האָט שוין איבערגעפיהרט צו זיך אין ביידעל גענוג דינאַמיט אויף אַוועקצולעגען הינטער די רעלסען, איז אין מיטען אָנגעלאָפען גאָלדענבערג מיט אַ פּאָדערונג, אַז ער זאָל אַ טייל פון׳ם דינאַמיט אַוועקגעבען צו די מאָסקווער חברים, ווייל אין מאָסקווא איז פאַראַן ווינציג דינאַמיט און פּונקט אויף יענער ליניע קען מען גיכער ווי אומעטום ערוואַרטען גוטע רעזולטאַטען פון דעם אָנפאַל וואָס וועט געמאַכט ווערען אויף׳ן קיסר. ניט ווילענדיג האָט פּראָלנקאָ געמוזט אַוועקגעבען גאָלדענבערג׳ן אַ טייל פון זיין דינאַמיט וואָס ער האָט געהאַט אין ביידעל.

גאָלדענבערג איז אָפּגעווען אין אָדעס ניט מעהר ווי צוויי טעג, ביז מען האָט קיין גניליאַקאָווא געבראַכט דעם דינאַמיט. דעם אַדרעס פון דער וואוינונג אויף דער יעקאַטערינינסקער גאַס האָט ער אויסגעפונען ביי קיבאַלטשיטש׳ן מיט וועמען ער האָט זיך געטראָפען אויפ׳ן וועג קיין אָדעס, ווייל אויב איך האָב קיין טעות ניט, איז קיבאַלטשיטש דאַמאָלט געפאָהרען קיין כאַרקאָוו, וואו ער האָט די דאָרטיגע חברים געדאַרפט אָנווייזען ווי אזוי אָנצוגעהן מיט דער טעכנישער אַרבייט.

דאָס געדענק איך אָבער ניט באַשטימט. איך געדענק נאָר, אַז געבראַכט צו אונז האָט איהם איינער פון די שטענדיגע באַזוכער און אַז אזוי שנעל ווי ער איז געקומען, האָט מען געטאָן אַלץ, אַז ער זאָל מיט אַ טאָג שפּעטער קענען אַוועקפאָהרען צוריק קיין מאָסקווא.

און ווירקליך, אוועקגעפאהרען פון אדעס איז ער אין צייט, אבער אין יעליסאוועטגראד האָט מען איהם ארעסטירט.

נאָכדעם האָבען מיר זיך דערוואוסט, אז דער קיסר וועט גאָר ניט פאָהרען דורך אָדעס; פראָלענקא און די לעבעדיאָווא האָבען שוין ניט געהאט וואס צו טאָן, האָבען זיי איבערגעלאָזט די שטעלע אין גניליאקאָווא און דערנאָך זיינען זיי אוועק פון אדעס.

באַלד נאָכדעם האָט מען אונז אָנגעזאגט, אז דעם קיסר'ס צוג איז אריבער געפאהרען גאנץ איבער דער לאָזאָווא־סעוואסטאָפּאָלער אייזענבאַן־ליניע, דורך כאַרקאָוו. דער פארזוך, וואָס מען האָט געמאכט צו דער'הרג'ענען דעם קיסר אויף יענער ליניע האָט זיך ניט איינגעגעבען. געמאכט דעם פארזוך האָבען די מיטגלידער פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", זשעליאבאוו, די יאקימאָווא און דער ארבייטער אָקלאדסקי.*) די מינע אונטער די רעלסען איז אוועק־געלעגט געארען, די דראָטען זיינען אוועקגעצויגען געוואָרען ווייט אין פעלד, און ווען דעם קיסר'ס צוג איז דורכגעפאהרען זיינען אלע געווען אויף די ריכטיגע פלעצער, אָבער קיין אויפרייס איז ניט געווען, ווייל די עלעקטרישע דראָטען זיינען געווען שלעכט פאר־בונדען און קיין פונקען האָבען ניט געשפּריצט.

אויך דער דריטער פארזוך וואס איז געמאכט געווארען אויף אַן אנדער פונקט — אויף דער מאָסקווא־קורסקער אייזענבאהן ליניע — האָט זיך ניט איינגעגעבען. דאָרטען איז דער פאָרזוך געמאכט געווארען דעם 19טען נאָוועמבער; אין דער באשטימטער צייט זיינען דאָרטען פארבייגעגאנגען צוויי העל באלויכטענע צוגען; דעם ערשטען סיגנאל אָנצוהויבען האָט געגעבען סאָפיע פעראווסקאיא, אָבער שיראיעוו האָט ניט אויסגעפייעט צו פאראייניגען די עלעקטרישע דראָטען מיט דער מינע און דער ערשטער צוג איז אריבער גאנץ; ביים צווייטען סיגנאל איז דער צווייטער צוג ארונ־טער פון די רעלסען, אָבער דעם קיסר אליין האָט עס ניט געשאדט,

*) אָקלאַדסקי'ן האָט מען ניט לאַנג צוריק, אין אָנפאַנג פון 1925, גע'משפּט אין מאָסקווא, ווייל ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזען פון דאָקו־מענטען, וואָס מען האָט געפונען אין ארכיוו נאָך דער רעוואָלוציע, איז ער דערנאָך געוואָרען א שפּיאָן פאר דער צארישער רעגירונג און ארויס־געגעבען זיינע חברים, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געארבייט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. מען האָט איהם געזאָלט פאַר'משפּט'ן צום ג. יט, אָבער מען האָט געשאַנעוועט זיין עלטער און איהם פאַר'משפּט אויף צעהן יאָהר. — איבערזעצער.

ווייל ער איז גאָר געפאהרען אינ'ם ערשטען צוג. אינ'ם צווייטען זיינען געפאהרען די דינער.

עס האָט זיך ניט איינגעגעבען, אבער דער פאקט אליין וואס ס'איז געמאכט געווארען א פארזוך צו דער'הרג'ענען דעם רוסישען קיסר, האָט געמאכט א געוואלדיגען איינדרוק איבער גאנץ רוסלאנד און האָט אָפּגעקלונגען אויף דער גאנצער וועלט.

* * *

אָסיען צייט האָבען זיך אין פּעטערבורג אָנגעהויבען אונזערע פארלוסטען. קוויאטקאָווסקי'ן האָט מען אויפגעהאנגען, דערנאָך האָט מען אומגעבראכט שיראיעוו'ן און אנדערע חברים אונזערע. אין א קורצער צייט ארום איז מען באַפאלען די דרוקעריי פון דער „נאראָדנאיא וואָליא", וואו אונזערע חברים האָבען ארויסגעוויזען א שטארקען ווידערשטאנד. „פּטאשקא", איינער פון די ארבייטער אין דער דרוקעריי, האָט זיך דאן אליין דערשאָסען, אבי ניט אריינצופאלען אין די הענט פון דער פּאָליציי. פיר אנדערע חברים זיינען דאן ארעסטירט געווארען.

אין מיטען דעצעמבער איז קיבאלטשיטש ארויסגעפאהרען פון אָדעס, אין מאָנאַט יאנואר איז קאלאדקעוויטש אוועקגעפאהרען. אין דער זעלבער צייט זיינען די אנדערע רעוואָלוציאָנערע טוער אויך צופאָהרען, און די גאנצע ארבייט אין אָדעס איז איבערגעגעבען געווארען אין מיינע הענט און אין די הענט פון נאָך איינוגע אָדעסער רעוואָלוציאָנערע טוער, וועלכע האָבען ניט געשפּילט קיין גאר גרויסע ראָלען אין דער באוועגונג.

די הויפּט ארבייט מיינע איז געווען פּראָפּאגאנדע. אָפּגעזעסען אין א וואוינונג דריי חדשים, וואו מען מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג און כמעט אינגאנצען אָפּגעריסען פון דער דרויסענדיגער וועלט, האָב איך פשוט געגאַרט נאָך באקאנטשאפט מיט מענשען. די ענערגיע האָט אין מיר געקאָכט, איך האָב געפיהלט, אז איך מוז עפּעס טאָן.

גלייך נאָכדעם ווי קיבאלטשיטש איז אוועקגעפאָהרען פון אָדעס, האָב איך פארפיהרט א ברייטע באקאנטשאפט מיט פארשידענע מענשען. צווישען מיינע נייע באקאנטע זיינען געווען פּראָפעסאָרען און גענעראלען, פריצים און סטודענטען, דאָקטוירים און רעגירונגס־בעאמטע, פאבריק־ארבייטער און נייטאָרינס. און אומעטום, מיט וועמען איך האָב זיך געטראָפען, האָב איך אָנגעפיהרט רעוואָלוציאָ־

נערע פראפאגאנדע און פארטיידיגט די ארגאניזאציע „נאראדנאיא וואליא”.

דעם גרעסטען פארגעניגען האב איך געהאט דערפון, וואס איך האב אנגעפיהרט א רעוואלוציאנערע פראפאגאנדע צווישען דער יונגווארג, ביי וועמען דער געפיהל פון באגייסטערונג איז גרויס. צום באדויערען אבער, האב איך געהאט זעהר ווייניג באקאנטע צווישען די סטודענטען, און די באקאנטע וואס איך האב יא געהאט האבען געקוקט פעסימיסטיש אויף זייערע חברים און זיי האבען מיר אליין געוואלט איינריידען, אז מען קען גאר ניט דענקען וועגען אזא זאך, ווי אנפיהרען רעוואלוציאנערע פראפאגאנדע צווישען זיי.

כאשקא דער אינזשעניער.

אין אדעס האב איך געוואוינט אויף דער יאמסקאיער גאס, אונטער'ן נאמען אנטאנינא אלעקסאנדראוונא גאלאוולעווא, לויט א דאקומענט וואס איך האב ארויסגענומען ביי א נאטאריוס פון דעם פאספארט, מיט וועלכען עס האט זיך באנוצט פ. יורקאווסקי, וועל־כער האט פארבראכט א זעקס וואכען אין אדעס.

יורקאווסקי אליין איז געוועזען א מערקווירדיגער מענש, זעהר אן אייגענארטיגער און א מאדנער; לויט זיין כאראקטער און זיין אויפפיהרונג איז ער אבסאלוט ניט געוועזען געראטען אין די געוויינ־ליכע רעוואלוציאנערען פון יענער צייט. ער איז געוועזען אנדערש; און דאריבער וויל איך זיך דא לענגער אפשטעלען אויף איהם.

באקענט מיט איהם האב איך זיך אין פעטערבורג, אינ'ם יאהר 1879, ווען איך האב געוואוינט אין דער אלגעמיינער קווארטיר אויף דער לעסנאי. געקומען קיין פעטערבורג איז ער פון אוקראינא א קורצע צייט נאכדעם ווי ער האט אונטערגעגראבען די רעגירונגס קאסע אין כערסאן ארויסצונעמען א מיליאן רובעל פאר דער רעוואָ־לוציאנערער באוועגונג. פון איין זייט איז ער געוועזען צופרידען, וואס ס'האט זיך איהם איינגעגעבען צו מאכען די אונטערגראבונג, און פון דער אנדערער זייט האט איהם שטארק פארדראסען פאר־וואס דער מיליאן איז דאך ניט אריינגעפאלען אין די הענט פון די מענשען, וואס וואלטען איהם אויסגענוצט פאר דער רעוואלוציא־נערער באוועגונג.

מיין באקאנטשאפט מיט יורקאווסקי'ן איז פארגעקומען אויף א גאנץ אייגענארטיגען שטייגער. עס איז געוועזען אזוי:

איינמאָל בין איך צוזאַמען מיט קוויאַטקאָווסקי׳ן געפאָהרען אין טראַמוואַי אויף דער לעסנאָי גאַס. אין מיטען וועג גיט ער מיר אַ זאָג שטילערהייט.

— גיט נאָר אַ קוק אויף דעם מענשען, וואָס זיצט אַנטקעגען אייך!

— דאָס מוז אודאי זיין עפּעס אַ זשוליק, — האָב איך געזאָגט, אָפּמעסטענדיג מיט די אויגען דעם יונגענמאַן, אויף וועלכען קוויאַט־קאָווסקי האָט מיר אָנגעוויזען.

קיין זשוליקעס האָב איך טאַקע קיינמאָל ניט געזעהן, איך האָב זיך אָבער פאָרגעשטעלט, אַז ביי אַזעלכע חברה־לייט מוז די שעל־מישקייט ארויסקוקען פון די אויגען, אַז אויף׳ן שטערן מוז ביי זיי זיין אָנגעשריבען אַ באַזונדער מין פאַרשייטקייט, און דער יונגער־מאַן וואָס איז געזעסען אַנטקעגען מיר, האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַזאַ חברה־מאַן; פון זיינע צוויי גרויסע שוואַרצע אויגען האָט טאַקע ארויסגעקוקט אַ באַזונדער מין שעלמישקייט. קיין איין מינוט האָבען ביי איהם די אויגען ניט גערוהט.

ווי ערשטוינט בין איך געוואָרען, ווען איך האָב דערזעהן, ווי דער יונגערמאַן געהט ארונטער צוזאַמען מיט אונז פון טראַמוואַי און קוויאַטקאָווסקי שטעלט מיר איהם פאָר:

— דאָס איז „סאַשקאַ אינזשעניר". זיין אמת׳ער נאָמען איז יורקאָווסקי.

פאַר מיר איז געשטאַנען אַ שעהנער שוואַרץ חנ׳עוודיגער יונ־גערמאַן, פון מיטעלען וואוקס, מיט צוויי ברייטע, געזונטע פּלייצעס, מיט אַ פּנים וואָס האָט אין זיך אַ וועלט מיט אויסדרוק, און מיט אַ קורץ געשווירען שוואַרץ בערדעל; ארום די ליפּען האָט ביי איהם נערוהט אַ שטענדיגער גוטמוטיגער שמייכעלע, פון די צוויי גרויסע שוואַרצע אויגען האָט געשפּריצט פייער. מען האָט גלייך געקענט דערקענען, אַז דער מענש קומט פון די דרום׳דיגע געגענדען, פון אוקראַינאַ. איהם ניט באַמערקען אין גאַס איז גאָר אוממעגליך געווען. מען האָט זיך געמוזט אָפּשטעלען און קוקען אויף איהם.

ניט נאָר מיט זיין אויסערליכען אויסזעהן, נאָר אויך אין זיין גייסט איז ער ניט געווען גערעכטען אין די אנדערע רעוואָלו־ציאָנערען פון יענער צייט. שטענדיג איז ער געווען אַזאַ פרעה־ליכער ,אַזאַ לוסטיגער; דער קאָפּ איז ביי איהם תמיד געווען

פאַרוואָרפען מעשה וואוילער יונג און פון אזא זאך ווי דאגות האָט ער קיינמאָל ניט געוואוסט און ניט געוואָלט וויסען. פאַר מיר איז אזא מענש געווען א נייעס, אזעלכען ווי ער האָב איך קיינמאָל ניט בעגעגענט. דאָס איז געווען א ווילד קינד פון דער נאַטור — א קינד וואָס ווייסט ניט און וויל ניט וויסען פון אזא זאך ווי דיסציפּלין, אָדער פון פאַרבויגען דעם אייגענעם ווילען און טאָן דאָס וואָס אנדערע הייסען. ער איז געווען פונקט ווי א ווילד לאָשעקעל וואָס יאָגט זיך הענדום־פּענדום איבער די ברייטע סטע־פּעס און לאָזט זיך בשום אופן ניט איינצוימען. און אזא איז ער געבליבען ביז'ן סוף; ער איז קיינמאָל ניט אריין אין אונזער אָר־גאַניזאַציע, כאָטש עס האָט איהם צו אונז געצויגען. ער איז געווען אזוי פיעל אנדערש פון אַלע אַנדערע, אַז ווען איך האָב זיך מיט איהם באַקענט, האָב איך אין א שפּאַס געמאַכט אזא באַמערקונג:

„חבר יורקאָווסקי, איין „סאַשקא אינזשעניר" אין דער פּאַר־טיי דאַרף מען האָבען, צוויי — מעג מען האָבען, דריי אָבער — דאָס ניט".

אַליין א שטאַרקער, געזונטער, פעסטגעבויטער מאַן, האָט ער געהאַט שטאַרקע ליידענשאַפטען און ליעב געהאַט אַלע פאַרגע־ניגענס און אַלע נאַשערייען פון לעבען. די אנדערע חברים האָבען פאַר זיך געהאַט א ציעל אין לעבען, יורקאָווסקי ווידער האָט גע־האַלטען פונ'ם כלל, אַז דאָס לעבען איז געגעבען געוואָרען דעם מענשען כדי ער זאָל דערפון הנאה האָבען. און דערפאַר טאַקע האָט ער, צווישען די שטרענגע ערנסטע אידעאַליסטישע יונגע־לייט, וועלכע האָבען געלעבט ווי פּרושים, אויסגעזעהן ווי א מענש מיט א חסרון.

און דאָך האָב איך געהאַט א שטיקעל שוואַכקייט צו איהם, כאָטש ער איז געווען צו כיטרע און עס איז ניט שווער געווען צו דערקענען, אַז צופיעל זיך פאַרלאָזען אויף איהם קען מען ניט.

מיינע חברים זיינען געווען מענשען אויפריכטיגע, און „סאַש־קא אינזשעניר" איז געווען א זאָרגלאָזער, א דורכגעטריבענער און ווען אימיצער וואָלט מיר געזאָגט, אַז ער איז א צוויי פּנימ־דיגער אויך, וואָלט איך ניט געשוואָרען, אַז ער איז דאָס ניט.

צו די מיידלאך און יונגע דאַמען וואָס זיינען געווען טעטיג אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט ער זיך באַצויגען אַנ־דערש ווי די איבעריגע חברים אונזערע. יענע האָבען זיך צור־

אונז פאַרהאַלטען ווי חברים, יורקאָווסקי ווידער האָט שוין „גע־וואָרפען אויגלאָך”, געשפּילט די ראָלע פון אַ קאַוואַליער, געטאָן אַלץ אין דער וועלט צו געפעלען ,געזאָגט וועדטלאַך, געמאַכט אַ שפּאַס און זיך גערעכענט מיט די קאַפּריזען פון יעדער דאַמע.

מיט דער געזעלשאַפטליכער מיינונג האָט ער זיך קיינמאָל ניט גערעכענט. ער האָט זיך אויך ניט גערעכענט מיט די ספּעציעלע באַדינגונגען פון אונזער געהיימען רעוואָלוציאָנערען לעבען. און איינמאָל האָט ער מיר און דער פריילין אַנאַ קאָרבאַ אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצעל וואָס קיינער פון אונזערע פּעטערבורגער חברים וואָלט ניט געוואַגט אָפּצוטאָן.

דאָס איז געווען אין דער וואוינונג, וואָס מיר האָבען געהאַלטען אויף דער לעסנאָי גאַס. געוואוינט האָבען מיר דערמאָלט — איך און אַנאַ קאָרבאַ — אין צוויי צימערען מיט אַ באַזונדער אריינ־גאַנג. ביינאַכט דערהערען מיר מיט אַמאָל ווי אימיצער פּאָרעט זיך פאַרזיכטיג ביים שלאָס פון דער טיר. מיר האָבען זיך ביידע שטאַרק דערשראָקען; אין דעם זעלבען הויז האָבען געוואוינט צוויי אומבאַקאַנטע יונגע לייט, האָבען מיר געמיינט, אַז דאָס פּרואווען זיי זיך אריינרייסען צו אונז אין צימער. ניט טויט און ניט לע־בעדיג האָבען מיר זיך אַ כאַפּ געטאָן, איינע פון אונז האָט זיך אָנ־גענומען מיט מוט, צוגעגאַנגען צום פענסטער און אַ פרעג געטאָן מיט מיט איהר קול:

„ווער איז דאָרט ?”

„דאָס בין איך, „סאַשקאַ דער אינזשעניר”. — האָט זיך דער־הערט אַ שטימע פון דער אַנדערער זייט. — „עפענט אויף די טיר !”

ווי אַזוי ס'האָט זיך איהם איינגעגעבען צוצוקומען צו דער טיר פון אונזער וואוינונג האָבען מיר ניט אָנגעהויבען וויסען; דער טויער פונ'ם הויף איז געווען פאַרשלאָסען און חוץ דעם איז אינווענדיג געווען אַ בייזער הונט וואָס האָט ביינאַכט קיין לעבע־דיגען מענשען ניט צוגעלאָזט. ווי איז ער אריין אין הויף און וואָס איז איהם גאָר איינגעפאַלען צו צוברעכען דעם שלאָס פון דער טיר און פּרואווען זיך אריינרייסען צו אונז אין צימער ?

מיר האָבען דאָס בשום אופן ניט געקענט פאַרשטעהן. ערשט שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזען אָט וואָס:

פאָהרענדיג קיין פּעטערבורג איז „סאַשקאַ דער אינזשעניר”

ארונטערגעשפרונגען פון באַהן. א זשאַנדאַר האָט דאָס דערזעהן, איז איהם איינגעפאלען, אז דאָס מוז זיין אַ גנב, האָט ער איהם אַרעסטירט און געבראַכט אין פּאָליצעיסקע אוטשאַסטאָק. לאַנג האָט מען איהם דאָרטען ניט געהאַלטען. מ'האָט איהם באַלד אָפּגעלאָזט, אָבער סאַשקאַ'ן איז אַיינגעפאלען, אז עס וועט זיין א סך גלייכער ווען ער וועט ניט נעכטיגען אין דער היים, ווייל עס קען זעהר זיין, אז ביינאַכט זאָל מען קומען צו איהם מאַכען אַן צָביסק. דאַריבער האָט ער באַשלאָסען אוועקצוגעהן פון זיין וואוינונג און מיטנעהמען מיט זיך בלויז אַ „פּאָר קליינינקייטען”.

אַן אַנדערער וואָלט זיך אַ גאַנצע נאַכט ארומגעבלאָנקעט איבער די גאַסען, אָבער „סאַשקאַ דער אינזשעניר” איז .אויף אזא זאַך ניט געווען קיין בעלן. וואָס הייסט עפּעס, ער וועט זיך אַרומדרעהען אַ גאַנצע נאַכט איבער די גאַסען ? און ווען וועט ער שלאָפען ? האָט ער קיין סך ניט געטראַכט און איז אַוועק צו אונז. דעם פלויט איז ער אַריבערגעקראָכען, דעם הונט האָט ער — ווי ער אַליין האָט געזאָגט — „פאַררעדט די ציין”, און דעם שלאָס האָט ער געפּרואווט אָפּברעכען מיט דעם שטיקעל אייזען וואָס ער האָט שטענדיג געטראָגען ביי זיך אין קעשענע...

די פּאָר זאַכען וואָס ער האָט מיטגענומען זיינען אויך געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר איהם; ער האָט ניט מיטגענומען קיין וועש, קיין קליידער, נאָר א הילצערנעם טעלערעל, מיט אָפּגעגילדעטע פּאַסיקלאַך און אַ קליין פּעסעלע, זעהר קונציג געמאַכט. דאָס טעלערעל מיט'ן פּעסעלע האָט ער אונז באַלד אַוועקגעשענקט אלס א מתנה, און דערביי האָט ער געבעטען, מיר זאָלען אויף איהם קיין פּאַראיבעל ניט האָבען פאַר וואָס ער האָט אונז איבערגעשראָקען.

— וואָס דען האָב איך געזאָלט טאָן? — מאַכט ער אזוי צו אונז, — נעכטיגען אין גאַס האָב איך דאָך ניט געקענט; איך האָב זיך ניט געהאט וואו אהינצוטאָן, בין איך געקומען צו אייך.

— אבער וואו וועלען מיר אייך באלעגען? — האָבען מיר געפרעגט. — מיר האָבען דאָך ניט מער ווי צוויי בעטלאַך.

— איך דאַרף דען אַ סך? — האָט ער גענומען מאַכע שפּאַס און זיך גלייך אויסגעצויגען אויף דער ערד, — אָט ליג

איך שוין מיט אַ קולאַק צוקאַפּענס און עס איז מיר גוט ווי די וועלט.

אין דער פריה זיינען מיר געווען אין אַ גרויסער פאַרלע־גענהייט. וואָס טוען מיר, אַז די בעל הבית'טע קומט אריין אויפראַמען דאָס צימער און דערזעהט דאָ אַ יונגענמאַן? ראָס איז דאָך ניט שעהן.

— שרעקט זיך ניט, מיידלאָך! — האָט אונז סאַשקע באַרוהיגט, — אָט קריך איך שוין אריין אין אָט דעם קליידער־שראַנק און איך שווער אייך ביי מיין עהרען־וואָרט, אַז איך וועל ניט הוסטען און ניט ניסען ביז די בעל הבית'טע וועט אַוועק.

און נאָך איידער מיר האָבען זיך געריהרט איז ער שוין געווען אין שאַפע. און אַזוי איז ער דאָרטען געלעגען פאַרשפּאַרט ביז די בעל הבית'טע איז אַוועק און מען האָט אַוועקגעשטעלט דעם סאַמאָוואַר אויפ'ן טיש.

ביי אונז איז דאָס געווען אַ שפּאַס און מיר האָבען זיך אַמוזירט דערמיט. אָבער דער שטרענגער אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, וועמען מיר האָבען גערופען „דוואָרניק" דערפאַר וואָס ער האָט שטענדיג געהאַלטען אַן אויג אויף אונז, האָט זיך צו דעם באַציגען גאָר אַנדערש; ער איז געווען שטאַרק ברוגז אויף „סאַשקאַ דעם אינזשעניר" פאַר וואָס ער איז געקומען צו אונז נעכטיגען; ער האָט איהם אַזוי אויסגעמוסר'ט דערפאַר, אַז יענער האָט שוין קיינמאָל ניט געוואָלט הערען וועגען אַזאַ זאַך ווי ווערען אַ מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַציע.

— וואָס טויג דאָס מיר? — האָט ער גע'טענה'ט, — ווער קען דאָס אָנטאָן אויף זיך אַזאַ „יאַרמאַ" און אריבערטראָגען אַזאַ שווערע דיסציפּלין און אַזוי פיעל אוממעגליכע, געהיימע כללים?!

לייענען ביכער, אָדער זיך אָפּגעבען מיט וועלכע עס ניט איז גייסטיגער ארבייט — דאָס האָט ער ניט ליעב געהאַט. פון דער נאַטור איז ער געווען אַ קלוגער און אַ פעהיגער; אָבער גלאַט אַזוי ארבייטען האָט ער ניט געקענט. ער האָט זיך געמוזט טומלען, רעש'ען, לויפען אהער און אהין און אַלע מאָל אויפטאָן עפּעס אַ נייעס.

איינמאָל, ווען ער האָט זיך אַ לאַנגע צייט ארומגעדרעהט ליידיג, מאַך איך צו איהם אַזוי:

— פאַרוואָס טוט איהר גאָר ניט? געפינט אייך אויס עפּעס

אן ארבייט און געהט ניט ארום פוסט און פאס. נעהמט און לייענט איבער א בוך!

און איך האב איהם געגעבען לייענען אוספענסקי׳ס ערצעהלונגען.

אין עטליכע טעג ארום קומט ער צוגעהן און ברענגט מיר אפ דעם בוך צוריק.

— ענטשולדיגט מיר, — זאגט ער אזוי מיט א מינע פון א מענשען וואס ווייסט, אז ער איז שולדיג, — לייענען ביכער איז ניט פאר מיר קי ן ארבייט. איך קוק אין בוך, און מיין מח גראבט גאר ערד און טראכט וועגען אנדערע זאכען.

אין יענער צייט האט ער זיך שוין ארומגעטראגען מיט׳ן געדאנק אונטערצוגראבען אן אנדער רעגירונגס־קאסע און קריגען עטליכע מיליאן פאר דער רעוואלוציע.

---

יורקאווסקי׳ס לעבען האט זיך געענדיגט אין שליסעלבורגער פעסטונג.

אין קורסקער גובערניע איז ער ארעסטירט געווארען ביי א לאנד־באזיצער אין הויז, וואוהין ער איז געקומען צוליב געשעפט אונטער׳ן נאמען גאלאוולעוו. געשטעלט צום געריכט האט מען איהם אין קיעוו, אין מאנאט דעצעמבער, 1880, צוזאמען מיט פאפאוו׳ן, בוצינסקי׳ן און אנדערע רעוואלוציאנערען. מען האט איהם דאן פארשיקט קיין סיביר אויף קאטארגע; דארטען האט ער געמאכט א פארזוך צו אנטלויפען. דערנאך האט מען איהם אריבערגעפיהרט קיין פעטערבורג און איהם פארשפארט אין פעטראפאוולאווסקער פעסטונג. אינ׳ם יאהר 1884 האט מען איהם, צוזאמען מיט די „נאראדאוואלצעס", פארשפארט אין שליסעלבורגער פעסטונג.

דארטען איז ער געשטארבען אינ׳ם יאהר 1896. דאס לעבען אין די טורמעס האט אונטערגעבראכען זיין געזונד. ער איז געווארען ערנסט קראנק, אפגעלעגען א שטיק צייט אין בעט און אויסגעהויכט דעם לעצטען אטעם צווישען די פיר ווענט פון זיין צעל אין שליסעלבורגער פעסטונג.

דער אויפרייס אינ׳ם ווינטער־פאלאץ.

אין דער זעלבער צייט, וואס מען האט אויף דריי פונקטען פון דער אייזענבאן ליניע געמאכט א פארזוך צו דער׳הרג׳ע־

נען דעם קיסר, זיינען אין פעטערבורג אויך פארגעקומען זעהר וויכ־טיגע רעוואָלוציאָנערע פאסירונגען. די גאַנצע ארבייט האָט אָנ־געפיהרט דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט".

דאַן האָט דער באַקאַנטער „נאראָדאָוואָליעץ" סטעפּאַן כאַל־טורין, א גוטער סטאָליאַר, געקראָגען א שטעלע אין קיסר'ס ווינ־טער־פּאַלאַץ, און דער קאָמיטעט האָט איהם איבערגעגעבען די ארבייט, אז ער זאָל צוגרייטען אַלעס, וואָס מען דארף אויפצור־רייסען דאָס עס־צימער אין פּאַלאַץ *).

אזוי שנעל ווי כאַלטורין האָט אָנגעהויבען ארבייטען אין ווינטער פּאַלאַץ האָט ער, מיט אָפענע אויגען, זיך גענומען צוקו־קען צו יעדער ווינקעלע ביז דער גאַנצער הויף איז פאר איהם געווען ווי אַן אָפענער בוך און ער האָט געוואוסט וואו יעדער צי־מער געפינט זיך. דאַן איז ער געווארען א גוטער ברודער מיט די ארבייטער פון הויף, און אזוי ווי ער איז געווען זעהר א גוטער בעל מלאכה און זעהר א פיינער מענש, איז ער זעהר שטארק גע־

---

*) די שטעלע אין ווינטער־פּאַלאַץ האָט כאַלטורין געקראָגען ניט אַזוי גרינג. פריהער האָט ער געארבייט אַלס פּאַלירער אויף דעם קיסר'ס אַ נייער יאַכט־שיף. אהין איז ער אַנגעקומען דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַן אויסגעצייכענט גוטער בעל מלאכה. צווישען די אַרבייטער פון זיין פאך האָט מען וועגען איהם גערעדט ווי וועגען דעם בעסטען פּאַלירער אין פּעטערבורג; מען פלעגט זאָגען אַ ווערטעל, אַז „ווען כאַלטורין פּאַלירט אָפּ אַ ברעט, איז זי אַזוי גלאַט, אַז אַפילו אַ פלוי וואָלט זיך דאָרט אויסגעגליטשט".

ווען עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַריינצודרינגען אין קיסר'ס פּאַלאַץ מיט דינאַמיט, האָט כאַלטורין ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ער מוז אַנקומען אַלס סטאָליאַר אין קיסר'ס הויף. דאַרויף האָט ער אַוועק־געלעגט אַ מאַסע ענערגיע אַ לענגערע צייט ביז עס האָט זיך איהם איינ־געגעבען צו געפינען אַרבייט אויפ'ן קיסר'ס נייער יאַכט־שיף. דאָרטען האָט מען געזעהן, וואָס פאַר אַ טייערער בעל מלאכה ער איז און דאַן איז איהם שוין געווען לייכטער צו געפינען אַרבייט אינ'ם קיסר'ס וואוינונג — אין ווינטער פּאַלאַץ. אַז ער איז אַ רעוואָלוציאָנער — דאָס האָט מען, פאַרשטעהט זיך, ניט געוואוסט; מען האָט איהם צוגענומען דערפאַר וואָס ער איז אַ גוטער בעל מלאכה און אַ מייסטער צו פּאַלירען.

ווען ער האָט געקראָגען די שטעלע און אָנגעהויבען טראָגען די־נאַמיט אין הויף אַריין, האָט ער געמוזט זיין זעהר פאַרזיכטיג; כדי קיינער זאָל דאָס ניט באַמערקען, האָט ער דעם דינאַמיט געהאַלטען אין אַ רענצעלע אונטער'ן קישען. ביינאַכט פלעגט ער שלאָפען אויפ'ן די־נאַמיט; דאָס האָט אַזוי געווירקט, אַז ער האָט געליטען פון שרעקליכע קאָפּ־וועהטאָגען.—**איבערזעצער.**

פעלען געוואָרען דעם זשאַנדאַרם, וואָס האָט אכטונג געגעבען אויף די ארבייטער; יענער איז פאר איהם געווען אזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט איהם געוואָלט האָבען פאר אַן איידעם; קיין בעסערען שידוך פאר זיין טאָכטער האָט זיך דער זשאַנדאַרם גאָר ניט געקענט ווינשען. א קליינינגקייט עפּעס, א יונגער מאַן איז א גוטער בעל מלאכה, א שטילער מענש, אַן האָראָפּאַשנער, און די הויפּט זאך ניט קיין שכור. אזא מעלה איז דאָך א זעלטענהייט...



סטעפּאַן כאַלטורין.

געוואָרען אויסגעקניפּט און אויסגעבונדען מיט'ן זשאַנדאַרם און מיט אַלע ארבייטער, האָט כאַלטורין גלייך גענומען טראָגען דינאַמיט אין הויף אריין. דעם דינאַמיט האָט איהם געגעבען דער קאָמיטעט און ער האָט איהם אריבערגעפּעקעלט אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ. ער האָט דאָס געטאָן מיט א טאָלק, יעדעס מאָל האָט ער אין זיין רענצעלע מיטגענומען אביסעל.

אזוי האָט ער געטראָגען אהין דינאַמיט צו ביסלאך ביז עס איז געווארען א סך, און דאַן איז באַשלאָסען געווארען, אז מען זאָל עס ניט אָפּלעגען אויף שפּעטער און גלייך אויפרייסען דעם קיסר'ס עס־צימער. ווייל אויב מען וועט ווארטען צו לאַנג קען

נאָך זיין, אז מען זאָל באמערקען דעם דינאמיט און דער גאנצער פּלאַן זאָל צושטערט ווערען.

אויפרייסען דאָס עס־צימער אינ'ם קיסר'ן ווינטער־פּאַלאַץ האָט כאַלטורין געדארפט דעם 5טען פעברואר, אינ'ם יאָהר 1880, פונקט אין דעם טאָג, ווען דער פּרינץ פון באַטענבערג איז אָנגעקומען קיין פּעטערבורג. דער פּלאַן — ווי איך האָב שוין פריהער געזאָגט — איז געוועזן אויפצורייסען דאָס עס־צימער פונקט דאַן, ווען דער קיסר און זיין גאנצע משפּחה זיינען אויסגעזעצט ביים טיש.

און אזוי האָט טאַקע כאַלטורין געטאָן. אין דער באַשטימטער שטונדע האָט ער צוגעפגעבונדען דעם עלעקטרישען דראָט מיט די קנויטען אינ'ם דינאמיט, עס אָנגעצונדען און איז אוועקגעגאנגען, זיך מעהר ניט אומצוקעהרען.

ווען דער קיסר און זיין פאמיליע האָבען געהאַלטען אין אריינקומען אין עס־צימער, האָט זיך מיט אמאָל דערהערט א שטאַרקער קראַך. דער גאנצער פּאַלאַץ האָט א ציטער געטאָן, ווענט האָבען זיך גענומען בויגען, ציגעל האָבען אָנגעהויבען פאַלען, עס איז געוואָרען א מהומה; אויף איין שטאָק, דאָרט, וואו עס איז געשטאַנען די וואך פונ'ם פינלענדער פאָלק, זיינען פופציג מענשען דער'הרג'עט געוואָרען. דעם קיסר און זיין פאמיליע האָט עס גאר ניט געשאַדט, ווייל עס איז געוועזן צו ווייניג דינאמיט, און דאָס עס־צימער איז ניט אויפגעריסען געוואָרען. בלויז די פּאָדלאָגע פונ'ם עס־צימער האָט זיך א טרייסעל געטאָן, זיך א בויג געטאָן אן א זייט און דאָס געשיר איז ארונטערגעפאַלען פונ'ם טיש מיט א קנאַק און איז צעבראָכען געוואָרען אויף שטיקלאך. דער קיסר אָבער און זיין פאמיליע זיינען געבליבען גאנץ.

באַלד נאָכדעם האָט מען גענומען גראַף לאָריס מעליקאָוו און מען האָט איהם געמאַכט פאַר א דיקטאַטאָר, ער זאָל אַלעס, מיט אן אייזערנער האנט, דערשטיקען אָהן רחמנות. מען האָט איהם אָבער גלייך באַגעגענט מיט א קויל; געשאָסען אויף איהם האָט דער רעוואָלוציאָנער מאָלאָדעצקי און מיט דריי אָדער פיער טעג שפּעטער האָט מען איהם דערפאַר פאַר'משפּט צום טויט, און ער איז געשטאָרבען מיט א שמייכעל אויף די ליפּען, ווי אן אמת'ער העלד.

אָט די אַלע פּאַסירונגען — דער פּארזוך צו דער'הרג'ענען דעם

קיסר אויפ'ן וועג פון קרים קיין פעטערבורג, דער אויפרייס אין ווינטער־פּאַלאַץ, די באַלאַגערונג אויף דער סאַפּאָירנער גאַס, וואו די שרייבער און זעצער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָבען גע־שאָסען אויף דער פּאָליציי, און אויך די קלאַנגען, וואָס האָבען זיך ארומגעטראָגען וועגען צוויי נייע פּאַרזוכען, וואָס וועלען געמאַכט ווערען אָפּצוראַמען דעם קיסר פון וועג — אַט די אַלע זאַכען האָ־בען אויפגערודערט דאָס גאַנצע לאַנד; אַלע האָבען גערעדט וועגען דעם; יעדער איינער האָט זיך דערמיט אינטערעסירט.

ניט נאָר די געזעלשאַפט אין פּעטערבורג, נאָר אויך די געזעל־שאַפט אין אַנדערע קלענערע שטעדט איז געגאַנגען כאָדאָראָם. די אַלע מענשען, וועלכע האָבען געליטען דערפון, וואָס אין רוסלאַנד איז נישטאָ קיין פּאָליטישע פרייהייט; די אַלע, וואָס זיינען ניט געוועזען צופרידען פון דער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק פון צאַר און האָבען אַליין קיין מוט ניט געהאַט זיך צו שטעלען אַנטקעגען — זיי אַלע האָבען גאָר אַנגעקוואָלען דערפון, וואָס די פּאַרטיי פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז אַרויס אין אַן אָפענעם קאַמף געגען דער זעלבסטהערשענדער רעגירונג; זיי זיינען געוועזען באַגייסטערט פון אַלעם, וואָס די „נאַראָדאָוואָלצעס" האָבען געטאָן.

די ערשטע צייט, ווען די פינסטערע מאַכט פון דער רעגירונג האָט גענומען בושעווען, ווען מען האָט דערזעהן, ווי מאַסען מענ־שען ווערען פאַרשיקט אין די וויטסטע, פאַרוואָרפענסטע געגענ־דען אין סיביר און מאַסען מענשען ווערען פאַר'משפט צום טויט, איז די פאַרצווייפלונג געוואָרען גרויס; אַ סך האָבען געמיינט, אַז אַלע כחות פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג זיינען שוין אויסגעשעפּט. עס איז דאַריבער גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די פרייד איז געוואָרען אַזוי גרויס, ווען מען האָט מיט אַמאָל דערזעהן, אַז די רעוואָלוציאָנערען שלאָפען ניט און אַז זיי טוען אויף אַזעלכע העלדישע זאַכען, אַז עס איז פּשוט צו שטוינען.

מיט אָפענע אויגען האָט זיך דער אינטעליגענטער טייל פון דער רוסישער באַפעלקערונג צוגעקוקט צו די מערקווירדיגע פּאַ־סירונגען, מיט אַ געשפּאַנטען אינטערעס האָט מען אַלעס נאָכגע־פאָלגט, און מען האָט געזעהן וואונדער איבער וואונדער:

דער רעוואָלוציאָנער קומט מעהר ניט אָפּ דערמיט, וואָס ער האַלט רעדעס צווישען ארבייטער און פּויערים; ער נעהמט גאָר צו הילף די קראַפט פון עלעקטריק און רייסט אויף די רעלסען פון

רעם קיסר׳ס צוג; און אויב דאָס איז נאָך וועניג, דרינגט ער אריין אינ׳ם קיסר׳ס פּאַלאַץ מיט דינאַמיט און מאַכט דאָרטען אַ חורבן.

אפילו די פאַרשלאָפענע און צוגעשלאָגענע מענשען פון דער געזעלשאַפט, די קאַלטע לונג־און־לעבערס, האָבען באַוואונדערט די מערקווירדיגע העלדישקייט פון די רעוואָלוציאָנערען. זייער באַוואונדערונג איז געווען נאָך גרעסער ווי ביי אלע אנדערע, ווייל ביי זיי איז אויסגעקומען, אַז אַזעלכע זאַכען קענען טאָר נאָר מלאָכים, אָבער ניט קיין מענשען.

מיר אליין זיינען גאַנץ אָפט געווען נידערגעשלאָגען פון דעם, וואָס ס׳גיט זיך ניט איין דורכצופיהרען אַ פּלאַן אויף איין אָרט און אויף אַן אנדער אָרט, און וועגען „איספּאָלנימעלנעם קאָמיטעט" האָט מען דערצעהלט נסים ונפלאות — אַזוי פיעל נסים, אַז ביי אַ סך יונגע מענשען האָבען זיך אַזש די קעפּ פאַרדרעהט.

אומעטום האָט מען גערעדט, אַז דער „קאָמיטעט" קען אַלעס טאָן, אַז עס איז גאָר ניטאָ קיין איין זאַך אויף דער וועלט וואָס ער זאָל ניט קענען באַווייזען. וועגען דעם, וואָס עס גיט זיך ניט איין דורכצופיהרען אַ פּלאַן ביז׳ן סוף האָט מען ניט גערעדט, ווייל דער פּלאַן אליין איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט אַלעמען איינפאַך באַצויבערט. און ניט אומזיסט האָט דער הויפּט פונ׳ם „טשאָרני פּערעדעל" אין אויסלאַנד געשריבען: „דערמיט אליין, וואָס איהר האָט געצוואונגען די גאַנצע וועלט אָנצושטעלען די אויגען אויף זיך און קוקען מיט אַזוי פיעל אינטערעס, האָט איהר שוין געהאַט אַ גרויסען זיעג". *)

געשריבען האָט ער דאָס נאָכ׳ן 5טען פעברואַר, ווען מען האָט אויפגעריסען אַ שטיק פונ׳ם קיסר׳ס פּאַלאַץ.

נאָך בעסער און וואַרימער איז געוואָרען די באַציהונג צום „קאָמיטעט" דעם 1טען מאַרטש, ווען עס האָט זיך ענדליך איינגעגעבען צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר. די געזעלשאַפט האָט מעהר ניט ארויסגעקוקט אויף די חסדים און טובות פון דער צאַרסקער

---

*) דער „טשאָרני פּערעדעל", ווי די לעזער וועלען זיך דערמאָנען פון די פריהערדיגע קאַפּיטלען, איז באַשטאַנען פון די אָפּגעשפּאַלטענע „זעמלעוואָלצעס", וועלכע האָבען געהאַלטען מיט פּלעכאַנאָוו׳ן און פּאָפּאָוו׳ן, אַז גוואַלדטאַטען זזיינען שעדליך און אַז מען טאָר בשום אופן ניט אונטערנעמען אַזאַ זאַך, ווי דער׳הרג׳ענען דעם קיסר, ווייל דאָס וועט נאָר שטאַרקער מאַכען די רעאַקציע אין לאַנד.—**איבערזעצער**.

רעגירונג; זי האָט זיך מעהר אינטערעסירט מיט דעם, וואָס די רע־וואָלוציאָנערען טוען און וואָס זיי פּלאַנעווען.

עס קען זיין, אז דער טייל פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז געווען אויף אונזער זייט, איז גאָר ניט געווען אזוי גרויס ווי מיר האָבען געמיינט. מען דאַרף אָבער ניט פארגעסען, אז דער דאָזי־גער טייל איז געווען א סך באַדייטענדער און ווירקזאַמער ווי עס האָבען געדענקט די מענשען פונ׳ם אנדערן לאַגער.

און ווייל מיר האָבען געוואוסט, אז עס זיינען פאַראַן א סך מענשען וואָס האַלטען מיט אונז, האָבען מיר געפיהלט, אז מיר זיינען ניט בלויז א קליין הייפעלע וואָס קעהרט זיך ניט אָן מיט די אנדערע טיילען פון דער געזעלשאַפט, און דאָס האָט אונז צו־געגעבען א סך מוט און ענערגיע; א דאַנק דעם האָבען מיר אַלע מאָל ביי יעדען אפענעם רעוואָלוציאָנערען ארויסטריט, ארויסגע־וויזען אזוי פיל העלדישקייט און אָפּערוויליגקייט, וואָס האָט אַלעמען געמאַכט צו שטוינען; און ניט אומזיסט האָבען די פּראָ־קוראָרען ביי יעדען פּראָצעס זיך אָפּגעשטעלט אויף דער מערק־ווירדיגער „עקשנות“, וואָס די רעוואָלוציאָנערען ווייזען אַלע מאָל ארויס.

אָט די „עקשנות“ האָט מען ביי אונז ניט געקענט אוועקנע־מען, סיידען מען זאָל אינגאַנצען אָפּווישען דעם גייסט פון אומ־צופרידענקייט וואָס האָט געהערשט צווישען דער באַפעלקערונג, און דאָס אָפּווישען האָט מען געקענט בלויז דורך דעם וואָס מען וועט נעמען די אומצופרידענע און זיי מאַכען פאר צופרידענע: אָבער דאַן וואָלטען מיר דאָך אויך, ביז א געוויסען גראַד, געווען באַפרידיגט און אונזער ארבייט וואָלט שוין געטראָגען אַן אנדער כאַראַקטער.

נאָך די אַלע ווייכטיגע רעוואָלוציאָנערע פּאַסירונגען, און ספּע־ציעל נאָכ׳ן 5טען פעברואר, ווען מען האָט מיט דינאַמיט אויפגע־ריסען א שטיק אינ׳ם ווינטער־פּאַלאַץ, איז איבער׳ן גאַנצען לאַנד געשאַפען געוואָרען אַזאַ שטימונג, אז ס׳איז ביי מיר גאָר קיין צווייפעל ניט, אז ווען דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט“ פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליא“ וואָלט זיך מיט אַמאָל אָפּגעזאָגט פון דער פּאַרטיכטונגס־ארבייט וואָס ער האָט אָנגעפיהרט, וואָלט ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסען א נייע אָרגאַניזאַציע. אָדער גאָר פּריוואַטע מענשען, וועלכע וואָלטען אליין גענומען אויף זיך

די אויפגאַבע צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר. עס איז דאַן גאָר אוממעגליך געווען זיך פאָרצושטעלען, אַז מען קען זיך אָפּשטעלען אין מיט׳ן דערינען און ניט געהן ווייטער: מען האָט געמוזט מאַכען נייע פּראָבעס אָפּצוראַמען פון׳ם וועג די מענשען וואָס האַל־טען דאָס פאָלק פאַרשקלאַפט. אַנדערש האָט עס ניט געקענט זיין. און דער „איספּאָליטעלני קאָמיטעט״ האָט אויף זיך גענו־מען די אויפגאַבע.

אינ׳ם יאָהר 1880 — איך געדענק שוין ניט באַשטימט צי דאָס איז געווען אין מאָנאַט מאַרט אָדער אין אַפּריל — איז סאַבלין געקומען קיין אָדעס און באַלד נאָך איהם סאָפיא פּעראָווז־סקאַיא.

איך האָב דאַן געוואוינט אויף דער יאַמסקאַי, ביי סטאַוו־ראַוו׳ן אין הויז. סאָפיא פּעראָווסקאַיא און סאַבלין זיינען גלייך געקומען צו מיר אהיים און האָבען מיר אָנגעזאָגט, אַז זיי זיינען געשיקט אהער פון׳ם קאָמיטעט צוצוגרייטען אַ מינע, וויל עס איז זעהר מעגליך, אַז דער קיסר זאָל אויפ׳ן זומער פאָהרען קיין קרים און דאַן וועט מען איהם אויפ׳ן וועג קענען דער׳הרג׳ענען.

פונקט דאַן בין איך געווען פאַרנומען מיט אַן אַנדער ארבייט — איך האָב צוגעגרייט אַלעס וואָס מע דאַרף צו דער׳הרג׳ענען פאַ־ניוטינ׳ען, וועלכער איז אין יענער צייט געווען דער שטאַטס־סעקרעטער פון׳ם אָדעסער גענעראַל־גובערנאַטאָר טאָטלעבען.

פאַניוטין אַליין איז געווען אַ שרעקליכער מענש; גאַנץ אָדעס האָט פאַר איהם געציטערט ווי פאַר׳ן מלאך המות; פאַר׳ן גו־בערנאַטאָר אַליין האָט מען אַזוי ניט מורא געהאַט ווי פאַר איהם, וויל יענער, דער גובערנאַטאָר אַליין, האָט זיך אינגאַנצען פאַר־לאָזט אויף איהם און ער האָט געקענט טאָן וואָס ער האָט געוואָלט. און איך געדענק נאָך אַזוי ווי היינט, אַז פאַר דער צייט, וואָס איך בין געווען אין אָדעס, האָט מען פון פאַניוטינ׳ען גערעדט אַ סך מעהר ווי פון׳ם גענעראַל גובערנאַטאָר. ער איז געווען דער הער־שער פון אָדעס. נאָכ׳ן „פּראָצעס פון די 28״, וואָס האָט זיך געענדיגט דערמיט וואָס מ׳האָט אויפגעהאַנגען פינף מענשען, האָט פאַניוטין זיך אַ נעם געטאָן צו דער שטאָדט נאָך שטרענגער ווי פריהער; דאַן איז איהם איינגעפאַלען, אַז די אָדעסער שטאָדטי־שע דומאַ איז פונקט דאָס זעלבע ווי די פּאַריזער קאָמונע פון 1871, האָט ער קיין טענות ניט געמאַכט, געכאַפּט עטליכע באַאַמטע און

זיי פארשפארט אין טורמע, און דערנאך איז אוועק א סדרה פון ארעסטען און ארעסטען; ער האט ארעסטירט לעהרער פון שוה־לעס, שרייבער פון צייטונגען, סטודענטען פון אוניווערזיטעטען, ארבייטער פון פאבריקען — ווער ער האט נאר געוואלט האט ער ארעסטירט. א סך פון די ארעסטירטע האט ער פארשיקט; עס האט ביי איהם ניט אויסגעמאכט — יא שולדיג ניט שולדיג — אבי אפגעראמט פונ'ם וועג, מען זאל זייערע פנים'ער אין אדעס ניט אנקוקען; און טאמער האט מען געזוכט איינעם וואס הייסט — לאמיר זאגען — ניקיטא סטעפאנאוויטש לאבזאוו און מען האט איהם ניט געקענט געפינען, האט מען געכאפט אן אנדערען, וואס הייסט גאר סטעפאן ניקיטיטיש און אויך לאבזאוו, און מען האט איהם פארשיקט; און אויב מ'האט זיך פארלעגט אויף איינעם און מ'האט איהם ניט געקענט כאפען, האט מען געכאפט זיינעם א קרוב, אן אייגענעם, אדער גלאט א פריינד און מען האט איהם פאר־שפארט אין טורמע, אדער פארשיקט ערגעץ ווייט.

אלעס איז געווען רעכט.

אין יענער צייט האט מען אין דער „נאראדנאיא וואליא" פארעפענטליכט די ווילדע מעשים, וואס פאניוטין האט אפגעטאן. מען האט דערצעהלט, אז ווען עס קומט צו איהם אין קאנצעליאריע א קרוב, אדער א קרובה פון א פארשיקטען, איז ער זיך שרעקליך נוקם אין זיי און באליידיגט זיי אויפ'ן מיאוס'טען, גראבסטען שטייגער. די פרוי פון אן ארעסטירטען יונגען מאן איז איינמאל געקומען צו איהם אין קאנצעליאריע, זי האט דאן געשוואנגערט און איז געווען זעהר נערוועז, אבער ער האט זיך דערמיט ניט גערעכענט און האט זי שטארק באליידיגט, און ווען זי האט אנגעהויבען וויי־נען אויפ'ן קול, איז ער געווארען אין דער רציחה ווי א גזלן און זיך צושריגען אויף איהר:

„פארנעמט זיך פון דאנען! איהר קענט זיך נאך דא צולעגען אין קינפעט. וואן!"

אט אזא רוצח איז דאס געווען.

און איהם האב איך באשלאסען צו דער'הרג'ענען.

צוליב דעם האב איך אוועקגעשטעלט א מענשען אויף דער סאפיעווסקער גאס, ניט ווייט פון פאניוטין'ס קאנצעליאריע. זיין אויפגאבע איז געווען — זיך גוט צוקוקען צו פאניוטין'ען; זעהן

וואָס פאר א פנים ער האָט, און אויסגעפינען ווען ער געהט ארויס פון דער היים און וואוהין ער געהט.

דאָס האָט אָבער קיין שום רעזולטאַטען ניט געבראַכט, ווייל עס איז שווער געווען צו געפינען א מענשען וואָס זאָל קענען קוקען פאַניוטינ׳ען אין פנים אריין, אדער אזא וואס זאָל אָנווייזען: „אָט דאָס איז ער״. ערשט שפּעטער האָב איך קוים מיט צרות געפונען א יונגען מאַן וואָס האָט מיר איהם אָנגעוויזען. ער האָט מיר אויך איבערגעגעבען אַלע איינצעלהייטען ווען ער געהט ארויס פון הויז און אויף וואָס פאַר א וועג ער געהט.

מיר איז דאָס גוט צונוץ געקומען. פון דאַן אָן האָב איך שוין געהאַלטען אָן אויג אויף איהם און יעדען טאָג האָב איך געזעהן ווי ער, א דיקער, א גראָבער, געהט אין גאַס מיט דריי שפּיאָנען — צוויי פון ביידע זייטען, און איינער — א פּאָר שפּאַן הינטער איהם.

איך האָב אַלעס צוגעגרייט. עס איז שוין געווען פאַרטיג א מאַן וואָס האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו דער׳הרג׳ענען פּאַניוטינ׳ען. דער פּלאַן איז געווען — איהם אריינשטעכען א מעסער אין רוקען פונקט דאַן ווען ער וועט שפּאַצירען אויף א געוויסען פּלאַץ. כדי דער מאַן זאָל קענען אַנטלויפען נאָכדעם ווי דער פּלאַן וועט זיין דורכגעפיהרט, האָט מען געדאַרפט האָבען א פערד, און דאָס האָב איך אויך צוגעגרייט.

אָבער ווען סאָפיא פּעראָווסקאיא איז געקומען צו מיר מיט דער שליחות פונ׳ם „קאָמיטעט״ האָב איך דעם גאַנצען אויסגעאַרבייטען פּלאַן געמוזט אויפגעבען.

די פּעראָווסקאיא האָט מיר דערצעהלט, אז זי האָט מיט זיך געבראַכט א בריף — איך געדענק שוין ניט צי פון זשעליאַבאָוו׳ן, אָדער פון קאָלאָדקאָוויטש׳ן — צו דעם אַרבייטער וואַסילי, וועלכער קען זיך באַטייליגען אין דעם געפּלאַנטען אָנפאַל אויפ׳ן קיסר. זי האָט מיר געזאָגט, אז זי מוז זיך אַליין זעהן מיט איהם.

און דאָ וויל איך דערצעהלען ווער דער וואַסילי איז געווען.

דאָס איז געווען איינער מיט׳ן נאָמען וואַסילי מערקולאָוו. ער האָט דאָס נאָכהער אויסגעגעבען די אַלע אַרבייטער וואָס ער האָט געקענט אין אָדעס און אויך סווערדענצעוו׳ן, דעם אָנגעזעהענעם מיטגליד פון דער גרופּע. געטאָן האָט ער דאָס אויף דעם „פּראָצעס פון די צוואַנציג״. ער האָט דאַן אין געריכט אויסגעגעבען

זיינע אַלע חברים, און מיט אַ פּאָר יאָהר שפּעטער, דעם 10טען פעברואַר, 1833, האָט ער מיך אין כאַרקאָוו געכאַפּט אין מיט'ן גאַס. מען האָט איהם דאַמאָלט געשיקט קיין כאַרקאָוו ספּעציעל צוליב דעם, ער זאָל מיך כאַפּען.

דאָס איז געווען אַ מיאוס'ער פאַררעטער, אַ מסור; און כדי מיר זאָלען זיך ניט כאַפּען ווער ער איז, האָט מען געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז מען פאַרשיקט איהם אויף צוואַנציג יאָהר קאַטאָרגע. פּונקט אין יענער צייט ווען עס האָט געהייסען, אַז ער איז פאַר־שיקט אויף קאַטאָרגע, האָט ער מיך געכאַפּט אין כאַרקאָוו אין מיטען גאַס.

באַקענט מיט אָט דעם לומפּ האָב איך זיך נאָך איידער סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ איז געקומען קיין אָדעס. מיר איז אָנגעקומען אַ חשק זיך אויסצולערנען די אַרבייט פון שניצען שטיינער, און אַזוי ווי קאָלאָדקעוויטש האָט מיר געשריבען, אַז וואָסילי איז אַ וואוילער בחור און מען קען זיך אויף איהם פאַרלאָזען און איך אַליין האָב אויך געוואוסט אַז ער האָט אַביסעל אַרויסגעהאָלפען אין די פּאָרבאַרייטונגען וואָס מען האָט געמאַכט אויף דער סטאַנ־ציע גניליאַקאָווא אונטערצולעגען דינאַמיט און אויפרייסען דעם קיסר'ס צוג, האָב איך גאָר קיין ספק ניט געטראַכט און האָב איהם געגעבען דעם אַדרעס פון מיין וואוינונג אויף דער יאַמסקאָי, וואוהין ער זאָל קומען מיך לערנען די אַרבייט ווי צו שניצען שטיינער.

אַז עס איז מיר גאָר ניט איינגעפאַלען איהם חושד צו זיין. איך האָב געקוקט אויף איהם ווי אויף אַן אייגענעם מענשען, און ווען סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ האָט געזאָגט, אַז זי דאַרף זיך מיט איהם זעהן, האָב איך זי גלייך צונויפגעפיהרט מיט איהם.

סאַבלין און סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ זיינען געקומען מיט אַ פּאַרטיגען פּלאַן. זיי האָבען געדאַרפט אויסקלייבען די גאַס, וואו דער קיסר וועט אודאי דורכפאָהרען אויפ'ן וועג פון'ם וואָקזאַל צום ברעג ים, וואו אַ שיף וועט שוין זיין גרייט פאַר איהם; אויף יענער גאַס, האָבען זיי געדאַרפט דינגען אַ קלייטעל און זיך דאָר־טען באַזעצען אַלס מאַן און ווייב — אַ קרעמער און אַ קרעמערקע און פון דעם קלייטעל האָט מען געדאַרפט אוועקלעגען אַ מינע אונטער'ן שאָסע, אַזוי אַז ווען דעם קיסר'ס קאַרעטע וועט דורכ־פאָהרען זאָל די מינע אויפרייסען און דער קיסר זאָל דער'הרג'עט

ווערען. קורץ, דאָס איז געווען אַ פּלאַן וואָס איז דערנאָך פאַר־
ווירקליכט געוואָרען אויף דער קליין־סאַדאָוואָער גאַס אין פּעטער־
בורג.

די טעכנישע ארבייט האָט געדארפט געטאָן ווערען אונטער'ן
אויפזיכט פון גריגאָרי איסאַיעוו, וועלכער איז נאָכהער אָנגעקומען
צוזאַמען מיט דער יאַקימאָווא.

קיין געלט האָט סאָפיא פּעראָווסקאַיא מיט זיך ניט געבראַכט.
זי האָט צוזאַמען מיט אונז געדארפט אויסרעכענען וויפיעל דאָס
אַלעס וועט קאָסטען און דערנאָך צושטעלען אַ חשבון דעם „קאָמי־
טעט" וויפיל געלט מען זאָל ארויסשיקען. אונזער חשבון איז
געווען, אַז מען דאַרף דארויף האָבען ניט ווייניגער ווי טויזענט
רובעל. דאַן האָב איך געמאַכט אַ פאָרשלאַג, מען זאָל לאָזען ווי־
סען דעם קאָמיטעט, אַז מען דאַרף אונז קיין געלט ניט שיקען;
איך נעהם דאָס אויף זיך, מיר וועט זיך שוין ווי עס איז איינגעבען
צו קריגען די נויטיגע סומע. דארויף בין איך אַ בריה.

און מיר האָט זיך דאָס טאַקע איינגעגעבען. אין פאַרלויף
פון אַ קורצער צייט האָב איך דער פּעראָווסקאַיא איבערגעגעבען
אַן ערך פון אַ 900 רובעל, און אַבי עס איז שוין געווען געלט, האָט
מען געדונגען אַ קלייטעל, געקויפט אַביסעל באַקאַלעי און אַן ענ־
בער צו גראָבען די ערד. עס האָט נאָך געקלעקט אויף אַנדערע
נויטיגע הוצאות אויך.

דאָס קלייטעל האָט מען געדונגען אויף דער איטאַליענער גאַס,
און אַזוי שנעל ווי מען האָט זיך אהינצו איבערגעצויגען, האָט מען
זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט. די צייט איז געווען טייער
און מען האָט זיך געדארפט צואיילען, ווייל מען האָט גערעכענט,
אַז דער קיסר וועט אָנקומען קיין אָדעס אין מאַי, און — דאָ איז
שוין אַפּריל. די צייט שטעהט ניט.

ארבייטען האָט מען געקענט בלויז ביינאַכט, וואָרים די מינע
אונטערן שאָסעע האָט מען געקענט אוועקלעגען בלויז פון'ם קליי־
טעל, אָדער פון די חדרים וואו סאָפיא פּעראָווסקאַיא און סאַבלין
האָבען געוואוינט ביים קלייטעל. אין גאַס האָט מען דאָך דאָס ניט
געקענט טאָן. אָבער ווי טוט מען דאָס אין קלייטעל, אַז עס קומען
צריין קונים, פרעמדע מענשען! דאריבער האָט מען אַלעס געמוזט
טאָן ביינאַכט, ווען קיינער זעהט ניט.

אין אָנפאַנג האָבען מיר געדענקט ניט אונטערצוגראָבען די

ערד און אוועקלעגען דארטען די מינע, נאר פשוט אויסבויערען אין דער ערד א לאך מיט אן עגבער און אויף אזא'ן אופן דורכפיהרען די מינע אונטער'ן שאסע. אבער ווען מיר האבען זיך גענומען ארבייטען האט זיך ארויסגעוויזען, אז עס איז א סך שווערער ווי מיר האבען זיך פארגעשטעלט. די ערד איז געווען א ליימיגע, א קלעפיגע און דער עגבער איז אלע מאל פארשטאפט געווארען און מען האט איהם ניט געקענט ריהרען פון ארט. מיט די גרעסטע אנשטרענגונגען און מיט אלע כחות האט מען שטונדען לאנג געדארפט דרעהען און דרעהען, און אלע מאל האט זיך דער עגבער ווידער פארהאקט און עס איז אוממעגליך געווען איהם צו ריהרען.

דאס האט אבער ניט געשטערט צו ארבייטען ווייטער, נאכט אויף נאכט. און אזוי האבען מיר געארבייט און געארבייט ביז עס האט זיך אונז, קוים מיט צרות, ענדליך איינגעגעבען צו גרייכען די שטיינער פונ'ם שאסע אין גאס. דער עגבער איז ארויס דורך די שטיינער און האט דערזעהן די ליכטיגע וועלט...

אונז איז דאמאלסט אויך ליכטיג געווארען אין די אויגען. אבער אין מיטען דערינען האט זיך געטראפען אן אומגליק. גריגאריע איסאיעוו איז געווען ניט גענוג פארזיכטיג מיט א כעמישען שטאף ביי דער ארבייט, האט עס איהם אפגעריסען דריי פינגער פון דער האנט און ער האט זיך געמוזט אוועקלעגען אין שפיטאל. אונז האט דאס הארץ געריסען קוקענדיג אויף איהם און ער האט דעם וועהטאג אריבערגעטראגען אזוי רוהיג און אזוי קאלטבלוטיג, גלייך די פינגער וואלטען גאר ניט געווען זיינע.

נאך דעם אומגליק האט מען גענומען די אלע זאכען — דעם דינאמיט, דעם קוועק־זילבער, די עלעקטרישע דראטען און די אלע אנדערע אויפרייס־מאטעריאלען וואס איסאיעוו האט געהאלטען ביי זיך אין צימער, און מען האט זיי אריבערגעטראגען צו מיר אין צימער, ווייל מען האט געדענקט, אז די שכנים פון דעם הויז, וואו איסאיעוו האט געוואוינט, האבען נאך אפשר געהערט דעם הילך וואס האט געטאן ווען דער כעמישער שטאף האט אויפגע־ריסען.

איסאיעוו האט אונז שטארק אויסגעפעלט, האב איך פאר־געשלאגען, אז מיר זאלען צוציהען צו דער ארבייט א פאר חברים

פון די אָדעסער רעוואָלוציאָנערען, אבער אלע זיינען געוועזן געגען דעם.

דאַן איז באַשלאָסען געוואָרען אויפצוגעבען דעם עגבער און פשוט אונטערגראָבען די ערד אויף עטליכע ארשין די לענג, און ערשט דערנאָך ארבייטען מיט'ן עגבער. די אויסגעגראָבענע ערד האָט מען געדאַרפט אוועקלעגען אין איינעם פון די חדרים, וואו סאָפיע פעראָווסקאיא און סאבלין האָבען געוואוינט.

ווען מיר זיינען פארטיג געוואָרען מיט דער ארבייט, האָבען מיר באַשלאָסען צו נעמען די ארויסגעגראָבענע ערד און זי ערגעץ ארויסטראָגען, ווייל עס קען דאָך זעהר זיין, אז איידער דער קיסר וועט אָנקומען קיין אָדעס, וועט מען איבערקוקען די הייזער פון אלע גאַסען, וואו ער דאַרף דורכפאָהרען. דאַריבער האָבען מיר באַצייטענס אָנגעהויבען אַריבערפעקלען די ערד וואוהין מיר האָבען נאָר געקענט. ביי מיר אין צימער האָב איך געפונען א ווינקעל, וואו מען קען אָפּשטעקען א היבש ביסעל פון דער אויסגעגראָבענער ערד; אין רענצעלאַך, אין פעקעלאַך און אין קלומקעס האָט מען זי מיר געבראַכט אין איך האָב געהאַט אַ ארבייט זי צו פאררוקען אין א ווינקעל, אז קיינער זאָל זי ניט זעהן. צום גליק איז די בעל הבית'טע דאַמאָלסט אין דער היים ניט געווען, אבער דאָך איז דאָס מיר לייכט ניט אָנגעקומען און יעדען מאָל, ווען מען האָט מיר געבראַכט א טאָרבע אָדער א רענצעל מיט ערד, האָב איך געדאַרפט געפינען אַן אויסרייד אַוועקצושיקען ערגעץ די דינסט.

דערווייל האָבען זיך אין מיטען דערינען געגומען טראָגען קלאַנגען, אז דער קיסר וועט גאָר ניט פאָהרען אויפ'ן זומער קיין קרים, און אין מיטען דערינען קומט אונז אָן א באַפעהל פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" — אויפגעבען די גאַנצע ארבייט.

כדי די ארבייט זאָל ניט זיין ארויסגעוואָרפען, האָבען מיר פאָרגעשלאָגען דעם „קאָמיטעט", מען זאָל אונז ערלויבען מיט דעם זעלבען מיטעל אויפצורייסען דעם אָדעסער גענעראַל גובערנאַטאָר, גראַף טויטלעבען, אָבער דער „קאָמיטעט" האָט אונז דאַרויף קיין ערלויבעניש ניט געגעבען, ווייל דאָס דאָזיגע מיטעל איז צוגעגרייט געוואָרען ספּעציעל פאַר'ן קיסר אַליין און אויף קיין אַנדערען דאַרף עס ניט אָנגעווענדעט ווערען. די ערלויבעניש צו מאַכען א פאַרזוך אויפ'ן לעבען פונ'ם אָדעסער גענעראַל גובערנאַ־

טאָר האָט מען אונז אָבער דאָך געגעבען, אָבער — מיט אנדערע מיטלען.

געקראָגען די ערלויבעניש, האָבען מיר זיך גלייך א נעם געטאָן נאָכשפּיאָנירען דעם גענעראל גובערנאַטאָר. אין דער פאַרשווערונג געגען איהם זיינען, אויסער סאַבלינען, געווען: איך און נאָך אייניגע מענשען, וועמען איך האָב אין דער פאַרשווערונג אריינגענומען.

אונזער פּלאַן איז געווען איהם צו דער׳הרג׳ענען מיט א באָמבע, און ווען מיר וואָלטען דאמאָלסט געהאַט די ערפינדונג וואָס איסאַיעוו און קיבאַלטשיטש האָבען שפּעטער געמאַכט, וואָלט זיך דער גראַף טויטלעבען שוין פון אונזערע הענד ניט ארויסגעדרעהט. מיר האָבען אָבער די ערפינדונג דאמאָלט ניט געהאַט און די קנוימען זיינען אויך ניט געווען קיין גוטע; דאריבער איז די באָמבע ארויסגעקומען ניט געלונגען און מען האָט מיט איהר קיין סך ניט געקענט אויפטאָן.

דאָך וואָלטען מיר דעם פּלאַן געווען דורכגעפיהרט, אָבער פּונקט דאַן ווען מיר האָבען שוין געהאַלטען דערביי, האָט מען דעם גראַף טויטלעבען צוגענומען פון אָדעס.

אונז האָט דאָס שטאַרק באַנג געטאָן, ווייל מיר האָבען געוואָלט אָבווישען דאָס בלוט פון אונזערע חברים: טשובאַראָוו, דאַווידענקאָ, לאַגאָווענקאָ, וויטענבערג, מאַידאַנסקי, דראָביאַזגין, מאַלינקי און ליזאָגוב.

מאַלינקין און ליזאָגובן האָט גראַף טויטלעבען אומגעבראַכט פון דער וועלט דערפאַר וואָס זיי זיינען ביידע געווען זעהר רייך, און מאַידאַנסקי׳ן און דראָביאַזגינ׳ען — דערפאַר וואָס ער האָט חושד געווען, אז זיי האָבען געוואוסט וועגען דעם פאַרזוך וואָס ווערט געמאַכט צו דער׳הרג׳ענען דעם שפּיאָן גאָרינאָוויטש און האָבען ניט אויסגעזאָגט.

גראַף טויטלעבען און טשאַרטקאָוו זיינען געווען פאַרהאַסט איבער גאַנץ רוסלאַנד דערפאַר וואָס זיי זיינען געווען בלוטדורשטיגע טיראַנען. דאריבער האָבען מיר באַשלאָסען זיי אָפּצוראַמען פון וועג; אונזער פּלאַן איז געווען ביסלעכווייז אויסצוראָטען אַלע שלעכטע גובערנאַטאָרען ביז מיר וועלען סוף כל סוף פּטור ווערען פון דעם גאַנצען רעזשים וואָס זיי פאַרטרעטען.

נאָכדעם ווי גראַף טויטלעבען איז אוועקגעפאָהרען פון אָדעס

האָבען מיר געדאַרפט אויפגעבען די גאַנצע ארבייט פון פריהער. דאָס קלייטעל אויף דער איטאַליאַנסקער גאַס האָט מען צוגעמאַכט און דעם וועג וואָס מען האָט אויסגעגראָבען אונטער דער ערד, האָט מען צוריק פאַרשאָטען.

דאָס איז געווען ניט קיין לייכטע שטיקעל ארבייט; מען האָט געמוזט ברענגען צוריק די אויסגעגראָבענע ערד און זי אריינשיטען אין גרוב. ביינאַכט האָבען מיר זיי געטראָגען צו־ריק אין זעקלאַך און פעקלאַך ביז די גרוב אונטער דער ערד איז ווידער געווען פאַרשאָטען.

ווען מען האָט אלעס געבראַכט אין ארדנונג איז סאָפיא פּע־ראָווסקאַיא מיט סאַבלינ'ען אוועקגעפאָהרען פון אָדעס, דערנאָך איז אויך אוועקגעפאָהרען איסאַיעוו מיט דער יאַקימאָווא. מיר איז געוואָרען אומעטיג, האָב איך אוועקגעשיקט צום „קאָמיטעט" א בריף אז מען זאָל מיר אויך ערלויבען צו פאַרלאָזען אָדעס און אויף מיין פּלאַץ זאָל מען באַשטימען אַן אַנדער מענשען, אויף וועלכען מען קען זיך פאַרלאָזען. אין מיין בריף צום קאָמיטעט האָב איך געשריבען, אז איבער דעם וואָס איך בין שוין כמעט א יאָהר אין דער פּראָווינץ, ווייט פונ'ם צענטער, בין איך אָפּ־געריסען פון דער אַלגעמיינער ארבייט; איך האָב אויך געשרי־בען, אז איך מוז קומען קיין פּעטערבורג אָפּגעבען א באַריכט וועגען דער ארבייט וואָס איך האָב אָפּגעטאָן פאַר דער גאַנצער צייט און אז איך דאַרף זיך באַראַטען וועגען דעם, וואָס איך וועל ווייטער טאָן.

אומגעפעהר אין מאָנאַט יולי בין איך ארויסגעפאָהרען פון אָדעס קיין פּעטערבורג. אהין איז אויך ארויסגעפאָהרען וואַסילי מערקולאָוו. איהם האָט מען איינגעלאַדען גלייך צו קומען.

נאָך עד היום איז מיר ניט אָנגענעם ווען איך דערמאָן זיך, אז ער, דער פאַררעטער, האָט זיך צו מיר באַצויגען זעהר פריינד־ליך און ווען ער איז געקומען קיין פּעטערבורג, האָט ער זיך מיט מיר א סך מאָל געטראָפען. איך פלעג זיך מיט איהם גאַנץ אָפט באַגעגענען אין פאַרק.

אליין איז ער געווען א היציגער, א בייזער און פון קיין זאַך איז ער ניט געווען צופרידען. צו דער אינטעליגענץ האָט ער שטענדיג געהאַט טענות, און די ארבייטער האָט ער געהאַל־טען אין איין לויבען. ברוגז אויף איהם דערפאַר זיינען מיר ניט

געווען; מיר האָבען פארשטאַנען, אז עס איז גאנץ נאַטירליך, אז א מענש וואָס האָט שטענדיג געלעבט אין דחקות און אין אָרימקייט, זאָל פיינט האָבען אַלעס וואָס עס איז פּריצ׳יש. מיר האָבען אָבער ניט געקענט פארטראָגען זיין עגאָאיזם, דאָך האָ־בען מיר איהם דערפאר אויך געשאָנעוועט. דאָס לעצטע מאָל האָב איך זיך מיט איהם געטראָפען אין אויגוסט, אינ׳ם יאָהר 1880. פון דאַן אָן האָב איך מיט איהם ניט געהאַט קיין שום פארבינדונגען — ניט קיין פערזענליכע און אויך ניט קיין גע־שעפטליכע. געזעהן האָב איך איהם ערשט דעם 10טען אַפּריל, 1883, ווען ער און דעגאַיעוו האָבען מיך אין בארקאָוו איבערגע־געבען אין די הענד פון דער פּאָליציי.

### ווי אזוי מען האָט ארעסטירט מיכאַילאָוו׳ן.

אין פּעטערבורג האָט מען מיך אויסגע׳מוסר׳ט פארוואָס איך האָב ניט געווארט ביז טריגאָני וועט קומען און איבערנעמען מיין ארבייט אין אדעס. מען האָט מיר באַוויזען, אז אָהן מיר וועט טריגאָני די ערשטע צייט זיין א פרעמדער און וועט ניט וויסען וואו א טיר עפענט זיך, און איך האָב פארשטאַנען, אז זיי זיינען גערעכט; איך האָב זיך אָבער פארענטפערט דערמיט, וואס איך בין געווען זעהר אומרוהיג איבער דעם וואס איך האָב א לאַנגע צייט ניט באַקומען קיין שום ידיעות פון פּעטערבורג. דער תירוץ איז אָנגענומען געווארען און דער „קאָמיטעט" האָט מיר מוחל געווען.

דערנאָך האָב איך אָפּגעגעבען א באריכט וועגען דער לאַגע אין אדעס, איבערגעגעבען טריגאָני׳ן אַלע נויטיגע ידיעות און אָנווייַ־זונגען וועגען אדעס, אויך א פּאָר רעקאָמענדאַציאָנס בריף האָב איך איהם מיטגעגעבען, און דאַן איז ער אוועקגעפאָהרען איבער־נעמען מיין ארבייט און איך אַליין בין געבליבען אין פּעטערבורג.

אין יענער צייט האָט מען אויף דער גאַראָכאָוואַער גאַס, הינטער דער שטיינערנער בריק, זיך ווידער געגרייט צו מאַכען א פארזוך און דער׳הרג׳ענען דעם קיסר אַלעקסאנדער דעם צווייטען. די איינ־צעלהייטען האָב איך דעמאָלט ניט געוואוסט, ווייל פּונקט ווי דעם אויפרייס אין ווינטער־פּאַלאַץ, אזוי האָט מען אויך דעם נייעם פאַר־זוך געהאַלטען בסוד סודות. בלויז די פּאָר מיטגלידער פון דער ספּעציעלער פארוואַלטונגס קאָמיסיע האָבען געוואוסט די איינצעל־

הייטען. איך האָב בלויז געוואוסט, אַז מען קלייבט זיך מאַכען אַן אויפריים און דער׳הרג׳ענען דעם קיסר, און אַז דאָס מאָל וועט מען דעם אויפריים מאַכען פון אונטער׳ן וואַסער.

דאַן האָב איך גאָר באַקומען אַ שטאַרקען חשק צו זעהן דעם קיסר מיט מיינע אייגענע אויגען. איך האָב געוואָלט, כאָטש איין מאָל אין מיין לעבען, זעהן דעם מענשען, אויף וועמען אונזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך אַזוי פאַרלעגט. און אַזוי ווי איך האָב געוואוסט אין וואָס פאַר אַ צייט ער פאָהרט צום וואָקזאַל פון צאַרסקאָיע סעלאָ, בין איך אַהין אַוועק און דאָרטען האָב איך איהם געזעהן פאָהרען אין זיין קארעטע. מעהר האָב איך איהם ניט געזעהן. און מיר דוכט זיך, אַז אויף דעם וועג איז ער שוין מעהר ניט געפאָהרען, ווייל באַלד נאָך דעם איז ער אַוועק קיין קרים, און אין פעטערבורג איז ער געקומען ערשט שפּעט אין אָסיען. דעם פאַרזוך איהם צו דער׳הרג׳ענען האָט מען דאַן ניט געמאַכט.

אין אָקטאָבער האָט מען ארעסטירט אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, און דאָס האָט אונז אַלעמען שטאַרק געטראָפען, ווייל זיין ארבייט פאַר דער אָרגאַניזאַציע איז גאָר ניט געווען אָפּצושעצען; דאָס איז געווען אַ מענש מיט מערקווירדיגע פעהיגקייטען צו אָרגאַניזירען זאַכען, און ווען ער האָט זיך צו עפּעס גענומען, האָט ער גלייך געזעהן יעדער פּיצילע דורך און דורך; פאַר איהם האָט מען קיין זאַך ניט געקאָנט באַהאַלטען; ער האָט אַלעס געזעהן און אַלעס באַמערקט, און דערצו איז ער נאָך געווען זעהר אַ פאָרזיכטיגער מענש אכטונג געבען, אַז די מיטגלידער פון דער ארגאַניזאַציע זאָלען זיך אויסהיטען פון געפאַהר. ער איז געווען דער וועכטער פון אונזער אָרגאַניזאַציע.

און דוקא ער איז אריינגעפאַלען צוליב אומפאָרזיכטיגקייט. און געשעהן איז דאָס אַזוי:

מיכאַילאָוו האָט געשיקט אַ מענשען צו דעם באַקאַנטען פאָטאָגראַפער אַלעקסאַנדראָווסקי, אויפ׳ן נעווסקי פּראָספּעקט, וואו די פּאָליציי פלעגט לאָזען מאַכען די פאָטאָגראַפישע בילדער פון די ארעסטירטע רעוואָלוציאָנערען. ער האָט איהם געשיקט אַהין קריגען אייניגע פאָטאָגראַפיעס פון עטליכע פאַר׳משפּט׳ע חברים אונזערע. אין דער פאָטאָגראַפיע איז דאַן געווען עפּעס אַ אינגעל, און ער האָט די בילדער ניט געוואָלט געבען. דאָס האָט מיכאַילאָוו׳ן שטאַרק

פארדראָסען. ער איז געוואָרען אין כעס און איז אליין אוועק נאָך די בילדער.

ווען מען האָט איהם דערזעהן אין דער פאָטאָגראפיע, איז דאָרט געוואָרען א טומעל. איינער פון די ארבייטער האָט דערזעהן, אז די געפאהר איז נאָהענט און מיכאילאָוו וועט באלד אריינפאלען, האָט ער איהם געגעבען א סימן מיט דער האנט; כדי מיכאילאָוו זאָל פארשטעהן וואָס דאָס מיינט, האָט ער איהם א וויזגעטאָן מיט א פינגער איבער'ן האלז, און דאָס האָט געהייסען:



אלעקסאנדער מיכאילאָוו.

„כאפּ זיך וואָס שנעלער ארויס פון דאנען, ווייל מען קאָן דיך נאָך דאָ כאפּען און אויפהענגען". מיכאילאָוו האָט דאָס באמערקט, איז ער גלייך ארויס פון דער פאָטאָגראפיע און זיך געלאָזט לויפען שנעל איבער די שטיגען. אָבער אין דרויסען האָבען שוין אויף איהם געוואַרט שפּיאָנען, און ווי ער איז נאָר ארויס, האָבען זיי איהם ארעסטירט."

פאר אונז איז דאָס געווען דער גרעסטער קלאפּ, ווייל מיכאילאָוו'ס פּלאַץ האָט קיינער ניט געקענט פארנעמען. ער איז אין אונזער ארגאניזאציע געווען דאָס אויג וואָס זעהט אלעם און באמערקט אלעם; ער איז געווען דער מענש, וואָס האָט אכטונג געגעבען, אז מען זאָל אָפּהיטען די דיסציפּלין, וועלכע

איז אזוי וויכטיג אין רעוואָלוציאָנערער ארבייט; אָהן איהם האָבען מיר זיך ניט געקענט באגעהן, ער האָט אונז אויסגעפעלט אויף שריט און טריט, און מען האָט געקענט מיט זיכערקייט זאָגען, אז ווען מען וואָלט איהם ניט ארעסטירט, וואָלט ער אונז אויסגעהיט פון א סך אומגליקען.

דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג איז ער געווען איבערגע־געבען מיט לייב און לעבען, און דערצו איז ער נאָך געווען א מערקווירדיג ענערגישער, אויסגעהאלטענער און פראקטישער מענש. זיין פּאָרזיכטיגקייט האָט געהאט א שם; אין דער אָרגא־ניזאציע האָט מען שוין געוואוסט, אז ווען מען נעמט זיך עפּעס טאָן צוזאמען מיט מיכאילאָוו'ן, מעג מען שוין זיין זיכער, אז מען וועט ניט ארייגפאלען.

ער איז געווען א טאַלאַנטפולער ארגאניזאטאָר. ער האָט ארויסגעוויזען א זעלטענע פעהיגקייט צו דערקענען א מענשען און גלייך טרעפען צי מען קען זיך אויף איהם פארלאָזען צי ניין. ער האָט ליב געהאט אליין צו טאָן יעדע קליינינקייט פּינקטליך, און געזעהן, אז אנדערע זאָלען אויך זיין פּינקטליך אין יעדער קליינינקייט; ווען ער האָט זיך פאראינטערעסירט אין עפּעס אן ארבייט, איז אונמעגליך געווען איהם אָפּצורייסען; א באזונ־דער מין עקשנות און איבערגעבענקייט האָט ער אין אלעם ארויס־געוויזען, און ווען ער האָט אימיצען איבערגעגעבען עפּעס אן ארבייט, האָט ער געפאָדערט, אז יענער זאָל עס דורכפיהרען אָהן טענות, און שטעלען די אינטערעסען פון דער פּארטיי העכער פון אלץ אין דער וועלט; ער האָט געפאָדערט, אז א רעוואָלוציאָנערער טוער זאָל זיך אינגאנצען אפּזאָגען פון די שוואכקייטען, וואס א מענש האָט, און זאָל ניט אין זינען האָבען קיין אנדער זאך ווי די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג.

וואָס די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג פאָדערט, דאָס דארף מען טאָן; מעג די ארבייט זיין א וויכטיגע אָדער ניט קיין וויכטיגע — טאָן דארף מען דאָס, ווייל עס איז פאר דער באוועגונג. אזוי איז געווען זיין מיינונג. און איך געדענק נאָך ווי איינמאָל האָט ער מיר געזאגט אזוי:

„ווען די אָרגאניזאציע וואָלט מיר געהייסען וואשען טעלער, וואָלט איך דאָס געטאָן מיט דעם זעלבען חשק, ווי די אינטערע־סאנטסטע גייסטיגע ארבייט."

אלעס וואס די אָרגאַניזאַציע הייסט, מוז מען טאָן און ניט פרעגען קיין קשיות; און ניט גלאַט אזוי טאָן, נאָר טאַקע מיט חשק, מיט באַגייסטערונג.

אָט אַזאַ מענש איז געווען אלעקסאַנדער מיכאַילאָוו — א גאַנצער, אן אויסגעהאַלטענער, א געטרייער, אן איבערגעגעבענער, און עס איז דאַריבער געווען גאַנץ נאַטירליך, אז ער זאָל האָבען א גרויסען איינפלוס ניט נאָר אויף דער אָרגאַניזאַציע, נאָר אויך אויף די מענשען וואס זיינען געשטאַנען אויסער איהר. אויף זיין מיינונג האָבען אלע געלעגט א סך געוויכט, ניט נאָר אונזערע חברים, נאָר אויך זייטיגע מענשען.

די שמאָלע ראַהמען פון דעם רוסישען לעבען האָבען איהם געהאַלטען אין א צוים, און ער האָט ניט געהאַט קיין געלעגענהייט אויף א ברייטען שטייגער ארויסצואווייזען זיינע כחות און זיינע זעלטענע פעהיגקייטען און שפּילען גאָר א גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע, אָבער עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אז אין דער רעוואָלוציאָנערער פראַנקרייך פונ'ם אכטצעהנטען יאָהרהונדערט וואָלט ער פאַרנומען דאָס זעלבע פּלאַץ וואָס א ראָבעספּיער.

זיין באַדייטונג פאַר דער ארגאַניזאַציע איז אויך געווען אומגעהייער גרויס א דאנק דעם, וואס ער איז געווען איינער פון די געניטסטע און עלטסטע טוער פון דער באַוועגונג; ער איז מיט דער אָרגאַניזאַציע געווען פאַרבונדען מיט'ן גאַנצען לעבען. נאָך אינ'ם יאָהר 1876 איז ער שוין געווען אין דער פּאַרטיי. ער איז געווען א טעטיגער מיטגליד פון דער „זעמליא אי וואָליא" נאָך איידער זי איז צושפּאַלטען געוואָרען; ער האָט דורכגעמאַכט די אַלע רייבונגען פון רייסערייען אין דער באַוועגונג; ער איז דורכגעגאַנגען די אַלע שטופען פון דער באַוועגונג ביז'ן 1880טען יאָהר.

מיט זיין ארבייט האָט ער זיך אוועקגעשטעלט אויף אַזאַ מדרגה, אז עס איז אויסגעקומען דאָס ער איז דער שומר, דער וועכטער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ער איז געווען אינטים פאַרבונדען מיט די אלע פּערזענליכקייטען, וועלכע האָבען זיך מקריב געווען פאַר דער רעוואָלוציע אינ'ם משך פון די פיר יאָהר. און ניט אומזיסט האָבען מיר אזוי געקלאָגט דאַרויף וואָס מיר האָבען איהם פאַרלאָרען; ניט אומזיסט האָבען מיר איהם דערמאָנט ביי יעדען אומגליק וואס ס'האָט אונז געטראָפען.

## עלפטער קאפיטעל.

די מיליטערישע אָרגאניזאציע. דער אָפיציער סובאנאָוו.



ין'ם יאָהר 1880, אָסיען־צייט, און אויך אין אָנפאנג פון 1881, האָט די פארטיי „נאראָדנאיא וואָליא" אָנגעפיהרט א שטארקע פראָפאגאנדע צווישען אלע שיכטען פון דער רוסישער באפעלקערונג. דאן איז געשאפען געוואָרען א נאָהענטע פארבינדונג מיט די שטעדט אין דער פראָווינץ; אומעטום האָט מען געגרינדעט לאָקאלע גרופעס, די אָרגאניזאציע האָט ווייט און ברייט צוואוואָרפען איהרע צווייגען, די אגענטען פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָבען געהאלטען אין איין ארומפאָהרען איבער פאר־שיידענערליי געגענדען און אייניגע האָבען זיך אויף שטענדיג באזעצט אין די וויכטיגערע צענטרען פון דער גרויסער רוסישער אימפעריע. אלע האָבען געארבייט. קיינער איז ניט געזעסען מיט פארלעגטע הענט.

אין יענער צייט איז דער באָדען געוועזען זעהר א גוטער פאר פראָדוקטיווער ארבייט. די פריהערדיגע געשעהענישען האָבען אלעמען אונטערגעגעבען מוט, און דערצו איז נאָך אויסגעקומען אזוי, אז די „נאראָדנאיא וואָליא" איז געבליבען די איינציגע אָרגא־ניזאציע פאר רעוואָלוציאָנערער ארבייט. וואָרים דער „טשאָרני פערעדעל", דער פליגעל, וואָס האָט זיך אָפגעריסען דאן ווען די „זעמליא אי וואָליא" איז צושפאלטען געוואָרען אויף צווייען, האָט אינגאנצען אויפגעהערט צו עקזיסטירען אלס אן אָרגאניזאציע; אייניגע זיינען אוועקגעפאָהרען קיין אויסלאנד און די גרעסערע גרופע זייערע וואָס האָט זיך אין קיעוו געקלעפּט ארום מיכאאיל פּאָפּאָוו'ן, פלעכאנאָוו'ס א גרויסער אָנהענגער, איז אינגאנצען אונ־טערגעגאנגען איבער די מסירות פון דעם פאררעטער זאבראָמסקי, וועלכער האָט זיך אריינגעכאפּט צווישען זיי און זיי אלעמען ארויס־געגעבען.

די אגיטאציע, וואָס דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט

אזוי ענערגיש אָנגעפיהרט מיט וואָרט און שריפט, און דער עיקר — די בראווע און מוטיגע רעוואָלוציאָנערע ארבייט, וואָס האָט זיך אזוי שטארק אין די אויגען געוואָרפען, האָט געמוזט ברענגען דער־צו, אז אלע זאָלען זיך באציהען ווארים און סימפאטיש צו דער „נאראָדנאיא וואָליא".

און אזוי איז טאקע געוועזן. פון אומעטום זיינען צום קאָמי־טעט געקומען דעלעגאטען; פון פארשיידענע שטעדט און שטעדט־לאך זיינען געקומען מענשען זיך פארבינדען מיט'ן „קאָמיטעט" און דערביי האָבען זיי צוגעזאָגט, אז זיי וועלען טאָן אלעס וואָס מען וועט הייסען אבי ארויסצוהעלפען אין דער וויכטיגער רעוואָ־לוציאָנערער ארבייט; די נייע מענשען האָבען געבעטען, מיר זאָלען אין זייערע שטעדט שיקען אונזערע ספּעציעלע אגענטען צו אָרגאניזירען דאָרטען אלע כחות וואָס זיינען גרייט עפּעס צו טאָן. אומעטום האָט זיך געקאָכט. איבעראַל האָט מען זיך געריסען צו דער ארבייט.

דער „קאָמיטעט" האָט זיך באנוצט מיט דער גוטער געלעגענ־הייט און האָט זיך א נעם געטאָן צו דער רעוואָלוציאָנערער ארבייט נאָך מיט מעהר ברען, מיט מעהר פייער, ווייל מיר אלע האָבען דאן געפיהלט, אז די שטארקסטע כוחות און די בעסטע מוחות זיינען מיט אונז, אז זיי זיינען אלע גרייט אונז צו העלפען אין דעם גרויסען קאמף געגען דער רוסישער זעלבסטהערשענדער רעגירונג.

ווארים דאָס איז שוין אן אלטער כלל: מיט מוט, פונקט ווי מיט שרעק, קאָן מען אָנשטעקען אנדערע; די גרויסע העלדישקייט און דער שטארקער מוט, וואָס אונזער אָרגאניזאציע האָט ארויס־געוויזען, האָבען אין זיך געהאט אזא כישוף, אזא כח, וואָס האָט, ווי מיט א מאגנעט, צוגעצויגען די לעבעדיגערע מענשען און האָט זיי אריינגעגעבען אזא גייסט, אז אפילו פאר'ן טויט האָבען זיי זיך ניט געשראָקען.

אין פּעטערבורג גופא, אין דער קרוינשטאָדט, האָט מען דאן אָנגעפיהרט א שטארקע אגיטאציע; מען האָט אָרגאניזירט די בעסטע כוחות און אין דער אָרגאניזאציע איז געשאפען געוואָרען אזא באגייסטערונג, אזא מאכט, וואָס האָט געקאָנט וועלטען איבער־קערען. די באדינגונגען אָנצופיהרען א רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַ־גאנדע צווישען דער שטודירענדער יוגנט און אויך צווישען ארבייטער, זיינען דאמאָלט געוועזן גינסטיגער, ווייל אין דער צייט

ווען לאָרים מעליקאָוו איז געווען דיקטאטאָר, האָט מען ווענינער געליטען פון פּאָליצעיסקע און זשאנדארען. דאָס איז געווען א צייט פון האָפנונג און אַלגעמיינער אויפלעבונג. מען האָט זיך מעהר ניט געשראָקען פאר די מיטלען וואָס א דיקטאטאָר קאָן אָננעמען צו אונטערדריקען דעם ווילען פון מענשען; מען האָט פאר קיין זאך ניט מורא געהאט; אַלע בעסערע מענשען האָבען זיך געריסען צו רעוואָלוציאָנערער ארבייט.

אין יענער צייט האָט מען פשוט געדאַרפט זיין טויב ניט צו הערען די פּאָדערונג, וואָס האָט זיך אזוי שטארק געטראָגען איבער'ן לאַנד — די פּאָדערונג צו דער'הרג'ענ'ען דעם קיסר. מיט דער פּאָליטיק פונ'ם גראף לאָרים-מעליקאָוו האָט מען קיינעם ניט גע־קאָנט פארבלענדען די אויגען, ווייל אַלע האָבען קלאָר און דייטליך געזעהן, אז דאָס איז די זעלבע פּאָליטיק פונ'ם צאַר, נאָר א ביסעלע אַנדערש געשלייערט; דער גראף האָט בלויז אָפּגעשאפט די גראָבע, צו שארפע פאָרמען און אָנגענומען ווייכערע, עדעלערע פאָרמען, אָבער דער עצם איז געבליבען דער זעלבער; ער האָט מיט דער לינקער האנט צוגענומען דאָס, וואָס ער האָט געגעבען מיט דער רעכטער. אזוי האָט ער ארויסגעגעבען א באפעהל, אז די אַלע מענשען וואָס מ'האָט אויף אן אדמיניסטראטיווען שטייגער ארויס־געשיקט פון די שטעדט, זאָלען זיך אומקערען צוריק אהיים, און אין דער זעלבער צייט האָט ער אליין פון פעטערבורג געהאַלטען אין איין ארויסשיקען מענשען, וועלכע זיינען ניט געפעלען דער פּאָליציי.

זיינער א באפעהל איז געווען שולדיג אין דעם, וואָס די לאַגע פון די פארשיקטע אין סיביר איז געוואָרען ערגער. דעם באפעהל האָט ער ארויסגעגעבען דעם 15טען דעצעמבער, אינ'ם יאָהר 1880, און איבער איהם האָבען די פארשיקטע פארלאָרען די מעגליכקייט זיך איבערצושרייבען מיט זייערע פריינד. אָנשרייבען און אוועק־שיקען א בריף צו א פריינד האָט א פארשיקטער אין סיביר ניט געטאָרט, נאָר דערביי האָט מען איינגעפיהרט אזא קאָמעדיע: דער וואָס איז ארויסגעגאנגען אין דעם „פרייען" צימער, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טורמע, האָט געמעגט שרייבען בריף צו די פריינד און קרובים פון די ארעסטירטע; געהאט דאָס רעכט צו מעלדען וואָס זיי מאכען און ווי זיי פיהלען זיך אין געזונט, און נאכהער האָט מען די בריף, אויף אן אָפיציעלען שטייגער, דורך דער קאַנצעלאַריע פון דער טורמע, אוועקגעשיקט צו די אדרעסירטע.

די אַרעסטאַנטען האָבען אָבער געפונען אַנדערע מיטלען, ווי צו שרייבען בריף צו זייערע פריינד אין געהיים. אזוי האָט די רע־וואָלוציאָנערקע לעבעדיאָווא איינמאָל אַנגעשריבען אַ בריף צו איהרע פריינד אויף אַ ווייסען שטיקעל לייוזוענט, וואָס זי האָט אָפּגעריסען פון איהר קאָרסעט־בלוזע. דעם בריף האָט זי אַוועק־געשיקט. ער איז אַ לענגערע צייט געלעגען ביי מיר און ערשט ניט לאַנג צוריק האָב איך איהם אַוועקגעגעבען אין דעם פּעטערבור־גער מוזעאום פון דער רעוואָלוציע.

די געזעלשאַפטליכע מיינונג איז געווען אזא, אז ס'איז פאַר אונז געווען קלאָר, אז מען דאַרף ווייטער אָנגעהן מיט דעם פּאָלי־טישען טעראָר, אז מען מוז דער'הרג'ענען אי דעם קיסר, אי דעם צוויי־פּנים'דיגען, כלומר'שטען ליבעראַל, גראַף לאָריס־מעליקאָוו, וועלכער איז באַשטימט געוואָרען אַלס דיקטאַטאָר איבער'ן לאַנד.

אין דעם איז ביי אונז גאָר קיין צווייפעל ניט געווען, און פּונקט דאַן ווען דער גרעסטער טייל פון אונזערע אַגענטען איז געווען פאַר־נומען מיט אָנפיהרען פּראָפּאַגאַנדע און מיט אָרגאַניזאַציאָנס אַר־בייט, האָבען די טעכניקער פון אונזער אָרגאַניזאַציע געמאַכט באָמ־בעס און געזעהן, אז איצט זאָלען זיי שוין געמאַכט ווערען אזוי, אז ביים אויפרייסען זאָל דערגרייכט ווערען דער ציעל פון'ם אויס־געאַרבייטען פּלאַן.

און אין יענער צייט האָט דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" געגרינדעט די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אריינגענומען געוואָרען אַלס אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג אין דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

אין די זיבעציגער יאָהרען איז גאָר קיינעם ניט איינגעפאַלען, אז אַ רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי מוז האָבען אַ שטאַרקען צד אין דער אַרמעע. די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז געווען די ערשטע, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו גרינדען אַ מיליטערישע אָפּטיילונג אין דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, ווייל זי האָט פאַרשטאַנען, אז אין דעם באַוואַפענטען קאַמף, וואָס מען פיהרט אָן געגען דער רעגירונג, מוז מען האָבען אַ גוט־אָרגאַניזירטע רעוואָלוציאָנערע אָר־גאַניזאַציע אין דער אַרמעע.

עס איז אמת, אז אין דעם גרויסען „פּראָצעס פון די 193" און אויך אין דעם „פּראָצעס פון די פופציג", זיינען געווען מענשען פון דער אַרמעע, אבער מעהר ווי פּראָפּאַגאַנדיסטען זיינען זיי ניט געווען,

פונקט ווי אַ סך אנדערע אינטעליגענטע מענשען. זיי האָבען אויפ־געגעבען זייער סביבה און זיינען אוועק „אין פאָלק" — צו די פויערים אין די דערפער און צו די ארבייטער אין די שטעדט *).
די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וועלכע האָט אין דער ערשטער רייהע ארויסגעשטעלט דעם פאָליטישען קאמף ארונטערצוואַרפען די רעגירונג און אויסקעמפפען פרייהייט מיט געוועהר אין האנט, האָט געמוזט איינזעהן, אז אויב מען וועט ניט האָבען קיין אָרגאניזירטע מאכט אין דער אַרמעע, וועט מען קיין סך ניט קאָנען אויפטאָן, ווייל די מאסען אליין ווייסען ניט ווי אזוי אָנצוגעהן מיט געוועהר.
דאריבער האָבען די אַגענטען פונ׳ם „איספאָלניטעלני קאָמי־טעט" געזוכט צו שאפען אַ פארבינדונג מיט דער אַרמעע גלייך נאָך דעם ווי די „זעמליאַ אי וואָליאַ" איז צושפּאלטען געוואָרען אויף צוויי, גלייך נאָך דעם ווי מען האָט געמאכט די דריי פּראָבעס צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר אויפ׳ן וועג פון קרים קיין פעטערבורג. זיי האָבען דאָס געטאָן כדי אוועקצולעגען אַ באָדען פאר אַ מילי־טערישער אָרגאַניזאציע, וואָס זאָל מיט אלע כוחות העלפען אין דעם מאָמענט ווען דאָס פאָלק וועט מאכען אַן אויפשטאנד געגען דער רעגירונג.
וואָס פאר אַן אָרגאַניזאציע דאָס זאָל זיין און אויך וואָס פאר אַ באציהונגען זי זאָל האָבען מיט דעם „איספאָלניטעלני קאָמיטעט", דאָס האָט מען דאַן נאָך ניט געהאט אויסגעארבייט. דער עיקר איז אָבער דאָס, וואָס אזאַ פראַגע איז ארויסגעשטעלט געוואָרען אלס איינע פון די וויכטיגסטע.
אין אלגעמיינע שטריכען איז דער פּלאַן פון דער מיליטערישער אָרגאַניזאציע אָנגעוואָרפען געוואָרען אין דער „אָביאַסניטעלנאַיאַ זאפּיסקאַ", וואָס דער „קאָמיטעט" האָט ארויסגעלאָזט ווינטער, אין יאָהר 1880—1879. דאָרטען איז שוין אונטערגעשטראָכען גע־וואָרען דער פונקט, ווי נויטיג עס איז צו האָבען אַ שטארקען צד אין דער אַרמעע; דער פּלאַן וועגען דעם איז אָבער נאָך ניט געוועזען אזוי קלאָר, ווי ער איז דערנאָך אויסגעארבייט געוואָרען אין יאָהר 1880, אָסיען־צייט.
אין יענעם ווינטער פון 1879—1880 האָט דער „קאָמיטעט" געמאכט אַן אָנפאנג זיך צו פארבינדען מיט די פלאָטען־אָפיצערען

*) אזוי איז געוועזען דער פאל מיט פעטער קראָפּאָטקין, ל. ע. שישקאָ, ס. קראוטישנסקי, א. לוקאשעוויטש און אנדערע.

פון קראָנשטאַדט. אַ סך אַרויסגעהאָלפען אין דעם האָט דער לייטע־נאַנט סוכאַנאָוו און הויפּטזעכליך — ס. דעגאַיעוו, וועלכער האָט אַ שטיקעל צייט געדינט אין דער פעסטונג־אַרטילעריע אין קראָנ־שטאַדט און דערנאָך אין דער אַרטילעריסקער אַקאַדעמיע, פון וואַנען מען האָט איהם אַרויסגעוואָרפען דערפאַר, וואָס ער האָט ניט נושא חן געווען ביי דער העכערער נאַטשאַלסטווא.

דער באָדען צו שאַפען אַזאַ פאַרבינדונג איז צוגעגרייט געוואָרען נאָך אין די פריהערדיגע יאָהרען. נאָך אין 1871־1872 זיינען אין די פלאָטען־אַקאַדעמיעס געווען זעלבסט־בילדונג גרופּעס, וואו מען האָט געקענט געפינען אַזעלכע פיינע אָפיצירען ווי סוכאַנאָוו, סערעבריאַקאָוו, לוצקי און אַנדערע.

די דאָזיגע גרופּעס פון אָפיצירען האָט מען אין אַ שפּאַס גערופען „וואַל־פיש־כאַפּער", ווייל ווען מען האָט זיי גע׳מסור׳ט פאַר דער העכערער נאַטשאַלסטווא, האָבען זיי אָנגעגעבען אַ תירוץ, אַז זיי האָבען זיך אָרגאַניזירט אין גרופּעס כדי צו כאַפּען וואַל־פיש אין ים און דורך דעם העלפען דער אינדוסטריעלער ענטוויק־לונג אין רוסלאַנד.

עס איז אויך פאַראַן אַ סברא, אַז די מעשה וועגען כאַפּען וואַל־פיש האָבען גאָר אויסגעטראַכט די העכערע נאַטשאַלניקעס פון דער פלאָטען־אַקאַדעמיע, כדי צו פאַרגלעטען דעם גאַנצען עסק אַזוי אַז עס זאָל אויסקומען ניט אַזוי ערנסט ווי מען שטעלט זיך פאַר אין קיסר׳ס הויף.

און עס איז פאַראַן נאָך אַ סברא, אַז די אָפיצערען אין יענער צייט האָבען טאַקע געכאַפּט וואַל־פיש אין ים און האָבען זיי פאַר־קויפט, כדי צו האָבען געלט פאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקען.

אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין — דאָס לעבען אַליין האָט דאָן אַזוי געקאָכט, אַז עס איז פשוט אונמעגליך געווען, אַז דער רעוואָ־לוציאָנערער גייסט זאָל ניט אַריינדרינגען אין די מיליטערישע קרייזען; עס האָט עקזיסטירט אַ לעגאַלע ליטעראַטור, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט׳ן גייסט פון ליבע צום פאָלק; די באַוועגונג צווישען דער יונגוואַרג צו לעבען מיט די מאַסען איז געווען זעהר שטאַרק; עס זיינען פאָרגעקומען פּאָליטישע פּראָ־צעסען. אין אַלע רוסישע שטעדט און שטעדטלאַך האָט מען גע־האַלטען אין איין אַרעסטירען מענשען, און נאָך איידער די „נאַ־ראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט זיך געגרינדעט, אָנפאַנגענדיג פון ווערא

זאסוליטש'עס אנפאל אויף טרעפאוו'ן אינ'ם יאהר 1878, איז אוועק א גאנצע רייהע טעראריסטישע אקטען, וועלכע האבען צו־רודערט דאס גאנצע לעבען און ארויסגערופען א גאנץ שטארקען אינטערעס.

מען האט דער'הרג'עט מעזענצאוו'ן, געמאכט א פארזוך צו דער'הרג'ענען דרענטעלענ'ען אין פעטערבורג, אפגעראמט פון וועג גאיקינג'ען אין קיעוו, דעם גובערנאטאר קראפאטקין אין כארקאוו. היינט דאס, וואס סאלאוויאוו איז באפאלען דעם קיסר אליין און געשאסען אויף איהם!

אט די אלע וויכטיגע פאסירונגען האבען געמוזט לאזען אן איינדרוק און עס איז פשוט געווען ניט מעהר ווי נאטירליך, אז די אפיצערען פון דער ארמעע און פון דער פלאטע זאלען אויך אנ־געשטעקט ווערען פון דעם רעוואלוציאנערען גייסט.

און ווירקליך, נאך אין 1878 האט זיך אין קראנשטאדט גע־גרינדעט א קרוזשאק פון פלאטען אפיצערען און גווארדיע־מארינען אנצופיהרען א רעוואלוציאנערע פראפאגאנדע צווישען די מאט־ראזען. אין דעם קרוזשאק זיינען געווען: א. בולאנאוו, ווירובאוו, לאווראוו און נאך אייניגע. די רוסיש־טערקישע מלחמה, די בא־פרייאונג פון בולגאריען און די קאנסטיטוציאנעלע ארדנונג וואס איז דארטען איינגעפיהרט געווארען — אט די אלע זאכען האבען אויך מיטגעהאלפען, זיי האבען אויך געהאט א געוויסע ווירקונג.

די מלחמה האט קלאר און דייטליך באוויזען די גאנצע אומ־געלומפערטקייט פון די רוסישע פאראנדקעס; מען האט דאן דער־זעהן ווי די רוסישע רעגירונג וויל פארכאפען אלץ מעהר און מעהר פרעמדע לאנד פאר זיך. מען האט דאן געזעהן, ווי מען גנב'עט און מען גזל'ט אויף שריט און טריט, מען האט אויך געזעהן, ווי מען האט ניט דעם מינדסטען רחמנות אויף די סאלדאטען און מען לאזט זיי ארומגעהן נאקעט און בארפוס, אפגעריסען און אפגע־שליסען, אז אפילו עסען זשאלעוועט מען זיי.

די בעסערע מענשען צווישען די אפיצערען האבען זיך געמוזט פארטראכטען וועגען אט די אלע זאכען און זוכען וועגען, ווי אזוי מען זאל דאס אויסראטען. זיי האט זיך ניט געלעגט אויפ'ן שכל א גאנץ פשוט'ע זאך: בולגאריען האט מען באפרייט פונ'ם טער־קישען יאך און איינגעפיהרט דארטען א קאנסטיטוציע, און אין

רוסלאנד האט מען איבערגעלאזט די פאליטישע שקלאפעריי און אפילו ניט אנגעהויבען קלערען וועגען אזא זאך ווי א קאנסטיטוציע.

ניט אומזיסט האט פאכיטאנאוו, אן אפיצער, וועלכער האט זיך באטייליגט אין דער באלאגערונג פון פלעוונע, געזאגט אין געריכט:

„מיר האבען געמיינט, אז אנשטאט צו באפרייען א פרעמד לאנד, דארף מען א טראכט טאן וועגען באפרייען רוסלאנד”.

געזאגט האט ער דאס אין 1884.

די מיליטערישע אקאדעמיעס, וואו מען האט געקראגען א העכערע בילדונג, האבען געמוזט ארויסגעבען א געוויסע צאהל אפיצערען, וועלכע זאלען זיין אנגעשטעקט מיט דעם נייעם גייסט און מיט דעם באגעהר צו פרייהייט, און זיי האבען טאקע ארויסגעגעבען אזעלכע. דאס זיינען געווען די אפיצערען: ראגאטשאוו, פאכיטאנאוו, בוצעוויטש און אנדערע.

אינ'ם יאהר 1879, שפּעט אין אסיען, האבען די מיטגלידער פונ'ם „איספאלניטעלני קאמיטעט” זיך פארבונדען מיט די אפיצערען פון קראנשטאדט, און די דאזיגע פארבינדונגען האבען אנגעהאלטען ביז'ן פריהלינג פונ'ם יאהר 1880, ווען די פלאטען־אפיצערען זיינען אוועק מיט זייערע שיפען איבער די ברייטע ימים.

מיט סוכאנאוו'ן זיינען די מיטגלידער פונ'ם „קאמיטעט” באקענט געווארען דורך זיין שוועסטער אלגא יעווגעניעוונא זאטאַוואַ. דער ערשטער איז געווען זשעליאבאוו. ער האט זיך באקענט מיט איהר און מיט איהר מאן נאך אין קרים און דערנאך פלעגט ער זיך מיט איהר אפט טרעפען אין פעטערבורג, וואו זי האט געלערענט אין אוניווערסיטעט. אויך סאפיא פעראווסקאיא פלעגט אפט ארייינקומען צו איהר אין הויז.

אין די עראינערונגען, וואס סערעבריאקאוו האט אפגעדרוקט אין דעם זשורנאל „בילאיע” (אין אפריל נומער פון 1907), ווערט זעהר לעבעדיג באשריבען דער שטארקער איינדרוק, וואס זשעליאבאוו האט געמאכט אויף דער ערשטער פארזאמלונג, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין קראנשטאדט ביי דעם אפיצער סוכאנאוו אין הויז. דארטען האבען זיך די אפיצערען פון דער פלאטע דאס ערשטע מאל אין זייער לעבען געטראפען מיט אן אמת טאלאנטפולען פארשטעהער פון א רעוואלוציאנערער פארטיי, פון וועלכער זיי האבען פריהער בלויז געהערט א סך און זעהר ווייניג געזעהן.

די קלאָרע און פעסטע פּראָגראַמע פון דער „נאַראָדנאַיא וואָ־ליא”, זשעליאַבאָוו׳ס גלאַטע צונג צום ריידען און דער כח פון אינערליכען גלויבען, וואָס האָט זיך געפיהלט פון יעדען וואָרט וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט, און דער פיינער אויסזעהן זיינער — אַט די אַלע זאַכען אינאיינעם האָבען אין זיך געהאַט אַזאַ כח, אַזאַ מערק־ווירדיגען כישוף, אַז אין איין אויף דער נאַכט זיינען אַלע אָפּיצערען געוואָרען פאַרברענטע רעוואָלוציאָנערען, כאָטש זיי האָבען זיך



אַנדרעי זשעליאַבאָוו.
(אויפ׳ן פּראָצעס)

פריהער גאָר ניט אינטערעסירט מיט פּאָליטיק. זשעליאַבאָוו האָט זיי אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענט ווי אין צוואַנגען. אין אַ פּאָר שטונדען האָט ער זיי אַלעמען געוואונען אויף אונזער זייט.

אויף די פאַרזאַמלונגען, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען נאָך דעם, האָט שוין גערעדט ניט נאָר זשעליאַבאָוו, נאָר אויך קאָלאָדקעוויטש. דאַן זיינען שוין געקומען ווענינער אָפּיצערען, דערפאַר אָבער זיינען זיי אַלע געוועזען ניט קיין צופעליגע. זיי האָבען

זיך אַלע אינטערעסירט מיט אונזער באַוועגונג און זיינען געוואָרען שטאַרקע אָנהענגער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

סוכאַנאָוו האָט פון סאַמע אָנפאַנג אָן איינגעשטימט מיט דעם פּראָגראַם פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", ווי זשעליאַבאָוו האָט זי קלאָר געמאַכט אויף די אָפיצערסקע פאַרזאַמלונגען, אָבער ער האָט זיך אַ שטיק צייט געשלאָגען מיט דער דעה, צי ער זאָל אַריינטרעטען אין דער פּאַרטיי צי ניין, ווייל אין אָנפאַנג איז ער געווען געגען פּאָליטישע גוואַלדטאַטען.

אין יענער צייט האָט דער „קאָמיטעט" נאָך ניט געהאַט אויסגעאַרבייט קיין גענויען פּלאַן ווי אַזוי די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע זאָל צונויפגעשטעלט ווערען. דאָס האָט מען געטאָן ערשט מיט אַ יאָהר שפּעטער, אין 1880, אָסיען־צייט, ווען מיר זיינען געוואָרען נעהענטער מיט סוכאַנאָוו'ן און זיינע חברים־אָפיצערען און האָבען זיך איבערצייגט, אַז מיר האָבען אַלע מעגליכקייטען צו גרינדען אַ מיליטערישע אָרגאַניזאַציע.

אין מאָנאַט סעפּטעמבער, אינ'ם יאָהר 1880, האָב איך זיך אויך באַקענט מיט אָלגאַ יעווגעניעוונאַ, סוכאַנאָוו'ס שוועסטער, און זי איז מיר באַלד שטאַרק געפעלען געוואָרען. דאָס איז געווען אַ מערקווירדיג גוטע און ליבהאַרציגע פרוי, און דעם ברודער האָט זי ליב געהאַט — דאָס לעבען מיט דער נשמה. ווען זי האָט גערעדט פון איהם, האָט מען ממש געזעהן, ווי עס קומט איהר צו אַ שטיק געזונט; יעדער וואָרט זיינס איז ביי איהר געווען הייליג.

סוכאַנאָוו אַליין איז דאַמאָלט ניט געווען אין פּעטערבורג, ער איז אַרומגעפאָהרען מיט זיין שיף איבער די ברייטע ימים, און זיין שוועסטער אָלגאַ האָט גאָרניט אויפגעהערט צו ריידען מיט מיר וועגען איהם. גלייך עס וואָלט איהר געגאַנגען אין לעבען, אַז איך זאָל זיך פאַראינטערעסירען אין איהם נאָך איידער איך זעה איהם.

און — למאי זאָל איך לייקענען? — מען האָט מיר וועגען איהם דערצעהלט אַזוי פיל, אַז איך האָב מיט'ן גרעסטען אומגעדולד געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען ער וועט קומען צוריק אַהיים. און וואָס איז דער חידוש? אַז אי סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, אי זשעליאַבאָוו האָבען זיך גאָרניט געקאָנט אָפּלויבען פון איהם און אַלע מאָל האָבען זיי מיר געהאַלטען אין איין דערצעהלען וואָס פאַר אַ זעלטענע מעלות ער האָט.

ענדליך איז ער געקומען אַהיים און איך האָב זיך מיט איהם

באקענט, און נאָך דעם ווי איך האָב מיט איהם פארבראכט איין אָוענט, בין איך שוין געווען באגייסטערט פאר איהם. אין יעדען וואָרט וואָס ער האָט ארויסגעזאגט, אין יעדער מיינונג וואָס ער האָט אויסגעדריקט, איז געווען אזא נאטירליכע פיינקייט און אזא מערקווירדיגע אָפענהערציגקייט, אז עס איז פשוט זעלטען.

דעם זעלבען איינדרוק האָט ער אויך געמאכט אויף מאריא ניקאָלאיעוונא אשאנינא, וועמען דער „קאָמיטעט" האָט, אין יאנואר 1881, ארויסגערופען פון מאָסקווא קיין פעטערבורג אויף א געהיי־מער באראטונג. זי האָט זיך דאמאָלט באקענט מיט סוכאנאָוו'ן און איז אויך אנטציקט געוואָרען פון איהם. און ווירקליך, סוכאנאָוו איז געווען אזא מענש, אז עס איז גאָר פשוט אוממעגליך געווען זיך ניט צו פארליבען אין איהם. דאָס איז געווען איינער פון די מענשען, אויף וועלכע מען קאָן זאָגען, אז וואָס מעהר מען דערקענט זיי, אַלץ מעהר ליבט מען זיי. ער איז געווען אזוי אָרענטליך, אזוי אויפריכטיג, אזוי אָפענהערציג און אזוי אמת'דיג, אָהן זייטיגע כוונות און הינטער־שפּיצלאך, אז עס איז איינפאך אונמעגליך גע־ווען צו פארשטעהן, ווי אזוי אזא ריינע, קרישטאָלענע נשמה קאָן זיך צופּאסען צו א וועלט, וואָס איז פול מיט ליגען, פאלשקייט און צוויי־פּנים'דיגקייט.

אין זיינע באציהונגען צו נאָהענטע מענשען, איז ער געווען אזא עדעלער, אזא צארטער און אין דער געזעלשאפטליכער ארבייט וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער אריינגעטראָגען א מאסע ענערגיע און א וועלט מיט ליידענשאפט און איבערגעבענקייט. נאָך כבוד האָט ער זיך קיינמאָל ניט געיאָגט. זיין קאריערע און זיין פּערזענ־ליכער גליק איז איהם ניט אָנגעגאנגען אזוי שטארק, און ווען ער איז אַלט געווען ניט מעהר ווי דרייסיג יאָהר, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן צו פּאָליטישע רעוואָלוציאָנערע ארבייט מיט אזא ברען און מיט אזא באגייסטערונג, אז עס איז פשוט געווען צו באוואונדערען.

נאָך דער ערשטער באגעגעניש, וואָס האָט זיך מיר אזוי שטארק אריינגעקריצט אין זכרון, האָבען מיר זיך אָנגעהויבען טרעפען אָפ־טער און אָפטער, און ביי יעדער מאָל האָבען מיר גערעדט וועגען געזעלשאפטליכע און רעוואָלוציאָנערע פראגען — אַלץ וועגען פאר־טיי־זאכען, וועלכע זיינען ביי אונז „נאראָדאָוואָלצעס" פון יענער צייט, געווען דאָס גאנצע לעבען. איך האָב אַלץ געוואָלט, אז די אינטערעסען פון מיין פּארטיי זאָלען סוכאנאָוו'ן ווערען אזוי איינ־

געבאַקען אין הארצען פּונקט ווי מיר. איך האָב געפיהלט, אז צו האָבען אין דער פּארטיי אזא חבר, ארבייטען האנט־אין־האנט מיט אזא מענשען, איז איינפאַך דאָס גרעסטע גליק. עס האָט זיך גע־לוינט איהם צו געווינען אויף אונזער זייט. זשעליאַבאָוו, סאָפיא פּעראָווסקאיא און איך האָבען מיט אַלע כוחות געארבייט דאַרויף. שטונדען לאַנג פלעגען מיר אָפּזיצען ביי זיין שוועסטער אין הויז, וואוהין ער פלעגט אָפט אריינקומען צוזאמען מיט זיין חבר בּאַראַן שטראָמבערג.

דער בּאַראָן איז שוין דאַן געווען אויף אונזער זייט. ער האָט נאָך פריהער, פאר סוכאנאָוו'ן, באַשלאָסען צו צושטעהן צו דער פּארטיי. זשעליאבאָוו האָט זיי ביידען גוט געקענט נאָך פון קראָנ־שטאדט, און איך געדענק נאָך ווי איין מאָל האָט ער מיר געזאָגט:

— ווערא, שטראָמבערג איז שוין פּארטיג. מיט איהם דאַרף מען שוין קיין סך ניט איינ'טענה'ן. ארבייט מיט אַלע כוחות איבער סוכאנאָוו'ן. איהם מוז מען געווינען.

דעמאָלט איז סוכאנאָוו נאָך ניט געווען דער, ווי אונזערע חברים האָבען איהם דערזעהן אין די מאָנאטען פעברואר און מאַרץ פון 1881. אָבער אפילו דאַמאָלט האָט מען שוין געקאָנט זעהן, אז עס פעהלט בלויז אַ פונק, אז ער זאָל זיך צופלאַקערען. און אין אָנפאַנג פונ'ם יאָהר 1881 האָט מען שוין געקאָנט זאָגען, אז סוכאנאָוו וועט מיט זיין אייגענעם טויט ניט שטארבען, אז ער וועט אָפּגעבען זיין לעבען אין דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף.

ביי איהם אין הארצען האָט שטענדיג געטליעט אַ פייער; מען האָט בלויז געדאַרפט האָבען אַ גינסטיגע געלעגענהייט עס זאָל זיך צופלאַקערען. און די געלעגענהייט איז געקומען, ווען מען האָט אויפגעהאַנגען זשעליאַבאָוו'ן.

סוכאנאָוו האָט זשעליאַבאָוו'ן שרעקליך ליב געהאַט; ער איז געווען גרייט אוועקצוגעבען פאר איהם דאָס לעבען מיט דער נשמה; און ווען ער האָט דערהערט, אז מען האָט אויפגעהאַנגען זיין בעסטען און ליבסטען פריינד, האָט ער זיך אריינגעוואָרפען אין דעם רעוואָ־לוציאָנערען קאַמף מיט אזא ברען, אז ס'איז אונמעגליך געווען איהם איינצוהאַלטען. נאָכ'ן ערשטען מאַרץ, ווען מען האָט דער'הרג'עט דעם קיסר, האָט זיך סוכאנאָוו מיט לייב און לעבען איבערגעגעבען דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער האָט געארבייט פאר צעהן, האַסטיג, ענערגיש, מוטיג און בראַוו; דער מענש איז ממש גע־

שפּרונגען אין פייער אריין, געקוקט דעם טויט גלייך אין די אויגען און זיך אפילו ניט פאַרקרימט; פון אזא זאַך ווי היטען זיך, האָט ער ניט געוואוסט און ניט געוואָלט וויסען.

מיר האָבען געפּרואווט איהם איינהאַלטען אביסעל, אָבער עס איז געווען אומזיסט. פּונקט ווי עס איז אונמעגליך איינצור־האַלטען די שטורעמדיגע כוואַליעס פון ים, אַזוי איז אונמעגליך געווען איינצוהאַלטען סוכאַנאָוו׳ס שטורעמדיגען ווילען.

איך האָב איהם ניט איין מאָל געבעטען, אז ער זאָל ניט זיין אַזוי היציג, ער זאָל ניט צוואוואַרפען צופיל זיינע כוחות, זיין ענער־גיע, ווייל דאָס וועט איהם אין אַ קורצער צייט אינגאַנצען אומ־ברענגען פון דער וועלט. אָבער מיינע רייד האָבען ניט געהאָלפען.

— ניין, — האָט ער מיר געענטפערט אַלע מאָל, ווען איך בין צוגעשטאַנען צו איהם מיט טענות און איהם געבעטען, ער זאָל שאָנעווען זיין געזונט, — ניין, דאָס קאָנט איהר ביי מיר ניט פּועל׳ן! מיט אַלע כוחות וועל איך אָפּאַרבייטען אַ יאָהר אָדער צוויי, און דערנאָך אַ סוף!

און לויט דער ענערגיע, וואָס ער האָט אוועקגעלעגט, איז פּשוט געווען מיט נסים, וואָס ער האָט אויסגעהאַלטען אפילו אזא קורצע צייט.

לעבען אומלעגאַל, פאַרשטעלט — דאָס האָט ער ניט געקאָנט. עס האָט איהם פּשוט געעקעלט דערפון. דאָס איז געגען זיין נאַטור, געגען זיין נאַטירליכער אָפענהערציגקייט; ער האָט ניט געקאָנט זיין פאַלש צו קיינעם און ער האָט ניט ליב געהאַט זיך צו היטען. ער האָט געמוזט האָבען ברייטקייט, ווייטקייט, שוואונג; אין ווינקעלאַך און לעבער האָט ער ניט געקאָנט ארבייטען. און איך געדענק נאָך, ווי איינמאָל, ווען מען האָט אונטערגעגראָבען די ערד אויף דער סאַדאָווער גאַס, אונטערצולעגען אַ מינע אויף צו דער־הרג׳ענען דעם קיסר, און סוכאַנאָוו האָט צוזאַמען מיט נאָך איינינע חברים אונזערע געאַרבייט אונטער דער ערד, האָט ער זיך פאַר מיר באַקלאָגט

— איהר ווייסט, — מאַכט ער צו מיר אַזוי אָפענהערציג, און זיין גאַנצער קערפּער ציטערט אַזש, — מיר איז דאָס ניט אנגע־נעם... איך קאָן דאָס ניט... עס פּאַסט ניט, אז מיך זאָל מען גע־פינען אונטער דער ערד, פאַרקענדיג זיך ווי שטשור.

צו די אַלע גוטע זאַכען האָט ער פאַרמאָגט נאָך אַ מעלה: ער

איז ניט געווען אזוי צובראָכען ווי מיר; ביי איהם זיינען די נערוועז נאָך ניט געווען אזוי פארטעמפּט פון אומגליקען, ווי ביי אונז; ווען מען האָט געהאנגען אָדער דערשאָסען א חבר, וועלכען ער האָט שטארק ליב געהאט, האָט עס איהם וועה געטאָן, אָבער דער וועהטאָג אליין איז פאר איהם געווען א נייעס.

די אומשטענדען פון אונזער רעוואָלוציאָנערען לעבען זיינען געווען אזעלכע, אזא אזא מענש ווי סוכאנאָוו האָט ניט געקאָנט



סוכאנאָוו.

לעבען לאנג, וואָרים זיין לעבען אין דער באוועגונג איז געווען אַן אנגעצויגענע סטרונע, און אַן אָנגעצויגענע סטרונע מוז פּלאצען.

ער האָט זיך געקאָנט ראטעווען באציימענס, און עס וואָלט אפשר ניט געקומען דערצו, אז מען זאָל איהם אין קראָנשטאדט דערשיסען; מען האָט איהם געוואָרנט אין צייט וועגען דער סכנה וואָס איהם שטעהט פאָר; ער אליין האָט אויך גוט געוואוסט, אז מען האָט זיך שוין פארלעגט אויף איהם, און דאָך האָט ער זיך ניט געוואלט באהאלטען, כאָטש מען האָט איהם געבעטען, ער זאָל דאָס טאָן. קאלטבלוטיג און פאר'עקשנ'ט האָט ער געווארט, מען זאָל קומען איהם ארעסטירען, כאָטש עס איז פאר איהם געווען קלאָר, אז

ווען מען וועט איהם ארעסטירען, וועט ער שוין מעהר די ליכטיגע וועלט ניט זעהן.

אט אזוי האט מען אומגעבראכט פון דער וועלט א מענשען מיט אזעלכע טייערע און זעלטענע מעלות. וועגען איהם האט מען ווירקליך געקאנט זאגען:

„גליקליך איז די פארטיי, צו וועלכער עס שטעהען צו אזעלכע מענשען ווי סוכאנאוו!"

אין דער ערשטער צייט פון מיין באקאנטשאפט מיט סוכאנאוו'ן פלעגען מיר אלץ ריידען וועגען טעארעטישע פראגען. אין אנפאנג — ווי איך האב שוין פריהער דערצעהלט — האט ער ניט געוואלט צושטעהן צו דער פארטיי, ווייל ער איז געווען געגען פאליטישען טעראר, אבער אזוי שנעל ווי עס האט זיך אונז איינגעגעבען איהם צו איבערצייגען, ווי נויטיג עס איז אנצואווענדען גוואלד־מיטלען אינ׳ם קאמף געגען דער רוסישער רעגירונג, האט ער אנגענומען די גאנצע פראגראמע פון דער „נאראדנאיא וואליא", און דאן האבען מיר שוין גערעדט וועגען דער ראלע, וואס מיליטערישע מענשען קאנען שפילען אין אונזער רעוואלוציאנערער ארגאניזאציע און אויך וועגען דעם, אז מען מוז האבען א ספעציעלע מיליטערישע אפטיילונג אין „קאמיטעט".

פונקט דאן האט דער „איספאלניטעלני קאמיטעט" שוין גע־האט אויסגעארבייט א גאנצע רייהע כללים ווי אזוי צו גרינדען א ספעציעלע מיליטערישע ארגאניזאציע, און וועגען דעם האבען מיר דערנאך געפיהרט אונטערהאנדלונגען מיט סוכאנאוו'ן, שטראמ־בערג'ן און די אנדערע אפיצערען.

די מיליטערישע ארגאניזאציע האט מען געדארפט גרינדען לויט דעם זעלבען מוסטער ווי די „נאראדנאיא וואליא". דער פלאן איז געווען אזוי: די פולע דעה איבער דער מיליטערישער ארגא־ניזאציע זאל האבען א צענטראלער קאמיטעט פון אפיצערען, וועל־כען דער „איספאלניטעלני קאמיטעט" פון דער „נאראדנאיא וואליא" וועט אויסקלייבען. אונטער'ן אויפזיכט פונ׳ם צענטראלען מילי־טערישען קאמיטעט זאלען שטעהן די אלע מיליטערישע גרופעס, וואס דער צענטראלער קאמיטעט וועט ארגאניזירען, און דער צענ־טראלער קאמיטעט אליין דארף זיך אונטערווארפען די באפעהלען פונ׳ם „איספאלניטעלני קאמיטעט" פון דער „נאראדנאיא וואליא".

דער ציעל פון דער מיליטערישער ארגאניזאציע איז געווען צו

מאכען אַ באוואפענטען אויפשטאנד דאן ווען עס וועט באשטימט ווערען פונ׳ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט״, וועלכער האָט די פולע דעה איבער אַלע כוחות וואָס זיינען אָרגאניזירט געוואָרען, סיי אין דער ארמעע, ווי אויך צווישען די ארבייטער, אינטעליגענטען, באַ־אַמטע און פּויערים.

אויף אַזאַ אופן איז אויסגעקומען, אַז די מיליטערישע אָרגאַ־ניזאציע איז ניט געווען אינגאנצען זעלבסטשטענדיג, זי איז געווען אונטערוואָרפען דעם אַלגעמיינעם צענטער, וועלכער איז די גאנצע צייט געשטאַנען ביים סאַמע רודער פון דער באוועגונג.

אָדער קלאָרער גערעדט: ניט אַ טייל פון דער פּארטיי — ווי, למשל, די מיליטערישע אָרגאניזאציע — נאָר דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט״ אַליין האָט געקאָנט באשטימען די צייט ווען מען זאָל ארויס מיט געוועהר אין האנט געגען דער רוסישער „סאַמאָדער־זשאַוויע״. די מיליטערישע אָרגאַניזאציע האָט בלויז געדאַרפט ארויסהעלפען און מיט אַלע כוחות שטיצען דעם קאַמף וואָס מען וועט אָנהויבען; איהר אויפגאבע איז געווען, צוצושטעהן צום אַלגעמיינעם קאַמף און ארויסהעלפען מיט איהר דיסציפּלינירטער מאכט; זי האָט אויך געמעגט אַליין אָנהויבען אַ באוועגונג, אָבער בלויז דאַן, ווען זי קריגט דערויף אַ באַפעהל פונ׳ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט״.

ווען אַן אָפיצער איז אריין אין דער אָרגאַניזאציע, האָט ער געמוזט נעמען אויף זיך די פליכט צו פאָלגען דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט״ פון דער „נאַראָדנאיא וואָליא״, און דער עיקר — ארויס־געהן אין גאַס מיט געוועהר אין האנט און הייסען די סאָלדאטען טאָן דאָס זעלבע; אָבער בלויז דאַן, ווען דער „איספּאָלניטעלני קאָמי־טעט״ וועט הייסען.

קיין פליכט אָנצופיהרען אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע צווישען די סאָלדאטען האָבען די אָפיצערען אויף זיך ניט געהאַט, ווייל מען האָט מורא געהאַט, אַז דורך דעם וועלען זיי אריינפאַלען און דער גאנצער פּלאַן וועגען זייער ארבייט אויף שפּעטער וועט צושטערט ווערען. דערפאַר אָבער האָבען זיי געדאַרפט אָנווייזען, וועלכע סאָלדאטען עס זיינען מעהר גענייגט צו רעוואָלוציאָנערע אידעען, און דאַן האָט שוין די פּארטיי געשיקט ציווילע מענשען אָנצופיהרען אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע צווישען זיי.

פון צייט צו צייט האָבען די מיטגלידער פון די אָפיצערסקע

גרופּעס געדאַרפט נעמען אורלויב, כדי צו קאָנען באַזוכען די אַלע ערטער, וואו עס געפינען זיך מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס. דאָרטען האָבען זיי געדאַרפט שאַפען אַ פאַרבינדונג מיט אַלע מיליטערישע גרופּעס און זעהן שטאַרקער מאַכען די אָרגאַניזאַציע מיט דעם, וואָס זיי וועלען אַריינקריגען נייע פּאַסיגע מענשען.

די מיטגלידער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" אין דער פּראָווינץ זיינען געווען פאַרפּליכטעט צו העלפען די אָפיצערען גרינדען נייע מיליטערישע קרוזשאָקען, אָבער אַזוי שנעל ווי אַזאַ קרוזשאָק איז געגרינדעט געוואָרען, האָט ער זיך גלייך אָפּגעטיילט פון דער אַלגעמיינער פּאַרטיי־גרופּע, זיך ניט געמישט אין דער אַלגעמיינער אַרבייט און זיך אָנגעקערט בלויז מיט'ן צענטער פון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע.

אויף אַזאַ אופן איז אויסגעקומען, אַז די פּאַרטיי איז באַשטאַנען פון צוויי אָרגאַניזירטע קערפּערשאַפטען — אַ ציווילע און אַ מיליטערישע, אוןביידע זיינען געווען פאַרבונדען איינע מיט די אַנדערע בלויז דורך די צענטראַלע קאָמיטעטען. דאָס האָט מען געמאַכט, כדי, ווי ווייט מעגליך, אויסצוהיטען די מיליטערישע מענשען פון געפאַהר, עס זאָל אויף זיי קיין חשד ניט פאַלען און זיי זאָלען ניט אַריינפאַלען, וואָרים ווען אַ קרוזשאָק פון ציווילע מענשען פאַלט דורך, גיט מען זיך ווי עס איז אַן עצה און מען גרינדעט אַן אַנדערען, אָבער ווען אַ מיליטערישער קרוזשאָק פאַלט אַריין, איז זעהר שווער צו גרינדען אַן אַנדערען.

כדי ביידע צענטרען זאָלען זיין פאַראייניגט האָט דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" אויסגעקליבען צוויי פאַרטרעטער צום מיליטערישען צענטראַלען קאָמיטעט. שפּעטער האָבען מיר איינגעזעהן, אַז ס'איז אויך נויטיג, דאָס דער מיליטערישער צענטער זאָל אין אונזער „קאָמיטעט" אויך האָבען אַ ספּעציעלען פאַרטרעטער, אָבער אַזאַ מענשען וואָס מיר אַליין וועלען פון זיי אויסקלייבען. אין יאַנואַר, 1881, איז דער מיליטערישער פאַרטרעטער אין אונזער „קאָמיטעט" געווען סוכאַנאָוו אַליין, די ליכטיגסטע פּערזענליכקייט צווישען די יונגע אָפיצערען אין יענער צייט.

ענדע אָקטאָבער, אָדער אָנפאַנג נאָוועמבער — איך געדענק שוין ניט באַשטימט, אין וואָס פאַר אַ צייט דאָס איז אויסגעפאַלען — אין'ם יאָהר 1880, האָט זיך סוכאַנאָוו איבערגעצויגען פון קראָנשטאַדט קיין פּעטערבורג. ער האָט דאַן אויפגענומען אַ נייעם קורס

אין אוניווערסיטעט און אין דער זעלבער צייט איז ער אויך געווען דער אסיסטענט פון פּראָפעסאָר ווינדערפליט, וועלכער האָט גע־האַלטען לעקציעס איבער פיזיק.

סוכאַנאָוו האָט געדונגען אַ מעבלירטע וואוינונג אויף דער ניקאָלאַיעווסקער גאַס. זיין שוועסטער, אָלגא, האָט זיך אויך איבערגעקליבען אַהין, מיט איהר קליינינקען אייניקעלע אַנדריושאַ, און דאָן איז די נייע וואוינונג געוואָרען דער צענטער, וואו מיר פלעגען, אין די אויפדערנאַכטען, אָפּהאַלטען געהיימע באַראַטונגען און אַרומריידען די פאַרשיידענע פראַגען פון דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע.

אין די ערשטע באַראַטונגען זיינען די רעוואָלוציאָנערען זשע־ליאַבאָוו, קאָלאָדקעווימש, באַראַניקאָוו און איך געווען די פאַר־טרעטער פון׳ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט״, און סוכאַנאָוו, באַראָן שטראָמבערג און דער אַרטילעריסט נ. ראָגאַטשאָוו — די פאַר־טרעטער פון די אָפיצערען.

דעם אַרטילעריסט ראָגאַטשאָוו׳ן האָבען מיר גוט געקענט. ער איז געווען אַ ברודער פון דמיטרי ראָגאַטשאָוו, וועלכער איז פאַר־שיקט געוואָרען אויף קאַטאָרגע דאָן ווען עס איז פאָרגעקומען דער גרויסער „פּראָצעס פון די 193״.

אויף די דאָזיגע דריי אָפיצערען — סוכאַנאָוו, שטראָמבערג און ראָגאַטשאָוו — האָבען מיר פון סאַמע אָנפאַנג געוואָרפען אַן אויג, ווייל מיר זיינען געווען זיכער, אַז דורך זיי וועלען מיר קאָנען גרינ־דען אַ מיליטערישען צענטער. און אַזוי איז טאַקע געווען.

ווען די הויפּט פּונקטען פון דער פּראָגראַמע זיינען שוין געווען פאַרטיג, האָבען מיר זיך גענומען אויסאַרבייטען אַלע נויטיגע איינ־צעלהייטען; יעדער איינצעלהייט האָבען מיר גרינדליך און דייטליך אַרומגערעדט. דערביי זיינען געווען נאָך צוויי אָפיצערען — פּאָכי־טאָנאָוו און בוצעווימש.ביידע זיינען דערנאָך אַריינגעפאַלען אין די הענט פון דער פּאָליציי און מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין שליסעל־בורגער פעסטונג, וואו זיי זיינען אין אַ צייט אַרום געשטאָרבען.

אין יענער צייט פלעגען צו סוכאַנאָוו׳ן אַריינקומען נאָך אָפּי־צערען — סערעבריאַקאָוו, זאַוואַלישין און נאָך איניגע. ביי זיי האָט מען אויך געדאַרפט אָנפרעגען, וואָס פאַר אַ מיינונג זיי האָבען וועגען די פּונקטען וואָס מיר האָבען אויסגעאַרבייט, כדי עס זאָל גוט צוגעגרייט ווערען דער באָדען פאַר אַ פולשטענדיגער פאַראיי־

ניגונג פון אלע קרעפטען אין איין גרויסער און מעכטיגער אָרגאַ־ניזאַציע, וואָס זאָל זיך קאָנען פארמעסטען אין כוחות מיט דער רעגירונג.

דאָס איז ניט געווען שווער, ווייל די קראָנשטאַדטער פלאָטען־אָפיצערען, סוכאַנאָוו׳ס חברים, האָבען זיך זעהר גוט פארהאַלטען איינער צום אנדערען. דאָס זיינען געווען אמת׳ע גוטע־ברידער, געטרייע און איבערגעגעבענע חברים. דאָס זעלבע קאָן מען אויך זאָגען וועגען די ארטילעריע־אָפיצערען, ראָגאַטשאָוו׳ס, פּאָכיטאָ־נאָוו׳ס און דעגאַיעוו׳ס חברים. און פונקט ווי סוכאַנאָוו האָט אָר־גאַניזירט די אָפיצערען פון דער פלאָטע אין א רעוואָלוציאָנערער גרופּע, אזוי האָבען די אנדערע דריי — ראָגאַטשאָוו, פּאָכיטאָנאָוו און דעגאַיעוו — אָרגאַניזירט די אָפיצערען פון דער ארטילעריע.

דעם אויבענאָן צווישען די אָפיצערען האָט פארנומען סוכאַנאָוו. און ער האָט דאָס ווירקליך פארדינט, ווייל ער איז געווען זעהר אַן ענערגישער און באַגייסטערטער מענש; דערצו האָט ער זיך נאָך אויסגעצייכענט אלס א גוטער פּראָפּאַגאַנדיסט, ווייל חוץ דעם וואָס ער איז געווען א גוטער רעדנער, איז ער גלאַט געווען א בריליאַנ־טענער מענש, מיט א ברייטער נשמה און מיט א טייערען קאָפּ, און צו די אלע מעלות האָט ער נאָך געהאַט א מערקווירדיג שטאַרקען כאַראַקטער; ער האָט געקאָנט באַפעהלען, מען זאָל איהם פאָלגען און אין דער זעלבער צייט איז ער געווען אזא צאַרטער און אזא עדעלער, אז יעדע קליינינקייט האָט אויף איהם אַן איינדרוק געמאַכט.

די אַנדערע אָפיצערען, וועלכע האָבען ארויסגעהאָלפען סוכאַ־נאָוו׳ן אין דער רעוואָלוציאָנערער ארבייט, זיינען אויך געווען זעהר אינטערעסאַנטע מענשען. בוצעוויטש איז געווען זעהר א קלוגער און א געבילדעטער; ראָגאַטשאָוו — אַן אויסגעהאַלטענער מענש מיט א גרויסער בילדונג, אַן אָנציהענדער, א שעהנער און דערצו נאָך אזא קרעפטיגער, אזא געזונטער — א גבור; פּאָכיטאָנאָוו — אַן אויסגערעכענטער מענש, אַן עדעלער, מיט א קלאָרען קאָפּ, און באַראָן שטראָמבערג — אַן אָרענטליכער, מיט א צאַרטער, עדעלער נשמה.

מיט איין וואָרט: דאָס איז געווען א צונעקליבענע גרופּע פון וואוילע, סימפּאַטישע און שעהנע מענשען. חוץ דער גוטער ארבייט

וואָס זיי האָבען געטאָן, איז גלאַט געווען אַ פאַרגעניגען צו קוקען אויף זיי.

אַ דאַנק דעם האָט די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע געהאַט די בעסטע אויסזיכטען אויף ערפאָלג.

אין דעם צענטראַלען קאָמיטעט, וואָס האָט געדראַפט באַ־שטעהן פון פינף מענשען, זיינען אריין די דריי אויבענדערמאָנטע אָפיצערען: סוכאַנאָוו, באַראָן שטראָמבערג און ראָגאַטשאָוו, און פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" זיינען אריין: זשעליאַבאָוו און קאָלאָדקעוויטש *).

ווען די גאַנצע פּראָגראַמע איז שוין געווען אויסגעאַרבייט און אָנגענומען, האָט מען געגרינדעט דעם צענטראַלען קאָמיטעט. דאַן האָט סוכאַנאָוו געגרינדעט אַ רעוואָלוציאָנערע גרופּע צווישען די פלאָטען־אָפיצערען אין קראָנשטאַדט. מיט איינציגע פון די אָפי־צערען, וואָס זיינען אריין אין דער רעוואָלוציאָנערער גרופּע, האָב איך זיך באַקענט נאָך אין פּעטערבורג, ביי סוכאַנאָוו'ן אין הויז; מיט די אַנדערע האָב איך זיך באַקענט אין קראָנשטאַדט, וואוהין סוכאַנאָוו האָט מיך געבראַכט אין מאָנאַט אַפּריל, 1881, נאָך דעם ווי מען האָט אַרעסטירט איכאַיעוו'ן און איך האָב געמוזט אויפ־געבען די וואוינונג וואָס איך האָב, צוזאַמען מיט איסאַיעוו'ן, אויפ־געהאַלטען לעבען דער וואָזנעסענסקער בריק. ער האָט מיך גע־בראַכט אַהיים צו זיינע חברים, די צוויי אָפיצערען, באַראָן שטראָמ־בערג און זאַוואַלישין, וועלכע האָבען געהאַט אַן אייגענע, ניט קיין גרויסע וואוינונג.

מיט קיין באַזונדער גרויסער קלוגשאַפט האָט זיך שטראָמ־בערג ניט אויסגעצייכענט, דערפאַר אָבער איז ער מיט לייב און לעבען געווען איבערגעגעבען דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און דערצו איז ער נאָך געווען אַ מענש מיט אַ פעסטען און אויסגע־האַלטענעם כאַראַקטער.

אַליין איז ער געווען אַ שטילער, ניט קיין היציגער, אַ נידע־ריגער, מיט אַ לאַנגער געלער באָרד ווי פון גאָלד און מיט אַ וויים־ראָזעווען פּנים. מען האָט גלייך געקאָנט דערקענען, אַז ער שטאַמט ניט פון רוסישע. און פונקט דער היפּוך פון איהם איז געווען זיין

---

*) נאָך דעם ווי זשעליאַבאָוו איז אַרעסטירט געוואָרען האָט מען מיך אַריינגענומען אויף זיין פּלאַץ אינ'ם צענטראַלען קאָמיטעט. סוכאַנאָוו אַליין האָט מיך רעקאָמענדירט אויף זשעליאַבאָוו'ס פּלאַץ. — וו. פ.

חבר, דער צווייטער אָפיצער, זאָוואַלישין — אַ הויכער, אַ גע־זונטער און קרעפטיגער יונג מיט שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגען און מיט אַ היציגען, פייערדיגען טעמפּעראַמענט.

דער ערשטער, שטראָמבערג, האָט זיך קיינמאָל ניט געקאָכט, איז קיינמאָל ניט געלאָפען; ער איז געווען אי אַן איינגעהאַלטענער, אי אַן אויסגעהאַלטענער. און דער צווייטער, זאָוואַלישין, האָט זיך שטענדיג געהאַלטען אין איין קאָכען. אין אַלעם האָט ער אַריינ־געלעגט אַ וועלט מיט ענערגיע און ווען ער האָט גענומען רעדען וועגען פּאָליטישען טעראָר, האָבען זיך די שוואַרצע אויגען זיינע אַזש אָנגעצונדען און פייער האָט געשפּריצט פון זיי.

אַ וואָך צייט האָב איך פאַרבראַכט ביי זיי אין דער היים און דאָרטען האָב איך זיך באַקענט מיט נאָך איינינגע זעהר אינטערע־סאַנטע אָפיצערען פון דער פלאָטע — יאונג, גלאַסקאָ, פּראָקאָפּיעוו, ראַזומאָוו און אַנדערע. זיי זיינען מיר אַלע געפעלען געוואָרען, איך בין פּשוט געווען באַגייסטערט פון דער פרייער, אמת־חבר׳שער באַציהונג וואָס בינדט זיי צו איינער צום אַנדערען. אַזאַ אמת׳ע פריינדשאַפט, אַזאַ גוטע איינפאַכקייט קאָן מען טרעפען בלויז צווי־שען סטודענטען אין אינטימע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס.

אַרום און אַרום זיינען אין דער גרופּע געווען אַ דרייסיג פלאָ־טען־אָפיצערען, און, עס פאַרשטעהט זיך, אַז ניט אַלע האָבען געהאַט די זעלבע מעלות. ניט אַלע זיינען געווען פון דעם טיפּ אויסגע־האַלטענע, פאַרברענטע רעוואָלוציאָנערען; מען האָט צווישען זיי געקאָנט געפינען איינינגע פון יענעם מין, וואָס מען רופט געוויינליך מיט׳ן נאָמען „מיטפיהלענדע” אָדער „סימפּאַטייזער”. וואָרים מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז ביים אַריינגעמען אַ נייעם מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַציע האָבען די אָפיצערען ניט מקפּיד געווען אַזוי שטרענג ווי מיר; ביי אונז האָט מען פון אַ נייעם מיטגליד מעהר געפאָדערט, און זיי, די אָפיצערען, האָבען גלאַט אַריינגענומען זייערע חברים אין דער אָרגאַניזאַציע; ביי זיי איז דאָס אין אָנ־פאַנג געווען אַ מין חבר׳שער קרייז, און ערשט דערנאָך איז פון דעם געוואָרען אַן אָרגאַניזאַציע פון פאַרשווערער געגען קיסר. די אמת׳ע פריינדשאַפט, די חבר׳שע פאַראייניגונג און דער ברייטער שוואונג פון יונגוואַרג — דאָס איז פאַר איינינגע אָפיצער׳ען געווען מעהר צו־ציהונג ווי דער קאַמף וואָס איז דערמיט געווען פאַרבונדען.

די מעהרסטע פון זיי, און אפילו סוכאַנאָוו אַליין, האָבען ניט

געוואוסט און ניט געוואָלט וויסען וועגען אזא זאך ווי אויסהיטען זיך. קאָנספיראציע — דאָס איז ניט געווען פאר זיי.

סוכאנאָוו האָט דערפאר באצאָהלט מיט'ן לעבען, ווייל — ווי איך האָב שוין פריהער דערצעהלט — האָט ער זיך געהאלטען אזוי, אז ער האָט געמוזט אריינפאלען. דער מענש האָט פשוט געקוקט דעם טויט גלייך אין די אויגען; מען האָט איהם באצייטענס גע־ווארענט, אז ער איז אין געפאהר ארעסטירט צו ווערען, און ער האָט זיך בשום אופן ניט געוואָלט באהאלטען, ער האָט אויף קיין פאל ניט געוואָלט אנטלויפען, ווייל ער האָט ניט געקאָנט לעבען אלס אן אומלעגאלער מענש, אונטער א פרעמדען נאָמען.

אזוי זיינען געווען די מעהרסטע אפיצערען. קיינער פון זיי האָט זיך ניט געהיט. און ווען עס האָבען זיך גענומען ארומטראָגען די קלאנגען, אז מען האָט אין קראָנשטאדט פארכאפט די קנויטען, וואָס מען האָט צוגעגרייט פאר די באָמבעס צו דער'הרג'ענען דעם קיסר דעם טאָג פונ'ם ערשטען מערץ, האָבען די אָפיצערען כמעט אָפען גערעדט וועגען דעם, און עס איז פשוט מיט נסים, וואָס מען האָט דערשאָסען אויף טויט בלויז סוכאנאָוו'ן אליין און ניט די אלע אנדערע אָפיצערען פון דער גרופע.

און מען קאָן זאָגען, אז אויב מען האָט זיך באגנוגענט דער־מיט, וואָס מען האָט דעם באראָן שטראָמבערג פארשיקט קיין סיביר און דעם אָפיצער גלאסקאָ איבערגעפיהרט אין דער קאספישער פלאָטע, איז דאָס געווען בלויז דערפאר, וואָס אלע אָפיצערען פון דער פלאָטע האָבען זיך פארהאלטען זעהר פריינדליך און חבר'יש איינער צום אנדערען, און מען האָט פשוט מורא געהאַט איינצו־רייסען מיט זיי.

אין דער זעלבער צייט וואָס מען האָט אין קראָנשטאדט גע־גרינדעט א רעוואָלוציאָנערע גרופע פון פלאָטען־אָפיצערען, האָט מען אין פעטערבורג געגרינדעט א רעוואָלוציאָנערען קרוזשאָק פון ארטילעריע־אָפיצערען. אויסער ראָגאטשאָוו'ן, פאָכיטאָנאָוו'ן און דעגאיעוו'ן זיינען אין דעם קרוזשאָק געווען די אָפיצערען ניקאָ־לאיעוו, פאפין און נאָך א דריי־פיער.

די מיליטערישע אָרגאניזאציע האָט זיך צוּוואקסען זעהר שנעל. אין פארלויף פון א קורצער צייט האָבען מיר געהאַט איבער צוויי הונדערט אָפיצערען און שפעטער נאָך מעהר. אי אין קראָנשטאדט, אי אין פעטערבורג האָט דער רעוואָלוציאָנערער גייסט טיף אריינ־

גערדונגען אין די בעסערע מיליטערישע קרייזען. אויך אין אַנדערע נעגענדען האָט דער רוף צום קאַמף פאַר פרייהייט געפונען אַ סך אָנהענגער צווישען די אָפיצערען. מען האָט זיי בלויז געדאַרפט פאַראייניגען, זיי זאָלען ניט זיין אַזוי צואוואָרפען.

דאַן איז דער אָפיצער ראָגאַטשאָוו ארויסגעפּאָהרען קיין פינ־לאַנד, און זיין רעוואָלוציאָנערע ארבייט האָט געבראַכט געווינשטע רעזולטאַטען. שפּעטער, זומער־צייט, אין 1881, האָט סוכאַנאָוו אַליין גענומען אורלויב און איז אוועקגעפּאָהרען אין דעם דרום־טייל פון רוסלאַנד אָרגאַניזירען מיליטערישע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס. זיין ארבייט האָט געבראַכט גלענצענדע רעזולטאַטען, ווייל ער איז געווען אַ בריליאַנטענער רעדנער, פול מיט פייער און טעמפּעראַ־מענט, און דערצו איז ער נאָך געווען אַזוי סימפּאַטיש אָפענהערציג און געהאַט אין זיך דעם זעלטענעם כח צו פאַר׳כישופ׳ן מענשען, איבערלאָזען אַ שטאַרקען איינדרוק און זיי געווינען אויף זיין זייט.

צוגעשפּילט דערצו האָט נאָך די געהויבענע שטימונג, וואָס האָט ארומגעכאַפּט די געזעלשאַפטליכע קרייזען אין רוסלאַנד נאָכ׳ן ערשטען מערץ, ווען מען האָט דער׳הרג׳עט דעם קיסר.

די פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד.

די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באוועגונג האָט ביסלאַכווייז אָנ־גענומען איהר אייגענאַרטיגען כאַראַקטער און דער איינפלוס פון אויסלאַנד איז אינגאַנצען אָפּגעווישט געוואָרען. דאַן האָבען די רוסישע פּאָליטישע אימיגראַנטען אויפגעהערט שפּילען די ראָלע, וואָס זיי האָבען געשפּילט פריהער; די רעוואָלוציאָנערע ליטע־ראַטור, וואָס איז פריהער כמעט אינגאַנצען איינגעשטאַנען ביי זיי אין די הענט, האָט זיך אריבערגעטראָגען אויפ׳ן רוסישען באָדען און האָט אָנגענומען גאָר אַן אַנדער פאָרמע; אָנשטאָט צו שוועבען אין דער לופטען האָט זי זיך אָנגעהויבען אָפּגעבען מיט די לעבעדיגע אינטערעסען פונ׳ם רוסישען פאָלק.

אין יענער צייט האָבען די רוסישע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַ־ניזאַציעס כמעט אינגאַנצען איבערגעריסען די פאַרבינדונגען מיט די פּאָליטישע אימיגראַנטען אין אויסלאַנד. פאַר דער פּאַרטיי זיינען זיי געווען ווי צווייגלאַך, וואָס מען האָט אָפּגעריסען פונ׳ם בוים.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטען ביז די צוויי וויכטיגע געשעהע־נישען פונ׳ם 19טען נאָוועמבער, 1879, און דעם 5טען פעברואַר,

1880, ווען דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט” האָט צוויי מאָל גע־כאַכט אַ פאַרזוך צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר — איין מאָל אויפ׳ן וועג פון קרים קיין פּעטערבורג און דאָס צווייטע מאָל — אין ווינטער־פּאַלאַץ, וואו מען האָט אויפגעריסען אַ שטיק פונ׳ם קיסר׳ס עס־צימער.

די דאָזיגע צוויי וויכטיגע געשעהענישען האָבען אויפגערודערט גאַנץ אייראָפּא און אַלע האָבען זיך שטאַרק גענומען אינטערעסירען מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד.



לעאָ האַרטמאַן.

באַלד נאָך דעם האָט די רוסישע רעגירונג אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג דער פראַנצויזישער, מען זאָל איהר אַרויסגעבען דעם רעוואָלוציאָנער האַרטמאַן, אַן אַגענט פונ׳ם „איספּאָלניטעלני קאָ־מיטעט”. האַרטמאַן האָט דאַן געוואוינט אין פראַנקרייך און די רוסישע רעגירונג האָט אויף איהם געהאַט אַ שלעכטע האַרץ, ווייל פון זיין וואוינונג, וואו ער האָט זיך אויפגעהאַלטען אונטער׳ן נאָמען סוכאָראָקאָוו, האָט מען דעם 19טען נאָוועמבער אונטערגעלעגט די

מינע, וואָס האָט אויפגעריסען דעם צוג, אין וועלכען דער קיסר איז געפאָהרען.

די רוסישע רעגירונג האָט זיך געשטרעקט אין דער לענג און אין דער ברייט, מען זאָל איהר ארויסגעבען הארטמאַנ׳ען, אָבער די פראַנצויזישע רעפּובליק האָט איהר אָפּגעזאָגט, און דאָס איז אין גאַנץ איירָאָפּא באַטראַכט געוואָרען אַלס אַ שטאַרקער פּאַטש אין פּנים.

אין אויסלאַנד האָט מען זיך שטאַרק אינטערעסירט דערמיט, צי פראַנקרייך וועט ארויסגעבען דעם רעוואָלוציאָנער הארטמאַן, צי ניין; און ווען מען האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם פּאַטש אין פּנים, וואָס די פראַנצויזישע רעפּובליק האָט געגעבען דער רוסישער סאַמאָדערזשאַוונער רעגירונג, איז די פרייד געוועזען זעהר גרויס. מעהר ווי אַלע האָבען מיר זיך געפרעהט דערמיט, ווייל מיר האָבען דאַרויף געקוקט ווי אויף אַ זיג פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי *).

די „נאַראָדנאַיא וואָליא" האָט דאַן איינגעזעהן, ווי וויכטיג עס איז פאַר דער פּאַרטיי די געזעלשאַפטליכע מיינונג אין איירָאָפּא, האָט זי גלייך גענומען אָנפיהרען דאָרטען אַ פּראָפּאַגאַנדע מיט׳ן ציעל צו באַקענען די דאָרטיגע געזעלשאַפטליכע מיינונג מיט דער לאַגע אין רוסלאַנד און מיט די רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען פון דער פּאַרטיי.

דערמיט זיינען מיר אויסען געווען צו ווייזען דער וועלט, וואָס פאַר אַ שוואַרץ פּנים די רוסישע רעגירונג האָט, און מיר האָבען גערעכענט, אַז דורך דעם וועט זיך אונז אפשר איינגעבען צו ברענגען דערצו, אַז די בעסערע מלוכות זאָלען זיך אויף אַ דיפּלאָמאַטישען אופן אריינמישען אין די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון אונזער פינסטערער קעניגרייך. מיט איין וואָרט: מיר האָבען געאַרבייט אַזוי, אַז אין לאַנד זאָל זיך דער טראָן פון דער רעגירונג שאָקלען דערפון, וואָס באָמבעס קראַכען דאָ און דאָרטען, און אין אויסלאַנד

*) האַרטמאַנ׳ען האָט מען דאַן באַפרייט און איהם געגעבען דאָס רעכט צו פאָהרען וואוהין ער וויל, אַבי ער זאָל ניט זיין אין פראַנקרייך. אַ סך אַרויסגעהאָלפען איהם צו באַפרייען האָט זשאָרזש קלעמאַנסאָ, דער געוועזענער פראַנצויזישער פּרעמיער, וועלכער איז איצטער באַקאַנט אַלס דער „טיגער", און אויך אַלס אַ גרויסער רעאַקציאָנער. — **איבערזעצער.**

זאָל זי, די רעגירונג אונזערע, האָבען אַ מיאוס פנים; מען זאָל זי זעהן אין איהר ריכטיגען געשטאַלט.

און דאָ זיינען אונז צונוץ געקומען די פּאָליטישע אימיגראַנטען, וועמען דער שיקזאַל האָט אָפּגעריסען פון׳ם סאַמע קאָך פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

פון די אַלע פּאָליטישע אימיגראַנטען האָט דער „איספּאָלני־טעלני קאָמיטעט" אויסגעקליבען הארטמאַנ׳ען און לאַווראָוו׳ן אַלס פאַרטרעטער פון דער פּאַרטיי און האָט איבערגעגעבען די אַרבייט אָנצופיהרען אין אויסלאַנד אַן אַגיטאַציע אין דעם גייסט פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

אָנפיהרען די אַגיטאַציע האָבען זיי געקאָנט דורך לעקציעס, פאַרזאַמלונגען, און דער עיקר — דורך בראָשורען, פּראָקלאַמאַציעס און אויך אַרטיקלען, אין וועלכע עס זאָל באַשפּראָכען ווערען די עקאָנאָמישע און אויך פּאָליטישע לאַגע אין רוסלאַנד.

צוליב דעם האָט הארטמאַן געדאַרפט מאַכען אַ רייזע איבער די הויפּט שטעדט פון אייראָפּאַ; אַלע וויכטיגע טוער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין מערב־אייראָפּאַ האָבען צוגעזאָגט ארויסצוהעלפען איהם אין דער אַרבייט; צו איינינגע פון זיי, צו קאַרל מאַרקס און ראָשפאָר׳ן האָט דער „קאָמיטעט" אַליין צוגע־שיקט בריף מיט אַ בקשה אַרויסצוהעלפען הארטמאַנ׳ען אין דער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ער וועט אָנפיהרען אין אויסלאַנד געגען דער רוסישער זעלבסטהערשענדער רעגירונג *).

ביי מאַרקס׳ן איז דאָס געוועזן זעהר אָנגעלעגט. ער האָט אונז גלייך געענטפערט מיט אַ בריף און דערצו האָט ער נאָך צוגעשיקט זיינע אַ פאָטאָגראַפישע בילד מיט אַ פיינעם אונטערשריפט. און, ווי הארטמאַן אַליין האָט אונז דערנאָך דערצעהלט, איז ביי מאַרקס׳ן אונזער בריף געוועזן אַזוי טייער, אַז ער האָט איהם געוויזען אַלע זיינע גוטע פריינד און באַקאַנטע.

און קאַרל מאַרקס איז אין אויסלאַנד ניט געוועזן דער איינ־ציגער, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק אינטערעסירט מיט דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד — אַלע האָבען זיך מיט איהר אינטערעסירט. די צייטונגען האָבען וועגען דעם אַ סך געשריבען

*) הארטמאַן האָט אַ לענגערע צייט געוואוינט אין ניו יאָרק, אויף קלינטאָן סטריט. מיט אומגעפעהר פערצעהן אָדער פופצעהן יאָהר צוריק איז ער געשטאָרבען אין ניו יאָרק.

און יעדער שטיקעל נייעס וועגען דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד איז אין די אויסלענדישע צייטונגען ממש פאַרצוקערט געוואָרען; מען האָט עס געשלונגען מיט'ן גרעסטען אינטערעס.

ווי געוועהנליך אין אזא פאַל, האָבען אייניגע צייטונגען אַרי־בערגעכאַפּט די מאָס און דערצעהלט וועגען רוסלאַנד אַזעלכע בבא־מעשיות, וואָס זיינען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, און דאַ־ריבער האָבען מיר פאַר אונזערע אויסלענדישע פאַרטרעטער גע־דאַרפט צושטעלען ריכטיגע און וויכטיגע ידיעות וועגען דעם וואָס ס'קומט פאָר אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אינ'ם יאָהר 1880, אָסיען־צייט, האָט דער „קאָמיטעט" מיך אויסגעקליבען אַלס די סעקרעטערין צו פיהרען די פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד, האָב איך זיך גלייך גענומען איבערשרייבען מיט האַרטמאַנ'ען; איך האָב איהם צוגעשיקט אַ גאַנצע רייהע קאָרעס־פּאָנדענצען, די לעבענס־באַשרייבונגען פון די חברים וואָס זיינען פאַר'משפּט געוואָרען צום טויט; איך האָב איהם אויך צוגעשיקט די אַלע ביכלאַך און בראָשורען, וואָס מיר האָבען אַרויסגעגעבען; די פאָטאָגראַפישע בילדער פון די אַרעסטירטע און פאַר'משפּט'ע, פאַרשיידענערליי רוסישע צייטונגען און זשורנאַלען, און האַרטמאַן האָט שוין געוואוסט, אַז נאָך אַלע ידיעות דאַרף ער זיך ווענדען צו מיר און איך וועל זיי איהם פּינקטליך צושטעלען.

נאָכ'ן ערשטען מערץ, ווען עס האָט זיך ענדליך איינגעגעבען צו דער'הרג'ענען דעם קיסר, האָב איך איהם אַרויסגעשיקט אַ לאַנגע באַשרייבונג וועגען דעם. דאָס איז געווען די לעצטע קאָרעספּאָנדענץ מיינע צו איהם. אין יענער צייט האָב איך איהם אויך אַרויסגעשיקט אַ קאָפּיע פון דעם בריף וואָס דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט צוגעשיקט צו אַלעקסאַנדער דעם דריטען נאָך דעם ווי אַלעק־סאַנדער דער צווייטער איז דער־הרג'עט געוואָרען.

דאָס קלייטעל, וואו מען האָט פאַרקויפט קעז.

נאָך איידער אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו איז אַרעסטירט געוואָרען, האָבען זיך די מיטגלידער פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" אַ שטיק צייט אַרומגעטראָגען מיט אַ געדאַנק, אַז מען דאַרף דינגען אַ קלייטעל אויף איינער פון די פּעטערבורגער גאַסען, וואו דער קיסר פאָהרט אָפטמאָל פאַרביי.

לפנים האָט מען אין דעם קלייטעל געדאַרפט פאַרקויפען קעז און אין דער אמת'ן איז מען אויסען געווען אונטערצופיהרען פון

דאָרטען א מינע, וואס זאָל אויפרייסען און דער׳הרג׳ענען דעם קיסר.

דעם פּלאַן צו דינגען דאָס קלייטעל איז אויסגעארבייט געוואָרען נאָך איידער מען האָט ארעסטירט מיכאילאָוו׳ן, דעם פּאָרזיכטיגסטען רעוואָלוציאָנער; די אגענטען פונ׳ם „קאָמיטעט" האָבען געהאט אַן ארבייט, אָנצוקוקען די אלע קלייטלאך, וואָס זיינען צום פאַר־דינגען אויף יענע גאסען, וואָס פיהרען צו דעם מושטיר־פּלאַץ, וואו־הין דער קיסר פלעגט אָפט פאָהרען. אויב מיין זכרון נארט מיך ניט, האָט מיכאילאָוו אליין געפונען צוויי קלייטלאך אזעלכע, און אויף איינעם פון די צוויי האָט זיך דער „קאָמיטעט" אָפּגעשטעלט און באשלאָסען עס צו דינגען. דאָס קלייטעל איז געשטאַנען אויף דער קליין־סאדאָווער גאס, ביי מענגדענ׳ען אין הויז. דאָרטען האָט מען פאר לייטען געדארפט פארקויפען קעז און אין דער זעלבער צייט שטילערהייט אונטערגראָבען די ערד און אוועקלעגען א מינע צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר.

באלד נאָך דעם ווי מען האָט געדונגען דאָס קלייטעל, האָט מען גענומען קלערען וועמען מען זאָל דאָרטען אוועקזעצען, ווער עס זאָל זיין דער קרעמער און פארקויפען קעז, האָב איך ארויס־געזאָגט מיין מיינונג, אז דער בעסטער פאר אזא ארבייט וואָלט געווען מיין פריינד און חבר יורי ניקאָלאיעוויטש באָגדאנאָוויטש.

וואו באָגדאנאָוויטש געפינט זיך, האָב איך ניט געוואוסט, וויל נאָך אין 1879 איז ער ארויסגעפאָהרען פון סאראטאָוו און איך האָב ניט געוואוסט וואו ער איז אהינגעקומען. אפילו קיין בריף האָט ער קיין איין מאָל ניט צוגעשיקט — ווי אין וואסער אריין.

ערשט ווען איך בין געקומען קיין פעטערבורג און האָב זיך געזעהן מיט מיין אלטען גוטען פריינד פיסארעוו, האָב איך אָפּ־געמאכט ביי זיך, אז איך מוז טאָן אלץ וואָס ס׳איז נאָר מעגליך און געפינען באָגדאנאָוויטש׳ן און איהם ברענגען אהער.

געוואוסט האָב איך, אז ער ענטפערט ניט אויף קיין בריף וואָס מען שיקט אויף זיין אדרעס, האָב איך גענומען און איהם אוועקגעשיקט א בריף אויף אַן אדרעס פון א באקאנטען מענשען; איך האָב געדענקט, אז יענער ווייסט אפשר וואו ער געפינט זיך און ער וועט איהם שוין איבערגעבען דעם בריף.

מיין בריף צו באָגדאנאָוויטש׳ן איז געווען א ווארימער, א פריינדליכער. פאר איינוועגס האָב איך איהם שוין געזאָגט א

ביסעל מוסר פאַרוואָס ער דערווייטערט זיך אַזוי פון אַלטע גוטע פריינד און דערביי האָב איך איהם שטאַרק געבעטען, אַז ער זאָל קיין ספק ניט קלערען און גלייך קומען קיין פּעטערבורג זיך זעהן מיט מיר.

עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזען, אַז ער איז געווען קראַנק אַ לענגערע צייט, און כאָטש ער איז נאָך ניט געווען אינגאַנצען געזונט ווען ער האָט מיין בריף געקראָגען, האָט ער קיין ספק ניט געטראַכט און איז גלייך געקומען קיין פּעטערבורג.

ווען איך האָב איהם דערזעהן, האָב איך זיך אַזש דערשראָקען. ער איז פאַר דער צייט אַזוי אַ תל געוואָרען, אַז עס איז פּשוט שווער געווען איהם צו דערקענען. איך און מיין פריינד פּיסאַרעוו זיינען צוגעשטאַנען צו איהם, אַז ער זאָל פריהער פון אַלץ זיך גוט אויס־רוהען און זיך קורירען ביז ער וועט ווערען אינגאַנצען געזונט. אָבער ער האָט קיין געדולד ניט געהאַט צו וואַרטען; ער האָט זיך גלייך באַקענט מיט די אַלע נייע מענשען און אויך מיט די אַלע ענדערונ־גען וואָס מען האָט געמאַכט אין דער פּראָגראַמע נאָכ'ן צוזאַמענ־פאָהר אין וואָראָנעזש; דערנאָך האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט פּראַקטישער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט, און ווען אַלעס איז שוין פאַר איהם געווען קלאָר, איז ער אַליין געוואָרען אַן אַגענט פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט".

דאַן האָב איך דאָס פאָרגעשלאָגען דעם „קאָמיטעט", אַז מען זאָל איהם מאַכען פאַר'ן קרעמער אין דעם קלייטעל, וואו מען וועט לפנים פאַרקויפען קעז, און מיין פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען.

וואו דאָס קלייטעל געפינט זיך און וואָס פאַר אַ נאָמען מען וועט דאַרפען געבען דעם מענשען, וואָס וועט דאָרטען פאַרקויפען קעז — דאָס האָב איך אַליין ניט געוואוסט.

דערוואוסט האָב איך זיך דאָס ערשט אין מאָנאַט פעברואַר, ווען עס איז אויסגעגאַנגען די צייט פון דעם אַלטען פּאַספּאָרט, וואָס באָגדאַנאָוויטש האָט געהאַט און ער האָט זיך געווענדעט צו מיר מיט אַ בקשה, אַז איך זאָל איהם אָנשרייבען אַ נייעם פּאַספּאָרט אונטער'ן נאָמען קאָבאָזעוו, און מיר דאַכט זיך, אַז יענער פּאַס־פּאָרט איז טאַקע געבליבען ביים דוואָרניק אין די הענט.

פונקט צום נייעם יאָהר האָט זיך באָגדאַנאָוויטש באַזעצט אין קלייטעל, וואו מען פאַרקויפט קעז און איז כלומר'שט געוואָרען אַ קרעמער. און כדי עס זאָל קיינעם גאָר ניט איינפאַלען קיין חשד,

האט זיך די יאקימאווא באזעצט מיט איהם, כלומר'שט אלס זיין פרוי. פאר דער וועלט האט עס געהייסען, אז זיי זיינען ביידע ניט מעהר ווי א קרעמער מיט א קרעמערקע, אז זיי פארקויפען קעז — און דאס אלעס. אין דער אמת'ן אבער האט מען דארטען אונטער־געגראבען די ערד און אוועקגעלעגט א מינע צו דער'הרג'ענען דעם קיסר.

נעמאשאיעוו.

אין מאנאט יאנואר, 1881, האב איך צוזאמען מיט איסאיעוו'ן געדונגען א קווארטיר, וואו די מיטגלידער פונ'ם „קאמיטעט" זאלען



יורי ניקאלאיעוויטש באגדאנאוויטש
(קאבאזעוו)

קאנען אפהאלטען געהיימע באראטונגען. דעם אדרעס פון אונזער קווארטיר האבען געוואוסט בלויז די מיטגלידער פונ'ם קאמיטעט. די אנדערע רעוואלוציאנערען, די אגענטען, וועלכע האבען פארנומען קלענערע פאסטענס אין דער ארגאניזאציע, האבען דעם אדרעס ניט

געטאָרט וויסן. אַן אויסנאַם איז בלויז געמאַכט געוואָרן פאַר'ן ערשטן מערץ, ווען דער „קאָמיטעט" האָט באַשלאָסן, אַז מען מוז צו אונז אויף דער קוואַרטיר ברענגען קיבאַלטשיטש'ן צו מאַכן די באָמבעס.

די נייע קוואַרטיר אונזערע איז געווען אויפ'ן וואָזנעסענסקען פּראָספּעקט, נומער 25/26. זי איז באַשטאַנען פון דריי קאַלטע, האַלב־פינסטערע צימערלאַך. דערפאַר אָבער האָט זי געהאַט אַ מעלה, וואָס אין הויף איז געווען אַ באָד.

דאָס איז פאַר אונז געווען זעהר גוט, ווייל אַ דאַנק דעם, האָבן אַ סך מענטשן געקאָנט געהן צו אונז און עס זאָל קיינעם ניט איינפאַלן זיי חושד צו זיין, ווייל מען האָט געקאָנט מיינען, אַז זיי געהען אין באָד אריין.

פאַרשריבען האָבן מיר זיך דאָרטען אונטער'ן נאָמען קאָכאַנאָווסקי און געהייסען האָט עס, אַז מיר זיינען אַ פּאָר־פאָלק. צוזאַמען מיט איסאַיעוו'ן בין איך אין דער נייער קוואַרטיר געווען ביז'ן ערשטען אַפּריל. דעם דריטען אַפּריל האָב איך די קוואַרטיר געמוזט אויפגעבען איבער דעם, וואָס מען האָט איסאַיעוו'ן ארעסטירט אין מיטען נאַכט און עס איז געווען אַ געפאַהר, אַז די פּאָליציי זאָל צו מיר אויך קומען מיט אַ רעוויזיע.

איינמאָל, אין אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט, ווען עס האָט אין דרויסען געברענט אַ שטאַרקער פראָסט, איז איסאַיעוו, ארום צעהן אזייגער, געקומען אהיים אַ פאַרפראָרענער, און נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעטאָן די קוטשמע און אַרונטערגעוואָרפען פון זיך דעם מאַנטעל, איז ער צוגעגאַנגען צום טיש, וואו איך בין געזעסען מיט נאָך איינינע מיטגלידער פון'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", און אוועקלעגענדיג פאַר אונז אַ שטיקעל פּאַפּיר, האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן שטיל און געלאַסען:

„אַ בריוועלע פון נעטשאַיעוו'ן... צוגעשיקט פון דער אַלעקסעיעווסקער ראַוועלינאַ" *).

די עטליכע ווערטער האָבען מיך אַזוי איבערראַשט, אַז איך בין געבליבען זיצען ווי אַ צוטומעלטע... וואָרים דער נאָמען נעטשאַיעוו איז אין מיין זכרון געווען שטאַרק איינגעקריצט און איך

*)די אַלעקסעיעווסקע ראַוועלינאַ איז געווען אַ ספּעציעלע אַבטיילונג אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג. — איבערזעצער.

האָב גוט געוואוסט, וואָס פאַר אַ ראָלע ער האָט געשפּילט אין דער באַוועגונג.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך זיין נאָמען געהערט ווען איך בין געווען אַ יונגע מיידעל פון נײַנצעהן יאָהר. דאַן איז אין פּעטערבורג פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון די „נעטשאַיעווצעס" און איך האָב מיט גרויס אינטערעס געלעזען וועגען דעם יעדער שורה אין די צייטונגען.

אין די באַריכטען פונ'ם פּראָצעס האָט מיך מעהר פון אַלעם אינטערעסירט, ווי אַזוי מ'האָט דער'הרג'עט איוואַנאָוו'ן *). אין די צייטונגען זיינען געווען באַשריבען אַלע איינצעלהייטען און דאָס האָט אויף מיר איבערגעלאָזט אַזאַ שטאַרקען איינדרוק, אַז איך האָב עס געדענקט דאָס גאַנצע לעבען.

און איך געדענק נאָך, ווי מיין פעטער, פּיאָטער קופּרינאָוו, האָט מיר געזאָגט:

— יעדער פאָלק האָט אַזאַ רעגירונג ווי עס פאַרדינט.

דאָס צווייטע מאָל, וואָס איך האָב געהערט נעטשאַיעוו'ס נאָמען איז געווען אינ'ם יאָהר 1872. איך האָב דאַן געלערענט אין אוניווערסיטעט, אין צוריך, און איך געדענק, ווי אין דעם מאָנאַט אויגוסט האָט מען צווישען די סטודענטען דערצעהלט אַזאַ גע־שיכטע: אַ פּאָליאַק מיט'ן נאָמען סטעמפּאָווסקי, אַ מיטגליד פונ'ם אינטערנאַציאָנאַל, האָט אַרויסגעגעבען נעטשאַיעוו'ן. מ'האָט אויך דערצעהלט, אַז נעטשאַיעוו איז אַרעסטירט און אַז די רוסישע רעגירונג פאָדערט, מען זאָל איהם אַרויסגעבען ווי אַ קרימינעלען פאַרברעכער.

ווען מיר האָבען זיך דערוואוסט, אַז נעטשאַיעוו געפינט זיך אין צוריך און איז פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש, זיינען מיר שטאַרק איבערראַשט געוואָרען דערפון.

אַ קליינינקייט עפּעס — נעטשאַיעוו!

מיר האָבען נאָך דאַמאָלט ניט געוואוסט, אַז די רוסישע פּאָ־ליציי זוכט איהם שוין לאַנג אַרום אין דער שווייץ און אַז פאַרהאַנד־

---

*) איוואַנאָוו איז געווען אַ יונגער סטודענט. ער האָט אָרגאַניזירט די ערשטע קרוזשאָקען. שפּעטער האָט מען זיך געכאַפּט, אַז ער איז אַ מענש מיט אַ שוואַכען כאַראַקטער און אַז ס'איז דאַריבער מעגליך, אַז ער זאָל אַלעמען אויסגעבען ווען ער וועט אַריינפאַלען. כדי דאָס אויסצומיידען האָט מען איהם דער'הרג'עט. — איבערזעצער.

לונגען ווערען אָנגעפיהרט וועגען דעם, מען זאָל איהם ארויסגעבען אזוי שנעל ווי מען וועט איהם כאַפּען.

מיר האָבען אויך ניט געוואוסט, אז איינמאָל, ווען נעטשאַיעוו האָט נאָך געוואוינט אין זשענעווא, האָט כ'עָן אין א געווויסען טאָג אין מיטען גאַס, ארעסטירט א מאַן מיט'ן נאָמען סערעברעניקאָוו, ווייל מען האָט געמיינט, אז דאָס איז נעטשאַיעוו.



סערגעי נעטשאַיעוו.

דעם סערעברעניקאָוו'ן האָט מען געהאַלטען אין געפענגעניש א שטיק צייט און באַפרייט האָט מען איהם ערשט דאַן, ווען מען האָט זיך איבערצייגט, אז דאָס איז ניט נעטשאַיעוו.

דאָס איז ניט אָנגעקומען אזוי גרינג ווי מען שטעלט זיך פאָר; כדי זיך צו איבערצייגען אין דעם, האָט מען פון רוסלאַנד געבראַכט דעם וועכטער פון דער שולע, וואו נעטשאַיעוו איז געווען א לערער און אויך דעם וועכטער פונ'ם אוניווערסיטעט, וואו נעטשאַיעוו האָט געלערענט. ערשט וועןביידע וועכטער האָבען געזאָגט, אז

דער אַרעסטירטער איז ניט נעטשאַיעוו, האָט מען סערעברעניקאָוו'ן אָפּגעלאָזט אַהיים.

נאָכדעם האָט זיך נעטשאַיעוו אַ שטיק צייט אויסבאַהאַלטען צווישען די בערג און דערנאָך האָט ער זיך באַזעצט אין צוריך.

אייניגע סטודענטען האָבען געפּרואווט איהם איבעררעדען, אַז ער זאָל ניט זיין אַזאַ עקשן און זאָל זיך בעסער אַרויסציהען פון צוריך אין אַן אַנדער שטאָדט, אָבער ער האָט דאָס בשום אופן ניט געוואָלט; עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז די סטודענטען ווילען גלאַט פּטור ווערען פון איהם, ווייל זיי ווילען ניט, אַז ער זאָל זיך מישען אין זייערע געשעפטען און זאָגען דעות, ווי אַזוי מען זאָל אָנפיהרען רעוואָלוציאָנערע אַרבייט.

אין צוריך האָט נעטשאַיעוו געמאַכט אַ לעבען פון פאַרבען שיל-דען. אליין איז ער געווען אַ גוטער פאַרבער און אַ דאַנק דעם האָט ער גאַנץ פיין פאַרדינט. אַזוי האָט דערצעהלט מ. סאַזשין, נעטשאַיעוו'ס אַ פּערזענליכער פריינד.

מיט די רוסישע סטודענטען אין צוריך האָט זיך נעטשאַיעוו כמעט ניט אָנגעקערט. אַרום איהם האָבען זיך מעהרסטענטיילס געדרעהט רוסישע אימיגראַנטען און אויך עטליכע פּאָליאַקען. מיט די פּאָליאַקען האָט ער איבערגעריסען די באַציהונגען גלייך נאָך דעם ווי סטעמפּקאָווסקי האָט איהם אַרויסגעגעבען.

די באַפעלקערונג אין דער שווייץ האָט זיך צו נעטשאַיעוו'ן באַצויגען ניט זעהר סימפּאַטיש. די געזעלשאַפטליכע מיינונג איז געווען געגען איהם, ווייל אומעטום האָט מען געוואוסט, ווי אַזוי ער האָט דער'הרג'עט דעם סטודענט איוואַנאָוו'ן. די רוסישע אימי-גראַנטען-קאָלאָניע האָט געפּרואווט געווינען די געזעלשאַפטליכע מיינונג אויף נעטשאַיעוו'ס זייט, אָבער דאָס האָט זיך ניט איינ-געגעבען; מען האָט אַרויסגעגעבען אַ בראָשורע אויף דייטש און אין איהר האָט מען ערקלערט די באַדייטונג פון נעטשאַיעוו'ס פּאָלי-טישער טעטיגקייט, אָבער זי איז געלעגען ווי אַ שטיין און מען האָט זי זעהר ווענינ געלעזען; די מיטינגען, וואָס מ'האָט אָפּגע-האַלטען וועגען דעם, זיינען זעהר ווענינ באַזוכט געוואָרען, און ווען די פאָרשטעהער פון דער רוסישער אימיגראַנטען-קאָלאָניע האָבען זיך געווענדעט מיט אַ בקשה צו די גרויסע שווייצאַרישע אַרבייטער פאַראיינען, זיי זאָלען עפּעס טאָן פאַר נעטשאַיעוו'ן, האָבען זיי

נעענטפערט, אַז פאַר קיין קרימינעלען מערדער נעמען זיי זיך ניט אָן.

עטליכע סטודענטען, די מעהרסטע פון זיי סערבישע, האָבען באַשלאָסען ארויסצורייסען נעטשאַיעוו'ן פון דער פּאָליציי'ס הענט פונקט דאַן, ווען מען וועט איהם פיהרען צום וואָקזאַל. כדי דאָס דורכצופיהרען, האָט מען געדאַרפט האָבען אַ דרייסיג מאַן, אָבער ווען עס איז געקומען די באַשטימטע צייט, האָבען זיך געפונען זעהר ווייניג בעלנים, איז דער פּלאַן ניט דורכגעפיהרט געוואָרען.

אין דעם אַרטיקעל, וואָס ראַלי אַרבאַרע האָט פאַרעפענטליכט אין דעם זשורנאַל „בילאָיע" (אין זיבעטען ביכעל פון 1906) וועגען נעטשאַיעוו'ן, ווערט דערצעהלט, אַז בשעת מען האָט איהם געפיהרט צום וואָקזאַל, איז יאָ געמאַכט געוואָרען אַ פאַרזוך איהם ארויס־צורייסען ביי דער פּאָליציי פון די הענט, אָבער דער פאַרזוך האָט זיך ניט איינגעגעבען, ווייל דער זייטיגער עולם האָט געהאָלפען די פּאָליציעיסקע צוריקכאַפּען נעטשאַיעוו'ן. צוויי פון די מענשען, וועלכע האָבען איהם געוואָלט העלפען אַנטלויפען, זיינען דאַן אַרעס־טירט געוואָרען.

אַ צוויי יונגע לייט האָבען זיך אריינגעזעצט אין אַן אַנדער וואַגאָן, ווייל זיי האָבען געדענקט, אַז אויפ'ן וועג וועט זיך זיי אפשר דאָך איינגעבען צו ראַטעווען נעטשאַיעוו'ן און אַנטלויפען מיט איהם, אָבער עס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען. אויף אַלע סטאַנציעס זיינען געווען אויסגעשטעלט באַוואָפענטע זשאַנדאַרען, און דעריבער האָט מען גאָרניט געקאָנט אויפטאָן.

איידער די שווייצאַרישע רעגירונג האָט ארויסגעגעבען נע־טשיעוו'ן, האָט זי אָפּגעמאַכט מיט דער רוסישער רעגירונג, אַז צום טויט זאָל מען נעטשאַיעוו'ן ניט פאַר'משפט'ן. ווען מען האָט נע־טשאַיעוו'ן געבראַכט קיין רוסלאַנד, האָט מען איהם געשטעלט צום געריכט און ער איז פאַר'משפט געוואָרען צו צוואַנציג יאָהר קאַטאָרגע.

גע'משפט האָט מען איהם אַלס אַ קרימינעלען פאַרברעכער. נאָכ'ן משפט האָט מען איהם פאַרשיקט קיין סיביר, אָבער באַלד נאָך דעם האָט מען אויפגעהערט קריגען ידיעות פון איהם און מען האָט ניט געוואוסט וואו ער איז, וואָס מיט איהם איז געוואָרען, צי ער לעבט, צי ער איז געשטאָרבען.

עס זיינען אַוועק יאָהרען און מען האָט פון נעטשאַיעוו'ן גאָרי

גיט געהערט. און מיט אמאל גאר, אין א קאלטער ווינטער־נאכט — „א בריוועלע פון נעטשאיעוו'ן, צוגעשיקט פון דער אלעקסעיעווסקער ראוועלינא אין פעטראפאוולאווסקער פעסטונג!"

פאר אונז איז דאס געווען א גוואלדיגע איבערראשונג. מיר האבען ניט געקאנט פארשטעהן, ווי אזוי ער האט מיט'ן בריוועלע געטראפען צו אונז, צו די מיטגלידער פון דעם „איספאלניטעלני קאמיטעט".

ערשט מיט א צייט שפעטער איז עס פאר אונז קלאר געווארען.

עס איז געווען גאנץ איינפאך. די ערשטע צייט האט נע־טשאיעוו ניט געהאט קיין געלעגענהייט זיך צו שטעלען אין פאר־בינדונג מיט דער „פרייהייט". ווען מען האט אין 1879 פאר־שפארט אין דער פעטראפאוולאווסקער „ראוועלינא" דעם רעוואָ־לוציאנער מירסקי, וועלכער איז פאר'משפט געווארען דערפאר, וואס ער האט געמאכט דעם אנפאל אויף דעם הויפט פון די זשאנדארען, מ. דרענטעלן, האט נעטשאיעוו צו איהם קיין באזונדערען צוטרויען ניט ארויסגעוויזען, און מען מוז זאגען, אז ער איז ניט געווען אין גאנצען אומגערעכט. ערשט אין אקטאבער, 1880, נאך דעם פראָ־צעס פון די זעכצעהן „נאראדאוואלצעס", ווען דער רעוואלוציאנער סטעפאן שיראיעוו איז אויך פארשפארט געווארען אין דער „רא־וועלינא", האט נעטשאיעוו פאר זיך דערזעהן אן אמת'ן מענשען, אויף וועלכען מ'קאן זיך פארלאזען — א מיטגליד פון „איספאל־ניטעלני קאמיטעט", און דאן האט ער באשלאסען צו שרייבען א בריוועלע צו דער „נאראדנאיא וואליא" און זיך שטעלען אין פאר־בינדונג מיט דער „פרייהייט".

דאס איז איהם אנגעקומען ניט אזוי שווער. דורך א זשאנדארם, וועלכער איז איהם געווען זעהר געטריי און איבערגעגעבען, האט ער צוגעשיקט דעם בריף צום „איספאלניטעלני קאמיטעט". איבער־געגעבען דעם בריף האט דער זשאנדארם דעם סטודענט דובראווין, וועלכער איז געווען שיראיעוו'ס א לאנדסמאן און איסאיעוו'ס א גוטער באקאנטער.

דער בריף איז געווען א קורצער. אין איהם האט נעטשאיעוו פאר קיינעם זיך ניט אויסגערעדט דאס הארץ, זיך פאר קיינעם ניט געקלאגט, קיין ווארט ניט דערמאנט וועגען דעם, וואס ער האט איבערגעלעבט פריהער און וואס ער לעבט איבער איצט. אהן הקדמות און אהן איבעריגע באשרייבונגען האט ער אין דעם בריף

אונז געשטעלט די פראגע, צי עס וואלט אפשר מעגליך געווען, אז מיר זאלען איהם באפרייען.

די פראגע וועגען די ענדערונגען, וואס זיינען פארגעקומען אין דער פארטיי פאר די אלע יאהרען, האט ער אינגאנצען ניט אנ־געריהרט.

דער בריף האט אויף אונז געמאכט א מערקווירדיגען איינ־דרוק. מיר האבען גלייך פארגעסען אן די אלע שלעכטע זאכען, וואס מיר האבען געהערט וועגען איהם; מיר האבען איהם גלייך מוחל געווען דעם כלל, אן וועלכען ער האט זיך געהאלטען, אז „דער ציעל הייליגט די מיטלען", און פאר אונז איז ווידער אויסגעוואקסען דער מענש מיט דעם ברייטען פארשטאנד און מיט דעם שטארקען אייזערנעם ווילען, וואס בויגט זיך ניט אפילו א האר, ניט קוקענדיג אויף די אלע צרות און אפקומענישען, וואס ער שטעהט אויס אין דער „ראוועלינא".

און ווען די פראגע וועגען באפרייען נעטשאיעוו'ן איז אויפ־גענומען געווארען אויף א זיצונג פון'ם „איספאלניטעלני קאמיטעט", האבען מיר אלע איינגעשטימט, אז מען דארף איהם באפרייען.

פון דאן אן זיינען מיר די גאנצע צייט געשטאנען מיט איהם אין פארבינדונג. ער האט צו אונז גאנץ אפט בריף צוגעשיקט און אין די בריף האט ער דערצעהלט, וואס ער האט געטאן פאר די אלע יאהרען, זינט ער איז פארשפארט אין דער „רעוואלינא". עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז ניט קוקענדיג דארויף, וואס הענט און פיס זיינען ביי איהם געווען געבונדען, האט ער געארבייט. ליידיג איז ער ניט געזעסען. ביסלאכווייז האט זיך איהם איינגעגעבען צו געווינען אויף זיין זייט די מעהרסטע וועכטער און באאמטע, וועלכע האבען איהם ארומגערינגעלט. א דאנק דעם, וואס ער האט געהאט די פעהיגקייט צו דערקענען מענשען און אריינדרינגען טיף אין זייערע הערצער, האט ער אויסגעשטודירט דעם כאראקטער פון יעדען סאלדאט און פון יעדען זשאנדאר. ער האט אלעם באמערקט, זיך צו אלעם צוגעקוקט און א דאנק דעם האט זיך איהם איינגעגעבען אנצוכאפען דעם שניט, ווי צוצוטרעטען צו יעדען באאמטען באַ־זונדער, צו יעדען סאלדאט באזונדער.

וואס א טאג האט ער אריינגעדרונגען אלץ טיפער און טיפער צו אלעמען אין די הערצער און אזוי האט ער ביסלאכווייז צוטריי־סעלט די גאנצע דיסציפלין צווישען די סאלדאטען און די וועכטער

אין דער „ראַוועלינאַ” און זיי האָבען אויפגעהערט פּאָלגען די העכערע באַאַמטע. ער האָט זיי געעפענט די מוחות, ער האָט אַנט־וויקעלט זייער פאַרשטאַנד און געווירקט אויף זייערע געפיהלען.

אַ דאַנק זיין מערקווירדיגער פעהיגקייט ארויסצורופען ביי מענשען אָפענהערציגקייט און פּשוט אַרויסרייסען ביי זיי דעם אמת, האָט זיך איהם איינגעגעבען צו צוקלעפּען אַלעמען צו זיך און אריינגעמען אַלעמען אין זייטע הענט.

דערצו האָט איהם אַ סך ארויסגעהאָלפען דער פאַקט, וואָס אַלע האָבען געקוקט אויף איהם ווי אויף אַ מענשען, וועלכער איז איינגעהילט אין סודות און געהיימניסען. די סאָלדאַטען, זשאַנ־דאַרען און וועכטער האָבען איהם באַטראַכט ווי אַ מין לעגענדאַרען, אויסערגעוועהנליכען מענשען.

צווישען די פאַרשטיקטע ווענט פון דעם געפענגעניש האָט ער שטילערהייט געאַרבייט אַזוי קלוג און אַזוי קונציג, ביז עס האָט זיך איהם איינגעגעבען צו געווינען אויף זיין זייט פערציג מענשען — סאָלדאַטען און זשאַנדאַרען. ביי זיי האָט ער אויסגעפונען אַלע איינצעלהייטען וועגען דער „ראַוועלינאַ”, וואָס פאַר חדרים עס גע־פינען זיך דאָרט און ווי גרויס זיי זיינען; ער האָט ביי זיי אויך אויסגעפונען, ווי אַזוי די באַאַמטע באַציהען זיך איינער צו דעם אנדערען און ווי אַזוי עס קוקט אויס דער אינזעל, אויף וועלכען די „ראַוועלינאַ” געפינט זיך.

אַזוי האָט ער ביסלאַכווייז אָנגעזאַמעלט די אַלע נויטיגע ידיעות, וואָס ער האָט געדאַרפט האָבען כדי דורכצופיהרען דעם פּלאַן, וואָס ער האָט פאַרטראַכט — זיך באַפרייען פון דער „ראַווע־לינאַ”, וואָס האָט איהם אָפּגעריסען פון דער גאַנצער וועלט.

איהם איז ניט אָנגעקומען אַזוי גרינג די דאָזיגע ידיעות צו־נויפצוקלייבען. דאָס האָט געדויערט יאָהרען.

געוואָלט האָט נעטשאַיעוו, אַז זיין באַפרייאונג פון דער „ראַ־וועלינאַ” זאָל פאַרקומען אויף אַ געהיימניספולען אופן און אין דער זעלבער צייט מערקווירדיג איינדרוקספול. דער פּלאַן זיינער איז געווען אַזאַ:

אַ גרופּע אָפיצערען, אָנגעטאָן אין פּאַראַדנע יוניפאָרמס און באַהאַנגען מיט גאָלדענע און זילבערנע מעדאַלען, זאָלען קומען אין דער „ראַוועלינאַ” און פייערליך מעלדען, אַז דער קיסר אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז אַרונטערגעזעצט פון טראָן און זיין פּלאַץ פאַר־

נעמט שוין זיין זון, און ער, דער נייער קיסר, האָט ארויסגעגעבען א מאניפעסט צו באפרייען נעטשאיעוו'ן.

דאָס איז געווען זעהר כאראקטעריסטיש פאר איהם.

ווען דער „קאָמיטעט" האָט אויפגענומען די פראגע וועגען באפרייען נעטשאיעוו'ן, איז באשלאָסען געוואָרען איבערצוגעבען דעם גאנצען ענין דער מיליטערישער אָרגאניזאציע. דער פיהרער פון די אָפיצערען, וועלכע האָבען געדארפט באפרייען נעטשאיעוו'ן אויף אזא פאראדנעם אופן, האָט געזאָלט זיין סוכאנאָוו. פאר איהם איז די ראָלע געווען צוגעפאסט. ווייל — ווי איך האָב שוין דערצעהלט — איז ער געווען א מענש מיט א שטארקען כאראקטער און האָט געקאָנט ארויסגעבען א באפעהל מיט אזא טאָן, אז מען זאָל איהם פאָלגען אָהן טענות.

דער פלאַן ארויסצופיהרען נעטשאיעוו'ן פון דער „ראוועלינא" אין דער פעטראָפאוולאָווסקער פעסטונג איז אויפגענומען געוואָרען ווינטער. אין אָנפאנג האָט מען געדענקט דאָס גלייך דורכצופיהרען, אבער ווען מיר האָבען גענומען אויסארבייטען די איינצעלהייטען, האָבען מיר געזעהן, אז ס'וועט זיין א סך בעסער צו שיקען די אָפיצערען צום אינזעל אויף שיפלאך איידער אויף שליטענס, ווען דאָס וואסער איז פארפראָרען און באדעקט מיט שנעע. דאָס האָט געהייסען, אז מען דארף דעם פלאַן אָפלעגען אויף זומער.

חוץ דעם, איז געווען נאָך אַן אורזאך, פארוואָס מען האָט דעם פלאַן געמוזט אָפלעגען אויף שפעטער: דער „קאָמיטעט" האָט דאַן געהאלטען אין אויסארבייטען דעם פלאַן, ווי אזוי צו דער'הרג'ענען דעם קיסר. די פריהערדיגע זעקס פארזוכען איהם צו דער'הרג'ענען האָבען זיך ניט איינגעגעבען, און מיר האָבען אפגעמאכט ביי זיך, אז איצט, צום זיבעטען מאָל, מוז זיך דער פארזוך איינגעבען.

אין דעם קלייטעל, וואס איז געשטאנען אויף דער מאלאָ-סאדאָווער גאס, האָט מען דערווייל פארקויפט קעז. בייטאָג איז מען געווען קרעמער, און ביינאכט האָט מען אונטער'ן קלייטעל געגראָבען די ערד.

די גאנצע ארבייט אונטער דער ערד האָבען געטאָן די מיט-גלידער פונ'ם „איספאָלניטעלני קאָמיטעט" און די אגענטען. זיי האָבען פלייסיג געארבייט מיט לאָפעטעס, מיט עגבערס, און די אויסגעגראָבענע ערד האָבען זיי אריינגעלעגט אין די פעסלאך, וואו מען האָט געדארפט האלטען קעז.

אָפּשטעלען די ארבייט אין מיטען דערינען האָט מען ניט גע־קאָנט, ווייל דאָס וואָלט געהייסען — איינשטעלען אין קאָן דעם ערפאָלג פון דער גאַנצער אונטערנעמונג. מען האָט געמוזט אר־בייטען שנעל, מען האָט זיך געמוזט איילען דורכצופיהרען דעם פּלאַן צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר, און ס׳איז פּשוט אונמעגליך געווען צו פאַרנעמען זיך מיט עפּעס אַנדערש.

דאריבער האָט דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" גאַנץ אָפענ־הערציג געלאָזט וויסען נעטשאיעוו׳ן, אז איבער דעם, וואָס מען איז פאַרנומען מיט דעם געפּלאַנטען פּארזוך צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר, קאָן מען זיך איצט ניט אונטערנעמען איהם צו באַפרייען פון דער „ראַוועלינא". דערביי האָט מען איהם צוגעזאָגט, אז באַלד נאָך דעם ווי מען וועט דעם קיסר דער׳הרג׳ענען, וועט מען זיך נעמען דורכפיהרען דעם פּלאַן איהם צו באַפרייען.

און דאָ מוז איך מאַכען אַ פּאָר באַמערקונגען:

אין אייניגע ביכער און זשורנאַלען האָט מען געשריבען, אז דער „קאָמיטעט" האָט געגעבען נעטשאיעוו׳ן די ברירה, ער זאָל אַליין באַשליסען, וואָס מען זאָל פריהער טאָן — דער׳הרג׳ענען דעם קיסר, אָדער איהם, נעטשאיעוו׳ן, באַפרייען פון דער פעסטונג, און אז נעטשאיעוו האָט דאַרויף געענטפערט, אז דאָס ערשטע איז וויכטיגער.

דאָס איז ניט ריכטיג. דער „קאָמיטעט" האָט נעטשאיעוו׳ן ניט געקאָנט געבען אַזאַ ברירה, ווייל ס׳איז פּשוט אוממעגליך געווען אויפצוגעבען די ארבייט, וואָס מען האָט אָנגעהויבען אויף דער מאַלאַ־סאַדאָוואַ גאַס, אינטער׳ן קלייטעל. דער „קאָמיטעט" האָט נעטשאיעוו׳ן פּשוט געלאָזט וויסען, וואו מען האַלט מיט דער ארבייט און ער האָט געענטפערט, אז אויב אַזוי, וועט ער וואַרטען ביז מען וועט פאַרטיג ווערען.

מען האָט אויך דערצעהלט אַ מעשה, אז זשעליאַבאָוו אַליין איז געווען אויף דעם אינזעל פון דער „ראַוועלינא" און אז ס׳האָט זיך איהם איינגעגעבען צו זיין ביי נעטשאיעוו׳ן אונטער׳ן פענסטער.

דאָס איז אויך ניט ריכטיג. זשעליאַבאָוו האָט געהאַט דורכ־צופיהרען צו אַ פאַראַנטוואָרטליכע ראָלע אינ׳ם אָנפאַל אויפ׳ן קיסר, און עס וואָלט פּשוט געווען נאַריש צו נעמען אַזאַ מענשען און איהם שיקען אויף אַזאַ אָרט, וואו ער קאָן לייכט אַריינפאַלען.

מיט דער ארבייט אונטער׳ן קלייטעל אויף דער מאַלאַ־סאַדאָ־

ווער גאַס האָט מען געדאַרפט זיין זעהר פּאָרזיכטיג, יעדער שריט האָט געמוזט זיין אויסגערעכענט, וואָרים די מינע, וואָס מען האָט אונטערגעלעגט האָט דאָך געקאָנט אויפרייסען אַ פּאָר מינוט איידער דער קיסר פאָהרט דאָרטען פאַרביי, אָדער אַ פּאָר מינוט נאָך דעם.

כדי דער קיסר זאָל דאָס מאָל ניט ארוים קיין לעבעדיגער, האָבען מיר באַשלאָסען, אַז איןביידע זייטען פון דער גאַס זאָלען שטעהן פיער מענשען מיט באָמבעס אין די הענט, און אַזוי שנעל ווי זיי וועלען דערזעהן, אַז די מינע האָט ניט אויפגעריסען, זאָלען זיי וואַרפען די באָמבעס, און אויב די באָמבעס וועלען אויך ניט טרעפען, זאָל זשעליאַבאָוו אַליין צולויפען מיט אַ מעסער און עס אריינשטעכען דעם קיסר אין הארצען אריין.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז ביי אַזאַ פּלאַן האָט דער „קאָמיטעט" בשום אופן ניט געקאָנט דערלאָזען, אַז אַזאַ מענש ווי זשעליאַבאָוו זאָל זיך איינשטעלען דאָס לעבען און געהן זעהן נע־טשאַיעוו'ן אין דער „ראַוועלינא".

די פאַרבינדונגען מיט נעטשאַיעוו'ן — ווי איך האָב שוין פריי־הער דערצעהלט — האָבען זיך אָנגעהויבען דורך דובראָווינ'ען. דערנאָך האָט די אַרבייט איבערגענומען איסאַיעוו; דובראָווין האָט איהם צונויפגעפיהרט מיט דעם זשאַנדאַר, וואָס האָט געטראָגען די צעטלאָך. מיט דעם דאָזיגען זשאַנדאַר פלעגט זיך איסאַיעוו טרעפען אין גאַס אויף אַ באַשטימטען פּלאַץ און יענער פלעגט איהם שוין איבערגעבען אַ קליין שטיקעלע פּאַפּיר, אויף וועלכען עס זיינען געווען אויפגעשריבען „קאָטשערעס מיט לאָפּעטעס" — אַ ספּעציעלע שריפט ,וואָס נעטשאַיעוו אַליין האָט אויסגעאַרבייט, כדי זייטיגע מענשען זאָלען דאָס ניט קאָנען לעזען.

אַזוי האָט זיך עס געצויגען ביז'ן ערשטען אַפּריל, ווען מען האָט איסאַיעוו'ן אַרעסטירט אין מיטען גאַס.

דאָס איז געווען פּונקט דאַן, ווען מען האָט אַרעסטירט דעם סטודענט פּאָדביעלסקי, וועלכער האָט אין אוניווערסיטעט אויסגע־פּאַטשט דעם מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג מ. סאַבוראָוו. דאַן זיינען די פאַרבינדונגען מיט נעטשאַיעוו'ן איבערגעריסען געוואָרען. ער האָט אונז פון דער פעסטונג מעהר גאָר ניט געקאָנט צושיקען און מיר איהם אויך ניט.

ביי סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, וועלכע איז אַרעסטירט געוואָרען נאָך פאַר איסאַיעוו'ן (דעם 10טען מערץ), האָט מען אין נאָטיץ־

ביכעלע געפונען אַ פּאָר אַדרעסען פון נייטאָרינס, צו וועמען די זשאַנדאַרען פון דער „ראַוועלינאַ" פלעגען אַריינקומען. די אַדרעסען האָט געגעבען נעטשאַיעוו.

דאָך האָבען די אונטערזוכער פון סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ׳ס פּראָצעס ניט אויסגעפונען קיין זאַך וועגען די פאַרבינדונגען מיט נעטשאַיעוו׳ן, און אַ דאַנק דעם האָט מען זיי שפּעטער ווידער געקאָנט באַנייען, טאַקע דורך דעם זעלבען דובראָווינ׳ען. געפיהרט די פאַרבינדונגען האָט סאַוועלי זלאַטאָפּאָלסקי.

אָבער אין אַ צייט אַרום האָבען מיר נעטשאַיעוו׳ן ווידער פאַרלאָרען פון אויג, און שולדיג אין דעם איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי מירסקי.

אַזוי דערצעהלען די מענשען, וועלכע האָבען נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917 דורכגעקוקט די אַרכיוועז פונ׳ם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט.

די זשאַנדאַרען און סאָלדאַטען, וועלכע זיינען נעטשאַיעוו׳ן געווען איבערגעגעבען מיט לייב און לעבען האָט מען אַרעסטירט. דריי און צוואַנציג פון זיי האָט מען אַוועקגעשיקט אין דיסציפּלינאַרנע־באַטאַליאָנען און מיט די איבעריגע האָט מען זיך אָפּגערעכענט אַנדערש. מיט די איינצעלהייטען פון דעם בין איך ניט אינגאַנצען באַקאַנט, ווייל איך האָב ניט איבערגעקוקט די דאָקומענטען אין די אַרכיוועז פונ׳ם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט.

נאָך איסאַיעוו׳ס אַרעסט האָב איך געמוזט אַוועק פון פּעטערבורג און קיין פרייע בין איך שוין אַהין מעהר ניט געקומען.

נעטשאַיעוו איז אומגעקומען אין דער „ראַוועלינאַ" פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, וואו ער איז אַזוי לאַנג געווען פאַרשפּאַרט, און ביז דער רעוואָלוציע איז זיין טויט געווען איינגעהילט אין אַ געהיימניס; מען האָט ניט געוואוסט ווען ער איז דאָרטען געשטאָרבען און פון וואָס ער איז דאָרטען געשטאָרבען.

אין מאָנאַט סעפּטעמבער, 1881, איז אין דער „ראַוועלינאַ" געשטאָרבען שיראַיעוו. ער איז אַלע מאָל געווען אַ קראַנקער מענש. נאָך איידער מען האָט איהם פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש איז ער געווען קראַנק אויף שווינדזוכט.

מיר וואָלטען וועגען זיין טויט ניט געוואוסט ווען ניט נעטשאַיעוו. ער האָט אונז געלאָזט וויסען די טרויעריגע בשורה.

אין מאָנאַט מערץ, 1882, האָט מען אין דער „ראַוועלינאַ" פאַר־

שפּארט די באַוואוסטע רעוואָלוציאָנערען: מאָראָזאָוו, פראָלענקאָ, אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, קלעטאָטשניקאָוו, באראַניקאָוו, קאָלאָד־קעוויטש, אַראָנטשיק און טריגאָני. זיי אַלע זיינען געווען פאַר־מישט אין דעם „פּראָצעס פון די צוואַנציג", און מיט עטליכע חדשים שפּעטער, אין אָנפאַנג פון 1883, האָט מען אין דער „ראווועלינא" פארשפּארט באָגדאַנאָוויטש'ן, גראַטשעווסקי'ן, זלאַטאָפּאָלסקי'ן און לאַנגאַנס'ן; און פאַר דער גאַנצער צייט וואָס זיי זיינען דאָרטען געזעסען, האָט קיין איינער פון זיי בשום אופן ניט געקאָנט אויס־געפינען, צי נעטשאַיעוו געפינט זיך אויך ערגעץ דאָרט, צי ניין.

שפּעטער האָט מען אַהין געבראַכט נאָך רעוואָלוציאָנערען — פּיליוואַנאָוו'ן, מישקינ'ען, דאָלגאָאושינ'ען, פּאָפּאָוו'ן, יורקאָווסקי'ן און אַנדערע; און וועגען נעטשאַיעוו'ן האָבען זיי דאָרטען אַלץ ניט געקאָנט אויסגעפינען.

אַזוי זיינען זיי געזעסען ביז'ן יאָהר 1884, און דערנאָך האָט מען זיי אַלעמען אריבערגעפיהרט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג— און די גאַנצע צייט האָבען זיי גאָר ניט געקאָנט אויסגעפינען, צי נעטשאַיעוו איז נאָך דאָרטען, צי ער לעבט, אָדער ער איז שוין געשטאָרבען.

מיט יאָהרען צוריק האָט מען דערצעהלט, אַז נאָך אינ'ם יאָהר 1882, גלייך נאָך דעם ווי מען האָט אויסגעפונען, אַז נעטשאַיעוו האָט פאַרבינדונגען מיט דער „פרייער וועלט", האָט מען איהם פון דער „ראַוועלינא" איבערגעפיהרט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג און אויפ'ן וועג האָט מען איהם דערשאָסען, אָנגעבענדיג אַ תירוץ, אַז ער האָט געוואָלט אַנטלויפען. דאָס איז אָבער ניט באַשטעטיגט געוואָרען.

איידער מען האָט די אויבענדערמאָנטע „נאַראָדאָוואָלצעס" אריינגעזעצט אין דער „ראַוועלינא", האָט מען נעטשאַיעוו'ן דאָרטען באַהאַנדעלט מעהר אָדער וועניגער נישקשה, און דאָס עסען וואָס מען האָט איהם געגעבען איז געווען ניט שלעכט. שפּעטער אָבער, ווען ער איז שוין מעהר ניט געווען קיין „בן יחיד", האָט זיך דער רעזשים אינגאַנצען געביטען. די פאַרשפּאַרטע „נאַראָדאָוואָלצעס" האָט מען געגעבען אַזוי וועניג עסען און אַזוי שלעכט, אַז עס איז פּשוט געווען אונמעגליך זיך צו דערהאַלטען ביים לעבען. מען האָט זיי געגעבען אַזוינע עסענס און אַזוי וועניג, אַז אין משך פון איין חודש צייט זיינען זיי געוואָרען אַזוי שוואַך, אַז זיי האָבען

פשוט אויף די פיס ניט געקאָנט איינשטעהן, און ווען זיי האָבען געדאַרפט מאַכען אַ פּאָר טריט, האָבען זיי זיך געמוזט אָנהאַלטען ביי די ווענט. אַלע זיינען דאָרט געוואָרען קראַנק; די ציין זיינען ביי זיי געוואָרען לויז, דאָס בלוט איז זיי געגאַנגען פון׳ם מויל און פון דער נאָז, און ווען זיי האָבען זיך באַקלאָגט פאַר׳ן דאָקטאָר, אַז זיי שטאַרבען פאַר הונגער, האָט ער זיי געענטפערט, אַז ליידער, קאָן ער זיי ניט העלפען, אַלעס ווענדט זיך אָן דער אַדמיניסטראַציע. דאָס איינציגע, וואָס ער האָט פאַר זיי געקאָנט טאָן איז — געבען אַ פלאַש מיט אַזאַ רעצעפּט, וואָס האַלט אויף די כוחות; ביים עסען פלעגט דער זשאַנדאַר געבען יעדען איינעם אַ ביסעל אין אַ לעפעלע.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָט נעטשאַיעוו געמוזט געהן פון דער וועלט. עס איז גאָר ניט נויטיג געווען צו באַנוצען געוועהר איהם צו דער׳הרג׳ענען. און ווירקליך, ווי עס איז דערנאָך פעסט-געשטעלט געוואָרען, איז ער געשטאָרבען אין דער „ראַוועלינאַ״ דעם 21טען נאָוועמבער, אינ׳ם יאָהר 1882. די רעוואָלוציאָנערען, וואָס זיינען געווען פאַרשפאַרט אין דער זעלבער פעסטונג, האָבען דאָס ניט געוואוסט, ווייל מען האָט איהם די גאַנצע צייט געהאַלטען ווייט און אָפּגעזונדערט פון אַלעמען.

אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג שטעלט נעטשאַיעוו פאָר מיט זיך איינע פון די מערקווירדיגסטע, זעלטענסטע פערזענליכ-קייטען. דאָס איז געווען אַ מענש, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט.

ווי שווער עס זאָל ניט זיין דער איינדרוק פון דעם, ווי ער האָט דער׳הרג׳עט דעם יונגען סטודענט איוואַנאָוו און וואָס מען זאָל ניט דענקען וועגען זיין כלל, אַז „דער ציעל הייליגט די מיטלען״, אַז מען מעג טאָן אַלעס אין דער וועלט, אַבי צו גרייכען דעם ציעל; איין זאַך מוז מען אָבער צוגעבען — דאָס איז געווען אַ מענש מיט אַ מערקווירדיג שטאַרקען כאַראַקטער.

דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבען, אַז ער איז געווען אַן אויפ-ריכטיגער און אַן אָרענטליכער מענש; ער האָט זיך קיינמאָל ניט געיאָגט נאָך קיין כבוד און זיין איבערגעבענקייט צו דער רעוואָלו-ציאָנערער באַוועגונג האָט גאָר קיין ברעג ניט געהאַט.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס נעטשאַיעוו האָט ניט פאַרמאָגט קיין גאָר הויכע גייסטיגע איינענשאַפטען, איז אין איהם געלעגען

אזא כח, וואָס באַצויבערט אַלעמען, וואָס צווינגט אַלעמען צו טאָן דאָס, וואָס ער הייסט. אַזאַ כישוף איז געלעגען אין זיין פער־זענליכקייט.

די „ראַוועלינצעס", די קאַלדאַטען, וועלכע זיינען פאַרשיקט געוואָרען קיין סיביר דערפאַר, וואָס זיי זיינען געווען געטריי נעטשאַיעוו'ן, האָבען זיך דערנאָך געטראָפען מיט אַ סך פּאָליטישע פאַרשיקטע פון דער אינטעליגענץ, אָרעכאָוו, דעמענטיעוו, פּעטראָוו און טערענטעוו וואָס זיינען געווען אין אירקוטסקער געגענד אין דער זעלבער צייט וואָס באַרעישאָ און די סאַזשינס זיינען דאָרט געווען. דער „ראַוועלינעץ" טאָנימשעוו, דער אויפגעקלערטסטער פון זיי אַלע, וועלכער האָט זיך שפּעטער געשאָסען, איז אויך געווען דאָרטען, אויפ'ן וועג פון יאַקוטסקער געגענד, און ווישניאַקאָוו איז אין סיביר געווען באַפריינדעט מיט דער ברעשקאָווסקאַיאַ, און קיין איינער פון זיי האָט קיין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט אויף נעשטאַיעוו'ן. אפילו די פּשוט'סטע צווישען זיי האָבען ניט געהאַט קיין טענות, פאַרוואָס זייער לעבען איז צובראָכען געוואָרען איבער איהם; פאַרקערט, זיי האָבען אַלע גערעדט וועגען איהם מיט דער גרעסטער באַגייס־טערונג. און ניט נאָר באַגייסטערונג, נאָר עהרעפורכט; מען האָט איינפאַך געזעהן, ווי די מענשען האָבען איהם אי ליב געהאַט, אי מורא געהאַט פאַר איהם.

אויף ווי ווייט זיין איינפלוס איז געווען גרויס אויף די סאָל־דאַטען פון דער „ראַוועלינאַ", קאָן מען האָבען אַ באַגריף פון די ווערטער, וואָס איינער פון זיי האָט געזאָגט.

„אַנו, פּרואָוו און פאָלג ניט ווען ער הייסט! ער שטעלט זיך אַוועק און קוקט אויף דיר אַזוי מיט די אויגען. מעהר גאָר ניט. ער קוקט בלויז, אָבער די בליקען נעמען דיך אַזוי דורך און דורך, אַז עס געהט אַזש אַריבער אַ סקרוך איבער'ן לייב"...

און דער זעלבער איינפלוס זיינער האָט זיך אויך אַרויסגע־וויזען אין געריכט, ביים פּראָצעס.

אין דער צייט פון זיין פּראָצעס האָט זיך צווישען עולם אַרומ־געטראָגען אַ קלאַנג, אַז די סאָלדאַטען און אונטער־אָפיציערען, וועלכע זיינען אַרויסגערופען געוואָרען אַלס עדות, האָבען וועגען נעטשאַ־יעוו'ן גערעדט ווי מענשען, וועלכע געפינען זיך אונטער'ן איינפלוס פון אַ באַזונדער מין מורא. און דאָס איז ניט געווען איבערטריבען;

איהם האָט מען ניט נאָר ליב געהאַט, נאָר מען האָט אויך מורא געהאַט פאַר איהם.

אגב, ווען די סאָלדאַטען, זשאַנדאַרען און אונטער־אָפיצערען פלעגען ריידען פון איהם, האָבען זיי קיינמאָל ניט אָנגערופען זיין נאָמען, אָדער זיין פאַמיליען־נאָמען, נאָר — „ע ר״.

און ניט נאָר דאַן ווען זיי זיינען געווען לעבען איהם איז זייער באַציהונג געווען אַזאַ; אויך אין סיביר האָבען די פאַרשיקטע „ראַוועלינצעס״ גערעדט וועגען איהם ווי וועגען אַ מענשען, וועלכער האָט אינגאַנצען געוואונען זייערע נשמות, זייערע הערצער.

מיט זיין פערזענליכקייט האָט ער זיי באַצויבערט ניט נאָר אויף אַ ווײַלע, נאָר אויף אייביג. און קיין זאַך האָט ביי זיי דעם צויבער ניט געקאָנט אַוועקנעמען.

ווי מען האָט אַרעסטירט קלעטאָטשניקאָוו'ן.

דעם 26טען יאַנואַר האָט מען אַרעסטירט קלעטאָטשניקאָוו'ן און אויך באַראַניקאָוו'ן, איינעם פון אונזערע בעסטע חברים, וועלכער איז ביי אַלעמען געווען זעהר באַליבט.

קלעטאַטשניקאָוו'ן האָט מען אַרעסטירט ביי באַראַניקאָוו'ן אויף דער קוואַרטיר, און דאָס איז פאַר אונז געווען זעהר אַ גרויסער קלאַפּ, איינער פון די גרעסטע שאָדענס, וואָס מיר האָבען געהאַט, ווייל קלעטאָטשניקאָוו איז ביי אונז געווען דער מענש, וואָס האָט אָפּגעהיט די גאַנצקייט און זיכערקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. גאַנצע צוויי יאָהר צייט האָט ער אונז אויסגעהיט פון די קלעפּ, וואָס די רעגירונג האָט זיך פאַרמאָסטען אונז צו געבען, און פונקט ווי אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו איז געווען די וואַך פון דער אָרגאַניזאַציע אינוועניג, אַזוי איז קלעטאָטשניקאָוו געווען די וואַך פון דער אָרגאַניזאַציע אין דרויסען.

דערפאַר האָבען מיר איהם טאַקע אָפּגעהיט ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון אויג. מיר האָבען שטענדיג געציטערט איבער איהם, און יעדער שפּאַן וואָס ער האָט געטאָן, האָבען מיר געוואויגען און געמאָסטען, ווייל אונז איז פשוט געגאַנגען אין לעבען, אַז ער זאָל ניט אַריינפאַלען.

מיר זיינען געווען אַזוי פאַרזיכטיג, אַז די פּאָליציי זאָל ניט פאַלען אויף זיין שפּור, אַז מיר אַליין, די אומלעגאַלע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע, זיינען כמעט קיינמאָל ניט געקומען מיט

איהם אין דירעקטער, נאָהענטער פאַרבינדונג. ווען מען האָט ביי איהם געדאַרפט עפּעס אַרויסקריגען, אָדער ווען מען האָט איהם געדאַרפט עפּעס איבערגעבען, האָט מען ג׳.שיקט אַזאַ מענשען, אויף וועלכען עס האָט קיין חשד ניט געקאָנט פאַלען, און דאָס איז געווען נאַטאַליאַ ניקאָלאַיעוונאַ אָלאָווניקאָווא, די שוועסטער פון מאַריאַ ניקאָלאַיעוונאַ אשאַנינאַ. זי האָט מען אין קיין זאַך ניט געקאָנ׳ט פאַרדעכטיגען, ווייל זי האָט מיט דער רעוואָלוצ׳אָנערער באַוועגונג כמעט ניט געהאַט וואָס צו טאָן.



קלעטאָטשניקאָוו.

בלויז צו איהר אהיים פלעגט קלעטאָטשניקאָוו קומען, ווען ער האָט אונז געדאַרפט איבערגעבען נויטיגע ידיעות, וואָס זיינען אונזער אָרגאַניזאַציע זעהר שטאַרק צונוץ געקומען; ער האָט גע־וואוסט וואו און ביי וועמען די פּאָליציי קלייבט זיך צו מאַכען אַן

אָביסק, וועמען מען וויל ארעסטירען, וועמען מען זוכט, וועמען מען האלט אויפ'ן אויג און ווער עס איז א שפּיאָן. ער האָט געוואוסט אלעס, וואָס די פּאָליציי האָט אין זינען צו טאָן, ווייל ער אליין האָט געארבייט אין פּאָליציי־דעפּארטאמענט; אלעס איז דאָרטען דורכ־געגאנגען דורך זיינע הענט, און עס איז דאָרטען גאָר קיינעם ניט איינגעפאלען דער געדאנק, אז ער איז אונזערער אן אגענט און ארבייט אין פּאָליציי־דעפּארטאמענט, כדי אויסצוגעפינען אלע סודות און באציייטענס לאָזען וויסען וועגען דעם אין דער אָרגאניזאציע.

נאָך ער היום ווייס איך ניט, ווי עס איז געקומען דערצו, וואָס קלעטאָטשניקאָוו האָט אויפגעהערט אריינקומען אין דער לעגאלער קווארטיר פון נאטאליא אָלאָווניקאָווא און גאָר אָנגעהויבען בא־זוכען די קווארטיר פון מ. באראניקאָוו, וועלכער האָט זיך באטיי־ליגט אין די געפעהרליכסטע רעוואָלוציאָנערע ארבייטען וואָס די פּארטיי האָט געטאָן.

איך קאָן דאָס ניט פארשטעהן. נאָך איצט לעגט זיך מיר דאָס ניט אויפ'ן שכל, פארוואָס מען האָט זיך אזוי באנארישט. וואָרים ווי האָט מען דאָס געקאָנט דערלאָזען, ווען אלע האָבען גוט גע־וואוסט, אז קלעטאָטשניקאָוו איז זעהר א קורצזיכטיגער, און ער קאָן ניט דערזעהן די ספּעציעלע סימנים וואָס מיר מאכען אויף די קווארטירען, וואו מען דארף קיין מורא ניט האָבען פאר קיין געפאהר!

טאקע דערפאר, וואָס ער איז געווען זעהר קורצזיכטיג, האָט ער ניט באמערקט, אז אויף באראניקאָוו'ס קווארטיר איז שוין דער סימן ניטאָ, און עס איז דאריבער א געפאהר אהין אריינצוגעהן. ווען ער וואָלט דאָס יאָ באמערקט, וואָלט ער ניט געווען אריינגעפאלען.

ער איז אָבער יאָ אריינגעפאלען. און נאָך דעם פּראָצעס פון די צוואנציג „נאראָדאָוואָלצעס" האָט מען איהם פארשפּארט אין דער „ראוועלינא" פון דער פּעטראָפּאוולאָווסקער פעסטונג און דאָרט האָט מען איהם אזוי לאנג געפּייניגט, ביז ער איז געשטאָרבען.

אין פּאָליציי־דעפּארטאמענט, וואו קלעטאָטשניקאָוו איז גע־ווען אן אָנגעשטעלטער, האָט ער געשפּילט זעהר א גרויסע ראָלע און האָט פארנומען זעהר אן אָנגעזעהענעם פּאָסטען; ער איז געווען דער הויפּט פון דער בארימטער „דריטער אָפּטיילונג", און עס איז מערקווירדיג אינטערעסאנט, ווי אזוי ער, אזא אָנגעזעהענער טוער אין דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, זאָל זיך קאָנען צו־

שלאָגען צו אזא פּאָסטען אין פּאָליציי־דעפּארטאמענט און דאָרטען אַלעמען אָפּנארען.

איך וועל דאָ דאָריבער דערצעהלען די איינצעלהייטען וועגען דעם:

ווען קלעטאָטשניקאָוו איז געקומען פון קרים קיין פּעטערבורג, האָט ער זיך געווענדעט צום „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" מיט א בקשה, אז מען זאָל איהם געבען עפּעס אַן ארבייט; ער איז גרייט, האָט ער געזאָגט, צו טאָן פאר דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אַלעס וואָס מען וועט איהם הייסען.

אזוי ווי ער איז געווען א נייער און מען האָט נאָך פאר איהם קיין באשטימטע ארבייט ניט געהאַט, האָט ער זיך א שטיקעל צייט געמוזט ארומדרעהען ליידיג. געוואוינט האָט ער דאַן אין א קליין צימערעל ביי איינער אַן אַקושערין, מיט'ן נאָמען קוטוזאָווא. און אזוי ווי ער איז געווען זעהר א קלוגער מענש, האָט ער זיך גלייך געכאַפּט, אז זי, די בעל־הבית'טע זיינע, איז א געהיימע אגענטין פונ'ם פּאָליציי־דעפּארטאמענט.

איינמאָל האָט זי זיך פאר איהם געקלאָגט, אז ס'איז איהר אומעטיג, און דערביי האָט זי איהם געבעטען, אז ער זאָל אריינקומען צו איהר שפּילען אין קאָרטען. איז ער אריינגעקומען און געשפּילט אין קאָרטען מיט איהר. אזוי איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל, ביז זי איז מיט איהם געוואָרען היימיש, און דאַן האָט זי איהם בּיסלאַכווייז אויסגעזאָגט דעם סוד, אז זי איז א שפּיאָנקע און ארבייט פאר דער „אָכראַנקע".

— און איהר טוט גאָרניט? — מאַכט זי אזוי איינמאָל צו איהם.

— יאָ, גאָרניט, — האָט קלעטאָטשניקאָוו געענטפערט. — איך געה ארום ליידיג און איך זוך ארבייט.

— אויב אזוי, — האָט זי איהם געגעבען אַן עצה, — וואָלט איך אייך געראַטען צו טאָן דאָס זעלבע וואָס איך... איך וועל דאָרטען זאָגען א גוט וואָרט פאר אייך...

אליין באשליסען צו טאָן אזא זאַך האָט קלעטאָטשניקאָוו ניט געוואָלט. האָט ער וועגען דעם איבערגערעדט מיט אלעקסאנדער מיכאילאָוו, און יענער האָט דאָס פאָרגעבראַכט פאר'ן „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", און עס איז באשלאָסען געוואָרען זיך צו באנוצען

מיט דער געלעגענהייט און האָבען אַן אייגענעם מענשען אין דער „דריטער אָפּטיילונג" פונ'ם פּאָליציי־דעפּארטאַמענט.

כדי ער זאָל גאָר שטאַרק נושא חן זיין ביי דער מאַדאַם קוטו־זאָווא, האָט ער אומיסטען עטליכע מאָל פארשפּילט צו איהר אַ ביסעל געלט אין קאָרטען; ביי איהר איז דאָס געווען שטאַרק אָנ־געלעגט. זי איז מיט איהם געוואָרען גוט באַפריינדעט, און דאַן האָט זי פאַר איהם געזאָגט אַ גוט וואָרט, און ער איז אַריין אין



ניקאָלאַי קיבאַלטשיטש.

דער „דריטער אָפּטיילונג", וואו ער איז שפּעטער געוואָרען דער הויפּט־מאַכער.

זיין ארבייט אַלס „געהיימער אַגענט" איז אונז שטאַרק צונוץ געקומען. אין איהם האָבען מיר געהאַט אַן אייגענעם מענשען אינ'ם סאַמע גיהנום, וואו די מלאכי חבלה האָבען פאַר אונז צוגעגרייט די שרעקליכסטע פארפאָלגונגען, און אַ דאַנק דעם האָט ער געהאַט די מעגליכקייט אונז צו לאָזען וויסען באַצייטענס ווען און וואו מען קלייבט זיך מאַכען אַן אָביסק.

אזוי האָט ער אונז אין 1879, אָסיען־צייט, באַצייטענס אָנגע־

זאָגט וועגען די מאסען־אָביסקען, וואָס מען קלייבט זיך מאכען ביי אונזערע חברים. אין די ידיעות, וואָס ער האָט אונז דאמאָלט צו־געשיקט, איז אויך געווען די מעלדונג, אַז מען קלייבט זיך מאכען אַן אָביסק ביי דעם אדוואָקאַט באַרדאָווסקי, וועלכער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכענט אַלס פאַרטיידיגער פון פּאָליטישע אַרעס־טירטע. איך בין דאַן צוויי מאָל געגאַנגען צו איהם אהיים, ער זאָל זעהן באַהאַלטען די אַלע טרפה זאכען, אָבער איך האָב איהם ביידע



טימאָפעי מיכאַילאָוו.

מאָל ניט געטראָפען. אויף דער נאכט איז ער געווען אין טעאַטער, און אהין האָב איך ניט געקאָנט אריינקומען. ערשט שפּעט ביי־נאכט איז ער געקומען אהיים, און דאַן האָבען זיך די זשאַנדאַרען אריינגעריסען צו איהם אין הויז. דאָרטען האָבען זיי געפונען אַ גאַנצען פּאַק מיט נומערען פון דער אומלעגאַלער צייטונג „נאַראָד־נאַיאַ וואָליאַ", און איבער דעם האָט מען באַרדאָווסקי'ן אַרעסטירט צוזאַמען מיט זיין שכן.

די צוויי אַרעסטירטע האָט מען פאַרשפּאַרט אין טורמע, און

אזוי ווי באַרדאָווסקי איז געווען זעהר אַ נערוועזער מענש, האָט ער זיך צופּיל געשראָקען, און דאָס האָט אויף איהם אַזוי געווירקט, אַז ער איז אַרונטער פון זינען.

אין טורמע האָט מען איהם לאַנג ניט געהאַלטען, אָבער די באפרייאונג האָט איהם שוין ניט געהאָלפען; ער איז געבליבען געריהרט פון זינען ביז'ן לעצטען טאָג פון זיין לעבען; עס איז שוין אוממעגליך געווען איהם אויסצוהיילען.

אויך באַרדאָווסקי'ס אַ ברודער האָט אַוועקגעגעבען זיין לעבען פאַר דער רעוואָלוציע. ער איז געווען אַ ריכטער אין פוילען, און אינ'ם יאָהר 1884 האָט מען איהם אין וואַרשאַ פאַר'משפט צום טויט פאַר זיין טעטיגקייט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

### אַ באַראַטונג.

אין די ערשטע טעג פון פעברואר האָט דער „איספאָלניטעלני קאָמיטעט" צונויפגערופען אַלע מיטגלידער אויף אַ ספּעציעלער באַראַטונג צו באַשפּרעכען די פראַגע, צי עס איז מעגליך אָדער אוממעגליך צו מאַכען אַ באוואפענטען אויפשטאַנד אין דער זעלבער צייט ווען עס וועט געמאַכט ווערען דער פארזוך צו דער'הרג'ענען דעם קיסר.

די מאָסקווער מיטגלידער פונ'ם „קאָמיטעט", ווי אויך די אַנדערע מיטגלידער אין די פּראָווינץ־שטעדט, וואו עס זיינען געווען גרופּעס פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", האָבען געדאַרפט אָפּגעבען אַ באַריכט וועגען זייער טעטיגקייט און זאָגען, צי עס איז מעגליך אין דעם איצטיגען מאָמענט אַרויסצורופען אַ באוואפענטען אויפשטאַנד; צי די פּאַרטיי האָט גענוג כוחות דאַרויף און צי זי קאָן זיך פאַרלאָזען אויף דער שטיצע פון די, וואָס סימפּאַטיזירען מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

די באַראַטונג איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען, און די מיינונג פון די מיטגלידער איז געווען, אַז איצט קאָן מען נאָך קיין באוואפענטען אויפשטאַנד ניט מאַכען, ווייל די פּאַרטיי אַליין האָט נאָך ווייניג כוחות, און אויף דער הילף פון די וואָס סימפּאַטיזירען בלויז מיט דער באַוועגונג, קאָן מען זיך ווייניג פאַרלאָזען; קיין גוטס וועט דאָס ניט ברענגען; עס וועט זיין פּונקט דאָס זעלבע, וואָס ביי דער גרויסער פּאָליטישער דעמאָנסטראַציע אויפ'ן קאַזאַנסקי פּלאַטשאַד

אין 1876, דאָס הייסט, מען וועט בלויז דער׳הרג׳ענען און צר־
ממית׳ן אַ סך מענשען און גאָרניט אויפטאָן דערמיט.

ווילענדיג ניט ווילענדיג האָט מען געמוזט אויפגעבען דעם
געדאנק וועגען אַ באוואפענטען אויפשטאנד. בלויז אויף דער מילי־
טערישער אָרגאַניזאציע פון די רעוואָלוציאָנערע אָפיצערען האָט מען
ארויפגעלעגט אַ פליכט, אַז אויב דער „קאָמיטעט” וועט ארויסגעבען
אַ באַפעהל, זאָלען זיי ארויס אין גאַס מיט געוועהר אין האַנט;
אויף די ציווילע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאציע האָט מען אזא
פליכט ניט ארויפגעלעגט.

די זיצונגען פון דער בעראטונג זיינען אָפּגעהאלטען געוואָרען
ביי מיר אויף דער קוואַרטיר, לעבען דער וואָזנעסענסקער בריק. כדי
די פּאָליציי זאָל גאָרניט חושד זיין, האָט מען זיך ביי מיר פאר־
זאַמעלט ניט יעדען טאָג, נאָר אַ טאָג איבער אַ טאָג. און ניט אַלע
מיט אַמאָל, נאָר צו ביסלאַך.

אַלעס האָט געמוזט געטאָן ווערען זעהר פּאָרזיכטיג. יעדער
טראָט האָט געדארפט זיין געוואויגען און געמאָסטען.

אונזערע כוחות איבער׳ן גאַנצען לאַנד זיינען געווען צוואוואר־
פען. מיט קיין גרויסע צאָהל מיטגלידער האָבען מיר זיך ניט גע־
קאָנט באַריהמען, קיין באוואפענטען אויפשטאַנד האָבען מיר נאָך
ניט געקאָנט מאַכען. אָבער די פראַגע וועגען דעם האָבען מיר אויפ־
גענומען און ארומגערעדט, און דאָס אַליין איז שוין געווען וויכטיג.
וואָרים אינגאַנצען אָפּשטאַרבען האָט שוין דער געדאַנק ניט גע־
קאָנט, און עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז ווען די דעלעגאַטען
זיינען זיך צופאָהרען אהיים, האָט יעדער איינער אַ סך געטראַכט
וועגען דעם, און ווען מען טראַכט וועגען אַ זאַך, דערטראַכט מען זיך.

## צוועלפטער קאפיטעל.

### די פעברואַרי־טעג.



עם 14טען פעברואר איז דער קיסר געפאָהרען אויף א מיליטערישען פאראד, וואָס איז פאָרגעקומען אויף דעם מיכאילאָווסקי פּלאַטשאד, און דאָס מאָל איז ער דוקא געפאָהרען דורך דער מאַלאָ־סאדאָווער גאַס, וואו באַגדאנאָוויטש און די יאַקימאָווא האָבען פאר־קויפט קעז אין קלייטעל. די גאַס איז שוין דאמאָלט געוועזן אונטערגעגראָבען, אָבער די מינע איז נאָך ניט געוועזן אונ־טערגעלעגט.

ווען מיר האָבען זיך דאָס דערוואוסט, האָט אונז שטארק פאר־דראָסען, פארוואָס מען האָט זיך ניט צוגעאיילט מיט דער ארבייט. פארלירען אזא געלעגענהייט איז ניט קיין קלייניגקייט, ווארים ניט אלע מאָל פאָהרט דער קיסר צו א פאראד דוקא דורך דער מאלאָ־סאדאָווער גאַס, און ווער וויים ווען ער קאָן דאָרטען נאָך אמאָל דורכפאָהרען!

מיר האָבען זיך אלע שטארק געערגערט און דאריבער האָבען מיר גלייך צונויפגערופען א בעראטונג פון אלע מיטגלידער פונ׳ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" און אויף דער בעראטונג איז באשלאָ־סען געוואָרען, אז ביז׳ן ערשטען מארטש זאָל די גאנצע ארבייט שוין זיין פארטיג; די מינע זאָל זיין אונטערגעלעגט און אלע אויפרייס־מאטעריאלען זאָלען זיין גרייט.

דער פּלאַן אונזערער צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר איז באשטא־נען פון דריי טיילען. ערשטענס, אויפרייסען די גאַס מיט א מינע, וואָס מען וועט אוועקלעגען אונטער דער ע״ד, פון דעם קלייטעל, וואו מען פארקויפט קעז. וועגען דעם האָבען געוואוסט בלויז די מיטגלידער פונ׳ם „קאָמיטעט"; צווייטענס, אויב די מינע וועט אויפרייסען איידער דער קיסר וועט דאָרטען דורכפאָהרען, אָדער ערשט נאָכדעם, זאָל מען פון ביידע זייטען פ׳ן גאַס אוועקשטעלען פיער מענשען מיט באָמבעס און אזוי שנעל ווי זיי וועלען דערזעהן

דעם קיסר׳ם קארעטע, זאָלען זיי גלייך נעמען ווארפען די באָמבעס אויף איהם. די פיער מענשען זיינען געווען די רעוואָלוציאָנערען: ריסאַקאָוו, גרינעוויצקי, טימאָפעי מיכאילאָוו און יעמליאַנאָוו; דריטענס, אויב די באָמבעס וועלען אויך ניט טרעפען דעם קיסר, זאָל זשעליאבאָוו אליין צולויפען און איהם ארייגשטעכען א מעסער אין הארצען אריין.

וואָס אמאָל זיינען מיר געוואָרען נערוועזער און אומגעדולדי־גער; מיר האָבען געוואָלט, אז עס זאָל שוין וואָס גיכער אוועק די צייט און מיר זאָלען איין מאָל פאר אלע מאָל דער׳הרג׳ענען דעם קיסר.

און דאָ רוקט זיך די צייט אזוי פּאַמעלאַך, אז עס איז א שרעק. שוין דריי חדשים זיגט מען פארקויפט קעז אין קלייטעל און — גאָרניט.

צו באַנדראַנאָוויטש׳ן און צו דער יאקימאָווא האָבען מיר קיין טענות ניט געקאָנט האָבען. פארקערט, זיי האָבען זיך ביידע זעהר גוט געפּאַסט צו דער ארבייט וואָס מען האָט פאר זיי באַשטימט. א קוק טאָן אויף באַנדראַנאָוויטש׳ן ווי ער פארקויפט קעז אין קליי־טעל, האָט מען געקאָנט מיינען, אז ער איז א געבאָרענער רוסישער קרעמער; די באָרד איז ביי איהם געווען א רויטע, א קיילעכדיגע, דאָס פּנים — ברייט און געלבלאַך, פּונקט ווי א מעשענער סאַמאָ־וואר, און דערצו האָט ער נאָך געהאַט די מעלה, וואָס ער האָט אויסגעצייכענט גוט געקענט די אלע רוסישע פאָלקס־ווערטלאַך, און ווען ער האָט גערעדט מיט א קונה אין קלייטעל, האָט ער אין קעשענע קיין ווערטער ניט געדאַרפט זוכען; זיי האָבען פון זיין מויל געשטראָמט ווי פון א קוואל — אזא ווערטעל, אזא וויצעל, און אלץ אזוי פּאָלקסטימליך און עכט רוסיש.

אויך די יאקימאָווא האָט זיך געפּאַסט צו דער ראָלע, וואָס מען האָט פאר איהר באַשטימט. חוץ דעם וואָס זי האָט אויסגע־זעהן ווי אַן אמת׳ע „קאַצאַפּקע", א קרעמערקע און איז געווען אזוי צוגעלאָזען צו יעדען איינעם, האָט זי נאָך גערעדט רוסיש מיט אַן אמת׳ן וויאַטקער אַקצענט און יעדער וואָרט איז ביי איהר ארויס־געקומען אזוי קיילעכדיג, גלייך ווי איין „אָ" נאָך דער אַנדערער וואָלט זיך ביי איהר אין מויל געקייקעלט.

ער איז געווען א גוטער קרעמער און זי איז געווען א גוטע קרעמערקע; אָבער קיין געלט האָבען זיי ניט געלעזט, קיין סך

קעז האָבען זיי ניט פאַרקויפט, און די אַנדערע קרעמער, וועלכע האָבען אויך געהאַלטען קלייטלאַך צו פאַרקויפען מילכיגס אין יענעם געגענד, האָבען גלייך געזעהן, אַז זיי האָבען ניט וואָס מורא צו האָבען פאַר די נייע קרעמער, ווייל קיין גאָר שטאַרקע קאָנקורענטען קאָנען זיי ניט זיין. און צו די אַלע צרות האָט נאָך אויסגעפעלט געלט צו קויפען קעז און די פעסלאַך זיינען געשטאַנען ליידיג.

איהר קאָנט זיך פאָרשטעלען, ווי וועניג געלט מיר האָבען געהאַט אויף דורכצופיהרען אַזאַ גרויסע זאַך ווי דער'הרג'ענען דעם קיסר, אַז ווען איך האָב, קוים מיט צרות, געקראָגען דריי הונדערט רובעל אויף צו קויפען קעז פאַר'ן קלייטעל, איז דאָס באַטראַכט געוואָרען אַלס אַ גליק.

די ליידיגקייט און פוסטקייט אין קלייטעל האָט זיך אָבער ניט געוואָרפען צו שטאַרק אין די אויגען. אין דעם האָב איך זיך אַליין איבערצייגט, ווען איך בין איינמאָל געקומען אַהין כלומר'שט אַלס אַ קונה, און אין דער אמת'ן האָב איך גאָר באַדאַרפט איבערגעבען באָגדאַנאָוויטש'ן, אַז מען שפּיאָנירט דאָס קלייטעל און אַז סוכאַנאָוו האָט איינמאָל באַמערקט, ווי אַ שפּיאָן געהט איהם נאָך ביז צום קלייטעל און ווען ער וואָלט ניט געכאַפּט קיין קאַרעטע און אַנטלאָפען, וואָלט ער זיכער אַריינגעפאַלען.

די פּאָליצעס אין קלייטעל האָט מען אויסגעשטעלט אַזוי, אַז עס זאָל אויסקוקען פיין און לייטיש. אָבער דאָס איז געווען בלויז לפנים. די פעסלאַך, וואו עס האָט געדאַרפט זיין קעז, האָט מען גאָר אָנגעפילט מיט דער ערד, וואָס מען האָט אויסגעגראָבען אונטער'ן קלייטעל אַוועקצולעגען די מינע צו דער'הרג'ענען דעם קיסר. און די צייט האָט זיך געצויגען אַזוי פּאַמעלאַך, אַזוי לאַנג, אַז מען האָט געדאַרפט זיין שטאַרקער פון אייזען ניט צו פאַרלירען דעם געדולד.

אונז האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, אַז אָט־אָט שטויסט מען זיך אָן, וואָס פאַר אַ קלייטעל דאָס איז; מיר האָבען געוואוסט, אַז די פּאָליציי שפּיאָנירט נאָך איינינע „קאָמיטעט"־מיטגלידער, וועלכע אַרבייטען ביינאַכט, גראָבענדיג די ערד אונטער'ן קלייטעל, און ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזען, האָט מען טאַקע געשפּיאָנירט נאָך טריגאָני'ן, וועלכער האָט צופעליגערווייזע געדונגען אַ צימער ביי אַ מענשען, וועלכער איז גראַד געווען פאַרבונדען מיט'ן פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט.

דעם 27טען פעברואר, אין אָוונט, האָט זיך די פּאָליציי אַריינ־געריסען צו טריגאָני'ן אין צימער און גראָד דאַן איז זשעליאַבאָוו אויך געווען דאָרט.

די פּאָליציי האָט ארעסטירט ביידען — אי טריגאָני'ן, אי זשע־ליאַבאָוו'ן, און ווען מיר האָבען זיך דאָס דערוואוסט, האָבען מיר זיך אַלע געפיהלט ווי פון אַ דונער געטראָפען.

די טרויעריגע בשורה האָט אונז אָנגעזאָגט סוכאַנאָוו אויף מאָרגען אין דער פריה; ער איז ספּעציעל געקומען צו מיר אויף דער קוואַרטיר דערצעהלען, אַז טריגאָני און זשעליאַבאָוו זיינען אַרעסטירט.

אין דער זעלבער צייט האָבען זיך אין שטאָדט ארומגעטראָגען קלאַנגען, אַז די פּאָליציי איז אויפ'ן שפּור פון זעהר אַ וויכטיגער פאַרשווערונג, וואָס ווערט געמאַכט אין אַ געוויסען געגענד פון שטאָדט, און דערביי האָט מען דערמאָנט דעם געגענד, וואו עס האָט זיך געפונען דאָס קלייטעל פון קעז. מען האָט אויך דערצעהלט, אַז איינער האָט געהערט, ווי דער „דוואָרניק" פון דעם הויז וואו דאָס קלייטעל איז געשטאַנען, האָט גערעדט מיט אַ פּאָליציעיסקען וועגען עפּעס אַן אָביסק, וואָס דאַרף געמאַכט ווערען, און חוץ דעם האָט קאָבאָזעוו (באָגדאַנאָוויטש) אַליין דערצעהלט, אַז עפּעס אַ מענש, וואָס האָט זיך אָנגעגעבען אַלס אַ פאָרשטעהער פון אַ סאַניטאַרער קאָמיסיע, איז געקומען מאַכען אַן אונטערזוכונג ביי איהם אין קלייטעל.

אַלעס איז געהאַנגען אויף אַ האָר. עס האָט גאָר ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט געקאָנט זיין, אַז די אונטערזוכונג האָט געמאַכט אַ מענש פונ'ם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, ווייל מען האָט זיך שוין אָנגעהויבען אָנצושטויסען, אַז מיט דעם קלייטעל איז עפּעס ניט גלאַטיג.

אַ פּריסטאַוו האָט אויך געמאַכט אַ וויזיט ביי באָגדאַנאָוויטש'ן אין קלייטעל, אָבער, צום גליק, איז ער געווען פון דעם סאָרט פּריסטאַווס, וואָס לאָזען זיך פאַררייידען די ציין, און אַזוי ווי באָג־דאַנאָוויטש איז געווען אַ מייסטער דאַרויף, האָט ער איהם אַזוי פאַרדרעהט דעם קאָפּ, אַז יענער האָט ניט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט איהם.

— פאַרוואָס איז דאָ עפּעס אַזוי פייכט? — האָט דער פּריס־

טאוו געפרעגט, אַנווייזענדיג אויף אַ ווינקעל, וואו עס איז געשטאַנען אַ פעסעל מיט אויסגעגראָבענע ערד.

— דאָס איז דערפאַר, וואָס מען האָט אויסגעגאָסען אַ ביסעל סמעטענע, — האָט באָגדאַנאָוויטש געענטפערט. — דאָס פעסעל איז געוועזן פול מיט סמעטענע, האָט זיך אויסגעגאָסען אַ ביסעל.

אין אַן אַנדער ווינקעל איז אויף דער פּאָדלאָגע געלעגען אַ גאַנ־צער הויפען מיט אויסגעגראָבענע ערד, צוגעדעקט מיט אַ רעדנע און אויף דער רעדנע איז געווען אָנגעוואָרפען שטרוי. ווען דער פּריסטאַוו שאַרט אַראָפּ די שטרוי און הויבט אויף די רעדנע, וואָלט ער גלייך דערזעהן וואָס דאָרטען טוט זיך, אָבער ער איז גאָר ניט געפאַלען אויף אַזאַ שכל, ווייל באָגדאַנאָוויטש האָט איהם פאַר־רעדט די ציין, און אַלעס האָט זיך געענדיגט גוט.

מיר זיינען אָבער דאָך געווען אומרוהיג, ווייל אונז האָט זיך אַלץ אויסגעוויזען, אַז עס קאָן זעהר זיין, אַז די גאַנצע אַרבייט וואָס מיר טוען און טוען שוין צוויי יאָהר צייט, כדי איין מאָל פאַר אַלע מאָל דער׳הרג׳ענען דעם קיסר און פּטור ווערען פון איהם, זאָל זיך איצט ווידער ענדיגען מיט אַ דורכפאַל.

אַזאַ קלאַפּ וואָלטען מיר ניט אַריבערגעטראָגען.

מיר האָבען ניט געטראַכט וועגען די מענשען, וועמענס לעבענס עס שטעהען אין קאָן, נאָר וועגען דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט אין אַלגעמיין, ווייל מיר האָבען געוואוסט, אַז איצט שטעהט אין קאָן אונזער גאַנצע רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט, סיי פון דער פאַרגאַנגענהייט און סיי פון דער צוקונפט.

אין דער פאַרגאַנגענהייט האָט געשטעקט די אַרבייט פון זעקס פּראָבעס צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר און די לעבענס פון איין און צוואַנציג חברים, וועלכע זיינען פאַר׳משפט געוואָרען צום טויט, און אין דער צוקונפט איז געווען דאָס ליכטיגע, דאָס שעהנע און ברייטע לעבען, וואָס מיר האָבען געוואָלט אויסקעמפען פאַר די צוקונפטיגע דורות.

איבערלעבען אַזאַ נערוועזע אָנשטרענגונג, ווי מיר האָבען אי־בערגעלעבט אין יענער צייט, איז געווען שרעקליך שווער. מען האָט דערצו געדאַרפט האָבען אייזערנע כוחות.

און ווי אויף צו להכעיס איז אונז דאַן אַלעס געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ: קלעטאָטשניקאָוו׳ן, דעם מענשען, וועלכער האָט אונז אָפּגעהיט ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון׳ם אויג, האָבען מיר

פארלארען; דאס קלייטעל, וואו מען האט פאר לייטען פארקויפט קעז און אונטערגעגראבען די ערד אוועקצולעגען א מינע אויף צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר, איז יעדע מינוט געווען אין געפאהר באפאלען צו ווערען פון דער פאליציי; זשעליאבאוו׳ן, דעם מוטיגען, דרייסטען חבר, אין וועמענס הענט עס איז געלעגען דער וויכטיגסטער טייל פון דער ארבייט פונ׳ם גאנצען פלאן צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר, האט מען אין מיטען דערינען ארעסטירט. זיין קווארטיר האט מען גלייך געמוזט אויפגעבען און אריבערפעקלען פון דארטען די אלע אויפרייס־מאטעריאלען וואס זיינען דארטען געלעגען; די קווארטיר, וואו מען האט צוגעגרייט די טעכנישע ארבייט פאר דעם אויפרייס און וואו די באמבען־ווארפער און סיגנאליסטען פלעגען זיך צונויפקומען, איז אויך ניט געווען זיכער און מען האט יעדע מינוט געקאנט ערווארטען אן איבערפאל פון זשאנדארען, און צו די אלע צרות, ווערען מיר נאך געוואהר, אז די מינע איז נאך ניט אוועקגעלעגט און אז פון די פיער באמבעס וואס מען דארף האבען איז נאך קיין איינע ניט פארטיג... און דא איז מארגען שוין זונטאג, דער ערשטער מארטש, און עס קאן זעהר זיין, אז דער קיסר זאל דורכפאהרען אויף דער מאלא־סאדאווער גאס...

וואס מיר האבען דאן געפיהלט, איז שווער איבערצוגעבען מיט ווערטער. און אונטער אזעלכע אומשטענדען האבען מיר, די מיטגלידער פונ׳ם „קאמיטעט” דעם 28טען פעברואר, אפגעהאלטען א געהיימע בעראטונג, ווייל די צייט איז געווען קורץ און מען האט ניט געקאנט אנזאגען אלעמען וועגען דעם. חוץ די בעלי־בתים פון דער וואוינונג, איך און איסאיעוו, זיינען אויף דער בעראטונג געווען: סאפיא פעראווסקאיא, אנא פאוולאווגא קארבא, סוכאנאוו, גראטשעווסקי, פראלענקא, די לעבעדיעווא, און דוכט זיך מיר, אז טיכאמיראוו און לאנגאנס זיינען דאן אויך געווען. זיכער אבער בין איך אין דעם ניט, ווייל איך געדענק שוין ניט.

קיין סך ריידען האט מען דאן ניט געקאנט, האט סאפיא פעראווסקאיא דאן אוועקגעשטעלט אזא פראגע:

— וואס זאל מען טאן, אויב דער קיסר וועט מארגען, דעם ערשטען מערץ, ניט פאהרען דורך דער מאלא־סאדאווער גאס, וואו מען וועט אונטערלעגען א מינע, זאל מען זיך באנוצען מיט באמבעס צי ניין?

— יא! — האבען אלע געענטפערט. — מארגען מוז מען דעם

קיסר איין מאָל פאר אַלע מאָל איננאַנצען אָפּראַמען פונ׳ם וועג! די מינע אויף דער מאַלאָ־סאַדאָווער גאַס מוז זיין אונטערגעלעגט, און אויב דער קיסר וועט דאָרטען גראַדע ניט דורכפאָהרען, מוז מען אָנפאַלען אויף איהם אין אַן אַנדער גאַס און איהם דער׳הרג׳ענען מיט אַ באָמבע. דער׳הרג׳ענען איהם מוז מען! די באָמבעס מוזען זיין פארטיג, און מאָרגען מוז דער פּלאַן דורכגעפיהרט ווערען!

דער איינציגער, וועלכער האָט ניט געזאָגט ניט „יאָ" און ניט „ניין", איז געווען סוכאַנאָוו.

דאָס איז געווען שבת, אַרום דריי אַזייגער בייטאָג.

גלייך נאָך דעם האָט מען איסאַיעוו׳ן אַוועקגעשיקט אין קלייטעל, ער זאָל דאָרטען אונטער דער ערד אַוועקלעגען די מינע; סוכאַנאָוו׳ן און די אַנדערע אָפיצערען האָט מען אַוועקגעשיקט אָפּליידיגען זשעליאַבאָוו׳ס קוואַרטיר און אַרויסנעמען פון דאָרטען די אַלע אויפרייס־מאַטעריאַלען וואָס געפינען זיך דאָרט און סאָפיא פעראָווסקאַיאַ האָט זיך איבערגעקליבען צו אונז אויף דער קוואַרטיר.

די באָמבען־וואַרפער און די סיגנאַליסטען האָט מען גאָר ניט געדאַרפט אָנזאָגען, ווייל מיט זיי האָט מען שוין געהאַט אָפּגעמאַכט ווען און וואו זיי זאָלען זיך מאָרגען טרעפען.

פינף אַזייגער פארנאַכט האָבען דריי מענשען געדאַרפט קומען צו אונז אויף דער קוואַרטיר און אַרבייטען אַ גאַנצע נאַכט אויף די באָמבעס. די דריי מענשען זיינען געווען: סוכאַנאָוו, קיבאַלטשיטש און גראַטשעווסקי.

ביז אַרום אַכט אַזייגער אין אָוועגט האָט זיך די טיר ניט צוגעמאַכט; אַלע מאָל איז געקומען אַן אַנדער מיטגליד פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט"; אַלע האָבען זיך געקאָכט, אַלע זיינען געווען אומגעדולדיג. מיר האָבען געזעהן, אַז איבער דעם קאָן מען גאָרניט טאָן ביי די באָמבעס, האָבען מיר אַלעמען אַוועקגעשיקט אַהיים; געבליבען זיינען בלויז די, וואָס מען האָט נויטיג געדאַרפט האָבען צו דער אַרבייט, אַרום און אַרום זיינען געווען פינף מענשען: סוכאַנאָוו, קיבאַלטשיטש, גראַטשעווסקי, סאָפיא פעראָווסקאַיאַ און איך.

די פעראָווסקאַיאַ איז געווען שרעקליך מיד און אויסגעמאַטערט, און אַזוי ווי איך האָב געוואוסט, וואָס פאַר אַ שווערע און פאַראַנטוואָרטליכע אַרבייט עס שטעהט איהר פאַר מאָרגען, האָב איך זי געבעטען, אַז זי זאָל זיך צושפּאַרען אויפ׳ן דיוואַן, און איך אַליין

האָב זיך גענומען העלפען מיט וואָס איך האָב נאָר געקאָנט. קיין מעכאַניקער בין איך דאָך ניט, האָט מען מיר געגעבען טאָן אַזעלכע אַרבייטען, וואָס פאָדערען ניט קיין באַזונדערע ספּעציאַליטעט; סוכאַנאָוו האָט מיר געהייסען אָפּשניידען אַ שטיקעל בלעך, האָב איך אָפּגעשניטען; קיבאַלטשיטש האָט מיר געהייסען גיסען בליי, האָב איך געגאָסען; וואָס מען האָט מיר געהייסען, דאָס האָב איך געטאָן.



איוואַן ריסאַקאָוו.

אַ גאַנצע נאַכט האָבען ביי אונז אויף דער קוואַרטיר געברענט די לאָמפּען און דער קאַמין. איך אַליין האָב געאַרבייט ביז אַרום צוויי אַזייגער ביינאַכט און דערנאָך האָב איך זיך געלעגט שלאָפען, ווייל מען האָט זיך שוין געקאָנט באַגעהן אָהן מיר.

זיבען אַזייגער אין דער פריה, ווען איך און סאָפיא פּעראָווסקאַיא זיינען אויפגעשטאַנען, האָבען די דריי מעכאַניקער נאָך אַלץ געאַרבייט ביי די באָמבעס, אָבער מעהר ווי צוויי האָבען זיי ניט אויסגעפיעלט צו מאַכען.

די צוויי באָמבעס האָט סאָפיא פּעראָווסקאַיא גלייך אוועקגעטראָגען צו סאַבלינ׳ען אויף דער קוואַרטיר. נאָכדעם איז סוכאַנאָוו

אויך אוועק אהין. קיבאלטשיטש איז שוין געווען שרעקליך מיד, אָבער ער האָט ניט אויפגעהערט צו ארבייטען און ביז אכט אזייגער האָט ער געמאכט פאַרטיג די אַנדערע צוויי באָמבעס און זיי אויך אוועקגעטראָגען אויף דעם באשטימטען פּלאַץ. אזוי, אז אין פאַר־לויף פון פופצעהן שטונדען צייט האָבען דריי מענשען געמאכט פיער



ד. גרינעוויצקי.

באָמבעס, פונקט אין דער נאַכט, ווען עס איז געווען באשטימט אויף מאָרגען צו דער'הרגענען דעם קיסר.

צעהן אזייגער אין דער פריה זיינען צו סאבלינ'ען אויף דער קווארטיר געקומען די פיער באָמבען־ווארפער: ריסאקאָוו, גרינע־וויצקי, יעמעליאַנאָוו און טימאָפעי מיכאילאָוו. אזוי שנעל ווי זיי זיינען געקומען, זיינען זיי גלייך געשטעלט געווארען אונטער דער קאָמאנדע פון סאָפיא פעראָווסקאיא און זי האָט זיי אָנגעזאָגט, וואו זיי זאָלען זיך אויסשטעלען צו ווארפען די באָמבעס און וואו־הין זיי זאָלען קומען נאָכדעם, ווי די גאַנצע ארבייט וועט שוין זיין אָפּגעטאָן.

דער ערשטער מארטש.

לויט'ן באפעהל פונ'ם „איספאלניטעלני קאמיטעט" האב איך דעם ערשטען מערץ ניט געמארט ארויסגעהן פון דער שטוב פריהער ווי צוויי אזייגער בייטאג, ווייל מיין אויפגאבע איז געווען אויפ־צונעמען די קאבאזעוום, דאס הייסט, באגראנאוויטש'ן און די יאקי־מאווא, וועלכע האבען געהאלטען דאס קלייטעל, וואו מען האט פארקויפט קעז.



יעמיליענאוו.

די גאנצע ארבייט איז שוין געווען פארטיג און יעדע קלייניג־קייט איז געווען אויסגערעכענט. די יאקימאווא האט געדארפט אוועקגעהן פונ'ם קלייטעל א שטונדע איידער דער קיסר פאהרט דארטען פארביי און באגראנאוויטש — גלייך נאכדעם ווי מען וועט איהם געבען א סיגנאל, אז מען זעהט שוין דעם קיסר'ס קארעטע אויפ'ן נעווסקי פראספעקט.

צוטשעפען די עלעקטרישע דראטען צו דער מינע האט גע־דארפט אן אנדערער — א מענש, וואס איז ספעציעל דארויף בא־שטימט געווארען. ווען ער האט אויף זיך גענומען די דאזיגע

אויפגאבע, האָט מען איהם אָנגעזאָגט, אז אויב עס וועט זיך איהם איינגעבען ארויסצוקומען א לעבעדיגער, זאָל ער זיך ארויסרוקען פונ׳ם קליימעל גאַנץ גלייכגילטיג און מאַכען דעם אָנשטעל, אז ער איז א זייטיגער מענש.

ארום צעהן אזייגער אין דער פריה איז דער דאָזיגער מענש געקומען צו מיר, און ווי איבעררַאשט בין איך געוואָרען, ווען איך האָב דערזעהן, ווי ער בינדט פאנאנדער א פּעקעל און נעמט פון דאָרטען ארויס א פלאַש רויטען וויין און א שטיק וואורשט און נעמט זיך עסען.

פאַר מיר איז דאָס געווען אזא וואונדער, אז איך האָב איינ־פאַך געגאַפט. איך האָב גיט געקאָנט פארשטעהן, ווי אזוי מען קאָן עסען און טרינקען אין אזא מאָמענט, ווען מען געהט אויף א זיכערען טויט.

— ווי אזוי קאָנט איהר איצט עסען? — האָב איך איהם געפרעגט.

— וואָס הייסט ווי אזוי? — האָט דער מענש געענטפערט גאַנץ רוהיג און געלאַסען. — איצט מוז איך עסען און טרינקען, ווייל ביי אזא ארבייט מוז מען האָבען כח און מוט.

פון דעם ענטפער בין איך געבליבען זיצען א צומומעלטע, און קוקענדיג אויף איהם, ווי ער גיסט זיך אָן א גלעזעל וויין און טרינקט, ווי ער בייסט אָפּ א שטיק וואורשט און עסט, נאָר דערפאר, וואָס „מען דאַרף האָבען כח און מוט", ווען מען געהט טאָן אזא ארבייט, האָב איך געפיהלט, אז איך האָב פאַר איהם אזוי פיל רעספּעקט, אז ס׳איז גאָר אוממעגליך איבערצוגעבען.

מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויף באָנדאנאָוויטש׳ן און אויף דער יאָקימאָוואַ; אָבער איך וואַרט און וואַרט און זיי זיינען אַלץ ניטאָ. ערשט שפּעטער איז אָנגעקומען איסאַיעוו און צוזאַמען מיט איהם נאָך איינינע מיטגלידער פונ׳ם „קאָמיטעט" און זיי האָ־בען מיר געבראַכט די טרויעריגע נאַכריכט, אז דאָס מאָל איז דער קיסר ניט דורכגעפאָהרען לעבען קליימעל און אז ער האָט זיך שוין פונ׳ם מיליטערישען פּאַראַד אומגעקערט צוריק אהיים.

איבערפרעגען ביי זיי, צי עס איז עפּעס געשעהן אויף דעם וועג וואָס דער קיסר איז געפאָהרען צוריק — דאָס איז מיר גאָרניט איינגעפאַלען אין יענעם מאָמענט, ווייל איך בין געוואָרען אזוי צו־טומעלט, אז איך האָב ניט געוואוסט וואָס ס׳טוט זיך מיט מיר;

איך האָב גאָר איננאַנצען פאַרגעסען אָן דעם, וואָס זיי, די חברים, וועלכע האָבען מיר די טרויעריגע נאַכריכט געבראַכט, ווייסען גאָר־ניט פון דעם באַשלוס אָנצופאַלען אויפ׳ן קיסר מיט באָמבעס, אויב ער וועט אַרויס אַ גאַנצער פון דער אונטערגעלעגטער מינע. ביי מיר איז שוין געווען אָפּגעמאַכט, אַז דאָס מאָל האָט זיך דער פאַר־זוך ווידער ניט איינגעגעבען, און אַזוי ווי ס׳איז מיר דאַמאָלט געווען זעהר שווער איינצוזיצען אין שטוב, בין אַוועק אין גאַס, אַליין אויסגעפינען וואָס ס׳הערט זיך דאָרטען.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער קיסר איז טאַקע ניט גע־פאָהרען דורך דער מאַלאָ־סאַדאָווער גאַס, אָבער סאָפיא פעראָווס־קאַיא האָט דאָס מאָל, נאָך מעהר ווי אַלע מאָל, אַרויסגעוויזען אַ מערקווירדיגע פעהיגקייט שנעל צו פאַלען אויף אַ שכל. אַזוי שנעל ווי זי האָט אויסגעפונען, אַז דער קיסר איז צום מיליטערישען פאַראַד ניט געפאָהרען דורך דער מאַלאָ־סאַדאָווער גאַס, האָט זי גלייך פאַר־שטאַנען, אַז צוריקוועגס וועט ער פאָהרען ביים ברעג פונ׳ם יעקאַ־טערינינסקי קאַנאַל, און דאַן האָט זי אין איין אויגענבליק געענדערט דעם גאַנצען פּלאַן. אין דער גרעסטער איילעניש און מיט דער פּינקטליכסטער פּאַרזיכטיגקייט איז זי אַליין געלאָפען פון איין באָמבען־וואַרפער צום צווייטען, זיי אַוועקגענומען פון די פּאָסטענס אויף דער מאַלאָ־סאַדאָווער גאַס, זיי אַליין אויסגעשטעלט אויף נייע פּאָסטענס און אָפּגעמאַכט מיט זיי, אַז זיי זאָלען די גאַנצע צייט קוקען אויף איהר, און אַזוי שנעל ווי זי וועט זיי געבען אַ צייכען מיט אַ פאַטשיילכעל, זאָלען זיי וואַרפען די באָמבעס איינער נאָכ׳ן אנדערען.

דער זייגער האָט שוין געהאַלטען נאָך צוויי — מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קראַך און באַלד נאָך דעם — נאָך איי־נער! פּונקט ווי מען וואָלט פון אַ גרויסען האַרמאַט אויסגעשאָסען.

דאָס איז געווען דער קראַך פון די באָמבעס, וואָס אונזערע חברים האָבען געוואָרפען אויפ׳ן קיסר.

די ערשטע באָמבע האָט געוואָרפען ריסאַקאָוו, און גלייך אָפּ־געריסען אַ שטיק פונ׳ם קיסר׳ס קאַרעטע. די צווייטע באָמבע האָט געוואָרפען גרינעוויצקי און גלייך געטראָפען דעם קיסר אַליין.

ביידע — אי דער קיסר, אי דער באָמבען־וואַרפער — זיינען שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרען און אין עטליכע שטונדען אַרום זיינען זיי געשטאָרבען.

איך האָב זיך לאַנג געדרעהט אין גאַס און דערנאָך בין איך אוועק צו אוספענסקי׳ן. מיט אַ האַלבע שטונדע שפּעטער איז אהין געקומען איוואַנטשין־פּיסאַרעוו און דערצעהלט, אַז אין שטאָדט האָט מען געהערט דאָס קראַכען פון באָמבעס אָדער האַרמאַטען און אַז אין די גאַסען טראָגט זיך אַרום אַ קלאַנג, אַז מען האָט דער־הרג׳עט דעם קיסר און אַז אין אַלע קלויסטערס שווערט מען שוין צו זיין געטריי דעם „נאַסלעדניק״.

ווען איך האָב דאָס דערהערט בין איך גלייך אַרויס אין גאַס. דאָרטען זיינען אומעטום געשטאַנען רעדלאַך מענשען און אַלע האָ־בען גערעדט וועגען די וואונדען וואָס ער האָט געקראָגען, וועגען דעם בלוט וואָס ס׳האָט פון איהם גערונען און וועגען דעם טויט וואָס ער האָט געהאַט.

אַריינגעלאָפען צו זיך אַהיים, בין איך געווען אַזוי צוטומעלט, אַז איך האָב קיין איין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידען. מיינע פריינד, וועלכע זיינען ביי מיר אויף דער קוואַרטיר געזעסען, האָבען נאָך פון גאָר ניט געוואוסט, און איך בין געשטאַנען ווי אַ שטומע, גלייך עס וואָלט מיר אָפּגענומען דאָס לשון, איך האָב זיי ניט גע־קענט אָנזאָגען די בשורה, אַז מען האָט שוין ענדליך דער׳הרג׳עט דעם קיסר; עפּעס גאָר ווי געגען מיין ווילען האָבען זיך מיר גע־גאָסען טרעהרען פון די אויגען. איך האָב געהאַלטען אין איין וויי־נען, און ווען עס האָט זיך מיר, קוים מיט צרות, איינגעגעבען אַרויס־צוברענגען פון מיין מויל די ווערטער: „דער׳הרג׳עט דעם קיסר״, האָבען זיך אַלע מיט אַמאָל צעוויינט.

דאָס האָבען מיר געוויינט פאַר פרייד, וואָרים מיר האָבען גע־פיהלט, אַז ענדליך האָבען מיר אַרונטערגעוואָרפען דעם שווערען באַרג, וואָס האָט אַזוי פיל יאָהרען געדריקט און געשטיקט די יונגע רוסלאַנד.

די שרעקען פון דער טורמע, די מערדערייען וואָס זיינען באַ־גאַנגען געוואָרען ווען מען האָט אונזערע מענשען פאַרשיקט אין די וויטסטע געגענדען, די גוואַלד־טאַטען און רציחות איבער הונדער־טער און טויזענטער מענשען, וועלכע האָבען געהאַלטען מיט אונז, דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון אונזערע מאַרטירער — אַט די אַלע זאַ־כען האָט אויסגעקויפט די איינציגע רגע, דעם קיסר׳ס בלוט, וואָס מיר האָבען פאַרגאָסען.

מיר האָבען געפיהלט, אַז מיר האָבען אַ שרעקליך שווערע

משא ארונטערגעוואָרפען פון די פּלייצעס; מיר זיינען געווען זי־כער, אז איצט וועט די פינסטערע רעאקציע מוזען מאכען א וועג פאר דער באנייטער רוסלאנד.

אין יענעם פרעהליכען יום־טוב'דיגען מאָמענט האָבען זיך אלע אונזערע געדאנקען געדרעהט ארום איין זאך — די האָפנונג אויף א בעסערער צוקונפט פאר אונזער פאָטערלאנד.

מיט עטליכע מינוטען שפּעטער איז אָנגעקומען סוכאנאָוו. א פרעהליכער, א צופרידענער און א גליקליכער איז ער אריינגעלאָפען אין שטוב אריין מיט א גדולה, ער האָט זיך מיט אלעמען געקושט, מיט יעדען איינעם זיך געהאלזט און מיט דער גרעסטער באגיי־סטערונג האָט ער גערעדט וועגען דעם נייעם לעבען וואָס וועט זיך איצט אָנהויבען אין רוסלאנד.

מיר זיינען דאן אלע געווען פול מיט האָפנונגען.

מיט עטליכע טעג שפּעטער האָבען מיר אָנגעשריבען א בריף צום נייעם קיסר, צו אלעקסאנדער דעם דריטען, און אין יענעם בריף האָט מען געקענט זעהן די אלגעמיינע שטימונג פון אונזערע פּארטיי־מיטגלידער אין יענער צייט. דער טאָן פון דעם בריף איז געווען א מעסיגער, א טאַקטישער, און ווען ער איז פּארעפּענטליכט געוואָרען, האָט ער ארויסגערופען סימפּאטיע ביי דער גאנצער גע־זעלשאפט, און ניט נאָר אין רוסלאנד, אויך אין אויסלאנד האָבען כמעט אלע צייטונגען, אפילו די מעסיגסטע, אויסגעדריקט די מיי־נונג, אז מיר שטעלען ארויס זעהר גערעכטע פאָדערונגען.

דעם דריטען מאַרטש, צוויי טעג נאָכדעם ווי מען האָט דער־הרג'עט דעם קיסר, איז קיבאלטשיטש געקומען צו אונז אויף דער קווארטיר און דערצעהלט, אז די פּאָליציי האָט זיך אריינגעריסען צו העסי העלפמאן אויף דער קווארטיר; אז העלפמאן איז ארע־סטירט און סאבלין, וועלכער איז שטענדיג געווען א פרעהליכער, א ווערטעל־זאָגער, האָט זיך דערשאָסען.

קיבאלטשיטש האָט אויך דערצעהלט, אז נאָכדעם ווי מען האָט שוין העסי העלפמאן געהאט ארעסטירט, איז אין שטוב אריינגע־קומען א יונגערמאן מיט א געלאָדענעם רעוואָלווער און עס האָט זיך אין שטוב אָנגעהויבען אן איבערקעהרעניש; דער יונגערמאן האָט געשאָסען און האָט זיך געשטעלט דער פּאָליציי אנטקעגען. ווער ער איז, האָט קיבאלטשיטש ניט געוואוסט. ערשט שפּעטער זיינען

מיר געוואָהר געוואָרען, אז דאָס איז געווען דער ארבייטער טי־מאָפעי מיכאילאָוו.

באלד נאָכדעם איז באשלאָסען געוואָרען, אז באָגדאנאָוויטש און די יאַקימאָווא זאָלען ניט ווארטען ביז מען וועט ארויסנעמען די מינע פון אונטער דער ערד, נאָר זיי זאָלען גלייך פארלאָזען דאָס קלייטעל און מאַקע שוין ארויספאָהרען פון פעטערבורג.



העסי העלפמאן.

דריי אזייגער בייטאָג איז באָגדאנאָוויטש געקומען צו אונז זיך געזעגענען. ער איז אוועקגעפאָהרען דער ערשטער. פון דאמאָלט אָן האָב איך זיך מיט איהם ניט געזעהן ביז די מאָנאטען אָקטאָבער און נאָוועמבער, ווען מיר האָבען זיך ביידע ווידער געטראָפען אין מאָסקווע. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל. מעהר האָב איך איהם ניט געזעהן, ווייל ווען איך בין ווידער געקומען קיין מאָסקווע אין מאָנאט מערץ, 1882, איז שוין באָגדאנאָוויטש געווען ארעסטירט.

אין דעם זעלבען טאָג וואָס באָגדאנאָוויטש איז אוועקגעפאָהרען פון פעטערבורג — דעם דריטען מערץ — איז די יאַקימאָווא גע־קומען צו מיר אהיים פארנאכט, זיך איבערטאָן. דאָס קלייטעל האָט זי איבערגעלאָזען אויף הפקר, מיט'ן געדאנק זיך קיינמאָל מעהר

ניט אומצוקערען אהין. זי האט זיך מיט אונז געזעגענט און איז אוועקגעפאהרען פון פעטערבורג אויפ'ן באפעהל פונ'ם „קאמיטעט". אין דעם זעלבען טאג האט דער „קאמיטעט" ארויסגעשיקט פון שטאדט נאך אייניגע מענשען, וועלכע זיינען געווען אין געפאהר ארייצופאלען אין די הענט פון דער פאליציי.

עס איז אוועק א וואך און מיר האבען געכאפט איין קלאפ גרעסער פאר'ן אנדערען. סאפיא פעראווסקאיא'ן האט מען ארעס־טירט אין מיטען גאס, ווייל א פראוואקאטאר האט זי ארויסגעגעבען. באלד נאכדעם האבען מיר אויך פארלארען קיבאלטשיטש'ן; איהם האט גע'מסור'ט די בעל־הבית'טע, ביי וועלכער ער האט געוואוינט, און דאן האט מען ארעסטירט פראלענקא'ן אויך. דערנאך איז ארעסטירט געווארען נאך איינער פון אונזערע מענשען, און דאס איז געווען איוואנטשין־פיסארעוו.

די רעאקציע האט זיך צויושעט. דער ווייסער טעראר האט גענומען הערשעווען רעכטס און לינקס.

דאן איז פאר אונז געווען קלאר, אז די רעגירונג האט א מענ־שען, וועלכער קען פערזענליך די אגענטען פונ'ם „קאמיטעט" און ווייזט אן אויף זיי. ווער דער מענש איז, האבען מיר דאן ניט גע־וואוסט. ערשט איצט, ווען מען האט געעפענט די פאליציייסקע ארכיוועו פון יענער צייט, האט מען אויסגעפונען, אז דאס איז געווען דער ארבייטער אקלאדסקי, וועלכער איז אינ'ם יאהר 1880 פאר'משפט געווארען אויף קאטארגע ביים פראצעס פון דעם רעווא־לוציאנער קוויאטקאווסקי.

דער „קאמיטעט" האט איינגעזעהן, אז די געפאהר איז זעהר גרויס און אז ס'וועט זיין א סך גלייכער אויב מען וועט נעמען די אקטיווערע טוער פונ'ם „קאמיטעט" און מען וועט זיי באצייטענס ארויסשיקען פון פעטערבורג. מען האט אויסגעקליבען אייניגע און צווישען זיי בין איך אויך געווען.

אבער קיינעם פון אונז האט זיך ניט געגלוסט אוועקצופאהרען פון פעטערבורג אין אזא צייט. מיר האבען אלע געוואלט אויס־נוצען די געלעגענהייט פון דער קאכעדיגער צייט און דורך דעם ברענגען נוצען דער פארטיי, ווייל אומעטום האבען מיר געזעהן ווי אלע זיינען באגייסטערט, ווי אפילו די קאלטסטע און גלייכ־גילטיגסטע מענשען זיינען געווארען היציג; פון אלע זייטען האט

מען זיך צו אונז געווענדעט נאָך הילף, מיר זאָלען צושיקען מענשען צו טאָן אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט.

ווען די מיטגלידער פון אונזער „קאָמיטעט" וואָלטען געווען מענשען וואָס זוכען כבוד, האָבען זיי דאַן, אין יענער צייט, געקאָנט זיין פאָלשטענדיג באפרידיגט, ווייל דער ערפאָלג אונזערער איז געווען גוואלדיג גרויס.

און איך זאָג, אז ווער עס האָט ניט איבערגעלעבט צוזאמען מיט אונז יענע צייט, נאָכ'ן ערשטען מערץ, קאָן זיך גאָרניט פאָרשטעלען וואָס פאר א גרויסע באדייטונג יענע גרויסע געשעהעניש האָט גע־האַט פאר אונז אלס א רעוואָלוציאָנערע פארטיי.

עס איז דאריבער גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס מיר האָבען קיין חשק ניט געהאַט אוועקצופאָהרען פון פעטערבורג אין אזא צייט; א מענש וואָס גלויבט אין זיינע כוחות און איז זיכער, אז ער איז נויטיג אין דער וויכטיגער ארבייט, האָט ניט געקאָנט פועל'ן ביי זיך איבערצולאָזען אלעס אין סאמע ברען און אוועק־פאָהרען בלויז דערפאַר, וואָס מען איז ניט זיכער מען זאָל ניט אריינפאלען אין די הענט פון דער פאָליציי.

און דאָ שטעהט מען צו צו מיר — איך מוז אוועקפאָהרען!

האָב איך געבעטען סוכאַנאָוו'ן, ער זאָל מיר ארויסהעלפען און צוזאמען מיט איהם האָב איך גע'פועל'ט ביים „קאָמיטעט", מען זאָל מיר ערלויבען צו בלייבען כאָטש נאָך אויף א שטיקעל צייט. און איך בין געבליבען.

דעם ערשטען אפריל האָט זיך געטראָפען אן אומגליק: גריי־גאָרי איסאַיעוו, וועלכער איז צוזאמען מיט מיר געווען אויף א קוואַרטיר, איז ביינאַכט ניט געקומען אהיים. אין מיטען גאס האָט א פּראָוואָקאַטאָר אָנגעוויזען אויף איהם און מען האָט איהם ארעסטירט.

איך האָב דאָס ניט געוואוסט. ערשט נאָך צוועלף אזייגער ביינאַכט האָב איך זיך דערוואוסט, אז ער איז אריינגעפאלען, כאָטש קיינער האָט עס מיר ניט געזאָגט.

דאָס איז ניט געווען שווער צו טרעפען, ווייל מיר האָבען גע־האַט אן אָפּמאַך, אז די מענשען, וועלכע האַלטען די אלגעמיינע קוואַרטירען, וואו מען האַלט אָפּ געהיימע בעראַטונגען פון דעם „קאָמיטעט", טאָרען ניט קומען אהיים שפּעטער ווי צוועלף אזייגער

ביינאַכט, סיידען זיי זאָגען פריהער, אַז זיי מוזען זיך פאַרזאַמען לענגער צוליב זעהר אַ וויכטיגער זאַך.

אין דער צייט ווען מען האָט איסאַיעוו'ן אַרעסטירט, איז אונזער קוואַרטיר געווען פונקט ווי אַ סקלאַד פון פאַרשיידענערליי אַרטיקלען; דאָרטען האָט מען געקאָנט געפינען דעם שריפט פון דער דרוקעריי, רעשטלאַך פון דינאַמיט, וואָס איסאַיעוו און סאָפיאַ פעראָווסקאַיאַ האָבען געבראַכט; אָהן אַ שיעור בלאַנקען צו מאַכען פאַלשע פאַספאָרטען, און צו די אַלע זאַכען — אַ גאַנצען פאַק מיט די אויסגאַבען פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

אַזאַ אוצר האָט מען ניט געקאָנט איבערלאָזען אויף הפקר, האָב איך באַשלאָסען, אַז פריהער פון אַלץ וועל איך די אַלע זאַכען ערגעץ איבערפּעקלען און ווען די וואוינונג וועט שוין זיין פוסט, וועל איך פון דאָרטען אַוועק, ווייל מען קאָן זיך איצט צו יעדער צייט ריכטען אויף אַ וויזיט פון דער פּאָליציי.

דעם צווייטען אַפּריל, אויף מאָרגען נאָכדעם ווי מען האָט אַרעסטירט איסאַיעוו'ן, האָב איך זיך גענומען איינפּאַקען די זאַכען. אַרום איינס אַזייגער בייטאָג איז צו מיר געקומען גראַטשעווסקי. ווען ער האָט מיך דערזעהן, האָט ער זיך שטאַרק דערפרעהט, ווייל צווישען די חברים האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז איך בין שוין אויך אַרעסטירט.

דער קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ דאַנק דעם, וואָס פון אין דער פריה אַז האָט מען די „דוואָרניקעס" פון דער גאַנצער שטאָדט געשלעפּט צום גראַדאַנאַטשאַלניק, זיי זאָלען דאָרטען דערקענען עפּעס אַ יונגענמאַן, וועלכער איז ביינאַכט אַרעסטירט געוואָרען און וויל בשום אופן ניט אויסזאָגען ווער ער איז, ווי ער הייסט און וואו ער וואוינט. עס איז ניט געווען שווער צו טרעפען, אַז דער אַרעסטירטער יונגערמאַן איז ניט קיין אַנדערער ווי איסאַיעוו.

גראַטשעווסקי האָט געוואוסט, אַז איצט קאָן מען יעדע מינוט ערוואַרטען אַן איבערפאַל פון דער פּאָליציי. דאָך האָט ער מיר געהאָלפען איינפּאַקען די זאַכען. דערנאָך האָב איך איהם געבעטען, אַז ער זאָל גלייך ברענגען אַהער סוכאַנאָוו'ן; איהם האָב איך נויטיג געדאַרפט האָבען אין אַזאַ מאָמענט, ווייל ער איז געווען זעהר אַ מוטיגער, אַ בראַווער און דרייסטער מענש און קיין זאַך איז פאַר איהם ניט געווען אוממעגליך.

**אין אַ פּאָר שטונדען אַרום איז סוכאַנאָוו געקומען צו מיר, צו-**

זאמען מיט נאָך צוויי אַנדערע פּלאַטען־אָפּיצערען און אין פּאַרלויף פון צוויי שטונדען צייט האָבען זיי אַרויסגעטראָגען פון דער קוואַר־טיר אַלעס וואָס מען האָט געדאַרפט. עס זיינען געבליבען בלויז צוויי פּעקלאַך, וואָס האָבען קיין שום ווערט ניט געהאַט.

דער זייגער האָט שוין געהאַלטען אַכט אין אָוועגט.

דאַן האָט סוכאַנאָוו מיך געבעטען, אַז איך זאָל גלייך אַוועק־געהן און מעהר ניט קומען צוריק אויף דער קוואַרטיר ; אָבער איך האָב איינגעזעהן, אַז עס איז זיך ניטאָ וואָס צו איילען, אַז איך קאָן נאָך פאַרבלייבען אין דער היים ביז אין דער פריה, ווייל איך בין געוועזען זיכער, אַז איסאַיעוו וועט אויף קיין פאַל ניט זאָגען, וואו ער האָט געוואוינט, און אַזוי ווי מען האָט דעם „דוואָרניק" פון אונזער הויז ביז איצט נאָך ניט גערופען צו דערקענען דעם אַרעסטירטען, איז די געפאַהר דאַריבער נאָך ניט אַזוי נאָהענט.

איך בין אויך געוועזען זיכער, אַז ביינאַכט וועט מען איסאַיעוו'ן לאָזען צורוה, און אויף דעם סמך האָב איך געדרונגען, אַז איך מעג זיכער בלייבען ביז אין דער פריה.

דאַן איז סוכאַנאָוו אַוועק און האָט מיך איבערגעלאָזען אַליין אין הויז. פאַר'ן אַוועקגעהן האָט ער מיר צוגעזאָגט, אַז אין דער פריה וועט ער צושיקען צוויי באַקאַנטע דאַמען נאָך די איבעריגע פּעקלאַך.

פאַרטאָג בין איך אַרויס אין גאַס כאַפּען אַ שפּאַציר און דאָס ערשטע וואָס איך האָב דערזעהן איז געוועזען, ווי מען רופט די „דוואָרניקעס" צום גראַדאָנאַטשאַלניק און מען זאָגט זיי אָן, אַז זיי זאָלען אומבאַדינגט זיין אויפ'ן באַשטימטען אָרט ניט שפּעטער ווי צוועלף אַזייגער פאַרמיטאָג.

האָב איך גלייך געמאַכט אַ געהיימען סימן אויף דער וואַנט, אַז די קוואַרטיר איז דערוויייל נאָך זיכער. דאַן זיינען אָנגעקומען די צוויי דאַמען, וואָס סוכאַנאָוו האָט געשיקט ; זיי האָבען אַרויס־געטראָגען די פּאָר איבערגעבליבענע פּעקלאַך און מיר האָבען זיי אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל גלייך אַוועק פון דער קוואַרטיר.

איך בין אָבער ניט אַוועק באַלד. איך האָב נאָך געוואַרט אַ ביסעל ביז אַ פרוי האָט אויפגעראַמט און דאַן בין איך אַוועק, מיט'ן באַשלוס מעהר ניט צו קומען צוריק.

**איך בין אַוועק פּונקט אין צייט, ווייל מיט אַ שטונדע שפּעטער**

זיינען אהין געקומען זשאַנדאַרען מיך אַרעסטירען. זיי האָבען מיך אָבער דאָרטען שוין ניט געטראָפען; אויפ'ן טיש איז נאָך געשטאַנען דער סאַמאָוואַר, פון וואַנען איך האָב געטרונקען טהע און ער איז נאָך געווען וואַרים.

אין יענעם טאָג, דעם דריטען אַפּריל, האָט מען אויפגעהאַנגען אונזערע חברים, וועלכע זיינען געווען פאַרמישט אין דער פאַרשווערונג צו דער'הרג'ענען דעם קיסר. אין דרויסען איז דאַן געווען אַזוי שעהן; אַ קלאָרער, לויטערער הימעל האָט זיך געשפּרייט איבער'ן קאָפּ און די זון האָט געשיינט העל און ליכטיג.

פּונקט ווי אויף צו להכעיס.

ווען איך בין אַרויס פון שטוב, איז שוין געווען נאָך אַלעמען, אָבער אין גאַס זיינען נאָך געשטאַנען רעדלאַך מענשען און אַלע האָבען גערעדט וועגען דעם, ווי אַזוי מען האָט אויפגעהאַנגען די רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען דער'הרג'עט דעם קיסר.

אין האַרצען האָט גענאָגט אַ שווער געפיהל און טרערען האָבען זיך געשטיקט אין די אויגען, ווען איך האָב זיך דערמאָנט אָן מיינע צוויי ליבע און גוטע פריינד, סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ און זשעליאַבאָוו.

איך בין אַריין אין אַ טראַמוואַי און האָב זיך אַוועקגעזעצט. וואוהין איך פאָהר, האָב איך אַליין ניט געוואוסט. מיר איז געווען אַלץ איינס.

אויף דעם טראַמוואַי זיינען געפאָהרען מענשען פון דעם סעמיאָנאָווער סקווער, וואו מען האָט אויפגעהאַנגען אונזערע חברים. איך האָב זיך אומגעקוקט. אין זייערע פּנים'ער האָב איך ניט באַמערקט קיין אויסדרוק פון טרויער, און דאָס האָט מיר אַזוי וועה געטאָן, אַז ס'איז גאָר אוממעגליך איבערצוגעבען מיט ווערטער. און פּונקט אנטקעגען מיר איז געזעסען אַ שעהנער יונגערמאַן, אַ שוואַרץ־חנ'עוודיגער, מיט אַ געקרייזעלטען באָרד און מיט צוויי ברענענדיגע אויגען, אָנגעטאָן אין אַ בלויען פּעלצעל. אויף זיין פּנים האָט מען גלייך געקאָנט דערקענען, אַז ער קאָן ווערען אין דער רציחה ווי אַ גזלן און אַז ער איז אין אַלע צייטען גרייט צו האַקען קעפּ.

### סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ.

סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ איז געווען די ערשטע רוסישע פרוי, וועלכע איז פאַר'משפט געוואָרען צום טויט אין אַ פּאָליטישען פּראָצעס. אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט זי געשפּילט אַ

גרויסע ראָלע, און עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז זי איז געווען איינע פון יענע פּערזענליכקייטען, וועלכע וועלען אריין אין דער געשיכטע.

אליין האָט זי געשטאַמט פון אַ גרויסען יחוס. איהר עלטער־זיידע, קיריל גריגאָרעוויטש ראַזומאָווסקי, איז געווען דער לעצטער העטמאַן אין אוקראַינאַ; איהר זיידע איז געווען אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר אין קרים, אין די צייטען פון אַלעקסאַנדער דעם ער־שטען, און איהר פאָטער איז געווען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר אין פּעטערבורג, אין די צייטען פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען.

און ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס זי האָט געשטאַמט פון אַזאַ יחוס, ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס זי איז געוואוינט געוואָרען צו לוקסוס און רייכטום, האָט זי זיך מיט לייב און לעבען אריינגע־וואָרפען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און האָט זיך איינ־געוואוינט צו לעבען אַזוי אָרים און באַשיידען, אַז עס איז פּשוט געווען צו באַוואונדערען.

איינע פון די מערקווירדיגסטע ערשיינונגען אויף איהר פּראָ־צעס איז געווען דאָס, וואָס דער אָנקלעגער, דער פּראָקוראָר, איז גראָד געווען אַזאַ מענש, מיט וועמען סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ האָט זיך געשפּילט, ווען זי איז נאָך אַ קליינע מיידעלע געווען. ער איז געווען איהר חבר, מיט איהם צוזאַמען האָט זי פאַרבראַכט די שעהנ־סטע צייט פון לעבען — די קינדער־יאָהרען.

דער דאָזיגער מענש איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי ניקאָלאַי מוראַוויאָוו, וועלכער איז שפּעטער געוואָרען דער יוסטיץ־מיניסטער אין רוסלאַנד, דער שומר פון געזעץ און געזעצליכקייט אין דער גרויסער רוסישער אימפּעריע.

נאָך אין פּסקאָוו, אין דער שטאָדט וואו סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ האָט פריהער געוואוינט, איז זי דאָס ערשטע מאָל געקומען אין באַ־ריהרונג מיט איהר צוקונפטיגען אָנקלעגער. זיין פאָטער און איהר פאָטער האָבען פאַרנומען הויכע רעגירונגס־שטעלען; ער איז נאָך געווען אַ קליין אינגעלע און זי אַ קליין מיידעלע, און ווי געוויינליך, צוויי קינדער, האָבען זיי זיךביידע געשפּילט.

ווער האָט זיך דאַן געקאָנט ריכטען דאַרויף, אַז זי וועט אַוועק אויף גאָר אַן אַנדער וועג און עס וועט אויסקומען אַזוי, אַז ער, דאָס אינגעלע, מיט וועמען זי האָט זיך געשפּילט, וועט זיין איהר אָנ־קלעגער?

אין דער רעדע, וואָס מוראַוויאָוו האָט געהאַלטען אויפ'ן פּראָ־צעס, האָט ער זיך ערלויבט איבערצוטרעטען די גרענעצען פון זיינע פליכטען אַלס פּראָקוראָר, און אַ חוץ דעם, וואָס ער האָט זיך גע־בייזערט אויף איהר און געזאָגט, אַז זי איז אַ בלוטדורשטיגע, האָט ער איהר אויך געזאָגט מוסר פאַרוואָס זי איז אַ „מענש אָהן כאַ־ראַקטער" און האָט זיך געלאָזט פאַרדרעהען דעם קאָפּ פון מענשען, וואָס קומען ניט צו איהר שטאַנד.

דער דאָזיגער מוראַוויאָוו איז געווען זעהר אַ געבילדעטער יוריסט און וועגען די געזעצען, וואָס מ'האָט איינגעפיהרט אין יאָהר 1864, האָט ער גערעדט מיט גרויס באַגייסטערונג; זיין מיינונג איז געווען, אַז אַזעלכע געזעצען זיינען נאָך ניט אויסגעאַרבייט גע־וואָרען אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט; און כּונדעסטוועגען איז ער געווען דער ערשטער זיי אַריבערצוטרעטען. איהם האָט דאָס די רוסישע רעגירונג געשיקט קיין פּאַריז פיהרען אונטערהאַנד־לונגען מיט דער פראַנצויזישער רעגירונג, אַז מען זאָל אַרויסגעבען דעם רעוואָלוציאָנער האַרטמאַן, פון וועמענס הויז מען האָט לעבען מאָסקווע אויפגעריסען דעם צוג, אין וועלכען דער קיסר איז גע־פאָהרען, דעם 19טען נאָוועמבער, 1879; דאָס איז דער זעלבער מוראַוויאָוו, וועלכער האָט געהאַלטען אין איין ריידען וועגען געזעץ און געזעצליכקייט, און אין דער זעלבער צייט האָט מען געזאָגט, אַז ווען ער איז געווען יוסטיץ־מיניסטער, איז ער געווען דער גרעסטער כאַבאַרניק.

נאָך אין די קינדער־יאָהרען האָט זיך ביי סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ אין האַרצען אַנטוויקעלט דער געפיהל פון מענשליכקייט און עהרע. דוקא דערפאַר, וואָס זי האָט זיך ערצויגען אין אַ קרייז פון רייכע פּריצים, וועלכע האָבען ווילד געהערשעוועט איבער די פּויערים, וואָס זיינען געווען פאַרקויפטע קנעכט ביי זיי; דוקא דערפאַר, וואָס איהר עלטער־זיידע, איהר זיידע און איהר פאָטער זיינען גע־ווען מיליטערישע הערשער — דוקא דערפאַר האָט זיך ביי איהר אין האַרצען פריה אַנטוויקעלט דער געפיהל פון פּראָטעסט געגען דעס־פּאָטיזם, געגען הערשאַפט.

איהר פאָטער, לעוו ניקאָלאַיעוויטש פּעראָווסקי, איז געווען אַ לייב־אייגענטימער פון דור־דורות. ער האָט זיך ניט באַנוגענט, וואָס ער האָט געהערשעוועט איבער די פּויערים מיט אַן אייזערנער האַנט; ער האָט די זעלבע מיליטערישע דיסציפּלין אַריינגעבראַכט

צו זיך אין הויז; זיינע אייגענע קינדער און אויך זיין אייגען ווייב האָט ער באַליידיגט, געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך; און טאָמער איז דאָס געווען וועניג, האָט ער נאָך געזעהן, אַז זיין אייגענער זון זאָל אויך באַליידיגען די מאַמע און זי מאַכען אויס־צודרעהען. די אָרימע פרוי, סאָפיאַ פּעראָווסקאַיא'ס מוטער, איז געווען זעהר אַ שטילע און אַ באַשיידענע, האָט זי אַלע באַליידיגונגען אַרונטערגעשלונגען און געמאַכט אַ שוויג.

אין אַזאַ שטיקענדער אַטמאָספּערע האָט סאָפיאַ פּעראָווסקאַיא געלעבט. און דוקא דאָרט האָט זי זיך אויסגעלערענט ליב צו האָבען מענשען, ליידענדע, אונטערדריקטע מענשען, פּונקט אַזוי ווי זי האָט ליב געהאַט איהר ליידענדע מוטער, צו וועלכער זי איז געווען אַזוי צערטליך און איבערגעגעבען ביז די לעצטע טרויעריגע טעג פון איהר לעבען.

ווען מען האָט מיך געשטעלט צום געריכט, האָט מיר די אויפ־פּאַסערין פון דער טורמע דערצעהלט, אַז בשעת ס'איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון סאָפיאַ פּעראָווסקאַיא און מען האָט אַרויסגערופען איהר מוטער פון קרים, האָט זי, סאָפיאַ פּעראָווסקאַיא אַליין, זעהר וועניג גערעדט מיט איהר. ווי אַ קראַנקע קינד, שוואַך און אויס־געמוטשעט, פלעגט זי, שטיל, אָהן ווערטער, אָנשפּאַרען דעם קאָפּ ביי דער מאַמע'ן אויפ'ן שויס און קיין וואָרט ניט אויסריידען. די צוויי זשאַנדאַרען, וועלכע האָבען זי באַוואַכט בייטאָג און ביינאַכט, זיינען אַלע מאָל געווען דערביי, ווען זי האָט זיך מיט איהר מוטער געזעהן.

אַזוי שנעל ווי סאָפיאַ פּעראָווסקאַיא האָט אָנגעהויבען פאַר־שטעהן, אין וואָס פאַר אַ וועלט זי לעבט, האָט זי באַשלאָסען אוועק־צוגעהן פון דער היים, ווייל לעבען אין אַזאַ שטיקענדער אַטמאָ־ספערע איז פאַר איהר געווען אוממעגליך.

איהר פאָטער, דער שטרענגער גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט איהר אָבער ניט געוואָלט אַרויסגעבען קיין באַזונדער פּאַספּאָרט, און דערצו האָט ער איהר נאָך געסטראַשעט, אַז אויב זי וועט איהם ניט פאָלגען און וועט דאָך אוועק פון דער היים, וועט ער זיך ניט רע־כענען דערמיט, וואָס זי איז זיין אייגענע טאָכטער און וועט זי צוריקברענגען אַהיים מיט'ן „עטאַפּ".

סאָפיאַ פּעראָווסקאַיא האָט זיך אָבער דערפאַר ניט איבערגע־שראָקען. זי האָט זיך מיט זיינע סטראַשונקעס ניט גערעכענט און

איז דאָך אוועק פון דער היים, און כדי איהר פאָטער, דער שטרענגער גענעראל־גובערנאטאָר, זאָל ניט ארויסגעבען קיין באַפעהל מען זאָל זי ברענגען צוריק מיט'ן „עטאפּ”, האָט זי זיך אַ שטיק צייט אויס־באהאלטען ביי איהרע חבר'טעס, מיט וועלכע זי האָט צוזאמען גע־לערענט אין די אלאָרטשינסקע קורסען — ביי די קאָרנילאָווס. צו־זאמען מיט איינער פון זיי, אלעקסאנדרא איוואנאָוונא קאָרנילאָווא, איז זי אַ צייט שפּעטער געשעטעלט געוואָרען צום געריכט. אין דעם גרויסען פּראָצעס פון די הונדערט מיט דריי און ניינציג.

פון איהר מוטער האָט זי גע'ירשנ'ט די עדעלע, צארטע נשמה. זי איז געווען אַ גוטע, אַ ווייכהארציגע, אַ צוגלאָזענע און די גאנצע גוטסקייט איהרע האָט זי ארייגעלעגט אין דער ארבייט וואָס זי האָט געטאָן. זי האָט ליב געהאַט די אָרימע, די אונטערדריקטע, און ניט אומזיסט זיינען אלע פּויערים געווען אזוי באַגייסטערט פאר איהר, דאַן ווען זי האָט געארבייט אלס אַ פעלדשערין אין די דער־פער, און אין דער זעלבער צייט אָנגעפיהרט אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאגאנדע.

די מענשען, וועלכע האָבען איהר געקענט אין יענער צייט, דער־צעהלען, אַז זי האָט זיך צו די אָרימע פּויערים באַצויגען ווי אַ גוטע און ליבע מאַמע, און צו די קראַנקע איז זי געווען אזוי צערטליך, אַז פון דעם אליין האָט זיי געקאָנט ווערען גרינגער.

זי איז מיט'ן דאָרף געווען אזוי פאַרבונדען, זי האָט די אָרימע פּויערים אזוי ליב געהאַט, אַז זי האָט זיך פּשוט ניט געקאָנט אָפּ־רייסען פון זיי. און ווען ס'איז פאָרגעקומען די שפּאלטונג אין דער „זעמליאַ אי וואָליאַ” און מען האָט געדארפט אויפגעבען די ארבייט אין דאָרף און זיך נעמען פאר פּאָליטישער טעטיגקייט אין שטאָדט, האָט איהר געריסען דאָס הארץ דארויף, וואָס זי מוז זיך שיידען מיט די פּויערים. און איך געדענק נאָך איצט, ווי מיר ביידע, איך און זי, האָבען גערעדט וועגען דעם. מיר זיינען נאָך דאַן ביידע געווען יונג און די ארבייט צווישען די פּויערים אין דאָרף איז אונז געווען שטארק איינגעבאַקען אין הארצען. מיר זיינען געווען זיכער, אַז מען דאַרף אונז דאָרט און אַז אָהן אונז קאָן מען זיך דאָרט ניט באַגעהן.

מיט'ן שכל האָבען מיר ביידע פאַרשטאַנען, אַז מיר מוזען געהן אויף דעם זעלבען וועג, וואָס אונזערע חברים געהען, אַז מען מוז זיך נעמען צו פּאָליטישער טעטיגקייט, אָבער דאָס הארץ האָט גע־

פיהלט אנדערש; עס האָט אַלץ געצויגען אהין, אין דאָרף אריין, וואו אזוי פיל אָרימע, עלענדע, קראנקע און אומגליקליכע מענשען נויטיגען זיך אין אונזער הילף.

פון דאן אָן פארנעמט סאָפיא פעראָווסקאיא דעם ערשטען פּלאַץ אין אַלע טעראָריסטישע פּלענער פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט".

זי איז געווען די גוטע, איינפאַכע און הארציגע בעל־הבית'טע אין דעם שטיבעל לעבען מאָסקווע, וואו מיר האָבען אָפּגעהאַלטען אונזערע געהיימע פארזאמלונגען. דאָס שטיבעל האָבען מיר גע־קויפט פאר 800 רובעל, און סאָפיא פעראָווסקאיא האָט זיך דאָרט באזעצט צוזאמען מיט סוכאָראָקאָוו'ן, אַן אייזענבאַן ארבייטער, וועלכער איז פאר לייטען כלומר'שט געווען איהר מאַן.

זי איז מיט שיראיעוו'ן געבליבען אין דעם קליינעם שטיבעלע, פון וואנען מען האָט געדאַרפט צומשעפען די עלעקטרישע דראָטען פונקט דאַן ווען דעם קיסר'ס צוג איז דורכגעפאָהרען.

ביי יעדער וויכטיגער רעוואָלוציאָנערער ארבייט האָט זי גע־שטעלט איהר לעבען אין קאָן.

זי גיט דעם סיגנאַל ווען אויפצורייסען דעם צוג, זי לויפט אַליין אין פייער; און ס'איז ניט איהר שולד, וואָס ס'טרעפט זיך גראָד אזוי, אַז עס ווערט אויפגעריסען דער וואגאָן, אין וועלכען עס פאָהרען דעם קיסר'ס דינער און ניט דער וואגאָן, אין וועלכען דער קיסר אַליין פאָהרט.

מיט איהר העלדישקייט האָט זי צו זיך כמעט קיין גלייכען ניט געהאַט; אַלע מאָל איז אויסגעקומען אזוי, אַז זי איז פון איין פייער ארויס און אין דעם אַנדערען אריין. גלייך נאָכדעם ווי מען האָט אויפגעריסען מיט דינאמיט דעם עס־צימער אינ'ם קיסר'ס פּאַלאַץ (דעם 5טען פעברואר, 1880), איז זי אוועקגעפאָהרען קיין אָדעס דורכצופיהרען אַ וויכטיגען פּלאַן — גראָבען די ערד אונטער דער איטאַליאנסקער גאַס און דאָרט אוועקלעגען אַ מינע צו דער־הרג'ענען דעם קיסר פונקט דאַן ווען ער וועט פאָהרען פון קרים קיין פעטערבורג.

און אינ'ם יאָהר 1881, ווען מען האָט צוגעגרייט די זיבעטע פּראָבע צו דער'הרג'ענען דעם קיסר — די פּראָבע, וואָס האָט זיך ענדליך איינגעגעבען — האָט סאָפיא פעראָווסקאיא צוזאמען מיט זשעליאבאָוו'ן געארבייט כמעט מעהר פון אַלעמען. זי האָט באַ־

צייטענס צוגעגרייט א גאנצע גרופּע מענשען צו האַלטען דעם קיסר אויפ'ן אויג און וויסען, ווען ער פאָהרט ארוים און אויף וואָס פאר א גאַסען ער פאָהרט; זי האָט צוגעגרייט די סיגנאַליסטען, זי האָט געזעהן, אז די באָמבעס זאָלען ווערען פארטיג אין צייט, און זי האָט דעם ערשטען מערץ אויסגעשטעלט די באָמבען־ווארפער אויף די פּאָסטענס און געארבייט מיט זיי אזוי, אז דער פארזוך צו דער־הרג'ענען דעם קיסר זאָל זיך איינגעבען.

עס פארשטעהט זיך, אז ביי אזא ריזיגער און וויכטיגער אר־בייט איז שווער אָנצואווייזען, ווער עס האָט אויפגעטאָן מעהר און



סאָפיא פעראָווסקאיא.

ווער וועניגער. און דאָך דענק איך, אז ווען ניט סאָפיא פעראָוו־סקאיא מיט איהר קאלטער אויסגערעכענטקייט און מיט איהר מערקווירדיגער פעהיגקייט באלד צו פאלען אויף א שכל, וואלט מען דעם ערשטען מערץ ניט דער'הרג'עט דעם קיסר.

א דאנק איהר האָט מען דעם גרויסען פּלאן דורכגעפיהרט אין דעם באשטימטען טאָג, און זי אליין האָט פאר דעם טאָג באצאָהלט מיט איהר לעבען.

באקאנט מיט סאָפיא פעראָווסקאיא'ן האָב איך זיך אין

פעטערבורג, אין יאָהר 1877, ווען מען האָט זי ארויסגעלאָזט פון טורמע נאָכדעם ווי מען האָט פאַר איהר איינגעלעגט געלט. זי איז דאָן געווען פאַרמישט אין דעם גרויסען „פּראָצעס פון די 193".

זי איז צום ערשטען מאָל געקומען צו מיר אין הויז צוזאַמען מיט אַלעקסאַנדראַ איוואַנאָוונאַ קאָרנילאָווא, און איז געבליבען נעכטיגען ביי מיר.

איהר אויסערליכער אויסזעהן האָט זיך גלייך געמוזט אַ וואָרף טאָן אין די אויגען. אָנגעטאָן אין אַ דאָרפישער בלוזע, האָט זי אויסגעזעהן ווי אַ יונגע „שיקסעל". די אויגען איהרע זיינען געווען גרויע, ליכטיגע און גרויסע; די האָר בלאָנדע, פאַרפלאָכטען אין אַ צאָפּ, און די קיילאַכדיגע בעקלאַך האָבען איהר צוגעגעבען אַ שעהנעם קינדערשען חן. ווען ניט דער גרויסער שטערן איהרער, וואָלט גאָר קיינעם ניט איינגעפאַלען, אַז זי איז אַן אינטעליגענטע מיידעל, אַ געבילדעטע.

אין איהר ווייסען ליבליכען פּנים'ל איז געווען אַ וועלט מיט יוגענד און פרישקייט, און אין איינפאַכקייט איז זי געווען אַזוי האַרציג ווי אַ קינד.

און די דאָזיגע קינדערישקייט אין פּנים איז ביי איהר געבליבען ביז'ן לעצטען טאָג פון איהר לעבען, ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אַזעלכע שווערע און טרויעריגע מאָמענטען.

קוקענדיג אויף איהר, האָט גאָר קיינעם ניט געקאָנט איינפאַלען, אַז זי איז געבאָרען און ערצויגען געוואָרען ביי אַ גענעראַל אין הויז. עס האָט אויך קיינעם ניט געקאָנט איינפאַלען, אַז זי, די מיידעל מיט דעם בלאַסען פּנים און מיט די צוויי גרויסע גרויע אויגען, האָט אַזאַ פעסטען, אייזערנעם כאַראַקטער.

בכלל איז איהר נאַטור געווען אַ געמיש פון ווייבליכער צערטליכקייט און מאַנסבילשער שטרענגקייט. צו פּשוט'ע מענשען האָט זי זיך באַצויגען צערטליך, ווי אַ מאַמע, און צו די חברים אין דער פּאַרטיי איז זי געווען שטרענג. ווער שמועס׳ט נאָך צו די פּאָליטישע געגנער, צו דער רעגירונג — צו איהר איז זי געווען שרעקליך שטרענג, אָהן אַ ברעקעל רחמנות.

ניט איין מאָל פלעגט סוכאַנאָוו זיך חידוש'ן, ווי אַזוי אַ פרוי קאָן זיין אַזוי שטרענג; דאָס האָט זיך איהם ניט געקאָנט לעגען אויפ'ן שכל, ווייל ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז אַ פרוי דאַרף זיין אַנדערש.

נאָכ'ן „פּראָצעס פון די 193" איז סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ'ס קוואַרטיר געוואָרען דער צענטער, וואו עס פלעגען זיך צונויפקומען די באַפרייטע חברים. זי פלעגט האַלטען אין איין רעדען וועגען דעם פּראָצעס, און מעהר פון אַלעם האָט זי גערעדט וועגען מיש־קינ'ען און וועגען דער רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען אין געריכט; זיין רעדע האָט אויף איהר געמאַכט אַזאַ שטאַרקען איינדרוק, אַז זי האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז זי מוז איהם באַפרייען פון דער טשער־גויעווער טורמע, וואו ער איז געווען פאַרשפּאַרט אין כאַרקאָווער גובערניע.

די בעסטע פריינד איהרע זיינען געווען מענשען, וועלכע האָ־בען זיך אויסגעצייכענט מיט גייסטיגע אייגענשאַפטען; אָבער יעדער איינער פון איהרע פריינד איז געווען אַ באַזונדער וועלט פאַר זיך, איינער אין אַנדערען איז ניט געווען געראָטען. צום ביישפּיל, זשעליאַבאָוו און פּראָלענקאָ.

אויף דעם וואָראָנעזשער צוזאַמענפאָהר האָב איך זיך צום ערשטען מאָל געטראָפען מיט איהרע צוויי גוטע פריינד, זשעליאַ־באָוו און פּראָלענקאָ. די פּעראָווסקאַיאַ האָט מיט מיר דאַן אַ סך גערעדט וועגען די זעלטענע מעלות וואָס זיי באַזיצען, און אין איהר ריידען האָט מען גלייך געקאָנט דערקענען, אַז פון „מיכאַילאָ'ן", דאָס הייסט, פון פּראָלענקאָ'ן, האַלט זי זעהר שטאַרק, אָבער פון זשעליאַבאָוו'ן איז זי איינפאַך באַגייסטערט.

אין איינקלאַנג מיט די אידעאַלען פון אונזער דור, איז סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ געווען איינע פון די, וועלכע האָבען זיך אינגאַנצען אָפּגעזאָגט פון די פאַרגעניגענס פון דער וועלט. זי האָט גע־לעבט זעהר אָרים און באַשיידען, כאָטש זי איז געוואוינט געוואָרען צו רייכקייט און לוקסוס.

כדי צו געבען אַ שטיקעל באַגריף וועגען איהר אָרענטליכקייט, וועל איך דאָ דערצעהלען זעהר אַן אינטערעסאַנטען פאַקט:

איינמאָל קומט זי צו מיר מיט אַ בקשה:

— ווערא, — מאַכט זי אַזוי צו מיר, — טו מיר אַ טובה און לייה מיר פופצעהן רובעל.

— אַזאַ קליינע סומע האָסטו ניט? — האָב איך זיך גע־וואונדערט.

— איך האָב געהאַט ביי זיך פּאַרטיי־געלט, — האָט זי מיר געענטפערט, — האָב איך דערפון אויסגעגעבען פופצעהן רובעל

אויף רעצעפטען ווען איך בין געווען קראנק, און אַט די פּופּצעהן רובעל טאָרען ניט אַריינגעהן אין חשבון פון די אויסגאַבען, וואָרים די פּאַרטיי איז דאָך ניט מחויב צו באַצאָהלען דערפאַר וואָס איך בין געווען קראַנק... מיין מאַמע האָט מיר צוגעשיקט אַ זיידענע קלייד צו געהן אויף אַ באַל, נו, ווייסטו דאָך, ווי איך דאַרף דאָס האָבען... איך וועל דאָס קלייד פאַרקויפען און באַצאָהלען דעם חוב.

אַט דאָס הייסט אַן אָרענטליכע נשמה!

די חברים פון דער פּאַרטיי זיינען ביי איהר געווען זעהר טייער און זי האָט שטענדיג געציטערט איבער זיי. נאָכדעם ווי מען האָט דעם 27טען פעברואר אַרעסטירט זשעליאַבאָוו'ן, מיט וועמען זי האָט געוואוינט צוזאַמען אויף איין קוואַרטיר, האָט זי זיך, ווי אַ הוימלאָזע, אַרומגעשלעפּט פון איין וואוינונג אויף דער צווייטער, און אַלע מאָל האָט זי גענעכטיגט ביי אַן אַנדער פריינדין אין הויז. אַזוי האָט זי געלעבט ביז'ן צעהנטען מערץ, ווען מען האָט זי אַרעסטירט לעבען דעם אַניטשקין־פּאַלאַץ. זי האָט געקאָנט אויספיהרען צו נעכטיגען אין איינער פון די אַלגעמיינע קוואַרטירען, וואָס מיר האָבען אָנגעהאַלטען פאַר געהיימע בעראַטונגען, אָבער זי האָט דאָס ניט געוואָלט, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז דערמיט וועט זי שטעלען אין געפאַהר די גאַנצע אַרבייט און אויך אַלע אַנ־דערע חברים וואָס באַהאַלטען זיך פון דער פּאָליציי.

אין דער צייט ווען לאָרים מעליקאָוו איז געווען דער דיקטאַטאָר און עס האָט זיך איהם דאָך ניט איינגעגעבען אויסצוהיטען דעם קיסר פון די טעראָריסטען, איז צווישען דער פּאָליציי געוואָרען אַ מהומה. דאָס איז געווען גאַנץ נאַטירליך; די פּאָליציי האָט גע־דאַרפט ווייזען, אַז זי טוט עפּעס, אַז זי אַרבייט מעשים צו געפינען די שולדיגע, האָט מען אָנגעהויבען אַרעסטירען רעכטס און לינקס, און מיר האָבען דאַן פאַרלאָרען אַ היבש ביסעל מיטגלידער.

אין פּעטערבורג האָבען זיך דאַמאַלט אַרומגעטראָגען קלאַנגען, אַז מען וועט מאַכען אָביסקען ניט נאָר אין די הייזער, נאָר אין גאַנצע קוואַרטאַלען. מען וועט זוכען און נישטערען אַזוי לאַנג, ביז מען וועט געפינען אַלע שולדיגע.

אין אַזאַ צייט איז סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ איינמאָל געקומען צו מיר:

— וועראָטשקאַ, — האָט זי זיך געווענדעט צו מיר, — קאָן איך אפשר היינט נעכטיגען ביי דיר?

— פאַרוואָס ניט ? — האָב איך איהר געענטפערט, און דערביי האָב איך זי אויסגע׳מוסר׳ט, פאַרוואָס זי שטעלט מיר גאָר אַזאַ פראַגע. אוודאי קאָן זי נעכטיגען ביי מיר !

— איך מוז דיר שטעלען אַזאַ פראַגע, — האָט זי זיך פאַר מיר געפּרואווט פאַרענטפערען, — ווייל אויב מען וועט דאָ מאַכען אַן אָביסק און מען וועט מיך געפינען, וועט מען דיך אויפהענגען.

איך האָב זי אַרומגענומען, און אָנווייזענדיג אויף דעם רע־וואָלווער, וואָס איז געלעגען ביי מיר צוקאָפּענס, האָב איך געזאָגט :

— סאָפּיעטשקאַ, טייערע מיינע, אויב מען וועט קומען אַהער מאַכען אַן אָביסק, וועל איך שיסען.

איצט טוט מיר אַזוי באַנג, פאַר וואָס איך האָב זיך דאַן ווייניג צוגעקוקט צו איהר, פאַרוואָס איך האָב ניט גענוג געשטודירט איהר כאַראַקטער. אָבער אַזוי זיינען מיר אַלע געווען אין יענער צייט : מיר האָבען ניט געשטודירט קיין כאַראַקטערס, ווייל מיר זיינען צו־פיל געווען פאַרנומען מיט רעוואָלוציאָנערער, געזעלשאַפטליכער ארבייט.

אין אַלעם איז זי פריהער פון אַלץ געווען אַ פרוי. ווען מען האָט זי אַריינגעזעצט אין אַ וואַגאָן, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצען כאַלאַט, אַן אַרעסטאַנטסקען, האָט מען איהר אויפ׳ן האַרצען אויפ־געהאַנגען אַ שילד מיט אַן אויפשריפט : „דעם קיסר׳ס מערדערין” און די הענט האָט מען איהר פאַרבונדען צו שטאַרק.

— עס טוט וועה, — האָט זי זיך געפּיעשטשעט,—ציהט ניט איין אַזוי שטאַרק.

— שפּעטער וועט נאָך מעהר וועה טאָן, — האָט דער זשאַנ־דאַרמסקי אָפיצער געענטפערט.

נאָך סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ׳ן האָט מען אויפ׳ן סעמיאָנאָווסקי סקווער געבראַכט די אַנדערע פיער, וועלכע זיינען אַרעסטירט גע־וואָרען אין פאַרבינדונג מיט דעם קיסר׳ס מאָרד : זשעליאַבאָוו׳ן, קיבאַלטשיטש׳ן, טימאָפעי מיכאַילאָ׳ן און ריסאַקאָוו׳ן.

אויף דער תליה האָט זיך סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ געהאַלטען אייזען־פעסט. איידער מען האָט זי אויפגעהאַנגען, האָט זי אַרומ־גענומען זשעליאַבאָוו׳ן, קיבאַלטשיטש׳ן און מיכאַילאָוו׳ן.

ריסאַקאָוו׳ן האָט זי ניט אַרומגענומען דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געהאַלטען זעהר ניט פיין און אויסגעגעבען דעם אַדרעס פון

דער קווארטיר אויף דער טיעלעזשנער גאס, כדי זיך אליין צו ראטעווען.

זי האט אפילו פאר׳ן טויט ניט געקאנט פארגעסען, אז איבער דעם, וואס ער האט ארויסגעגעבען דעם אדרעס, האט זיך סאבלין דערשאסען אויף טויט, העסי העלפמאן איז ארעסטירט געווארען און דערנאך געשטארבען אין טורמע, און טימאפעי מיכאילאוו האט באצאהלט מיט׳ן לעבען.

זי האט דאס איהם ניט געקאנט מוחל זיין אפילו דאן, ווען זי איז שוין געשטאנען אויפ׳ן עשאפאט.

אט אזוי איז געשטארבען סאפיא פעראווסקאיא — געטריי צו זיך און צו דער פארטיי, ביים לעבען און אויך ביים שטארבען.

די באדייטונג פונ׳ם ערשטען מארטש.

וואס מען זאל ניט זאגען און וואס מען זאל ניט טראכטען וועגען דעם ערשטען מערץ — איין זאך מוז מען צוגעבען, און דאס איז, אז זיין באדייטונג איז געווען אומגעהויער גרויס. דאס איז געווען דער שלוס־אקט פון א צוואנציג־יאהריגען קאמף, וואס איז אנגעגאנגען צווישען דער געזעלשאפט פון איין זייט און דער רע־גירונג פון דער אנדערער זייט.

קיינער איז גיט געווארען איבערראשט דערפון, וואס מען האט דעם קיסר דער׳הרג׳עט. איידער דאס איז געשעהן, איז די געזעל־שאפט אין רוסלאנד געווען צוטיילט אין צוויי לאגערען: איינינע האבען זיך געשראקען דערפאר, וואס מען וועט דעם קיסר דער־הרג׳ענען און אנדערע האבען מיט אומגעדולד ארויסגעקוקט דאריף.

די באמבע פון דעם „איספאלניטעלני קאמיטעט״ האט אויפ־גערודערט גאנץ רוסלאנד און שארף אוועקגעשטעלט די פראגע: וואו איז דא דער אויסגאנג? וואס איז די אמת׳ע אורזאכע און וואס וועט זיין ווייטער, אויב מען וועט אין לעבען ניט אריינטראגען עפעס א נייעס?

דער ערשטער מערץ האט אויך צורודערט די רוסישע פויערים אין די דערפער, און, ווילענדיג ניט ווילענדיג, האבען זיי זיך געמוזט שטעלען די פראגע: ווער האט דער׳הרג׳עט דעם קיסר און פאר־וואס האט מען איהם דער׳הרג׳עט?

די מענשען, וועלכע האבען אין יענער צייט געלעבט אין די רוסישע דערפער, האבען דערצעהלט, אז די ערמארדונג פון קיסר

האָט געצוואונגען די פּויערים שטאַרק צו פאַרקנייטשען די שטערנס און זיך ברעכען די מוחות, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען אָט וואָס:

איינציגע פּויערים האָבען פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשעהן און עס איז פאַר זיי געווען קלאָר, אַז דעם קיסר האָבען דער׳הרג׳עט די סאָציאַליסטען, וועלכע קעמפפען פאַר די אינטערעסען פון פאָלק, ווייל זיי ווילען, אַז די אָרימע פּויערים זאָלען קריגען ערד און זאָלען באַפרייט ווערען פון דעם יאָך, וואָס די טשינאָווניקעס האָבען אויף זיי אַרויפגעלעגט.

אַנדערע, ווידער, האָבען דעם גאַנצען ענין שלעכט פאַרשטאַנען און ביי זיי איז געווען רעכט צו דענקען, אַז דאָס האָבען זיך די פּריצים צובונטעוועט געגען קיסר, דערפאַר וואָס ער האָט באַפרייט די פּויערים, און אַז זיי האָבען איהם דער׳הרג׳עט, כדי מען זאָל צוריק קאָנען איינפיהרען די „פּאַנשטשינע" (לייב־אייגענטום).

אַזוי אָדער אַזוי — דער ערשטער מערץ האָט אויפגעטאָן אַ סך מעהר ווי די צעהנדליגער יאָהרען פּראָפּאַגאַנדע. וואָרים אפילו די פּויערים, וועלכע האָבען שלעכט פאַרשטאַנען דעם גאַנצען ענין און האָבען געמיינט, אַז דאָס האָבען די פּריצים דער׳הרג׳עט דעם קיסר — אפילו זיי זיינען אויך געוואָרען נעהענטער צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; ביי זיי אין הארצען איז נאָך שטאַרקער געוואָרען דער צאָרן געגען די רייכע, און אָט דער צאָרן האָט זיך צו יעדער צייט געקאָנט צופלאַקערען אין אַ העליש פייער.

פאַר דער פּאַרטיי אַליין האָט די געשעהעניש פון׳ם ערשטען מערץ געהאַט אַן אומגעהויער וויכטיגע באַדייטונג. ביי אַלעמען איז דער „איספּאָלנימעלני קאָמיטעט" מיט אַמאָל געוואָרען געהויכט און געקרוינט. פון אַלע זייטען איז מען געקומען צום „קאָמיטעט" מיט בקשות ווייטער אָנצופיהרען די אַרבייט. די צרה איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס פּונקט דאַן, ווען מען האָט געקאָנט שניידען אַזוי פיל תבואה, זיינען געווען אַזוי ווייניג שניטערס.

אַ דאַנק דער פאַסירונג פון׳ם ערשטען מערץ האָט די פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ פעסטען און גינסטיגען באָדען און געקראָגען די מעגליכקייט צו פאַרברייטערען איהר אַרבייט. און חוץ דעם איז יענע פאַסירונג געווען דער גרויסער נצחון פון די אידעען, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט געפּרעדיגט. איינציגע האָבען אָנגעוויזען דאַרויף, וואָס דער ערשטער מערץ

האָט ניט אַרויסגערופען קיין פאָלקס־אויפשטאַנד און ניט געבראַכט דערצו, אַז די רעגירונג זאָל מאַכען גרינדליכע ענדערונגען אין דעם עקאָנאָמישען און אויך אין פּאָליטישען לעבען פון'ם לאַנד.

דאַרויף קאָן מען ענטפערען, אַז ווען די פּאַרטיי האָט באַשלאָסען צו דער'הרג'ענען דעם קיסר, האָט זי קיינמאָל ניט געקוקט דאַרויף ווי אויף אַ מיטעל, וואָס זאָל אַרויסרופען אַ באוואַפענטען אויפשטאַנד; זי האָט דאָס קיינמאָל ניט געפּרעדיגט, ווייל עס איז פאַר איהר געווען קלאָר, אַז די צייט איז נאָך ניט רייף גענוג פאַר דעם. אמת טאַקע, עס זיינען ביי אונז אין דער אָרגאַניזאַציע געווען אייניגע מיטגלידער, וועלכע האָבען געוואָלט, אַז מען זאָל אין יענער צייט יאָ אַרויסרופען אַ באוואַפענטען אויפשטאַנד, אָבער מען האָט זיך מיט זיי ניט געקאָנט רעכענען, ווייל זיי זיינען געווען פון די מענשען, וואָס ווילען שניידען דאַרמען, וואו מען זייהט ניט.

און וואָס ס'איז שייך דעם פּונקט, אַז דער ערשטער מערץ האָט ניט געבראַכט קיין גרינדליכע ענדערונגען אין דעם עקאָנאָמישען און פּאָליטישען לעבען פון רוסלאַנד, איז דאָס טאַקע אמת. אָבער דערביי מוז אונטערגעשטראָכען ווערען, אַז דאָס איז געווען שלעכט ניט נאָר פאַר דער פּאַרטיי, נאָר אויך פאַר דער רעגירונג און פאַר די אַלע הערשער און הערשערלאַך פון דער גרויסער רוסישער אימפּעריע. די לופט איז אָנגעפילט געוואָרען מיט פּולווער, און מען האָט גלייך געקאָנט זעהן, אַז נאָך דעם וועלען מוזען קומען נאָך און נאָך איבערקערענישען; אין רוסלאַנד האָט זיך דאָן ניט געפונען קיין איינער, וואָס זאָל דענקען, אַז דער נייער קיסר איז זיכער מיט'ן לעבען; דאָס גאַנצע לעבען איז געווען צורודערט און עס האָט נאָר ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט געקאָנט זיין, אַז מיט דער צייט וועט מוזען פאָרקומען אַזאַ זאַך, וואָס וועט סוף כל סוף ענדערען דאָס עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לעבען אין רוסלאַנד.

און דאָ מוז איך זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דער דעמאָראַליזאַציע, וועגען דער שלעכטער זייט, וואָס איז ניט ווילענדיג אַריינגעטראָגען געוואָרען אין דער געזעלשאַפט איבער דעם, וואָס די רעגירונג און די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי האָבען צווישען זיך אָנגעפיהרט אַזאַ פאַרצווייפעלטען און פאַרביטערטען קאַמף.

ווי אין יעדען קאַמף, וואָס ווערט געפיהרט ניט נאָר מיט אידעען, נאָר אויך מיט מאַכט, האָבען געמוזט באַגאַנגען ווערען געוואַלד־טאַטען. און ווען עס קומט צו געוואַלד־טאַטען, ווען מען

הויבט אָן אונטערדריקען מענשען, גערענקען אָדער זאַכען, מוז עס קומען דערצו, אז מען זאָל ווערען ווילד.

אָט אזא טבע האָבען שוין אין זיך די געוואַלד־טאַטען; זיי רופען ארויס ביי מענשען די ווילדסטע אינסטינקטען, זיי נעמען מענשען און מאַכען פון זיי חיות. וועגען רחמנות און גרויסמוטיג־קייט קאָן שוין אין אזא צייט קיין רעדע ניט זיין; דאָס ווערט אינגאַנצען פאררוקט אָן א זייט.

און אויף דעם געביט פון ארויסרופען ביי מענשען די ווילדסטע אינסטינקטען האָבען קאָנקורירט ביידע — אי די רעגירונג, אי די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי. די פּאַרטיי האָט פראַנק און אָפען ער־קלערט, אז אין קאַמף מיט'ן שונא זיינען אַלע מיטלען כשר; א מענש וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דינאַמיט און רעוואָלווערען, איז געוואָרען א גרויסער יחסן; מען האָט ניט מורא געהאַט פאַר'ן טויט און עס האָט ניט אויסגעמאַכט צו מאַכען יענעם דעם טויט; די באַגייסטערונג ביי דער יונגוואַרג איז געווען גרויס, אין קאַמף האָט מען זיך אריינגעוואָרפען מיט לייב און לעבען, יעדער איינער האָט געוואוסט, אז סוף כל סוף וועט ער אריינפאַלען אין די הענט פון דער פּאָליציי און וועט מעהר די ליכטיגע וועלט ניט זעהן — טאָ ווי זשע קאָן זיין נאָך א בעסערע זאַך, ווי באַגעהן א טעראָריס־טישען טאַט און וויסען, אז מען האָט עפּעס אויפגעטאָן!

אמת טאַקע, די געזעלשאַפט האָט שטאַרק אַנגעקוואָלען פון די געוואַלד־טאַטען, וואָס מיטגלידער פון דער פּאַרטיי זיינען באַגאַנ־גען; אָבער דאָס איז געווען בלויז דערפאַר, וואָס עס איז גלאַט געפעלען געוואָרען די העלדישקייט און די דרייסטקייט פון די רעוואָלוציאָנערען. און ווען די זעלבע העלדישקייט האָט זיך אִי־בערגע'חזר'ט איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל און אָהן א שיעור מאָל, איז דאָס געוואָרען א געוועהנליכע זאַך.

די טונקעלע זייט פון דער רעוואָלוציאָנער'ער טעטיגקייט האָט אָבער דאָך געהאַט א ליכטיגען שטראַל אויך. דאָס איז געווען די סאָלידאַריטעט, די צוגעבונדענקייט און געטריישאַפט איינער צום אַנדערען; חוץ דעם זיינען די געוואַלד־טאַטען פון דער פּאַרטיי צוגעדעקט געוואָרען מיט דער פּאַהן פון דעם אידעאַל צו העלפען דעם פאָלק, די אָרימע, אונטערדריקטע און געקריוודעטע מענשען; זיי זיינען אויך אויסגעקויפט געוואָרען דערמיט, וואָס די רעוואָלו־ציאָנערען האָבען זיך אינגאַנצען אָפּגעזאָגט פון די פאַרגעניגענס

פון דער וועלט און האבען ניט געזוכט קיין אייגענע וויגאדעס; זיי האט מען פארשפארט אין די טורמעס, זיי האט מען פארשיקט קיין סיביר און פאר׳משפט צום טויט.

אויף אזא אופן איז אויסגעקומען, אז אין דער זעלבער צייט, וואס די געזעלשאפט איז פארגרעבט געווארען איבער די געוואלד־טאטען פון דער רעוואלוציאנערער פארטיי, האט זי דאך געהאט פאר זיך א ביישפיל פון מענשען, וועלכע האבען ארויסגעוויזען א העלדענע העלדישקייט און האבען אוועקגעגעבען זייערע לעבענס פאר אנדערע.

גאר אנדערש איז אבער געווען דער פאל מיט די געוואלד־טאטען פון דער רעגירונג; איהרע מעטאדען זיינען געווען אנ־דערע: זי האט אונטערדריקט יעדען געדאנק, ניט געלאזט אויס־רעדען א ווארט, צוגענומען ביי מענשען די פרייהייט און דאס לעבען; די טורמעס האט מען אנגעפאקט מיט מענשען, קיין סיביר און אין אנדערע פארווארפענע געגענדען האט מען געהאלטען אין איין פארשיקען, צום טויט האט מען פאר׳משפט אהן א שיעור, אין די טורמעס האט מען גע׳הרג׳עט־געשלאגען און מיאוס באליידיגט. פאר קיין זאך האט מען זיך ניט אפגעשטעלט, אלעס איז געווען רעכט, און עס האט גארניט אויסגעמאכט צו נעמען אזא מאן ווי באגאליובאוו׳ן און איהם געבען שמיץ, און אזעלכע דריי מיידלאך ווי מאלינאווסקאיא, קאלענקינא און יעווגעניא פיגנער האט מען אויסגעטאן אינגאנצען נאקעט אין דער אנוועזענהייט פון דריי דאקטוירים.

דעם קיסר׳ס משרתים זיינען איינפאך ווילד געווארען, און די מענשען, וועלכע האבען פון זייער ווילדקייט געליטען, זיינען געווען שרעקליך אין כעס און פארביטערט. און ניט נאר זיי אליין, אויך זייערע פריינד, קרובים און באקאנטע, זיינען געווען אין כעס און אויפגעבראכט; די געזעלשאפט איז צוגעוואוינט געווארען דערצו, אז מען זאל נעמען מענשען און זיי שפייען אין פנים. און איבער דעם וואס מען האט געהאנגען און געשאסען מענשען פאר אלעמען אין די אויגען, האט דאס ביי א סך מענשען צווישען עולם ארויס־גערופען בלוטדורשטיגע געפיהלען.

עס איז דאריבער געווען גאנץ נאטירליך, אז ביי א סך זאל זיך אויפוועקען דער געפיהל פון נקמה — אן אויג פאר אן אויג, א צאן פאר א צאן.

די רעגירונג האָט איינגעזעהן, אַז זי מוז האָבען אַ געהיים־פּאָליציי, האָט זי ניט געזשאַלעוועט קיין געלט און דערמיט געמאַכט אַ מאַסע מענשען פאַר שפּיאָנען; פאַרשיידענערליי מענשען האָט מען צווישען די שפּיאָנען געקאָנט געפינען — גענעראַלען, פירשטינס, אַפיצערען און אַדוואָקאַטען, זשורנאַליסטען און דאָקטוירים, סטודענטען און סטודענטקעס און אויך יונגעטשקע, פערצעה־יעהריגע גימנאַזיסטקעס. עס איז אַ פאַקט, אַז אין סימפעראָפּאָל האָט מען גענומען אַ קליין אינגעלע, אַ גימנאַזיסטעל פון עלף יאָהר, און מען האָט איהם אָנגעבאָטען געלט צו ווערען אַ שפּיאָן.

געלט איז אַ יצר הרע; מיט געלט האָבען די הערשער פון פערסיען אָפּגעקויפט די פיהרער פון גריכענלאַנד, זיי זאָלען פאַרראַטען זייער פאַטערלאַנד; מיט דרייסיג רענדלאַך האָט מען יהודה איש קריות געמאַכט פאַר אַ פאַררעטער. פאַר געלט קויפט מען אַלעס, און עס זיינען פאַראַן געגוג מענשען, וועלכע זיינען גרייט צו פאַרקויפען פאַר געלט אפילו דעם טאַטען מיט דער מאַמען. די רוסישע רעגירונג אין יענער צייט האָט דאָס גוט געוואוסט און זי האָט זיך באַנוצט דערמיט. דער „שווארצער בוך" פון דער רוסישער מאָנאַרכיע, וואָס קלעטאָטשניקאָוו האָט אויסגעפונען, וועט אויף שטענדיג בלייבען אַ שמוציגער פלעק אויף דעם געוויסען פון יענער צייט.

אין דעם „שווארצען בוך" זעהט מען ווי יונגע פרויען האָבען זיך באַנוצט מיט זייער שעהנקייט און פרישקייט צוליב שפּיאָנסקע צוועקען; מען זעהט ווי שפּיאָנען זיינען געווען טעטיג אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, כדי אריינצושלעפּען די גאַנצע פּאַרטיי אין אַ בלאָטע; ראַטשקאָווסקי אין פּעטערבורג, רייגשטיין אין מאָסקווע, זאַבראַמסקי אין קיעוו — דאָס זיינען געווען די העלדען פון דעם רעגירונגס־לאַגער, און זיי האָבען דאָס אין יענער צייט געשיינט. יעדען שפּיאָן איז געגאַנגען אין לעבען זיך אַרויסצוּווייזען, זיך אויסצופּיינען פאַר די העכערע נאַטשאַלניקעס, און ער האָט זיך ניט גערעכענט דערמיט, וואָס ער שטעלט אין קאָן די לעבענס פון אַנדערע מענשען.

ווער עס איז געוואָרען אַ שפּיאָן פאַר געלט און ווער — כדי אויסצוקויפען זיינע אייגענע „חטאים", אַז מען זאָל איהם שענקען דאָס לעבען און ניט צונעמען ביי איהם די פרייהייט. אַזוי איז געווען דער פאַל מיט וועלעדניצקי'ן, פּיאָטראָווסקי'ן, קורציג'ען, מערקולאָוו'ן און די אַנדערע.

די, וועלכע זיינען געווארען שפיאנען, כדי דערמיט צו ראטע־ווען זייער אייגענעם לעבען, זיינען פאר אונז רעוואלוציאנערען געווען דער גרעסטער קלאפ. די שפיאנען פון דעם אייגענעם לאגער זיינען פאר אונז געווען דער גרעסטער אומגליק. איבער דעם האבען מיר פארלארען דעם צוטרויען צו מענשען. פארלירען די פרייהייט איז געווען א סך גרינגער, ווי פארלירען א חבר, א געוועזענעם חבר, פאר וועמען מען איז געווען גרייט דעם לעבען איינצושטעלען, צו וועמען מען האט געהאט דעם גרעסטען צוטרויען און וועמען מען האט שטענדיג אפגעהיט ווי דאס שווארצאפעל פונם אויג. דער־זעהן אן אייגענעם חבר אין איין רייהע מיט זשאנדארען און דער־הערען, ווי ער פרעגט אזוי ציניש און פרעך: „נו, איהר האט זיך ניט געריכט דארויף?" — אזא זאך האט שרעקליך וועה געטאן.

עס פארשטעהט זיך, אז דאס איז געטאן געווארען אונטער'ן אויסרייד, אז מען ראטעוועט דאס פאטערלאנד פון געפאהר. אבער ווי מיאוס מען האט דאס געטאן!

נאך ערגער איז געווען, וואס די רעוואלוציאנערען אליין האבען אומזיסט און אומנישט אנגעהויבען חושד צו זיין איניגע חברים אין שפיאנסטווא. עס איז געווען גענוג, אז איינער זאל מאכען איין שריט ניט זעהר קיין פארזיכטיגען, און מען האט איהם שוין חושד געווען, אז ער איז א שפיאן. ניט איין מאל האט עס געהאלטען ניט ווייט דערפון, אז מיר זאלען אומזיסט און אומנישט דער'הרג'ענען א מענשען, פונקט ווי נעטשאיעוו האט דער'הרג'עט איוואנאוו'ן.

איך אליין האב דריי מאל אין מיין לעבען שיער־שיער דער־הרג'עט דריי מענשען, ווייל מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז זיי זיינען שפיאנען. דאס איז געווען צוויי יאהר איידער מען האט מיך ארעסטירט.

איינעם פון די דריי האב איך שוין געהאט באשלאסען צו פאר־סמ'ען. עס איז אויף איהם געפאלען א חשד, אז ער איז א שפיאן און איך בין געווען גרייט איהם אפצוראמען פונ'ם וועג, ווייל איך בין געווען די, וואס האט איהם אריינגעפיהרט אין דער פארטיי. צום גליק האט זיך אבער ארויסגעוויזען, אז דער חשד איז געווען אן אומזיסטער.

א צווייטען האב איך שוין געהאט באשלאסען צו שטעכען; איך בין געווען גרייט איהם אריינצוזעצען א מעסער אין הארצען אריין, ווייל די חברים, וואס זיינען שוין געווען פארשפארט אין

טורמע, האָבען מיר געלאָזט וויסען, אַז זיי זיינען זיכער, אַז ער און ניט קיין אַנדערער האָט זיי ארויסגעגעבען. דאָס איז געווען אַ יונגער מענש, אַן אָרענטליכער און אַן אויפריכטיגער; איך אַליין האָב איהם אריינגעפיהרט אין דער פּאַרטיי און בין די גאַנצע צייט געווען שטאַרק באַפריינדעט מיט איהם; אָבער ווען מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ שפּיאָן, האָב איך אָפּגעמאַכט ביי זיך אריינ־צושטעכען איהם אַ מעסער אין האַרצען אריין. אָבער צום גליק האָט זיך דאָס מאָל אויך ארויסגעוויזען, אַז דער חשד האָט קיין גרונד ניט.

איך האָב געקענט אַ יונגענמאַן, וועלכער האָט זיך עפּעס ווי געגען זיין ווילען אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַז אַלע האָבען אויף איהם גענומען טייטלען מיט די פינגער, אַז ער איז אַ שפּיאָן, און דאָס האָט איהם אַזוי געקרענקט און געערגערט, אַז ער איז שוין געווען גרייט צו באַגעהן זעלבסטמאָרד. די מענשען, וואָס האָבען איהם גוט געקענט, זיינען געווען זיכער, אַז ער איז אַן אָרענטליכער, איך האָב דאָס אויך געוואוסט; און פונדעסטוועגען, ווען מען האָט מיך געפרעגט, צי מען קאָן זיך אויף איהם פאַרלאָזען מיט רעוואָלוציאָ־נערער ארבייט, האָב איך געענטפערט: „ניין!" אַנדערש האָב איך ניט געקאָנט ענטפערען. וואָרים אַזוי איז דאָס און אַנדערש קאָן עס ניט זיין, ווען מען הויבט אָן פאַרלירען דעם צוטרויען צו מענשען, ווען עס ווערט שאַרף אוועקגעשטעלט די פראַגע: „ווער איז וויכטיגער, דער מענש, אָדער די באַוועגונג?"

און אויב אונז, די מענשען, וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג און האָבען זיך ערצויגען אויף די ריינע פּרינציפּען פון סאָציאַליזם און האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע פאַרגעניגענס פון דער וועלט, — אויב אונז האָט די רעגירונג געקאָנט קרוינען מיט דעם נאָמען „רוצחים", דאַן זיינען איהרע וויכאַוואַניקעס געווען טייוואַלים!

# דרייצעהנטער קאפיטעל.

## אין אדעם.



יבער דעם וואס מען האט דעם דריטען אפריל ארעסטירט איטאיעוו'ן און געמאכט אן אביסק אין דער קווארטיר וואו איך און ער זיינען געווען די בעלי-בתים, האט דער „קאמיטעט" באשלאסען, אז איך זאל פארלאזען פעטערבורג און ארויספאהרען קיין אדעם פארנעמען טריגאני'ס פלאץ.

טריגאני איז געווען זשעליאבאוו'ס א חבר. ער האט מיט איהם געלערענט אין נאוואראסעיסקער אוניווערסיטעט, אבער זשעליאבאוו'ן האט מען פון אוניווערסיטעט אויסגעשלאסען דערפאר וואס ער איז געווען פארטאן אין דער באוועגונג, און טריגאני איז געבליבען אין אוניווערסיטעט, געענדיגט דעם יורידישען פאקולטעט און איז געווארען אן אדוואקאט. ערשט אינ'ם יאהר 1880 איז ער צוגעשטאנען צו דער פארטיי „נאראדנאיא וואליא"; פריהער איז ער וועניג געווען פארבונדען מיט דער רעוואלוציאנערער באוועגונג.

ווען דער קאמיטעט האט אויפגענומען די פראגע, צי מען זאל ארויסרופען א באוואפענטען אויפשטאנד אין דעם טאג וואס מען וועט דער'הרג'ענען דעם קיסר, איז טריגאני אויך געווען דערביי. ער איז ספעציעל צוליב דעם געקומען פון אדעם קיין פעטערבורג. דאן איז ער שוין מעהר ניט אוועקגעפאהרען. צוזאמען מיט אנדערע חברים האט ער געהאלפען גראבען די ערד אונטער דער מאלא-סאדאווער גאס, און דעם 27טען פעברואר איז ער, צוזאמען מיט זשעליאבאוו'ן ארעסטירט געווארען אין די מעבעלירטע צימערען, וואו ער האט זיך באזעצט אין דעם טאג וואס ער איז געקומען פון אדעם *).

---

*) צווישען זיך האבען מיר טריגאני'ן גערופען „נאמעסטניק" (ממלא מקום), ווייל זיין ערשטער נאמען איז געווען פונקט אזא ווי דער ערשטער נאמען פון דעם גרויס-פירסט, וואס איז געווען דער „נאמעסטניק" אין קאווקאז. דער פסעוודאנים „מילארד", וואס די פאליציי האט געברויכט נאכ'ן ארעסט, איז צווישען אונז ניט געווען באקאנט.

געזאָגט האָט מען, אַז דער אַרעסט איז געמאַכט געוואָרען אי־בער אַ מסירה פון אָרעס. עס קאָן אָבער זיין, אַז שולדיג אין דעם איז געווען די דינסט פון די מעבעלירטע צימערען; זי פלעגט אַלע מאָל שטעהן ביי דער טיר און זיך אונטערהערען, וואָס מען רעדט. איך אַליין האָב איינמאָל באַמערקט, ווי די בעל־הבית'טע פון'ם הויז, די מאַדאַם מיסיורא, האָט זיך אויפגעפיהרט זעהר פאַרדעכטיג; זי האָט געהאַט אַ טבע אויף דער נאַכט צו באַגלייטען מיט אַ לאָמפ יעדען מענשען, וואָס איז געקומען צו זשעליאַבאָוו'ן, כאָטש מען האָט דעם לאָמפ ניט געדאַרפט, ווייל אויף די שטיגען איז נאָך געווען ליכטיג.



מיכאַאיל טריגאָני.

ווען די זשאַנדאַרען האָבען דערזעהן טריגאָני'ן, זיינען זיי שטאַרק איבערראַשט געוואָרען; זיי האָבען זיך גאָר בשום אופן ניט געקאָנט פאָרשטעלען, אַזאַ אַזאַ פריץ מיט אַזאַ שעהנער באָרד און מיט אַזעלכע פיינע מאַניערען זאָל גאָר זיין אַ רעוואָלוציאָנער.

און ווירקליך, טריגאָני האָט טאַקע געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אמת'ן פריץ; ער איז געווען אַ געבאַלעוועטער, אַ געפּיע־שטשעטער, און אין זיין ריידען האָט מען גלייך געקענט דערקע־נען אַז דאָס איז אַ געבילדעטער אדוואָקאַט און אַן אַריסטאָקראַ־

טיש ערצויגענער מענש. זיין פאטער איז געווען א רייכער פאמעשטשיק אין קרים, און זיין מוטער — אן אמת'ע גראנד־דאמע מיט פיינע מאניערען.

אויסערליך האט טריגאני ניט אויסגעקוקט ווי קיין רוס, און ער פלעגט טאקע גאנץ אפט זאגען, אז אין זיינע אדערען פליסט גריכישע בלוט.

ווען איך בין געקומען אין אדעס איבערנעהמען טריגאני'ס פלאץ, האב איך שוין דארטען געטראפען א גאנצע גרופע „נאראַ־דאוואלצעס". וואס ער, טריגאני, האט דארטען ארגאניזירט. צווי־שען זיי זיינען געווען מיינע א פאר פריינד: דער שרייבער אי־וואן איוואנאוויטש סוידענצעוו, א געוועזענער אפיצער, א גאנץ פיינער יונגערמאן פון א יאהר פינף און דרייסיג, אבער זעהר ניט קיין אקטיווער; אלגא פוריץ, א יונגע, א לעבענסלוסטיגע און זעהר א פעהיגע מיידעל. די אנדערע מיטגלידער פון דער גרופע זיינען געווען: דער סטודענט מ. י. דרעי, דער זון פון אן אנגע־זעהענעם דאקטאר, און נארטינא, א באוואוסטער לעהרער, א מענש אין די מיטעלע יאהרען, טריגאני'ס אן אלטער גוטער פריינד נאך פון קרים.

צו דער זעלבער גרופע איז נאכהער צוגעשטאנען וולאדימיר זשעבונאוו, וועמען איך האב געקענט נאך פון די סטודענטישע יאהרען אין צוריך. זשעבונאוו איז באלד געווארען דער הויפט פון דער גאנצער גרופע. אלס אגענט פון דעם „איספאלניטעלני קאמיטעט" איז ער געפאהרען קיין קאזאן און קיין סאראטאוו צוליב ארגאניזאציאנס־צוועקען, אבער אזוי ווי מיר האבען קיין שום פארבינדונג מיט קאזאן ניט געהאט, איז זשעבונאוו'ס פאה־רען אהין געווען ארויסגעווארפען, ווייל ער האט דארט גארנישט געקענט אויפטאן. אין סאראטאוו ווידער האט ער יא געטראפען איינציגע רעוואלוציאנערע טוער, וועלכע זיינען געווען פארבונדען מיט דער באוועגונג נאך פון יענע צייטען, ווען די געזעלשאפט „זעמליא אי וואליא" האט עקזיסטירט. דאס זיינען געווען די חברים: פאליוואנאוו, וועלכער איז שפעטער פארשפארט געווארען אין שליסעלבורגער פעסטונג; נאוויצקי, די פריילין דעמטשינסקי און אנדערע. זשעבונאוו האט זיי פארגעשלאגען, אז זיי זאלען זיך אנשליסען אן דער „נאראדנאיא וואליא", און זיי האבען דעם פארשלאג אנגענומען.

די גרופע איז געווען ניט זעהר קיין גרויסע און עקזיסטירט

האט זי ביז'ן לעצטען האלבען יאהר פון 1882, ווען פאליוואנאוו און ראיקא האבען געמאכט א פארזוך ארויסצוראטעווען נאוויצקי'ן פון טורמע.

דער פארזוך האט זיך ניט איינגעגעבען, און די אלע מענ־שען וואס האבען זיך אין איהם באטייליגט זיינען אריינגעפאלען. פאליוואנאוו'ן און נאוויצקי'ן האט מען פאר'משפט צום טויט, אבער דערנאך האט מען זיי באגנאדיגט און מען האט זיי פאר־שפארט אין דער אלעקסעיעווער „ראוועלינע". און ראיקא איז געשטארבען פון די קלעפ וואס ער האט געכאפט פון דעם המון, וואס האט געמיינט, אז מען האט דא צו טאן מיט א באנדע רויבער. אזוי האט מען דערצעהלט. עס איז אויך פאראן א סברא, אז ער איז גאר געשטארבען פון א קויל, וואס איינער פון די קאנ־וואינע סאלדאטען האט איהם אריינגעשאסען אין קאפ.

זשעבונאוו אליין איז געווען זעהר אן ענערגישער און א ריזה־רעוודיגער מענש. ער איז אויך געווען א געבילדעטער און האט געהאט א טבע צו ריידען א סך. קיין כבוד האט ער ניט פיינט געהאט, און דאריבער האט ער זיך שטארק אנגעשלאגען, מען זאל איהם אריינגעמען אלס א מיטגליד אין דעם „איספאלניטעלני קאמיטעט". לויט זיינע פעהיגקייטען האט ער דאס פארדינט. אזוי איז געווען מיין מיינונג, און איך האב טאקע רעקאמענדירט, מען זאל איהם אריינגעמען. צוליב דעם האט מען איהם ארויס־גערופען קיין מאסקווע, אבער דארטען האט מען איהם באלד ארע־סטירט. קיין גאר שטארקע קלאגעס האט די פאליציי געגען איהם ניט געקאנט מאכען, ווייל עס איז זעהר שווער געווען פעסט־צושטעלען וואס פאר א פארבינדונג ער האט געהאט מיט'ן „קא־מיטעט", מען האט אויך זעהר ווייניג געוואוסט וועגען זיין טע־טיגקייט אין אדעס, און דאריבער האט מען איהם געגעבען א לייכטע שטראף — מען האט איהם פארשיקט אין יאקוטסקער געגענד.

אין דער ערשטער העלפט פון די 70־גער יאהרען איז איינער פון די וויכטיגסטע רעוואלוציאנערע טוער צווישען די ארבייטער אין אדעס געווען מ. זאסלאווסקי. א דאנק דעם, וואס ער האט געהאט אן אייגענע דרוקעריי, האט ער געקענט אנפיהרען א רעוואלוציאנערע פראפאגאנדא צווישען די אדעסער ארבייטער, און מען קאן זאגען, אז ער האט אין דער באוועגונג אין אדעם אריינגעלעגט מעהר ארבייט פאר א סך אנדערע, און ווירקליך

געשאפען א פעסטען באָדען פאר די רעוואָלוציאָנערע טוער, וואָס זיינען געקומען נאָך איהם.

די ארבייטער, וועלכע זיינען געשטאנען אונטער זיין איינפלוס און האָבען זיך ביי איהם געלערנט, זיינען געוועןאמת פיין אנטוויקעלט, און אויף זיי האָט מען ווירקליך געקענט זאָגען, אז זיי זיינען אימשטאנד ווייטער פאָרטצוזעצען די ארבייט אָהן דער הילף פון אינטעליגענטען; און אויב די אָדעסער ארבייטער אין יענער צייט זיינען געווען אמת אויפגעקלערטע מענשען, האָבען זיי דאָס געהאט צו פארדאנקען זאסלאווסקי׳ן. ניט אומזיסט האָבען די רעוואָלוציאָנערע פיהרער אזוי אָנגעקוואָלען פון די אָדעסער ארבייטער; מיט זיי איז ווירקליך געווען א פארגעניגען עפּעס צו טאָן. זיי זיינצן געווען אמת אינטעליגענטע ארבייטער, אָבער, ליידער, זיינען די מעהרסטע פון זיי אריינגעפאלען, ווייל מערקולאָוו, דער זעלבער פאררעטער, וואָס האָט מיך געלאָזט ארעסטירען, האָט זיי אויך ארויסגעגעבען. און זאסלאווסקי׳ן אליין האָט מען אינ׳ם יאָהר 1877 פארשיקט אויף קאטאָרגע.

ווען איך בין געווען אין אָדעס, האָט די גרופּע צוגעקראָגען עטליכע זעהר טעטיגע מיטגלידער. עס איז צוגעקומען דער רעוואָלוציאָנער געאָרגיעווסקי, וועלכער איז אין 1877 געשטעלט געוואָרן צום געריכט צוזאמען מיט דער בארימטער רעוואָלוציאָנערקע סאָפיא באַרדינא און וועלכער איז דערנאָך אנטלאָפען פון סיביר. חוץ איהם האָב איך ארויסגערופען קיין אָדעס די פרייַלין סוויטיטש, די שוועסטער פון דעם רעוואָלוציאָנער סוויטיטש, וועלכער איז פאר׳משפט געוואָרען אין דעם קאָוואלסקי פּראָצעס.

די סוויטיטש איז געווען זעהר א וואוילע מיידעל, און איידער איך האָב זי געבראכט אין אָדעס האָט זי געוואוינט אין א פארוואָרפען שטעדטעל, און עס איז איהר געווען שרעקליך אומעטיג, ווייל זי האָט דאָרטען ניט געהאט וואָס צו טאָן.

אין יענער צייט האָט מען געפּלאנעוועט צו העלפען דער פרייַלין פ. מאָרעיניס אנטלויפען פון דער ניקאָלאיעווער טורמע. ארויסהעלפען אין דעם האָבען געדארפט די אָפיצערען, וועלכע פלעגען געהן אויף קאראַאול אין דער טורמע; דאָרטען האָבען זיי זיך באקענט מיט דער מאָרעיניס, וועלכע האָט געזאָלט פארשיקט ווערען אויף קאטאָרגע.

דער פּלאַן איז שוין געווען פארטיג. דער אָפיצער, וועלכער איז געווען אין דער טורמע אויף דער וואך, האָט געדארפט ארויס־

פיהרען די מאָרעינים פון דער טורמע שטילערהייד און זי אוועק־פיהרען אין אַ געהיימער קווארטיר, קיינער זאָל ניט וויסען וואו זי געפינט זיך. געאָרגיעווסקי און די פריילין סוויטיטש האָבען אויף זיך גענומען די ארבייט דורכצופיהרען דעם פּלאַן, און צוליב דעם זיינען זיי אוועקגעפאָהרען קיין ניקאָלאַיעוו.

דער פּלאַן האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבען, און געאָרגיעווסקי מיט דער פריילין סוויטיטש זיינען געקומען צוריק קיין אָדעס גרינדען אַ דרוקעריי, וואו מען זאָל קאָנען ארויסגעבען פּראָקלאַמאַציעס פאר די ארבייטער. דאָס איז געווען ניט שווער, ווייל זאַץ־שריפט האָבען מיר געהאט, אָבער מעהר ווי איין פּראָקלאַמאַציע האָט מען אין דער טיפּאָגראַפיע ניט געדרוקט. די איינציגע פּראָקלאַמאַציע וואָס מען האָט יאָ געדרוקט, איז געווען ביי דער געלעגענהייט ווען עס איז פאָרגעקומען די לויה פון דעם רעוואָלוציאָנער פעסענקאָ, וועלכער איז עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד געווען זעהר שטארק קראַנק.

די פּאָליציי האָט געוואָרפען אַן אויג אויף געאָרגיעווסקי'ן, האָט מען איהם אַזוי לאַנג נאָכגעשפּיאָנירט, ביז מען האָט איהם ארעסטירט צוזאַמען מיט דער פריילין סוויטיטש. די טיפּאָגראַפיע האָט מען דאַן אויך צוגענומען.

אין יענער צייט בין איך אויך שיער ניט אריינגעפאַלען. איך בין צוגעקומען צו דער קווארטיר, וואו געאָרגיעווסקי האָט געוואוינט צוזאַמען מיט דער פריילין סוויטיטש, און האָב דערזעהן, ווי אויף דער וואַנט איז מעהר ניטאָ קיין סימן, וואָס זאָגט אָן, אַז עס איז ניט קיין געפאַהר אריינצוגעהן. מיר איז ניט איינגעפאַלען דער געדאַנק, אַז מען האָט זיי אפשר ארעסטירט; איך האָב געדענקט, אַז דאָס מיינט בלויז, אַז די בעלי־בתים זיינען איצט אין דערהיים נישטאָ. ביי דער מיר האָב איך דערזעהן אַ שלאָס, און אין דער מינוט האָב איך זיך געכאַפּט, אַז גיכער פון אַלץ האָט מען זיי אודאי ארעסטירט. ניט פארלירענדיג קיין איין אויגענבליק בין איך גלייך אוועק. צום גליק האָט מען דאָס הויז נאָך ניט געהאט באַלאַגערט, און מיר האָט זיך איינגעגעבען זיך אָפּצוטראָגען אין צייט.

דאָ וויל איך נאָך דערמאָנען דעם יונגען אידישען סטודענט קאַהאַן, דער פריילין פּוריץ'ס אַ שוואָגער. ער איז געשטאַנען זעהר נאָהענט צו אונזער באַוועגונג. מעהרסטענטיילס האָט ער געארבייט צווישען די אָדעסער סטודענטען. פון זיי האָט ער צו־

גויפגעשטעלט אַ גאַנץ שעהנע גרופּע, וועלכע איז געשטאַנען אין נאָהענטער פאַרבינדונג מיט דער פּארטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“.

די אָפיצערען אין דרום טייל פון רוסלאַנד.

דורך איוואַן איוואַנאָוויטש סוועדענצעוו, וועלכער איז אַמאָל געוועזן אַן אָפיצער, האָבען מיר געהאַט פאַרבינדונגען מיט אַנדערע אָפיצערען אין דער אַרמיי. און אַזוי ווי איך פלעג אָפט אַריינקומען צו איהם אין הויז, האָב איך זיך דאָרטען באַקענט מיט אַ גאַנצער גרופּע אָפיצערען.

צווישען דער גרופּע זיינען געווען: דער ראָטנער קאָמאַנדיר פון׳ם לובלינער פּאָלק מ. קראַיסקי, סטראַטאַנאָוויטש, טעליע און אַנדערע. זיי האָבען זיך אַלע באַצויגען צו מיר זעהר ליבליך, ווי עס באַציהען זיך געוועהנליך אָפיצערען צו אַ דאַמע; יעדער איינער איז צו מיר געווען זעהר העפליך, פיין און מאַנירליך, אמת׳ע קאַוואַליערען.

די ערשטע צייט פלעגען מיר ריידען וועגען ליטעראַטור און קונסט. קיין רעוואָלוציאָנערע פראַגען האָבען מיר ניט אָנגעריהרט. דערנאָך האָב איך באַמערקט, אַז דער ראָטנער קאָמאַנדיר קראַיסקי האָט זעהר ליב מיט מיר צו פאַרברענגען, אַז עס איז איהם זעהר אָנגענעהם צו ריידען מיט מיר; האָב איך זיך אָנגעהויבען טרעפען מיט איהם אָפטער, ביז איך האָב איהם ביסלאַכוויז אַריינגעצויגען אין געשפּרעכען וועגען סאָציאַליזם, און דאַן האָב איך אַרויסגעזאָגט מיינע רעוואָלוציאָנערע אַנשויאונגען.

אַזוי עטליכע מאָל, ביז ער איז געוואָרען „אַן אייגענער מענש“ און האָט צוגעגעבען, אַז ער אַליין אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט דער אידעע פון פּאָליטישער פרייהייט און אַז ער איז איבערצייגט אין דעם, אַז נאָר דער סאָציאַליזם וועט ראַטעווען די וועלט פון אַלע אומגליקען.

איך אַליין האָב זיך מיט דעם ראָטנע קאָמאַנדיר קראַיסקי שטאַרק פאַראינטערעסירט. איך מוז זיך אָבער מודה זיין, אַז מיין אינטערעס אין איהם איז געווען גרויס ניט דערפאַר, וואָס ער האָט מיר צוגעגעבען, אַז ער גלויבט אין סאָציאַליזם און אין פּאָליטישער פרייהייט, נאָר דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ מענש מיט ווידערשפּרוכען; שטענדיג האָט איהם עפּעס געפעהלט. אַלע מאָל איז איהם עפּעס אָפּגעגאַנגען. אין דער זעלבער צייט וואָס ער איז געווען זיכער, אַז אינ׳ם קאַמף פאַר אַן אידעאַל מוז

מען קודם כל זיין פאַרגלויבט אין דעם אידעאַל און אַז מען מוז אָנפיהרען אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדאַ ווען מען וויל דורכפיהרען אַ אידעע אין לעבען — אין דער זעלבער צייט האָט ער גע־טענה'ט, אַז אַן אמת'ע פּראָפּאַגאַנדאַ קען מען אָנפיהרען בלויז דאַן, ווען מען איז אַליין גוט באוואפענט מיט קענטעניס און ווי־סען, ווען מען איז אַליין אַ מענש מיט אַ גאָר הויכער בילדונג; און שטענדיג איז ביי איהם אויסגעקומען, אַז דאָס וויכטיגסטע, די הויכע בילדונג, וואָס מען דאַרף האָבען, האָט ער ניט.

ביי יעדער געלעגענהייט האָט ער באַדויערט פאַרוואָס עס פעהלט איהם די הויכע בילדונג, און ניט איינמאָל האָט ער זיך געקלאָגט דאַרויף, וואָס מען האָט איהם ניט געוואָלט אַריינגעמען אין דער אַקאַדעמיע. זיין מיינונג איז געווען, אַז אַ סך גע־שטערט אין דעם האָט איהם דאָס, וואָס ער איז אַ קאַטאָליק.

און כאָטש ער האָט זיך געהאַלטען אין איין קלאַגען דאַרויף וואָס ס'פעהלט איהם בילדונג, האָט ער גאָרניט געטאָן צו אַנט־וויקלען אין זיך די גייסטיגע אייגענשאַפטען וואָס ער האָט פאַר־מאָגט.

ביי מיר איז דאָס אויסגעקומען מאָדנע. אַ מענש האַלט אין איין ריידען וועגען דעם וואָס עס פעהלט איהם בילדונג, און אַר־בייט גאָרניט איבער זיך אַליין! איז מיר איינגעפאַלען, אַז מיט מיין פריינדליכער באַציהונג וועל איך איהם העלפען אַרויסקריכען פון דער אומאַנגענעמער לאַגע, וועל איך שוין זעהן, אַז ער זאָל זיך וועניגער קלאָגען און מעהר אַרבייטען, כדי עס זאָל ניט אויס־קומען אַז ער שטעהט און טאָפּטשעט זיך די גאַנצע צייט אויף איין אָרט. איך האָב געוואָלט איינס פון די צוויי: אָדער ער זאָל צוגעבען, אַז מעהר ווי ריידען און באַקלאָגען זיך קען ער ניט, אָדער ער זאָל זיך אויפהערען קלאָגען און זיך בעסער נעהמען אַרבייטען איבער זיך אַליין.

איך האָב געדענקט, אַז דערפאַר וואָס ער איז בטבע זעהר אַן אָרענטליכער מענש און באַציהט זיך זעהר ערנסט און געוויי־סענהאַפט צו דער פראַגע וועגען הויכער בילדונג און רעוואָלוציאָ־נערער טעטיגקייט, שטעלט ער פאַר זיך אַליין אויף צו־גרויסע פאָ־דערונגען; אַז ער קען ניט צוגעהן צו אַן אידעאַל אַזוי לייכט ווי אַנדערע. דאַריבער האָב איך פאַר איהם איינמאָל אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז ווען אַ מענש איז אַליין פאַרגלויבט אין אַ גע־וויסען אידעאַל און אין דער זעלבער צייט פיהלט ער, אַז עס פעה־

לען איהם בלויז ארגומענטען צו איבערצייגען אנדערע, איז מען ניט מחויב מיט אמאל אריינצופאמפען אין זיך די גאנצע תורה און דערנאך קומען א באוואפענטער און א באלאדענער מיט ארגומענטען; דאס אייגענע קען מען טאן ביסלאכוויז, ניט מיט אמאל; מען ליערנט, מען שטודירט יעדע פראגע באזונדער, און דאס וואס מען קען, גיט מען איבער אנדערע; נאך מעהר, אויף אזא אופן באקענט מען זיך אליין אויך מעהר מיט די פראגען וואס מען שטודירט טעארעטיש.

אט אזוי האב איך איהם געזאגט. האט ער מיר אבער דארויף געענטפערט, אז דאס קען ער ניט, ווייל עס איז איהם שווער אריבערצוטראגען די געזעלשאפט פון מענשען, וועלכע שטעהען גייסטיג נידעריגער פון איהם.

אליין האט ער געהאלטען אין איין טענה'ן, אז ער וויל ארבייטען, אז ער וויל עפעס טאן; עס איז ניט מעהר, עס פעהלט איהם די נויטיגע בילדונג; און ווען עס איז געקומען צו עפעס, האט ער געזאגט, אז עס איז איהם שווער אריבערצוטראגען די געזעלשאפט פון מענשען, וועלכע שטעהען גייסטיג נידעריגער פון איהם.

א מענש מיט ווידערשפרוכען.

און דוקא דאס האט געוועקט מיין אינטערעס צו איהם. ווען איך האב נאר געהאט א געלעגענהייט, האב איך מיט איהם גערעדט וועגען סאציאליזם און וועגען דער רעוואלוציאנערער באוועגונג, ווייל מיר האט זיך אלץ אויסגעוויזען, אז אזא מענשען ווי ער דארפען מיר האבען אין דער באוועגונג; איך בין געווען זיכער, אז ער איז א מענש מיט א שטארקען ווילען און ווען ער וועט אפמאכען ביי זיך צוצושטעהן צו דער פארטיי און ארבייטען פאר'ן אידעאל, וועט ער זיין איבערגעבען מיט לייב און לעבען.

מיט דעם אפיציר סטראטאנאוויטש האב איך זיך ווייניג אינטערעסירט. אמת טאקע, ער איז געווען א גאנץ ארענטליכער בחור. אבער זיין כאראקטער איז ניט געווען אזוי פארפלאנטערט ווי קראיסקי'ס און עס איז אין איהם ניט געווען דער רייץ, וואס זאל מיך צוציהען. און א חוץ דעם, איז ער גאר אין אנפאנג אסיען אוועקגעפאהרען פון אדעס, ווייל מען האט איהם איבערגעפיהרט קיין אטשאקאוו.

ביידע, אי דער ראטנער קאמאנדיר קראיסקי, אי דער אפיצער סטראטאנאוויטש זיינען געווען גוט באפריינדעט מיט דעם

פּאַרפּאַלקאָווניק פון פּראַגער פעכאַטנער פּאָלק, מיכאאיל אַשענ־ברענער, וועלכער איז נאכהער פאַרשפּאַרט געוואָרען אין שליסעל־בורגער פעסטונג.

אַשענברענער איז געוועזן זשעליאַבאָוו'ס אַן אַלטער גוטער פריינד. נאָך אין יאָהר 1879 זיינען זיי באַקאַנט געוואָרען. מיט אַ יאָהר שפּעטער, אין 1880, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געוועזן אין אָדעס, האָט מען מיך פאַר איהם פאָרגעשטעלט ביי סווערענצאָוו'ן אין הויז. דאָס איז געוועזן איידער איך בין אוועק־געפאָהרען קיין פּעטערבורג. סווערענצעוו האָט מיר געזאָגט, אַז דער פּאַרפּאַלקאָווניק איז אַ סאָציאַליסט און אַ רעוואָלוציאָנער און דערפאַר האָב איך געהאַט חשק זיך צו טרעפען מיט איהם אָפטער, אָבער דאָן האָט זיך אונזער באַקאַנטשאַפט עפּעס ניט גע־קלעפּט; מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ער איז עפּעס אַ צו־קראָכענער, ניט קיין רעדעוודיגער; ער איז געוועזן מיט גאַנצע צעהן יאָהר עלטער פון מיר און עפּעס האָב איך ניט געוואוסט ווי אַזוי מען טרעט צו צו איהם; אָדער ער איז ניט געוועזן גע־וואוינט צו אַ געזעלשאַפט פון פרויען, אָדער ער האָט זיי פיינט געהאַט. ווען מיר האָבען זיך געטראָפען, האָבען מיר זיך ביידע געלאַנגווייליגט.

און איצט, ווען איך בין דאָס צווייטע מאָל געקומען אין אָדעס, איז אַשענברענער שוין געוועזן אין ניקאָלאַיעוו, אָבער פון צייט צו צייט פלעגט ער קומען קיין אָדעס און אונזער אַלטע באַ־קאַנטשאַפט איז באַנייט געוואָרען.

אין ניקאָלאַיעוו האָבען זיך אַרום אַשענברענער'ן געגרופּירט די אָפיצערען פון זיין פּאָלק: טאַלאַפּינדאָוו, מאַימעסקולאָוו, מיצ־קעווימש, קיריאַקאָוו און אוספענסקי. זיי האָבען איהם אַלע זעהר ליב געהאַט און זיינען, פונקט ווי ער, געשטאַנען נאָהענט צום סאָציאַליזם און צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אין יענער צייט האָט סוכאַנאָוו געדאַרפט אַנקומען פון פּע־טערבורג, און אַזוי ווי איך האָב געוואָלט צוגרייטען דעם באָדען פאַר זיין קומען, בין איך עטליכע מאָל צוגעפאָהרען קיין ניקאָ־לאַיעוו און דאָרטען האָב איך זיך ביי אַשענברענער'ן אין הויז באַ־קענט מיט די אַלע אָפיצירען, וועלכע האָבען זיך געדרעהט אַרום איהם.

זיי זיינען אַלע געוועזן מיט אַשענברענער'ן אין איין עלטער. אַלע אַזעלכע סאָלידע, באַלעבאַטישע מענשען. גאָר ניט פון דעם

שניט אָפיצירען, וועלכע האָבען זיך געדרעהט ארום דעם פלאַטען־אָפיצער סוכאַנאָוו.

סוכאַנאָוו'ס גרופּע איז באַשטאַנען פון לעבעדיגע, יונגע אָפּיצערען, וואָס מען האָט גלייך געקענט דערקענען, אַז זיי זיינען גרייט אין פייער און אין וואַסער צו שפּרינגען. און אַשענברענער'ס גרופּע איז געווען גאָר אַן אַנדערע.

אַשענברענער אַליין איז געווען אַ מענש אַ געבילדעטער און זעהר אַ באַלעזענער. אין דער גרופּע האָט זיך מיט איהם קיין אַנדער אָפּיצער ניט געקענט פאַרגלייכען, און דאַריבער איז ער טאַקע געווען דער פיהרער, דער קאָפּ פון דעם גאַנצען קרוזשאָק.

זיי האָבען זיך געהאַלטען אָפּגעזונדערט פון אַנדערע. קיין זאַך האָט זיי ניט באַגייסטערט צופיל און מיט קיין רעוואָלוציאָנערער ארבייט האָבען זיי זיך ניט אָפּגעגעבען. און ווען איך האָב געמאַכט אַ רייד וועגען דעם ווי נויטיג עס איז צוצוציהען נאָך אַנדערע אָפּיצערען צום קרוזשאָק, האָט מען מיר געענטפערט, אַז צווישען די אָפּיצערען זיינען ניטאָ קיין פּאַסיגע מענשען פאַר אַזאַ קרוזשאָק און די גאַנצע ארבייט וועט דאַריבער זיין ארויסגעוואָרפען.

פונדעסטוועגען האָט מען מיך געפאָלגט און מען האָט פאַרפיהרט באַקאַנטשאַפט מיט די בעסערע פלאָטען־אָפּיצערען פון יענעם געגענד. מען האָט זיי אַריינגעצויגען אין דער ארבייט און זיי האָבען אַריינגעטראָגען אַזוי פיל לעבען, אַז אַשענברענער האָט זיך ניט איין מאָל געשראָקען און אויסגעדריקט די מיינונג, אַז זיי, די פלאָטען־אָפּיצירען, כאַפּען שוין אַביסעל אריבער די מאָס.

אָבער אײדער מען האָט אַריינגעצויגען די פלאָטען־אָפּיצירען, האָט זיך אַשענברענער באַנוגענט מיט אַקאַדעמישער אויפקלערונג. ער אַליין האָט געקענט מאַרקס'עס „קאַפּיטאַל“ גרינדליך און אַמאָל, ווען ער איז נאָר געווען גוט געשטימט, האָט ער געקענט ריידען און ריידען וועגען פאַרשידענערליי פילאָזאָפישע טעאָריעס. דאַרויף איז ער געווען אַ מייסטער.

איך וואָלט דאָ געוואָלט שילדערען יעדען אָפּיצער באַזונדער, אָבער, לײדער, האָב איך זיי ניט אַזוי גוט געקענט. אַשענברענער האָט יעדען איינעם פון זיי זעהר ליב געהאַט און ווי ער האָט מיר איבערגעגעבען, זיינען זיי אַלע געווען זעהר וואוילע און אינטערעסאַנטע מענשען. עטליכע מאָל האָט ער מיר געזאָגט, אַז יעדער איינער פון זיי איז מיט לייב און לעבען געווען איבערגעגע־

בען דער ארבייט און איז צו יעדער צייט געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאר די אינטערעסען פונ׳ם פאלק.

אויף דעם סמך האט מען שוין געהאט צוגעגרייט אלעס, אז עס זאל קומען א פארטרעטער פון דער צענטראלער מיליטערישער גרופע און זעהן, אז אשענברענער׳ס קרוזשאק זאל זיך אפיציעל אנשליסען אן דער פארטיי פון דער „נאראדנאיא וואליא“.

דער פארטרעטער האט געזאלט זיין סוכאנאוו, אבער דעם 28טען אפריל האט מען איהם ארעסטירט.



מיכאאיל אשענברענער.

איבער דעם האט מען שוין קיין אדעם ארויסגעשיקט בוצעוויטש׳ן. מען האט זיך באנוצט מיט דער געלעגענהייט, וואס דער אייזענבאהן-מיניסטער האט איהם געשיקט צום ניקאלאיעוו׳ער האפען צוליב עפעס א אינזשענערסקער ארבייט.

בוצעוויטש איז געקומען צו מיר, און איך האב איהם געגעבען א בריף צום פאדפאלקאווניק אשענברענער קיין ניקאלאיעוו. מיין מיינונג איז געווען, אז מען דארף גלייך פאראייניגען די אדעסער אפיצערען מיט די ניקאלאיעווער, אבער בוצעוויטש האט גלייך געמוזט אוועקפאהרען קיין ניקאלאיעוו און דאריבער האט ער זיך

מיט די אָדעסער אָפּיצערען נים געקאָנט זעהן. ערשט אין מאָנאַט דעצעמבער איז ער געקומען צוריק קיין אָדעס און דאַן האָט ער זיך גענומען צו דער ארבייט שאַפען די פאַראייניגונג.

שווער איז בוצעוויטש'ען די ארבייט ניט אָנגעקומען, ווייל אי די אָדעסער, אי די ניקאָלאַיעווער אָפּיצערען זיינען שוין געווען צוגעגרייט צום געדאַנק, אַז זיי דאַרפען זיך פאַראייניגען און זיך שטעלען אונטער'ן קאָנטראָל פון דעם מיליטערישען צענטער. אַלע אָפּיצערען האָבען אויסגעהערט בוצעוויטש'ן זעהר אויפמערקזאַם און דערנאָך האָבען זיי אויף זיך גענומען די פליכט ארויסצוגעהן אין גאַס מיט געוועהר אין האַנט און הייסען די סאָלדאַטען טאָן דאָס זעלבע אַזוי שנעל ווי דער מיליטערישער צענטער וועט הייסען.

אויף אָנצופיהרען אַ פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די סאָלדאַטען האָב איך פאַר דער ניקאָלאַיעווער גרופּע באַשטימט דעם ארבייטער אַלעקסאַנדער.

און אַזוי איז געשאַפען געוואָרען אַ פאַרבאַנד פון די רעוואָלוציאָנערע אָפּיצערען אין צפון־טייל פון רוסלאַנד מיט די רעוואָלוציאָנערע אָפּיצערען אין דעם דרום־טייל פון רוסלאַנד, און ערום און ערום האָט די מיליטערישע אָרגאַניזאַציע דאַמאָלסט געהאַט אַ פופציג מיטגלידער.

## פערצעהנטער קאַפּיטעל.

### דער פּאַרטיי צענטער ווערט אַריבערגעפיהרט קיין מאָסקווע.



נדע אָקטאָבער האָב איך באַקומען אַ בריף, אַז איך זאָל גלייך קומען קיין מאָסקווע. פאַר דעם האַלבען יאָהר וואָס איך בין דאָ געוועזן אין אָדעס, האָב איך זעהר וועניג ידיעות געקראָגען און דאַריבער האָב איך זעהר וועניג געוואוסט, וואָס עס קומט פאָר אין מאָסקווע, וואוהין מען האָט אַריבערגעפיהרט די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון דער פּאַרטיי.

מיט דער איינלאַדונג צו קומען קיין מאָסקווע האָב איך זיך שטאַרק דערפרעהט און איך האָב מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען איך וועל שוין קומען אַהין און וועל קאָנען זעהן די חברים, וועלכע האָבען זיך אויסגעדרעהט פון דער פּאָליציי נאָכ־דעם ווי מען האָט דער׳הרג׳עט דעם קיסר. איך האָב איינפאַך גע־נאַרט צו זעהן יורי באָגדאַנאָוויטש, די פריילין קאָרבאַ, גראַטשעוו־סקי׳ן, די איוואַנאָווסקאַיאַ און אויך די אַנדערע חברים, וועלכע זיינען צוזייהט און צושפּרייט געוואָרען איבער׳ן גאַנצען לאַנד נאָך דעם ווי דער „קאָמיטעט” האָט מיט ערפאָלג דורכגעפיהרט דעם פּלאַן צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר.

ווען איך בין געקומען פון אָדעס קיין מאָסקווע און האָב דער־זעהן דעם חורבן וואָס די רעאַקציע האָט געמאַכט אין די רייהען פון אונזער פּאַרטיי, האָט עס מיר שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרצען.

ניט מיט׳ן גוטען ווילען האָט מען דעם „איספּאָלניטעלני קאָ־מיטעט„ אַריבערגעפיהרט פון פּעטערבורג קיין מאָסקווע, נאָר פּשוט דערפאַר, וואָס מען האָט געוואָלט ראַטעווען די מענשען, וועלכע זיינען ניט אַריינגעפאַלען צו דער פּאָליציי אין די הענט אין די מאָנאַטען מאַרטש און אַפּריל, נאָכדעם ווי דער קיסר איז דער־הרג׳עט געוואָרען אין מיטען גאַס.

בלייבען אין פּעטערבורג איז געוועזן אוממעגליך, וואָרים עס איז געוועזן קלאָר, אַז אַ מענש, וועלכען קען די מיטגלידער פונ׳ם

„קאַמיטעט" פּערזענליך, ווייזט אַן אויף זיי אין גאַס און די פּאָליציי אַרעסטירט זיי.

פון דעם אַליין, וואָס מען האָט דעם „קאַמיטעט" איבערגע־פיהרט פון פּעטערבורג קיין מאָסקווע, איז דער פּאַרטיי קיין געזונט ניט צוגעקומען. וואָרים אין יענער צייט איז פּעטערבורג געווען דאָס ווינקעלע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דאָרט איז געווען דער צענטער פון דער רעגירונג, דאָרטען האָט געוואוינט די סמעטענע פון דער רוסישער אינטעליגענץ און דאָרטען איז אויך געווען די נעסט פון די אַלע כוחות, וועלכע האָבען געאַרבייט געגען דער רעגירונג.

דוקא אין דער קרוינשטאָדט זיינען געשאַפען געוואָרען די וויכטיגסטע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבען גע־טראָגען אַן אַל־רוסישען כאַראַקטער.

פון אַלע שטעדט און שטעדטלאַך פון דער גרויסער רוסישער אימפּעריע איז מען געקומען קיין פּעטערבורג, ווייל דאָרטען האָט שטאַרקער ווי אומעטום געקלאַפּט דער דופק פון לעבען; אין פּעטערבורג זיינען געשאַפען געוואָרען די לאָזונגען און פון דאָרטען איז פאַרשפּרייט געוואָרען אַ נעץ פון רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט איבער'ן גאַנצען לאַנד.

די וויכטיגסטע פּאָליטישע פּראָצעסען, וועלכע האָבען געהאַט אַ גרויסע אַגיטאַציאָנס באַדייטונג, זיינען פאָרגעקומען אין דער קרוינשטאָדט און דאָרטען האָט יעדער רעוואָלוציאָנערער אַרויס־טריט שטאַרק אָפּגעהילכט אין אַלע ווינקעלאַך. אין פּעטערבורג האָבען געוואוינט די גרעסטע רוסישע שרייבער, פון וועלכע אַ היבשע צאָהל איז געשטאַנען נאָהענט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די רעוואָלוציאָנערע שריפטען, וואָס די פּאַרטיי האָט אַרויסגעגעבען, האָבען זיך געדרוקט אין פּעטערבורג און פון דאָרטען האָט מען זיי צושיקט איבער'ן גאַנצען לאַנד.

די אַרבייטער אין פּעטערבורג זיינען געווען גענייגט צו דעם סאָציאַליזם און צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג מעהר ווי די אַרבייטער אין אַנדערע שטעדט. דאָרטען האָט מען אין די פאַב־ריקען און זאַוואָדען אָנגעפיהרט אַ ברייטערע פּראָפּאַגאַנדע און מיט מעהר טאַלק ווי אין אַנדערע שטעדט.

די שטודירענדע יוגענד איז אין פּעטערבורג געווען גרעסער אין צאָהל ווי אין אַנדערע שטעדט, און אַ חוץ דעם איז זי בכלל

געשטאנען העכער פון דער גאנצער שטודירענדער יונגוואַרג אין רוסלאנד, און מען האָט שוין געוואוסט, אז ווי נאָר עפּעס אַ טומעל, אַ רעוואָלוציאָנערע איבערקערעניש, זיינען די פּעטערבורגער סטו־דענטען די ערשטע אין דער רייהע.

אין אנדערע שטעדט האָט די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג גע־קאָנט זיין אמאָל שטארק און אמאָל — אינגאנצען אָפּגעשטאָרבען. אין פּעטערבורג אָבער האָט דאָס אין יענער צייט ניט געקאָנט זיין. דאָרטען איז אָלע מאָל געווען אַ רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציע.

ארויספאָהרען פון פּעטערבורג, איבערפיהרען די צענטראַלע קערפּערשאפט אויף אַן אנדער פּלאַץ, אין אַן אנדער שטאָדט, האָט געהייסען פארלירען דעם באָדען, אויף וועלכען עס האָבען די גאנצע צייט געשפּראָצט און געבליהט אָלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאניזאציעס — דעם באָדען, וואָס איז דורכגעווייקט מיט דער רעוואָלוציאָנערער פארגאנגענהייט פון דער גאנצער צייט. דאָס איז געווען פּונקט דאָס זעלבע ווי איבערלאָזען די היים, וואו מען איז געבאָרען גע־וואָרען און זיך לאָזען וואנדערען איבער דער וועלט.

מאָסקווע, די שטאָדט, וואוהין מען האָט אריבערגעפיהרט דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", האָט ניט געהאט קיין רעוואָלוציאָ־נערע טראַדיציעס. אָט איז דאָרטען געווען אַ רעוואָלוציאָנערער קרוזשאָק און אָט איז ער צופאַלען געוואָרען איבער דעם, וואָס מען האָט ארעסטירט עטליכע מיטגלידער. אזוי איז געווען דער פאַל מיט די „נעטשאַיעווצעס" און שפּעטער אויך מיט די „דאָלגאָאו־שינצעס" אינ'ם יאָהר 1874.

די „טשאַיקאָווצעס" האָבען אין מאָסקווע יאָ געהאט אַן אָפּ־טיילונג, אָבער זי איז ניט געווען קיין זעלבסטשטענדיגע און איז ניט אויסגעוואקסען אויף דעם מאָסקווער באָדען גופא. אין צאָהל איז די אָפּטיילונג געווען זעהר קליין און זי האָט דער באוועגונג קיין סך ניט געגעבען.

אין די יאָהרען 1874—75 האָבען אין מאָסקווע געאַרבייט מענשען, וועלכע זיינען נאכהער געווען פארמישט אין דעם „פּראָ־צעס פון די פופציג", אָבער זיי זיינען גאָר ניט געווען קיין מאָס־קווער, די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען צוריכער סטודענטען און אויך קאווקאזצעס, און כאָטש זיי האָבען מיט אָלע כוחות געאַרבייט אָנפיהרענדיג אַ פּראָפּאגאנדע צווישען די אַרבייטער אין די פאב־ריקען, האָבען זיי דאָך קיין סך ניט אויפגעטאָן, ווייל אין מאָסקווע

איז אין יענער צייט געווען גאר אן אנדער לופט. דארטען האט מען קיין סך ניט געקאנט אויפטאן.

ווען די „נאראדנאיא וואליא" איז געגרינדעט געווארען, האט זי ניט געוואלט אויסלאזען אזא שטאדט ווי מאסקווע. דאן האט דער „קאמיטעט" אוועקגעשיקט אהין צוויי פון די אנגעזעהענסטע מיטגלידער — פ. א. טעלאלאוו און די אשאנינא. זיי האבען דארטען געגרינדעט א גרופע, וועלכע האט געארבייט ענערגיש צווישען די ארבייטער און אויך צווישען דער שטודירענדער יונגווארג.

ווען דער „קאמיטעט" איז אריבערגעפיהרט געווארען קיין מאסקווע, האט ער זיך אנגעכאפט אן דער גרופע, וואס איז נאך פריהער געגרינדעט געווארען. אבער קיין סך אויפטאן האט מען ניט געקאנט. איבערלאזען פעטערבורג אינגאנצען אהן רעוואלוציאנערע פיהרער האט מען דאך ניט געטארט, האט מען אהין אוועקגעשיקט טעלאלאוו'ן און נאך צוויי נייע מיטגלידער פונ'ם „קאמיטעט" — ראמאנענקא'ן און סטעפאנאוויטש'ן.

אלע דריי זיינען אין פעטערבורג געווען פרעמד, ווייל זיי האבען דארטען קיינמאל ניט געארבייט, און די פעטערבורגער רעוואלוציאנערע פיהרער זיינען אין מאסקע געווען פרעמד. איבער דעם איז אויסגעקומען, אז ביי אלעמען זיינען די ערשטע צייט די הענט געווען געבונדען און מען האט ניט געוואוסט ווי אזוי צו צוטרעטען צו דער ארבייט.

און וויכטיגער פון אלץ איז געווען דאס, וואס פעטערבורג איז אין רעוואלוציאנערען זינען געווארען א פראווינץ־שטאדט און מאסקווע איז געווארען די רעוואלוציאנערע הויפט־שטאדט — אבער אהן די גייסטיגע און מאטעריעלע וויגאדעס וואס פעטערבורג האט געהאט.

ווער עס איז אומגעקומען און ווער עס איז געבליבען.

אין מאסקווע האט מען ערשט דערפיהלט דעם חורבן פונ'ם „איספאלניטעלני קאמיטעט", און ווען איך בין געקומען אהין פון אדעס, האב איך ערשט דערזעהן, ווי עס פעהלען די מענשען, וועלכע האבען דעם „קאמיטעט" געגרינדעט און זיך מקריב געווען פאר איהם.

דער אמת איז געווען, אז נאך אין 1879 איז שוין דער „קאמיטעט" געווען צוקלאפט. אבער — ווי דאס זאל ניט אויסקומען

מאָדנע — קיינער פון אונז האָט דערפון ניט גערעדט; מיר פלעגען זיך צונויפקומען, באַשפּרעכען פאַרשיידענע פראַגען און זיך פאַנאַנדערגעהן, גלייך עס וואָלט מיט קיינעם פון אונזערע מענשען קיין אומגליק ניט געשעהן.

אָדער אפשר... אפשר זיינען מיר געווען פון די מענשען, וועלכע זעהען דעם אומגליק און ריידען ניט דערפון.

בלויז איין מאָל האָב איך זיך מיט גראַטשעווסקי'ן צורעדט וועגען דעם. איך האָב דאַן געזאָגט, אַז עס ווערט מיר שווער אויפ'ן הארצען ווען איך זעה די געגענוואַרט און אַז איך האָב זעהר מורא פאַר דער צוקונפט. אָבער ער האָט מיך באַרוהיגט. זיין מיינונג איז געווען, אַז די לאַגע איז ניט אַזוי געפעהרליך ווי איך שטעל זיך פאָר און אַז עס איז נישטאָ קיין גרונד צו זיין פאַרצווייפעלט *).

איך האָב אָבער אַנדערש געדענקט. מיין פאַרצווייפלונג איז דאָך געווען גרויס, ווייל איך האָב געזעהן, אַז מען רייסט ביי אונז אוועק די וויכטיגסטע מענשען. פון די דריי און צוואַנציג טוער, וועלכע האָבען געגרינדעט די פאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און זיינען געווען די מיטגלידער פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" ביז'ן ערשטען מאַרטש, זיינען אויף דער פרייהייט געבליבען ניט מעהר ווי אַכט: דריי פרויען — די קאָרבאַ, די אַשאַנינאַ און איך, און פינף מענער — גראַטשעווסקי, פּ. א. טעלאַלאָוו, יורי באָגדאַנאָוויטש, סאַוועלי זלאַטאָפּאָלסקי און לעוו טיכאָמיראָוו.

און דאָ וויל איך זיך אָפּשטעלען אויף יעדען איינעם פון די פינף:

---

*) אַזוי ווי איך האָב איין ערגעץ ניט געזעהן די פולע ליסטע פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", דענק איך, אַז עס וועט זיין ניט איבעריג דאָ זי איבערצוגעבען. דאָס איז די פולע ליסטע: 1) זשעליאַבאָוו, 2) סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ, 3) מאָראָזאָוו, 4) פראָלענקאַ, 5) קאָלאָדקעוויטש, 6) זונדעלעוויטש, 7) קוויאַטקאָווסקי, 8) אַשאַנינאַ, 9) אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, 10) ס. איוואַנאָוואַ, 11) שיראַיעוו, 12) באַראַניקאָוו, 13) איסאַיעוו, 14) וועראַ פיגנער, 15) קאָרבאַ, 16) ל. טיכאָמיראָוו, 17) יאַקימאָוואַ, 18) לאַנגאַנס, 19) טעלאַלאָוו, 20) סוכאַנאָוו, 21) לעבעדעוואַ, 22) יורי באָגדאַנאָוויטש, 23) לובאַטאָוויטש, 24) זלאַטאָפּאָלסקי, 25) גראַטשעווסקי, 26) טריגאָני, 27) נ. אָלאָוועניקאָוואַ, 28) טיכאָמיראָוואַ (מיידעלשער נאָמען סערגעיעוואַ). נאָכ'ן ערשטען מאַרטש אַריינגענומען: 1) כאַלטורין, 2) זשעבונעיאָוו, 3) מאַרטינאָוו, 4) לעבעדאָוו, 5) ראָמאַנענקאָ, 6) סטעפּאַנאָוויטש. — וו. פּ.

גראַטשעווסקי איז געווען איינער פון אונזערע טעכניקער, וועלכע האָבן געמאַכט די באָמבעס. אליין איז ער געווען זעהר אַן ענערגישער מענש און דערצו איז ער נאָך מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זיין איי־בערגעגעבנקייט האָט דערגרייכט ביז פאַנאַטיזם. אַזוי ווי ער איז געווען אַן אַלטער „נאַראָדניק" נאָך פון די זיבעציגער יאָהרען, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט פּראָפּאַגאַנדע־אַרבייט צווישען די מאָסקווער פאַבריק־אַרביימער. די פּראָפּאַגאַנדע האָט ער אָנגעפיהרט צוזאַמען מיט סאָפיאַ באַרדינאַ און דזשאַבאַדאַרי. אין דעם גרויסען „פּראָ־צעס פון די 193" איז ער אויך געווען פאַרמישט און דאַן האָט מען איהם פאַרשיקט אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע, וואו ער איז אָפּ־געווען אַ שטיקעל צייט און איז אַנטלאָפען.

באַלד ער איז געווען אַן ערפאַהרענער, אַ פּראַקטישער און אַן אַרבייטסזאַמער מענש, האָט ער זיך ביז'ן ערשטען מערץ ניט באַ־טייליגט אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט פון דער „נאַראָד־נאַיאַ וואָליאַ", ווייל ער איז צופיל געווען פאַרנומען מיט דער טעכ־נישער אַרבייט.

דער צווייטער פון די איבערגעבליבענע — פּ. א. טעלאַלאָוו, איז געווען אַן אָנגעזעהענער טוער, אַ גוטער פּראָפּאַגאַנדיסט און אַ וואוילער רעדנער. ער האָט געגרינדעט די מאָסקווער גרופּע, און אַזוי ווי ער האָט שטענדיג געוואוינט אין מאָסקווע, האָט ער דאַ־ריבער ניט געקאָנט זיין אַקטיוו אינ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", וועלכער האָט זיך שטענדיג געפונען אין פּעטערבורג.

דער דריטער פון די איבערגעבליבענע — יורי באָגדאַנאָוויטש. ער איז געווען אַ טייערער חבר. נאָך אין די זיבעציגער יאָהרען האָט ער אָנגעפיהרט אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע אין די דער־פער, אַ געוועזענער „טשאַיקאָוועץ", אַן ערפאַהרענער דרייסטער מענש אין דער אַרבייט, אָבער צו אַ ווייכער אין באַציהונג מיט מענשען. ווען מען האָט געגרינדעט די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז ער געווען אין טערמער גובערניע, וואו ער האָט געזאָלט העלפען דער פריילין באַרדינאַ אַנטלויפען פון טורמע. אין „קאָמיטעט" פאַר אַ מיטגליד האָט מען איהם אריינגענומען ערשט שפּעטער, ווען עס איז שוין געווען אויסגעאַרבייט דער פּלאַן ווי אַזוי צו דערהרג'ענען דעם קיסר. דאַן האָט מען איהם גלייך פאַרשטעלט פאַר אַ קרעמער, ער זאָל פאַרקויפען קעז אין דעם קלייטעל, וואו מען האָט אונטער־

געגראָבען די ערד אויף דער מאַלאָ־סאַדאָווער גאַס. נאָכ׳ן ערשטען מערץ האָט איהם דער „קאָמיטעט" אוועקגעשיקט קיין סיביר אָר־גאַניזירען אַ רעוואָלוציאָנערען „רויטען קרייץ", וואָס זאָל האָבען די אויפגאַבע צו העלפען די פּאָליטישע פאַרשיקטע.

דער פערטער פון די איבערגעבליבענע איז געווען סאַוועלי זלאַטאָפּאָלסקי, אַן אָדעסער יונגערמאַן, וועלכער איז אריינגענומען געוואָרען אַלס מיטגליד אין „קאָמיטעט", ווייל פראָלענקאָ און קאָ־לאָדקעוויטש האָבען איהם גערעקאָמענדירט. אַליין איז ער געווען אַ ווייכהערציגער, אַ גוטער, אָבער ער האָט אויף קיינעם קיין איינ־דרוק ניט געקאָנט מאַכען און האָט אויף קיינעם קיין איינפלוס ניט געקאָנט האָבען.

דער פינפטער פון די איבערגעבליבענע איז געווען לעוו טיכאָ־מיראָוו. איהם האָבען מיר געהאַלטען פאַר דעם אַנערקענטען, אי־דעאָלען פאַרשטעהער אונזערען. ער איז געווען אַ גוטער טעאָרע־טיקער און אַן אויסגעצייכענטער שרייבער. דערפאַר איז ער אָבער געווען זעהר אַ מאָדנער מענש. נאָך אינ׳ם יאָהר 1881 האָט מען דאָס אין איהם באַמערקט. אין זיין נשמה זיינען שוין אַפּנים דאַן געווען די סימנים פון דער איבערקערעניש וואָס איז שפּעטער פאָר־געקומען אין איהם, ווען ער האָט מיט אַמאָל געגעבען אַ שפּרונג צוריק און איז געוואָרען אַ פאָלגער מאָנאַרכיסט, אַ פאַרברענטער אָנהענגער פונ׳ם צאַר. ער האָט זיך אויף אַזוי פיל געענדערט, אַז עס איז גאָר אוממעגליך געווען איהם צו דערקענען. נאָכ׳ן ערשטען מערץ, ווען דער קיסר איז שוין געווען דער׳הרג׳עט, האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ טרויער־באַנד אויפ׳ן ארבעל, פונקט ווי אַלע טשינאָוו־ניקעס און פּאַטריאָטען, און דערנאָך האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז ער איז געגאַנגען אין קלויסטער שווערען טרייהייט צו דעם נייעם קיסר.

מיר האָבען איהם געפרעגט, פאַרוואָס ער פראוועט אַזעלכע שטיק, האָט ער אָנגעגעבען אַ תירוץ, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס ער וויל פאַרבלענדען די אויגען דעם „דוואָרניק", ווייל יענער קוקט אויף איהם מיט חשד.

נאָך איידער די ענדערונג איז פאָרגעקומען אין איהם, האָט זיך איהם אַלץ אויסגעדוכט, אַז שפּיאָנען פאַרפאָלגען איהם. איינ־מאָל האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז די שכנים מאַכען אַ לאָך אין דער וואַנט פון זיין וואוינונג, כדי צו זעהן וואָס ער טוט דאָרטען,

האָט ער קיין סך ניט געטראַכט און איז אַוועק בעטען גאָט אין דעם טראָיצקי־סערגיעיעווסקי קלויסטער, כדי דערמיט אויסצוקויפען זיינע זינד און ווייזען דער וועלט, אַז ער איז אַ פרומער, כשר׳ער קריסט.

אַזוינע זאַכען האָט קיינער פון אונז ניט געטאָן. אַפילו אין ערגסטען פאַל האָט קיינער פון אונזערע מענשען ניט געפּראַוועט אַזעלכע שטיק, כדי צו מאַכען פאַר דער וועלט דעם אָנשטעל, אַז מען איז אַ כשר׳ער מענש.

פון דעם סך הכל, וואָס איך האָב דאָ געמאַכט, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלען, וואָס עס איז געבליבען פונ׳ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט". די זיילען פון אונזער אָרגאַניזאַציע, די גרינדער און באַשאַפער פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וועלכע האָבען מיט זייער ארבייט געבראַכט דערצו, אַז „דאָס אויג פון דער וועלט זאָל זיך אָפּשטעלען אויף אונז" — זיי זיינען שוין מעהר ניט געווען אין אונזערע רייהען; זיי זיינען ארונטער פון דער רעוואָלוציאָנערער טריבונע. זיי האָט מען ביי אונז צוגענומען; אייניגע פון זיי האָט מען אויפגעהאַנגען אָדער דערשאָסען און אַנדערע האָבען געהאַט אין אויסזיכט דעם זעלבען שיקזאַל.

מיר האָבען מעהר ניט געהאַט קוויאַטקאָווסקי׳ן, דעם פאַר־ברענטען און איבערגעגעבענעם רעוואָלוציאָנער און אויסגעצייכענ־טען אָרגאַניזאַטאָר, וועלכער האָט געהאַט אַ באַזונדער פעהיגקייט צו צוציהען מענשען צו דער אָרגאַניזאַציע. איהם האָט מען ארעס־טירט נאָך אינ׳ם יאָהר 1879 און מען האָט איהם אויפגעהאַנגען. מיר האָבען מעהר ניט געהאַט זונדעלעוויטש׳ן, וועלכער איז געווען אַ מייסטער צו קריגען אַלע נויטיגע זאַכען, וואָס מען האָט גענדאַרפט האָבען צו דער ארבייט. מיר האָבען מעהר ניט געהאַט מאָראָ־זאָוו׳ן, איינעם פון די ערשטע גרינדער פון אונזער אָרגאַניזאַציע; ער איז אַוועקגעפאָהרען קיין אויסלאַנד אַ האַלב יאָהר נאָכדעם ווי די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז געגרינדעט געוואָרען און ביי דער סאַמע בליהענדער ארבייט פון דער אָרגאַניזאַציע איז ער ניט געווען. מיר האָבען מעהר ניט געהאַט אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו׳ן, דעם מענ־שען, וועלכער האָט אָפּגעהיט אונזער אָרגאַניזאַציע, ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פונ׳ם אויג און איז געווען דער אמת׳ער „בעל־הבית" פון דער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבען מעהר ניט געהאַט באַראַני־קאָוו׳ן, דעם געזונטען, שעהנעם און העלדישען יונג, וועלכער האָט אַפילו דעם טויט געקאָנט קוקען גלייך אין די אויגען אריין. עס

האָט אונז אויסגעפּעהלט אונזער קלעטאָטשניקאָוו, דער מענש, וועלכער האָט אונז אויף שריט און טריט אויסגעהיט פון די אָביס־קעס און איבערפאַלען, וואָס די פּאָליציי האָט זיך געקליבען צו מאַכען אויף אונז. מיר האָבען מעהר ניט געהאַט זשעליאַבאָוו'ן, סאָפיא פּעראָווסקאיא'ן, קאָלאָדקעוויטש'ן און פראָלענקאָ'ן, די מענ־שען, וועלכע האָבען צו זיך קיין גלייכען ניט געהאַט אַלס טוער אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

די וויכטיגסטע מענשען האָבען מיר אָנגעוואָרען. מען האָט ביי אונז צוגענומען איסאַיעוו'ן, די יאַקימאָווא, שיראַיעוו'ן, סאָפיא איוואַנאָוונאַ'ן, סוכאַנאָוו'ן, טריגאָני'ן, די לעבעדיעווא, לאַנגאַנס'ן און זשעבונאָוו'ן. מען האָט ביי אונז צוגענומען קיבאַלטשיטש'ן, סאַבלינ'ען, העסי העלפמאַנ'ען, טערענטיעוו'ן און אויך אַ סך חברים פון די אינטעליגענטערע ארבייטער, אָהן וועלכע מען האָט זיך ניט געקאָנט באַגעהן.

אַ חורבן איז געוואָרען אינ'ם „קאָמיטעט". עס האָבען גע־פעהלט מוחות און עס איז אויך געווען אַ מאַנגעל אין כוחות, וואָס זאָלען טאָן די ארבייט. אין 1879 האָט דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" פאַראייניגט די אַלע רעוואָלוציאָנערע כוחות, וואָס זיינען געווען צוואָוואָרפען. ער האָט די אַלע כוחות ארויסגעשטעלט אין קאַמף און אין פאַרלויף פון צוויי יאָהר צייט האָט מען זיי אַלע גע'פּטר'ט. און איצט, ביים סוף פונ'ם יאָהר 1881, איז געבליבען בלויז אַ קליינע גרופּע, און נאָכדעם זיינען צוגעקומען נאָך אייניגע, וועלכע זיינען אויף מיין פּראָצעס אינ'ם יאָהר 1884, געקרוינט גע־וואָרען מיט'ן נאָמען „תלמידים".

דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט מעהר ניט געקאָנט שפּילען די ראָלע וואָס פריהער. אין די רייהען פון די, וואָס זיינען געשטאַנען אין קאַמף געגען דער „סאַמאָדערזשאַוויע", האָט מען מעהר ניט באַגעגענט קיין מענשען, וועמעס נעמען עס זאָלען זיין באַריהמט איבער גאַנץ רוסלאַנד. עס זיינען שוין מעהר ניט געווען די כוחות וואָס פריהער. מען האָט זיך מעהר ניט געקאָנט פאַר־מעסטען אויפצוטאָן אַזעלכע גרויסע זאַכען ווי פריהער. מען האָט בלויז געקאָנט טראַכטען, ווי אַזוי צו זאַמלען כוחות, כדי ווייטער אָנצוגעהן מיט דער ארבייט.

אָבער עס איז געווען שרעקליך שווער צו ארבייטען, ווייל פּע־היגע און לאָווקע שפּיאָנען זיינען אויסגעוואַקסען ווי שוועמלאַך נאָך

א רעגען. אזעלכע מענשען, ווי צום ביישפּיל, סודעיקין; פּעהיגע, מיט א ברייטען שוואונג און מיט א געפיהל פון עהרגייץ, האָבען זיך גענומען פאַר שפּיאָנאַזש.

אין דער פּאַרטיי גופא זיינען די פאָדערונגען צו נייע מענשען אויך געוואָרען גרעסער. סיי צווישען די ארבייטער און סיי צווישען דער אינטעליגענץ האָט מען געדאַרפט האָבען ערפאַהרענע, מעהר געניטע מענשען, אָבער דוקא זיי איז געווען שווער צו קריגען. צווישען דער יונגוואַרג האָט מען געפונען גענוג מוער, אָבער אַלע פון דעם געוועהנליכען מין, זעהר ווייניג פון זיי האָט מען געקאָנט אריינגעמען אין דער צענטראַלער קערפּערשאַפט, ווען מען האָט זיי פאַרגליכען מיט די ערשטע גרינדער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

איבער דעם, וואָס מיר האָבען פאַרלאָרען אַזוי פיל וויכטיגע מענשען און איבער דעם וואָס די פּאַרטיי איז געוואָרען שוואַכער, איז אויך שוואַכער געוואָרען דער קאָנטראָל פון דער אָרגאַניזאַציע אויף די איינצעלנע מיטגלידער. נאָך אין מאָנאַט אַפּריל, ווען איך בין געווען אין דעם דרום-טייל פון רוסלאַנד, האָב איך דאָס באַמערקט. א סך מענשען פון אונזער פּאַרטיי זיינען ארעסטירט געוואָרען נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך ניט גערעכענט און האָבען איינגעשטעלט זייערע לעבענס גלאַט אַזוי, מיר-ניט-דיר-ניט.

די יאַקימאָוואַ, וועמעס העלדישקייט עס איז פּשוט געווען צו באַוואונדערען, זי, די געטרייע און איבערגעבענע רעוואָלוציאָנערקע, וועלכע מען האָט געדאַרפט אָפּהיטען ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פון'ם אויג, איז זיך אין מיטען דערינען, אויף איהרע אייגענע אחריות, אוועקגעפאָהרען קיין קיעוו, כאָטש די געפאַהר פאַר איהר דאָרטען איז געווען פונקט אַזוי גרויס ווי אין פּעטערבורג. דאָרטען האָט מען זי טאַקע גלייך ארעסטירט, צוזאַמען מיט לאַנגאַס'ן און מיט דער פריילין מאָרעינים.

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט דער לעבעדעוואַ. זי האָט געוואָלט העלפען פראָלענקאָ'ס מוטער זיך זעהן מיט איהר זוהן, וועלכער איז געזעסען פאַרשפּאַרט אין טורמע, איז זי איינפאַך געקראָכען אין פייער אריין און זיך גאָר ניט גערעכענט דערמיט, וואָס זי קען אריינפאַלען. דער סוף איז געווען, אַז זי איז טאַקע אריינגעפאַלען און מען האָט זי געשטעלט צום געריכט אַלס איינע, וועלכע איז שולדיג אין דעם קיסר'ס מאָרד און מען

האָט זי פאַר'משפּט אויף קאַטאָרגע. זי איז געשטאָרבען אין סיביר.

ווען אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו און זשעליאַבאָוו וואָלטען דאַן געווען מיט אונז, וואָלט אַזאַ זאַך ניט פּאַסירט. ווייל די אָרגאַני־זאַציע האָט אַלעמען געהאַלטען אויפ'ן אויג און די דיסציפּלין איז געווען אַ שטרענגע. יעדער טראָט האָט געדאַרפט זיין גע־וואויגען און געמאָסטען.

היינט דער אַרעסט פון סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ און אויך דער אַרעסט פון סוכאַנאָוו'ן! אין די גוטע צייטען, ווען דער „קאָ־מיטעט" האָט אַלעמען געהאַלטען אונטער אַ שטרענגען קאָנטראָל, וואָלטען אַזעלכע אַרעסטען ניט געווען מעגליך, ווייל דער „קאָמי־טעט" האָט ערלויבט איינצעלנע מענשען איינצושטעלען דאָס לע־בען בלויז דאַן, ווען עס איז געווען דרינגענד נויטיג פאַר דער גאַנצער באַוועגונג.

אויך יורי באָגדאַנאָוויטש איז אומגעקומען דערפאַר, וואָס עס איז דאַן ניט געווען קיין שטרענגער קאָנטראָל. ניט אָנגערעגענ־דיג ביי קיינעם, איז ער אַריין אין אַ הויז, אויף וועלכען די פּאָ־ליציי האָט געהאַט אַן אויג. דאָרטען האָט מען איהם אַרעסטירט און ער האָט פאַרלאָרען זיין לעבען.

די ערוואַרטונגען פון דער געזעלשאַפט.

דער אמת איז געווען, אַז דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט שוין דאַן עקזיסטירט ניט מעהר ווי אויף פּאַפּיר. אָבער דער עולם האָט אַלץ געמיינט, אַז מיר זיינען אַ געוואַלדיגע מאַכט, וואָס קען וועלטען איבערקעהרען. עס איז אַ פאַקט, אַז נאָכדעם ווי מען האָט דער'הרג'עט דעם קיסר, האָט דער ברייטער עולם אַרויסגעקוקט אויף נאָך וויכטיגע געשעהענישען, וואָס זאָלען מאַ־כען אַ טומעל איבער גאַנץ רוסלאַנד און ווידער איבערראַשען די גאַנצע וועלט.

אַנדערש האָט דאָס ניט געקענט זיין, ווייל אין די פּראָקלאַמאַ־ציעס וואָס די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט אַרויסגעגעבען, איז בפירוש געשטאַנען, אַז די ערמאָרדונג פונ'ם קיסר איז ניט מעהר ווי אַן אָנפאַנג און אַז די פּאַרטיי וועט ניט אָוועקלעגען דאָס גע־וועהר ביז די „סאַמאָדערזשאַוויע" וועט אַרונטערגעזעצט ווערען אינגאַנצען און רוסלאַנד וועט ווערען פריי.

און דאָ וויל איך דערצעהלען אַ פּאַל, וואָס זעהר ווייניג מענ־שען וויסען דערפון:

דעם דריטען מארטש, דאָס הייסט, צוויי טעג נאָכדעם, ווי מען האָט דער׳הרג׳עט דעם קיסר, איז קיבאַלטשיטש אריינגעלאָפּען צו מיר אויף דער קוואַרטיר, כאָטש ער האָט אַהין ניט געטאָרט קומען אָהן אַ ספּעציעלער ערלויבניש.

אַ נערוועזער און אַ צושויבערטער איז ער אַריינגעלאָפען אין איין אָטעם און דערצעהלט, אַז די פּאָליציי האָט געמאַכט אַן איי־בערפאַל אויף דער קוואַרטיר פון העסי העלפמאַן און מ. סאַבלין; אַז די העלפמאַן איז אַרעסטירט, סאַבלין האָט זיך אַליין דערשאָ־סען און טימאָפעי מיכאַילאָוו איז אַריינגעפאַלען צו דער פּאָליציי אין די הענט, וויל פּונקט דאַן, ווען די פּאָליציי איז געווען ביי העסי העלפמאַן, איז ער אָנגעקומען אַהין.

די שלעכטע בשורה האָט אויף אונז שטאַרק געווירקט; מיר האָבען פאַרשטאַנען, אַז איבער דעם מוז מען גלייך אויפגעבען דאָס קלייטעל אויף דער מאַלאָ־סאַדאָווער גאַס און זעהן, אַז די צוויי קרעמער, יורי באָגדאַנאָוויטש און די יאַקימאָווא. זאָלען זיך גלייך אָפּטראָגען פון פּעטערבורג, וויל מען קען צו יעדער מינוט ערוואַרטען אַן איבערפאַל פון דער פּאָליציי אויפ׳ן קלייטעל.

אַרום צוויי אַזייגער ביי טאָג איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ באַראַטונג פון׳ם קאָמיטעט. אַ חוץ מיר און איסאַיעוו׳ן זיינען אויף דער באַראַטונג געווען נאָך איינינגע מיטגלידער פון׳ם קאָ־מיטעט — לעוו טיכאָמיראָוו, סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ, לאַנגאַנס, די יאַקימאָווא און נאָך אַ זעקס מענשען. מען האָט גענומען באַ־שפּרעכען די פראַגע וועגען אויפגעבען דאָס קלייטעל און אַלע האָ־בען איינגעשטימט, אַז מען זאָל דאָס טאָן טאַקע באַלד, און זעהן אַז באָגדאַנאָוויטש און די יאַקימאָווא זאָלען היינט פאַרנאַכט פאַרלאָזען פּעטערבורג.

בלויז איך אַליין האָב מיט זייער מיינונג ניט איינגעשטימט. איך האָב געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך ניט איילען און עס איז קיין געפאַהר ניט, אַז מען זאָל דאָס קלייטעל אָנהאַלטען נאָך אַ צוויי־דריי טעג.

מיין מיינונג האָב איך באַגרינדעט דאַרויף, וואָס איך האָב געוואוסט, אַז אַ טאָג נאָכדעם ווי אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז דער׳הרג׳עט געוואָרען, איז דער נייער קיסר צוזאַמען מיט זיין פרוי פאַרבייגעפאָהרען אויף דער מאַלאָ־סאַדאָווער גאַס לעבען

דעם קלייטעל, וואו מען האָט געזאָלט דער׳הרג׳ענען זיין פאָטער. דערפון איז געווען קלאָר, אַז די פּאָליציי ווייסט נאָך גאָר ניט וועגן קלייטעל. עס איז אויך געווען קלאָר, אַז כאָטש ריסאַקאָוו, איינער פון די באָמבען־וואַרפער, האַלט ניט אויס די פּייניגונגען און דערצעהלט וואָס ער ווייס, דאַרף מען דאָך קיין מורא ניט האָבען אַז ער זאָל אָנווייזען אויפ׳ן קלייטעל, ווייל ער ווייסט גאָר ניט וועגען דעם. בלויז פינף מענשען פון די ארעסטירטע האָבען געוואוסט וועגען קלייטעל: אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, קאָלאָדקעוויטש, באַראַניקאָוו, זשעליאַבאָוו און טריגאָני. אַלע פינף — מיטגלידער פון׳ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט״, און אַז זיי וועלען דעם סוד ניט דערצעהלען, ווען עס זאָל זיי אפילו אויסקומען צו באַצאָהלען מיט׳ן לעבען דערפאַר — אין דעם האָט ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט געקענט זיין.

דאַריבער האָב איך געזאָגט, אַז מען דאַרף קיין מורא ניט האָבען; זאָל מען דאָס קלייטעל אָנהאַלטען נאָך עטליכע טעג, און אויב דער נייער קיסר וועט דאַרטען ווידער אַמאָל פאַרבייפאָהרען, זאָל מען איהם דער׳הרג׳ענען. די מינע, וואָס מען האָט צוגעגרייט פאַר׳ן טאַטען, זאָל אויסגענוצט ווערען אויפ׳ן זוהן.

זאָגענדיג דאָס, האָב איך זיך אויסגעשפּראָכען, אַז צוליב אַזא זאַך מעג מען שטעלען אין קאָן די לעבענס פון די צוויי מענשען, וועלכע האַלטען דאָס קלייטעל, אַז דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט״ האָט אַ רעכט דאַרויף.

די אַנדערע חברים זיינען אָבער געווען געגען דעם. דאַן האָב איך מיט כעס אויסגעשריען: „איהר זייט טרוסען!״ און איך געדענק נאָך ווי טיכאָמיראָוו און לאַנגאַנס זיינען געוואָרען בייז אויף מיר.

— איהר האָט קיין רעכט ניט דאָס צו זאָגען! — האָבען זיי זיך צושריען.

די איבעריגע האָבען קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגען דעם און די גאַנצע פראַגע איז אַרונטערגענומען געוואָרען פון דעם טאַגעס־אָרדנונג.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז ווען די יאַקימאָווא וועט קומען אין קלייטעל, זאָל זי איבערגעבען באָגדאַנאָוויטש׳ען דעם באַשלוס פון׳ם קאָמיטעט, און ער זאָל גלייך, מיט׳ן ערשטען צוג, אַרויספאָהרען פון פּעטערבורג. און זי אַליין, די יאַקימאָווא, זאָל

אין דער באשטימטער צייט פארמאכען דאס קלייטעל און אויך ארויספאהרען פון פעטערבורג, אבער אויף אן אנדער וואקזאל.

און אזוי איז טאקע געווען. באגדאנאוויטש איז גלייך אוועק און די יאקימאווא האט אויף דער נאכט אנגעצונדען דאס לעמפעלע ביי דער „איקאנע" און איז אויך אוועק.

אויף מארגען, ווען דער „דווארניק" האט געזעהן, אז עס איז שוין שפעט און די קרעמער זיינען אלץ ניט געקומען עפענען דאס קלייטעל, האט ער וועגען דעם געמעלדעט דער פאליציי.

ווען די פאליציי האט געעפענט דאס קלייטעל, האט זי אינעווייניג, אויף דער „סטאיקע", געפונען א הויפען מיט קופערנע מטבעות און א צעטעלע, אז מען זאל דעם קצב באצאהלען פאר דעם לעבעריל, וואס מען האט ביי איהם געקויפט פאר דער קאץ.

---

מעהר האט מען ניט גערעדט וועגען א פארזוך צו דער׳־הרג׳ענען דעם נייעם קיסר. עס איז געווארען שטיל. מיר, די איינגענע מענשען, האבען געוואוסט דעם אמת, אבער דער ברייטער עולם האט דאס אויסגעטייטשט אנדערש; מען האט געמיינט, אז דאס איז א שטילקייט פאר א שטורם.

און ניט נאר דער עולם, אויך די רעגירונג האט געמיינט, אז דער „קאמיטעט" גרייט זיך וועלטען איבערצוקעהרען. און דאס איז געווען זעהר כאראקטעריסטיש, ווייל די טעטיגקייט פונ׳ם „קאמיטעט" איז די גאנצע צייט געווען איינגעהילט אין סודות, אין געהיימניסען; קיינער האט קיינמאל ניט געוואוסט, ווען, ווי אזוי און פון וואנען עס וועט מיט אמאל א קראך טאן א דונער. קיינער האט אויך קיינמאל ניט געוואוסט מיט וואס פאר א מיטלען דער „קאמיטעט" באנוצט זיך און וואס פאר א כוחות די „נאראדנאיא וואליא" באנוצט. און אט דאס ניט־וויסען האט געשאפען דעם איינדרוק, אז מען קען צו יעדער צייט ערווארטען א נייעם קראך, וואס זאל אויפרודערען גאנץ רוסלאנד און איבערראשען די גאנצע וועלט.

מען האט געמיינט, אז דער „קאמיטעט" טראגט זיך ארום מיט נייע ריזיגע פלענער. וועגען דעם האט מען א סך גערעדט און וועגען דעם האט מיר דער שרייבער גלעב אוספענסקי איינמאל אין א שפאסיגען טאן געזאגט: „נו, וואס וועט ווערא ניקאלאיעוונא מיט אונז איצטער טאן?" און אנרופענדיג מיך ביים נאמען — ווערא ניקאלאיעוונא — האט ער דאס געזאגט אזוי,

אז עס זאָל אויסקומען, גלייך ווערא ניקאָלאַיעווגא איז געווען דער „קאָמיטעט“.

עס איז אַוועק אַ שטיק צייט און עס איז פאַר אַלעמען גע־וואָרען קלאָר, אַז פונ'ם נייעם קיסר קען מען קיין גליקען ניט ער־וואַרטען; אין דעם מאַניפעסט וואָס די רעגירונג האָט ארויסגע־געבען דעם 29טען אַפּריל איז פעסט אונטערשטראָכען געוואָרען דער פּרינציפּ פון „סאַמאָדערזשאַוויע“. אַלע האָבען איינגעזעהן, אַז די רעגירונג הערט זיך ניט צו צו די פאָדערונגען פונ'ם פאָלק און אַז זי האָט פעסט באַשלאָסען, אַז אַלעס זאָל בלייבען ווי געווען.

אָבער וואָס וועט טאָן דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט“? וועט ער די אַלע אונטערדריקונגען אָראָפּשלינגען און מאַכען אַ שווייג? מיט אָט דער פראַגע האָבען זיך זעהר אַ סך מענשען אינטערעסירט. די וואָס זיינען ניט געווען צופרידען מיט דער אַלטער אָרדנונג האָבען געגלויבט, אַז דער „איספּאָלניטעלני קאָ־מיטעט“ וועט ניט שווייגען.

און ניט נאָר זייטיגע מענשען, די רעגירונג אַליין האָט אויך געגלויבט, אַז דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט“ וועט ניט שווייגען, און טאַקע דערפאַר האָט מען ניט געמאַכט קיין פאַראַד צו קרוינען דעם נייעם קיסר; מען האָט מורא געהאַט, אַז די רעוואָלוציאָ־נערען זאָלען ווידער ניט וואַרפען קיין באָמבעס. אומעטום האָבען זיך ארומגעטראָגען קלאַנגען, אַז די רעוואָלוציאָנערען האָבען שוין אויסגעאַרבייט נייע פּלענער ווי אַזוי אָפּצוראַמען פונ'ם וועג דעם נייעם קיסר אויך. מען האָט דערצעהלט מעשיות, אַז אין מאָסקווע האָבען די רעוואָלוציאָנערען אָפּגעדונגען הייזער, וואו מען גראָבט ווידער אונטער די גאַסען און אַז זיי האָבען זיך אויך באַפעסטיגט אויף די דעכער, און פונקט דאַן, ווען מען וועט פראַווען די צערע־מאָניע און קרוינען דעם נייעם קיסר, וועט מען פון די דעכער וואַרפען באָמבעס און פון אונטער דער ערד וועלען פּלאַצען מינעס און פון די אַלע מאַרשירענדע וועט קיין שריד ופליט ניט איבער־בלייבען. פון מויל צו מויל האָט זיך געטראָגען אַ געשיכטע, אַז קאַבאַזעוו אַליין (יורי באָגדאַנאָוויטש), דער רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ קרעמער און האָט פאַרקויפט קעז אין דעם קלייטעל אויף דער מאַלאָ־סאַדאָוועער גאַס — אַז ער אַליין האָט זיך ווידער פאַרשטעלט און האָט אָנגענומען דעם פּאָדריאַד צו באַפּוצען די קרוינונגס צערעמאָניע מיט יום־טוב'דיגער באַ־

לויכטונג, און דער ציעל זיינער איז, פאַרשטעהט זיך, צו וויסען אַלעס וואָס און ווען, כדי מיט ערפאָלג דורכצופיהרען דעם נייעם פּלאַן פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" און דער'הרג'ענען דעם נייעם קיסר.

מען האָט דערצעהלט אַ מעשה, אַז ס'איז גאָר אַ סברא, אַז קאָבאָזעוו האַנדעלט נאָך אַליין מיט קעז, אַז ער פאָהרט ארום איבער שטעדט און שטעדטלאַך און קויפט אָן גאַנצע פעסער מיט קעז, און אין די פעסער לעגט ער אריין דינאַמיט און שיקט זיי אַוועק קיין מאָסקווע. און וואָס האָט מען דען ניט געזאָגט?

אָבער דער אמת איז געווען, אַז דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט גאָרניט געטאָן. בלויז אין די ערשטע עטליכע טעג נאָכ'ן ערשטען מערץ, האָט סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ געאַרבייט מעשים, אַז מען זאָל זיך ניט אָפּשטעלען פאַר קיין זאַך און דער'הרג'ענען דעם נייעם קיסר אויך. צוליב דעם האָט זי פאַרפיהרט באַקאַנטשאַפט מיט וועשערינס און נייטאָרינס, וועלכע אַרבייטען פאַר די הויפּלייט און האָבען די געלעגענהייט אויסצוגעפינען, ווען דער קיסר פאָהרט געוועהנליך אַרויס פון הויף; זי האָט ניט גערוהט ביז זי האָט אַליין אויסגעפונען ווען דער קיסר פאָהרט אַרויס פון דעם אַניטשקעווער פּאַלאַץ, און דער סוף איז געווען, אַז טאַקע לעבען דעם פּאַלאַץ איז זי אַריינגעפאַלען אין די הענט פון דער פּאָליציי און מען האָט זי אַרעסטירט. און באַלד נאָכדעם ווי מען האָט זי אַרעסטירט און די מיטגלידער פונ'ם „קאָמיטעט" זיינען אַוועק קיין מאָסקווע, איז געוואָרען שטיל און מען האָט מעהר קיין נייע פּלענער צו דער'הרג'ענען דעם קיסר ניט געמאַכט.

מיר האָבען געוואוסט, אַז דער נייער קיסר האָט זיך באַהאַלטען אין גאַטשינאַ און לעבט דאָרטען ווי אַ פאַרשפּאַרטער אין אַ תפיסה, ווייל מען לאָזט כמעט קיינעם ניט צו צו איהם. און אונז איז גאָר ניט געלעגען אין זינען אַזאַ זאַך, ווי מאַכען אַ פאַרזוך איהם צו דער־הרג'ענען פונקט דאַן ווען מען וועט איהם קרוינען. מען האָט בכלל אויפגעגעבען דעם געדאַנק איהם צו דער'הרג'ענען. אויף די זיצונגען, וואָס דער „קאָמיטעט" האָט אָפּגעהאַלטען אין מאָסקווע, האָט מען גאָר קיינמאָל אַזאַ פראַגע ניט אויפגענומען. און די אורזאַכע איז געווען אַ גאַנץ איינפאַכע: מיר האָבען דאַמאָלט געהאַט אַזוי ווייניג כוחות, אַז עס איז פשוט ניט געווען מיט וועמען צו צוטרעטען צו אַזאַ אַרבייט.

נייע מיטגלידער.

פריהער האָב איך גערעדט וועגען די, וואָס מיר האָבען פאַר־לאָרען, און איצט וויל איך ריידען וועגען די, וואָס מיר האָבען געוואונען.

קומענדיג קיין מאָסקווע האָב איך געטראָפען נייע פיער מיט־גלידער אין „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" — מאַרטינאָוו'ן, לעבע־דיעוו'ן, ראָמאַנענקאָ'ן און סטעפּאַנאָוויטש'ן. דער לעצטער איז אָבער דאַן שוין געווען אין פּעטערבורג, צוזאַמען מיט צוויי אַלטע מיטגלידער — טעלאַלאָוו און סאָוועלי זלאַטאָפּאָלסקי.

מאַרטינאָוו און לעבעדיעוו זיינען ביידע געווען דאָקטוירים. צו דער מאָסקווער גרופּע זיינען זיי צוגעשטאַנען דאַן, ווען טעלאַלאָוו און אשאַנינאַ האָבען זי געגרינדעט. וועגען לעבעדיעוו'ן האָב איך ניט געהערט, ניט קיין גוטעס און ניט קיין שלעכטעס; וועגען מאַרטינאָוו'ן ווידער האָב איך געהערט אַ סך נאָך איידער מיר האָבען זיך באַקענט; וועגען איהם האָט מיר די אשאַנינאַ דערצעהלט, אַז ער איז זעהר אַ קלוגער, אַן אָריגינעלער און אינטערעסאַנטער מענש און אַז צו די אַלע מעלות איז ער נאָך אַ מייסטער צו דערצעהלען מעשה'לאַך אויף אַזאַ קונציגען אופן, אַז מען זאָל קייכען פון געלעכטער. לויט דער אשאַנינאַ'ס מיינונג איז ער געווען דער פּע־היגסטער און דער וויכטיגסטער מענש אין דער מאָסקווער גרופּע *). פון די ערשטע באַגעגענישען מיט איהם און מיט לעבעדיעוו'ן האָב איך אָבער קיין באַזונדער גוטען איינדרוק ניט אַרויסגעטראָגען. זייער באַדייטונג איז פאַר'ן „קאָמיטעט" ניט געווען זעהר גרויס; זיי האָבען ביידע געאַרבייט אין דער באַוועגונג בלויז אַ קורצע צייט. מאַרטינאָוו'ן האָט מען אוועקגעשיקט קיין פּעטערבורג און דאָרטען האָט מען איהם אַרעסטירט. דאָס איז געווען אין מאָנאַט יאַנואַר, 1882, אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי מען האָט אַרעסטירט טעלאַלאָוו'ן (אין מאָנאַט דעצעמבער, 1881). די פּאָליציי האָט אָבער ניט געקאָנט אויסגעפינען, וואָס פאַר אַ פאַרבינדונג ער האָט געהאַט

*) מיט פינף און צוואַנציג יאָהר שפּעטער, ווען ער איז געווען פאַר־שיקט אין אַרכאַנגעלסק, האָט ער זיך באַטייליגט אין דער וויסענשאַפט־ליכער עקספּעדיציע, וואָס האָט אויסגעפאָרשט די נאַטירליכע אוצרות פון יענעם געגענד, און דאַן האָט ער זיך אין דער אַרבייט אַזוי אויסגעצייכ־נעט, אַז די אַקאַדעמיע פון וויסענשאַפט האָט איהם באַלוינט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. — וו. פ.

מיט׳ן „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט” און דערפאַר איז ער אָפּגעקומען מיט אַ לייכטע שטראָף — מ׳האָט איהם פאַרשיקט אין די ווייטערע מקומות. דעם זעלבען שיקזאַל האָט אויך געהאַט לעבעדיעוו. איהם האָט מען אַרעסטירט אין מאָנאַט פעברואַר, 1882.

ראָמאַנענקאָ׳ן האָב איך געקענט נאָך פון אָדעס. אַליין איז ער געווען אַ יוריסט, אַ קלוגער, אַ געבילדעטער, מיט אַ שעהנער פיגור און מיט אַ חנ׳עוודיגען איידעלען פּנים, אויף וועלכען מען האָט גלייך געקאָנט דערקענען, אַז ער איז ניט אינגאַנצען קיין געזונטער מענש און די לונגען זיינען ביי איהם קראַנקע.

דאָס איז געווען אַן עכט אינטעליגענטער מענש, אַ סימפּאַטישער און זעהר אַ מאַניערליכער, און דערפאַר איז ער מיר שטאַרק געפעלען געוואָרען. קלעטאָטשניקאָוו האָט אויך זעהר שטאַרק געהאַלטען פון איהם.

מיט ראָמאַנענקאָ׳ן פלעג איך זיך טרעפען זעהר אָפט. צוזאַמען פלעגען מיר באַשפּרעכען פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציאָנס פראַגען, און וואָס מיך האָט געוואונדערט, איז געווען אָט וואָס: אַזאַ פעהיגער, אַזאַ סימפּאַטישער מענש און האָט אין אוניווערסיטעט ניט געקאָנט שאַפען קיין גרופּע אַרום זיך. די צוויי סטודענטען, חברים זיינע, וועלכע ער האָט אונז רעקאָמענדירט, זיינען געווען זעהר ניט קיין באַדייטענדע; אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט זיינען זיי ניט געווען אַקטיוו און קיין געוואַלדיג גרויסע נוצען האָבען מיר פון זיי ניט געהאַט.

נאָכדעם ווי מען האָט אין יעליסאַוועטגראַד געכאַפּט גאָלדענבערג׳ן מיט דינאַמיט, האָט ראָמאַנענקאָ אַרויסגעקראָגען אַ פּאַספּאָרט און איז אַוועק קיין אויסלאַנד. אין דער שווייץ האָט ער זיך געטראָפען מיט מאָראָזאָוו׳ן און איז שטאַרק באַפריינדעט געוואָרען מיט איהם. צוזאַמען מיט מאָראָזאָוו׳ן האָט ער, אונטער׳ן פּסעוודאָנים טאַרנאָווסקי אַרויסגעלאָזט אַ בראָשורע „דער טעראָריסטישער קאַמף” און דאָרטען איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען דער געדאַנק, אַז אויב דאָס פאָלק אַליין שווייגט און איז נאָך ניט גרייט צו מאַכען אַ רעוואָלוציע, דאַרף זי געמאַכט ווערען אָהן דעם פאָלק פון דער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ דורך אַ סיסטעמאַטישען פּאָליטישען טעראָר, אויף וועלכען מען דאַרף אַוועקגעבען אַלע כוחות.

מיט דעם געדאַנק, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרען אין דער בראָשורע, זיינען די מיטגלידער פון׳ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט”

אין רוסלאנד ניט געווען צופרידען. ווארים די פארטיי „נאראדנאיא וואליא" האט קיינמאל ניט געקוקט אויף איהרע אויפגאבען אזוי שמאל, ווי די פראגע איז אוועקגעשטעלט געווארען אין דער בראָ־שורע, וואס איז געװען אונטערגעשריבען פון מאראזאָוו׳ן, וועלכער איז אליין געווען איינער פון די באריהמטעסטע גרינדער פון דער פארטיי. די פארטיי האט יא געגלויבט אין די פאלקס־מאסען און האט זיך פארלאזט אויף זיי. די טעראריסטישע טעטיגקייט איז קיינמאל ניט געווען קיין רעזולטאט פון פארצווייפלונג, פון ניט גלויבען אין די פאלקס־מאסען. אונזער ערפאהרונג אין די דערפער און אויך אין די שטעדט האט אונז געוויזען, אז אויב מען דארף יא זיין פארצווייפעלט, איז בלויז פון דעם, וואס די פאליטישע ארדנונג איז אזא, אז מען קאן זיך קיין ריהר ניט טאן פון דאנען אהין און אפילו אזא אומשולדיגע זאך ווי בילדונגס ארבייט צווישען די מאסען ווערט באטראכט אלס א טרפה זאך און מען באשטראפט דערפאר. דער פאליטישער טעראר פון דער „נאראדנאיא וואליא" איז געווען אן אגיטאציאנס מיטעל, וואס דארף אויפוועקען די פאלקס־מאסען און די גאנצע געזעלשאפט. און וואס איז שייך דער פראפאגאנדע, איז מען ניט אויסען געווען דורך דעם צוצוקריגען נייע כוחות פאר׳ן טעראר, ווי אייניגע געשיכטע־שרייבער האבען שפעטער געשריבען. אזוי שמאל זיינען די „נאראדאוואלצעס" קיינ־מאל ניט געווען. ביי מאראזאָוו׳ן און ראמאנענקא׳ן איז אויסגע־קומען, אז די אינטעליגענץ פארנעמט דעם אויבען־אן און איז די איינציגע טרעגערין פון דער רעוואלוציאנערער אידעע און קאן זיך באגעהן אהן די פאלקס־מאסען אין דעם קאמף פאר פרייהייט, און דאס איז ניט ריכטיג.

דער פערטער נייער מיטגליד פונ׳ם „איספאלניטעלני קאמי־טעט", סטעפאנאוויטש, איז געווען א באוואוסטער רעוואלוציאנע־רער טוער אין דעם דרום טייל פון רוסלאנד. אין דער צייט ווען די „זעמליא אי וואליא" איז צושפאלטען געווארען אויף צווייען, איז ער אוועק מיט די מעסיגערע און האט זיך אנגעשלאסען אן דעם „טשארני פערעדעל". נאך אינ׳ם יאהר 1879 איז ער אוועקגע־פאהרען קיין אויסלאנד. ווען ער איז געקומען צוריק, איז ער צו־געשטאנען צו דער „נאראדנאיא וואליא", אבער פונקט ווי מארטי־נאוו׳ן, לעבעדיעוו׳ן און ראמאנענקא׳ן, האט זיך איהם אויך ניט איינגעגעבען לאנג צו זיין טעטיג אין דער „נאראדנאיא וואליא".

דעם 6טען פעברואר, 1882, האָט מען איהם אין מאָסקווע ארעסטירט ביי בולאַנאָוו'ן אויף דער קווארטיר. ראָמאַנענקאָ'ן האָבען די זשאַנדאַרען געכאַפּט נאָך פריהער, טאַקע אין מאָסקווע, אין דער צייט ווען איך בין דאָרטען געווען.

ארעסטירט האָט מען איהם ביי אָלגאַ ליובאַטאָוויטש, וועלכע איז געקומען צוריק פון אויסלאַנד, אַ קורצע צייט נאָכדעם ווי מען האָט מאָראָזאָוו'ן געכאַפּט ביי דער גרענעץ. דאָס איז געווען אין מאַנאַט פעברואר, אין יאָהר 1881.

נאָך אין 1879 איז אָלגאַ ליובאַטאָוויטש אריינגענומען געוואָרען אַלס אַ מיטגליד פון'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט". דאָס איז געווען באַלד נאָכדעם ווי די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" איז געגרינדעט געוואָרען. צו דעם וואָראָניעזשער צוזאַמענפאָהר פון די „נאַראָדאָוואָלצעס" איז אָלגאַ ליובאַטאָוויטש ניט געקומען, ווייל זי איז דאַן געווען אין אויסלאַנד.

פון דער נאַטור איז די ליובאַטאָוויטש געווען זעהר אַ לעבעדיגע, אַן ענערגישע און אַ פעהיגע. נאָך אין צוריך בין איך מיט איהר געווען זעהר באַפריינדעט. מיר האָבעןביידע צוזאַמען געלערענט אין אוניווערסיטעט אי אין צוריך, אי אין בערן. אין דעם סטודענטישען קרוזשאָק איז זי געווען זעהר טעטיג און מיר האָבען אַלע געוואוסט, אַז זי איז זעהר אַן איבערגעגעבענע און אַ פאַרברענטע טוערין.

אָבער ווען איך האָב זיך מיט איהר געטראָפען אין 1880, איז זי געווען אינגאַנצען אַן אַנדערע — אַזאַ צוקראָכענע, אַזאַ אָפּגעלאָזענע, אַז עס איז גאָר אוממעגליך געווען זי צו דערקענען.

אָבער ווען מען האָט ארעסטירט מאָראָזאָוו'ן און אין אויסלאַנד איז געשטאָרבען דאָס קינד, וואָס זי האָט פון איהם געהאַט, איז אָלגאַ ליובאַטאָוויטש ווידער געוואָרען אַן אַנדערע, און ווען זי איז געקומען צוריק קיין רוסלאַנד, איז זי געווען אַזוי ווילד ווי אַ טיגערין, פול מיט האַס צו דער רעגירונג און פול מיט דעם געפיהל פון נקמה. ווען איך האָב זיך מיט איהר דערנאָך ווידער געטראָפען אין מאָסקווע, האָב איך פאַר זיך דערזעהן די פריהערדיגע אָלגאַ ליובאַטאָוויטש, מיט דעם זעלבען ברענענדיגען טעמפּעראַמענט און מיט דער זעלבער ענערגיע פון די פריהערדיגע יאָהרען.

פאַר איהר איז דער טעראָר פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" ניט געווען גענוג און זי האָט זיך ארומגעטראָגען מיט'ן געדאַנק צו גרינ-

דען אן אייגענע טעראָריסטישע פּראַקטיק. זי האָט אזוי געברענט, זי האָט אזוי געפייערט, אז זי האָט זיך גאָרניט געוואָלט רעכענען מיט קיין שטערונגען. זי איז פשוט געווען גרייט אין פייער צו שפּרינגען.

עס קאָן זיין, אז אין דער היציגקייט איהרער איז געווען א ביסעל היסטעריע; אָבער ווי די זאך זאָל ניט זיין — דאָס האָט איהר צוגעגעבען א וועלט מיט חן און זי איז געווען אזוי אינטע־רעסאַנט, אַז איך האָב פשוט אַנגעקוואָלען פון איהר. איך האָב פאר זיך געזעהן א צוואווילדעטע טיגערין א שעהנע, וועלכער ווערט נאָך שעהנער און ווילדער איבער דעם, וואָס מען האָט אָנגעריהרט איהרע מוטערליכע געפיהלען.

און אין יענער צייט האָט זי גאָר ניט געדענקט דערפון, וואָס אַלע איהרע פּלענער וועלען צושטערט ווערען צווישען די פאר־שטיקטע פיער ווענט פון דער טורמע.

איינמאָל בין איך אין אָווענט אוועק צו איהר אין האָטעל און האָב דערזעהן, ווי ביי דער טיר שטעהט ניט מעהר קיין דינער און אומעטום איז עפּעס אזוי שטיל, גלייך ווי אַלע וואָלטען מיט אמאָל אויסגעשטאָרבען. אויף די טרעפּ האָב איך קיינעם ניט געטראָפען, און ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון איהר צימער, האָט קיינער ניט געענטפערט. האָב איך אַליין געעפענט די טיר, און האָב דערזעהן, אַז ס'איז דאָרטען פוסט, קיינער איז ניטאָ. איך האָב גלייך פארשטאַנען, אַז אַלגאַ ליובאַטאָוויטש איז ארעסטירט.

קיין לאַנגע שהיות האָט מען ניט געטאָרט מאַכען. אין איין אויגענבליק בין איך שוין געווען אין דרויסען, און איידער מען האָט זיך געריהרט, בין איך פארשוואונדען געוואָרען.

ראַמאַנענקאָ'ן — ווי איך האָב פריהער דערצעהלט, — האָט מען ארעסטירט ביי אַלגאַ ליובאַטאָוויטש אויף דער קוואַרטיר. ער איז מיט אַלגאַ'ן געווען גוט באַפריינדעט, און פּונקט דאַן, ווען ער איז געווען ביי איהר אין צימער, איז די פּאָליציי אָנגעקומען אַהין.

וועגען ראָמאַנענקאָ'ן וויל איך קיין סך ניט ריידען, וויל מיט יאָהרען שפּעטער איז ער אוועק אויף א שלעכטען וועג און איז געוואָרען נפש אחת מיט דעם באַוואוסטען אַנטיסעמיט קרושעוואַן.

קיין שטאַרקע קלאַגע געגען איהם האָט דער פּאָליציי־דע־פּאַרטמענט ניט געקענט צונויפשטעלען און דעריבער איז באַ־

שלאָסען געוואָרען, אז מען זאָל איהם, אָהן א פּראָצעס, פארשיקען, אָבער ניט קיין סיביר, נאָר קיין טאשקענט.

אלזא'ן ווידער האָט מען פארשיקט קיין סיביר און דאָרטען האָט זי חתונה געהאט מיט דעם רעוואָלוציאָנער דזשאבאדארי, וועלכער איז, צוזאמען מיט איהר, געוועזן פארמישט אין דעם פּראָצעס פון די פופציג.

טעלאלאָוו'ן און סטעפאנאָוויטש'ן האָט מען יאָ געשטעלט צום געריכט, אין 1883, מען האָט זיי ביידען פאר'משפּט אויף קאטאָרזשנע ארבייט. טעלאלאָוו'ן האָט מען דערנאָך פארשפּארט אין דער אלעקסעיעווער „ראוועלינע" פון פּעטראָפּאוולאָווסקער פעסטונג און דאָרטען איז ער געשטאָרבען פון אויסצעהרונג, ווייל מען האָט איהם שרעקליך אויסגעהונגערט.

## די מאָסקווער גרופּע.

וועגען דעם רעוואָלוציאָנער טעלאלאָוו וויל איך זאָגען כאָטש א פּאָר ווערטער, ווייל אין דער רעוואָלוציאָנערער ליטעראטור האָט מען וועגען איהם זעהר ווייניג געשריבען.

אליין איז ער געוועזן א מענש אַן אויסגעהאלטענער, מיט א גוטער בילדונג, געהאט זעהר אַן עדעלען כאראקטער, און צו די אלע מעלות איז ער געוועזן א בריליאַנטענער רעדנער.

א דאנק דעם האָט ער געהאט א שטאַרקען איינפלוס אויף דער יונגווארג און עס האָט זיך איהם איינגעגעבען צוצוקריגען א מאסע אָנהענגער פאר דער „נאראָדנאיא וואָליא", ווייל אלע האָבען געקוקט אויף איהם מיט גרויס דרך־ארץ, ווי גוטע תלמידים קוקען געוועהנליך אויף א גרויסען, גוטען לעהרער.

די ערשטע צייט האָט ער געארבייט אין כארקאָוו צוזאמען מיט סאָפיע פּעראָווסקאיא, דערנאָך איז ער געוואָרען טעטיג אין מאָסקווא. ער פלעגט גאנץ אָפט האלטען רעדעס אויף די סטודענטישע פארזאמלונגען אין די אוניווערסיטעטען, און אלע מאָל האָט זיך איהם איינגעגעבען צו געווינען א היבשע צאָהל סטודענטען אויף אונזער זייט.

אזוי ווי ער איז געוועזן זעהר באליבט צווישען די סטודענטען און איז מיט זיי אלעמען געוועזן אויסגעבונדען, האָט ער געהאַט די געלעגענהייט צוצוציהען און אויסקלייבען פּאסיגע מענשען פאר דער באוועגונג, און די מענשען, וואָס ער האָט אויסגעקליבען, זיינען אלע מאָל געוועזן גוטע.

מ'צן האָט שוין געוואוסט, אַז ווען עס ווערט אַ טומעל אין אַ מאָסקווער אוניווערסיטעט, האָט טעלאַלאָוו אַ האַנד אין דעם: נאָך יעדען טומעל זיינען אַ סך סטודענטען אויסגעשלאָסען געוואָרען פונ'ם אוניווערסיטעט און אַ סך זיינען אריבער אין אַנדערע אוניווערסיטעטען, און אומעטום האָבען זיי מיט זיך מיטגענומען די געדאנקען, וואָס טעלאַלאָוו האָט זיי אריינגעגעב'ן אין קאָפּ.

אין די קלענערע שטעדט האָט מען געקענט באַגעגענען אַ סך אַזעלכע סטודענטען, וועלכע זיינען די גאַנצע צייט געשטאַנען אונטער טעלאַלאָוו'ס איינפלוס. איך אליין האָב געקענט אייניגע פון זיי פערזענליך — קאָמאַרניצקי, אַנענקאָוו, אָמיראָוו און אַנדערע.

די גאַנצע מאָסקווער גרופּע איז צונויפגעשטעלט געוואָרען לויט טעלאַלאָוו'ס אויסוואַהל, און מען האָט שוין געוואוסט, אַז וועט ער רעקאָמענדירט אַ מענשען, מעג מען זיך אויף איהם פערלאָזען.

די מאָסקווער גרופּע פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליא" איז געווען איינע פון די בעסטע. זי האָט געהאַט אַ היבשע צאָהל מעטיגע מענשען און זעהר פעהיגע. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל אין מאָסקוואַ זיינען געווען מעהר הויך־שולעס ווי אין אַנדערע שטעדט און אויך דערפאַר, וואָס די מענשען, וועלכע האָבען אָרגאַניזירט די גרופּע, זיינען געווען זעהר פעהיגע און אויסגעהאַלטענע. דערצו דאַרף מען נאָך נעהמען אין אַכט דעם פאַקט, וואָס די מאָסקווער האָבען זיך ניט ארומגעשלעפּט פון איין שטאָדט אין דער אַנדערער. זיי האָבען זיך געקענט אָפּגעב'ן מיט אָרגאַניזאַציאָנס־ארבייט, ווייל עס איז זיי ניט אויסגעקומען צו נעהמען אַ דירעקטען אנטייל אין די טעראָריסטישע פּלענער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליא".

פון די חברים, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט אין דער מאָסקווער גרופּע, וועל איך דאָ דערמאָנען אייניגע: א. באַריעשאַ, פּעאָפאַן קרילאָוו (וואָסקרעסענסקי), קאַהאַן־בערנשטיין, וועלכער איז באַריהמט געוואָרען אין דעם פּראָצעס מיט'ן מיניסטער סאַבוראָוו; פאָליוואַנאָוו'ס חבר מאַיקאָוו, קירכנער, פון סאַראַטאָוו; די מאָסקווער לעהרערין אָרלאָווא, ליסאָווסקאַיאַ, טשעקאָאידזע, סמירניצקאַיאַ, איוואַן קאַליוזשני און א. פּאַנקראַטיעוו.

ווען טעלאַלאָוו איז אין מאָנאַט יולי, 1881, אויסגעפאָרען

פון מאָסקווא קיין פּעטערבורג, איז דער פיהרער פון דער אר־
בייטער־גרופּע געוואָרען דער חבר כאַלטורין, וועלכער האָט אויפ־
געריסען דאָס עס־צימער אין׳ם קיסר׳ס פּאַלאַץ.

כאַלטורינ׳ען האָט עס אָבער געצווינגען צו טעראָריסטישער
ארבייט. פּראָפּאַגאַנדאַ אַליין איז פאַר איהם ניט געווען גענוג,
איז ער דאַריבער אוועקגעפאָהרען קיין אָדעס אָפּצוראַמען פון וועג
סטרעלניקאָוו׳ן. דאָס איז געווען דעם 18טען מאַרטש, 1882. אין
יענער צייט איז כאַלטורין מאַקע אומגעקומען.

אין די מאָסקווער פאַבריקען און זאַוואָדען האָט מען אָנגע־
פיהרט אַ גאַנץ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די ארבייטער.
דערפאַר אָבער האָט די גרופּע ניט געהאַט קיין שום פאַרבינ־
דונגען מיט די אָפיצערען פון די רעגימענטען אין מאָסקווא.

ווען דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט פאַרלאָרען עט־
ליכע אגענטען, איז די מאָסקווער גרופּע געקומען צו הילף און צו־
געשטעלט אַנדערע אויף זייער פּלאַץ—אַנדרעיעוו׳ן, פרידענסאָנ׳ען
און גארטינסקי׳ן. די מאָסקווער גרופּע האָט אויך צוגעשטעלט
נייע מיטגלידער פאַר׳ן „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" — לעבע־
דעוו׳ן און מאַרטינאָוו׳ן. און אָט די אַלע מענשען האָבען מיר צו־
געקראָגען אַ דאַנק דער גוטער ארבייט פון מעלאַלאָוו׳ן און דער
אָשאַנינאַ.

צום באַדויערען איז אָבער די מאָסקווער גרופּע אַלע מאָל
געבליבען אין די גרעניצען פון אַ לאָקאַלער רעוואָלוציאָנערער קער־
פּערשאַפט. און דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס די מיטגלידער
האָבען ניט געקענט האָבען אין זיך דעם שטעל פון יענע חברים,
וועלכע האָבען זיך באַטייליגט אין די צוזאַמענפאָהרען, וואָס זיינען
אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין וואָראָנעזש און אין ליפּעצק; און
ווען דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט גענומען פאַרלירען
אַזוי פיל וויכטיגע מיטגלידער, וועלכע זיינען געווען די ערשטע
גרינדער, האָט די מאָסקווער גרופּע קיין סך ניט געקענט העלפען.

# פופצעהנטער קאפיטעל.

## די בעראטונג אין מאסקווע.



ויף דער בעראטונג אין מאסקווא האט מען גערעדט וועגען ענדערען דעם פלאן פון דער ארגאניזאציע אזוי, אז זי זאל זיין צוגעפאסט צו די נייע אומשטענדען איצט, ווען די צענטראלע קערפערשאפט איז אריבערגעפיהרט געווארען פון פעטערבורג. פריהער איז דאך אין מאסקווא ניט געוועזען קיין לאקאלע גרופע, וואס זאל אנפיהרען אלגעמיינע פארטיי־ארבייט; דער „איספאלניטעלני קאמיטעט" האט דארטען געהאט בלויז עטליכע אגענטען, אויף וועמען ער האט ארויפגעלעגט געוויסע אויפגאבען דורכצופיהרען; עס זיינען אויך געווען באזונדערע גרופעס מיט ספעציעלע אויפגאבען, ווי צום ביישפיל: די גרופע, וואס האט צוזאמען מיט זשעליאבאוו'ן און סאפיע פעראווסקאיא אנגעפיהרט אן אגיטאציע צווישען די ארבייטער; א גרופע סטודענטען, וואס איז פריהער געשטאנען אונטער מיין אויפזיכט און שפעטער — אונטער'ן אויפזיכט פון אנא קארבא, מיט אן אויפגאבע צו שאפען פארבינדונגען מיט די סטודענטען פון די פעטערבורגער אוניווערסיטעטען; א גרופע טעכניקער, אונטער'ן אויפזיכט פון די צוויי רעוואלוציאנערען, איסאיעוו און קיבאלטשיטש, און נאך אנדערע גרופעס.

איצט אבער, ווען מען האט די צענטראלע קערפערשאפט אריבערגעטראגען קיין מאסקווא, האט מען אין פעטערבורג געדארפט שאפען א לאקאלע גרופע, וואס זאל פאראייניגען די רעוואלוציאנערע טוער פון די פארשידענערליי געביטען, און אט די אויפגאבע האט מען איבערגעגעבען טעלאלאוו'ן, מארטינאוו'ן, סטעפאנאוויטש'ן און ראמאנענקא'ן.

און חוץ דעם האט מען געוואלט אויסהערען די מיינונגען פון די מיטגלידער וועגען צוציהען צו דער רעוואלוציאנערער ארגאניזאציע די פויערשע רעליגיעזע סעקטע „סטארא־אבריאדצעס", וועלכע האלטען זיך ביי די אלטע מנהגים און ווערען פארפאלגט פון דער רעגירונג.

מיט דער דאָזיגער פראַגע האָבען זיך אַ סך רעוואָלוציאָנערע טוער אין יענער צייט שטאַרק אינטערעסירט.

סטרעלניקאָוו.

אין מאָסקווע האָב איך איבערגעגעבען דעם „קאָמיטעט“ אַ גאַנצע רייהע קלאַגעס געגען דעם מיליטערישען פּראָקוראָר סטרעל־ניקאָוו. די קלאַגעס זיינען געקומען פון די מענשען, וועלכע זיי־נען געווען פאַרשפּאַרט אין די טורמעס אין קיעוו און אין אָדעס. און ניט נאָר זיי האָבען זיך געקלאָגט, נאָר אויך זייערע קרובים און פריינד.

אין קאַמף מיט די רעוואָלוציאָנערען האָט סטרעלניקאָוו ארויסגעוויזען, אַז ער איז אַ מענש אָהן אַ האַרץ. ער האָט געלאָזט ארעסטירען מאַסען מענשען און זיך קיינמאָל ניט גערעכענט דער־מיט צי זיי זיינען טאַקע שולדיג צי ניין. ער האָט געהאַלטען פון דעם כלל, אַז „ס׳איז בעסער צו ארעסטירען ניין מענשען אומשול־דיגע, איידער אַפּלאָזען איינעם אַ שולדיגען“.

אויף די ארעסטירטע האָט ער ארויפגעוואָרפען פאַרשידענער־ליי בלבולים. ער האָט זיי באַשולדיגט אין געהיימע פאַרשווע־רונגען, ער האָט זיי געפּרואווט איינריידען, אַז זיי האָבען געפּלאַ־נעוועט צו דער׳הרג׳ענען די אָדער יענע רעגירונגס־באַאַמטע, און דערביי האָט ער זיי געסטראַשעט, אַז אויב זיי וועלען זיך גלייך ניט מודה זיין, וועט ער זיי אַזוי לאַנג פּייניגען, אַזוי לאַנג מוטשען, ביז זיי וועלען זיך בעטען ביי איהם, אַז ער זאָל הערען, ווי זיי זיינען זיך מודה, און ער וועט שוין ניט וועלען.

מען האָט דערצעהלט, אַז אין קיעוו איז ער איינמאָל אין געריכט אריין אין אַזאַ רציחה, אַז ער האָט דעם ארעסטירטען ארבייטער פיראָזשניקאָוו אָנגעכאַפּט פאַר׳ן האַלז און האָט איהם אָנגעהויבען ווערגען.

די שרעקליכסטע זאַכען האָט מען זיך וועגען איהם אָנדער־צעהלט. עס איז אַ פאַקט, אַז נאָך דעם, ווי אורוסאָוו האָט גע־מאַכט אַ פּאַרזוך צו אַנטלויפען פון טורמע, האָט זיך סטרעלניקאָוו געווענדעט צו די קאָנוואָינע סאָלדאַטען מיט אַזאַ פראַגע:

— נו, און איהר האָט איהם דער׳הרג׳עט?

— ניין, — האָבען די סאָלדאַטען געענטפערט.

— האָט איהר איהם כאָטש גוט אָנגעבראָכען די ביינער? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— ניין, — האבען די סאלדאטען געענטפערט.

—א שאד! — האט סטרעלניקאוו דארויף באמערקט.

וועגען רעוואלוציאנערען, וועלכע ער האט געהאלטען אויפ'ן אויג און ניט געהאט קיין מעגליכקייט זיי צו כאפען, האט ער אנדערש ניט גערעדט ווי אזוי:

— יענע אלע לומפען וועלען סוף כל סוף אריינפאלען צו מיר אין די הענד.

און ווען א צובראכענע מאמע פלעגט קומען צו איהם פרעגען וועגען איהר ארעסטירטען זוהן, פלעגט ער זיך קאלטבלוטיג ענט־פערען אזוי:

— אייער זוהן וועלען מיר אויפהענגען.

אהן א שיעור אומשולדיגע מענשען האט ער געלאזט ארעס־טירען און יעדען איינעם פון זיי האט ער באהאנדעלט ווי דעם ערגסטען פארברעכער.

אידען האט ער פיינט געהאט בתכלית השנאה און זיין באַ־ציהונג צו זיי איז געווען א שרעקליכע. טאמער איז צו איהם גע־קומען א איד פרעגען וועגען אן ארעסטירטען קרוב, האט ער איהם באליידיגט, איהם געמאכט מיט דער בלאטע צוגלייך. און ניט נאר איהם אליין, נאר אלע אידען.

באליידיגען א אידען איז ביי איהם געווען א קלייניגקייט. באלד עפעס פלעגט ער זאגען: „א איד איז פאלש ווי א קאץ און שרעקעדיג ווי א האז".

אדער:

„מען דארף פארפיהרען א פראצעס מיט א ריח פון קנאבעל".

עס איז געלעגען אין זיין טבע חוזק צו מאכען פון געקריוו־דעטע און צו טרעטען מיט די פיס די אונטערדריקטע. דאס איז געווען א רוצח, א גזלן.

נאך דעם, ווי איך האב דעם „קאמיטעט" איבערגעגעבען די אלע קלאגעס האב איך נאך צוגעגעבען, אז בכלל שטרעקט ער זיך אין דער לענג און אין דער ברייט צו מאכען די סאציאליסטען א שלעכטען נאמען. ער באהאנדעלט אונזערע מענשען, ווי א באנדע פארברעכער און איז זיך שרעקליך נוקם אין זיי; און דאריבער דענק איך, אז מיר זאלען אויפנעהמען די פראגע וועגען אפראמען איהם פון וועג.

מיין מיינונג איז געווען, אז דער'הרג'ענען דארף מען איהם אין אדעס און ניט אין קיעוו, ווייל אין אדעס קען מען לייכט אויס־

געפינען די אלע זאכען און ידיעות, וואס זיינען נויטיג, און אין קיעוו איז דאס א סך שווערער, ווייל דארטען וואוינט זיין פאמי־ליע און עס געפינען זיך דארט א סך פריינד זיינע.

מיין פארשלאג איז אנגענומען געווארען, און דאס האט גע־הייסען, אז סטרעלניקאוו מעג זיך שוין געזעגענען מיט'ן לעבען, ווייל פריהער אדער שפעטער וועט מען איהם דער'הרג'ענען.

דער „איספאלניטעלני קאמיטעט" האט אויך איינגעשטימט מיט מיר, אז אין אדעס קען מען דעם פלאן גיכער אויספיהרען און עס איז באשלאסען געווארען גלייך ארויסצושיקען אהין צוויי מענשען, וואס זאלען זאמלען דעם נויטיגען מאטעריאל.

דער פאסיגסטער מענש פאר דעם בין איך געוועזען, ווייל אין אדעס האב איך געוואוסט וואו א טיר עפענט זיך און עס איז מיר דאריבער ניט שווער געווען אויסצוגעפינען אלעס, וואס איך האב געדארפט וויסען וועגען סטרעלניקאוו'ן.

דער „קאמיטעט" האט דאריבער באשלאסען, אז איך זאל גלייך ארויספאהרען קיין אדעס און ווען אלעס וועט שוין זיין פאר־טיג, זאל איך לאזען וויסען און דאן וועט מען מיר גלייך ארויס־שיקען א מענשען, וועלכער וועט דורכפיהרען דעם באשלוס און וועט איינמאל פאר אלע מאל אפראמען סטרעלניקאוו'ן פון וועג.

אנפאנג דעצעמבער בין איך ווידער געקומען קיין אדעס, און מיט צוויי וואכען שפעטער האב איך שוין געלאזט וויסען דעם „קאמיטעט", אז אלע נויטיגע מאטעריאלען זיינען שוין ביי מיר אין די הענד. דאן האט דער „קאמיטעט" באשטימט ארויס־צושיקען צוויי מענשען, אבער געקומען איז בלויז איינער און דאס איז געווען כאלטורין. דער זעלבער כאלטורין, וועלכער האט מיט דינאמיט אויפגעריסען דאס עס־צימער אין קיסר'ס ווינטער־פאלאץ.

געקומען קיין אדעס איז ער דעם 31טען דעצעמבער. איך האב איהם איבערגעגעבען אלעס, וואס איך האב אויסגעפונען וועגען סטרעלניקאוו'ן — וואו ער וואוינט, ווען ער נעהמט אויף באזוכער, ווען און וואו ער עסט מיטאג, ווען ער כאפט א שפאצ־ציר און דורך וועלכע גאסען ער געהט.

כאלטורין האט זיך גלייך גענומען גרייטען דורכפיהרען דעם פלאן. א פאר מאל האט זיך איהם איינגעגעבען צו זעהן פון דער וויטענס סטרעלניקאוו'ן אליין; אבער אין מיטען דערינען איז

יענער אוועקגעפאָהרען פון אָדעס, און אין שטאָדט האָט מען גע־זאָגט, אז ער איז אין קיעוו.

עס איז אוועק א מאָנאט צייט און מען האָט סטרעלניקאָוו'ן אין ערגעץ ניט געזעהן. כאַלטורין איז שיער פון זינען ארונטער פאר פארדרוס; ער האָט געוואָלט וואָס גיכער פטור ווערען פון סטרעלניקאָוו'ן, און עס איז שוין ביי איהם געווען רעכט אויפ־צוהויבען זיך און אוועקפאָהרען קיין קיעוו און דאָרטען דער־הרג'ענען סטרעלניקאָוו'ן. עס איז מיר אָנגעקומען זעהר שווער ביז איך האָב ביי איהם גע'פועל'ט, אז ער זאָל האָבען געדולד און בעסער ווארטען ביז סטרעלניקאָוו וועט קומען צוריק קיין אָדעס, ווייל אין קיעוו זיינען פאראן וועניגער שאַנסען אויף ערפאָלג איהם צו דער'הרג'ענען.

כדי צו בארוהיגען כאַלטורינ'ען האָב איך אָנגעשריבען א בריף צו די קיעווער חברים, אז זיי זאָלען מיר לאָזען וויסען צי סטרעלניקאָוו איז דאָרטען אין שטאָדט. קיין ענטפער אויף דעם בריף האָבען מיר אָבער ניט באקומען.

אין פעברואר האָט זיך סטרעלניקאָוו ווידער געיאַוועט אין אָדעס, און אזוי שנעל ווי ער איז געקומען, האָט ער גלייך געלאָזט ארעסטירען זעכצעהן מענשען און דערנאָך איז אוועק א סדרה פון ארעסטען און ארעסטען.

אין יענער צייט איז קיין אָדעס אָנגעקומען קלימענקאָ, דער צווייטער אַגענט, וואָס איז פונ'ם „קאָמיטעט" באשטימט גע־וואָרען צו דער'הרג'ענען סטרעלניקאָוו'ן, און דאַן האָבען מיר באשלאָסען, אז די זאַך טאָר מעהר ניט אָפּגעלעגט ווערען אויף שפּעטער און אז מען דאַרף דער'הרג'ענען סטרעלניקאָוו'ן פּינקט אזייגער פארנאַכט, פּונקט דאַן, ווען ער שפּאַצירט אויפ'ן בול־וואַר, ביים ים.

לויט דעם פּלאַן האָט מען געדאַרפט צוגרייטען א פערד און בריטשקע אויף צו אַנטלויפען באצייטענס און אזוי ווי מיר האָ־בען געוואוסט, אז סטרעלניקאָוו טראָגט א פּאַנצער, איז באשלאָ־סען געוואָרען צו צילעווען די קויל אין קאָפּ אריין.

אָפּלעגען אויף שפּעטער האָט מען ניט געקענט, ווייל כמעט יעדען טאָג האָט מען ארעסטירט מאַסען מענשען און עס איז גע־ווען א געפאהר, אז מען זאָל נאָך ניט ארעסטירען איינעם פון די מענשען, וועלכע זיינען פארמישט אין דער פארשווערונג. דאַן

האָב איך געקראָגען זעקס הונדערט רובעל צו קויפען אַ פערד און ברימשקע, און דאָס געלד האָב איך אַוועקגעגעבען כאַלטורינ׳ען.

לענגער בלייבען אין אָדעס האָב איך ניט געקאָנט, ווייל פונקט דאַן האָט שוין די פּאָליציי אַרומגעזוכט איינע אַ יעלענאַ איוואַנאָוונאַ קאָלאָסאָווא, און דאָס איז געווען ניט קיין אַנדערע, ווי איך אַליין. קלאַנגען האָבען זיך אַרומגעטראָגען, אַז דער אַר־בייטער מערקולאָוו געפינט זיך אין אָדעס און זוכט מיך אַרום אין די גאַסען, כדי אָנצוצייגען אויף מיר דער פּאָליציי.

און חוץ דעם איז שוין געווען מיין אויפגאַבע דורכגעפיהרט און איך האָב מעהר גאָר ניט געהאַט וואָס צו טאָן אין אָדעס. דאַ־ריבער האָב איך באַשלאָסען צו פאָהרען צוריק קיין מאָסקווא און דאָרטען פרעגען ביי די חברים וואָס איך זאָל ווייטער טאָן און וואוהין איך זאָל ווייטער פאָהרען.

איידער איך בין ארויסגעפאָהרען פון אָדעס, האָבען מיר באַ־קומען אַ ידיעה, אַז דער „קאָמיטעט" האָט ארויסגעשיקט זשעל־וואַקאָוו׳ן צו העלפען כאַלטורינ׳ען דער׳הרג׳ענען סטרעלניקאָוו׳ן. איך האָב שוין אָבער ניט אויסגעפייעט זיך צו זעהן מיט איהם, און מעהר האָב איך איהם טאַקע ניט געזעהן, ווייל נאָך דעם, ווי זיי האָבען סטרעלניקאָוו׳ן דער׳הרג׳עט, איז ער, זשעלוואַקאָוו, צוזאַ־מען מיט כאַלטורינ׳ען, פאַר׳משפט געוואָרען צום טויט.*)

---

*) זשעלוואַקאָוו איז געווען אַ יונגער סטודענט פון 19 יאָהר. ער האָט אויף זיך גענומען צו טויטען סטרעלניקאָוו׳ן. כאַלטורין האָט געשפּילט די ראָל פון דעם קוטשער אין דער קאַרעטע, אין וועל־כער זשעלוואַקאָוו האָט געזאָלט אַנטלויפען. כאַלטורין האָט געוואַרט מיט זיין פערד און וואָגען ניט ווייט דערביי. זשעלוואַקאָוו האָט צו סטרעלניקאָוו׳ס לעבען געמאַכט אַ סוף, און ער האָט גענומען לויפען. אָבער צוויי רוסישע אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך געפונען דערביי, האָ־בען פאַרצאַמט דעם וועג און איהם פאַרהאַלטען. כאַלטורין, וועלכער האָט דאָס געזעהן פון ווייטען, איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זיין קאַרעטע און איז צוגעלאָפען איהם ראַטעווען. ער און זשעלוואַקאָוו זיינען אָבער געווען צוויי געגען עטליכע און ער איז אויך אַריינגעפאַלען. מען האָט זיי פאַראורטיילט צום טויט אין 24 שטונדען, און אויף איבערמאָרגען האָבען זיי שוין געענדיגט זייער לעבען אויף דעם עשאַפאָט. ביידע זיי־נען געשטאָרבען ווי אמת׳ע העלדען. זשעלוואַקאָוו האָט פאַר דעם טויט זאָגאַר געמאַכט שפּאַס. אַרויפגעהענדיג אויפ׳ן עשאַפאָט האָט ער גע־צעהלט די טרעפּ: „איינס, צוויי, דריי, פיר. גאַנצע פערצעהן טרעפּ. אָה, ווי הויך!" — האָט ער אויסגעשריען מיט אַ שמייכעל.—איבערז.

דער חורבן אין מאָסקווע.

אונגעפעהר דעם 15טען מאַרטש בין איך געקומען צוריק קיין מאָסקווע און האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף דער קוואַרטיר פון דער רעוואָלוציאָנערקע אנדרעיעווע, וועלכע איז געווען א מיטגליד פון דער מאָסקווער גרופּע.

דאָס מאָל בין איך אריינגעפאַלען צו דער אַנדרעיעווא אויף דער קוואַרטיר אין א זעהר ניט קיין גינסטיגער צייט. די באַלעבאָסטע אליין איז געווען א לעהרערין און גאַנצע טעג איז זי אין דער היים ניט געווען, און די ניאַניא, אן אלטע צוקנייטשטע פרוי, פלעגט ליגען אויפ'ן אויווען ווי דער טאָג איז געווען גרויס און ניט אויפגעהערט וואָרטשען:

„דאָס האַרץ זאָגט מיר, אז אן אונגליק וועט געשעהן"... „מיר זאָגט דאָס האַרץ, אז עס וועט געשעהן אן אומגליק"...

און עס איז טאַקע געשעהן אן אומגליק.

אין שטוב איז אַלע מאָל געווען שטיל. פון דער גאַס האָט זיך אַהין קיין שאָרך ניט דערטראָגען; קיינער איז צו מיר ניט געקומען און איך האָב ניט געהאַט צו וועמען צו געהן, ווייל נאָך איידער איך בין קיין מאָסקווא געקומען, איז אַלעס געגאַנגען צו־גרונד און עס איז עפּעס אין קיין זאַך קיין טאָלק ניט געווען. דעם 10טען מאַרטש האָט די פּאָליציי געמאַכט אן אָביסק אין דער קוואַרטיר אויף דער סאַדאָווער גאַס, וואו איך בין פריהער געווען די באַלעבאַסטע, און דאָרטען האָט מען אַרעסטירט קאָבאָזעוו'ן (יורי באָגדאַנאָוויטש). די אשאַנינאַ איז דאַן אויך שיער ניט אַריינגעפאַלען, אָבער אַזוי ווי זי איז אַלע מאָל געווען זעהר אַ פאָרזיכטיגע, האָט זי זיך אָפּגעטראָגען באַצייטענס. אין דער טי־פּאָגראַפיע פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וואו די טשערניאַווסקאַיאַ און סוראָווצעוו זיינען געווען די בעלי־בתים, האָט מען ניט געטאָרט געהן, ווייל דאָרטען האָט זיך אויסבאַהאַלטען די אַשאַנינאַ. מען האָט ניט געוואוסט, ווער עס איז זיכער און ווער ניט, אויף וועמען די פּאָליציי האָט שוין אַן אויג און אויף וועמען ניט; קיינער האָט ניט געקענט וויסען, צי ער מעג געהן אין גאַס, צי ניט.

דאָס איז געווען עפּעס אַזאַ מאָדנע צייט, ווען אַלעס איז

אזוי ניט קלאר און אזוי ניט באשטימט, אז מען מוז זיך, ווילענדיג ניט ווילענדיג, איינגאנצען אפזאגען פון געזעלשאפט און פועל'ן ביי זיך, אז מען דארף זיך מיט קיינעם ניט באגעגענען.

קלאנגען האבען זיך ארומגעטראגען, אז אן אייגענער מענש גיט איבער דער פאליציי אלעס, וואס ער ווייסט. איז געווארען א מהומה און ווער עס האט נאר געקענט, איז אנטלאפען וואוהין די אויגען האבען איהם געטראגען.

פראנזשאלי און די זאוואדסקאיא זיינען אוועקגעפאהרען קיין סאראטאוו, כדי פון דארטען אוועקצופאהרען קיין באקו. טי־כאמיראוו און זיין פרוי זיינען אוועקגעפאהרען קיין ראסטאוו און פון דארטען האבען זיי מיר שפעטער צוגעשיקט די אסינינסקים מיט א בקשה, אז איך זאל פאר זיי קריגען אן אויסלענדישען פאספארט. דעם פאספארט האבען זיי געקראגען און אזוי שנעל ווי זיי האבען געהאט די מעגליכקייט, זיינען זיי אוועקגעפאהרען.

די אשאנינא איז געווען קראנק און דאריבער האט זי אויך באשלאסען צו פארלאזען רוסלאנד. זי איז טאקע גיך אוועקגע־פאהרען קיין פאריז מיט'ן באשלוס מעהר ניט צוריקצוקומען.

אט די אלע פאקטען האבען אויף מיר א זעהר שווערען איינדרוק געמאכט, און עס איז מיר געווען אזוי אומעטיג אויפ'ן הארצען, אז מען קען זיך דאס קוים פארשטעלען.

איינמאל איז צו מיר געקומען סאוועלי זלאטאפאלסקי און געבראכט די פראקלאמאציע וואס דער „איספאלניטעלני קאמי־טעט" האט ארויסגעגעבען וועגען דעם, וואס מען האט דער'הרג'עט דעם מיליטערישען פראקוראר סטרעלניקאוו (דעם 18טען מארטש). זלאטאפאלסקי האט מיר דאן געזאגט, אז איך זאל זיך מיט קיינעם ניט זעהן, זיך מיט קיינעם ניט בעראטען און גלייך ארויספאה־רען פון מאסקווא, ווייל די פאליציי האט שוין אן אויג אויף מיר און אויב איך וועל באלד ניט אוועקפאהרען, וועל איך זיכער ארעסטירט ווערען.

קיין סך טראכטען האט מען ניט געקענט, האב איך גלייך באשלאסען אוועקצופאהרען קיין באקו, וואו עס געפינט זיך א רעוואלוציאנערע גרופע.

איך בין אוועקגעפאהרען קיין באקו. די זשעבונאוום

שוין מען האָט איהם גענומאַפען. ניט ראָרטען שוין איך האָב וועלכע פרוי, געטרייע זיין זי, און סיביר, קיין פארשיקט געהאַט נאָכ־ איהם איז „קאַמיטעט", מיט'ן פארבונדען געווען אויך איז געפאָהרען.

מיט צוויי וואָכען שפּעטער האָב איך געהערט, אַז סאָוועלי זלאַטאָפּאָלסקי איז אין מאָסקווא שוין אויך ארעסטירט און אַז די דרוקעריי פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט מען פארכאַפּט און אַלע זיינען זיך צעלאָפען, וואוהין די אויגען האָבען זיי געטראָגען.

# זעכצעהנטער קאַפּיטעל.

אין כּאַרקאָוו.



ין כּאַרקאָוו האָב איך געטראָפֿען אַ קליינע גרופּע פֿון גוטע און ענערגישע מענשען. דאָס זיינען געווען די חברים: קאָמאַרניצקי, אַנענקאָוו, אַלעקסאַנדער קאַשינצעוו, נעמאָלאָווסקי און ליניצקי, וועלכער האָט זיך שפּעטער אינגאַנצען צוריקגעצויגען פֿון דער באַוועגונג.

די כּאַרקאָווער גרופּע האָט זיך אָפּגעגעבען מיט פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונגס ארבייט צווישען די ארבייטער. אָבער אין יענער צייט איז כּאַרקאָוו נאָך ניט געווען קיין באַדייטענדער אינדוסט־ריעלער צענטער. אויך אין קולטורעלען זין האָט זיך דאָן די שטאָדט ניט שטאַרק אויסגעצייכענט; די סטודענטען פֿון דעם כּאַרקאָווער אוניווערסיטעט זיינען ניט געשטאַנען אַזוי הויך ווי די סטודענטען פֿון פּעטערבורגער, מאָסקווער און קיעווער אוניווערסיטעטען. און איך געדענק נאָך, ווי די שילער פֿון דעם וועטערינאַרען אינסטיטוט זיינען צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג געווען גענייגט מעהר ווי די סטודענטען פֿון׳ם כּאַרקאָווער אוניווערסיטעט. אין אַלגעמיין האָט דאָס לעבען דאָרטען געטראָגען אַ פּראָווינציעלען כאַראַקטער.

פּונקט ווי די אַנדערע לאָקאַלע גרופּען, האָט די כּאַרקאָווער אויך געהאַט איהר אייגענעם ראַיאָן און האָט פאַרשפּרייט איהר איינפֿלוס אויף די אַרומיגע שטעדט — ראָסטאָוו, פּאָלטאַווע, יעלי־סאַוועטגראַד און אַנדערע שטעדט. מיט די סטודענטען האָט די כּאַרקאָווער גרופּע ניט געהאַט קיין נאָהענטע פֿאַרבינדונג, ווייל עס האָבען אויסגעפֿעהלט די פּאַסיגע מענשען.

קיין געלט האָט די גרופּע ניט געהאַט. און מעהרסטענטיילס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז אַלע אין איינעם האָבען די מיטגלידער פֿון דער גרופּע פֿאַרמאָגט אַ רובעל מיט צוואַנציג קאָפּיקעס, און אויב מעהר — איז אַ רובעל מיט פֿערציג קאָפּיקעס.

מיט אַזאַ „קאַפּיטאַל" האָט מען זעהר ווייניג געקאָנט אויפטאָן. וועגען מאַכען אַ רייזע אין אַן אַנדער שטאָדט צוליב רעוואָלוציאָנערע

צוועקען האָט מען גאָרניט געקאָנט קלערען, ווייל מען האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין געלט אויף הוצאות.

אין מאָנאַט יוני, פּונקט דאַן, ווען מיר האָבען זיך געדאַרפט דרעהען דעם קאָפּ פּאַר אַ גראָשען, האָבען מיר פון פּעטערבורג באַקומען אַ ידיעה, אַז מען האָט דאָרטען אַרעסטירט די פריילין קאַרבאַ און גראַטשעווסקי'ן,ביידע מיטגלידער פון'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", און צוזאַמען מיט זיי האָט מען אויך אַרעסטירט דעם אָפּיצער בוצעוויטש, וועלכער האָט גענומען אַ שטאַרקען אַנטייל אין אַלעס, וואָס די פּאַרטיי האָט געטאָן אין פּעטערבורג.

אין דער זעלבער צייט, וואָס מיר האָבען זיך דערוואוסט, אַז מען האָט אַרעסטירט די אויבענדערמאָנטע דריי חברים אונזערע, האָבען מיר זיך אויך דערוואוסט, אַז מען האָט פאַרכאַפּט דאָס דינאַמיט־פאַבריקעל פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", וואו פריבילעוו און זיין פרוי זיינען געוועזען די בעלי־בתים און די יושקאָווא איז געוועזען די דינסט; מען האָט אויך אַרעסטירט דעם מאַיאָר טיכאָצקי, מיט וועמען גראַטשעווסקי איז געוועזען זעהר גוט באַפריינדעט, די חברים גרינבערג און די ליסקאָווסקאַיאַ, וועלכע האָבען זיך זעהר גוט פאַרהאַלטען מיט'ן מאַיאָר.

די שלעכטע בשורה האָט אונז שטאַרק געטראָפען. דאָס איז געוועזען דער לעצטער קלאַפּ, וואָס דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט געקראָגען און אַזוי ווי די אַשאַנינאַ און טיכאָמיראָוו זיינען שוין דאַן געוועזען אין אויסלאַנד, איז אויס־געקומען, אַז איך בין געבליבען דער איינציגער מיטגליד פון'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט".

דאַן האָב איך זיך מיט אַלע כוחות אַ נעם געטאָן צו דער אַרבייט און מיין צוועק איז געוועזען צונויפצונעמען די באַדייטענדערע כוחות און שאַפען אַ מין קערפּערשאַפט, וואָס זאָל כאָטש מעהר אָדער ווייניגער פאַרנעמען דאָס פּלאַץ פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", וואָס איז אינגאַנצען צובראָכען געוואָרען פון דער פּאָליציי.

די לאַגע איז געוועזען זעהר אַ צרה'דיגע. אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע איז דער חורבן פון דער אָרגאַניזאַציע געוועזען שרעקליך גרויס. אין אָדעס איז אויך ניט געוועזען בעסער; דער פריערדיגער מערקולאָוו האָט דאָרטען געאַרבייט מעשים: ער האָט אַרויס־געגעבען די אַלע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע ער האָט געקענט און פון'ם גאַנצען „קרוזשאָק" איז קיינער ניט געבליבען. אין קיעוו

און אין כאַרקאָוו זיינען יאָ געווען רעוואָלוציאָנערע גרופּעס, אָבער זיי זיינען ניט געווען געניט אין דער אַרבייט. דאָ און דאָרט זיינען נאָך געווען „נאַראָדאָוואָלצעס", וועלכע האָבען זיך אויסגעדרעהט פון דער פּאָליציי און זיינען ניט אריינגעפאַלען, אָבער קיין מיטגליידער פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" זיינען זיי ניט געווען.

מען האָט געדאַרפט צונויפנעמען אָט די אַלע צואוואָרפענע כוחות אויף איין אָרט און זיך צונויפרעדען מיט זיי וועגען דעם, וואָס מען קאָן ווייטער טאָן. און צו אָט דער אַרבייט האָב איך זיך אַ נעם געטאָן מיט אַלע כוחות.

קיין לייכטע אַרבייט איז דאָס ניט געווען, ווייל אויף שריט און טריט האָב איך אָנגעטראָפען אַנדערע שטערונגען.

ווי איך האָב שוין פריהער דערצעהלט, האָט מען אין מאָסקווע, אין דער צייט פון דער מהומה, נעמוזט צומאַכען די דרוקעריי. דעם שריפט־זאַץ האָט מען באַהאַלטען. עס איז געוואָרען אוים רעדאַקציע, ווייל עס זיינען קיין מיטאַרבייטער מעהר ניט געווען.

צום גליק האָבען מיר נאָך פון פריהער געהאַט נאָך צוויי דרוקערייען — איינע אין וויטעבסק און איינע אין מינסק. דאָרט האָבען ניט אויסגעפעהלט די אַלע נויטיגע זאַכען, וואָס מען דאַרף האָבען אין אַ דרוקעריי, אָבער וואָס האָט מען דאָרטען געקאָנט טאָן, אז קיינער האָט ניט פאַרמאָגט אַ גראָשען. און ווען מען האָט אויפגעהערט שיקען געלט פון מאָסקווע, האָט מען זיך ניט געקאָנט אַ ריהר טאָן פון דאַנען אַהין.

מען האָט די צוויי דרוקערייען אויך געמוזט פאַרמאַכען, דעם שריפט־זאַץ האָט מען באַהאַלטען און די זעצער זיינען זיך צולאָזען, וואוהין די אויגען האָבען זיי געטראָגען.

מיר האָבען דאַן געהאַט אָהן אַ שיעור צרות און מעהר פון אַלע האָב איך געדאַרפט אויסשטעהן, ווייל אַזוי ווי איך בין געווען די איינציגע, וואָס איז איבערגעבליבען פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", האָט מען זיך פון אַלע זייטען געווענדעט צו מיר. פון וויטעבסקער דרוקעריי איז צו מיר געקומען אַ יונגע ווייבעל מיט אַ בקשה, איך זאָל זעהן עפּעס טאָן פאַר איהר, און איך האָב ניט אָנגעהויבען צו וויסען וואָס איך קאָן פאַר איהר טאָן. אז אַליין איז זי געווען זעהר אַ פּשוט'ע, אינגאַנצען אָהן בילדונג, צו קיין גייסטיגע אַרבייט, אָדער אפילו צו פּשוט'ער פיזישער אַרבייט איז זי ניט געווען פעהיג. קיין געלט האָט זי ניט געהאַט; קיין קרובים,

וואָס זאָלען איהר אַרויסהעלפען אויך ניט, און צו די אַלע צרות האָט זי נאָך געשוועגגערט.

וואָס טוט מען מיט איהר, אז אָרום און אָרום פאַרמאָגען מיר אין קאַסע איינגאַנצען אַ רובעל מיט צוואַנציג קאָפּיקעס?

דערנאָך איז געקומען דער הויפּט זעצער פון דער פאַרמאַכטער דרוקעריי, אַז איך זאָל פאַר איהם עפּעס טאָן. ער איז אין כאַרקאָוו אויך געווען אַ פרעמדער, ניט געוואוסט וואו אַ טיר עפענט זיך, און צו דעם האָט ער נאָך געהאַט צרות דערפון, וואָס ער איז אַן אומלעגאַלער און מוז זיך אויסהיטען פון דער פּאָליציי.

וואָס האָב איך געקאָנט טאָן פאַר די אַלע מענשען פון די צו־געשלאָסענע דרוקערייען? מיט וואָס האָב איך זיי געקאָנט העל־פען? און קיין טענות צו זיי האָב איך אויך ניט געקאָנט האָבען. וואָרים וואָס האָבען זיי טאַקע געקאָנט טאָן? דער חורבן אין דער אָרגאַניזאַציע האָט זיי אַרויסגעוואָרפען פון די ווינקעלאַך, וואו זיי האָבען זיך געקאָנט צוטוליען צו דער באַוועגונג, און, ווילענדיג, ניט ווילענדיג, זיינען זיי דערנאָך געוואָרען ווי אַ שווערע משא אויף די קעפּ פון יענע מענשען, וועלכע זיינען אין די פריהערדיגע צייטען געווען פאַרבונדען מיט דער באַוועגונג. און אַזוי ווי איך בין געווען די איינציגע, וואָס איז געבליבען פונ׳ם „איספּאָלניטעלני קאָמי־טעט", האָבען זיי זיך אַלע געווענדעט צו מיר. און דערפון איז שוין ניט שווער זיך פאָרצושטעלען, וואָס איך האָב געהאַט אויסצושטעהן.

אַ חוץ דעם, האָב איך זיך בכלל קיין עצה ניט געקאָנט געבען. וואָרים ווען איך וואָלט אפילו יאָ געקאָנט געפינען אַרבייט אין דער אָרגאַניזאַציע פאַר די אַלע מענשען, האָב איך ניט געוואוסט, צי מען קאָן זיך פאַרלאָזען אויף זיי, ווייל איך אַליין האָב דאָך ניט גע־וואוסט יוער זיי זיינען און ווער עס האָט זיי רעקאָמענדירט.

די בעלי־בתים פון דער דרוקעריי אין מאָסקווע זיינען געווען: די טשערניאַווסקאַיאַ, וועלכע איז שוין דאַן געווען אין קאַוואַקז, און סוראָווצעוו, וועלכער איז געווען אַוועקגעפאָהרען קיין וואָראָניעזש. מיט זיי צוזאַמען האָט אין דער דרוקעריי אויך געאַרבייט די איוואַ־נאָווסקאַיאַ און זי איז שפּעטער געקומען צו מיר קיין כאַרקאָוו. אין קאַווקאַז איז דאַן געווען סערגעי דעגאַיעוו און זיין פרוי, מיט וועלכער איך בין נאָך דאַן ניט געווען באַקענט. אָט די אַלע מענשען האָב איך געדאַרפט צוזאַמענבריינגען אין כאַרקאָוו, כדי צוזאַמען מיט זיי זיך צו באַראַטען, וואָס מיר זאָלען ווייטער טאָן.

רעדווייל האָב איך זיך אַראָפּגעכאַפּט קיין קיעוו, כדי זיך צו באַקענען מיט דער דאָרטיגער רעוואָלוציאָנערער גרופּע.

די מיטגלידער פון דער קיעווער גרופּע זיינען געווען: א. נ. באַך, די קאַמענעצקאַיאַ, קאַמענעצקי, ראָסי, קרעזשעמינסקי, די פּעטערבורגער קורסיסטקע ניקיטינאַ, מיט וועלכער איך האָב זיך אין 1881 געטראָפען ביי גלעב אוספּענסקי'ן אין הויז; זאַכאַרין און ספּאַנדאָני; דער מיטגליד פון דער מאָסקווער גרופּע גאָרטינסקי, ווען מען האָט געשיקט קיין קיעוו, איז דאָרטען אַרעסטירט געוואָרען פּונקט ווי זיינע חברים אורוסאָוו, וואַסילי איוואַנאָוו און ביטשקאָוו.

די קיעווער גרופּע האָט זיך מעהרסטענטיילס אָפּגעגעבען מיט פּראָפּאַגאַנדע צווישען די אַרבייטער, און ניט נאָר אין קיעוו, נאָר אויך אין די אַרומיגע שטעדט און שטעדטלאַך. און מען קאָן זאָגען, אַז די קיעווער רעוואָלוציאָנערע גרופּע איז לויט איהר באַדייטונג געווען די צווייטע צו דער מאָסקווער.

פון די אַכט מיטגלידער פון דער גרופּע האָב איך געקענט בלויז די ניקיטינאַ, וועלכע איז געווען זעהר אַ פיינע און זעהר אַן ענערגישע מיידעל. פון די איבעריגע האָב איך זיך אין קיעוו געטראָפען בלויז מיט ספּאַנדאָני'ן, ראָסי'ן, זאַכאַרינ'ען און די קאַמענעצקאַיאַ. זיי האָבען אַלע אויף מיר געמאַכט זעהר אַ גוטען איינדרוק, אָבער איך האָב באַשלאָסען צו צוציהען צו דער צענטראַלער אַרבייט בלויז ספּאַנדאָני'ן, ווייל ער איז געווען אַ מענש אַן ערפאַהרענער און אַ אויסגערעכענטער.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך מיט איהם דורכגערעדט, האָט ער איינגעשטימט צו צושטעהן צו דער אַרבייט און צוליב דעם האָט ער אָפּט אָנגעהויבען קומען קיין כאַרקאָוו.

## געלט.

געלט. וואו נעמט מען געלט? דאָס איז אין יענער צייט ביי אונז געווען די וויכטיגסטע פראַגע, ווייל קיין ירושות פון די פּעטערבורגער און מאָסקווער חברים האָבען מיר ניט געקראָגען און די פּראָווינציעלע גרופּעס זיינען געווען זעהר אָרים.

אָהן געלט האָט מען זיך ניט געקאָנט אַ ריהר טאָן פון דאַנען אַהין. מען האָט גאָרניט געקאָנט טאָן און די הענט זיינען געווען ווי געבונדען.

געראטעוועט האָט אונז דאָן ספּאַנדאָני. ווען ער איז געווען פארשיקט, איז ער באפריינדעט געוואָרען מיט דער רעוואָלוציאָנערקע יעווגעניא סובאָטינא, וועלכע האָט אין יענער צייט, צוזאמען מיט איהר מוטער און שוועסטער, אוועקגעשענקט א גרויסען פארמעגען דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאניזאציע, אין וועלכער זיי זיינען אלע געווען מיטגלידער.

זיי האָבען דאָן צוליב דעם פארקויפט א גרויסען מאיאָנטעק אין קורסקער גובערניע.

צו ספּאַנדאָני'ן האָט יעווגעניא סובאָטינא געהאט גרויס צוטרויען, און איינמאָל האָט זי איהם געזאָגט, אז זי איז גרייט אוועקצוגעבען די איבערגעבליבענע אכט טויזענט רובעל אויך פאר רעוואָלוציאָנערע צוועקען, אָבער מיט א באדינג, אז די רעוואָלוציאָנערע פארטיי זאָל איהר צושיקען פינף און צוואנציג רובעל א חודש די גאנצע צייט וואָס זי וועט זיין אין סיביר.

דאָס געלט איז געווען ביי דער שאטילאָווא, דער סובאָטינא'ס א קרובה.

די שאטילאָווא אליין האָט געוואוינט אין אָריאָל און איך האָב זי גוט געקענט. נאָך אין 1876 איז זי געווען מיינע א גוטע חבר'טע. מיר זיינען ביידע געווען מיטגלידער פון יענער מאָסקווער אָרגאניזאציע, וועלכע איז געווען צונויפגעשטעלט פון די צוריכער סטודענטקעס און אויך פון די קאווקאזער, וועלכע זיינען דערנאָך געווען פארמישט אין דעם פּראָצעס פון סאָפיא באַרדינא און פּיאָטער אַלעקסעיעוו. דאָן איז די שאטילאָווא געווען א מיידעל פון א יאָהר אכטצעהן און זי איז מיט לייב און לעבען געווען איבערגעגעבען דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג.

זי איז געווען אזא הארציגע, אזא סימפּאטישע און אזא ענערגישע, אז עס איז פשוט געווען א זעלטענהייט. איינע פון די פיינסטע און ליבענסווירדיגע מיידלאך, וואָס איך האָב ווען עס איז באגעגענט. כאָטש זי איז ניט געווען קיין שעהנע, האָט זי דאָך ביי אלעמען אויסגענומען, און דאָס איז געווען דערפאר, וואָס זי איז געווען זעהר א ווארימע, א קלוגע און האָט געהאט א באזונדער מין פעהיגקייט ארויסצוריידען יעדען וואָרט מיט אזא פיינער באטאָנונג און מיט אזוי פיל מיידעלשען חן, אז עס איז פשוט געווען א פארגעניגען צו הערען. אין יעדער קנייטשעלע וואָס זי האָט געמאכט

ביים אַרויסרייִדען אַ וואָרט, איז געלעגען אַ באַזונדער מין ווייכקייט און עפּעס אַזאַ ליבליכע שטיפערישקייט.

כאָטש זי איז געווען אַ לעבעדיגע און אַ פרעהליכע, האָט זי דאָך געקאָנט זיין זעהר ערנסט אויך, און אַז מען האָט געדאַרפט, האָט זי געקאָנט זיין שטרענג און געבען באַפעהלען, און אַז עס איז געווען נויטיג, האָט זי אויך געקאָנט טאָן אַזאַ זאַך ווי מאַכען אַ וואַזשנעם אָנשטעל און שיטען יענעם זאַמד אין די אויגען.

זי האָט געוואוסט, אַז אין דער זשאַנדאַרמסקער אופּראַווע ליגט אַ פּאַק פּאַפּירען מיט אַן אויפשריפט: — „די פאַרברעכערין געגען דער רעגירונג ווערא אַנדרעיעוונאַ שאַטילאָווא, אַכטצעהן יאָהר אַלט". און דאָס איז פאַר איהר געווען אַזוי טשיקאַווע און אַמוזאַנט, אַז זי פלעגט דעם אויפשריפט איבערזאָגען מיט אַזאַ קנאַק, וואָס קיינער האָט איהר ניט געקאָנט נאָכמאַכען: — „די פאַרברעכערין געגען דער רעגירונג, ווערא אַנדרעיעוונאַ שאַטילאָווא, אַכטצעהן יאָהר אַלט".

אין דעם גרויסען פּראָצעס פון די 193 איז זי אויך געווען פאַרמישט, אָבער מען האָט זי ניט אַרעסטירט, און דאַן האָט זי זיך, אויף אַן אומלעגאַלען שטייגער, איבערגעשריבען מיט אַלע חברים, וואָס זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין די טורמעס, און אָפטמאָל האָט זי פשוט געשטעלט איהר לעבען אין קאָן און עס האָט זי ניט געאַרט, ווייל פאַר די אַרעסטירטע חברים איז זי געווען גרייט צו טאָן אַלץ אין דער וועלט.

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט זי אַרעסטירט, אָבער ווען עס איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון די 193, האָט מען זי ריינגעוואַשען און אינגאַנצען באַפרייט.

אין דעם זעלבען פּראָצעס איז אויך געווען פאַרמישט די מוטער פון די צוויי שוועסטער מיט'ן נאָמען סובאָטין, דער שאַטילאָווא'ס אַ נאָהענטע קרובה, אָבער יענע האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר; די צוויי שוועסטער אַליין, יעווגעניאַ און נאַדיעזשדאַ סובאָטין, האָט מען אויך פאַרשיקט אין די וויטע מקומות, און די דריטע שוועסטער, מאַריאַ האָט זי געהייסען, איז געשטאָרבען פון שווינדזוכט אין סאַמאַרער גובערניע, וואוהין מען האָט זי פאַרשיקט.

נאָכ'ן יאָהר 1878, ווען עס זיינען שוין מעהר ניט געווען די חברים, מיט וועלכע ווערא שאַטילאָווא איז געווען אַזוי פאַרבונדען, האָט זי זיך באַזעצט אין אָריאָל און זיך אינגאַנצען דערווייטערט

פון דער באוועגונג, כאָטש אין איהר זכרון איז געבליבען פריש דער אנדענק פון די אַלע מענשען, מיט וועמען זי האָט צוזאמען געארבייט.

ספּאנדאָני האָט אָנגעשריבען צו ווערא שאטילאָווא א בריף וועגען דעם וואָס יעווגעניא סובאָטינא האָט באשלאָסען איבערצו־געבען די אכט טויזענט רובעל אין זיין רשות און דערביי האָט ער איהר אויך אָנגעזאָגט, אז איך פאָהר צו איהר נעמען דאָס געלט.

דער פּלאַן אונזערער איז געווען, אז פריהער פון אַלץ זאָל איך פאָהרען קיין אָריאָל קריגען דאָס געלט ביי ווערא'ן און דערנאָך זאָל איך זיך אריבערכאַפּען קיין וואָראָנעזש אויסזוכען סוראָווצעוו'ן און זיך דאָרטען טרעפען מיט'ן רייכען פּריץ, וועלכער איז אמאָל געווען א מיטגליד פון דער טעראָריסטישער גרופּע „זיגען אדער שטארבען".

געוואוסט האָב איך, אז דער רייכער פּריץ און זיין פרוי זיינען שוין אוועק פון דער באוועגונג, איך האָב אָבער אויך געוואוסט, אז נאָך דעם ווי די „זעמליא אי וואָליא" האָט זיך צושפּאָלטען אויף צווייען, האָט ער געגעבען אלעקסאנדער מיכאילאָוו'ן דריי און צוואנציג טויזענט רובעל פאר דער פּארטיי „נאראָדנאיא וואָליא", און דערפאר טאקע בין איך געווען זיכער, אז ווען איך וועל זיך ווענדען צו איהם איצט, אין אזא קריטישען מאָמענט, וועט ער אונז אודאי ווידער ארויסהעלפען מיט געלט.

אין דרויסען איז געווען א שעהנער ליכטיגער זומער־טאָג, ווען איך האָב זיך ארויסגעלאָזט אין וועג אריין, אָבער אויפ'ן הארצען איז מיר געווען שרעקליך שווער. וואוהין פאָהר איך און צו וועמען פאָהר איך? אין פּעטערבורג האָט מען אַלע מיינע חברים ארעס־טירט און א סך פון זיי האָט מען פון דער וועלט אומגעבראכט. אין מאָסקווע איז א חורבן, אין די פּראָווינץ־שטעדט איז טויט; שיקט מען ארויס ערגעץ א מענשען, ווערט ער ארעסטירט, און דאָ קומען אָן ידיעות, איינע שרעקליכער פון דער אנדערער, וועגען דעם, וואָס סודעיקין, דער הויפּט פון די שפּיאָנען, צוארבייט; ווי ער שטעלט זיך פאר פאר אַלע ארעסטירטע רעוואָלוציאָנערען אלס א סאָציא־ליסט, ווי ער דערצעהלט זיי מעשיות, אז ער איז א גרויסער אָנ־העננער פון פרידליכער פּראָפּאגאנדע און אז ער איז בלויז נעגען גוואלד־טאטען; ווי ער שטרעקט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט צו מאכען שפּיאָנען פון אַלע ארעסטירטע רעוואָלוציאָנערען; ווי ער רעדט יעדען איינעם איין צו ווערען אן אגענט פון דער געהיים

פּאָליציי און מאכט דערביי אַ פרום פּנים, זאָגענדיג, אז ער וויל ניט, מען זאָל אויסגעבען די חברים, נאָר פּשוט דערצעהלען, וואָס פאר אַ שטימונג עס הערשט אין דער פּארטיי און צווישען דער יונגוואַרג; ווי ער שעמט זיך ניט אָנצובאָטען געלט דערפאר, און נאָך און נאָך אָהן אַ שיעור זאכען.

ניטאָ קיין מענשען, ניטאָ מיט וועמען צו אַרבייטען. מען איז קיינמאָל ניט זיכער מיט'ן מאָרגענדיגען טאָג, מען ווייסט ניט וואָס שפּעטער וועט זיין. שיקסט אַרויס אַ מענשען אין אַן אַנדער שטאָדט געוואָהר ווערען וואָס דאָרטען הערט זיך, ווערט ער פארפאַלען און מען זעט איהם ניט מער און שפּעטער דערוויסט מען זיך, אַז ער איז שוין פארשפּאַרט אונטער אייזערנע גראַטעס. גערהסט אין גאַס און דיר דוכט זיך אַלץ, אַז אָט־אָט כאַפּט מען דיך, אַז אָט־אָט וועט אַן אייגענער מענש צוגעהן און אָנווייזען אויף דיר.

קיין געלט איז ניטאָ און מען הויבט ניט אָן צו וויסען, וואו מען וועט עס קריגען. און וואָס פאָהר איך איצט קיין אָריאָל? וואָס שלעפּ איך זיך קיין וואָראָניעזש? די אַלע מענשען, אויף וועמען איך לעג האָפנונגען און מיין, אַז זיי וועלען אונז געבען געלט, זיינען דאָך שוין לאַנג אַוועק פון דער באַוועגונג און די ליידען און יסורים פון די אַרעסטירטע חברים געהען זיי מעהר ניט אָן.

און אַזוי בין איך, אַ פארטראַכטע און פאַראומערטע, געזעסען אין דעם האַלב־פינסטערען וואַגאָן און דער מוח איז מיר שיער צר־שאָסען געוואָרען. איך האָב געוואָלט האָפען, אָבער איך האָב ניט געקאָנט. אַ שווערער געפיהל פון פארצווייפלונג האָט גענאָגט דאָס הארץ און איך האָב פאר די אויגען קיין איין ליכטיגען שטראַהל ניט געזעהן.

מיט אַמאָל איז מיר געוואָרען פרעהליכער אויפ'ן הארצען. פּונקט אַקעגען מיר האָט זיך אין וואַגאָן אַוועקגעזעצט אַ יונגע פּאָר־פאָלק, אַ מאַן און אַ פרוי. ער — אַ הויכער, אַ געזונטער און אַ שעהנער יונגערמאַן מיט צוויי גרויסע אויגען, און זי — אַ קליי־נינקע, אַן ערעלינקע, מיט טונקעל־בלאָנדע האָר און מיט אַ פּאָר שעהנע ליכטיגע אויגען, וואָס דריקען אויס אַ וועלט מיט ליבע.

אַזוי שנעל ווי זיי האָבען זיך אַוועקגעזעצט, האָבען זיי גע־עפנעט אַ רענצעלע, אַרויסגענומען פון דאָרטען געשמאַקע קני־שעקלאַך, געבאַקענע בולקעלאַך און נאָך אַנדערע גוטע זאכען און האָבען אָנגעהויבען עסען מיט גרויס חשק, און עסענדיג האָבען זיי

זיך איבערגעוואָרפען מיט אזעלכע ווארימע בליקען און האָבען איי־נער צום אנדערען געשמייכעלט אזוי ליבליך, אז עס איז פשוט געווען א פארגעניגען צו קוקען.

מיך האָט דאָס שטארק געריהרט. די גאנצע צייט האָב איך זיך אָנגעזעהן מיט אזוי פיל צרות און אומגליקען, און מיט אמאָל גאָר — אזא אידיליע: צופרידענע פנימ'ער, ליבליכע בליקען, א גליקליכע פאָר־פאָלק און קינדערשע זאָרגלאָזיגקייט.

געקומען קיין אָריאָל בין איך אוועק צו דער שאטילאָווא. זי האָט זיך שטארק דערפרעהט איבער מיר און האָט מיך זעהר פיין אויפגענומען. נו, געוויס! אזא לאנגע צייט געווען באפריינדעט, זיך יעדען טאָג געטראָפען, און די גאנצע צייט געארבייט צוזאמען פאר איין אידעאל. היינט די אלגעמיינע פריינד און באקאנטע פון יענע יאָהרען!

דער ווארימער קבלת פנים האָט מיר געגעבען האָפנונגען אויף ערפאָלג; איך בין געווען זיכער, אז זי וועט מיר נים אָפזאָגען און וועט געבען דאָס געלט. אָבער עס איז מיר געווען שרעקליך שווער צו ריידען מיט איהר וועגען דעם. עפּעס האָב איך איהר נים גע־קאָנט זאָגען, אז מיר דארפען האָבען געלט, ווייל מיר געפינען זיך איצט אין זעהר א קריטישער לאגע.

און ווירקליך, ווי זאָגט מען איהר אזא זאך, אז זי האָט זיך שוין גאָר אינגאנצען דערווייטערט פון דער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג, און דער גאנצער ענין געהט איהר נים אָן? די צונג לעגט זיך עפּעס נים צו ריידען מיט איהר וועגען דעם.

האָב איך גענומען און האָב איהר אָנגעשריבען א בריף, אז זי זאָל זיין אזוי גוט און מיר איבערגעבען כאָטש א טייל פון דעם געלד, וואָס די סובאָטינא האָט פארשפּראָכען איבערצוגעבען אין ספּאנדאָני'ס רשות; אויף אַן ערלויבעניש פון דער סובאָטינא דאַרף זי נים ווארטען, זי מעג זיין זיכער, אז מיר וועלען זי נים אָפּנארען.

דארויף האָב איך באקומען א קורצען ענטפער:

ניין! זי קען מיר קיין געלד נים געבען ביז זי וועט אליין נים קריגען קיין בריף פון דער סובאָטינא.

מיט א וועהטאָג אין הארצען האָב איך געמוזט פאָהרען ווייטער.

איך בין געקומען קיין וואַרשע און דאָרטען האָב איך זיך געלאָזט געהן צו געווי׳סע צוויי מענשען, וואָס די איוואַנאָווסקאַיאַ האָט מיר רעקאָמענדירט אַלס „נאַראָדאָוואָלצעס“. ווען איך בין געקומען האָב איך זיי ניט געטראָפען אין דער היים. זיי זיינען ביידע געווען אין באַנק, וואו זיי האָבען געאַרבייט אַלס אַנגע־שטעלטע. אויפגענומען האָט מיך עמעס אַ פאַרהאָרעוועט ווייבעל, די פרוי פון איינעם פון די צוויי „נאַראָדאָוואָלצעס“, און מען קען ניט זאָגען, אַז זי האָט זיך שטאַרק דערפרעהט איבער מיר.

איך האָב געמוזט וואַרטען ביז די בעלי־בתים זיינען געקו־מען אהיים פון דער אַרבייט. די ערשטע פראַגע איז געווען: וואו וועל איך נעכטיגען? ביי זיי אין הויז קען איך ניט נעכ־טיגען, ווייל זיי שטעהען אונטער׳ן אויפזיכט פון דער פאָליציי, און עס קען נאָך זיין, אַז ביינאַכט זאָל מען מאַכען אַן אָביסק און מען זאָל מיך אַרעסטירען. אין קיין האָטעל טאָר איך אויך ניט געהן, ווייל אין וואַרשע איז איינגעפיהרט, אַז יעדער גאַסט וואָס קומט אין אַ האָטעל, דאַרף ווייזען אַ צעטעל פון דער פאָליציי, און דאָס קען איך דאָך ניט ווייזען.

— וואָס זשע טוט מען? — האָב איך געפרעגט. — איך קען דאָך ניט פאָהרען גלייך צוריק.

— עס איז דאָ אַן עצה, — איז איינער פון די צוויי גע־פאַלען אויף אַ שכל, — מיר וועלען אייך אָוועקפיהרען צו דער אַלטער „באַבקע־פראָסווירניאַ“ (אַ פרומע קריסטליכע פרוי, וועל־כע באַקט הייליגע ברויט), און דאָרטען וועט אייך זיין גוט ווי די וועלט. זי וואוינט ווייט פון דער שטאָדט און אַזוי ווי צו איהר קומען אָפט פרעמדע מענשען צו גאַסט, וועט מען אייך דאָרטען ניט באַמערקען, און דאָס איז דאָך דער עיקר.

געזאָגט און געטאָן. מען האָט מיך גלייך אָוועקגעפיהרט צו דער אַלטער פרומער פרוי, און יענע האָט מיך אויפגענומען אַזוי פיין, אַזוי וואַרים און מיך געמאַכט פיהלען אַזוי גוט, אַז איך וועל דאָס קיינמאָל אין מיין לעבען ניט פאַרגעסען.

געוואוינט האָט די אַלטע אין אַ קליין שטיבעלע, מיט אַ גאָר־טען אַרום און אַרום, ניט ווייט פון׳ם קלויסטער, וואו זי פלעגט פאַרקויפען דאָס הייליגע ברויט וואָס זי האָט געבאַקען. פאַרדינט האָט זי זעהר ווייניג, דערפאַר אָבער איז זי געווען באַריהמט צווי־שען די פויערים.

מיך האָט שטאַרק פאַרדראָסען אויף די צוויי אינטעליגענ־טען: וואָס האָבען זיי געהאַט צו דער אַלטער אָרימער פרוי? זיי אַליין האָבען מורא געהאַט מיך צו האַלטען אין שטוב, און פאַר דער אַלטער אַרט עס זיי גאָר ניט!

אָבער די אַלטע האָט פון מיר פאַרטריבען דעם פאַרדרוס און דעם כעס, ווייל זי איז צו מיר געווען אַזוי וואַרים און אַזוי גאַסטפריינדליך, אַז איך האָב זיך ביי איהר אין שטיבעלע גע־פיהלט ווי ביי זיך אין דער היים. זי האָט אויף מיר אכטונג געגעבען ווי אַ מוטער אויף איהר אייגען קינד. זיי, די אינטע־ליגענטען, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען פאַר „נאַראָדאָוואָלצעס", וואָלטען אויף מיר זיכער אַזוי ניט אַכטונג געגעבען.

מיין פאַרדרוס איז געוואָרען נאָך גרעסער ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז ניט ווייט פון דער אַלטער'ס שטיבעל געפינט זיך אַן אָרימער סטודענט, וועלכער איז ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון אוניווערסיטעט און האָט נים וואו צו זיין, און יענע, די צוויי אינטעליגענטען, קימערען זיך גאָרניט וועגען איהם. שפּעטער האָב איך זיך מיט דעם סטודענט געטראָפען און ער האָט מיר דער־צעהלט, אַז ביינאַכט שלאָפט ער ביים ברעג טייך, אונטער'ן פרייען הימעל, און ביים טאָג בלאָנקעט ער זיך גלאַט ארום אַ הונגעריגער און בראַט קאַרטאָפלעס. ווען ניט די אַלטע, וואָלט ער פשוט געשטאָרבען פון הונגער.

מיט עטליכע טעג שפּעטער בין איך אַוועקגעפאָהרען. ביים געזעגענען זיך האָט מיר די אַלטע זעהר וואַרים געדריקט די האַנד און ווען איך האָב שוין געהאַלטען ביים אַוועקגעהן, האָט זי מיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— איהר ווייסט, אייגער פון אייערע מענשען האָט שוין אַמאָל געוואוינט ביי מיר אַ שטיקעל צייט. מען האָט איהם גע־רופען כאַלטורין. און כאָטש איך ווייס ניט וואָס איהר טוט און פאַרוואָס די רעגירונג פאַרפאָלגט אייך אַזוי, בין איך זיכער, אַז איהר זייט אַלע זעהר גוטע און פיינע מענשען, און גלויבט מיר, אַז איך בין אין אַלע צייטען גרייט אייך צו העלפען מיט וואָס איך וועל נאָר קענען.

איך האָב זיך מיט דער אַלטער זעהר פריינדליך געזעגענט, אָבער איהר ליכטיג געשטאַלט האָב איך קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

אין א קורצער צייט ארום איז סוראָווצעוו געקומען קיין באַרקאָוו און געבראַכט מיט זיך זעקס הונדערט רובעל.

— ביי וועמ׳ן האָט איהר דאָס געלד געקראָגן? — האָב איך איהם געפרעגט.

— דאָס האָט אַ חבר געליהען ביי דער אַלטער, — האָט סוראָווצעוו געענטפערט, — ער האָט איהר געגעבן זיין וואָרט, אַז ביי דער ערשטער מעגליכקייט וועלען מיר איהר דאָס געלט אָפּגעבען.

דאָס איז געווען שווער פאַרהאָרעוועטע געלד. די אַלטע האָט דאַרויף געאַרבייט יאָהרען און יאָהרען. אַ גראָשען צו אַ גראָשען האָט זי געשפּאָרט אויף נדן פאַר איהר טאָכטער, וועלכע איז שוין געווען אַ דערוואַקסען מיידעל.

— פאַרוואָס האָט איהר ביי דער אַלטער גענומען דאָס געלד?

— בין איך געווען בייז. — עס איז דאָך זעהר מעגליך, אַז מען זאָל אונז אַרעסטיר׳ן, און דאַן וועט דער אַלטער׳ס בלוטיג פאַרהאָרעוועט געלד זיין פאַרפאַלען.

צום גליק האָט די סובאָטינאַ גיך צוגעשיקט פון סיביר דעם נויטיגען בריף און דאַן האָט די שאַטילאָווא איבערגעגעבן דאָס געלד אין ספּאַנדאָני׳ס רשות און מיר האָבען דער גוטער אַלטיטשקער מיט דאַנק אָפּגעשיקט דעם חוב.

סוראָווצעוו האָט געהאַט מעהר מזל פאַר מיר. איך האָב אין וואָראָנעזש קיין געלד ניט געקראָגן, כאָטש איך האָב זיך געזעהן מיט דעם רייכען פריז, וועלכער איז אַמאָל געווען אַ מיטגליד פון דער טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע „זיגען אָדער שטאַרבען”. פונקט דאַן ווען איך האָב זיך מיט איהם געזעהן איז ער געווען שטאַרק פאַרנומען מיט דער אַרבייט אויף זיינע פעלדער; ער האָט מיר אויך דערצעהלט אַ מעשה, אַז קיין מזומן געלד ביי זיך האָט ער גאַרניט. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין — קיין געלד האָט ער מיר ניט געגעבען.

אין יענער צייט האָב איך אין דער זעלבער שטאָדט געהאַט נאָך אַן אַנטוישונג. אין וואָראָנעזש האָט מיט אַ צייט צוריק געוואוינט אַ סטודענט, וועלכער איז אין פּעטערבורג געווען אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער סטודענטען־גרופּע, וואָס איז געווען פאַרבונדען פריהער מיט קאָלאָדקעוויטש׳ן און דערנאָך מיט אַנאַ קאַרבאַ. אַזוי ווי איך האָב דאַמאָלט געהאַלטען אין איינלאַדען מענשען צו דער צענטראַלער קערפּערשאַפט, האָב איך געהאַט

בדעה איהם אויף איינצולאדען, און איך בין געווען זיכער, אז ער וועט די איינלאדונג אָננעמען, ווייל ער האט דאך נאך פריהער געהאט פארבינדונגען מיט רעוואָלוציאָנערער ארבייט.

אליין א יאקאָבינער, האָט ער זיך באצויגען זעהר גוט צו דער אָשאנינא, וועלכע איז אויך געווען א יאקאָבינערין. פונדעסט־וועגען האָט ער צו דער ארבייט ניט געוואָלט צושטעהן, אָנגעבענ־דיג א תירוץ, אז ער איז ניט פעהיג דערצו. דאן האט דאָס אויף מיר זעהר שלעכט געווירקט, ווייל איך בין געווען איבערצייגט, אז אין אזא צייט טאָר זיך קיינער פון דער ארבייט ניט אָפּזאָגען. שפּעטער האָב איך זיך שוין צו דעם באצויגען קאלטבלוטיג; מעגליך, אז ער האָט טאַקע ניט אָנגענומען מיין איינלאדונג דער־פאר, וואָס ער איז ווירקליך ניט געווען פעהיג צו אזא ארבייט און זיך ניט געפיהלט בכח. דער מענש איז טאקע דערנאך איינ־גאנצען פארגעסען געוואָרען; ער האָט קיין זאך ניט געטאָן, און דאָס אליין איז דער בעסטער באווייז, אז ער איז טאקע ניט געווען פעהיג און ניט געהאט קיין מוט.

## דעגאיעוו.

אין מאָנאט סעפּטעמבער איז קיין כארקאָוו געקומען סערגעי דעגאיעוו מיט זיין פרוי. זיי זיינען ביידע געקומען פון קאוו־קאז, וואו זיי האָבען פארבראכט דעם זומער צוזאמען מיט דער טשערניאוסקי. באלד נאָכדעם האָבען מיר פון דאָרטען באקומען א ידיעה, אז מען האָט ארעסטירט כמעט אלע רעוואָלוציאָנערע אָפיצירען, וועלכע אנא קאָרבא האָט אָרגאניזירט אין 1881, אין דעם מינגרעלסקי פּאָלק.

באקאנט מיט דעגאיעוו'ן האָב איך זיך נאך אין פּעטערבורג, אין 1880, אָסיען צייט. אייניגע מיטגלידער פונ'ם „איספּאָלני־טעלני קאָמיטעט" האָבען שוין דאן געקוקט אויף איהם ווי אויף אן איינענעם מענשען. מיר פלעגען זיי אָפּט זאָגען, אז ער איז זעהר א פעהיגער און קלוגער מענש, אז ער איז זעהר געטריי און איבערגעבען דער פּארטיי און אז די באוועגונג קען פון איהם האָ־בען זעהר גרויסע נוצען.

אליין איז ער געווען ניט קיין הויכער, מיט ברייטע פּלייי־צעס. דער אויסדרוק פונ'ם פּנים איז ביי איהם געווען א ליב־ליכער, א גוטמוטיגער. אין זיין באנעהמונג איז ער געווען זעהר א וויי‌כער, א צוגעלאָזענער און ווען ער האָט גערעדט, האָט זיין

קול געקלונגען גאַנץ צערטליך, אָבער אין אַלגעמיין איז ער געווען פון די מענשען, וואָס וואַרפען זיך ניט אין די אויגען מיט זייער אויסזעהן.

אַ סך פון מיינע נאָהענטע פריינד און חברים האָבען מיט איהם געהאַט נאָהענטע פאַרבינדונגען. ער איז געווען באַפריינדעט מיט אַזעלכע אָנגעזעהענע רעוואָלוציאָנערע טוער, ווי זשעליאַבאָוו, קאָלאָדקעוויטש, אַנאַ קאָרבאַ, אַלעקסאַנדער מיכאַילאָוו, און אויך לעוו טיכאָמיראָוו, וועלכער האָט גאָר אָנגעקוואָלען פון דעגאַיעוו׳ס שוועסטער, נאַטאַליע פעטראָוונאַ.



סערגעי דעגאַיעוו.

אין אונזערע אונלעגאַלע קוואַרטירען פלעגט דעגאַיעוו ניט אַריינקומען. ער האָט אַפילו ניט געוואוסט וואו זיי געפינען זיך, אָבער דאָס איז ניט געווען דערפאַר וואָס מען האָט צו איהם קיין צוטרויען ניט געהאַט, נאָר פשוט דערפאַר וואָס אין אונזער אָרגאַניזאַציע האָט מען בכלל אַלעס געהאַלטען בסוד סודות. אַפילו די מיטגלידער פונ׳ם „קאָמיטעט“ אַליין זיינען אויך געגאַנגען בלויז אין די קוואַרטירען, וואוהין זיי האָבען געמוזט געהן און וואוהין עס איז געווען נויטיג צו געהן. שטרענגע קאָנספּיראַציע

— דאָס איז געווען דאָס געזעץ פון דער פּאַרטיי און קיין מיטגליד האָט דאָס געזעץ ניט געטאָרט איבערטרעטן.

און נאָך אַן אורזאַכע איז געווען פאַרוואָס דעגאַיעוו פלעגט ניט אַריינקומען אין אונזערע אונלעגאַלע קוואַרטירען: די פּאָליציי האָט געהאַט אַן אויג אויף איהם און עס איז געווען אַ געפאַהר, אַז שפּיאָנען קענען איהם נאָך נאָכגעהן, כדי אויסצוגעפינען וואוהין און צו וועמען ער קומט אַריין.

דאַריבער פלעגט מען זיך מיט איהם טרעפען ביי אַ זייטיגען מענשען, אָדער ביי איהם אַליין אין הויז, ווייל די מענשען פון זיין הויז־געזינד האָבען סימפּאַטיזירט מיט דער באַוועגונג און די טיר פון זייער שטוב איז געווען אָפען פאַר די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". אַ דאַנק דעם האָב איך אויך אָנגעהויבען אַריינקומען אַהין און אויף אַזאַ אופן בין איך באַקאַנט געוואָרען מיט דער גאַנצער פאַמיליע.

נאַטאַליאַ פּעטראָוונאַ, דעגאַיעוו'ס שוועסטער, איז דאַן ניט געווען אין פּעטערבורג. צוזאַמען מיט איהר מאַן, מ. מאַקלעצאָוו, איז זי געהאַט וואָקגעפאָהרען קיין כאַרקאָוו, וואו איך האָב זיך שפּעטער דערנאָך באַקענט מיט איהר.

חוץ דעגאַיעוו'ס מוטער, וועלכע איז געווען זעהר אַ וואוילע און אַ גוטמוטיגע פרוי, איז די פאַמיליע באַשטאַנען פון דעגאַיעוו'ס אַ שוועסטער, ליזאַ, אַ מיידעל פון אַ יאָהר ניינצעהן, און אַ ברודער, וואָלאָדיאַ, אַ אינגעל פון אַ יאָהר אַכטצעהן, וועלכער איז געווען זעהר ווענינ אַנטוויקעלט סיי אין בילדונג און סיי אין כאַראַקטער.

די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך פאַרהאַלטען זעהר פריינדליך און ליבליך איינער צום אַנדערען; זיי האָבען זיך איינער דעם אַנדערען אָפּגעגעבען כבוד און יעדער איינער פון זיי האָט וועגען אַנדערען געהאַט אַ הויכע מיינונג; סערגעי דעגאַיעוו אליין האָט שטאַרק געהאַלטען פון זיינע שוועסטער און זיי האָבען שטאַרק געהאַלטען פון איהם. עס איז ביי זיי גאָר קיין צווייפעל ניט געווען, אַז ער איז איינער פון די פעהיגסטע מענשען אין דער וועלט.

און ער איז טאַקע ווירקליך געווען אַ פעהיגער און זעהר אַן אַרבייטסזאַמער מענש. אויף דעם עקזאַמען וואָס ער האָט אויסגעהאַלטען אין אינזשענערען־אינסטיטוט, האָט ער זיך שטאַרק

אויסגעצייכענט, דערנאָך האָט ער געקראָגן אַ שטעלע אַלס אינזשענער אויף דער אייזענבאַהן־ליניע, און כאָטש ער איז געווען פאַרנומען מיט זיין אַרבייט פון צעהן אַזייגער אין דער פריה ביז פיר אַזייגער פאַרנאַכט, האָט ער נאָך געגעבען לעקציעס אין מאַטעמאַטיק, און אין דער זעלבער צייט האָט ער געפיהרט אַ ברייטע באַקאַנטשאַפט מיט רעוואָלוציאָנערע טוער און ניט איבערגעריסען די פריינדשאַפט מיט זיינע חברים, די אַרטילעריע־אָפיצירען פון דער אַקאַדעמיע, פון וואַנען מען האָט איהם אויסגעשלאָסען דערפאַר, וואָס ס'איז אויף איהם געפאַלען אַ חשד, אַז ער איז רעוואָלוציאָנעריש געשטימט; און כאָטש אָט די אַלע זאַכען האָבען ביי איהם צוגענומען אַ מאַסע צייט, האָט ער דאָך פינקטליך דורכגעפיהרט אַלע שליחות'ן, וואָס דער „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט איהם אנפאַרטרויט.

געלעבט האָבען די דזשעיעווס זעהר באַשיידען. די מוטער האָט, ווי עס שיינט, געקראָגן עפּעס אַ פּענסיע, אָדער געהאַט אַביסעל אָפּגעשפּאָרטע געלד. אָבער דאָס איז ניט געווען גענוג, לעבען ברייטליך דערפון האָט מען ניט געקענט, און עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז פון דזשעיעוו'ס פאַרדינסטען האָט מען געדאַרפט ציהען די גאַנצע חיונה.

אָבער ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס ס'האָט זיי אַ סך געפעהלט צו רייכקייט, איז קיינער פון זיי ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלען, און — ווי זיי וואָלטען זיך אַלע צופריעדען — האָבען זיי געגלויבט, אַז ס'איז פאַר זיי צוגעגרייט אַ ליכטיגע צוקונפט. ליזאַ, אַ שעהנע, שוואַרץ־חנ'עוודיגע מיידעל, האָט געלערנט מוזיק אין דער קאָנסערוואַטאָריע און אַלע זיינען געווען זיכער, אַז מיט דער צייט וועט זי ווערען אַ גרויסע קינסטלערין. מעהר פון אַלעמען איז אין דעם געווען זיכער די מאַמע, און דאַריבער האָט זי שטאַרק אכטונג געגעבען, אַז ליזאַ זאָל אין שטוב גאָר ניט טאָן, כדי די הענד זאָלען ביי איהר, חלילה, ניט ווערען פאַרגרעבט. ליזאַ אַליין האָט נאָך מעהר ווי די מאַמע אכטונג געגעבען דאַרויף, און דערפאַר פלעגט זי גאַנץ אָפט זיצען אין שטוב אָנגעטאָן אין די הענדשקעס, ווייל טאָמער, חלילה, גיט אַ בלאָז אַ ווינטעל, קען עס נאָך שאַדען צו די הענד; די הויט קען ווערען צופיל צושפּאָלטען.

די אַנדערע שוועסטער, נאַטאַליאַ פּעטראָוונאַ, האָט זיך געלערנט דעקלאַמירען, און זיך אַרומגעטראָגען מיט'ן געדאַנק צו

ווערען אַן אַקטריסע. זי אַליין און אויך איהרע אייגענע זיינען געווען זיכער, אַז אויב שוין יאָ אַן אַקטריסע, וועט זי אודאי זיין אַ גרויסע, אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך אַנדערש: מיט איהר אויפטרעטען אין פּעטערבורג און דערנאָך אין כאַרקאָוו האָט זי זעהר וועניג אויסגענומען, און ווען זי האָט חתונה געהאַט, האָט זי אָן די פריהערדיגע טרוימען פאַרגעסען און איז געוואָרען אַ בעל־הבית׳טע.

לידיע האָט זי אויך געשריבען, און אַלע מאָל, ווען זי האָט גערעדט וועגען פּאַריז, האָט זי דערצעהלט, ווי זי האָט זיך באַקענט מיט לאַווראָוו׳ן און ווי זי האָט דאָרטען אין די ארכיווען געשטודירט די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און ווי דאָס האָט זי ארויפגעפיהרט אויפ׳ן געדאַנק אָנצושרייבען אַ דראַמע וועגען יענער צייט. פאַר אונז האָט זי איינמאָל פאָרגעלעזען אַן אויסצוג פון יענער דראַמע, וואָס איז געווען אָנגעשריבען אין ווייסע פערזען; דאָרטען האָט זי פאָרגעשטעלט אַ באַגעגעניש צווישען ראָבעספּיער, מאַראַט און דאַנטאָן, די באַריהמטע העלדען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע; אָבער דערצו איז אבסאָלוט ניט געווען נויטיג זיך צו גריבלען אין ארכיווען.

בכלל האָט די גאַנצע דעגאַיעוו־פאַמיליע געהאַט אַ נייגונג צו גוזמאות און עפעקטען. ליזאַ פלעגט אַלץ זאָגען, אַז זי וועט חתונה האָבען בלויז מיט זעהר אַ רייכען מאַן, אָבער דאָס איז געווען ניט מעהר ווי געזאָגט. פאַרליבט האָט זי זיך דוקא אין אַ יונגענמאַן אָהן געלט. פון יעדער זאַך האָבען זיי געמאַכט אַ ווערזען, אין אַלעם האָבען זיי געזוכט דעם עפעקט, די סענסאַציע. און איך געדענק נאָך, ווי נאַטאַליאַ האָט איינמאָל, מיט אַ באַזונדער מין פאַרגעניגען, דערצעהלט וואָס פאַר אַ מין פוראָר זי און איהר שוועסטער האָבען געמאַכט ווען זיי זיינען איינמאָל געקומען אין טעאַטער — איינע אָנגעטאָן אין ווייסען און די אַנדערע אין שוואַרצען.

וואָס זי האָט דאַמאָלט צואַרבייט! „איינע אין ווייסען און די אַנדערע — אין שוואַרצען!“...

אין דעם טאָג וואָס מען האָט אויפגעהאַנגען די „נאַראָדנאַ־וואָלצעס„ האָט זיך ליזאַ איינגעעקשנ׳ט, אַז זי מוז זיין אויף דעם סעמיאָנאָווסקער פּלאַץ, וואו מען הענגט די רעוואָלוציאָנערען, כאָטש זי האָט געקענט פערזענליך זשעליאַבאָוו׳ן, סאָפיע פעראָווס־

סקאיא און קיבאַלטשיטש׳ן. איהר איז טאַקע ניט גוט געוואָרען ווען זי האָט דערזעהן ווי מען הענגט מענשען וואָס זי קען, און מען האָט זי געמוזט אוועקנעמען.

וואָלאָדיאַ, דעגאַיעוו׳ס אינגערער ברודער, איז געווען אַ בחור׳ל מיט אַ ווייכען כאַראַקטער. פון דער פּלאַטען־שולע האָט מען איהם אַרויסגעוואָרפען, ווייל מען האָט איהם חושד געווען אַז ער איז רעוואָלוציאָנעריש געשטימט, אָבער ער איז געווען אַזוי נאַאיוו ווי אַ קינד און אָפטמאָל פלעגט ער מיך פרעגען גאַנץ ערנסט:

— זאָגט מיר, ווערא ניקאָלאַיעוונא, ווען וועט זיין די רעוואָלוציע?

פונקט ווי איינער פרעגט:

— ווי האַלט דער זייגער?

ער איז געווען זיכער, אַז מען וועט איהם ענטפערען, אַז די רעוואָלוציע וועט זיין אין אַ דריי מאָנאַטען אַרום, אָדער אַם שפּעטסטען — אין אַ האַלב יאָהר אַרום; און ווען מען האָט איהם געענטפערט, אַז קיינער קען ניט וויסען ווען די רעוואָלוציע וועט זיין, איז ער געווען אַנטוישט.

מיט אַ יאָהר שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז וואָלאָדיאַ איז מיט דער צושטימונג פון סאַוועלי זלאַטאָפּאָלסקי און סערגעי דעגאַיעוו געוואָרען אַן אַגענט פון דעם באַריהמטען שפּיאָן סודעיקין. עס האָט געהייסען, אַז ער, דער נאַאיווער אינגעל, דאַרף אָפּנאַרען דעם קלוגען, דורכגעטריבענעם און געשייטען סודעיקינ׳ען; ער האָט ניט אַרויסגעגעבען קיין רעוואָלוציאָנערען, נאָר געדאַרפט איבערגעבען דער פּאַרטיי וואָס סודעיקין קלייבט זיך צו טאָן.

וואָס שייך דעגאַיעוו׳ן אַליין, קען איך נאָך עד היום ניט פאַרשטעהן, פאַרוואָס אַלע האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַזאַ קלוגען מענשען. פאַר דער גאַנצער צייט וואָס איך האָב איהם געקענט, האָב איך פון איהם קיין באַזונדערע חכמות ניט געזעהן. מעהר פון אַלץ האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען זיין כאַראַקטערלאָזיגקייט; דער מענש האָט ניט געהאַט קיין איין אָריגינעלען שטריך און בכלל איז ער געווען פון די מענשען, וואָס קענען קיינמאָל ניט באַשטעהן פעסט אויף אַ זאַך. ווייכקייט און נאָכ־

געביגקייט — דאָס זיינען געווען די הויפּט־שטריכען פון זיין כאַראַקטער.

פאַר די מיטגלידער פונ׳ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט״ האָט ער געהאַט גרויס דרך־ארץ, אָבער אויסגעדריקט האָט ער דאָס אויף אַזאַ אופן, אַז עס פלעגט אונז ווערען פריקרע דערפון. פון די לויב־געזאַנגען וואָס ער האָט יעדע׳ן איינעם געזאָגט אין די אויגען פלעגט אונז ניט גוט ווערען.

אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט געהאַט אַזאַ ווייכען כאַראַקטער, איז ער מיט אַלעמען געווען גוט. איך ווייס ניט, אויף ווי ווייט עס האָט געקאָנט גרייכען זיין איינפלוס אויף אַנדערע, אָבער שאַפען פאַרבינדונגען מיט מענשען — דאָס האָט ער געקאָנט.

ווען ער האָט געלערנט אין דעם אייזענבאַהן־אינסטיטוט האָט ער דאָרטען אָרגאַניזירט אַ רעוואָלוציאָנערען קרוזשאָק, און איינער פון די מיטגלידער איז געווען מ. קוניצקי, וועלכער האָט דערנאָך פאַרנומען אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אינ׳ם פּוילישען „פּראָלעטאַריאַט״, און ווען מען האָט אָרגאַניזירט די אָפיצירען אין פּעטערבורג און אין קראָנשטאַדט, האָט ער געבראַכט אַ סך נוצען, ווייל ער איז געווען זעהר אַ גוטער פאַרמיטלער צווישען דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט״ און די אָפיצערען.

פאַר דער גאַנצער צייט וואָס איך האָב איהם געקענט, האָב איך אין איהם ניט באַמערקט קיין קליינליכע׳ן עהרגייץ און קיין יאָגעניש נאָך כבוד. אָבער פאַר קיין גאָר גרויסער מעלה האָט מען דאָס ניט געדאַרפט רעכענען, ווייל אין אונזערע קרייזען איז דאָס געווען אַ געוועהנליכע זאַך; קיינער פון אונז האָט זיך ניט געיאָגט נאָך קיין כבוד. מיר האָט זיך געדוכט, אַז ער איז ניט פון די מענשען וואָס שטופּען זיך אין די פאָדערשטע רייהען כדי מען זאָל זיי באַמערקען, אָבער שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז מיט אַנאַ קאַרבאַ האָט ער עטליכע מאָל גערעדט, אַז מען זאָל איהם אריינגעמען אַלס מיטגליד אין „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט״.

ווען דעגאַיעוו איז געקומען קיין כאַרקאָוו, האָט ער מיר דערצעהלט, ווי אַזוי ער האָט פאַרבראַכט די אַנדערהאַלבען יאָהר, וואָס מיר האָבען זיך ניט געזעהן, און אגב האָט ער מיר איבערגעגעבען, אַז נאָכ׳ן ערשטען מאַרטש האָט מ׳צן איהם אַרעסטירט; די קלאָגע נעגען איהם איז געווען, אַז ער האָט אויך געגראָבען די ערד אונטער׳ן קלייטל, וואו מען האָט אוועקגעלעגט אַ מינע

צו דער׳הרג׳ענען דעם קיסר; אָבער עס איז איהם געלונגען זיך ארויסצודרעהען פון דעם.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, איז מיר געוואָרען קשה. איך האָב ניט געקענט פארשטעהן, ווי אזוי ער האָט זיך געקענט ארויסדרעהען פון אזא קלאגע אין דער צייט, ווען דער איינציגער עדות געגען איהם האָט געקאָנט זיין דער פאררעטער מערקולאָוו; און ווער ווייסט ניט, אז אויף מערקולאָוו׳ס ווערטער האָט די פאָליציי א סך געשטעלט.

אָבער דעגאיעוו האָט זיך אויסגעדרעהט מיט א תירוץ און האָט מיר אזוי פארדעדט די צייהן, אז אלעס האָט זיך מיר גע־לייגט אויפ׳ן שכל. די מעשה איז געווען אזוי:

פריהלינגס־צייט, אין 1882, האָט זיך דער באריהמטער שפּיאָן סודעיקין איבערצייגט, אז פון וואָלאָדיא דעגאיעוו קען ער קיין שום נוצען ניט האָבען, און ער האָט איהם דאן געזאָגט, אז מעהר דאַרף ער איהם ניט. דאמאלט האָבען די רעוואָלוציאָנערען אין פעטערבורג גענומען זוכען מיטלען ווי אזוי אָנצוהאלטען די פארבינדונגען מיט סודעיקינ׳ען, כדי איהם צו מאכען אומשעדליך. אין גיכבליבען, אז וואָלאָדיא זאָל איהם דערצעהלען א מעשה, אז זיין ברודער סערגעי נויטיגט זיך אין געלד און אז ער איז גרייט צו טאָן פאר איהם, פאר סודעיקינ׳ען, געוויסע ארבייטען, אויב ער וועט איהם דערפאר באצאָהלען.

סודעיקין האָט דארויף איינגעשטימט און דעגאייעוו האָט ביי איהם געקראָגען ארבייט, מאכען געוויסע צייכנונגען.

סודעיקין און דעגאיעוו האָבען זיך עטליכע מאָל געזעהן. דערנאָך האָט דעגאיעוו דערצעהלט, אז ער האָט מיט סודעיקינ׳ען גערעדט בלויז וועגען דער ארבייט, אָבער ניט וועגען קיין אנדערע זייטיגע זאכען. אזוי האָט ער פארזיכערט דעם רעוואָלוציאָנער גראטשעווסקי. נאכהער איז ער אוועקגעפאָהרען קיין קאווקאז און מעהר האָט ער גראטשעווסקי׳ן גאָר ניט איבערגעגעבען קיין שום ידיעות.

# זיבעצעהנטער קאפיטעל.

## די נויטיגקייט צו שאפען א צענטראלע קערפערשאפט.




ען סערגעי דעגאיעוו איז אנגעקומען קיין כארקאוו, האב איך זיך מיט איהם באגעגענט ווי מיט אן אלטען חבר, וועלכער האט א סך דורכגעמאכט אין דער באוועגונג. און אזוי שנעל ווי איך האב איהם דערזעהן, איז מיר איינגעפאלען, אז מען דארף איהם צוציהען צו דער צענטראלער קערפערשאפט, וואס איך פלאנעווע צו גרינדען, כדי אויסצוארבייטען א וועג, ווי אזוי ווייטער אנצוגעהן מיט דער רעוואלוציאנערער ארבייט.

לויט דער ראלע, וואס ער האט געשפילט אין דער באוועגונג אין א משך פון צוויי־דריי יאהר, האט ער דאס ווירקליך פארדינט; מיר אלע האבען צו איהם דעם גרעסטען צוטרוי געהאט: ער האט אונז צונויפגעפיהרט מיט די ארטילעריע־אפיצערען אין קראנשטאדט און אין פעטערבורג; ער איז געווען גוט באפריינדעט מיט א סך אפיצערען פון דער פלאטע, און אזוי ווי ער אליין איז אויך געווען א מיטגליד אין דער רעוואלוציאנערער גרופע פון די ארטילעריסטען, האט ער דאריבער געוואוסט אלעם וואס עס קומט פאר אין דער ארגאניזאציע.

מיין מיינונג איז געווען, אז מען מוז דעגאיעוו'ן צוציהען נעהענטער צו דער ארבייט, ווייל אלע מאל פארלירען מיר נאך און נאך חברים. דעם 3טען יוני האט מען אין פעטערבורג ארעסטירט גראטשעווסקי'ן, אנא קארבא, בוצעוויטש'ן, פריבילעוו'ן און נאך אנדערע, און אין א קורצער צייט ארום האבען מיר פארלארען די איוואנאווסקאיא אויך; זי איז אוועקגעפאהרען קיין וויטעבסק איבערפיהרען פון דארטען די דרוקעריי אין אן אנדער שטאדט, אבער אזוי שנעל ווי זי איז געקומען אהין, האט מען זי ארעסטירט.

וואס אמאל איז געווארען אלץ ווייניגער מענשען, און מען האט געמוזט שאפען א נייע צענטראלע קערפערשאפט, וואס זאל פארנעמען דאס פלאץ פון דעם „איספאלניטעלני קאמיטעט", און מיר

האָט זיך געדוכט, אַז דרגאַיעוו איז דער פּאַסיגסטער מענש אין אַזאַ קערפּערשאַפט.

פאַר איהם, פּונקט ווי פאַר ספּאַנדאָני'ן, האָט מען זיך ניט געדאַרפט שעמען; זיי ביידען האָט מען דאָך געמעגט דערצעהלען דעם אמת, אין וואָס פאַר אַ לאַגע דער „קאָמיטעט" געפינט זיך, האָב איך זיי דערצעהלט און האָב זיי געגעבען צו פאַרשטעהן, ווי נויטיג עס איז איצט צונויפצונעמען אַלע צוזאַמענפענע כוחות און ווייטער אָנגעהן מיט דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט.

דרגאַיעוו האָט מיך אויסגעהערט און די גאַנצע צייט קיין איין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. ווען איך האָב געענדיגט, האָט ער געענטפערט, אַז ער איז גרייט צו ווערען אַ מיטגליד פון אַ צענטראַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אָנפיהרען די גאַנצע אַרבייט פון דער פּאַרטיי.

אָבער אויב איך האָב געזוכט און געוואָלט געפינען מענשען מיט מיינונגען, מיט פעסטע אַנשויאונגען, וואָס מען קאָן ניט איבערשפּאַרען, האָב איך דאָס ניט געקאָנט געפינען ניט אין ספּאַנדאָנין און ניט אין דרגאַיעוו'ן. קיינער פון זיי האָט ניט געהאַט קיין באַשטימטע מיינונג, ווי אַזוי מען זאָל צוטרעטען צו דער אַרבייט און וואָס מען זאָל בכלל טאָן אין אַזאַ מאָמענט. צי דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס זיי זיינען ניט געווען געניט אין דער אַרבייט, צי דערפאַר, וואָס עס האָט זיי פּשוט אויסגעפעלט די נויטיגע איינגעזעהן. אַזוי אָדער אַזוי — קיין אייגענע איניציאַטיווע האָבען זיי ניט אַרויסגעוויזען, קיין אייגענעם פּלאַן האָבען זיי ניט פאָרגעשלאָגען און די איינציגע מעלה זייערע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבען געטאָן אַלעס, וואָס איך האָב זיי געהייסען. זיי האָבען מיך געפאָלגט און האָבען ניט געפרעגט קיין קשיות.

אָבער איך האָב ניט געוואָלט, אַז עס זאָל אויסקומען אַזוי, אַז איך אַליין בין די גאַנצע מאכערין. איך האָב געוואָלט זיין איינע פון אַ גאַנצער קערפּערשאַפט, וואָס באַשטעהט פון אַ סך מענשען און וואו יעדער איינער טוט די אַרבייט, צו וועלכער ער איז פעהיג. וואָרים נאָך אַלעמען, האָב איך מיינע אייגענע כוחות ניט איבערגעשעצט און איך האָב גוט געוואוסט, וואָס איך קאָן נעמען אויף זיך און וואָס ניט.

טאָג און נאַכט האָב איך געהאַלטען אין איין קלערען וועגען דעם, וואָס איך בין איינע אַליין און האָב ניט מיט וועמען צו

ארבייטען. דאָס האָט מיך געמוטשעט און געקרענקט, און, ווי אויף צו להכעיס, האָב איך אפילו ניט געהאַט פאַר וועמען דאָס ביטער הארץ זיך אויסצורײדען.

עפּעס האָט זיך עס ניט געקלעפּט, און עס האָט זיך אזוי שטאַרק געבענקט נאָך יענע חברים, וועלכע האָבען מיט זיך צונויפגעשטעלט דעם ערשטען „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", וואָס האָט אויפגעטאָן אזוי פיל גרויסע זאַכען.

וואָרים מען דאַרף ניט פאַרגעסען, אַז דער ערשטער „קאָמי־טעט" האָט געקענט באַווייזען דאָס, וואָס ער האָט באַוויזען ניט נאָר דערפאַר, וואָס די מיטגלידער זיינען געווען גרויסע און אָנ־געזעהענע מענשען, נאָר אויך דערפאַר, וואָס יעדער מיטגליד איז געווען אַ באַזונדער טיפּ פאַר זיך, אַ באַזונדער וועלט פאַר זיך; זיי זיינען ניט געווען אַלע ווי פון איין טויג געקנאָטען. מיר האָ־בען געהאַט אַזא טעאָרעטיקער ווי לעוו טיכאָמיראָוו, אַזא פּראַק־טיקער ווי פּראָלענקאָ, אַזא אַגיטאַטאָר ווי זשעליאַבאָוו, אַזעלכע אָרגאַניזאַטאָרס ווי אַלעקסאַנדר קוויאַטקאָווסקי און אַלעקסאַנדר מיכאַילאָוו. און אַלע צוזאַמען האָבען זיי מיט זיך צונויפגעשטעלט איין גאַנצע האַרמאָנישע קערפּערשאַפט, אָבער יעדער איינער איז געווען נויטיג, אומבאַדינגט נויטיג, ווייל דאָס וואָס ער האָט געטאָן האָט קיין אַנדערער ניט געקענט טאָן.

און אַזא צענטראַלע קערפּערשאַפט האָב איך געוואָלט שאַ־פען — אַ קערפּערשאַפט, וואָס זאָל פאַרנעמען דאָס פּלאַץ פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט".

מיין פּלאַן איז געווען, אַז איצט מוז מען נעמען פינף פון די בעסטע און פעהיגסטע מענשען פון דער מיליטערישער אָרגאַ־ניזאַציע און צוזאַמען מיט זיי צונויפשטעלען אַ נייעם צענטראַלען קאָמיטעט וואָס זאָל אָנפיהרען די גאַנצע ארבייט.

מיין מיינונג איז געווען, אַז די פינף מענשען דאַרפען זיין די אָפיצערען: זאַוואַלישין, ראָגאַטשאָוו, אַשענברענער, פּאָכיטאָנאָוו און קראַיסקי. ווי די לאַגע איז אין פּעטערבורג, האָב איך ניט געוואוסט. אַהין האָט מען געמוזט שיקען אַ מענשען, ער זאָל זעהן וואָס ס'הערט זיך דאָרטען, און דער פּאַסיגסטער מענש, לויט מיין מיינונג, איז געווען דעגאַיעוו, ווייל איהם האָט מען אין פּע־טערבורג גוט געקענט, און צווישען די אָפיצערען איז ער געווען אַן איינציגער מענש.

ספּאַנדאַני׳ן און דעגאַיעוו׳ן איז מיין פּלאַן געפעלען געוואָרען. עס איז געבליבען, אַז דעגאַיעוו זאָל מאַכען אַ רייזע איבער די אַלע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס וואָס געפינען זיך אין די פאַרשידענע שטעדט. עס איז אויך געבליבען, אַז נאָך דער רייזע זאָל זיך דעגאַיעוו באַזעצען מיט זיין פרוי אין אָדעס, וואו איך וועל אָרגאַניזירען אַ דרוקעריי ארויסצוגעבען אין געהיים רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור. די בעלי־בתים אין דער דרוקעריי זאָלען זיין צוויי מענשען, דעגאַיעוו און זיין פרוי.

פריהער פון אַלץ האָט מען זיך געדאַרפט צונויפריידען מיט די פינף אָפיצערען, וועלכע האָבען — לויט מיין פּלאַן — געדאַרפט אויפגעבען די מיליטערישע דינסט און זיך אָנשליסען אָן דער געפּלאַנטעווען צענטראַלער קערפערשאַפט. מיט פּאָכיטאָנאָוו׳ן איז ניט געווען שווער זיך צונויפצוריידען; ער האָט געדינט אין קאָבעליאַקי, פּאָלטאַווער גובערניע, האָבען מיר איהם ארויסגערופען קיין כאַרקאָוו, אָבער ווען דעגאַיעוו האָט איהם געשטעלט די ערשטע פראַגע, צי ער איז גרייט זיך אָפּצוזאָגען פון דער מיליטערישער דינסט און זיך אינגאַנצען איבערגעבען דער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, האָט ער געענטפערט, אַז דאָס קען ער ניט טאָן, ווייל ער איז אַ קראַנקער מענש און דאָקטוירים האָבען איהם געזאָגט, אַז ער מוז זיך אָפּהיטען, ווייל ער קען נאָך אַרונטער פון זינען.

און דאָס איז געווען דער ריינער אמת. פּאָכיטאָנאָוו איז ווירקליך געווען אַ קראַנקער מענש. ער האָט זיך אָבער ניט געקענט אָפּהיטען; איבער דעם וואָס ער איז געווען טעטיג אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט מען איהם פאַרשפּאַרט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג און דאָרטען איז מקוים געוואָרען די נבואה פון די דאָקטוירים: ער איז ארונטער פון זינען. אינ׳ם יאָהר 1896 האָט מען איהם פון שליסעלבורגער פעסטונג אריבערגעפיהרט אין דעם ניקאָלאַיעווסקער האָספּיטאַל אין פּעטערבורג, וואו ער איז אין אַ קורצער צייט ארום געשטאָרבען.*)

איך בין געקומען קיין פּאָלטאַווע און דאָרטען האָט מיר פּאָכיטאָנאָוו צונויפגעפיהרט מיט דעם אָפיצער ראָגאַטשאָוו. עטליכע

*) זעה מיין בוך „די פאַרשפּאַרטע אין שליסעלבורג" (רוסיש). דאָרטען גיב איך איבער די ביאָגראַפיע פון פּאָכיטאָנאָוו׳ן.—וו. פ.

מאָל האָב איך זיך מיט איהם געטראָפען און נאָכדעם ווי איך האָב פאַר איהם קלאָר געמאַכט די גאַנצע לאַגע, האָט ער איינגעשטימט ארויסצוטרעטען פון דער ארמעע, ווערען אויס אָפיצער און זיך איבגאַנצען איבערגעבען דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.



ראַגאַטשאָוו.

קיין אָדעס און קיין ניקאָלאַיעוו האָב איך דעגאַיעוו'ן מיט־געגעבען די נויטיגע אדרעסען און אָנווייזונגען. ער האָט זיך דאָרט געטראָפען מיט דעם ראָטנע קאָמאַנדיר קראַיסקי און מיט דעם פּאָד־פּאָלקאָווניק אַשענברענער. דער ראָטנע קאָמאַנדיר האָט ניט גע־וואָלט ארויסטרעטען פון דער ארמעע, אָבער דער פּאָדפּאָלקאָווניק יאָ. גלייך נאָכדעם האָט ער זיך גענומען סטאַרען צו קריגען אַן אור־לויב אויף עלף חדשים, און ווען ער האָט דעם אורלויב געקראָגען, איז ער אוועקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג.

אין פּעטערבורג האָט זיך דעגאַיעוו געטראָפען מיט דעם אָפי־צער זאַוואַלישין. וואָס פאַר אַן ענטפער ער האָט געגעבען אויף מיין פאָרשלאַג, געדענק איך איצט ניט. וואַרשיינליך האָט ער ניט געענטפערט אזוי באַשטימט ווי ראַגאַטשאָוו און אַשענברענער. א סימן — זיין ענטפער האָט זיך ביי מיר ניט אָפּגעשטעלט אין זכרון.

די באגעגעניש מיט מיכאילאָווסקי'ן.

דעם 15טען אָקטאָבער, ווען דרעגאָיעוו האָט געהאַלטען אין ארומפאָהרען, איז צו מיר קיין כארקאָוו, גאַר אומגעריכטערהייט, געקומען מיכאילאָווסקי, דער באריהמטער רוסישער קריטיקער.

ער דאַרף מיט מיר ריידען וועגען זעהר א וויכטיגער זאַך און מוז באלד קריגען פון מיר אַן ענטפער.

די וויכטיגסטע זאַך איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין פּעטער־בורג איז צו איהם געקומען דער באריהמטער שרייבער ניקאָלאַדזע און האָט איהם דערצעהלט, אז זעהר אַן אָנגעזעהענער מענש פון די „הויכע פענסטער", גראַף וואָראָנצאָוו־דאַשקאָוו אליין, האָט איהם געבעטען, אז ער זאָל זעהן מאכען שלום צווישען דער רעוואָלוציאָ־נערער פּארטיי און דער רעגירונג און אז צוליב דעם זאָל ער טאַקע גלייך אָנהויבען פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט'ן „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט".

לויט ווי מיכאילאָווסקי האָט מיר איבערגעגעבען, האָט איהם ניקאָלאַדזע געזאָגט, אז די רעגירונג איז שוין מיד פון דעם קאַמף מיט דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און זי וואָלט געוואָלט, אז עס זאָל שוין איין מאָל פאַר אַלע מאָל נעמען א סוף און ביידע צדדים זאָלען דורכקומען צווישען זיך; די רעגירונג האָט, הייסט עס, איינגעזעהן, אז די איצטיגע אָרדנונג איז טאַקע ניט אזא פויגעלדיגע און דאַ־ריבער איז זי גרייט איינצופיהרען געוויסע רעפאַרמען; אבער זי קאָן דאָס ניט טאָן אין דער צייט ווען מען האַלט אויף איהר שטענדיג א ביימש איבער'ן קאָפּ און מען דערלאַנגט איהר אַלע מאָל מיט א באָמבע פון אַן אַנדער זייט; איבער דעם טעראָר, איבער די געוואַלד־טאַטען קאָן די רעגירונג קיין רעפאָרמען ניט איינפיהרען; זאָל די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" מאכען א סוף צו די טעראָריסטישע אַקטען, זאָל מען אויפהערען וואַרפען באָמבעס און שיסען, וועט מען איינפיהרען רעפאָרמען און אַלעס וועט זיין גוט און וואויל; די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" זאָל קיינעם ניט טשעפּען ביז מען וועט פּראַווען די קאָראָנאַציע פון'ם נייעם קיסר און דאַן וועט מען ארויס־לאָזען א מאַניפעסט, וואָס וועט געבען פאָלשטענדיגע פּאָליטישע אַמנעסטיע, פּרעסע־פרייהייט און דאָס רעכט אָנצופיהרען א פריד־ליכע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע. און פאַר א באַוויז, אז די

רעגירונג מיינט דאָס ערנסט, איז זי גרייט צו באַפרייען איינעם פון די פאַר'משפּט'ע „נאַראָדאַוואָלצעס". זאָל זיין — איסאַיעוו'ן.

ווען מיכאַילאָווסקי האָט אויסגעהערט ניקאָלאַדזע'ן, האָט ער באַשלאָסען זיך צו זעהן מיט אימיצען פון'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" און אַזוי ווי איך בין אין רוסלאַנד געווען די איינציגע וואָס איז פון'ם גאַנצען „קאָמיטעט" פאַרבליבען, איז ער דאַריבער געקומען זיך דורכריידען מיט מיר וועגען דעם.

מיכאַילאָווסקי אַליין איז געווען זיכער, אַז דער פאָרשלאַג פון דער רעגירונג איז זעהר אַ וויכטיגער און אַז ער פאַרדינט די געהעריגע אויפמערקזאַמקייט. איך אָבער האָב וועגען דעם געהאַט גאָר אַן אַנדער מיינונג: איך האָב אין דעם געזעהן אַ ווידערהאָלען פון דעם, וואָס דער פּראָקוראָר דאָברזשינסקי האָט אינ'ם יאָהר 1879 אונטערגערוקט אַ לעקאַכעל דעם רעוואָלוציאָנער גאָלדענבערג'ן; ער האָט איהם פאַרזיכערט, אַז די רעגירונג איז נעבאַך גאָט די נשמה שולדיג און אַז ווען ניט דער טעראָר פון'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" וואָלט זי שוין לאַנג איינגעפיהרט די נויטיגע רעפאָרמען; דאַן האָט דאָברזשינסקי איינגערעדט גאָלדענבערג'ן, אַז ער דאַרף אויסגעבען זיינע פריינד און חברים, ווייל דערמיט וועט ער טאָן אַ גרויסע טובה דעם גאַנצען רוסישען פאָלק; מען וועט איינפיהרען רעפאָרמען אין לאַנד און די באַפעלקערונג אין רוסלאַנד וועט פרייער אָפּאָטעמען.

וואָס עס איז פון דעם געוואָרען — ווייסט מען: גאָלדענבערג האָט דאַמאָלט דערצעהלט אַלעס וואָס ער האָט געוואוסט, און כאָטש ער האָט ניט אָנגעגעבען קיין נעמען און ניט אָנגעוויזען קיין אַדרעסען, האָט ער אָבער געשילדערט ווי עס זעהען אויס די אַלע מענשען, מיט וועלכע ער האָט זיך געטראָפען אין דער באַוועגונג, און דאָס האָט אויך געבראַכט אַ היבש ביסעל פאַרלוסטען. ערשט דערנאָך האָט ער זיך געכאַפּט, אַז מען האָט איהם אַריינגענאַרט אין זאַק און דאַן האָט ער זיך, פאַר פאַדרוס, אויפגעהאַנגען אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג.

דאָס איז געווען אינ'ם יאָהר 1880, זומער־צייט.

פאַר מיר איז דאָס געווען קלאָר, אַז די רעגירונג וויל אונז דערמיט ווידער אַריינגאַרען אין זאַק, כדי עס זאָל זיך איהר איינגעבען דורכצופיהרען פייערליך די קאָראָנאַציע פון'ם נייעם קיסר

און פאַר איינוועגס טאַקע אויסגעפינען, וואָס עס קומט איצט פאָר אין דער פּאַרטיי.

ווען איך האָב פאַר מיכאַילאָווסקי'ן אויסגעדריקט מיין מיי־נונג, אַז עס איז פּשוט אַ געפאַהר צו פיהרען פאַרהאַנדלונגען מיט דער רעגירונג וועגען אַזאַ זאַך, האָט ער מיר געשטעלט אַזאַ פראַגע:

— זאָגט מיר דעם אמת, קאָן די פּאַרטיי אין'ם איצטיגען מאָ־מענט ווייטער דורכפיהרען טעראָריסטישע אַקטען?

דאַרויף האָב איך איהם געענטפערט:

— ניין, די לאַגע אין דער פּאַרטיי איז איצט אַזאַ, אַז מען קאָן זיך ניט אונטערנעמען דורכצופיהרען קיין טעראָריסטישע אַקטען.

— אויב אַזוי, — האָט זיך מיכאַילאָווסקי אָנגערופען, — קומט דאָך אויס, אַז פאַרלירען קאָנט איהר דאָ גאָרניט און געווינען קאָנט איהר אפשר אַ סך.

מיר האָבען לאַנג גערעדט וועגען דעם און עס איז געבליבען אַזוי:

פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט ניקאָלאַדזע'ן אין רוסלאַנד וועלען מיר ניט. איך קאָן אָבער שיקען קיין אויסלאַנד אַ מענשען, וועלכער זאָל זיך דורכריידען וועגען דעם מיט טיכאָמיראָוו'ן און מיט דער אשאַנינאַ און דערביי איבערגעבען וואָס איך דענק וועגען דעם.

עס איז אויך געבליבען, אַז מיט וואָס די אונטערהאַנדלונגען זאָלען זיך ניט ענדיגען, זאָלען מיר אין רוסלאַנד זיך ניט פיהלען געבונדען צו זיי און זאָלען האָבען דאָס רעכט ווייטער אָנצוגעהן מיט אונזער טעטיגקייט אויפ'ן טעראָריסטישען געביט. מיכאַי־לאָווסקי האָט מיר דאַן פאַרשפּראָכען, אַז ניקאָלאַדזע'ן וועט ער זאָגען, אַז אין רוסלאַנד האָט ער ניט געפונען קיין איין מיטגליד פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", ווייל זיי זיינען זיך אַלע צו־פאָהרען קיין אויסלאַנד.

ווען דעגאַיעוו איז געקומען צוריק פון דער רייזע, האָב איך איהם דערצעהלט וועגען דעם, וואָס איך האָב גערעדט מיט מיכאַי־לאָווסקי'ן. ספּאַנדאָני איז אויך געווען דערביי, און ביידע האָבען איינגעשטימט מיט מיין מיינונג וועגען דעם.

דאַן האָבען מיר באַשלאָסען, אַז צו טיכאָמיראָוו'ן קיין פּאַריז זאָלען מיר שיקען די פריילין סאַלאָווא, מיט וועלכער איך בין געווען באַקאַנט נאָך פון 1880. צוליב דעם האָב איך זי אַרויסגערופען פון

# אכצעהנטער קאפיטעל.

## אוים דרוקעריי.




עם 20טען דעצעמבער האבען מיר פון אדעס באקומען א ידיעה, אז מען האט דארטען געמאכט אן איבערפאל אויף דער דרוקעריי, און עס זיינען ארעסטירט געווארען די פינף מענשען, וועלכע זיינען מיט איהר געווען פארבונדען—דעגאיעוו מיט זיין פרוי, די קאליוזשינאיא, סוראווצעוו און ספאנדאני.

איין קלאפ נאכ'ן אנדערען. בלויז פינף וואכען האט די דרוקעריי עקזיסטירט און איידער מען האט אוספעיעט עפעס צו טאן, האט מען זי צוגעמאכט. די לעצטע האפנונג ארויסצוגעבען א צייט־שריפט פון דער פארטיי איז אוועק מיט'ן רויך, און א צייט־שריפט האט מען געמוזט האבען, ווייל פון דעם האט די געזעלשאפט און אויך די רעגירונג געקאנט האבען א באגריף וועגען דער לאגע אין דער פארטיי.

נאך איצט ווערט מיר שווער אויפ'ן הארצען, ווען איך דערמאן זיך די צרות וואס איך האב דאן געהאט. אלעס איז געגאנגען מיט דער פוטער אראפ און די גאנצע ארבייט וואס איך האב אנגעהויבען טאן, האט זיך אויסגעלאזט מיט גארנישט; די אלע האפנונגען, וואס איך האב געהאט, זיינען אוועק מיט'ן רויך און איין אומגליק איז געווען גרעסער פאר'ן אנדערען. די אלע מענשען וואס איך האב צוגעצויגען צו דער באוועגונג, זיינען אומגעקומען, די פריילין ניקיטינא, קאמארניצקי, די איוואנאווסקאיא, און איצט — פינף מענשען אין אדעס.

מיט אלע כוחות האב איך געארבייט, וויטער פארטצוזעצען די רעוואלוציאנערע טעטיגקייט, אבער עס איז מיר ניט געגאנגען.

און אויפגעבען די ארבייט האב איך ניט געקאנט. דאס איז פאר מיר געווען אבסאלוט אונמעגליך. ווי האב איך זיך געקאנט צוריקציהען פון דער ארבייט, ווען אזוי פיל יונגע נשמות האבען פון דער ווייטענס געקוקט אויף מיר מיט האפנונג און אלץ געזוכט כאטש עפעס א גייסטיגען אנהאלט פאר זיך?

און איך געדענק נאָך אזוי ווי היינט דעם בריף, וואָס איך האָב אין יענער צייט געקראָגען פון א באַקאַנטער מיידעל, וועלכע האָט געלעבט אומלעגאַל, אויסבאַהאַלטענדיג זיך פון דער פּאָליציי. זי האָט מיר געשריבען, אַז עס איז איהר שלעכט; אַז זי ווערט פאַר־פאָלגט אויף שריט און טריט און געפינט ניט אין ערגעץ קיין אָרט זיך אָפּצורוהען א ביסעל; אַז אַרום און אַרום איז די גאַנצע וועלט פאַר איהר אזוי פינסטער ווי די נאַכט און אַז בלויז איך בין פאַר איהר דער איינציגער ליכטיגער שטערען.

איהר בריוועל אַז געווען אַזוי אויפריכטיג, אַזוי האַרציג, אַז עס האָט מיך אַזש געריהרט ביז טרערען. זי האָט מיך אַזוי ליב געהאַט, די מיידעל, און ווען מען האָט מיך אַרעסטירט, האָט זי געמאַכט א סוף צו איהר לעבען. זי האָט זיך אַרונטערגעוואָרפען אונטער'ן באַן און איז דער'הרג'עט געוואָרען.

וואָס איך האָב דאַמאָלט איבערגעלעבט, קאָן מען גאָר מיט קיין ווערטער ניט איבערגעבען. איך האָב געפיהלט, אַז מען מוז ווייטער אָנגעהן מיט דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייט, אַז מען טאָר ניט בלייבען שטעהן אין מיטען; מיך האָט פאַרדראָסען, פאַרוואָס טיכאָמיראָוו איז אַוועקגעפאָהרען קיין אויסלאַנד און איך האָב איהם טאַקע געבעטען, אַז ער זאָל ניט פאָהרען; אָבער עס האָט מיר ניט געהאָלפען. איך בין געבליבען אַליין און האָב ניט געהאַט מיט וועמען צו אַרבייטען.

איך האָב געזעהן, ווי אַרום מיר צופאַלט זיך אַלעס; און, ווי־לענדיג, ניט ווילענדיג, האָב איך פאַר לייטען געמוזט מאַכען דעם אָנשטעל, אַז איך בין רוהיג און ס'איז בכלל ניט אַזוי געפעהרליך ווי מען שטעלט זיך פאָר. ניט איין מאָל האָב איך געפיהלט ווי צו בעטען אויף זיך דעם טויט, אָבער איינגאַנצען אויפגעבען די אַרבייט האָב איך דאָך ניט געוואָלט און ניט געקאָנט, און ווען מיכאַילאָווסקי האָט מיך איינמאָל געפרעגט, וואָס איך דענק ווייטער צו טאָן, האָב איך איהם געענטפערט, אַז איך וועל אויפקלייבען די צורייסענע פעדימלאַך, צונויפבינדען די עקען און מאַכען קניפּלאַך.

דאַן האָט מיכאַילאָווסקי אַריינגענומען מיין קאָפּ אין ביידע הענט און האָט באַדעקט מיין פּנים מיט קושען.

מיך האָט עס זעהר געוואונדערט, ווייל מיכאַילאָווסקי איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי צוגעלאָזען צו מיר. ערשט ווען איך האָב איבערגעלייענט דאָס, וואָס ער האָט וועגען מיר געשריבען פאַר זיין

טויט, האָב איך פאַרשטאַנען, דאָס ער האָט מיך געקושט דערפאַר, וואָס איך בין געווען אַזוי פאַר׳עקשנ׳ט און אַזוי אויסגעהאַלטען.

נאָהענטע מענשען האָבען מיך ניט איין מאָל געפרעגט:

„ווערא ניקאָלאַיעווגאַ, פאַרוואָס זייט איהר שטענדיג אַזוי פאַרטראַכט און פאַרוואָס קוקט איהר שטענדיג ערגעץ אין דער ווייט?"

און איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען דאַרויף, אַז אין הארצען האָט אַזוי גענאָגט אַ שווערער געפיהל: „ס׳איז שווער צו לעבען, זעהר שווער".

און דאָ רופט מען מיך אין מיטען דערינען אַרויס צו מיינער אַ פריינדין, סאָפיאַ אַדאָלפעוונאַ טיכאַצקאַיאַ. ביי איהר האָט זיך געטראָפען עפּעס אַן אומגליק און אָהן מיר קאָן מען זיך ניט באַגעהן.

דער „אַנטלאָפענער".

ווען איך בין געקומען צו די טיכאַצקים אין הויז, בין איך געבליבען שטעהן אַן איבערראַשטע: פאַר מיר איז געשטאַנען דעגאַיעוו, דער בעל־הבית פון דער דרוקעריי, וואָס מען האָט צו־געמאַכט אין אָדעס.

— ווי קומט איהר אַהער? ! — האָב איך אַ פאַרוואונדערטע געפרעגט און האָב מיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט. — מען האָט אייך דאָך אַרעסטירט! ווי אַזוי האָט איהר זיך אויסגע־דרעהט?

— מיר האָט זיך איינגעגעבען צו אַנטלויפען, — האָט דעגאַיעוו געענטפערט צוטראָגען און איז געוואָרען בלאַס ווי די וואַנט.

— און ווי קומט עס, וואָס די פּאָליציי איז אַזוי שנעל געפאַלען אויפ׳ן שפּור פון דער דרוקעריי אין אָדעס? — האָב איך געפרעגט.

— כ׳ווייס ניט, — האָט ער געענטפערט, — דאָס איז אפשר דערפאַר, וואָס די קאַסטענס מיט שריפט זיינען געווען צו שווער און די טרעגער האָבען אפשר גע׳מסור׳ט.

און ער האָט מיר דערצעהלט אַזאַ געשיכטע:

ווען מען האָט איהם אַרעסטירט, איז איהם איינגעפאַלען דער געדאַנק צו אַנטלויפען. צוליב דעם האָט ער די זשאַנדאַרען דער־צעהלט אַ מעשה, אַז פריהער האָט ער געוואוינט אין קיעוו, און אַז נאָר דאָרטען וועט ער ענטפערען אויף די אַלע פראַגען, וואָס מען וועט איהם שטעלען. די זשאַנדאַרען האָבען אין אָנפאַנג איהם ניט

געוואָלט פיהרען קיין קיעוו, אָבער דערנאָך האָבען זיי איהם נאָכ־געגעבען. אויפ'ן וועג, פונקט דאַן ווען ער איז אין דער באַגלייטונג פון צוויי זשאַנדאַרען געפאָהרען אין אַ „דראָזשקע" אויסער דער שטאָדט, ניט ווייט פונ'ם וואָקזאַל, האָט ער זיי ביידען אַ שאָט געטאָן אַ זשמעניע מיט טאַבאַק אין די אויגען אַריין און איז אַנטלאָפען.

אין אָדעס, — האָט דעגאַיעוו ווייטער דערצעהלט, — האָב איך זיך אויסבאַהאַלטען ביי מיינע באַקאַנטע אָפיצערען, און אין עטליכע טעג אַרום האָט מיך איינער אַוועקגעפיהרט קיין ניקאָלאַיעוו און פון דאָרטען בין איך אַוועקגעפאָהרען אַהער. נעכטען אויף דער נאַכט בין איך געקומען. אייער אַדרעס האָב איך ניט געהאַט, האָב איך זיך געמוזט ווענדען צו גורסקי'ן, ער זאָל מיר זאָגען וואו איהר וואוינט, אין אָנפאַנג האָט ער מיר בשום אופן אייער אַדרעס ניט געוואָלט געבען, אָבער דערנאָך איז ער בעסער געוואָרען.

— וואו זשע האָט איהר גענעכטיגט? געשיקט זיך, אַז איהר האָט זיך די גאַנצע נאַכט אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסען? — האָב איך געפרעגט און אַ קוק געטאָן אויף איהם מיט באַדויערען.

— איך האָב גענעכטיגט אין זעהר ניט קיין פיינעם פּלאַץ, — האָט מיר דעגאַיעוו געענטפערט און האָט זיך פארשעמט.

איך האָב זיך אויך פאַרשעמט דערפאַר, וואָס איך האָב געמיינט, אַז דעגאַיעוו האָט גענעכטיגט אין אַן אומאַנשטענדיגער הויז, און ער האָט זיך פאַרשעמט דערפאַר, אָבער — ווי ס'האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזען, — האָט ער גענעכטיגט גאָר ערגעץ אַנדערש.

— אָבער וואו האָט איהר גענומען טאַבאַק צו פאַרשיטען די זשאַנדאַרען די אויגען? — האָב איך געפרעגט. — איהר רויכערט דאָך ניט.

די דאָזיגע פראַגע מיינע איז געוועזען אַ נאַרישע; איך האָב גאָר פאַרגעסען, אַז אין אַזאַ פאַל פאַרשיט מען די אויגען מיט טאַבאַק וואָס מען שמעקט און ניט מיט טאַבאַק וואָס מען רויכערט.

דעגאַיעוו האָט דאָס אָבער ניט נעכאַפּט און האָט מיר גלייך געגעבען אַ תירוץ:

— רויכערען רויכער איך טאַקע ניט, אָבער איך האָב פון פריהער ספּעציעל צוליב דעם געהאַט צוגעגרייט טאַבאַק.

ריידענדיג מיט מיר האָט דעגאַיעוו אויסגעקוקט אַזוי נעבאַכדיג, אַז איך האָב אַזש רחמנות געהאַט אויף איהם. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער קאָן ניט זיין צופרידען מיט דעם, וואָס ער אַליין

איז פריי, אין דער צייט ווען זיין פרוי איז פאַרשפּאַרט אין טורמע.

אַלס אַ גוטער פריינד האָב איך איהם געטרויסט, איהם אונטערגעגעבן מוט, געזאָגט, אַז עס איז מעהר ווי זיכער, אַז די פּאָליציי וועט באַפרייען זיין פרוי, ווייל מען וועט זיך איבערצייגען אין דעם, אַז זי איז מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ניט שטאַרק פאַרבונדען און אַז זי האָט געשטעלט איהר פרייהייט אין קאָן בלויז דערפאַר, וואָס זי איז געטריי און איבערגעגעבן דעם מאַן; איך האָב איהם פאָרגעשלאָגען, אַז מען זאָל אַוועקשיקען אַ ספּעציעלען מענשען קיין בעלגאָראָד און אָנזאָגען זיין מוטער און זיין שוועסטער וועגען דעם, וואָס ס'איז געשעהן אין אָדעס. „אַז עס איז ביי מיר גאָר קיין צווייפעל ניט, — האָב איך דעגאַיעוו'ן באַרוהיגט, — אַז אויב מען וועט איינלעגען געלט פאַר איהר, וועט מען זי אַרויסלאָזען פריי".

דערביי האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט און מעהר האָבען מיר וועגען דעם ניט גערעדט. און ווען די טשערניאַווסקאַיאַ איז געקומען פון יעקאַטערינאָסלאַוו און האָט געדאַרפט האָבען אַ וואוינונג, האָט זי דאָס געדונגען צוזאַמען מיט דעגאַיעוו'ן.

ניט מיר און ניט דער טשערניאַווסקאַיאַ איז איינגעפאַלען חושד צו זיין דעגאַיעוו'ן אין עפּעס. די אַלע זאַכען, וואָס ער האָט אונז דערצעהלט וועגען דעם, ווי אַזוי ער איז אַנטלאָפען, האָבען זיך אונז געלעגט אויפ'ן שכל, און מיר האָבען קיין שלעכטס ניט געקאָנט טראַכטען, ווייל מיר האָבען צו איהם דעם גרעסטען צוטרויען געהאַט. אַ קליינינגקייט עפּעס דעגאַיעוו! ער איז דאָך שוין יאָהרען לאַנג טעטיג אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און ניט איין מאָל איז איהם אויסגעקומען צו שטעלען זיין לעבען אין קאָן.

איין זאַך האָב איך ניט געקאָנט פאַרשטעהן: פאַרוואָס איז ער עפּעס אַזוי צוטראָגען און פאַרוואָס פאַרלירט ער זיך אַזוי?

אָבער דאָס האָב איך מיר אויך ערקלערט דערמיט, וואָס ער האָט צרות דערפון, וואָס זיין פרוי איז פאַרשפּאַרט אין טורמע.

ערשט שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אַז פון זיינעם אַ וואָרט אָדער פון אַ באַמערקונג, וואָס ער האָט אַריינגעוואָרפען דאָ און דאָרטען, האָט מען זיך געקאָנט אָנשטויסען, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיג. אָבער ווען איך האָב זיך געכאַפּט, איז שוין געווען צו שפּעט.

איינמאָל מאַכט ער צו מיר אַזוי:

— איך האָב זעהר מורא, אַז איינער פון די אַרעסטירטע אין אָרעם גיט אויס די חברים.

— ווער זשע קאָן דאָס זיין? — האָב איך איהם געפרעגט.

— דאָס קאָן איך ניט וויסען, — האָט ער געענטפערט. — איך האָב זעהר מורא, אַז דאָס קאָן זיין איינער פון די אומלעגאַלע.

—אָבער ווער קאָן דאָס זיין? — האָב איך איבערגעפרעגט. — דאָרטען זיינען איצט אַרעסטירט אַזעלכע מענשען ווי סוראָווצעוו, די פריילין קאַליוזשנאַיאַ און אייער פרוי; און ווער קאָן נאָך צווייפלען אין דעם, אַז זיי זיינען אַלע געטרייע און איבערגעגעבענע רעוואָלוציאָנערען און זיי וועלען קיינעם ניט אויסגעבען!

— יאָ, דאָס איז אמת, — האָט דעגאַיעוו געענטפערט, — אָבער אימיצער פון די אומלעגאַלע גיט פאָרט אויס.

איך האָב דאָס ניט געקאָנט פאַרשטעהן.

אָנגעהויבען פאַרשטעהן האָב איך דאָס ערשט אין אַ צייט אַרום. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז כדי מען זאָל איהם ניט חושד זיין, האָט ער אומיסטען געגעבען אָנצוהערעניש, אַז די פריילין קאַליוזשנאַיאַ איז אַ פאַררעטערין און אַז זי גיט אויס די חברים. איהם האָט נאָך צוגעשפּילט דער פאַקט, וואָס אין אַ צייט אַרום האָט מען די פריילין קאַליוזשנאַיאַ באַפרייט און באַלד נאָכדעם האָבען זיך גענומען אַרומטראָגען קלאַנגען, אַז זי האָט דאָס אויס־געגעבען די חברים. די זשאַנדאַרען אַליין האָבען אומיסטען די קלאַנגען פאַרשפּרייט.

יענע האָט זיך געפיהלט שטאַרק געקרענקט דערפון, און אַזוי ווי זי האָט געוואָלט באַווייזען, אַז זי איז אומשולדיג, איז זי אַוועק און האָט דערשאָסען דעם זשאַנדאַרמסקי אָפיצער קאַטאָנסקי, דער־פאַר האָט מען זי פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע און דאָרטען האָט זי אַליין געמאַכט אַ סוף צו איהר לעבען אין איין צייט מיט דער קאָ־וואַלעווסקי און מיט דער סמירניצקי. דאָס איז געווען דאַן, ווען מען האָט דער רעוואָלוציאָנערקע סיגידאַ געגעבען שמיץ, פון וועלכע זי איז געשטאָרבען.

איינמאָל, ווען דעגאַיעוו איז ביי מיר געווען מיט דער טשער־ניאַווסקאַיאַ, האָט ער מיך אין מיטען דערינען אַ פרעג געטאָן:

— זאָגט מיר נאָר, ווערא ניקאָלאַיעווגאַ, זיינט איהר טאַקע זיכער, אַז דאָ אין כאַרקאָוו קאָנט איהר ניט אַריינפאַלען?

— זיכער, — האָב איך געענטפערט.

— טאקע זיכער? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— געוויס, — האָב איך געענטפערט, — סיידען דאָס, וואָס איך האָב איינמאָל צופעליגערווייזע באגעגנט מערקולאָוו'ן אין גאַס.

ביי אַן אַנדער געלעגענהייט האָט ער מיך געפרעגט, ווען איך גייע געוויינטלעך אַרויס פון דער היים אין דער פריה.

— געוויינליך גייע איך אַרויס פון דער היים אכט אזייגער אין דער פריה, — האָב איך איהם געענטפערט, און עס איז מיר אפילו אויף דער מינדסטער מחשבה ניט געקומען, אַז ער מיינט עפּעס דערמיט.

נאָך מעהר, איך האָב איהם נאָך ערקלערט, אַז איך מוז אכט אזייגער אין דער פריה אַרויסגעהן פון הויז, כדי צו מאַכען דעם אַנשטעל, אַז איך באַזוך די פעלדשערסקע קורסען, ווייל לויט מיין פּאַספּאָרט בין איך אין די קורסען אַ שילערין.

עס איז אַוועק אַ שטיקעל צייט, האָט ער מיר, ביי אַ נייער געלעגענהייט, געשטעלט אַזאַ פראַגע:

— אויסער'ן טירעל אין פּארקען האָט איהר דאָ, ביי אייער וואוינונג, נאָך אַן אַרויסגאַנג?

— אודאי האָב איך נאָך אַן אַרויסגאַנג, — האָב איך מיט גרויס צוטרויען געענטפערט. — איך קאָן אַרויסגעהן דורך דעם באַקאַלעינעם קלייטעל, וואָס די בעלי־בתים האַלטען. אָבער איך גייע דאָרטען קיינמאָל ניט. אַלע מאָל גייע איך אַרויס דורך דער טירעל אין פּארקען.

דעגאַיעוו האָט אַלעס אויסגעהערט און דערנאָך איז דאָס איהם צונויץ געקומען...

דער אַרעסט.

דעם 10טען פעברואַר, אַ צוויי טעג נאָך דעם געשפּרעך מיט דעגאַיעוו'ן, בין איך פּונקט אכט אזייגער אַרויס פון שטוב, און נאָך איידער איך האָב געמאַכט אַ צעהן שפּאַן, האָב איך דערזעהן מערקולאָוו'ן. איין בליק — און מיר האָבען איינער דעם אַנ־דערען דערקענט. איך האָב געמיינט, אַז ער וועט מיך גלייך כאַפּען און איבערגעבען אין די הענט פון דער פּאָליציי, אָבער ער האָט דאָס ניט געטאָן. קיין פּאָליצייסקע און קיין זשאַנדאַרען האָט מען אין ערגעץ ניט געזעהן.

בין איך ווייטער געגאַנגען און אין קאָפּ האָט זיך מיר גע־דרעהט איין געדאַנק: „ווי אַזוי דרעהט מען זיך דאָ אוים?״ אַנטלויפען און זיך באַהאַלטען איז שוין געוועזען אוממעגליך. איך האָב געמוזט געהן ווייטער, ווייל אַרום און אַרום האָב איך אין ערגעץ ניט געזעהן קיין הויף מיט אַ הינטער־טיר און קיין וואוי־נונג פון אַ באַקאַנטען, וואו מען קאָן זיך אַריינכאַפּען שטילער־הייט און זיך באַהאַלטען.

דער מוח האָט ניט אויפגעהערט אַרבייטען אַ מינוט. וואַרט... וואָס האָב איך ביי זיך אין קעשענע? אַהאַ, זיך דערמאָנט! אַ נאָטיץ־ביכעלע מיט נעמען פון עטליכע מענשען, וועלכע זיינען ניט פאַרבונדען מיט דער אָרגאַניזאַציע... יאָ... און וואָס נאָך? אַ קבלה אויף געלט, וואָס איך האָב אַוועקגעשיקט צו קאַשינצעוו׳ן קיין ראָסטאָוו... דאָס מוז מען גלייך פאַרניכטען...

און אָט אַזוי בין איך געגאַנגען און געטראַכט און האָב זיך קיין עצה ניט געקאָנט געבען, וואָס צו טאָן און ווי אַזוי זיך אויסצודרעהען. דאָס איז געוועזען אויף דער יעקאַטערינינסקער גאַס. פאַרקירעווען זיך ערגעץ האָב איך ניט געקאָנט, בין איך אַזוי אָנגעקומען ביז׳ן סקווער פון אַ זייטיגער גאַס. דאָרטען איז געשטאַנען אַ קליין שטיבעלע און אין׳ם שטיבעלע האָט גע־וואוינט אַ גוטער מענש, אַ טאָקער, מיט׳ן נאָמען נ. איוואַשעוו. אי ער, אי זיין ווייב, זיינען געוועזען פּשוט׳ע מענשען, אָבער זעהר פיינע און אָרענטליכע. אין מיין ערצעהלונג „אָהן אַ דאַך אי־בער׳ן קאָפּ״, וואָס איז געוועזען געדרוקט אין „רוסקאָיע באָגאַט־סטוואָ״ (דעצעמבער, 1910), האָב איך זיי באַשריבען.

די זשאַנדאַרען האָבען אַפּנים געוואוסט, אַז אין דער קליי־נער שטיבעלע וואוינען מיינע פריינד, ווייל נאָך איידער עס איז מיר איינגעפאַלען דער געדאַנק אַריינצוגעהן צו זיי, זיינען, ווי פון אונטער דער ערד, אויסגעוואַקסען זשאַנדאַרען און האָבען מיר פאַרשטעלט דעם וועג, און נאָך איידער איך האָב אוספּעיעט זיך אַרומצוקוקען, בין איך שוין געזעסען אין אַ שליטען, מיט צוויי זשאַנדאַרען פון ביידע זייטען.

מען האָט מיך אַוועקגעפיהרט אין „אָטשאַסטאָק״ און דאָרטען האָט מען מיך אין אַ באַזונדער צימער באַזוכט. איך האָב גלייך באַמערקט, אַז די פרויען, וואָס באַטאַפּען מיך און זוכען ביי מיר אין די קעשענעס און אומעטום, זיינען זעהר ניט קיין געניטע אין

דער ארבייט, האָב איך זיך באַנוצט דערמיט און אין איין מינוט איז שוין דאָס פּאַפּירעל געווען ביי מיר אין מויל. די פרוויען האָבען געמאַכט אַ געוואלד, זיינען באַלד אריינגעלאָפען עטליכע זשאַנדארען און האָבען מיך געכאַפּט פאַר׳ן האלז, איך זאָל אויסשפּייען דאָס פּאַפּירעל. האָב איך אומיסטנע אויסגעשאָסען אַ געלעכטער, כדי צו מאַכען דעם אָנשטעל, אַז זיי האָבען זיך געכאַפּט צו שפּעט. דאַן האָבען זיי מיך אָפּגעלאָזט. אין דער אמת׳ן אָבער האָב איך דאָס פּאַפּירעל ניט געקאָנט איינשלינגען, ווייל עס איז געווען טרוקען. איינגעשלונגען האָב איך עס ערשט דערנאָך.

אַ זשאַנדארמסקי אָפיצער האָט געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, און ווען ער האָט מיר געשטעלט די אָפיציעלע פראַגע, ווי איך הייס, האָב איך איהם געענטפערט: „אויב איהר האָט מיך ארעסטירט, דארפט איהר דאָך וויסען ווי איך הייס”.

ביי די ווערטער איז מערקולאָוו אריין אין צימער, פרעך אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט די ביסטרע אויגלאָך און אַ זאָג געטאָן שנעל, ווי ער וואָלט זיינע איינענע ווערטער געשלונגען:

— נו, איהר האָט זיך דארויף ניט געריכט, האַ?

ווען איך האָב איהם דערזעהן, ווען איך האָב זיינע שטעכווערטער דערהערט, זיינען מיר אַלע בלוטען געקומען אין פּנים אריין; איך בין געוואָרען אַזוי אין כעס, אַז איך האָב זיך אַזש ווי אַ ווילדע אַ וואָרף געטאָן צו איהם און מיט אַלע כוחות אויסגעשריגען אויפ׳ן קול:

— לומפּ!

דער פייגלינג האָט זיך דערשראָקען און זיך גענומען רוקען אויף צוריק צו דער טיר.

מען האָט מיך פארשפּארט אין טורמע און מען האָט מיך אָנגעטאָן אין ארעסטאַנטסקע קליידער. דערנאָך האָט מען מיר געבראַכט אַ קריגעלע מילך און מען איז צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך זאָל טרינקען. זיי האָבען געמיינט, אַז דאָס פּאַפּירעל, וואָס איך האָב איינגעשלונגען, איז סם, און עס איז זיי געגאַנגען אין לעבען, אַז איך זאָל ניט שטאַרבען...

אין דער פריה האָט מען מיך, אין דער באַגלייטונג פון צוויי זשאַנדארען, אוועקגעפיהרט קיין פּעטערבורג.

## ניינצענטער קאַפּיטעל.

### אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט.



שבת פאַרנאַכט, ווען די זון איז פאַרגאַנגען, האָט מען מיך געבראַכט קיין פּעטערבורג, און מען האָט מיך פאַרשפּאַרט אין איינעם פון די קאַמערלאַך אין פּאָליציייסקע דעפּאַרטמענט.

זונטאָג האָט מיך קיינער ניט געטשעפּעט און איך האָב געהאַט צייט צו טראַכטען וואָס איך האָב געוואָלט. אין קאָפּ האָבען זיך מיר געדרעהט אָהן א שיעור געדאַנקען, אָבער מעהר ווי פון אַלעם האָב איך געטראַכט וועגען מיין מאַמע'ן. עס האָט מיך אַזוי געצויגען צו איהר! איך האָב זי אַזוי געוואָלט זעהן! און איך האָב אַזוי רחמנות געהאַט אויף איהר ווען איך האָב זיך דערמאָנט ווי גרויס עס וועלען זיין איהרע ליידען ווען זי וועט זיך דערוויסען, אַז מען האָט מיך ארעסטירט.

אין פּאָליציייסקען דעפּאַרטמענט האָט מען מיך געהאַלטען דריי טעג. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין די הויכע פענסטער האָט מען זיך שטאַרק דערפרעהט ווען מען האָט דער־הערט, אַז איך בין ארעסטירט. ווען מען האָט דעם נייעם קיסר, אַלעקסאַנדער דעם דריטען, אָנגעזאָגט די פרעהליכע בשורה, אַז איך בין שוין פאַרשפּאַרט אונטער אייזערנע גראַטעס, האָט ער פאַר פרייד אויסגעשריגען הויך אויפ'ן קול:

„דאַנקען גאָט, וואָס די שרעקליכע פרוי איז שוין ארעס־טירט!"

ווי עס שיינט האָט מען אין דער פאָטאָגראַפיע פון די צוויי שותפים אַלעקסאַנדראָווסקי און טאובע, באַשטעלט אַ ספּעציעלען פאָרטרעט מיינעם פאַר איהם, פאַר'ן קיסר אַליין. דאָרטען, אין יענער פאָטאָגראַפיע, פלעגט מען ארונטערנעמען די בילדער פון אַלע ארעסטירטע, און איך געדענק נאָך ווי דער פּראָקוראָר דאָב־ראזשינסקי האָט אין מיין אנוועזענהייט געהאַלטען אין איין איבערקלייבען מיינע פאָטאָגראַפישע בילדער און ווען מוראַוויאָוו,

וועלכער איז אויך געשטאַנען דערביי, האָט איהם געפרעגט פאַר־וואָס ער קלייבט אַזוי פיל, האָט ער געענטפערט:

„מען דאַרף אויסקלייבען אַ גוטע בילד. איהר ווייסט דאָך פאַר וועמען דאָס בילד איז".

און ער האָט אויסגעקליבען יענעם פּאָרטרעט פון 1883, וואָס איז דערנאָך געוואָרען דער פּאָפּולערסטער ביים עולם און וואָס איז געדרוקט געוואָרען אין מיינע געזאַמעלטע לידער.

דער זוהן פון דעם דאַמאָלסטדיגען יוסטיץ־מיניסטער נאַבאָקאָוו, האָט שפּעטער דערצעהלט, אַז ער קען ניט פאַרגעסען ווי זיין טאַטע האָט זיך געפרעהט דאַן ווען מען האָט איהם געבראַכט די טעלעגראַמע, אַז מען האָט מיך אַרעסטירט.

ווען מען האָט מיך אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט געפיהרט צום פאַרהער האָבען אַלע באַאַמטע געקוקט אויף מיר מיט גרויס נייגעריגקייט; מיין נאָמען איז זיי געווען גוט באַקאַנט פון די פריהערדיגע פּאָליטישע פּראָצעסען, און זיי האָבען אַלע געוואָלט זעהן וואָס פאַר אַ פּנים איך האָב.

די זשאַנדאַרען האָבען מיך אַרומגעפיהרט ווי אויף חידושים. זיי האָבען מיך געבראַכט צום דירעקטאָר פון פּאָליצייסקע דע־פּאַרטמענט, צום געהילפס־מיניסטער פון אינלענדישע אַנגעלעגענ־הייטען און צום מיניסטער אַליין. און איך קען נאָך ביז היינ־טיגען טאָג ניט פאַרגעסען דעם איינדרוק וואָס דריי מענשען האָבען אויף מיר געמאַכט — פאָן־פּלעווע, אָרזשעוווסקי און גראַף ד. אַ. טאָלסטאָי.

פּלעווע האָט זיך באַנומען גראָב, עפּעס ווי ער וואָלט מיר געוואָלט טאָן אויף צו־להכעיס. ווען ער האָט מיך דערזעהן האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט'ן קאָפּ, ווי איינער רעדט: „אויב דו ווילסט, קענסטו דענקען, אַז דאָס איז אַזאַ באַגריסונג". דערביי האָט ער שטרענג אַ וואָרטשע געטאָן: „זעצט זיך אוועק". און ווען איך האָב זיך אוועקגעזעצט האָט ער גענומען ריידען צו מיר אויף קידער־ווידער:

— די אַלע יונגע לייט און יונגע מיידלאַך, וועלכע מען האָט אַרעסטירט, — זאָגט ער צו מיר מיט כעס, — קוועלען גאָר אָן פון אייך. נו, געשיקט זיך, אַז אַזאַ אָנקוועלעניש פאַרשאַפט אייך פאַרגעניגען? נו, געוויס, איהר וואָלט אודאי גאָר ניט געהאַט

געגען דעם, ווען איהר וואָלט איצט אויך געקענט שפּילען אזא ראָלע ווי פריהער, א יאָ?

ער האָט זיך אפּנים געוואָלט נוקם זיין אין מיר, דער פאַר־מאַטערטער און אויסגעמוטשעטער פון דעם אונטערערדישען לעבען, האָט ער אזוי דורכדרינגענד אויף מיר די אויגען אָנגע־שטעלט און א זאג געטאָן:

— און אפשר זייט איהר שוין גאר אזוי מיד, אז איהר זייט גאָר צופרידען דערפון וואס עס האָט שוין גענומען א סוף און איהר זייט פּטור געווארען פון אלץ? '

דער אנדערער, אָרזשעוווסקי, איז געווען זעהר דעליקאט, עדעל, און האָט זיך באַנומען ווי א וועלטליכער, גוט־ערצויגענער מענש. מיט גוטע ריידעלאך און פיינע מאניערען האָט ער מיך אלץ געוואָלט ארויספיהרען אויף אַ געשפּרעך וועגען פּאָליטישע פראגען, אָבער איך האָב זיך אלץ ארויסגעדרעהט.

„מיינע פּאָליטישע אנשויאונגען וועל איך ארויסזאָגען אויפ'ן פּראָצעס". — האָב איך געזאָגט.

דער דריטער, גראף ד. א. טאָלסטאָי, אַן אַלטער, גוטמוטיגער מענש האָט זיך געהאַלטען עפּעס אזוי מאָדנע תמ'עוואטע. ווען ער האָט מיך דערזעהן ביי אָרזשעוווסקי'ן אין קאבינעט, האָט ער אויפגעשטעלט מויל און אויערען:

„זעה נאָר, — מאכט ער, אזוי ווי ער וואָלט דערזעהן עפּעס א וואונדער, — איהר קוקט אוים אזוי באשיידען! אבי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אז איהר קוקט אוים אנדערש!"....

און באַלד האָט ער גענומען ריידען וועגען בילדונג און וועגען דעם, אז ער ווייסט, אז מיר, רעוואָלוציאָנערען, האָבען אויף איהם א שלעכט הארץ. דערנאָך איז ער איבערגעגאנגען צו דער פראַגע וועגען פּאָליטישען טעראָר בכלל און צו די פארשווערונגען וואָס ווערען געמאכט צו דער'הרגענען מענשען פון קייזערליכען הויף בפרט, און דערביי האָט ער ארויסגעזאגט אזא מיינונג:

„וואָס קומט אייך ארוים דערפון? איהר וועט דער'הרג'ענען איין קיסר, וועט מען אויף זיין טראָן אוועקזעצען אַן אנדערען."

די מיינונגען וואָס ער האָט ארויסגעזאגט זיינען געווען אַלט און דערצו האָט ער נאָך גערעדט אזוי צוקראָכען און מיט אזא טאָן, פּונקט ווי א זיידע זאָגט מוסר דעם אייניקעל, אזוי אז איך

האָב אפילו דעם מינדעסטען חשש ניט געקענט האָבען איהם צו ענטפערען.

— אַ שאָד, אַ שאָד... — האָט ער געזאָגט שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, — ווען איך וואָלט געהאַט מעהר צייט, וואָלט איך אייך באַוויזען, אַז איך בין גערעכט און איהר וואָלט געקומען צו מיין איבערצייגונג".

אַז ער זאָל זאָגען דאָס לעצטע וואָרט — דאָס איז מיר ניט אָנגעשטאַנען, האָב איך איהם דאַרויף געענטפערט אַזוי:

— אַ שאָד, אַ שאָד... ווען איך וואָלט געהאַט מעהר צייט, וואָלט אייך אויך נאָך געמאַכט פאַר אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ".

דאָס האָט זיך באַלד צוטראָגען אין די „הויכע פענסטער". און ווען דאָברזשינסקי האָט זיך ווידער געזעהן מיט מיר, האָט ער מיך אין שפּאַס געפרעגט:

— איהר האָט טאַקע באמת געמיינט, אַז דער גראַף קען נאָך ווערען אַ „נאַראָדאָוואָליעץ"?

— פאַרוואָס ניט? — האָב איך מיט אַ שמייכעל געענטפערט.

פונ'ם פּאָליציייסקע דעפּאַרטמענט האָט מען מיך איבערגעפיהרט אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג און דאָרטען בין איך געוועזן פאַרשפּאַרט צוואַנציג מאָנאַטען ביז'ן פּראָצעס. די ערשטע צייט פלעגט מען מיך אַלע מאָל שלעפּען אויף אַ פאַרהער אינ'ם פּאָליציייסקע דעפּאַרטמענט, מען האָט ביי מיר אַלץ געוואָלט ציהען ווערטער פון מויל, אָבער איך האָב געענטפערט, אַז די גאַנצע אַרבייט זייערע איז אַרויסגעוואָרפען, ווייל וועגען מיין רעוואָלוציאָנערער טעטיגקייט וועל איך דערצעהלען בלויז דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען ביז'ן ערשטען מערץ, 1881; דאָס מעג איך, ווייל מען ווייסט דאָס שוין במילא און די פערזאָנען, וועלכע זיינען אין דעם פאַרמישט, זיינען שוין סיי ווי סיי פאַראורטיילט, וואָס ס'איז שייך אבער די שפּעטערע פּאַסירונגען, פון נאָכ'ן ערשטען מערץ, וועל איך ניט דערצעהלען אַ וואָרט, מעג מען מיך אפילו טויזענט מאָל שלעפּען אויף אַ פאַרהער.

מיר איז שווער געוועזן צו פאָהרען אין פּאָליציייסטע דעפּאַרטאָמענט. איך האָב ניט געקענט פאַרטראָגען דעם קאַפּיטאַן

דאָמאַשנעוו, וועלכער פּלעגט מיט מיר פֿאָהרען אהין און איך האָב ניט געהאט קיין נחת פון די באגעגענישען מיט די פּראָקוראָרען דאָברזשינסקי און מוראַוויאָוו. האָב איך געבעטען, אז מען זאָל מיר טאָן א טובה און מיך מעהר ניט שלעפּען פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג; זאָל מען מיר בעסער געבען פּאַפּיר און טינט און איך וועל אלעס אליין אָנשרייבען.

און אזוי איז פאַרבליבען א דאָקומענט, וואס מען האָט דערנאָך, מיט יאָהרען שפּעטער — אין 1917 — געפונען אין די ארכיוועןאון אָפּגעדרוקט אין דעם זשורנאַל „בילאָיע" (1917, 2טע, 3טע און 4טע זאַמלונג.

עס איז אוועק א חודש, און אפשר א זעקס וואכען, ביז עס איז איינמאָל אריינגעקומען א הויכער מיטעל־יאָהריגער זשאַנדאַרמסקער גענעראַל, מיט א גאַנץ שעהנעם און סימפּאַטישען פּנים.

— מיין נאָמען איז סערעדאַ — האָט ער זיך פאָרגעשטעלט,— און פון דעם קייזערליכען באַפעהל בין איך באַשטימט געווארען אויסצופאָרשען די פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע אין דער ארמיי פון ־ער גאַנצער רוסישער אימפּעריע.

זיך פאָרגעשטעלט, האָט ער אָנגענומען מיין האַנט און זי העפליך א קוש געטאָן, כאָטש איך האָב געפּרואווט ניט לאָזען.

— איהר זייט א גוטער מענש, — האָט ער געזאָגט אָפּמעסטענדיג מיך מיט די אויגען, — אייער אומגליק באַשטעהט אין דעם וואָס איהר האָט ניט געהאט קיין קינדער נאָכדעם ווי איהר האָט חתונה געהאט. ווען איהר וואָלט געהאט קינדער, וואָלט איהר צו דעם אומגליק ניט געקומען...

דערנאָך האָט ער זיך גלאַט צורעדט מיט מיר וועגען פאַרשיידענערליי זאכען. איך האָב זיך ניט געשעמט איהם צו פרעגען, ווי אזוי ער דענקט דורוצופיהרען זיין אויפגאַבע אלס שפּיאָן אין דער ארמיי; צי ער האָט בדעה צו לאָזען ארעסטירען א סך אָפיצערען און מאַכען איין פּראָצעס א גרויסען, אָדער ער דענקט צו לאָזען ארעסטירען בלויז די, געגען וועמען ער וועט קריגען באווייזע. ער האָט מיר דאַרויף געענטפערט, אז קיין סך וועט ער ניט לאָזען ארעסטירען. „צום געריכט וועלען געשטעלט ווערען בלויז די, וועלכע זיינען זעהר טעטיג".

און וואָס ער האָט געזאָגט איז טאַקע געווען אמת. אין אונזער פּראָצעס, אין וועלכען עס זיינען געווען פאַרמישט פער־צעהן מענשען, זיינען בלויז זעקס געווען אָפיצערען פון דער ארמיי און עס האָבען געקענט זיין עטליכע צעהנדליג.

אין דעם געשפּרעך מיט מיר איז ער געוואָרען צוגעלאָזענער. ער איז, — זאָגט ער, — ניט קיין רעאַקציאָנער; עס זאָל מיר גאָר ניט איינפאַלען אויסצוטראַכטען אויף איהם אַזא זאַך; איהם געפעלט אויך ניט די איצטיגע אָרדנונג און ווען ניט די חובות וואָלט ער זיכער ניט געווען קיין זשאַנדאַרמסקער גענעראַל. די חובות — זיי טרייבען איהם צו טאָן אַזא זאַך וואָס עס איז איהם גאָר ניט צום הארצען....

„איך אַליין, — זאָגט ער מיר, — בין אַ מענש וואָס האָב ליב פרייהייט, אָבער מאַכען פאַרשווערונגען און דער׳הרג׳ענען מענשען — דאָס קען איך ניט אריבערטראָגען. זעהט איהר, אַ קאַמף, אַן אָפענעם קאַמף אויף באַריקאַדען—דאָס פאַרשטעה איך, אבער אָנפאַלען אויף אַ מענשען הינטען ארום און איהם אריינ־שטעכען אַ מעסער אין רוקען — דאָס ניט.‟

נאָכדעם האָט מען מיך שוין מעהר ניט געטשעפּעט. אַלעס וואָס איך האָב געדאַרפט דערצעהלען האָב איך איבערגעגעבען אין שריפט און דאָס איז געווען ניט נאָר אַן איבערבליק אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאָר אויך אַ מין אויטאָביאָגראַפיע, אַ באַשרייבונג פון מיין אייגענעם לעבען.*)

אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג.

אין מיין לעבען האָט זיך אריינגעריסען אַ שטילקייט, ווי אויף אַ בית־עולם. די ערשטע צייט האָב איך אַ סך געטראַכט וועגען דעם, ווי אַזוי מען האָט מיך אַרעסטירט. איך האָב אויך פיל געטראַכט וועגען די פריהערדיגע יאָהרען וואָס זיינען אַוועק.

---

*) די שריפט וואָס איז געווען אַ מין עדות זאָגען פאַר זיך אַליין, האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף די זשאַנדאַרען. קאַפּיטאַן דאַ־מאַשנעוו האָט מיר דערצעהלט, אַז די קאָפּיע געהט איבער פון האַנד צו האַנד און אַלע לייענען דאָס מיט גרויס אינטערעס. מוראַוויאָוו האָט פון מיין געשריבענעם עדות זאָגען אראָפּגענומען אַ קאָפּיע און מיט אַ יאָהר שפּעטער האָט ער עס געגעבען איבערלייענען מיין מאַן א. וו. פיליפּאָוו, וועלכער איז געווען אַ באַאַמטער אין יוסטיץ־מיניסטעריום.

אָנפאַנגענדיג פון יענע צייטען ווען איך בין נאָך א קליינע מיידעלע געווען, ביז דעם טאָג וואָס מען האָט מיך אין דער פעטראפּאַוור־לאָווסקער פעסטונג פאַרשפּאַרט, און מיר האָט זיך גענומען דוכטען, אז — אויס; פאַר מיר עקזיסטירט מעהר ניט די וועלט, מיין לעבען איז שוין פאַרשפּילט, און אזוי וועלען אוועק טעג און טעג, גרויע, לאַנגווייליגע און איינטאָניגע, איינער אָן אַנדערען געראַטען.

אַלעס געענדיגט. שטיל, ניטאָ מעהר קיין לעבען.

בלויז איין גוטע זאַך איז פאַר מיר געבליבען — לייענען ביכער. גאַנצע טעג האָב איך געלעזען, און אזוי איז אוועק א טאָג נאָך א טאָג, א וואָך נאָך א וואָך, און איך האָב אַלץ געלעזען און געשוויגען, געלעזען און געשוויגען, קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, גלייך ווי דאָס לשון וואָלט מיר אָפּגענומען.

מיין מאַמע און מיין שוועסטער פלעגען מיך קומען זעהן איין מאָל אין צוויי וואָכען, אָבער מעהר ווי צוואַנציג מינוט האָב איך מיט זיי ניט געטאָרט זיין. נאָהענט לעבען מיר האָבען זיי ניט געטאָרט שטעהן. צוויי אייזערנע גראַטעס, אָנדערהאלבען אַרשין ווייט איינע פון דער אַנדערער, האָבען אונז צוטיילט. מען האָט מיך קיינמאָל ניט געלאָזט אָנעמען דער מאַמע׳ן ביי דער האַנט און זי א קוש טאָן. דאָס איז געווען שטרענג פאַרבאָטען. איינמאָל, ווען ס׳איז מיר אויפ׳ן האַרצען געווען אזוי שווער, אז איך האָב געפיהלט, אז איך וועל דאָס ניט אויסהאַלטען, האָב איך געבעטען דעם אויפזעהער, ער זאָל מיך צולאָזען נעהענטער צו דער מאַמען. דאָס האַרץ וויינט אין מיר און איך פיהל ווי זיך צו צוטוליען צו א ליבען מענשען. איך וויל מיט די ליפען זיך צוריהרען צו מיין מאַמע׳ס וואַרימער האַנט און זי א קוש טאָן.

אָבער מיין געבאָט האָט ניט געהאָלפען: „שטרענג פאַר־באָטען!“

דער פריהלינג איז געקומען, און עפּעס אזא שווערער געפיהל האָט אָנגעהויבען נאָגען און נאָגען אָהן אָן אויפהער. פון שטענ־דיג אָן האָב איך זעהר ליעב געהאַט בלומען, און איצט איז די ליבע צו זיי געוואָרען נאָך שטאַרקער. איך האָב געוואָלט, מען זאָל מיר געבען כאָטש איין בלימעלע, אָבער — עס איז שטרענג פאַרבאָטען!

מיין שוועסטער האָט פאַר מיר איינמאָל אַ בלימעלע גע־בראַכט, אָבער מען האָט ניט געלאָזט זי זאָל מיר דאָס בלימעלע געבען — שטרענג פאַרבאָטען!

דער פריהלינג איז אוועק און דער זומער איז געקומען. מיין מאַמע איז אוועקגעפאָהרען אין קאַזאַנער גובערניע, צוריק אין דאָרף, און מיין שוועסטער איז אוועקגעפאָהרען זיך קורירען אויף דעם אינזעל עזעל. בין איך געבליבען אינגאַנצען עלענד. קיי־נער איז מעהר ניט געקומען מיך באַזוכען.

שטיל. שטענדיג שטיל. קיין וואָרט צו קיינעם, קיינער קיין וואָרט צו מיר. אָהן לשון.

ערשט אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ווען פּעטראָשעווסקי און אַכשאַרומאָוו זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין פעסטונג, האָבען זיי מורא געהאַט, זיי זאָלען זיך נאָך ניט אָפּגע־וועהנען פון ריידען און אינגאַנצען בלייבען אָהן לשון, און צוליב דעם פלעגען זיי, יעדער איינער פאַר זיך, לייענען אין דער הויך, אויפ'ן קול.

איך האָב דאָס ניט געטאָן, ווייל עס איז מיר גראָדע ניט איינגעפאַלען, און דערפאַר האָב איך זיך טאַקע אָפּגעוועהנט פון ריידען; דאָס מויל האָט זיך מיר עפּעס ניט געלעגט דאַרויף; די שטימע האָט זיך ביי מיר אינגאַנצען געביטען — אַזוי געבי־טען, אַז איך אַליין האָב זי אויפגעהערט צו דערקענען; אַנשטאָט מיין ברוסטיגען קאָנטר־אַלטאָ, האָב איך באַקומען אַ דין קול'כעל, אַ קוויטשיגס, פּונקט ווי נאָך אַ קרענק. די ווערטער האָבען זיך עפּעס ניט געגליטשט פון דער צונג, און טאָמער האָט זיך שוין אַמאָל יאָ אַראָפּגעגליטשט אַ וואָרט, איז דאָס אַרויסגעקומען ווי צושפּאַלטען אויף צווייען.

און אין דער זעלבער צייט, וואָס איך האָב כמעט ווי פאַר־לאָרען דאָס לשון, האָבען זיך די געדאַנקען אויך אינגאַנצען גע־ביטען. איך האָב פּשוט באַקומען אַ שטאַרקען חשק צו שווייגען. שטענדיג שווייגען. און ווען עס איז מיר אַמאָל יאָ אויסגעקומען צו זאָגען אַ וואָרט, האָב איך זיך שוין געדאַרפט אָנטאָן אַ כח. עס איז מיר געווען שווער, שרעקליך שווער.

דער זומער איז אוועק און דער אָסיען איז געקומען. מיין מאַמע האָט זיך צוריק אומגעקערט קיין פּעטערבורג, און ווען זי איז ווידער געקומען מיך זעהן, איז מיר געווען אומגעהויער שווער אַרויסצוגעהן צו איהר. און שפּעטער איז דאָס געוואָרען נאָך

שווערער. איך האָב שוין ניט געקענט אַרויס פון דער איינזאַמקייט, פון דעם שטילשווייגען. צו וואָס דאַרף מען זיך? וואָס דאַרף מען בייטען דעם גאַנג פונ׳ם לעבען און אַריינטראָגען עפּעס נייעס אין דעם היינט, וואָס וועט אַוועק פונקט ווי דער נעכטען און דער אייער־נעכטען? צו וואָס דאַרף מען מאַכען אַן אַנדער שטימונג? צו וואָס נעמען און זיך אַליין אײַנגאַנצען צערודערען איבער בלויז צוואַנציג מינוט, אין וועלכע דו אַליין ווייסט ניט וואָס פריהער צו זאָגען, וואָס פריהער צו פרעגען און דערנאָך זיך ווידער פאַרשליסען אין דער שרעקליכער איינזאַמקייט?

און איך בין זיך מודה, אַז יעדער מאָל ווען דער זשאַנדאַרם האָט מיר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז די מאַמע און די שוועסטער זיינען זיך געקומען זעהן מיט מיר, האָב איך געפיהלט ווי צו זאָגען, אַז איך האָב קיין חשק ניט צו זעהן זיך מיט זיי. צו וואָס?

איך האָב דאָס אָבער קיינמאָל ניט געזאָגט, ווייל איך האָב מורא געהאַט, אַז איבער דעם וועלען זיי זיין שטאַרק אומרוהיג און וועלען ניט וויסען וואָס איבערצוטראַכטען.

ס׳איז אַוועק אַ שטיק צייט, און מיט אַמאָל איז מען געקומען מיך רופען אין דער קאַנצעלאַריע. דאָרטען האָט שוין אויף מיר געוואַרט איינער פון די צעהן געהילפס־פּראָקוראָרען, וועלכע האָבען געמאַכט די אויספאָרשונג און צוגעגרייט אַלע נויטיגע מאַטעריאַלען וואָס מען האָט געדאַרפט האָבען ביים צונויפשטעלען די קלאַגע געגען מיר. ראַמאַנאָוו האָט מען איהם גערופען דעם געהילף־פּראָקוראָר.

— ווערא ניקאָלאַיעוונא, — האָט ער זיך גלייך געווענדעט צו מיר, — איך בין געקומען צו אייך מיט אַ ספּעציעלער מיסיאָן, איך וויל ביי אייך עפּעס פרעגען, און איך בין זיכער, אַז איהר וועט מיר זאָגען דעם אמת.

— וועגען וואָס האַנדעלט זיך דאָ? — האָב איך אַ פאַרוואונדערטע געפרעגט.

— דאָ האַנדעלט זיך וועגען וואַסילי איוואַנאָוו, וועלכער איז אַנטלאָפען פון דער קיעווער טורמע, — האָט ער געענטפערט. — איהר ווייסט דאָך אודאי, אַז צוויי וועכטער פון דער טורמע זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרען אין דעם, אַז זיי האָבען געהאָלפען איוואַנאָוו׳ן אַנטלויפען. די אָנגעקלאָגטע זיינען פאַר׳משפּט געוואָרען אויף קאַטאָרגע און מען האָט זיי שוין ביידע פאַרשיקט קיין

סיביר. און איצט הערט, וואָס עס איז געשעהן: דער אָפּיצער טיכאָנאָוויטש, וועלכער ווערט געשטעלט צום גערִיכט צוזאַמען מיט איך, האָט געמאַכט אַן ערקלערונג, אַז ער אַליין האָט אַרויסגעפיהרט איוואַנאָוו׳ן פון דער טורמע; ער האָט דאָס געטאָן, זאָגט ער, דאַן, ווען ער איז געווען דער הויפּט פון דער וואַך, און קיינער האָט איהם אין דעם ניט געהאָלפען. דאָסזעלבע טענה׳ט אויך די פריילין ניקיטינאַ, וועלכע האָט געפיהרט די פּאַרהאַנדלונגען מיט טיכאָנאָ־וויטש׳ן וועגען באַפרייען איוואַנאָוו׳ן. איך האָב גראָדע ביי זיך ביידע געשריבענע ערקלערונגען, און אויב איהר ווילט, קאָנט איהר זיי איבערלייענען. נו, שטעלט זשע זיך פאָר, אַז איוואַנאָוו אַליין טענה׳ט אַלץ, אַז דער אָפּיצער טיכאָנאָוויטש איז אין דעם גאָרניט פאַרמישט און אַז דוקא די צוויי וועכטער האָבען איהם גע־האָלפען אַנטלויפען פון דער טורמע, און אַנטלאָפען איז ער גאָר דורך אַ לאָך, וואָס ער האָט געמאַכט אין דער אויוועלע.

— איהר פאַרשטעהט, — מאַכט צו מיר דער געהילפס פּראָקו־ראָר, — איהר דאַרפט מיר דאָ העלפען דערגעהן אַ טאָלק, און פאַר־געסט ניט, אַז אַן אייערע ווערטער הענגט אָפּ דער שיקזאַל פון די צוויי פאַרשיקטע וועכטער; זייער פּראָצעס וועט נאָך אַמאָל איבערגעקוקט ווערען, און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזען, אַז זיי זיינען טאַקע ניט שולדיג, וועט מען זיי באַפרייען. און דעריבער וואָלט איך זעהר געוואָלט, אַז איהר זאָלט מיר זאָגען, ווי אַזוי מען דערגעהט דאָ אַ טאָלק און וועמען איך זאָל גלויבען.

זאָגענדיג דאָס, האָט ער אַרויסגענומען צוויי פּאַפּיר־העפטען און האָט זיי מיר געוויזען. איך האָב זיי איבערגעלעזען. דאָס זיינען געווען די ערקלערונגען פונ׳ם אָפּיצער טיכאָנאָוויטש און דער פריילין ניקיטינאַ און זיי האָבען ביידע געשטימט מיט דעם, וואָס איוואַנאָוו אַליין האָט מיר איינמאָל דערצעהלט וועגען דעם, ווי אַזוי ער איז אַנטלאָפען פון דער קיעווער טורמע.

איך האָב געוואוסט, אַז אין דער טורמע האָט קיינער פון די באַאַמטע ניט געוואוסט, אַז איוואַנאָוו קלייבט זיך צו אַנטלויפען. איך האָב אויך געוואוסט, אַז דער לאָך אין דער אויוועלע איז געווען אַזוי קליין, אַז קיין מענש האָט זיך דאָרטען ניט געקאָנט דורכשטופּען, ובפרט נאָך אַזאַ גבור ווי איוואַנאָוו. דאָס האָט מען געמאַכט אומיסטען, כדי אָפּצונאַרען, מען זאָל מיינען, אַז ער איז אַנטלאָפען

דורכ'ן לאַך אין דער הרובע, און עס זאָל ניט פאַלען קיין חשד אויף דעם אָפיצער, וועלכער האָט געעפענט די פאַררינגלטע טיר.

פאַרוואָס איוואַנאָוו האָט זיך אַזוי איינגע'עקשנ'ט און דוקא אַריינגעשלעפּט די צוויי וועכטער פון דער טורמע — דאָס האָב איך ניט געקאָנט פאַרשטעהן. און וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? מיר איז אויסגעקומען צו טאָן איינס פון די צוויי: אָדער זאָגען, אַז איוואַנאָוו, מיין חבר און פריינד, איז אַ ליגנער, אָדער באַשטעטיגען זיין ליגען און זיך ניט קימערען פאַר די צוויי וועכ־טער, וועלכע זיינען פאַרשיקט געוואָרען אויף קאַטאָרגע.

איך האָב זיך פשוט קיין עצה ניט געקאָנט געבען. ס'איז מיר געוועזען שווער אי אַזוי, אי אַזוי. האָב איך געבעטען ראָמאַנאָוו'ן, אַז ער זאָל מיר געבען עטליכע מינוט צייט זיך צו באַדענקען, און דערנאָך האָב איך געמאַכט אַ געשריבענע ערקלערונג, אַז די צוויי וועכטער זיינען אַבסאָלוט ניט פאַרמישט אין דעם, וואָס איוואַנאָוו איז אַנטלאָפען פון דער טורמע.

איצטער דערצעהל איך דאָס ווי אַ פאַרבלויפענדען צופאַל, אין יענער צייט אָבער האָט עס מיך געקאָסט אַ סך געזונט. דער איינ־דרוק וועגען דעם איז אין מיין זכרון שטאַרק אָפּגעפרישט געוואָרען, ווען איך האָב אין אַ צייט אַרום איבערגעלעזען ראָמען ראָלאַנ'ס אויסגעצייכענטע דראַמע „וועלף". דאָרטען ווערט געשילדערט דער קאַמף צווישען פליכטען צו דער פאַרטיי און דעם געפיהל פון יושר און עס קומט אויס, אַז די פליכטען צו דער פאַרטיי פאַררוקען אין אַ זייט דעם געפיהל פון יושר.

דערנאָך איז ווידער אַוועק אַ שטיק צייט און מען האָט מיך ניט געטשעפּעט. קיינער האָט ביי מיר גאָרניט געפרעגט. קיינער האָט מיך אין ערגעץ ניט גערופען. ווידער שטיל ווי אויף אַ בית־עולם.

ערשט אינ'ם יאָהר 1884, פריהלינגס־צייט, האָט מען מיך ווידער גערופען אין דער קאַנצעלאַריע. דאָרטען האָב איך געטראָ־פען דעם פּראָקוראָר דאָברזשינסקי און דעם גענעראַל סערעדאַ. ביי אַ טיש, אויף וועלכען עס זיינען געווען אָנגעוואָרפען אַהן אַ שיעור פּאַפּירען אין איינגעבונדענע העפטען, זיינען זיי ביידע געזעסען מידע, פאַרמאַטערטע, מיט אַ באַזונדער מין אויסדרוק פון ערנסט אויף די פּנים'ער. דאָס האָבען זיי שוין געהאַלטען ביים סוף פון דער אויספאָרשונג וואָס זיי האָבען געמאַכט פאַר מיין פּראָצעס. גע־זאָגט האָבען זיי דאָס מיר ניט, אָבער איך האָב זיך אָנגעשטויסען.

א ווײַלע איז געווען שטיל. דערנאָך האָט דאָברזשינסקי מיר דערלאַנגט א פּאַק פּאַפּירען און אָנשטעלענדיג אויף מיר א פּיל־באַדייטענדען בליק האָט ער געפרעגט:

— אָט די האַנט־שריפט דערקענט איהר?

— ניין, האָב איך געענטפערט.

— טאַקע ניין? גיט זשע א קוק אָט דאָ אָ! — און ער האָט אויפגעמישט דאָס לעצטע בלעטעל און מיר געוויזען דעם אונטער־שריפט.

ס'האָט מיר גענומען שווינדלען אין די אויגען. אונטערגע־שריבען „סערגעי דעגאַיעוו", דער דאַטום און דער מאָנאַט.

אין זכרון האָט זיך ביי מיר אָפּגעשטעלט דער „צוואַנציגסטער נאָוועמבער", אָבער איך דענק, אז דאָס איז געווען א טעות, ווייל אויף דער דרוקעריי אין אָדעס האָט מען געמאַכט דעם איבערפאַל דעם 18טען אָדער דעם 20טען דעצעמבער.

דער פּראָקוראָר האָט גענומען מישען די בלעטלאַך און דערביי האָט ער מיר אַלע מאָל אָנגעוויזען אויף אַן אַנדער פּלאַץ, איך זאָל עס איבערלייענען. איינִיגע פּלעצער האָט ער פאַרשטעלט מיט דער האַנט, איך זאָל זיי ניט זעהן.

צווייפלען איז ניט געווען וואָס. אַלעס איז געווען קלאָר: דאָ ליגט פאַר מיר אַן אומגעהויער וויכטיגער דאָקומענט, און דער מענש, וואָס האָט איהם אָנגעשריבען, גיט איבער דער רעגירונג אַ ל ע ס וואָס ער ווייסט וועגען דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. אָבער טאַקע אַ ל ע ס. ער רופט אָן ביי די נעמען ניט נאָר די וויכטיגע טוער פון דער פּאַרטיי, נאָר אויך די אומוויכטיגע, די קלענערע, די אַרויסהעלפער, פונ'ם ערשטען ביז'ן לעצטען. אַלע אָפיצערען פון די מיליטערישע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס האָט ער גע'מסור'ט, קיין איינעם האָט ער ניט פאַרפעלט. ער האָט פּשוט גענומען אַלע כוחות פון דער פּאַרטיי און האָט זיי דערלאַנגט דער רעגירונג אויף א טעלערל — נאַ, און טו מיט זיי וואָס מען דאַרף!

איך האָב געפיהלט, אז דער מוח קערט זיך מיר איבער. דעגאַיעוו! ער איז נאָר א פאַררעטער!

איינזיצען אויף אַן אָרט האָב איך ניט געקאָנט. עס האָט מיך ניט געלאָזט רוהען, בין איך אויפגעשטאַנען און עטליכע מינוט נאָכאַנאַנד האָב איך זיך ווי א ווילדע אַרומגעדרעהט איבער'ן צימער אַהין און צוריק. דאָברזשינסקי און סערעדאַ זיינען שטיל געזעסען

ביים טיש און אלץ געבלעטערט דעם אָנגעשריבענעם העפט מיט דער מסירה.

מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך וועל פון זינען ארונטער. דע־גאַיעוו — אַ פאַררעטער!

ווען איך האָב זיך צוריק אַוועקגעזעצט, האָט מיר דאָברזשינסקי גענומען ווייזען די געשריבענע ערקלערונגען פון די אַרעסטירטע אָפיצערען: קראַיסקי, מאַימעסקולאָוו, טאַלאַנפינדאָוו און אַנדערע. יעדע ערקלערונג האָט זיך אָנגעהויבען אַזוי מיאוס: „איך האָב חרטה דאַרויף, וואָס איך האָב זיך געלאָזט פאַרפיהרען, און ערקלער, אַז...” און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

ווי מענשען האָבען דאָס קיין בושה ניט! דערוואַקסענע מענ־שען פון פינף־און־דרייסיג און פערציג יאָהר!

מעהר ווי אויף אַלע האָט מיך פאַרדראָסען אויף דעם ראָטנע קאָמאַנדיר קראַיסקי. אויף איהם האָב איך אַזוי פיל האָפנונגען אַרויפגעלעגט און איך בין געווען זיכער, אַז ער איז אַ מענש מיט אַ פעסטען כאַראַקטער און קאָן זיך האַלטען פעסט ביי זיינער אַ מיינונג.

די דאָזיגע אַלע „העלדען”, וועלכע האָבען געמאַכט פאַרשווע־רונגען געגען דער רעגירונג און געגעבען דאָס וואָרט, אַז ווען מען וועט זיי נאָר רופען, וועלען זיי אַרויס אין די גאַסען מיט געוועהר אין האַנט און איינשטעלען דאָס לעבען פאַר'ן פאָלק — זיי האָבען געהאַנדעלט ווי אינגלאַך, און האָבען גאָר קיין בושה ניט געהאַט צו ערקלערען, אַז „זיי האָבען חרטה דאַרויף, וואָס זיי האָבען זיך געלאָזט פאַרפיהרען”. יאָהרען לאַנג האָבען זיי געהאַלטען אין איין ריידען וועגען דער רעוואָלוציע, וועגען באַריקאַדען, און מיט אַמאָל האָט מען זיי גאָר „פאַרפיהרט”, און זיי האָבען זיך געלאָזט.

דאָס האָט מיר שטאַרק וועה געטאָן. עס האָט אויף מיר אַ שווערען איינדרוק געמאַכט. אָבער וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט דאָס געהאַט אין פאַרגלייך מיט דעם שרעקליכען איינדרוק, וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט דעגאַיעוו'ס מסירה.

דעגאַיעוו — אַ פאַררעטער! וועמען זשע קאָן מען שוין גלויבען און ווי אַזוי קאָן מען בכלל לעבען אָהן גלויבען און אָהן צוטרויען צו מענשען?!

דעגאַיעוו איז געווען אַ ליגנער. ער האָט זיך פאַרשטעלט, ער האָט מיך אָפּגענאַרט. ער האָט ביי מיר איבערגעפרעגט פאַרשיי־

דענערליי קלייניגקייטען, כדי ער זאָל אָנווייזען וואו און ווען מען קאָן מיך ארעסטירען, און אין דער זעלבער צייט האָט ער מיך גע'חנפה'ט און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז מיר אַ גוטער פריינד.

דעגאיעוו — אַ פאררעטער!

איך בין דאָך געווען מיט איהם אַזוי באפריינדעט! איך האָב דאָך איהם אַזוי גוט געקענט, איהם און זיין פאַמיליע! מיינע חברים זיינען געווען זיינע אויך און איך בין שטענדיג געווען זיכער, אַז זיי זיינען איהם אויך אַזוי טייער פונקט ווי מיר.

און דאָס איז דאָך ניט קיין קליינשטעדטעלדיגער אָפיצערעל, ביי וועמען די יאָהרען מיט די טעג זיינען ווי פון איין אויסגוס, און וועלכער דערשרעקט זיך ווען עס קומט איהם אַמאָל אויס צו האָבען צו טאָן מיט דער פּאָליציי. דאָס איז דאָך געווען דעגאיעוו! גאַנצע פיער יאָהר איז ער געווען טעטיג אין דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג און שטענדיג געווען פארבונדען מיט די בעסטע און אי־בערגעגעבענסטע מוער פון דער פּארטיי. ניט איין מאָל אין זיין לעבען האָט ער געהאַט צו טאָן מיט די זשאַנדאַרען, ניט איין מאָל האָט ער געשטעלט זיין פרייהייט אין קאָן, און אַלע האָבען גע־וואוסט, אַז ער האָט אַ גוטען נאָמען און אַז ער איז אַן אויסגעשפּראָ־כענער רעוואָלוציאָנער!

עס איז פאַר מיר געוואָרען קלאָר: ער איז ניט אַנטלאָפען, נאָר די פּאָליציי האָט איהם באפרייט. מען האָט בלויז געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז אַנטלאָפען, כדי דערמיט צו פארדעקען זיין מסירה. ער איז געוואָרען אַ פאררעטער, כדי מען זאָל איהם באפרייען, און אַבי ער איז שוין געוואָרען אַ פאררעטער, איז ער שוין געוואָרען אַ פּראָוואָקאַטאָר אויך, און צוציהענדיג צעהנדליגער נייע מענשען צו דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, האָט ער זיי איבערגעגעבען אין די הענט פון דער פּאָליציי.

פאַר מיר איז דעגאיעוו'ס פאררעטעריי געווען זעהר אַ שטאַרקער קלאַפּ. אין יענעם מאָמענט האָב איך איבערגעלעבט איינעם פון די גרעסטע אומגליקען; מיר האָט זיך געדוכט, אַז מען האָט ביי מיר צוגענומען אַלעס — די גייסטיגע שעהנקייט פון מענשען, די שעהנקייט פון דער רעוואָלוציע און פון דעם גאַנצען לעבען. פון דער אידעאַלער הויכקייט האָט מען מיך אריינגעוואָרפען אין אַ שמוציגען זומפּ...

נאָכדעם בין איך אַ שטיק צייט געווען ווי צומישט, און ווען מיין מאַמע איז געקומען מיך זעהן, האָט זי גלייך פאַרשטאַנען, אַז מיט מיר איז אַן אומגליק געשעהן.

איך האָב אויף זיך געבעטען דעם טויט, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז איך מוז לעבען. און לעבען האָב איך געמוזט, כדי צו זיין ביים פּראָצעס — ביים שלום־אַקט פון דער טעטיגקייט פון אַן אַקטיווען רעוואָלוציאָנער. וואָרים אַלס אַ מיטגליד פונ'ם „איס־פּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָב איך געמוזט זאָגען מיין וואָרט, האָב איך געמוזט ערפילען די לעצטע פליכט, פונקט אַזוי ווי עס האָבען זי ערפילט די אַנדערע חברים מיינע, און אַלס אַ חבר פון די, וועמען דעגאַיעוו האָט גע'מסור'ט, האָב איך צוזאַמען מיט אַלע־מען געמוזט אויסטרינקען דעם בעכער ביז'ן דנאָ.

אָבער ווי אַזוי לעבט מען? מיט וואָס פאַרטומעלט מען זיך דעם קאָפּ? וואָס פאַר אַן אַרבייט געפינט מען — אַן אַרבייט, וואָס זאָל ניט האָבען קיין שייכות מיט די אומגליקען פון דער רעוואָלוציע? האָב איך זיך אַליין גענומען לערנען ענגליש, אָבער מיט אַזאַ התמדה, מיט אַזוי פיל חשק, אַז אין פאַרלויף פון צוויי וואָכען צייט האָב איך שוין געלעזען אין אָריגינאַל מעקאָלעי'ס „געשיכטע פון ענגלאַנד". דאָס וואָלט זיך מיר אפשר ניט איינ־געגעבען אַזוי גיך, ווען איך וואָלט אין אינסטיטוט, מיט זעכצעהן יאָהר צוריק, ניט געווען געלערענט אביסעל ענגליש. דאַמאָלט האָב איך גענאַשט אַ ביסעל, אויפ'ן שפּיץ מעסער, אָבער עס האָט זיך מיר אַפּנים דאָך עפּעס אָפּגעשטעלט אין זכרון.

זיך אויסגעלערענט ענגליש, בין איך גאַנצע טעג געזעסען און געלייענט. קיין איין מינוט האָב איך זיך פונ'ם בוך ניט אָפּגעריסען, כדי איך זאָל ניט דאַרפען קלערען וועגען קיין אַנדער זאַך. אין אַלגעמיין האָב איך אין פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג זעהר אַ סך געלעזען. איך האָב געשלונגען די ביכער מיט דער גרעסטער באַ־גייסטערונג.

פריהער האָב איך פּשוט קיין צייט ניט געהאַט צו לייענען אַזוי פיל, ווייל איך בין שטענדיג געווען שטאַרק פאַרנומען. אין איני־סטיטוט איז ניט געווען וואָס צו לייענען. אין אויסלאַנד האָט מען געדאַרפט לערנען, און דערנאָך האָב איך אויך קיין סך צייט ניט געהאַט, ווייל די אַרבייט אין דער באַוועגונג האָט ביי מיר די גאַנצע צייט צוגענומען.

אויף צו לייענען ביכער מוז מען האָבען צייט. און איך גע־דענק נאָך אַזוי ווי איצט, ווען מיר האָבען אַרויסגעגעבען די „נאַראָד־נאַיאַ וואָליא", איז די גאַנצע אַרבייט געלעגען אויף אונזער טעאָרע־טיקער לעוו טיכאָמיראָוו. פלעגט ער זיך טאַקע זעהר אָפט קלאָגען דאַרויף, וואָס מען וואַרפט אויף איהם אַרויף אַנדערע אַרבייטען אויך. און איינמאָל האָט ער צוגעשיקט צום „קאָמיטעט" אַזאַ מעלדונג:

„אויב איהר ווילט, אַז איך זאָל שרייבען, זאָלט איהר זיין אַזוי גוט און מיך באַפרייען פון אַנדערע פליכטען. עס איז אַבסאָלוט אוממעגליך צו טאָן ליטעראַרישע אַרבייט, ווען מען איז פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכען, וואָרים ווען מען שרייבט, דאַרף מען לייענען, מוז מען נאָכפאָלגען די לעצטע אויסגאַבען אין דער פרעסע, דאַרף מען שטענדיג זיין פאַרטאָן אין דעם, און דערצו מוז מען האָבען אַ סך פרייע צייט; מען טאָר ניט זיין פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכען".

און דער „קאָמיטעט" האָט איינגעזעהן, אַז טיכאָמיראָוו איז גערעכט און דעריבער האָט מען איהם באַפרייט פון אַלע אַנדערע אַרבייטען.

אין געפענגעניש, וואו איך האָב ניט געהאַט קיין אַנדער אַר־בייט, האָב איך זיך געקאָנט אַ נעם טאָן לייענען אַ סך וועגען פראַ־גען, וואָס האָבען מיך שטאַרק אינטערעסירט — געשיכטע, פאָלי־טישע עקאָנאָמיע, סאָציאָלאָגיע און אַנדערע פראַגען. איך האָב איבערגעלעזען אַלעס וואָס ספענסער האָט אָנגעשריבען וועגען ביאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע.

אין די בריף, וואָס איך האָב פון דער פעסטונג געשריבען צו מיין מוטער און צו מיין שוועסטער, האָב איך אָנגעריהרט די אַלע פראַגען, וועגען וועלכע איך האָב געלעזען. פון דער טורמע האָב איך צו מיין שוועסטער געשריבען וועלכע ביכער זי זאָל לייענען; איך האָב איהר אויסגעדריקט מיין מיינונג וועגען זיי. אין די פופציג בריף, וואָס איך האָב אין פאַרלויף פון יענער צייט געשריבען, האָב איך זעהר ווייניג דערמאָנט וועגען דעם, וואָס ס'לעבט איבער אַ מענש, וועלכער זיצט פאַרשפּאַרט אין געפענגעניש.

די ביבליאָטעק פון דער פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג איז געוועזען זעהר אַ גוטע און איך האָב זיך פשוט מחיה געוועזען מיט איהר.

און ווען איך האָב איבערגעלייענט די אַלע ביכער, וואָס האָבען מיך אינטערעסירט, האָט דער קאָמענדאַנט גאַנעצקי, וועלכער האָט זיך זעהר גוט באַצויגען צו מיר, געקראָגען פאַר מיר די נייע, ניט־גע־בונדענע ביכער, וועלכע זיינען געלעגען באַהאַלטען.

די ביכער האָבען מיר געהאָלפען לעבען אויף דער וועלט. אַ דאַנק זיי האָב איך געהאַט כח אַריבערצוטראָגען דעם אומגליק און ניט טראַכטען אַזוי פיל וועגען דעם, וואָס דעגאַיעוו האָט אונז פאַר־ראַטען.

אַ חוץ די ביכער האָב איך געהאַט נאָך אַ גליק: אויף דעם מינדסטען פינגער פון דער האַנט האָט מיר אָנגעריסען אַ מכה, און דאָס האָט מיר אַזוי שטאַרק וועה געטאָן, אַז איך האָב פאַרגעסען אָן דעם האַרצוועהטאָג, וואָס איך האָב געפיהלט איבער דעגאַיעוו'ס פאַרראַט.

ווען איך האָב דעם קראַנקען פינגער געוויזען דעם דאָקטאָר וויליאַמס, האָט ער אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ און געזאָגט: „מען וועט מוזען טיף איינשניידען".

אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן, און דערנאָך האָט ער געמאַכט אַזאַ באַמערקונג: „איך האָב מורא געהאַט, אַז דער פינגער זאָל ביי אייך נאָך ניט געליימט ווערען".

ער איז געווען אַן אַלטער, טרוקענער און שטרענגער מענש, דער דאָקטאָר וויליאַמס. די דאָזיגע טבע האָט זיך ביי איהם אויס־געאַרבייט אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט יאָהרען לאַנג באַהאַנדעלט די קראַנקע אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג און אין דער אַלעקסעיעווסקער „ראַוועלינאַ", וואו אַלעס איז געווען איינגעהילט אין אַ מין געהיימניספולען אומעט. דאָס האַרץ איז ביי איהם ביסלאַכווייז פאַרשטיינערט געוואָרען און דער געפיהל פון רחמנות איז ביי איהם אָפּגעשטאָרבען. פונדעסטוועגען האָט איהם פאַר־קלעמט ביים האַרצען, ווען ער האָט דערזעהן, אין וואָס פאַר אַ פינסטערען און שמוציגען קאַמער מען האָט מיך געהאַלטען אַ יאָהר צייט.

„מען וועט אייך דאַרפען איבערפיהרען אין אַן אַנדער קאַמער, וואו עס איז דאָ מעהר ליכט", — האָט ער געזאָגט.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען מיך טאַקע איבערגעפיהרט אין אַן אַנדער קאַמער. דאָס איז געווען ניט קיין גרויס צימער,

אָבער מעהר אָדער ווענינער ציכטיג אויפגעקליבען און בייטאָג פלעגען אהין אריינדרינגען אַ פּאָר שטראַהלען פון דער זון. דאָרטען פלעג איך זיך גאַנץ אָפט פארגינען אזא פארגעניגען, ווי אַרויפקריכען אויף אַן אייזערנעם טיש, וואָס איז געווען צו־געקאָוועט צו דער וואַנט לעבען בעטעל, און דאַן האָב איך געקאָנט זעהן, ווי אין דרויסען, ווייט־ווייט, שטעהט אַ קליין בוימעלע.

לעבען אַ שטיין האָט עס געוואַקסען. דער ווינט האָט אפּנים אהין פארטראָגען אַ קליין קערענדעל און עס איז אויסגעוואַקסען אַ קליין בוימעלע. אזוי שנעל ווי דער פריהלינג איז געקומען און די זון האָט אָנגעהויבען שיינען העלער און ליכטיגער, פלעג איך יעדען פארמיטאָג אַרויפקריכען אויפ׳ן טיש, כדי פון דער ווייטענס צו כאַפּען אַ בליק אויף מיין בוימעלע, וואָס וואַקסט זיך אזוי באַשיידען און קיינער אויסער מיר קוקט ניט דאַרויף.

אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, וואוהין מען האָט מיך דער־נאָך איבערגעפיהרט, איז צווישען די צוויי הויכע ווענט אויך גע־שטאַנען אַן עלענד בוימעלע און די בלעטעלאַך האָבען אויסגעקוקט ווי קליינע גלעקעלאַך. פון צייט צו צייט פלעגט צו זיי דערגרייכען אַ שטראַהל פון דער זון, און ווען עס איז געגאַנגען אַ רעגען, האָבען די טראָפּענס אזוי שעהן געטריפט פון זיי, און עס איז געווען אזוי אנגענעם צו קוקען ווי עס וואַקסט זיך אַ בוימעלע צווישען די גרויע ווענט פון דער פעסטונג. אַלע מאָל, ווען איך האָב אויף דעם בוימעלע געקוקט, האָב איך זיך דערמאָנט אָן יאַראָשענקאָ׳ס בילד „דאָס לעבען איז אומעטום", און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז די גרינע בלעטעלאַך ריידען אָהן ווערטער: „זאָלען אַרום און אַרום זיין קאַלטע און טויטע שטיינער, אָבער מיר לעבען, מיר ווילען לעבען און פארשאַפען פארגעניגען די, וועלכע זעהען אונז".

---

דעם 16טען אָדער 18טען סעפּטעמבער, אינ׳ם יאָהר 1884, האָט מען מיר דערלאַנגט דעם באַשולדיגונגס־אַקט. צוזאַמען מיט נאָך דרייצעהן מענשען האָט מען מיך געשטעלט צום קריגס־גע־ריכט. מען האָט מיך פארזאָרגט מיט אַן אַדוואָקאַט, אָבער איך האָב זיך פאַר דעם אַדוואָקאַט אַנטשולדיגט, ערקלערענדיג, אַז איך וועל זיך אַליין פארטיידיגען.

ווען דער אַדוואָקאַט איז געבליבען מיט מיר אַליין, האָט ער מיר איינגערוימט אין אויער אַ סוד:

„ס ו ד ע י ק י ן... ד ע ר ב אַ ר י ה מ ט ע ר ש פּ י אָ ן, ס ו ד ע י ק י ן, א י ז ש ו י ן ט ו י ט... ד ע ג אַ י ע ו ו ה אָ ט א י ה ם ד ע ר׳ה ר ג׳ ע ט א ו ן א י ז אַ נ ט ל אָ פ ע ן״ *).

---

*) דער׳הרג׳עט סודעיקינ׳ען האָט דעגאַיעוו ניט אליין, נאָר מיט דער הילף פון נאָך צוויי באַריהמטע רעוואָלוציאָנערען לאָפּאַטין און סטאַראָדוואָרסקי. ווען מען האָט אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזען זיך געכומען שושקען וועגען דעם, אַז דעגאַיעוו איז אַ פּראוואָקאַטאָר, איז ער אַוועקגעפאָהרען קיין אויסלאַנד און דאָרטען צונויפגערופען אַ פאַרזאַמלונג פון די וויכטיגסטע רוסישע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע זיינען דאָרט געווען אין יענער צייט.

אויף דער פאַרזאַמלונג איז אויך געווען לעוו טיכאָמיראָוו, דער רעדאַקטאָר פון דער אונלעגאַלער צייט־שריפט „נאַראָדנאַיא וואָליא״.

אַ דערשלאָגענער און אַ צובראָכענער האָט דעגאַיעוו זיך מודה געווען אין אַלעם; ער האָט אַליין דערצעהלט ווי אַזוי ער האָט איבערגעגעבען וועראַ פיגנער און אַנדערע רעוואָלוציאָנערען אין סודעיקין׳ס הענט. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

„טוט מיט מיר וואָס איהר ווילט. אויב איהר וועט באַשליסען מיך צו טויטען, קענט איהר דאָס טאָן. איך בין גרייט. נאָר אויב איהר ווילט מיר געבען די מעגליכקייט אָבצואוואַשען מיינע פאַרברעכענס, וועל איך טאָן אַלץ וואָס איהר וועט הייסען.״

ער האָט אָנגעבאָטען מען זאָל איהם לאָזען שיסען סודעיקין׳ען. דער אָנבאָט איז אָנגענומען געוואָרען, אָבער עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז מען זאָל זיך אויף איהם אַליין ניט פאַרלאָזען; צוזאַמען מיט איהם זאָל קיין פּעטערבורג פאָהרען לאָפּאַטין, און ווען סודעיקין וועט שוין זיין דער׳הרג׳עט, זאָל דעגאַיעוו גלייך פאַרלאָזען רוסלאַנד און מעהר ניט קומען אַהין.

און אַזוי איז טאַקע געווען:

אין דער באַשטימטער שטונדע, אין דעם באַשטימטען טאָג, ווען סודעיקין איז געקומען צו דעגאַיעוו׳ן זיינען דאָרטען געווען באַהאַלטען צוויי רעוואָלוציאָנערען, איינער פון זיי, סטאַראָדוואָרסקי, איז געווען אַ הויכער, זעלטען־שעהנער יונג, זעהר אַ קלוגער און שטאַרקער מענש — אַ ריז; ער איז געווען באַוואָפענט מיט אַ גרויסען אייזען און אַ פּיסטאָלעט.

סודעיקין האָט פון אָנפאַנג גאָרניט חושד געווען. באַלד אָבער זיינען די פאַרבאָרגענע רעוואָלוציאָנערען געגען איהם אַרויסגעשפּרונגען. סודעיקין איז אַריינגעלאָפען אין באָד־צימער און זיך דאָרט פאַרשפאַרט. די טעראָריסטען האָבען דורכגעבראָכען די טיר און מען האָט איהם דערשלאַ-

ווען איך האב דאס דערהערט, איז מיר געווארען גרינגער אויפ׳ן הארצען און ליכטיגער אין די אויגען... מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז א בליץ איז מיר דורכגעלאפען איבער׳ן גאנצען קערפער. א געפיהל איז אפגעפרישט געווארען, א געפיהל איז געשטארבען... עס איז געווארען ליכטיג און באלד ווידער פינסטער...

---

גען מיט׳ן אויזען. זיינע געשרייען האט קיינער ניט געהערט. מען האט ענטדעקט דעם קערפער ערשט מיט א טאג שפעטער.

דעגאיעוו און די אנדערע צוויי רעוואלוציאנערען זיינען פארשוואונדען.

דאן האט מען דעגאיעוו׳ס בילד אויסגעהאנגען אויף אלע וואקזאלען פון רוסלאנד. די רעגירונג האט צוגעזאגט א גרויסע מתנה פאר דעם, וואס וועט איהם כאפען. מען האט איהם אבער קיינמאל ניט געכאפט.

סטאראדווארסקי און לאפאטין זיינען ארייגעפאלען מיט איניגע מאנאטען שפעטער. וואו דעגאיעוו איז אהינגעקומען איז ניט באקאנט.

ארום דער פראגע וואו ער איז אהינגעקומען זיינען ארומגעוועבט גאנצע געהיימניסען. באלד נאך דער ערשטער רוסישער רעוואלוציע איז אין אלע רוסישע צייטונגען געווען אפגעדרוקט א מעלדונג, אז אין ניו־זעעלאנד, אויסטראליען, איז געשטארבען א פראפעסאר א מאטעמאטיקער און אז נאך זיין טויט האט זיך ארויסגעצייגט, אז דאס איז געווען דעגאיעוו.

מיט עטליכע יאהר שפעטער, ווען אין ניו יארק האט זיך געפונען דער בארימטער רוסישער רעוואלוציאנער לעוו דייטש, איז ער געקומען צום פעסטען באשלוס, אז די מעשה האט אויסגעטראכט דעגאיעוו׳ס שוועסטער, כדי די רעוואלוציאנערען זאלען איהם אויפהערען זוכען. אין אמת׳ן — האט דייטש ערקלעהרט — געפינט זיך דעגאיעוו אין אמעריקא, אין מינעסאטא, און איז דארטען א פראפעסאר פון מאטעמאטיק. דעגאיעוו׳ס אינגערער ברודער, וואלאדיא, האט דאן געהאט א שטעלע ביי דעם רוסישען קאנסול אין ניו יארק און לעוו דייטש האט איהם אליין דארטען דערקענט, הגם ער האט דארטען געארבייט אונטער א פאלשען נאמען. עס זיינען אויך געווען פארשפרייט אנדערע קלאנגען וועגען דעגאיעוו׳ן. מיט עטליכע און דרייסיג יאהר צוריק האט זיך אין דער רוסישער קאלאניע אין ניו יארק באוויזען אן אפיציר, וועלכער איז נאכהער פארשוואונדען. מען האט דאן געזאגט אז דאס איז דעגאיעוו. אבער דאס איז ניט געווען ריכטיג. מען ווייסט נאך עד היום ניט וואס מיט דעגאיעוו׳ן איז געווארען. — איבערזעצער.

## צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

„סוד אידיאָט!"



עהן אַזייגער אויף דערנאַכט איז צו מיר אין קאַמער אַריינגעקומען אַ זשאַנדאַר און האָט מיר געבראַכט אַ מאַנטעל און אַ הוט. דאָס איז געווען שבת, דעם 21מען סעפּטעמבער, אינ'ם יאָהר 1884.

מען האָט זיך מיר געהייסען אָנטאָן, האָב איך זיך אָנגעטאָן, און דאַן האָט מען מיך פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג אַוועקגעפיהרט אין דער טורמע, וואו מען פאַרשפּאַרט געוועהנליך די אַרעסטאַנטען איידער מען פיהרט זיי צום געריכט.

פאַרוואָס מען האָט די גאַנצע געשיכטע איינגעהילט אין סודות, פאַרוואָס מען האָט מיך געשעלעפט ביינאַכט, דאָס וויים איך נים. אָבער אַזוי איז דאָס: דאָס גאַנצע לעבען אין טורמע איז איינגע־אָרדענט אַזוי, אַז די נערוועז זאָלען זיין צורודערט; אָט איז אַזוי שטיל, אַז מען קאָן פון זינען אַרונטער און אָט גיט מען אייך אַ פּאַק אין מיטען דערינען און מען שלעפט אייך ערגעץ און מען זאָגט אייך נים וואוהין.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז אין יענער נאַכט האָב איך שוין נים געקאָנט שלאָפען. מען האָט מיך פאַרשפּאַרט אין אַ קאַמער פונקט אַקעגען דער גאַדזיראַטעלניצע, וועלכע איז אין יענער נאַכט געוועזן אויף דער וואַך. דאָס פאָרטקעלע פון דער טיר איז געווען אָפען און צוויי וועכטערינס, וועלכע זיינען געזעסען נים ווייט אין קאָרידאָר, האָבען אַ גאַנצע נאַכט געהאַלטען אין איין ריידען.

אויף מאָרגען, אַזוי שנעל ווי איך בין אויפגעשטאַנען פון בעט, האָט מען מיך אַרויסגעפיהרט זעהן די מאַמע און מיין שוועסטער אָלגאַ. קיין אייזערנע גראַטעס האָבען אונז מעהר נים צושיידט; דאָס מאָל האָט מען מיר ערלויבט צו צוגעהן נאָהענט, און איך האָב זיך אַזוי דערפרעהט, ווען איך האָב געהאַט די מעגליכקייט אָנצו־כאַפּען די מאַמע ביי דער האַנט און זי אַ קוש טאָן.

די זשאַנדאַרען האָבען קיין סך ניט געשטערט. איך האָב דאַ־מאָלט געקאָנט זיצען און ריידען מיט דער מאַמע'ן וויפיל דאָס הארץ גלוסט. אָבער עפּעס איז מיר געווען שווער צו ריידען. פאַר די צוואַנציג מאָנאַטען וואָס איך בין געווען פארשפּארט אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, איז מיר די צונג עפּעס ווי גע־ליימט געוואָרען און איך האָב ניט געקאָנט ריידען.

— מאַמע, געה אַהיים, — האָב איך שטיל געזאָגט, — איך בעט דיך, געה אַהיים.

און די מאַמע האָט מיך געפאָלגט און איז אַהיים געגאַנגען.

מאָנטאָג אין דער פריה, ארום צעהן אזייגער, האָט מען מיך גענומען פיהרען איבער פארשיידענע טרעפּ און פאַרדרעהטע קאָרי־דאָרען, ביז מען האָט מיך אריינגעפיהרט אין אַ צימער, וואו עס זיינען שוין געווען אויסגעשטעלט די דרייצעהן חברים, וועלכע מען האָט געדאַרפט פיהרען צום געריכט צוזאַמען מיט מיר. די וואַך ארום זיי איז געווען אַ שטאַרקע; אַלע אויסגעשטעלט אין איין רייהע און צווישען יעדע צוויי — אַ זשאַנדאַרם מיט אַ בלויזער שווערד.

ווען איך האָב זיי דערזעהן, האָב איך זיך געוואָלט ארומכאַפּען מיט זיי, אָבער דאָס האָט מען ניט געלאָזט. אפילו דריקען איינע די אַנדערע די האַנט האָט מען ניט געטאָרט.

און עס איז טאַקע געווען בעסער אַזוי. וואָרים ווען אימיצען פון אונז וואָלט איינגעפאַלען צו זאָגען איין וואָרט אַ וואָרימס, אָדער בלויז אַ דריק טאָן די האַנט, וואָלטען מיר זיך אַלע צואַוויינט. וואָרים עס האָט מיר אַזוי וועה געטאָן דאָס הארץ ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אויף די אויסגעבלייכטע פּנים'ער פון די חברים, וועלכע זיינען מיר געווען ליב און טייער; איך האָב נאָך געדענקט יענע צייטען, ווען זיי זיינען אַלע געווען אַזעלכע געזונטע, מונטערע און לעבענס־לוסטיגע מענשען; און איצט? וואָס פון זיי איז געוואָרען! *).

---

*) שפּעטער, באַלד נאָך דעם ווי מען האָט אונז אַריבערגעפיהרט אין שליסעלבורגער פעסטונג, איז געשטאָרבען דער אָפיצער טיכאַנאָוויטש. עס איז פאַראַן אַ סברא, אַז ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. אין אַ קור־צער צייט אַרום איז דאָרטען פון שווינדזוכט געשטאָרבען נעמאָלאָווסקי. — וו. פ.

און ווער איז שולדיג אין דעם? — אַן אייגענער מענש, אַ פריינד, צו וועמען מען האָט דעם גרעסטען צוטרויען געהאַט — דעגאַיעוו.

אָט דער וועהטאָג איז געווען דער שטאַרקסטער און עס איז אַזוי שווער געווען, אַזוי אומגעהויער שווער איהם אַריבערצוטראָגען. און, ווי אויף צו להכעיס, האָב איך דאָס ניט געקאָנט פאַרגעסען אפילו קיין איין מינוט.

מען האָט געבראַכט די עדות, וואָס דער פּראָקוראָר האָט צו־געגרייט, מען האָט אַריינגעפיהרט די עקספּערטען און עס איז אַוועק אַן עסק מיט געשריבענע ערקלערונגען און עדות־זאָגונגען. אַ וועלט מיט ערקלערונגען האָט מען איבערגעלעזען.

קיינער פון אונז האָט ניט געענטפערט אויף די אַלע באַשול־דיגונגען וואָס זיינען אין די געשריבענע ערקלערונגען אונטערגע־שטראָכען געוואָרען. בלויז די פריילין טשעמאָדאַנאָוואַ, וועלכע איז נאָך פריהער געווען אַמאָל פאַרשיקט, האָט פון צייט צו צייט גע־נומען פּלוידערען און אַלץ געפּרואווט באַווייזען די ריכטער, אַז זי איז ניט שולדיג. זי האָט אַזוי פיל געפּלוידערט וועגען דעם און מיט אַזאַ עקשנות, אַז מיר אַליין איז אויך איינגעפאַלען, אַז עס קאָן זיין, אַז זי איז טאַקע ניט שולדיג און אַז עס איז ניט מעהר ווי אַ צופאַל, וואָס מען האָט זי גראַדע געטראָפען אין דער געהיימער דרוקעריי פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", כאָטש איך האָב גוט גע־וואוסט, אַז זי איז יאָ געווען פאַרבונדען מיט דער באַוועגונג, כאָטש איך אַליין האָב זי אַרויסגערופען קיין כאַרקאָוו צוליב דעם.

די איבעריגע חברים האָבען קיין וואָרט ניט גערעדט. זיי האָבען זיך געהאַלטען שטיל, מיט גרויס ווירדע, ווי עס פּאַסט פאַר העלדען. יעדער איינער איז געווען פאַרטאָן אין דעם שווערען געדאַנק וואָס האָט זיך ביי איהם אין קאָפּ געדרעהט, און די וואָל־קענשטיין האָט זיך גאָר פאַרגונען צו מאַכען שפּאַס פון דעם גאַנצען עסק און אַלע מאָל האָט דער ריכטער פאַרלאָרען די געדולד און זיך געבייזערט:

— אַנגעקלאַגטע וואָלקענשטיין! רעדט ניט מיט די וואָס זיצען לעבען אייך.

אָדער:

— אַנגעקלאַגטע וואָלקענשטיין! רעדט ניט מיט די וואָס

זיצען לעבען אייך. מען זאָגט דאָך אייך, אַז איהר זאָלט זיך אויפ־הערען שושקען.

און ווען ער איז שוין שטאַרק געוואָרען אין כעס:

— וואָס טוט זיך דאָ?! וואָלקענשטיין! רוקט זיך אוועק א ביסעל ווייטער און האַלט זיך אין אָרדענונג.

איך בין געזעסען א נידער־געשלאָגענע און האָב געפיהלט, ווי די כוחות געהען מיר אויס. מיינע נערוועז זיינען געווען אזוי אָנ־געצויגען, אַז ס'האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז אָט־אָט פּלאַצען זיי; די ענדערונג האָט אויף מיר געמאַכט א געוואַלדיגען איינדרוק; צוואנציג מאָנאַטען געווען פארשטיקט אין א שטילקייט, וואָס האָט זיך טיף אין די ביינער איינגעגעסען, און מיט אמאָל — מענשליכע קולות, גרויסע שפּיגלען, און ווען עס ווערט פינסטער און מען צינדט אָן די לאָמפּען, גיט זיך די ליכט א וואָרף אריין אין די גרויסע שפּיגלען מיט אזא שאַרפקייט, אַז עס שניידט אזש די אויגען.

מעהרסטענטיילס האָב איך ניט געקאָנט אויסזיצען ביז'ן סוף פון דער זיצונג און מען האָט מיך געמוזט אוועקפיהרען צוריק אין קאַמער זיך אָפּרוהען א ביסעל.

מיר איז דאַן געווען אזוי שלעכט! איך בין דאַן געווען אזוי נערוועז! און דאָ קומט נאָך צוגעהן די מאַמע זיך זעהן מיט מיר צווישען איין זיצונג און דער צווייטער, ווער איך נאָך מעהר נערוועז און כאָטש איך האָב די מאַמע אזוי ליב, כאָטש עס געהט מיר אויף דאָס חיות זי צו זעהן, בעט איך זיך ביי איהר:

— מאַמע, געה אהיים!... איך האָב מעהר קיין כח ניט...

ביים לעצטען טאָג פונ'ם פּראָצעס האָט מיר מיין שוועסטער געבראַכט א שעהנעם בוקעט בלומען און דאָס האָט מיר פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגען. איך האָב זיך מיט די בלומען אזוי געפרעהט, אַז זיי זיינען מיר געבליבען אין זכרון ביז היינטיגען טאָג. דער בוקעט איז געווען איינער פון די אנגענעמסטע עראינערונגען, וואָס איך האָב מיטגענומען אין דער שליסעלבורגער פעסטונג.

און נאָך אַן אנגענעמע איבערראשונג האָב איך געהאַט אין יענע שווערע טעג: די פראַנצויזישע לעהרערין פון דעם קאזאנער ראַדיאָנאָוואער אינסטיטוט — מאַדאַם וואַלדאַן־מאַטראָסאָווא האָט זי געהייסען — איז זיך געקומען זעהן מיט מיר. זי האָט מיך נאָך געדענקט פון יענער צייט, ווען איך בין געווען א קליין מיידעלע

פון 12 יאָהר, איהרע אַ שילעריןץ און ווען זי האָט דערהערט, אַז מען משפּט מיך, איז זי געקומען קיין פּעטערבורג זיך זעהן מיט מיר.

ענדליך איז געקומען דער טאָג, וואָס איך וועל קיינמאָל אין לעבען ניט פאַרגעסען. דאָס איז געווען דאַן, ווען דער פאָרזיצענדער האָט זיך אַזוי פייערליך געווענדעט צו יעדען איינעם פון די אָנגעקלאָגטע:

„איהר האָט דאָס לעצטע וואָרט".

דאָס לעצטע וואָרט! איהר קאָנט זיך פאָרשטעלען, וואָס דאָס מיינט?! מען נעמט דעם אָנגעקלאָגטען און מען גיט איהם אַ געלעגענהייט, אפשר די לעצטע געלעגענהייט אין לעבען, ארויסצוזאָגען זיינע מיינונגען און ערקלערען פאַרוואָס ער איז באַגאַנגען די און די פאַרברעכענס, פאַרוואָס ער האָט געהאַנדעלט אַזוי און ניט אַנדערש, און זאָגען דאַרף ער דאָס ווען אַלע הערען און וואָס ער וויל, וואָס ער דאַרף און וואָס ער קאָן... נאָך אַ מינוט — און ער וועט מעהר די געלעגענהייט ניט האָבען. קיינמאָל מעהר; אַן אויגענבליק — און דער מענש, וועמען מען משפּט, וועט מעהר קיין וואָרט ניט קריגען; זיין קול וועט מען דאָ מעהר ניט הערען; עס וועט אָפּשטאַרבען צוזאַמען מיט איהם און דאָס וואָרט, וואָס ער האָט געדאַרפט זאָגען, וועט זיך שטיקען אין זיין האַלז ערגעץ ווייט אין אַ קאַטאָרזשנע טורמע, אָדער גאָר אויף דער תליה.

אויף אָט דעם מאָמענט, אויף דער געלעגענהייט צו זאָגען דאָס לעצטע וואָרט, האָב איך לאַנג ארויסגעקוקט.

עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז איך בין געווען די צענטראַלע פיגור אויפ'ן פּראָצעס. ארום מיר האָט זיך אַלעס געדרעהט, מיין נאָמען איז געווען גוט באַקאַנט, ווייל אויף די פריהערדיגע פּראָצעסען, וואָס זיינען פאָרגעקומען פונ'ם 1879טען ביז'ן 1884טען יאָהר — דער פּראָצעס פון אַלעקסאַנדער סאָלאָוויאָוו, וועלכער האָט געשאָסען אויפ'ן קיסר, דער פּראָצעס פון אַלעקסאַנדער קוויאַטקאָווסקי און אַנדערע רעוואָלוציאָנערען — האָט מען מיין נאָמען זעהר אָפט דערמאָנט.

און טאַקע דערפאַר, וואָס איך בין געווען די צענטראַלע פיגור, האָב איך אויף זיך געפיהלט אַ געוויסע פליכט: אַלס דער לעצטער מיטגליד פון דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" און אַלס פאָרטרעטער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָב איך געמוזט האַלטען אַ רעדע אין געריכט.

איך בין אָבער ניט געווען געשטימט צו ריידען, ווייל איך האָב מיט אַלע חושים געפיהלט, אין וואָס פאַר אַן אומגליקליכער לאַגע רוסלאַנד געפינט זיך; עס איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז די פינ־סטערע רעאַקציע איז געקומען אויף יאָהרען און אַז עס קאָן איצט גאָר קיין רעדע ניט זיין וועגען אָנפיהרען אַ קאַמף געגען דער רעגי־רונג, און דאָס ערגסטע פון אַלעס איז געווען דער באַוואוסטזיין, אַז איצט זיינען אַלע אַנטוישט, אַז איצט האָט מען די גאַנצע האָפ־נונג פאַרלאָרען. פריהער האָט מען זיך ניט געשראָקען פאַר די שטרענגע און ווילדע מיטלען, וואָס די רעגירונג האָט אָנגעווענדעט אין קאַמף מיט די רעוואָלוציאָנערען; מען האָט געשטעלט לעבענס אין קאָן, מען האָט זיך מקריב געווען און מען האָט אַלץ געהאָפט אויף אַ זיג.

איצט אָבער איז די לאַגע גאָר אַנדערש. די מאַסען שווייגען. די געזעלשאַפט זאָגט ניט אַ וואָרט. די פּשוט'ע מענשען באַגרייפען ניט און פאַרשטעהען ניט זייער אייגענע לאַגע און די אינטעליגענץ פאַרשטעהט יאָ און טוט גאָר ניט.

די ראָד פון דער געשיכטע האָט זיך אַ דרעה געטאָן געגען אונז. אמת טאַקע, מיט אונזער אַרבייט האָבען מיר די געשעהענישען אַ שטופּ געטאָן פאָראויס אויף גאַנצע פינף און צוואַנציג יאָהר, אָבער דערנאָך זיינען מיר דאָך געבליבען אַליין.

די אָרגאַניזירטע כוחות וואָס מיר האָבען געהאַט, ווי ווייניג זי זיינען ניט געווען, זיינען אָבער געווען בראַווע, מוטיגע מענשען; און זיי האָט די רעגירונג אָנגעפּראַמט פונ'ם וועג און אומגעבראַכט פון דער וועלט. מיינע חברים פונ'ם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" האָט מען אַרעסטירט און פאַר'משפּט נאָך פאַר מיר. אייניגע זיינען געשטאָרבען אויף דער תליה און אַנדערע זיינען ביסלאַכווייז אויס־געגאַנגען פון צרות און פּייניגונגען צווישען די ווענט פון דער שליסעלבורגער פעסטונג. פון דער גאַנצער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" זיינען גע־בליבען בלויז רעשטלאַך, פון דער גאַנצער געביידע וואָס מיר האָבען אויסגעבויט, זיינען געבליבען בלויז חורבות און איבער זיי האָט זיך, ווי אַ רויב־פויגעל, אַרומגעטראָגען דער גייסט פון דעגאַיעוו'ס אַרבייט אַלס פּראָוואָקאַטאָר.

די גאַנצע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געשטרעבט אַרונטער־צוּוואַרפען די זעלבסטהערשענדע רעגירונג און וועלכע האָט מיט

איהר אַרבייט אויפגערודערט ניט נאָר דאָס פאָטערלאַנד, נאָר אויך די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט — זי איז אויף מיין פּראָצעס געלעגען אַ צושלאָגענע, אַ באַזיגטע, אָהן האָפנונגען אויף דער מעגליכקייט זיך אויפצוהויבען אין גיכען.

און אין אַזאַ מאָמענט האָב איך געדאַרפט האַלטען אַ רעדע. אַליין בין איך געווען זעהר שוואַך און אויסגעמוטשעט פון דער טורמע, מיין נשמה איז געווען צוריסען אויף שטיקלאַך און דאָס האַרץ איז מיר געווען שרעקליך פאַרביטערט. אָבער איך האָב באַשלאָסען, אַז וואָס עס זאָל ניט זיין — איך וועל ערפילען מיין פליכט צו דער צוקלאַפּטער פאַרטיי און צו מיינע חברים, וואָס מען האָט אומגעבראַכט פון דער וועלט; איך וועל האַלטען אַ רעדע און וועל פאַר'ן געריכט אַרויסזאָגען, וואָס עס האָט אונז געטריבען צו טאָן דאָס, וואָס מיר האָבען געטאָן. איך וועל שטאָלץ און פריי אָנווייזען אויף דעם פּאָליטישען אידעאַל, צו וועלכען מיר האָבען די גאַנצע צייט געשטרעבט!

עס האָבען זיך דערהערט דעם פּרעזידענט'ס ווערטער. ער האָט אויסגערופען מיין נאָמען. עס איז געוואָרען אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקאָנט הערען דעם מינדסטען שאָרך. אַלע האָבען אָנגעשטעלט די אויגען אויף מיר, און נאָך איידער איך האָב אַרויסגערעדט אַ וואָרט זיינען שוין ביי אַלעמען די אויערען געווען אָנגעשטרענגט צו הערען וואָס איך וועל זאָגען.

און אין דער שטילקייט, וואָס איז געווען ווי אָנגעפילט מיט עלעקטריק, האָב איך מיט אַ ציטערדיגער שטימע און מיט איינגעהאַלטענער אויפרעגונג אָנגעהויבען מיין רעדע:

„דאָס געריכט באַטראַכט איצט די אַרבייט, וואָס איך האָב אָפּגעטאָן פאַר דער גאַנצער צייט, פון 1879 ביז איצט. אין זיין באַשולדיגונגס רעדע האָט דער פּראָקוראָר זיך געוואונדערט, ווי אַזוי מען קאָן באַגעהן אַזוי פיל פאַרברעכענס אַזעלכע. אָבער די פאַרברעכענס, וואָס איך האָב באַגאַנגען, פונקט ווי פאַרברעכענס אין אַלגעמיין, האָבען זיך זייער געשיכטע. זיי קומען ניט פון דער העלער הויט, זיי זיינען ענג פאַרבונדען מיט מיין לעבען פון סאַמע אָנפאַנג אָן. זינט מען האָט מיך פאַרשפּאַרט אין טורמע, האָב איך זיך ניט איין מאָל געשטעלט די פראַגע, צי עס איז געווען מעגליך, אַז מיין לעבען זאָל אַוועק גאָר אין אַן אַנדער ריכטונג און איך זאָל איצט ניט דאַרפען זיצען דאָ אויף דער באַנק פון אָנגעקלאָגטע?

און וואס מעהר איך האב געטראכט וועגען דעם, אלץ מעהר האב איך זיך איבערצייגט, אז ניין. עס האט געמוזט קומען דערצו, אז מען זאל מיך פארשפארען אין טורמע און מיך משפט'ן אלס א פארברעכערין געגען דער רעגירונג. אנדערש האט עס ניט געקאנט זיין!

„איך האב געקאנט אויספיהרען צו לעבען אזוי, אז קיין זאך זאל מיר ניט פעהלען. א בילדונג האב איך געקראגען א גוטע און איך האב צו קיינעם ניט געדארפט אנקומען. מיינע עלטערען זיינען געוועזען אינטעליגענטע און אנטוויקעלטע מענשען; זיי האבען מיך ליב געהאט און דאריבער איז מיר ניט אויסגעקומען זיך ארומצו־רייסען מיט זיי, ווי ס'רייסט זיך געוועהנליך ארום דער יונגער דור מיט'ן עלטערען. פון קיין נויט האב איך ניט געוואוסט, קיין דאגות איבער פרנסה האב איך ניט געהאט, איך האב זיך קיינמאל ניט געדארפט ברעכען דעם קאפ וועגען דעם מארגענדיגען טאג, איך האב ניט געדארפט טראכטען וואו איך וועל נעמען א שטיקעל ברויט דעם הונגער צו שטילען. עס איז מיר געוועזען גוט. עס איז מיר גארניט אפגעגאנגען.

„ווען איך בין אלט געווארען זיבעצעהן יאהר, האב איך גע־ענדיגט דעם אינסטיטוט, און דאן האב איך זיך מיט אמאל געכאפט, אז ניט אלעמען איז אזוי גוט ווי מיר, אז ניט אלע לעבען אין אזעלכע גוטע אומשטענדען ווי איך. פארוואס דאס איז אזוי, איז פאר מיר אליין נאך ניט אינגאנצען געוועזען קלאר; אבער דער געדאנק, אז איך בין איינע פון דעם קליינעם הייפעלע, וואס לעבט אין בעסערע אומשטענדען, האט ביי מיר ארויסגערופען דעם גע־פיהל, אז איך מוז עפעס טאן פאר די מענשען, וואס לעבען אין ערגערע אומשטענדען, פאר די מאסען וואס האבען ניט מיט וואס א טאג איבערצוקומען, כאטש זיי הארעווען מיט'ן בלוטיגען שוויים און שלאגען זיך ארוים פון די כוחות צו פארדינען א טרוקען שטיקעל ברויט.

„דער גרויסער אונטערשייד צווישען מיין לעבען און זייער לעבען האט מיך ארויפגעפיהרט אויפ'ן געדאנק, אז איך מוז אין לעבען געפינען אזא ציעל, וואס זאל ברענגען נוצען די ארומיגע, וועלכע נויטיגען זיך אין דעם.

„די רוסישע זשורנאליסטען אין יענער צייט און די פרויען־באוועגונג, וואס האט געהאלטען אין סאמע ברען אינ'ם אנפאנג פון

די זיבעציגער יאָהרען, האָבען מיר געגעבען אַ פּאַרטינגען ענטפער אויף די פראַגען, וועלכע האָבען זיך געדרעהט ביי מיר אין קאָפּ. און דער ענטפער איז געווען, אַז דאָס בעסטע איז — אויסשטודירען מעדיצין, ווערען אַ דאָקטאָרשע און היילען אָרימע קראַנקע מענשען.

„אין יענער צייט איז שוין אין פּעטערבורג געווען אַ פרויען־אַקאַדעמיע, אָבער זי האָט זיך געהאַלטען אויף הינערשע פיסלאַך, פּונקט ווי איצט; און אַזוי ווי ביי מיר איז דער באַשלוס צו ווערען אַ דאָקטאָרשע געווען זעהר שטאַרק, האָב איך אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז עס איז בעסער אַוועקצופאָהרען לערנען קיין אויסלאַנד.

„איך בין אַוועקגעפאָהרען קיין צוריך און בין אריין אין אוני־ווערסיטעט. דער אונטערשייד פון דעם לעבען אין אויסלאַנד האָט זיך מיר שטאַרק אַ וואָרף געטאָן אין די אויגען. אַלעס איז עפּעס פאַר מיר דאָרט געווען אַזוי ניי, אַז וואָס איך האָב געזעהן, האָט מיך איבערראַשט.

„כמעט אינסטינקטיוו בין איך געקומען צום אידעאַל פון סאָצי־אַליזם. נאָך איידער איך האָב איהם פאַרשטאַנען מיט'ן קאָפּ, האָב איך איהם שוין געפיהלט מיט'ן האַרץ; אָבער קיין קלאָרען באַגריף האָב איך נאָך דאַן וועגען דעם סאָציאַליזם ניט געהאַט. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דאָס איז אויך אַ מין פילאַנטראָפּישע אידעע, נאָר אַ ביסעל ברייטער פון יענער אידעע, מיט וועלכער איך האָב זיך ארומגעטראָגען, אַז מען דאַרף רחמנות האָבען אויף די אָרימע און זיי העלפען.

„עס איז געווען ניט מעהר ווי נאַטירליך, אַז דער אידעאַל, וואָס פּרעדיגט גלייכהייט, ברידערליכקייט און אויך גליק פאַר דער גאַנצער מענשהייט זאָל מאַכען אַזא שטאַרקען איינדרוק אויף מיר און זאָל מיך אינגאַנצען פאַרכאַפּען. אַ נייע וועלט האָט זיך פאַר מיר געעפענט, אַ ברייטע, אַ ליכטיגע וועלט; אָנשטאָט קלייניג־קייטען האָב איך פאַר זיך דערזעהן אַ פאָלק, אַ מענשהייט. און פאַרגעסט ניט, אַז קיין אויסלאַנד בין איך געקומען אַ קורצע צייט נאָך די גרויסע געשעהענישען אין פאַריז, און אַז אין שפּאַניען איז דאַן פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע, און אָט דאָס אַלעס צוזאַמען האָט שטאַרק אָפּגעהילכט אין דער גאַנצער ארבייטער־וועלט אין מערב־אייראָפּא.

„אין אויסלאַנד האָב איך געשטודירט די לעהרע פון'ם אינטער־נאַציאָנאַל און ערשט דאַן האָב איך דערזעהן, אַז די אַלע געדאַנקען,

וואָס האָבען זיך פריהער געדרעהט ביי מיר אין קאָפּ, זיינען געווען ניט מעהר ווי אַן אַנצוהערעניש אויף עפּעס, און ווען איך בין שוין באַקאַנט געוואָרען מיט דער אַרבייטער באַוועגונג, האָב איך פאַר־שטאַנען, אַז ניט נאָר אין מערב־אייראָפּאַ דאַרף זיין אַזאַ באַוועגונג, נאָר זי קאָן זיין אומעטום און אין אַלע צייטען.

„באַגייסטערט פון דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, בין איך אַריין אין אַ רעוואָלוציאָנערען קרוזשאָק, וואו מיין שוועסטער לידיאַ איז אויך געווען אַ מיטגליד. די אָרגאַניזאַציע איז געווען זעהר אַ שוואַכע. יעדער מיטגליד האָט געקאָנט צוטרעטען צו דער אַרבייט ווען ער האָט געוואָלט און ווי אַזוי ער האָט געוואָלט. די גאַנצע אַרבייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט געפּרעדיגט דעם סאָציאַליסטישען אידעאַל, און דערביי האָט מען זיך איינגערעדט, אַז דאָס פאָלק איז במילא סאָציאַליסטיש געשטימט, וואָרים ווי קאָן דאָס דען אַנדערש זיין? דאָס פאָלק באַשטעהט דאָך פון אָרימע מענשען, נו, איז געווען, מען זאָל זיי זאָגען בלויז איין וואָרט און זיי ווערען אַלע סאָציאַליסטען.

„דאָס וואָס מיר האָבען אין יענער צייט אָנגערופען סאָציאַלע רעוואָלוציע, איז אין דער אמת'ן גאָר געווען אַ פרידליכע איבער־קערעניש. מיר האָבען געמיינט, אַז דאָס הייפּעלע מענשען, וואָס איז געגען סאָציאַליזם, וועט אַליין איינזעהן, אַז מען קאָן ניט פיהרען קיין קאַמף מיט די ברייטע מאַסען וואָס זיינען געקומען צום שכל. זיי וועלען זיך אַליין אָפּטראָגען און מאַכען פּלאַץ פאַר דער גרויסער מאַיאָריטעט, וואָס איז קליגער געוואָרען, און אויף אַזאַ אופן וועט צו קיין בלוט־פאַרגיסונג גאָר ניט קומען.

„קנאַפּע פיער יאָהר בין איך געווען אין אויסלאַנד, און איך קאָן זאָגען, אַז אין יענער צייט בין איך געווען קאָנסערוואַטיוו ביז אַ געוויסען גראַד. וואָרים איך בין ניט פון די מענשען, וואָס כאַפּען זיך גלייך אָן אַ נייער זאַך. עס געדויערט לאַנג ביז איך מאַך אָפּ ביי זיך, אַז ס'דאַרף זיין אַזוי און ניט אַנדערש; אָבער ווען איך מאַך שוין אָפּ, איז זעהר שווער מיך איבערצושפּאַרען. און דערפאַר טאַקע בין איך, אין דעם פריהלינג פון 1874, געבליבען אין אויס־לאַנד, כאָטש דער גאַנצער קרוזשאָק איז אַוועקגעפאָהרען צוריק קיין רוסלאַנד. איך האָב אַלץ געוואָלט געהן ווייטער אויף דעם וועג, וואָס איך האָב אָנגעהויבען — אויסשטודירען מעדיצין און ווערען אַ דאָקטאָרשע.

„מיין שוועסטער און די אַנדערע מיטגלידער פון׳ם קרוזשאָק האָבען געהאַט זעהר אַ טרויעריגען סוף. אַ פּאָר מאָנאַטען האָבען זיי אָפּגעאַרבייט אין פאַבריקען, כדי אַנצופיהרען אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישען די אַרבייטער, און דער סוף איז געווען: מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין טורמע און אייניגע פון זיי האָט מען פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע.

„פון דער טורמע האָבען זיי מיר געשריבען קיין אויסלאַנד, אַז איך זאָל קומען צוריק און ווייטער פאָרטזעצען די אַרבייט, וואָס זיי האָבען אָנגעהויבען. אַ היבשע קענטנים אין מעדיצין האָב איך שוין געהאַט, און אַזוי ווי איך האָב איינגעזעהן, אַז אַרויסקריגען אַ דיפּלאָם אַלס דאָקטאָרשע וואָלט געמיינט בלויז זיך אַליין באַפרידיגען, האָב איך מוחל געווען דעם טיטול „דאָקטאָר” און האָב זיך אומגעקערט צוריק קיין רוסלאַנד.

„דאָ האָב איך זיך גלייך אָנגעשטויסען אָן אָהן אַ שיעור שוועריגקייטען. אין דער באַוועגונג צו „געהן אין פאָלק” איז מען שוין געווען אַנטוישט, ווייל מען האָט גאָרנים געלאָזט טאָן. דאָך האָב איך געפונען אַ סך מענשען, וועלכע האָבען געשיינט צו זיין זעהר סימפּאַטיש. איך האָב צו זיי גרוים צוטרויען געהאַט און איך האָב זיך גענומען אַרבייטען צוזאַמען מיט זיי. אינאיינעם האָבען מיר אויסגעאַרבייט די פּראָגראַמע, וועלכע איז איצט באַקאַנט אַלס די פּראָגראַמע פון „נאַראָדניקעס”.

„איך בין אוועק אין דאָרף. די פּראָגראַם פון די „נאַראָדניקעס” ווי אַלע ווייסען, האָט זיך געשטעלט אַזעלכע ציעלען, וואָס זיינען געווען פאַרבאָטען לויט׳ן געזעץ. די אויפגאַבע פון די „נאַראָדניקעס” איז געווען צו ברענגען דערצו, אַז מען זאָל נעמען די גאַנצע ערד און זי איבערגעבען אין די הענט פון די פּויערים. און כדי דאָס דורכצופיהרען, האָבען די רעוואָלוציאָנערען געדאַרפט לעבען צווישען די מאַסען און טאָן אַזאַ אַרבייט, וואָס ווערט אין אַלע אַנדערע מלוכות אָנגערופען מיט׳ן נאָמען „קולטורעלע אַרבייט”.

„אמת טאַקי, איך בין געקומען אין דאָרף מיט רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבען, אָבער לויט דעם אופן ווי איך האָב זיך אויפגעפיהרט אין באַצוג צו די פּויערים, ווי איך האָב זיי באַהאַנדעלט און ווי איך האָב געאַרבייט צווישען זיי, וואָלט מען מיך אין קיין אַנדער מדינה, אויסער רוסלאַנד, ניט פאַרפאָלגט. נאָך

מעהר, אין אַן אנדער לאַנד וואָלט מען מיך פאַר אַזאַ אַרבייט באַטראַכט אַלס אַ ניצליכען מיטגליד פון דער געזעלשאַפט.

איך בין געוואָרען אַ פעלדשערין אין דער זעמסטוואָ, און נאָך איידער איך האָב אויספּייעט עפּעס צו טאָן, האָט זיך באַלד געפונען אַ גאַנצע כאַפּטע וואָס איז אַרוים געגען מיר. דער פיהרער פון די פּריצים און דער איספּראַווניק זיינען געווען די הויפּט־פיהרער פון דער כאַפּטע, און דער אוריאַדניק מיט'ן שרייבער פון וואָלאָסט — די אונטערשטופּער. פאַרשיידענערליי בלבולים האָט מען אויף מיר אויסגעטראַכט; אַז איך האָב ניט קיין פּאַספּאָרט, אַז איך בין גאָר ניט קיין פעלדשערין און נאָך אָהן אַ שיעור בלבולים.

„באַלד עפּעס האָט מען אַרויפגעוואָרפען די שולד אויף מיר; טאָמער האָבען די פויערים זיך ניט געלאָזט אָפּנאַרען פון די פּריצים, בין איך געווען שולדיג אין דעם. האָט מען ביים שרייבער פון וואָלאָסט אַרונטערגענומען פון די שכירות, בין איך געווען שולדיג אין דעם. אין אַלעס בין איך געווען שולדיג.

„וואו איך בין געגאַנגען און וואו איך בין געשטאַנען האָט מען מיך געהיט; איך בין זיי אַלעמען געווען גרוים אין די אויגען און אַלע מאָל איז געקומען אַן אַנדערער מאַכען אַן אונטערזוכונג. איינמאָל איז געקומען דער איספּראַווניק אַליין, עטליכע פויערים זיינען דאַן אַרעסטירט געוואָרען, און ווען מען האָט זיי גענומען אויף אַ פאַרהער האָט מען זיך געשטרעקט אין דער לענג און אין דער ברייט אַריינצושלעפּען מיין נאָמען אין דעם; צוויי מאָל האָט מען צוגעשיקט מסירות צום גובערנאַטאָר, און בלויז אַ דאַנק דעם וואָס דער פּאָרזיצענדער פון דער „זעמסטוואָ" האָט זיך אָנגענומען פאַר מיר, האָט מען מיך צורוה געלאָזען און מען האָט מיך ניט געטשעפּעט.

„אַ נעץ פון שפּיאָנען האָט מען פאַר מיר פאַרשפּרייט. די פויערים האָבען דאַריבער אָנגעהויבען מורא האָבען פאַר מיר און אין די אויף־דער־נאַכטען פלעגען זיי זיך אַריינ'גנב'ענען צו מיר אין שטוב, קיינער זאָל ניט זעהן.

„און דערפאַר איז אויסגעקומען אַזוי, אַז איך האָב זיך אַליין געמוזט שטעלען די פראַגע: „וואָס טוט מען פאַרט אונטער אַזעלכע אומשטענדען?"

„אָפענהערציג גערעדט, בין איך שוין געווען אַ היבשע, דער־

וואַקסענע פרוי ווען איך האָב זיך באַזעצט אין דאָרף, און דאָרי־בער האָב איך קיין גאָר גרויסע פעהלערען ניט געקענט מאַכען. איך האָב שוין דאַמאָלט געהאַט גענוג געדולד, און דערצו האָב איך נאָך געהאַט די טבע זיך צו באַציהען מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו די מיינונגען פון אַנדערע מענשען. איך האָב געוואָלט אַליין אויסשטודירען דעם באָדען, זיך באַקענען מיט'ן לעבען פון די פויערים און זעהן וואָס זיי טראַכטען און וואָס זיי ווילען.

„איך האָב איינגעזעהן, אַז מען האָט ניט קיין שום פאַקטען געגען מיר און אַז מען פאַרפאָלגט מיך בלויז דערפאַר וואָס דער גייסט פון מיין אַרבייט איז זיי ניט צום האַרצען. זיי האָט זיך בשום אופן ניט געלעגט אויפ'ן שכל, אַז ס'איז גאָר מעגליך אַז אַ מענש מיט בילדונג זאָל זיך באַזעצען אין אַ דאָרף, גלאַט אַזוי, ניט האָבענדיג קיין שרעקליכען צוועק דערביי. עפּעס מוז דאָ זיין! — האָבען זיי זיך געקלערט.

„דעם קאָפּ אויפהויבען האָט מען מיך ניט געלאָזט. איך האָב זיך ניט געקענט אַ ריהר טאָן פון דאַנען אַהין, ווייל מען האָט שטענדיג געהאַלטען אַן אויג אויף מיר און מען האָט מיך געהיט אויף שריט און טריט.

„דאַן איז מיר איינגעפאַלען אַ געדאַנק: אפשר זאָל איך פּרואווען אַוועקפאָהרען ערגעץ אַנדערש, און דאָרטען פּרואווען ווייטער אָנגעהן מיט מיין אַרבייט, אָבער אַזוי אַז אַלעם זאָל זיין ריכטיג? עס איז מיר שווער געווען זיך אָפּצוזאָגען פון די פּלענער וואָס איך האָב געהאַט, ווייל איך האָב פיר יאָהר צייט געשטודירט מעדיצין און מיין אידעאַל איז געווען צו לעבען אין דאָרף און היילען אָרימע קראַנקע פויערים.

„לאַנג האָב איך געטראַכט וועגען דעם, און אין אַ שטיקעל צייט אַרום האָב איך אויסגעפונען, אַז איך בין ניט די איינציגע, וואָס ווערט אַזוי פאַרפאָלגט, אַז מיינע חברים, וועלכע טוען די זעלבע אַרבייט וואָס איך אין אַנדערע דערפער, האָבען אויך אויסצושטעהן אַ וועלט מיט צרות; זיי ווערען אויך פאַרפאָלגט פונקט אַזוי ווי איך; און דאַן איז פאַר מיר געוואָרען קלאָר, אַז דאָ קען גאָר קיין רעדע ניט זיין וועגען דעם צי איך האָב אַלעם געטאָן ריכטיג, אָדער ניט, צי איך בין אַלע מאָל גערעכט צי ניין; די הויפּט־אורזאַכע איז גאָר אַן אַנדערע — **די גאַנצע צרה**

באשטעהט אין דעם, וואס אין רוסלאנד איז ניטא קיין פאליטישע פרייהייט.

„איידער איך האב זיך אין דעם איבערצייגט, זיינען מיינע אויפגאבען געווען פון דעם מין וואס ריהרען ניט אן מיך פערזענליך; עס איז אלץ אויסגעקומען אזוי, אז איך וויל העלפען אנדערע, טאן פאר אנדערע; אבער נאך מיין ערפאהרונג אין דארף האב איך איינגעזעהן, אז מיר אליין קומט אויך אויס צו ליידען פון דעם וואס אין רוסלאנד איז ניטא קיין פאליטישע פרייהייט.

„די געזעלשאפט „זעמליא אי וואליא" האט מיר נאך פריהער אנגעבאטען זיך אנצושליסען אן איהר און ארבייטען צווישען דער אינטעליגענץ, אבער אזוי ווי איך האב זיך פעסט געהאלטען ביי מיין פריהערדיגען באשלוס, האב איך דעם אנבאט ניט געוואלט אננעמען. מיר איז שווער געווען זיך צו שיידען מיט'ן דארף.

„איהר זעהט, אלזא, אז איך האב זיך אפגעזאגט פון מיינע פריהערדיגע אנשויאונגען און בין אוועק אויף א נייעם וועג, ניט דערפאר וואס איך בין א לייכטזיניגע און כאפ זיך אן אלע מאל אן אן אנדער פלאן, נאר דערפאר וואס די ביטערע ערפאהרונג האט מיך געבראכט דערצו.

„אין יענער צייט איז ארויסגעשוואומען די מיינונג, אז דער פאליטישער עלעמענט מוז שפילען א געוויסע ראלע אין די אויפגאבען פון דער רעוואלוציאנערער פארטיי. אין דער געזעלשאפט „זעמליא אי וואליא" האבען זיך געבילדעט צוויי קאטעגאריעס, וועלכע האבען געצויגען אין פארשיידענע זייטען. ווען איך האב באשלאסען מעהר ניט צו ארבייטען אין דארף, האב איך געלאזט וויסען דער געזעלשאפט „זעמליא אי וואליא", אז איצט בין איך א פרייער מענש, צו קיינעם ניט פארבונדען.

„דאן איז מיר אויסגעקומען צו טאן איינס פון די צוויי: אדער מאכען א שפאן צוריק, דאס הייסט, ווידער אוועקפאהרען קיין אויסלאנד און ווערען א דאקטארשע און היילען ניט קיין ארימע פויערים, נאר רייכע פריצים, וואס איך האב זעהר ניט געוואלט, אדער — זיך אננעמען מיט ענערגיע און ארבייטען מיט אלע כחות צו צוברעכען די ארדנונג וואס שטערט מיר דורכצופיהרען מיינע אידעאלען. און איך האב אויסגעקליבען דאס צווייטע, ווייל דאס איז מיר געווען מעהר צום הארצען.

„ווען איך בין אַריין אין דער געזעלשאַפט „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָב איך געקראָגען אַן איינלאַדונג צום וואָראָנעזשער צוזאַמענפאָהר, וואו ס'איז קלאָר אויסגעדריקט געוואָרען ביי וועלכער ריכטונג די פּאַרטיי זאָל זיך האַלטען. אייניגע האָבען געזאָגט, אַז מ'מוז דאַרף זיך האַלטען ביי דער פריהערדיגער ריכטונג, דאָס הייסט, לעבען אין די דערפער און אָנפיהרען אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישען די פּויערים און זיי צוגרייטען פאַר אַן אויפשטאַנד. אַנדערע, ווידער, האָבען גע'טענה'ט, אַז די גאַנצע אַרבייט געגען דער רעגירונגס-מאַכט דאַרף מען בעסער אָנפיהרען אין די שטעדט.

„פון וואָראָנעזש בין איך אַוועקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג, וואו די געזעלשאַפט „זעמליאַ אי וואָליאַ" האָט זיך אין אַ קורצער צייט אַרום צושפּאָלטען, און דאַן האָט מען מיר אָנגעבאָטען צו ווערען אַ מיטגליד אין דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט" פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ". איך האָב דעם אָנבאָט אָנגענומען.

„די ערפאַהרונג האָט מיר געוויזען, אַז בלויז מיט געוואַלטטאַטען קען מען ענדערען די איצטיגע אָרדנונג. אויף אַ פרידליכען וועג האָב איך מעהר ניט געקענט געהן. קיין אַנדער ברירה איז ניט געווען. וואָרים די פּרעסע, ווי איהר ווייסט, איז ביי אונז ניט קיין פרייע און עס קען גאָר קיין רעדע ניט זיין וועגען אַזאַ זאַך ווי פאַרשפּרייטען אידעען דורכ'ן געדרוקטען וואָרט. ווען אימיצער וואָלט מיר אָנגעוויזען אויף אַן אַנדער וועג, וואָלט איך דאָס אפשר געווען גענומען אין אכט. אָבער איך האָב געזעהן, אַז אַלע שווייגען; די זעמסטוואָ פּראָטעסטירט ניט, דאָס געריכט זאָגט ניט אַ וואָרט און אין דער ליטעראַטור מאַכט מען איך ניט קיין ווערטער וועגען וואָס ס'איז אין רוסלאַנד ניטאָ קיין פּאָליטישע פרייהייט. נו, האָב איך איינגעזעהן, אַז דער איינציגער אויסוועג צו ענדערען די אָרדנונג אין רוסלאַנד איז — אַ קאַמף דורך טעראָר.

„און אַבי איך בין שוין געקומען צו דעם באַשלוס, בין איך שוין אַוועק אויף דעם וועג ביז אַרונטער. פון זיך אַליין און פון די אַלע מענשען, מיט וועלכע איך האָב צוזאַמען געאַרבייט אין דער באַוועגונג, האָב איך תמיד געפאָדערט אויסגעהאַלטענקייט און פעסטקייט. איך האָב אויך געפאָדערט, אַז די האַנדלונגען

פון יעדען טוער אין דער באוועגונג זאָלען שטימען מיט דעם וואָס ער פּרעדיגט; איך האָב קיינמאָל אין מיין לעבען ניט ליב געהאַט קיין מענשען וואָס דרשנ'ט בלויז פאַר אַנדערע און ניט פאַר זיך. און דעריבער איז געווען גאַנץ נאַטירליך, אַז איך זאָל אַליין נעמען אַן אַקטיוועו אַנטייל אין די טעראָריסטישע אַרבייטען נאָכדעם ווי איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז בלויז מיט טעראָר קען מען שאַפען אַן אַנדער אָרדנונג אין רוסלאַנד. אַלס אַ מיט־גליד פון דער פּרטיי האָב איך זיך אַליין ניט אויסגעשלאָסען פון דעם וואָס די פּאַרטיי האָט געפּרעדיגט.

„אַנדערש האָט עס ניט געקענט זיין. מיין געוויסען וואָלט מיך ניט געלאָזען רוהען ווען איך אַליין וואָלט זיך ניט באַטיי־ליגט אין די טעראָריסטישע אַקטען, צו וועלכע איך האָב צוגע־צויגען אַנדערע. איך וואָלט ניט געקענט שיקען אַנדערע אין פייער ווען איך אַליין וואָלט אויך ניט געגאַנגען.

די פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָט די ערשטע צייט גע־וואָלט, אַז איך זאָל בלויז אָנפיהרען אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישען דער אינטעליגענץ און זיך ניט באַטייליגען דירעקט אין טעראָר, אָבער איך האָב דוקא געוואָלט און טאַקע געפאָדערט, אַז מען זאָל מיך ניט אויסשליסען פון כלל. ווארים איך האָב גענומען אין אכט אָט וואָס: ווען מען שטעלט אַ מענשען צום געריכט, רעכענט מען זיך קודם כל דערמיט צי ער האָט אַליין גענומען אַ דירעקטען אַנטייל אין דיזם פאַרברעכען וואָס ער איז אָנגעקלאָגט צי ניין; איך האָב געוואוסט, אַז די שולד ווארפט מען אָם שווערסטען ארויף אויף דעם מענשען, וועלכער האָט זיך אַליין דירעקט באַטיי־ליגט אין דעם פאַרברעכען, און עס איז מיין מיינונג, אַז ס'וואָלט געווען די גרעסטע געמיינהייט פון מיר צו שיקען מענשען טאָן אַזעלכע זאַכען וואָס איך אַליין וואָלט ניט געטאָן.

„אָט ווי אַזוי איך ערקלער די „בלוט־דורשטיגקייט", די שרעקליכע „בלוט־דורשטיגקייט" וואָס איז פאַר'ן געריכט אונ־פאַרשטענדליך. דאָס איז ניט געטאָן געוואָרען גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין; עס האָט געהאַט אַ גרונד, און — לויט מיין מיינונג — אַן עהרליכען גרונד.

„אין דער פּראָגראַמע, לויט וועלכער איך האָב געאַרבייט, איז פאַר מיר געווען דער עיקר איין זאַך — אַרונטערוואַרפען די זעלבסטהערשענדע רעגירונג און מאַכען אַ סוף צו איהרע פאַראָנד־

קעס. און עס געהט מיך ניט אָן צי עס איז בפירוש אָנגעוויזען אין אונזער פּראָגראַמע וואָס מען דאַרף האָבען — אַ רעפּובליק, אָדער אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. איך דענק, אַז מיר מעגען טרוימען וועגען אַ רעפּובליק און אינגאַנצען קיין קיסר ניט האָבען. וועגען דעם איז אָבער איצט איבעריג צו רעדען, ווייל אין לעבען וועט זיך איינשטעלען אַזאַ אָרדנונג, צו וועלכער די געזעלשאַפט וועט זיין צוגעגרייט. איין זאַך אָבער וויל איך יאָ זאָגען: די הויפּט־זאַך — לויט מיין מיינונג — איז, אַז עס זאָלען געשאַפען ווערען אַזעלכע באַדינגונגען, ווען יעדער מענש וועט האָבען די מעגליכקייט אַלזייטיג צו אַנטוויקלען זיינע כחות און זיין ניצליך פאַר דער גאַנצער געזעלשאַפט. און מיר דוכט זיך, אַז ביי דער אָרדנונג וואָס עקזיסטירט איצט אין רוסלאַנד זיינען אַזעלכע באַדינגונגען ניטאָ".

איך האָב געענדיגט.

דער פאָרזיצענדער האָט מיך ווייך געפרעגט:

— מעהר האָט איהר גאָר ניט וואָס צו זאָגען?

— ניין, — האָב איך געענטפערט.

מעהר האָב איך טאַקע ניט געקענט רעדען. איך בין געוועזען אַזוי אויפגערעגט און אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז קיינער אין דער וועלט האָט ביי מיר מעהר קיין ווערטער פונ'ם מויל ניט געקענט אַרויסציהען.

מיין רעדע האָט געמאַכט אַן איינדרוק. דאָס האָב איך געזעהן פון די בליקען; דאָס האָב איך פאַרשטאַנען פון דער וואַרימקייט, מיט וועלכער די חברים און אויך די אַדוואָקאַטען האָבען מיר געדריקט די האַנט.

ווען איך האָב געהאַלטען די רעדע, איז דער יוסטיץ־מיניס־טער נאַבאָקאָוו אויך געוועזען דערביי. ער האָט געזעהן ווי דער אַדוואָקאַט לעאָנטיעוו האָט סטענאָגראַפיש געקאָפּירט מיין רעדע, איז ער צוגעגאַנגען צו איהם און געזאָגט:

— איהר וועט זיין אַזוי גוט און מיר אויך געבען אַ קאָפּיע.

אָפּגעטאָן די לעצטע פליכט איז מיר געוואָרען גרינגער אויפ'ן האַרצען. איך דענק, אַז פונקט אַזאַ געפיהל האָט אַ מענש פאַר'ן טויט. די גאַנצע פאַרגאַנגענהייט מיט די אַלע שטורמדיגע אי־בערלעבונגען און אויפרעגענדע איינדריקען; די געשטאַלטען פון די חברים, וועלכע האָב מיך איבעראַשט מיט זייער בראַווקייט

און אויך פון די וואָס האָבען מיך ענטוישט מיט זייער שרעקעדיג־קייט — זיי האָבען זיך אַלע פאַררוקט ערגעץ ווייט־ווייט. דער פאָרהאַנג האָט זיך אַרונטערגעלאָזט. דער לעצט׳ער אַקט פון דער טראַגעדיע, וואָס איך האָב אַליין איבערגעלעבט, איז געווען אָפּגעשפּילט.

יאָ, די פאַרגאַנגענהייט איז אַוועק און קיין צוקונפט האָט זיך נאָך ניט געוויזען. דאָס איז געווען אַ מין איבערגאַנגס־מאָמענט, ווען מען כאַפּט איבער דעם אָטעם — אַ מאָמענט, ווען דער גאַנצער שטורם פון די פריהערדיגע איבערלעבונגען שטילט זיך איין, ווערט פאַרגליווערט, און די טויטקייט פון דער צייט, וואָס דאַרף ערשט קומען, לאָזט זיך פיהלען עפּעס אַזוי סמוטנע, אַזוי ניט קלאָר, אַז מען ווייסט אַליין ניט וואָס דאָס איז.

איך האָב איבערגעכאַפּט דעם אָטעם. אויפ׳ן הארצען איז מיר געווען גרינג. אַלעס איז געווען געענדיגט. מ׳צהר קען מען שוין ניט אַרבייטען פאַר דעם אידעאַל. די לעצטע שורה איז אונטערגעצויגען פּונקט ווי ביי אַ מענשען, וועלכער האַלט שוין פאַר׳ן טויט.

און וואו האָב איך געהאַלטען אויב ניט פאַר׳ן טויט? ווארים ווען אַ מענש איז געוואוינט צו געזעלשאַפטליכער טעטיג־קייט, און ער ווערט פאַרשפּאַרט אין טורמע, איז דאָס פּונקט דאָס זעלבע ווי ער וואָלט געשטאָרבען.

פאַר׳ן טויט פיהלט אַ מענש אַ געוויסע באַרוהיגונג. און דאָס זעלב׳ע האָב איך אויך געפיהלט, ווייל איך האָב געהאַט דעם פולען באַוואוסטזיין, אַז אַלעס וואָס איך האָב געקענט טאָן, האָב איך געטאָן מיט אַלע כחות, און אויב איך האָב עפּעס גענומען ביים לעבען און ביי דער געזעלשאַפט, האָב איך זיי דערפאַר אויך געגעב׳ן אַלעס וואָס איך האָב געקענט.

די כחות זיינען מיר אויסגעגאַנגען, די פיזישע און אויך די גייסטיגע. מיר איז מעהר גאַר ניט געבליבען. אַפילו דער חשק צו לעבען האָט זיך אָפּגעטאָן פון מיר.

און אַזוי שנעל ווי איך האָב דערפיהלט, אַז איך האָב זיך שוין באַפרייט ביי די פליכטען צום פאָטערלאַנד, צו דער ג׳זעל־שאַפט צו דער פּאַרטיי, בין איך געוואָרען ניט מעהר ווי אַ

מענש, מיין מאמע'ס טאכטער און מיין שוועסטער'ס שוועסטער. זיי זיינען געווען די איינציגע, וואס זיינען מיר געבליבען פון דעם גאנצען חורבן.



באראן שטראמבערג.

אין יענעם מאמענט האב איך געפיהלט פונקט דאס זעלבע וואס עס פיהלט א שווער־פארוואונדעטער. א דאקטאר שטעהט לעבען איהם מיט א מעסער און איז גרייט צו שניידען. און אט איז שוין די אפעראציע געמאכט, אלעס איז געענדיגט, פונ'ם אפעראציאנס־טיש האט מען איהם שוין אראפגענומען. דער גערוך פונ'ם שלאף־געטראנק איז שוין אוועק, און ער, דער קראנקער, רוהט זיך אפ אין א ריין געלעגער. עס איז ביי איהם אפגעשניטען א פוס, אבער די אומרוהיגקייט און די געפאהר איז שוין אוועק, קיין וועהטאג פיהלט ער ניט מעהר, און ער איז גליקליך, ווייל ער באגרייפט נאך ניט דעם גרויסען אומגליק, וואס רוקט זיך אן אויף איהם.

מען האט מיך פאר'משפט צום טויט. מיך און נאך זיבען חברים מיינע, צווישען וועלכע עס זיינען געווען זעקס אפיצערען פון דער ארמעע. מען האט אונז אלע געדארפט אויפהענגען.

נאָכ'ן אורטייל איז צו מיר אין קאַמער אריינגעקומען דער אויפזעהער פון דער טורמע, א געוועזענער פלאָטען־אָפיצער.

— ווערא ניקאָלאַיעווּנא, — האָט ער אָנגעהויבען, — די אָפיצערען, וואָס זיינען צוזאַמען מיט אייך פאַר'משפט געוואָרען צום טויט, האָבען באַשלאָסען אריינצושיקען א בקשה, אז מען זאָל זיי באַגנאַדיגען. אָבער דער באַראָן שטראָמבערג, איינער פון די פאַר'משפט'ע, שלאָגט זיך מיט דער דעה און קען זיך קיין עצה ניט געבען. נו, האָט ער מיך געבעטען, אז איך זאָל פרעגען אייער מיינונג, איהר זאָלט איהם זאָגען וואָס צו טאָן — צי זאָל ער אויך בעטען, מען זאָל איהם באַגנאַדיגען, צי ניין?

— זאָגט שטראָמבערג'ן, — האָב איך געענטפערט, — אז איך וועל קיינמאָל קיינעם ניט ראַטען צו טאָן אַזא זאַך, וואָס איך אַליין וואָלט בשום אופן ניט געטאָן.

דער אויפזעהער האָט א קוק געטאָן אויף מיר מיט פאַר־וואורף.

— אַך, זייט איהר א קאַלטע גזלנ'טע! — האָט ער מיט פאַרדרוס געזאָגט און איז אוועק.

צעהן טעג.

זונטאָג נאָכ'ן אורטייל איז צו מיר געקומען מיין מאַמע מיט מיין שוועסטער. דאַמאָלט האָב איך נאָך ניט געוואוסט, אז מעהר וועל איך זיי שוין קיינמאָל אין לעבען ניט זעהן.

„די מאַמע איז ארויס, ניט אומגעקוקט זיך מעהר
געהאַפט מיך נאָך צו זעהן ביים לעבען.
די שוועסטער איז געבליבען שטעהן ביי דער שוועל,
און האָט אויף מיר דעם לעצטען בליק געגעבען“.*)

זי האָט לאַנג־לאַנג געקוקט אויף מיר, און עס איז אזוי שווער געווען דעם בליק אריבערצוטראָגען. צי האָט זי געוואוסט אז מעהר וועט זי מיך אין איהר לעבען ניט זעהן? האָט איהר אפשר דאָס הארץ געזאָגט, אז מעהר וועלען זיך אונזערע בליקען ניט באַגעגענען?... ווען זי קוקט אויף מיר נאָך א מינוט, וואָלט איך זיך צוּאוויינט. אָבער די טיר האָט זיך צוגעמאַכט און — אויף אייביג.

מאָנטאָג, ארום איינס אזייגער נאָכמיטאָג, האָט מען מיר צו־

*) זעה אין מיינע געזאַמעלטע לידער.—וו. פ.

געשיקט א קעסטעלע קאָנפעקטען און נאָך אנדערע נאשערייען. מיט אמאָל איז אריינגעלאָפען די אויפפאסערין און האָט מיר געזאָגט, אז מען איז געקומען נאָך מיר. אין צעהן מינוט צייט בין איך געווען פארטיג. דאָן האָט מען מיך אין א קארעטע אוועק־געפיהרט אין דער פעטראָפאוולאָווסקער פעסטונג.

דאָרטען האָט מען מיך אריינגעפיהרט אין דער זעלבער קאַ־מער, וואו איך בין פריהער געזעסען. איך האָב זעהר שטארק געוואָלט א טרונק.

— מאכט פאר מיר א גלאָז טהע, — האָב איך געבעטען דעם וועכטער, — און נעהמט ארויס פון מיין רענצעלע דאָס קע־סטעלע קאָנפעקטען.

אין קאָרידאָר איז געוואָרען שטיל. די זשאנדארען האָבען זיך נאָך ניט געהאט אומגעקערט צוריק. מיד בין איך געווען, האָב איך זיך אוועקגעלעגט אויף דעם הילצערנעם בעטעל און בין געשמאק אנשלאָפען געוואָרען.

איך ווייס ניט צי עס האָט זיך מיר גע'חלום'ט, אז איך בין ווידער לעבען מיין מאמען און איך טוליע זיך אזוי צו איהר און זאָג: „מאמע, מאמעניו, דו ביזט אזוי שעהן און חנ'עוודיג, אז מען קען זיך פארליבען אין דיר“!... אָדער אפשר האָט זיך מיר גע'חלום'ט, אז מיין שוועסטער האָט מיר ווידער געבראכט א בו־קעט בלומען, נאָך א שעהנערען און א בעסערען ווי פריהער?...

מיט אמאָל האָט זיך דערהערט א שטארקער קלונג פון א גלאָק, און נאָך איידער איך האָב אוספייעט ארונטערצושפרינגען פונ'ם בעטעל איז שוין לעבען מיר געשטאנען דער אָפיצער יאַ־קאָוולעוו, א הויכער, א דיקער און זעהר ניט קיין העפליכער. צוזאמען מיט איהם איז אויך געשטאנען א סאָלדאט. עס איז איהם ניט אָנגעגאנגען צי איך ווייס וואָס ס'טוט זיך מיט מיר צי ניין — ער האָט אין דער הויך, אויפ'ן קול, געגומען לייענען עפעס א דאָקומענט וואָס ער האָט געהאלטען אין דער האנט.

איך האָב ניט פארשטאנען א וואָרט, ווייל דער שלאָף איז מיר נאָך געלעגען אויף די אויגען. וואָס וויל ער פון מיר און וואָס פאר א ווערטער פאלען ביי איהם פונ'ם מויל? איך הויב זיי ניט אָן צו פארשטעהן... וואָרט, דוכט זיך, אז עפעס קלינגט מיר יאָ אָפּ אין די אויערען... „א טוכענער שאָל וואָס זאָל האל־טען אן ארשין מיט צוויי ווערשקעס די לענג“... „א בלעכענע

סוועטעל"... „א פאר גראבע שיך"... „פינף טויזענט שמיץ"...

איך פארשטעה ניט א ווארט!

— ווארט א מינוט, — האב איך איהם געזאגט, פארשטעלענדיג זיך די אויגען מיט איין האנד, — איך בין פארשלאפען און עס שווינדעלט מיר עפעס אין די אויגען. קומט אריין אביסעל שפעטער.

מיט א פופצעהן מינוט שפעטער איז דער אפיצער ווידער אריינגעקומען און גענומען לייענען עפעס אויפ'ן קול פון א שטיקעל פאפיר. דאס מאל האב איך שוין פארשטאנען.

— קומט מיט אונז אין אן אנדער קאמער, — האבען געזאגט די זשאנדארען.

מען האט מיך אריינגעפיהרט אין אן אנדער קאמער, וואו א ספעציעלע פרוי פלעגט מיך באזוכען צו זעהן, צי איך האב ניט ביי זיך עפעס קיין טריפה זאכען. די פרוי האט שוין דארטען געווארט אויף מיר.

איך האב דאמאלט געטראגען זעהר א שעהנע וואלענע קלייד וואס די מאמע האט מיר געבראכט א מתנה. די פרוי האט מיר געהייסען זיך אויסטאן אינגאנצען נאקעט. איך האב אפילו אויסגעטאן דאס קמיע'לע וואס די מאמע האט מיר מיטגעגעבען.

אויף א הילצערנעם בעטעל איז געלעגען א הויפען שמאטעס. די פרוי האט אויף מיר ארויפגעווארפען א פויערש'ע העמד פון שמוציגער גרויער לייווענט און אויך א שאל וואס האט געהאלטען אן ארשין מיט צוויי ווערשקעס די לענג. די פיס האט זי מיר איינגעוויקעלט אין אנוטשעס און דערנאך האט זי זיי אריינגעשטעקט אין א פאר גראבע, אומגעלומפערטע שיך. א קליידעל האט זי מיר אנגעטאן א מאדנע, פון גראבען סאלדאטסקען טוך און ווען איך האב עס דערזעהן איז מיר געווארען פינסטער אין די אויגען; דער גאנצער טוך איז געווען אפגעקראכען און איבער דער גאנצער לענג און ברייט זיינען געווען אזעלכע מאדנע טיפע פאסיקלאך און סטעזשקעלאך, פונקט ווי א זשוקעל וואלט זיך דארטען א לאנגע צייט געפאשעט. דערנאך האט זי מיר געגעבען א גרויען מאנטעל מיט א געל לאטקעלע אויף די פלייצעס. דער אונטערשלאג איז געווען שרעקליך שמוציג און עס האט זיך פון איהם געפיהלט שווייס און שמאלציגקייט. מען האט גלייך געקענט זעהן, אז דעם זעלבען מאנטעל האט אימיצער

אנדערש געטראָגען אַ גאַנץ לאַנגע צייט. ער איז געווען שרעקליך גרוים אויף מיר דער מאַנטעל, ביי די אַקסלען איז ער ארונטער־געהאנגען און די אַרבעל זיינען געווען אַזוי לאַנג, אַז זיי האָבען מיר איינגאַנצען פארשטעלט די הענט און מען האָט די פינגער ניט ארויסגעזעהן.

עס קען זיין, אַז ווען איך וואָלט פּראָטעסטירט, וואָלט מען מיר געגעבען נייע בגדים, אָבער עס האָט מיך ניט געאַרט אַזוי אויך. זאָלען זיי טאָן וואָס זיי ווילען. איך בין ביי זיי אין די הענד.

מען האָט מיך אריינגעפיהרט צוריק צו מיר אין קאמער און ווען איך האָב דאָרט אַ קוק געטאָן אויף זיך און האָב דערזעהן, וואָס פאַר אַ פּנים איך האָב, האָט עס מיר אַזוי גענומען שטי־קען, אַז איך האָב זיך שיער ניט פאַנאַנדערגעלאַכט. לאַכען ווילד און משוגענערווייז, לאַכען פון זיך אַליין, פון דעם שעהנעם וואָלענעם קליידעל, וואָס די מאַמע האָט מיר געבראַכט אַ מתנה, פונ'ם קעסטעלע צוקערקעס און פון די אַנדערע נאַשערייען וואָס איך האָב אריינגעטראָגען אהער, אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג.

אין דעם פארשטיקטען קאַמער, וואו מען האָט מיך פאַר־שפּאַרט, איז אויך פאָרגעקומען אַ ענדערונג; אָבער ניט צום בעסערען, נאָר צום ערגערען. דעם מאַטראַץ האָט מען צוגענומען און אַוועקגעלעגט אַ זאַק מיט שטרוי; פון די צוויי קישעלאַך האָט מען איבערגעלאָזען איינס; אויפ'ן אָרט פון דער קאָלדרע האָט מען אַוועקגעלעגט עפּעס אַ רעדנע און אויפ'ן טיש האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ בלעכענע קווארטעל.

דאָס קווארטעל איז געווען אַזוי צוקנייטשט, גלייך אימיצער וואָלט עס אומיסטען אַזוי געטאָן. דערצו איז דאָס נאָך געווען פאַרזשאַווערט, און טאָמער איז דאָס נאָך געווען ווייניג איז דאָס ביי די בריגען געווען אַזוי איינגעקארבט און צודרעהט, אַז אַלע מאָל ווען איך האָב דערפון געדארפט טרינקען, האָב איך געמוזט זוכען אַזאַ אָרט, וואו מען קען זיך ניט צובלוטיגען די ליפּען.

אַזוי שנעל ווי אַלעס ארום מיר האָט זיך געענדיגט, האָב איך אָנגעהויבען ווערען אומרוהיג. די געדאַנקען אין קאָפּ האָ־בען גענומען ארבייטען האַסטיג און אָנגעשטרענגט, גלייך ווי איין געדאַנק וואָלט דעם אַנדערען געוואָלט אריבעריאָגען. איך האָב ניט געטראַכט וועגען זיך, וועגען מיין לאַגע, וועגען מיינע קרובים

און פריינד, אויך ניט וועגן דעם וואָס ס׳שטעהט מיר פאָר. עפּעס גאָר בֿגעגן מיין אייגענעם ווילען האָט זיך דער געדאַנק געפּלאָנ־טערט ארום דעם גורל פון רעוואָלוציעס בכלל און ארום דעם וואָס זיי האָבען אין זיך אזא אייגענשאַפט, אז זיי וואַרפען זיך אריבער פון איין לאַנד אין אַנדערען.

איך האָב זיך גענומען דערמאָנען פּאַסירונגען, וואָס זיינען שוין לאַנג געשעהן, מענשען וועלכע זיינען שוין לאַנג טויט, און דערביי האָט מיין פאַנטאַזיע געאַרבייט אזוי האַסטיג, ווי קיינ־מאָל ניט.

קיין ביכער האָב איך ניט געהאַט, און דאָס האָט מיך ניט געאַרט, ווייל עס איז פאַר מיר פּשוט אונמעגליך געווען עפּעס צו לייענען. מעהר ווי די עוואַנגעליום האָט מען מיר ניט גע־געבען, און צו איהר האָב איך קיין אינטערעס ניט געהאַט, כאָטש זי האָט גערייצט מיין פאַנטאַזיע אין יענער צייט ווען איך בין נאָך גאָר א קליין קינד געווען.

די ערשטע עטליכע טעג האָב איך זיך צו דער יעוואַנגעליום גאָר ניט צוגעריהרט, דערנאָך, ווען איך האָב זיך אביסעל באַ־רוהיגט האָב איך גענומען מישען די בלעטלאַך און כאַפּען א קוק דאָ און דאָרטען; אָבער עס איז מיר גיט געקראָכען אין קאָפּ אריין און איך האָב קיין איין וואָרט ניט פאַרשטאַנען. איך האָב גלאַט אזוי געלייענט אבי צו דער׳הרג׳ענען די צייט, און דערנאָך האָב איך גענומען אַלע מאָל אַן אַנדער פּסוק און האָב איהם גלאַט אזוי איבערזעצט אמאָל אויף פראַנצויזיש און אמאָל אויף דייטש.

שבת איז צו מיר אין קאַמער אריינגעקומען דר. וויליאַמס. נאָך איידער ער איז צו מיר אריינגעקומען האָט מען שוין אין קאָ־רידאָר געהערט ווי ער רעדט מיט דעם אויפּפאַסער ליַסניק און ווי יַער שיסט אַלע מאָל אויס א געלעכטער. ווען דער זשאַנדאַר האָט פאַר איהם געעפענט די טיר פון מיין קאַמער, האָט ער מיט אמאָל אויפגעהערט לאַכען און איז געבליבען שטעהן אַן איבערראַשטער. ער האָט מיך ניט דערקענט.

ער האָט זיך אפּנים געשעהמט מיר צו קוקען גלייך אין די אויגען אריין, האָט ער פאַרדרעהט דעם קאָפּ אַן א זייט און גע־פרעגט:

— נו, ווי פיהלט איהר זיך אין געזונד?

— נישקשה, — האב איך געענטפערט.

אויפ׳ן אכטען טאג, פארנאכט, האב איך דערהערט, ווי אין קארידאר איז עפעס א טומעל; מען עפענט טירען און מען פאר־מאכט זיי ווידער צוריק. אימיצער איז דארטען אפנים ארומגע־גאנגען פון איין קאמער אין אנדערען. פלוצלונג האט מען גע־עפענט די טיר פון מיין קאמער און אן אלטער גענעראל, דער קאָ־מענדאנט פון דער פעסטונג, איז אריינגעקומען אין דער באגליי־טונג פון נאך עטליכע אפיצירען.

אזוי שנעל ווי ער איז אריינגעקומען האט ער אויפגעהויבען אין דער הויך עפעס א שטיק פאפיר וואס ער האט אין דער האנד געהאלטען און אונטערשטרייכענדיג יעדער ווארט האט ער גע־לייענט:

„דער קיסר אליין האט מיט זיין גנאד געהייסען, אז מען זאל אייער טויט־אורטייל בטול מאכען און אנשטאט דעם זאל מען אייך פארשיקען אויף קאטארגע אויף אן אונבאשטימטער צייט".

צי איך האב געדענקט וועגען דעם, אז מען וועט מיך הענגען, צי איך האב זיך געגרייט דערצו? אפשר יא און אפשר ניט... איך אליין וויים דאס ניט.

די פעראווסקאיא האט מען דאך אויך פאראורטיילט צום טויט און טאקע דורכגעפיהרט דעם אורטייל. דאס איז געווען מיט דריי יאהר צוריק נאכ׳ן ערשטען מערץ. דאמאלסט האט עס געמאכט אן אונגעהויער שטארקען איינדרוק, ווייל זי איז גע־ווען די ערשטע פרוי, וואס איז אין רוסלאנד פאר׳משפט געווארען צום טויט. פארוואס־זשע זאל מען מיך אויך ניט אויפהענגען?

און איך בין זיכער, אז ווען מען וואלט מיך ניט באגנאדיגט, ווען מען וואלט מיך אויך אויפגעהאנגען, וואלט איך געגאנגען צו דער תליה שטאלץ און מוטיג, איך וואלט זיך קיין איין מינוט ניט פארלארען. איך בין געווען גרייט דערצו.

קיין באגייסטערונג וואלט איך דערביי ניט געהאט, ווייל די כוחות זיינען מיר אויסגעגאנגען, איך בין געווען שרעקליך אפ־געשוואכט און עס וואלט מיר פשוט געווען א סך ניחא׳ר מען זאל מיך איינמאל פאר אלעמאל אויפהענגען און — פטור; א סך בעסער איידער שטארבען לאנגזאם און אוועקגעבען דעם מלאך המות דאס לעבען ביסלאכווייז.

אַזוי זיינען אַוועק צעהן טעג, ביז'ן 12טען אָקטאָבער, 1884. דאַן האָט מען מיך אין מיטען דערינען אַרויסגענומען פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג און מען האָט מיך אַוועקגעפיהרט ערגעץ אַנדערש. וואוהין מען פיהרט מיך האָב איך ניט געוואוסט.

ערשט שפּעטער האָב איך זיך דאָס דערוואוסט. מען האָט מיך אַוועקגעפיהרט אין דער שליסעלבורגער פעסטונג, און דאָרט האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבען אַ נייע לעבען — אַ לעבען פון אַ מענשען, וועלכער לעבט ניט מעהר און איז אָפּגעריסען פון דער גאַנצער וועלט.